

## מענדעל׳ע מוכר ספרים

**דער זיידע פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור**

**געבוירן דעם 1־טן יענער 1836 געשטאָרבן דעם 8־טן דעצעמבער 1917.**

מענדעלע מוכר ספרים

# אויסגעוויילטע שריפטן

רעדאגירט פון מאיר ריספלער

מלוכה־פארלאג פאר ליטעראטור און קונסט
בוקארעשט

# מענדעלע דער קינסטלער *)

צוקאָפּנס דעם גרויסן שטאַרבנדיקן יידישן קלאַסיקער פאַר=
לעשנדיק די טראַדיציאָנעלע ליכט, וואָס האָבן געברענט מיט דער
טויטער שיין פון „טאָן זיין רעכט“, איז שוין געשטאַנען די
אויפגעגאַנגענע זון פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטאָבער=
רעוואָלוציע. דער פאַקט, וואָס מענדעלעס גייסט און מענדעלעס
„מאַטעריע“ האָבן זיך באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט דער רעוואָ=
לוציע, איז אין א געוויסן זין סימבאָליש. בלייבט דאָך טאַקע
מענדעלע בראש פון די יידישע וואָרט=קינסטלער, וואָס די אָקטאָ=
בער=רעוואָלוציע האָט געירשנט, אָפּגעבנדיק אים אן אויבן=אָן
אָרט אינעם פּאַנטעאָן פון די אוניווערסאַלע פּראָגרעסיווע דיכטער=
הומאַניסטן.

כאָטש דעם סאַטיריקער מענדעלע האָט די יידישע בורזשואַזיע
זיך פאַרגונען מיט א האַלבן מויל מוחל צו זיין פאַר זיינע האַרבע
אריינזאָגעכצן קעגן אירע פּאַראַנדקעס און געצויגן אים, ווי א
„בעל=תשובה“ אונטער איר „וויינשטאָק“, פונדעסטוועגן האָבן
זיך אין משך פון די אלע פאַרלאָפענע יאָרן געפונען ניט ווייניק
העראָלדן אינעם קליינבירגערליכן העבּרעאישן און יידישיסטישן

*) איבערגעדרוקט פון אלמאנאך „היימלאנד“ נומ. 2, 1947.

ליטעראַרישן לאַגער, וואָס האָבן אונדז געפּרואווט איינרייידן, אַז מענדעלע איז שוין אויך ליטעראַריש טויט.

דער „גליווער" פון זיין מאָנומענטאַלער אַרכיטעקטאָניק, די אַזוי גערופענע „אָביעקטיוויקייט" פון זיין פאַרשרייבן לדורות, וועלכע זיינען כלומרשט אַ שטערונג צו מענדעלעס פאַרזעצן לעבן און ווירקן אויך היינט, ווי מיר זיינען געוואוינט געוואָרן צו הערן פון דער יידישיסטישער עסטעטישער קריטיק, זענען צע- גאַנגען געוואָרן אונטער דער וואַרעמער שיין, וואָס איז געפאַלן אויף מענדעלס שאַפן נאָכן איבערלייענען אים מיט די פרישע אויגן פון נייעם יידישן לייענער און קריטיקער, וועלכער איז דערצויגן געוואָרן פון דער גרויסער אָקטאָבער-רעוואָלוציע.

אין שיין פון די היינטיקע גרויסע אויפרודערונגען פון נאָכן צווייטן וועלט-קריג וואַקסט אויס מענדעלעס נאַציאָנאַלע אַלעגאָ- ריע וועגן דער „כנסת-ישראל", ווי עס איז געגעבן אין זיין „קליאַטשע", צו אַ נאָך גרעסערער פאַראַלגעמיינערונג: זי ווערט לייכט איבערגעטראָגן אויך אויפן אַלגעמיינעם סאָציאַל-פּאָליטישן פאָן. דער מעכטיקער אַמעריקאַנער טייך הודסאָן, דער גרויסער אַטלאַנטישער אָקעאַן, וואָס הינטער זיי שפּילן זיך ווידער מיט מלחמה-פאַקלען די דאָרטיקע נייע, טעמפּע „וועלטבאַגליקערס", גיבן פון זיך היינט אַרויס די זעלבע פיינע ריחות און העסלעכע מוח-צעשפּאַלטנדיקע זשאַבע-קוואַקעריי, ווי מענדעלעס פּאַטיג- נילאָוועקע. ביי זייערע סאַמע „מצוהדיקע" ברעגעס ריכטן פרום אָפּ „תשליך" אויך אונדזערע אייגענע גאָטס-סטראַפּטשעס און קהל-פאַרזאָרגערס.

*

אין „הקדמת מענדעלע מוכר ספרים" צו „מסעות" לייענען מיר: „איך האָב עפּעס געפילט ווי מען שלאָגט מיך פון אויבן מיט די ווערטער: „הקיצור, מענדעלע, כאַפּ זיך אויף, מענדעלע, און קריך אַרויס פון אונטערן אויוון".

פון „אונטערן אויוון" איז אַזוי אַרום אַרויסגעקראָכן ניט נאָר דער ערשטער גרויסער יידישער קינסטלער אין געשטאַלט פון מענדעלען, נאָר אויך דאָס פון אים געשילדערטע יידישע לעבן, וואָס ער האָט עס אויך געשלאָגן „פון אויבן מיט די

ווערטער״ פון זיין אויסטערלישער און טיפער „אָמר רב מענ־דעלע״ — קונסט.

דער קאָלומבוס פונעם יידישן קינסטלערישן רעאליזם, וואָס מענדעלע מוכר ספרים איז געווען, האָט אנטדעקט צוויי גרויסע „באנאליטעטן״, ווי דאָס לעבן אליין: די יידישע ווירקלעכקייט און די יידישע שפּראַך.

„מענדעלעס דערציילונגען זענען (שרייבט מ. ווינער אין זיין מאָנומענטאלער ארבעט וועגן מענדעלען), אויב מען באטראכט זיי אויבערפלעכלעך, בלויז יידישלעך — און דאָס אלץ. עמעץ קאָן זאָגן, אז דאָס זענען כלומרשט אלטפרענקישע מעשיות, פּאסיקע פאר די השגות פון א היימישלעכער שטעטלדיקער סביבה״.

אָט דער „עמעץ״, מיט וועלכן מ. ווינער פּאָלעמיזירט, דער־ווייזנדיק אים דעם גראָבן טעות פון האלטן מענדעלען פאר א שטייגערישן שטעטל־שילדערער און ניט פאר דעם גרויסן מאָ־דערנעם קינסטלער, ווי מענדעלע איז געווען, איז געווים יענער עסטעט, וואָס האָט ניט באמערקט דעם סאָציאלן שטאָף מיט זיין גאנצער פּראָבלעמאטיק, וואָס מענדעלע האָט אויפגעריסן, אויפגעדעקט מיט זיינע כלומרשטע „אלטפרענקישע — מעשיות״. ער האָט ניט געזען, ווי פון דער כלומערשטער בלויז „היימיש־לעכער שטעטלדיקער סביבה״ האָט מענדעלע אראָפּגעריסן דווקא דאָס שטאָטיש־אידילישע — איר מיטלאלטערלעכן „טלית שכולו תכלת״ ־ שלייער — און דער ערשטער געוויזן איר גאנצן טראגיקאָמיזם: די פיזישע און גייסטיקע ראכיטישקייט (פישקע און בנימין), וואָס שלעפּט זיך נאָך עד היום, ווי א שווערע ירושה־באלאסט, נאָך דעם יידישן לעבן אומעטום, וואו דער זעלבער „עמעץ״ עסטעטעוועט נאָך א זעלבסצופרידענער אין די קונסט־געצעלטן פון די קאפּיטאליסטישע לענדער.

ווייל וואָס האָט מענדעלע אין תוך געשילדערט? פון אויבן — דעם פּאראזיטארישן עקספּלואטאטאָרישן שיכט און אונטן — אָט די אָרעמע, דערשלאָגענע און באליידיקטע „קליינע מענטשע־לעך״, וועלכע באוועגן זיך, ווי די טרויעריקע העלדן פון די בעלעמער מעשיות, ווערנדיק מאריאָנעטיש געצויגן אויפן דינעם „צוקער״ ־ שטריקל פון רעליגיעזער פארגליווערטקייט, דאָגמע,

וואָס אירע אויסשטראַלונגען זענען: בטלנות, אַנעקדאָטישע וועלט־פֿרעמדקייט, משיחיזם, קלויז־נירוואַן...

עס איז, דאַכט זיך, אַלץ אַזוי פֿאַרמעשהוועט ביי מענדעלען: סיי זיין עפּיק און סיי זיין סאַטירע, און ניט יעדער זעט, אַז דאָס איז ביי אונדזער גרויסן קינסטלער געבונדן מיט דעם פֿון אים געשילדערטן לעבן, וואָס האָט נאָר אויסערלעך אַזוי אויס־געזען; דאָס איז, נוצנדיק מענדעלעס משל־שפּראַך, דער זעלבער „וואַסער־צווייט", וועלכן „בנימין" האָט אָנגענומען פֿאַר אַ גרוי־סער וויספּע און שוין אַרויסגעשטעלט אַ פּוס און געוואָלט אויף איר אַ שפּרונג טאָן, נאָר דער פֿויער, מיט וועלכן ער האָט זיך אויפֿן טייך געשיפֿט, האָט אים געזאָגט, אַז „ער איז געווען אין אַ גרויסער סכנה דערטרונקען צו ווערן אין דער גרינקייט"...

אָט אויף דעם אויסערלעכן אָפּנאַרערישן „פּאַטעטישן" שימל־שלייער האָט דער ערשטער דעמאַסקירנדיק אָנגעוויזן מענדעלע מיט זיין כלומרשטן „רויקן" דערציילן צי באַשרייבן.

און אין דעם טאַקע באַשטייט מענדעלעס גרויסקייט: אין אויפֿרייסן, ווי אַן אָנגעצויגענע מכה, דעם בעלעמער אַנעקדאָט, אין וועלכן עס איז געווען איינגעהילט דאָס יידישע לעבן אינעם איבערגאַנג־פּעריאָד פֿונעם פֿעאָדאַליזם צו דער קאַפּיטאַליסטי־שער פֿאָרמאַציע — דער בעלעמער אַנעקדאָט מיט די „חדושים ונפֿלאות אויף דער פּיאַטיגנילעווקע", און אַז „די גלופּסקער יידן וואַקסן פֿון אינדיע"... אין דערווייזן, הייסט עס, אַזוינע עלע־מענטאַרע באַנאַלע אמתן, אַז דער טונעיאַדעווקער און אַפֿילו דער גלופּסקער טייך איז ניט דער אָקעאַנוס, און אַז אַ בוים איז נאָר אַ בוים און ניט קיין ווילטיר...

פּאַראַלעל מיטן אַנטדעקן די אייגענע יידישע „מלוכה" (דעם סאָציאַלן שטאָף) מיט איר „געאָגראַפֿיע" אַנטפּלעקט ער פֿאַר אונדז די צווייטע גרויסע „באַנאַליטעט": די יידישע שפּראַך.

און אַנדערש האָט עס נישט געקאָנט זיין: דער, וואָס האָט אַמטיפֿסטן קינסטלעריש אַריינגעקוקט אין תוך פֿון דער יידישער ווירקלעכקייט, דער איז אויך אַמטיפֿסטן קינסטלעריש אַריינגע־דרונגען אין מהות פֿון דער יידישער שפּראַך. ניט געקוקט דערויף, וואָס מענדעלע האָט זיך געוואַקלט צווישן דער גאָלדענער צונג, ווי עס איז געווען פֿאַר אים העברעאיש און דער „פּליישי־

קער“, ווי עס איז געווען פאר אים דאָס לשון פונעם פּראָסטן פאָלק, האָט אין אים געזיגט ניט נאָר דער פאָלקס־דעמאָקראט, נאָר אויך דער פאָלקס־קינסטלער. דאָס אומיליטארע פאר זיינע אויפקלערערישע טענדענצן איז געגאנגען האנט אין האנט מיט דער שיינקייט, וואָס עס האָט צו אים ארויסגערעדט פון דער אויסטערלישסטער פאָלקס־שאפונג — פון דער שפּראַך.

פון אָט דער דאָפּלטער באציונג שטאמט די גרויסע קינ־סטלערישע ענערגיע, וואָס מענדעלע האָט ארייננעלייגט ביים פורעמען דעם יידישן ליטעראַרישן סטיל. פאר קיינעם, דאכט זיך, פון אונדזערע קלאסיקער איז אָט דער מאָמענט ניט אזא שעפּעריש־וויכטיקער, ווי ביי מענדעלען. און ניט בלויז דערפאר וואָס ער איז געווען דער ערשטער, און געווים אויך א גרעסע־רער שפּראַך מייסטער פון זיי, נאָר ווייל ער איז געווען צווישן זיי אויך מער אויסקוקער, מער פאָרשער און אויפדעקער פון אלע ווינקעלעך פון אונדזער קאָנקרעטן פאָלקס־לעבן — פון דער „מאטעריע ייד“, געברויכנדיק מענדעלעס באליבטן אויס־דרוק. אויך דאָ ווי אין דער גאנצער ליטעראַרישער שאפונג מענדעלעס, לאָזט זיך אזוי בולט דערקענען דער שטרענגער פּינקטלעכער און לײדנשאפטלעכער וויסנשאפטלער, וועלכער באגלייט יעדן גרויסן רעאליסטישן קינסטלער.

דווקא א דאנק זיין וואָכעדיקער היימישקייט מיט דער נאטור, דווקא א דאנק זיין רעאליסטישן פּייזאזש, האָט מענדעלען זיך איינגעגעבן ארויסצופירן אויף זיין פערד און וועגעלע דעם יידישן מאסן־מענטש פון דער געטאָ און ליקווידירן דעם קאָנפליקט צווישן דעם יידן און דער נאטור, ווייל קיינעם איז ביז אים ניט געלונגען צו איבערצייגן, אז נאטור איז אויך א יידישע זאך. קיינעמס פּאָעטישע נאטור־באשרייבונג ביז מענדעלען האָט זיך ניט געלייגט אויפן יידישן שכל, ווי זיינע. איז דאָך דער פּייזאזש אפילו ביי אברהם מאפּו געווען אין תוך א פסעוודאָ־ביבלישער און ניט קיין יידישער. געעפנט די יידישע אויגן און געהייסן קוקן און געהאָלפן פארשטיין און אויפנעמען די ארומיקע לעבע־דיקע נאטור — האָט דעריבער נאָר מענדעלע. און דערגרייכט האָט ער עס ניט נאָר מיט דער איבערצייגונגס־קראפט פון זיינע, פון אים אליין דערפונדענע, טרעפלעכע יידישע מעטאַ־

פערן, נאָר הויפּטזאַכלעך מיט זיין קינסטלעריש־רעאַליסטישן סטיל.

מענדעלעס פּייזאַזש האָט, הוץ זיין עסטעטישער ווערט, אַ גרויסע סאָציאַלע באַדייטונג, ווייל מענדעלע האָט תמיד אין זין געהאַט דעם „למען תחיו" — כדי איר זאָלט קאָנען לעבן, עקזיסטירן, ווי אַ נאָרמאַל פאָלק. מיט שטורעם האָט ער גענו־מען אַלע טונקעלע ווינקלען פון אונדזער לעבן און אַריינגע־טראָגן אין זיי פריער פאַר אַלץ; ציוויליזאַציע. דערפאַר איז זיין ליטעראַטור — ניט נאָר יידישער קינסטלערישער מאַניפעסט, נאָר אויך לעבנס־פּראָגראַם.

„די ווייקסל ברומט יידיש", האָט פּרץ געוואָרפן אין פּנים דער פּוילישער שליאַכטע, ווען זי האָט געלייקנט אין די רעכט פון די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסן אויף דער פּוילישער ערד. מענדעלעס גרעזעלע, פייגעלע, אַפילו אַז ער מאָלט זיי סאַטיריש־פּאַראָדיסטיש, ווי די סאָראָקע, וואָס איז „אָנגעטאָן אַ ווייס טליתל מיט פאַסן תכלת פון פאָרנט", — בלייבט דאָך אין תוך ראַציאָנעל־פּאָזיטיוו, ווייל מענדעלע איז דער סאַמע רעאַליסטי־שער צווישן אַלע אונדזערע פאַר אָקטאָבער־שרייבער. אויך אין זיין פּייזאַזש פּראַוועט ער ניט קיין רעליגיעז־מיסטישע התבודדות אויפן שויס פון דער נאַטור. ניט ער פאַרגעטערט, נאָר ער באַ־הערשט די נאַטור.

עס איז שווין, דאַכט זיך, היינט קלאָר פאַר יעדן, אַז מענ־דעלע איז דער שעפער פונעם קינסטלערישן רעאַליזם ביי יידן. דער רעאַליסטישער קינסטלער אין אים האָט ביד חזקה אַרויסגע־טריבן די אַלע זשאַרגאָנישע שדים און דיבוקים פון אונדזער פּסעוודאָ־ליטעראַרישן לשון, עס געלייטערט און צוגעפּירט צו די אויטענטישע, פאַקטישע קוואַלן פון אונדזער פאָלקס־שפּראַך. אָט די שטרענגע גרונט־פעסטיקונג פון דער שפּראַך איז געווען די ערשטע שטרענגע עפּאָכע־מאַכנדיקע רעפאָרם אין אונדזער ליטע־ראַטור. ביי איר גאַנץ געשליפנקייט, געטאָקטקייט און אָפּגעהיט־קייט האָט מענדעלעס שפּראַך אָבער פאַרפאָלגט ניט קיין פאָר־מאַליסטישע צוועקן, נאָר פינקטלעכקייט, קאָכעדיקן, זידיקן רעאַ־ליסטישן אינהאַלט. זיין שפּראַך האָט ניט געוואָלט זיין קיין אַנטיקווארע כלי בלויז צוליב עסטעטישן גענוס. זי איז געבליבן קלאַסיש און האָט געאָטעמט און געפיבערט מאָדערן.

מע דארף ניט פארגעסן: פאר מענדעלען האָבן מיר שוין געהאט פּראָגרעסיווע ווערטפולע שרייבער. אָבער מענדעלע איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געבראכט מיט זיך פאָרם און אינהאלט-פּראָבלעמאטיק.

עס האָט שוין ניט ווייט געהאלטן, אז זיין טונעיאדעווקער ליטערארישע און סאָציאלע סביבה זאָל אים אויך פארטונקלען, נאָר געראטעוועט האָט אים דער אשמדאי, נוצנדיק ווידעראמאָל מענדעלעס משל-שפּראך.

האָט דאָך א. ווייטער באדויערט, פארוואָס אונדזער ליטעראטור הייבט זיך אָן מיט דער סאטירע און ניט מיט דעם ראָמאנטישן. א. ווייטער האָט ניט געוואָלט און ניט געקענט פארשטיין, אז מענדעלעס שטעכווערטלעך, זיינע סאטירישע קניפּ אין אונדזער אטראָפירט טונעיאדעווקער לייב, זענען געווען אויך — ראָמאנטישע היילונג. און נאָך: מענדעלעס קניפּ זענען געווענדט געווען ניט נאָר קעגן דעם פּאראזיטארישן אינעם יידישן לעבן, אויף וועלכן ער האָט דער ערשטער אָנגעוויזן, נאָר אויך קעגן זיך אליין אלס יידישען קינסטלער, וואָס האָט אנדערש ניט געקענט דורכלייגן א וועג צום רעאליזם.

אין דער „קליאטשע“ איז דאָ א קאפּיטל, אין וועלכן מענדעלע באשרייבט, ווי דער אשמדאי נעמט ישראליקן אין זיין בוזעם, פליט מיט אים און ווייזט אים די „לאנד-קארטע“ פונעם יידישן לעבן. דאָרט ווערט אויך דערציילט, אז דער אשמדאי, ווי א מלמדישער באהעלפער, גיט פּעטש ישראליקן, איינלערנענדיק מיט אים דאָס, וואָס ער באווייזט אים.

מיר האָבן תמיד געהאט דעם איינדרוק, אז די כלל-אלעגאָריע קרייצט זיך דאָ איבער מיט מענדעלעס סוביעקטיווע אקצענטן. אז דאָ, אויף אָט דער, דאכט זיך, נאַיווער שטעלע, אנטפּלעקט זיך פאר מענדעלען זיין דיכטערישע שליחות. מיר זעען ווי דער אשמדאי צווינגט אין אים אריין זיין דיבוק: דאָס „אשמדאישע“ — דאָס קריטיש-סאטירישע, וואָס אָן דעם קאָן ניט זיין קיין געזעלשאפטלעכע רעוויזיע, קיין שארפע אונטערזוכונג פון די יסודות פונעם לעבן.

נו, איז דאָס ראָמאנטישע, וועגן וועלכן א. ווייטער רעדט? דאָס ראָמאנטישע איז שוין אויך פאראן ביי מענדעלען,

נאָר מענדעלעס פּראָגרעסיווער ראָמאַנטיזם קערט זיך להלוטין ניט אָן מיט ווייטערם רעאקציאָנער־מרה־שחורהדיקן ראָמאַנטיזם, וועלכער האָט געשופן צוריק „אין שול אריין". דער סאַטיריקער מענדעלע האָט דאָס אָנגעהויבן צו באַגרייפן, זיך אליין געכאַפּט ביי זיין לירישן אָפּנייג, ווען ער האָט אין זיין הקדמה צו „פישקען" עניוותדיק דערקלערט, אז ער רעדט זיך ניט איין, אז ער איז דאָס — דער סאָלאָוויי אין דער יידישער ליטעראַטור.

דאָס איז דער בעסטער סמן, אז דאָס סאָלאָווייאישע, וואָס האָט שוין אזוי קרעפטיק געטרילערט אין זיין דיכטונג — איז דערגאַנגען צו זיין ליטעראַרישן באַוואוסטזיין. באַווייזן אויף דעם זענען דאָ זייער אסאך אין מענדעלעס שאפן.

מע קאָן ניט רעדן וועגן דעם „סאָלאָווייאישן" אין מענדעלעס שאפן, ניט אָפּשטעלנדיק זיך אויף דער זויבערער לירישער צער־טלעכקייט, מיט וועלכער ער האָט געשילדערט די נאַטור און דעם ליבע־מאָטיוו.

„דער פּייזאַזש האָט אין פישקען אַן אַלגעמיינע אויפגאַבע: איינצוראַמען אין א גאָלדענער פּאָעטישער ראַם דאָס געמעל וועגן דעם לעבן פונעם פאָלק. מענדעלע באַווייזט דערמיט זיין יראת הכבוד און זיין הארצלעכע ליבע צו די געשטאַלטן פון דער אָרעמשאַפט, וואָס ער מאָלט. דאָס זענען די דערוואַרעמדיקע, באַלעבנדיקע זון־שטראַלן, וואָס ער וואַרפט אויף דער געדיכט־טונקלער, טרויעריקער אַטמאָספער אינעם בוך. פון איין זייט ווערן דורך דער דאָזיקער גאָלדענער ראַם, דורך די דאָזיקע פּאָ־עטישע זון־שטראַלן אונטערגעשטראָכן און מאָנומענטאַליזירט דער אומעט פון די בילדער. פון דער אַנדערער זייט, ווערט דורך דעם די קלעמענדיקע פינצטערקייט געמילדערט, דערנענ־טערט צום מענטשלעכן געמיט, פאַרטיפט דורך מאָגען גערעכ־טיקייט". (זע „פּייזאַזש און גראָטעסק" מ. ווינער, „צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור פונעם 19־טן יאָר־הונדערט").

דאָס איז ניט נאָר דאָס טרעפלעכסטע, נאָר אויך דאָס טיפ־סטע, וואָס איז ביי אונדז געזאָגט געוואָרן וועגן דעם פּאָעטישן ליכט, וואָס מענדעלעס בונטע, ווייכע לאַנדשאַפט שטראַלט אויס פון זיך. דאָס דאָזיקע ליכט ווערט אויך פאַרשפּרייט אויפן אַל־

געמיינעם אומהיימלעכן פּאָן פון מענדעלעס גרויען ספּור־המעשה. אָבער חוץ דער דאָזיקער „אַלגעמיינער אויפגאַבע" האָט מענ־דעלעס פּייזאַש אויך זיין אייגענע קינסטלערישע פונקציע און ווערט. דאָס זעלבע דאַרף מען זאָגן אויך וועגן מענדעלעס ליבע־באַשרייבונגען. מענדעלעס ליבע־מאָטיוו (ווי ער איז געגעבן אין „פישקען") וואַקסט אַריבער אַ דאַנק זיין קינסטלערישער קראַפט די עפּיזאָדישע ראָל פונעם ליבע־מאָטיוו אין „פישקע דעם קרומען".

שלום־עליכם, איבערקרומענדיק די פאַרשיידענע „ראָמאַנען־מאַכערס", וועלכע עס וואָלט קיינמאָל ניט אָנגעשטאַנען צו פאַר־נעמען זיך מיט אַזוינע קליינקייטן, מיט אַזאַ דער־רוח־ווייסט־וואָס, ווי „פישקע דער קרומער", און מיט אַזאַ פאַרזעעניש, ווי דאָס האָרבאַטע מיידל — האָט מיט זיין באַמערקונג „אויך מיר אַ ראָמאַן" געוואָלט זאָגן, אַז ער האָט דאָ צום ערשטן מאָל דערזען אין דער יידישער ליטעראַטור אַ ראָמאַן אין מאָדערנעם זין פונעם וואָרט. און ער האָט דערביי פּאַטעטיש צוגעגעבן: „אין דעם דאָזיקן קליינעם ביכעלע („פישקע") געפינט זיך אַסאַך מער ליבע און פּאָעזיע אַלס אין אַלע טויזנט ראָמאַנען פון דער גאַנצער באַנדע ראָמאַנען־מאַכערס".

דער כשוף פון דעם, וואָס מיר רופן אָן דאָס „סאָלאָוויי־אישע" ביי מענדעלען, העלפט שאַפן דעם פּאָעטישן אָרעאָל אַרום אַזאַ באַלייגדיקטער און דערנידעריקטער פרויען־פיגור ווי „ביילע די האָרבאַטע".

ווייל מיר האַלטן ביי „פישקען", קענען מיר שוין פעסט־שטעלן, אַז אין דעם ווערק איז פאַרחתמעט מענדעלעס קינסטלע־רישער סינטעז. „פישקע" איז, לויט אונדזער מיינונג, איינס פון דעם זיידנס בעסטע קינסטלערישע ווערק. דער טיפּאַזש איז דאָ (אויך „בנימין" און „סענדערל" שפּילן, אייגנטלעך, אַרויף אויף דער דאָזיקער „פישקע" לייוונט) בשעתו אַזוי אָריגינעל געווען אין דער יידישער ליטעראַטור, ווי, צום ביישפּיל, שפּעטער גאָר־קיס אונטער־וועלט מענטשן אין דער רוסישער. אין „פישקען" איז מענדעלען געלונגען צו דיסציפּלינירן אַלע זיינע זיך ווידער־שפּרעכנדיקע שאַפונגס־עלעמענטן, ווי צום ערשטן מאָל גלייך צו דאָזירן.

ארויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, איז „פּישקע" — מענ־דעלס פֿאָלקסטימלעכסטע קינסטלערישע ווערק אפילו אין פֿאַרגלייך מיט „מסעות". אין „פּישקע" מאָלט דער זיידע, און אין „מסעות" דערציילט ער. אַלס דערציילער האָט שלום־עליכם אַריבערגעשטיגן דעם זיידן, אָבער אַלס מאָלער האָט מענדעלע ביי אונדז צו זיך קיין גלייכן ניט. „פּישקע" איז וועלכן עס דאָמינירט דער מאָלער מענדעלע, איז אפשר דאָס בעסטע פּראָזע־ווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור.

אויך אין זיינע פֿריערדיקע ווערק האָט מענדעלע שוין אָפּגע־רירט מיט זיין באַרימט געוואָרענעם ווערטל „ניט דאָס בין איך אויסן", אָבער אין „פּישקע", מער ווי אומעטום, אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אונדז, אַז „ניט דאָס בין איך אויסן" איז דעם זיידנס גרעסטע המצאה כדי צו דערגרייכן קינסטלערישע האַרמאָניע און גאַנצקייט אינעם בוי, אין דער קאָמפּאָזיציע, אינעם אינהאַלט פֿון זיין ווערק.

די נאַציאָנאַליסטישע קריטיק האַלט „שלמה רב חיימס" פֿאַר מענדעלס קרוין־ווערק. עס הייסט, לויט אייניקע קליינבירגערלעכע קריטיקער, אַז דער זיידע האָט דאָ שוין אַנטדעקט דעם פּרעציזן עלעמענט: די „יידישע גייסטיקייט", אונדזער „נשמה יתירה". אָבער נאָך דעם אַלעמען איז „שלמה רב חיימס" ניט זיין סינטעטיש ווערק. פּאָטענציעל אפשר יאָ, אָבער ניט רעאַליזירט. ווייל עס פֿאַרמעסט זיך נאָר ריין־ביאָגראַפֿיש צו געבן שלום יעקב אַבראַ־מאָוויטשעס לעבענס סך־הכל און פֿאַרנאַכלייסיקט קינסטלעריש דעם דיכטער מענדעלע מוכר ספרים. ניט נאָר עס זאַמלט ניט צו איין צענטראַלן ברען־פּונקט אַלע ליטעראַרישע עלעמענטן זיינע, נאָר עס שליסט זיי במעט טענדענציעז אויס. אָט די אַלע ליטעראַרי־שע אייגעשאַפֿטן זיינע — כדי זאָלן אַלע זיין בולט, — מוז מענדעלע שניידן ווי א כירורג אין פֿלייש פֿון זיין מאַטעריע, דערנאָך צוריק פֿאַרנייען, און אזוי אַרום צונויפֿשטעלן אַלץ, וואָס בילדעט זיין אייגנאַרטיקע מאָזאַיק. ווייניק, וואָס אין "שלמה רב חיימס" פֿעלט דער מענדעלע־אַנאַליז, נאָר אַלץ איז דאָרט פֿאַר־גאָסן מיט א סענטימענטאַלן אידילישן שטראָם. דער זיידע, אמת, האָט שוין ביז „שלמה רב חיימס" געשריבן אידיליעס, אָבער אידעאַליזירט האָט ער דאָס ערשטע מאָל אין אָט דעם ווערק

- אידעאליזירט ווי א בעל תשובה, פארטושירט אלץ, וואָס ער האָט אין די אייגענע ווערק געשילדערט שארפקאנטיק, נעגאטיוו — יענע אלע „שיינע יידן“ כשרע יידן, מיטן פולן מויל — יידן, גאָלדענע־אָדער־יידן“...

עס פאלט אונדז איין, אז זיין „שלמה רב חיימס“ האָט ערשט אָנגעשריבן... דער סאָוועטישער יידישער פּראָזאיקער דוד בער־געלסאָן. „פענעק“ הייסט דאָס ווערק. אין אָט דעם בערגעלסאָ־נישן ראָמאן האָט דער אשמדאי ווידער געקראָגן די אויבערהאנט איבער דעם יידישן דיכטער און אים געגעבן כח נאָך מענדעלען אונטערצונעמען ווידער אזא אומרחמנותדיקע רעוויזיע. עס ווערט אין „פענעק“ פּונקט, ווי ביי מענדעלען, אי געשילדערט, אי א־רייננעזאָגט. מענדעלס שטעכווערטלעך בריען דאָ ווי קראָפּעווע — זיי זענען שוין דאָס שטעכיקע דראָט, מיט וועלכן מע פאר־טיידיקט אויף טויט און אויף לעבן גוט אויסגעבויטע, נייע שלאכט־פּאָזיציעס.

עס האָט געדארפט קומען די גרויסע סאָציאליסטישע אָק־טאָבער־רעוואָלוציע מיט אלע אירע פאָלגן, מיט אלע העראָישע איבערלעבענישן, אז דער לירישסטער פּראָזאיקער אונדזערער זאָל זיך פּלוצעם צו אונדז אויסדרייען מיט זיין מעפיסטאָפעלישער מאסקע, אָפּגיסן מיט זיין געלעכטער, מיט זיין ניט שוינעדיקער קריטיק אונדזער גאנצע „מזרח־וואנט“.

אָבער פּונקט, ווי מענדעלע, שלייפט און פיילט דוד בערגעל־סאָן זיינע פּראָגרעסיוו־אָפּאָזיציאָנעלע ווערק, מאָלט און זאָגט מוסר מיט דער זעלבער סטיליסטישער אָפּגעהיטקייט, ליטעראַ־רישן פאנאטיזם, וואָס האָט אין זיך פונעם זיידנס פארשרייבן לדורות.

די מענדעלע־טראדיציע האָט געפונען איר אייגנארטיקן אויס־דרוק אויך אין מארקישעס „דעם בעל־גופס טויט“, ווי עס האָט שוין אין זיין צייט אָנגעוויזן מ. ווינער.

נאָר דאָס זענען בלויז ארויסגעכאפּטע ביישפּילן, וועלכע אי־לוסטרירן אויף וויפל מענדעלע האָט מיט זיין קריטישן רעאליזם געהאָלפן דער סאָוועטישער יידישער פּראָזע און דיכטונג אָפּצו־רוימען דעם וועג פאר דער שילדערונג פונעם לעבן, וואָס האָט זיך אויסגעפאָרמירט אויף סאָציאליסטישע יסודות.

דעם גרויסן פּאַטאָס פאַר יידיש־געזעלשאַפטלעכער קריטיק, וועלכע מענדעלע האָט געבראַכט אין אונדזער ליטעראַטור, האָבן נאָך זיין טויט געירשנט דווקא זיינע יינגסטע אייניקלעך, וועלכע האָבן זיך ערשט צוריק מיט פערציק יאָר ארויסגעכאַפּט אויף זיין בויד מיט „ביקס אין האנט" און מיט דער לויכטנדיקער פאָן פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אליין מענעדעלע איז געוואָרן א טעמע פאַר די סאָוועטישע יידישע דיכטער אין די לידער פון קוויטקאָ, פינינבערג, קושניראָוו און אנדערע.

באַגלייך מיט אלע גרויסע פּראָגרעסיווע הומאַניטאַרע קינס־טלער, וועלכע מיר האָבן איבערגענומען אלס ליטעראַטור־ירושה, איז אויך מענדעלע פאַר אונדז ניט נאָר טראַדיציע, נאָר א לעבעדיקער קוואַל. אין זיין ארסענאַל געפינען מיר געווער אויך פאַר אונדזער היינטיקן קאַמף מיט די געשפּענסטער פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס ער, מענדעלע, האָט מיט אזא וואונדערלעך־גרויסער קינסטלערישער קראַפט געשילדערט.

**יעקב שטערנבערג**

# די קליאטשע

אָדער

## צער בעלי-חיים

# הקדמת מענדעלע מוכר־ספרים

אמר מענדעלע מוכר־ספרים, זאָגט מענדעלע מוכר־ספרים: געלויבט איז דער בורא, וואָס נאָכדעם, ווי ער האָט באשאפן די גאנץ גרויסע וועלט, האָט ער זיך מיישב געווען מיט דער פמליא מלאכים אין הימל און צום לעצט געמאכט א קליין וועלטעלע, דאָס מיינט מען דעם מענטשן, וואָס ער הייסט „עולם קטן”, ווייל דאָס מענטשל, ווי איר קוקט אים אָן, האָט אין זיך אלע מיני ברואים און באשעפענישן. איר געפינט אין אים אלערליי ווילדע חיות, אויך פארשיידענע מיני בהמות; איר געפינט אין אים א יאשטשערקע, א פיאווקע, א שפאניש פליג, א פּריים וכדומה אזעלכע שלעק, אזעלכע מיני שרצים; איר געפינט אין אים אפילו אויך א רוח, א שווארץ יאָר, א שטן, א מקטרג, א לץ, שונא־ישראל, וכדומה אזעלכע מזיקים, מחבלים, אָנשיקענישן; איר זעט אין אים אויך וואונדערלעכע סצענעס: ווי א קאץ, אשטייגער, שפּילט זיך מיט דער מויז; ווי א טכויר כאפּט זיך ארײַן אין א שטייג מיט עופות און דרייט זיי נעבעך אָפּ די קעפּ; ווי מאלפּעס קרימען יענעם נאָך אלצדינג, וואָס ער טוט; ווי א הונט סלוזשעט, דרייט דעם ווײַדל פאר איטלעכן, וואָס ווארפט אים אונטער א שטיקל ברויט; ווי א שפּין פארנארט צו זיך א פליג, פארפּלאָנטערט, פארשפּארט זי און נאָגט זי אוים; ווי קאָמארן פליען עמעצן נאָך און זשוזשען אים אָן פולע אויערן, וכדומה נאָך אזעלכע משונה וואונדערלעכע זאכן. איך בין עס אָבער נישט אויסן. געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, וואָס זעט־צו שווייגנדיק אלצדינג, וואָס אין דעם דאָזיקן „קליין וועלטעלע” גייט פאר און

שלאָגט מיט אים פאַרט נישט קיין כפרות; וואָס דערלעננגערט זיין צאָרן, פארטראָגט די עבירות און טוט גרוים חסד מיט דעם זינדיקן מענטשן. איך בין דאָ אויסן צו דערציילן די גרויסע גענאָד, וואָס השם־יתברך האָט אויך מיט מיר, אָרעמען בעל־עבירה, געטאָן, נאָכדעם אז ער האָט מיך פריער אביסל געשטראָפט.

רבותי, הפערדל שלי מת! מיין פערדל, רבותים, איז גע־פגרט, מיין געטריי פערדל, וואָס כל ימיו, דאָס גאנצע לעבן זיינס, איז עס געווען אין דער עבודה, געדינט געטריי און נישט געוואוסט מער ווי אונדזערע ספרים; וואָס איז געווען א מפורסם, א בקי אין אלע וועגן, א גרויסער בעל־זכרון, וואו ערגעץ א קרעטשמע; וואָס איז מיט מיר אויסגעפאָרן כמעט בכל תפוצות ישראל, צווישן די אלע יידישע קהילות, און איז געווען אומעטום באקאנט — זה הפערדל, אָט דאָס פערדל, הלך למיתה משונה איינגענומען ל״ג בעומר אין גלופסק! עס איז מיר א ווייטיק צו זאָגן, נאָר אָרעם איז נישט קיין שאנד, עס איז נעבעך געפגרט פאר הונגער. זיין עסן איז געוויינטלעך געווען אביסל סיטשקע, א מאָל עטלעכע דארע שטיקלעך ברויט, וואָס איך פלעג אוועקקויפן ביי אָרעמע־לייט מיט טאָרבעס. אז אָך און וויי דעמ פער־ל, וואָס עס פאלט אריין צו א יידישן מוכר־ספרים! שלעפן שלעפט זיך עס שטענדיק ארום און האָ־רעוועט אפשר נאָך מער פון יענע, וואָס פירן שווערע סחורה, און עסן אָבער עסט עס נעבעך מכות, א יידישער מוכר־ספרים האָט אליין מכות וואָס צו עסן און פגרט מיט זיין וויב און קינדער צען מאָל אין טאָג פאר הונגער! איך בין עס אָבער נישט אויסן. השם־יתברך האָט מיך נעבעך געשטראָפט, איך בין געבליבן אָן א פערדל. קויפן אן אנדערס האָב איך נישט געהאט פאר עפעס, און דאָ באדארף מען פאָרן אויף ירידין. עס איז מיר געווען זייער שלעכט.

און ווי איך זיץ מיר אזוי פארזאָרגט, קומט אריין איינער, מיינער א באקאנטער, גייט־צו נלייך צו מיר און רופט זיך אָן:

— רב מענדעלע, איר וועט קויפן א קליאטשע?

— איך וואָלט אוודאי געקויפט, — ענטפער איך מיט א קרעכץ, — נאָר וואו נעמט מען די קאַץ?

— עט, — מאכט ער, — נישקשה! איר וועט נישט באַ־דארפן אצינד געבן א גראָשן. עס קען אפשר נאָך מעגלעך זיין, מען זאָל אייך נאָך עפעס אויסלייזן. מען ווייסט, נישקשה, אז איר זענט אן ערלעכער מאַן.

— אויב אזוי, — זאָג איך צו אים, — קויף איך די

קליאטשע זייער גערן. טאקע באלד אָן שהיות. קומט, זייט מוחל, לאָמיר גיין די סחורה אָנקוקן.

— איך פארשפּאָרט צו גיין, — רופט ער זיך אָן, — איך האָב די קליאטשע דאָ, טאקע ביי מיר.

— וואָס הייסט, איר האָט זי דאָ? — פרעג איך אים פארוואונדערט.

— דאָ, טאקע ביי מיר אונטער דעם מאנטל, — ענטפערט ער מיט א שמייכעלע.

— איר לאַכט פון מיר, רב קרוב! — זאָג איך צו אים מיט פארדראָס. — געפינט אייך אָן אנדערן, פון וועמען צו לאכן. קאטאָוועס גייט מיר אצינד נישט אין קאָפּ.

— חלילה! איך טרייב גאָרנישט קיין קאטאָוועס, — זאָגט ער צו מיר און נעמט באלד טאקע ארויס פון אונטער דער פּאָלע א גרויסן פּאַק מיט פּאַפּירן. — זעט איר, רב מענדעלע, דאָס אינגאנצן געהער איינעם, מיינעם א גוטן פריינט. זיין נאָ־מען וועט איר געפינען דאָ אָנגעשריבן אויף די זאכן, וועלכע ער האָט געמאכט. איינע פון די דאָזיקע זאכן הייסט, פארשטייט איר מיך, מיט דעם נאָמען „די קליאטשע". דער מחבר אליין איז אצינד, לא עליכם, עפּעס, ווי רופט מען עס... צעמישט, גאָר צעטראָגן. אונדז אלע, זיינע גוטע פריינט, גליסט זיך זייער, אז זייגע מעשיות זאָלן כסדר אָפּגעדרוקט און פארקויפט ווערן. און וועמען אנדערש האָבן מיר געקענט אויסקלייבן, דער־מיט זיך מתעסק צו זיין, ווען טאקע נישט אייך, רב מענדעלע, וואָס איר האָט אין אונדזער ווינקל אזא שם? מיר פאר־לאַנגען פון אייך, איר זאָלט גוט איבערקוקן די פּאַפּירן, אויס־שטעלן איטלעכע מעשה אקוראט ווי מען באדארף, דערויף פארלאָזן מיר זיך שוין אויף אייך, און גאָר צום ערשטן זאָלט איר אָפּדרוקן די קליאטשע. פון באלוינונג וועלן מיר שמועסן שפּעטער, איר וועט, נישקשה, זיכער צופרידן זיין, אויב איר געניייטיקט זיך אצינד אין געלט, וועלן מיר אייך דערווייל געבן אויף דעם חשבון. נו, ווילט איר, רב מענדעלע?

— א פרעג אביסל, אויב איך וויל?! איך וויל מיט דעם גאנצן לעבן, — האָב איך געענטפערט און פּשוט געטאנצט פאר גרויס פרייד.

נאָכדעם אז איך האָב מיך אָפּגעפּארטיקט מיט מיינע גע־שעפטן, האָב איך מיך גענומען געשמאק צו דער קליאטשע — זי צונויפגעשטעלט, ווי עס געהער צו זיין, איינגעטיילט זי אין קאפּיטלען און איטלעכם קאפּיטל א נאָמען געגעבן ווי אים פּאסט — אזא אָן ארבעט, וואָס נאָר דערפאר אליין שרייבן זיך אנדערע אונטער אויף יענעמס כתבים און הייסן מחברים...

קורץ, איך האָב מיך נישט געפוילט און געטאָן מיין זאך גאנץ געטריי.

היינט רבותי, עטלעכע ווערטער מכוח דער קליאטשע:

די קליאטשע איז געשריבן אויף א הויכן גאנג, אויף דעם גאנג, ווי די אלטע האָבן געשריבן. איטלעכער וועט זי פאר־שטיין כפי זיין פארשטאנד און זיין מדרגה. פאר מענטשלעך פון א קליינער מדרגה וועט זי זיין פשוט א וואונדער שיינע מעשה, זיי וועט גלאט געפעלן דער פראָסטער פשט. די דאָזיקע אָבער פון א גרעסערער מדרגה וועלן אויך אין איר געפינען עפּעס א וואונק, א רמז אקעגן אונדז, זינדיקע מענטשן. איך אשטייגער, אין מיין מדרגה, האָב אין איר געפונען כמעט אלע יידישע נשמות, אלע אונדזערע נפשות און דעם סוד, וואָס זיי טוען דאָ אויף דעם עולם. איך בין ביי מיר גאנץ זיכער, אז בשעת לייענען וועלן א סך פון אייך, רבותים, איטלעכער אין זיין גראד, זיך נישט קענען איינהאלטן. איינער וועט מיט פייער א געשריי טאָן: איי, דאָס איז אָן אָנצוהערעניש אקעגן אונדזער רב יוסין! נאָך איינער: איי, דאָס מיינט מען נתן רב בייקעס! זלמן־יעקעלע רב מאָטעלעס! הערשקע רב אבעלעס! א דריטער: איי, איי, איך האָב געפונען דעם סוד פון אונדזערע טאקסעס, פון אונדזערע בעלי־טובות און פון אונדזערע אלע פירונגען וכדומה...

איך האָב געפרעגט א שאלה ביי די גלופּסקער דיינים און ביי אלע דאָרטיקע פיינע בריות פון דער גוטער כנופיא: אזוי ווי איך האָב דעם עולם צוגעזאָגט ארויסצוגעבן א צווייטן טייל פון דער "טאקסע" און האָב דערביי נישט געזאָגט "בלי־נדר", בכן איז דאָך מיין וואָרט שוין גלייך טאקע ווי א נדר, היינט ווי איז דער דין, רבותים, האָב איך זיי געפרעגט, אז איך גיב אצינד ארויס מיין קליאטשע, אויב איך קען מיט איר יוצא זיין מיין נדר? זיי האָבן געקלערט. געקלערט, זיך נעבעך געקראצט, און האָבן צום סוף אזוי געזאָגט: יאָ, רב מענדעלע, אזוי ווי מיר האָבן דאָ דערשמעקט א ריח, א תמצית פון דער טאקסע, זיינען מיר אייך דעריבער מתיר נדר, הקליאטשע הזו, די דאָ־זיקע קליאטשע, חשובה לכם, איז אייך גערעכנט, כאילו קיימתם, גלייך ווי איר וואָלט געהאלטן וואָרט און ארויסגעגעבן החלק השני — דעם צווייטן טייל מהטאקסע בכל פרטיו, מיט אלע פיטשעווקעס. נישקשה, מען קען מיט איר זייער גוט יוצא זיין לכל הדעות!...

כמה מעלות טובות למקום, וויפל דאנק בין איך דעם אויבערשטן שולדיק, ווען איך וואָלט דערטאַפּט די קליאטשע גלאט גאָר אָן געלט פאָראויס, צו קויפן מיר א פערדל, איז דאָך דיינו. ווען איך וואָלט זי דערטאפּט מיט געלט פאָרויס

און זי וואָלט אין זיך נישט געהאט א תמצית מהטאקסע, איז דאָך דיינו. ווען זי וואָלט אין זיך געהאט א תמצית מהטאקסע און די דיינים וואָלטן מיר נישט געווען מתיר נדר זיין, איז דאָך דיינו. ווען די דיינים וואָלטן מיר געווען מתיר נדר זיין און דערביי זיך נישט משונה געקראצט, איז דאָך דיינו. ווען זיי וואָלטן דערביי זיך משונה געקראצט און איך וואָלט נישט געוואוסט, פאר וואָס, איז דאָך דיינו. ווען איך וואָלט נישט פארשטיין, אז די קליאטשע איז. אפנים, מסוגל, מען זאָל פון איר זיך קראצן, איז דאָך דיינו.

על אחת כמה וכמה באדארף איך דעם אויבערשטן דאנקען, וואָס איך האָב דערטאפט די קליאטשע און נאָך מיט געלט פאָראוים צו קויפן א פערדל און זי האלט אין זיך א תמצית מהטאקסע און די דיינים האָבן מיר מתיר נדר געווען און זיי האָבן דערביי זיך משונה געקראצט און איך וויים פאר וואָס און איך פארשטיי, אז די קליאטשע איז, אפנים, מסוגל, מען זאָל פון איר זיך קראצן, לכפר על כל עוונותינו, אן אָפּקומע־ניש אויף אונדזערע זינד.

אָט דאָס, רבותים, בין איך אויסן מיט מיין קורצער הקדמה — וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג!

כ"ח אלול. אויף דער בויד מיט ספרים, צווישן גלופסק און טעטערעווקע

הקטן **מענדעלע מוכר־ספרים.**

## דאָס ערשטע קאפּיטל

# ישראליק וויל ווערן א מענטש

ווי נח איז אמאָל אין דער תיבה איבערגעבליבן פון אלע באשעפענישן אויף דער וועלט, וואָס זיינען דערטרונקען גע־וואָרן אין דעם מבול, אזוי בין איך, ישראל בן ציפּע, איבער־געבליבן אין מיין שטעטל, איין איינציקער בחור פון אלע מיינע חברים, וועלכע זענען דורך דעם אָנשיקעניש פון שדכנים גע־וואָרן יונגע באלעבעסלעך פאר דער צייט, און איינגעזונקען געוואָרן טיף ביז דעם האלדז אין דלות, אין קבצנות נעבעך. דאָס אָנשיקעניש פון גאָט — די שדכנים, האָבן זיך א לאָז געטאָן צו מיין מאמען אויך פאר מיר פאָרצושלאָגן איר שידו־כים. מיין מאמע — א פּראָסטע, נאָר א קלוגע יידענע, איז געוועזן אן אלמנה, קיין רייכע, אָבער אָרעם אויך נישט. זי האָט געהאט פּרנסה פון איר קלייט צעלניק, געגאנגען א האלדז פּערל, געלעבט גאנץ פיין. איך בין ביי איר געוועזן א בן־יחיד, זי האָט זיך אין מיר געשמאָלצן, מיר נאָכגעגעבן אלצדינג, וואָס איך האָב פארלאנגט. דעריבער, אז איך האָב מיך איינגעשפּארט נישט יונג חתונה צו האָבן, האָב איך עס אויסגעפירט. תחילת האָט זי אפילו געפּרואווט מיך איבערצורעדן מיט אזא גאנג:

— ישראליק! וויפל האָב איך גאָט געבעטן, איך זאָל דערלעבן די צייט, מען זאָל דיך רעדן שידוכים. דו ביסט דאָך מיין איין אויג אין קאָפּ, איך מיין דאָך טאקע נאָר דיין טובה, פאָלג־זשע מיך, כ׳לעבן, און האָב חתונה! שוין צייט, צייט, ישראליק. קוק דיך אָן!... א ייד, אָן עין־הרע!... א בערדל! דיינע חברים האָבן נאָך צו דער בר־מצווה חתונה געהאט.

פֿאָלן, כ'לעבן, א מאמע, טו וואָס גאָט האָט געבאָטן און לאָמיך פון דיר נחת האָבן!

נאָר אז זי האָט געזען, אז עס איז ארויסגעוואָרפענע רייד, וויפל זי זאָל נישט רעדן, האלט איך מיך טאקע ביי מיינעם, אלץ ניין און ניין, האָט זי מיר נאָכגעגעבן און שוין מער דערפון נישט גערעדט אפילו קיין וואָרט. איך האָב איר ארויסגעזאָגט גאנץ קלאָר דעם ריינעם אמת, אז איך בין גאָר געזאָנען צו לערנען אלצדינג, וואָס מען לערנט אין די קלאסן, אָפּצוגעבן דערנאָך עקזאמען און אריינגיין אין אוניווערסיטעט, צו לערנען דאָרט חכמת־הדאָקטאָריע, כדי איך זאָל דערמיט שפּעטער נוצלעך זיין זיך און דער וועלט.

— מאמע! — האָב איך צו איר זיך אָנגערופן. — עס איז היינט שוין עפּעס אן אנדער וועלט. שוין צייט, כ'לעבן, צו זען די גרויסע גליקן, וואָט יידן מאכן היינט מיט זייערע פריע חתונות, די גרויסע גדולות פון אונדזערע יונגע באַלעבאַטימלעך! אמאָל האָבן עלטערן חתונה געמאכט זייערע קינדער מיט דעם בטחון: גאָט האָט אונדז צוגעשיקט צום לעבן, מסתמא וועט ער זיי אויך עפּעס צושיקן און זיי וועלן, נישקשה, נישט שטארבן פאר הונגער. אין יענער צייט איז בטחון נאָך ווי עס איז אָנגעגאנגען, אָבער היינט ווערט מען דערמיט פארשווארצט. שווער, זייער שווער צו לעבן היינטיקע צייט פון די פינף פינגער און מאכן פון שניי גאָמלקעס. איטלעכער מענטש דארף באצייטנס זען און מיט אלע מעגלעכקייטן, אז אלע זיינע גרויסע באדערפענישן זאָלן אים פארזיכערט זיין, תמיד, אויף זיין גאנצן לעבן, און בפרט נאָך מיר יידן, וואָס מיר זענען אזוי אין דער קלעם, געשטיקט, געדריקט פון אלע זייטן, איז נישטאָ פאר אונדז קיין אנדער וועג ארויסצורייסן זיך ווי עס איז פון די צרות, סיידן טאקע נאָר דורך אויסלערנען זיך איינע פון די חכמות, ווי, אשטייגער, חכמות־הדאָקטאָריע, למשל, אָדער אפשר איינע פון די אנדערע מלאכות. אויב איך אליין וועל איצט אין די יונגע יאָרן נישט זאָרגן פאר מיין תכלית, וואָס קען חלילה זיין דער סוף פון מיר? אזא סוף טאקע ווי פון א סך יונגע לייט אין אונדזער ארט, וואָס האָבן, דוכט זיך, גליקלעך חתונה געהאט און אריינפאלן אין א שמאלץ־גרוב, די שמאלץ איז דערנאָך אויסגערונען און די גרוב איז געבליבן. א טייל האָבן זיך צעשלעפּט, א טייל זענען געוואָרן מלמדים, און א טייל, משטיינס־געזאָגט, טויגן אפילו דערצו אויך נישט. וועל איך אָבער ווערן א דאָקטער, וועט זיך עפענען פאר מיר א וועלט, איך וועל ווערן א מענטש און האָבן גרינג מיין שטיקל ברויט. — אין־ברירה, די מאמע האָט מיר שוין נאָכגעגעבן אי דאָס אויך, אז

איך זאָל לערנען, נאָר פריער האָב איך איר גענוצט צוזאָגן, אז איך זאָל בלייבן אן ערלעכער ייד.

געהאט האָב איך א שארף קעפּל, קיין זאך אין דער גמרא איז פאר מיר נישט געווען צו־שווער, מען פלעגט שמועסן אין דער שטאָט, אז פון מיר וואקסט א גרויסער רב. איך האָב מוחל געווען אנדערע דאָס רבנות, זיך פארשפּארט ביי מיר אין שטיבל און זיך גענומען לערנען טאָג און נאכט געשמאק אלע זאכן, וואָס זענען נויטיק צום עקזאמען. מאטעמאטיקע, דאָס הייסט חשבון, אויך פיזיקע, גראמאטיקע, און די שפּראכן זענען ביי מיר געגאנגען גרינג ווי פּוטער, שווער איז מיר נאָר אָנגעקומען די היסטאָריע, אויך דאָס, וואָס מען רופט עס אין זייער לשון „סלאָוועסנאָסט”. אויסנווייניק האָב איך געדארפט אלץ אויסקליעפּען פּוסטע מעשיות און מלחמות, ווי אזוי מענטשן האָבן, פון זינט די וועלט שטייט ביז אצינד, זיך געהרגעט, געשלאָגן, איינער דעם אנדערן געמאכט דעם טויט, אָנגעטאָן צרות, געבראָטענע לייד, און נאָך געדענקען, אין וואָס פאר א יאָר, אין וואָס פאר אן אָרט! דאָס וכדומה נאָך אזעלכע זאכן האָבן געהייסן היסטאָריע... דערצו האָב איך ווייטער גענוצט אויסלערנען עפּעס ווילדע בייקעס, מעשיות מיט שרעקלעכע גיבורים, מיט שטארקע שיכורים, מיט בארימטע גזלנים; מעשיות מיט גלגולים, מיט מכשפים און מכשפהטעס; מעשיות פון דעם לעבעדיקן און טויטן וואסערל, פון גילדענע עפּעלעך און גילדענע פערדלעך.

חוץ דעם האָב איך נאָך באדארפט קענען אוועקפלוידערן, אזוי ווי א פּאָפּוגיי, איבער יענעמס עפּעס א שטיקל מליצה מיט גוט לשון, ארייגלייגן דרינען קנייטשלעך, אָפּשניצלעך און פּשטלעך אזעלכע, וואָס נישט איך, נישט דער שרייבער פון זיי אליין, נישט יענער, וועלכער עס האָט מיט מיר געלערנט, האָבן זיי פארשטאנען. מען האָט באדארפט דערביי שטארק פארפלאמט ווערן, ארויסגיין פון די כלים, שרייען אויף א קול, מאכן מיט די הענט און מיט די פּיס און רעדן מיט א ברען, עפּעס ווי סתרי־תורה, קבלה־ווערטער. מען האָט געמאכט א גרויסע ווארע, זייער פיל הקדמות, ווי אזוי מען זאָל די זאך אביסל פארדרייען, מרחיק מן השכל זיין און מען זאָל עס גאָר עפּעס אנדערש, נישט גלאט אזוי פארשטיין. יענע אלע פּזמונות, שמאָכטעלייען, מיט די אלע פּשטלעך האָבן געהייסן „סלאָוועסנאָסט”... זאָגט אייך וואָס איר ווילט, אין די עלטערע יאָרן איז זייער שווער אויסצוקליעפּען און צו טראָגן אויף דעם מוח אזעלכע מיני זאכענישן, בפרט נאָך דעם, וואָס האָט א גוטן קאָפּ און גרויס לוסט צו לערנען עפּעס ניצלעכערע זאכן. איך זאָג אייך נאָך א מאָל טאקע, מיר זענען די דאָזיקע מעשיות

זייער שווער אָנגעקומען. דאָס באַשטענדיקע קליעפּען האָט מיר פּשוט דעם קאָפּ פאַרשלאָגן, ער האָט ביי מיר צוגענומען אינגאַנצן דאָס געזונט, לייב און לעבן און מיך געמאַכט צום גולם. איך פלעג דערפון פּשוט א מאָל ווערן פאַרדולט און אַרומגיין צעמישט ווי א נעכטיקער. עס האָט מיר גערוישט אין דעם קאָפּ, זיך גערדרייט ווי א ווינטמיל, נאָר טאַקע פאַררריקט צו ווערן, ציטנווייז האָב איך גאָר אָנגעהויבן מסופק צו ווערן, אויב עס וועט מיר געראָטן דער פּלאַן מיינער אריינצוגיין אין אוניווערסיטעט. א קשיא, וואָס עס קען זיך מאַכן? גראָד וועל איך ביי דעם עקזאַמען נישט געדענקען עפּעס א נאַרישע מעשה, אָדער איך וועל מיך אויסגליטשן אויף יענעמס א פּזמון, דענסטמאָל וועל איך מיטאַמאָל צעבערעכן דעם קאָפּ — און אַן עק פון מיין גאַנצער מי, פון מיין לערנען און פון מיין דאָקטאָריע, וואָס איך האָב זי אַזוי געוואָלט דערגרייכן; דענטטמאָל ווערט א תל פון אַלע מיינע האָפענונגען און פון מיר אַליין! וואָס וועל איך טאָן און וואָס פאַר א פּנים וועל איך האָבן? איך וועל בלייבן א דערשלאָגן יידל. איך וועל פאַרשוואַרצט ווערן און אויסשטיין אין דער וועלט פון איטלעכן, גלייך מיט אַלע אַנדערע יידלעך, חרפּות, בזיונות. איך וועל בלייבן א לופט-מענטש, א קראַפּט אָן שטאָף, דאָס הייסט: איך וועל פילן אין מיר א כח עפּעס צו טאָן, נאָר איך וועל אָבער נישט האָבן די מעגלעכקייט, דעם כח אַרויסצוברענגען, צו וואָס אים אָנצואַווענדן און מיט אים ניצלעך צו זיין, ווי א סך אַזעלכע נעבעך, וואָס געפינען זיך צווישן אונדזערע יידן... איך וועל בלייבן א ייד און נישט קיין מענטש... איך וועל בלייבן א רעטעניש: עפּעס א פאַנע, וואָס קערט אויס, רייניקט אומעטום אויס און באַהאַלט זיך אַליין אין מיסט, ערגעץ אין א ווינקל; עפּעס א פאַנע, וואָס דרייט זיך אַרום דאָ און איז פאָרט נישט דאָ אויף דעם עולם; וואָס איז פליש און בלוט און זי דאַכט זיך פאָרט איטלעכן אויס, עפּעס איז זי גאָרנישט ... איינס פון די דריי פאַנעס ווייס איך — דאָס איז א בעזעם, און די איבעריקע צוויי... נאָר וואָס מאַכט עס אויס! יאָ ווייסן — נישט ווייסן. וואָס איך וועל זיין, וועל איך זיין, נאָר קיין מענטש אָבער וועל איך נישט זיין.

דאָס באַשטענדיקע פאַרשפּאַרן זיך, דאָס לערנען און חזרן, און צוגלייך דאָס באַשטענדיקע איבערטראַכטן, טאָמער חלילה וועט זיין אומזיסט די גאַנצע מי, דאָס אַלצדינג אינאיינעם האָט מיך פּשוט אויס מענטש געמאַכט. איך בין געוואָרן מאָגער, דאַר ווי א שפּענדל, זייער אָפּגעשלאַפט אין שטאַרק נערוועז, דערצו נאָך שטענדיק פאַרזאָרגט, פאַר־מרה־שחורהט, אַזוי אַז מען האָט מיך כמעט נישט דערקענט. ציטנווייז פלעג איך זיין

עפּעס ווי פאַרדולט און צעטראָגן, מיין באַנעמען זיך און די אויפפירונג מיינע עפּעס זייער משונה. ביים אָנקומען אויף מיר די מרה־שחורה פלעג איך פאַרשילטן די אַלע מכשפות מיט דער באַבע „יאהא" די ארורה און קאַשציי דעם מכשף אינאיי־נעם. צו אַלדי שוואַרצע יאָר זיי אַלע! איז מיר בעסער געוואָרן, האָב איך מיך איבערגעבעטן מיט זיי. ווידער די באַבע „יאהא", ווידער קאַשציי און דאָס גאַנצע פּעקל זייער גלייכן. די מאַמע פלעגט וויינען אויף מיר קוקנדיק און האָט אָנגעהויבן אַראָפּ־ברענגען צו מיר דאָקטוירים און רופאים. זיי האָבן געגעבן מיר פלעשלעך, געגאָסן אין מיר רפואות, אויך שטאַרק אָנגעזאָגט, אַז זומער זאָל איך למען־השם ולמען־השם גיין אַ סך שפּאַצירן, אָטעמען פרישע לופט אונטער דער שטאָט און ווייניקער טראַכטן.

אַך, ווען דאָקטוירים זאָלן בעסער פאַרשטיין און מיך באַ־פרייען פון יענע שמאַכטעלייען, וואָס האָבן מיך קראַנק גע־מאַכט און מיר פאַרשלאָגן דעם קאָפּ!

## דאָס צווייטע קאַפּיטל

# ישראליק גייט ארויס פון די כלים צוזעענדיק, וואָס ס'טוט זיך ארום אים

אין איינעם פון די שיינע זומער־טעג, אין תמוז, וואָס נישט אויסצוהאַלטן פון די גרויסע היצן, בין איך ארויסגע־גאַנגען אונטער דער שטאָט און געשפּאַצירט גאַנץ ווייט אויף דעם פרייען פעלד. אין דעם טאָג גראָד בין איך געווען שטאַרק פאַראומערט, עס האָט מיר דענסטמאָל עפּעס שרעקלעך זיך גע־דרייט דער קאָפּ, געקלאַפּט אין די שלייפן, אין האַרצן האָט געקאָכט ווי אַ קעסל און כ'בין געווען שטאַרק צעטראָגן, ערגער ווי תמיד. אַ היפּשע צייט האָב איך מיך ארומגעדרייט, נישט רעכט צו וויסן, וואוהין די פיס מיינע טראָגן מיך. אַלץ גע־גאַנגען, געגאַנגען ביז איך בין דערנאָך אַנידערגעפאַלן אונטער אַ בוים, ערגעץ לעבן אַ קאַנאַל, מיך אויסציענדיק ווי גרויס איך בין. באַלד ביי מיין אַנידערפאַלן איז מיט מיר צוגלייך, דאַכט זיך, געפאַלן די גאַנצע וועלט. פינצטער איז מיר געוואָרן אין די אויגן, געהילכט, געשאָסן האָט מיר אין די אויערן, גלייך ווי דורך זיי זענען געפלויגן קנאַקנדיקע ראַקעטן, עס האָט מיר זיך געדאַכט, איך זינק אין אַ טיפן אָפּגרונט, זינק אַלץ טיפער,

טיפער און ארום מיר רוישט זיך נאָר א שרעק. איך וויל עפּעס אַנטאַפּן, אין וואָס עפּעס זיך אַנכאַפּן. נאָר איך פּיל אָבער נישט קיין הענט, קיין פיס. עפּעס בין איך ווי ארויסגעשפּרונגען פון דער הויט, ארויס פון די כלים, בין גלאַט אזוי — א ישראליק, א לופטיקס, אָן לייב, אָן אברים, נישטאָ פון מיר גאָרנישט, נאָר די בלויזע נאַקעטע נשמה. פּלוצים גיט עס מיך א טראָג ארויף, עס טראָגט מיך אַלץ העכער, העכער ביז איך טאַפּ אָן די ערד, וואו איך בין געלעגן, און דערפיל, ווי די זון באַקט מיר אויס דעם רוקן. עפּעס בין איך גאָר ווי ניי געבוירן, אינגאַנצן ווי איבערגעביטן געוואָרן, גאָר עפּעס ווי אַן אנדער מין באַשעפעניש. אַלצדינג ארום מיר: די ערד, דער הימל, ביימער און גראָז זענען אויך ווי ערשט פונעם איי ארויסגעקראָכן, זיי שפּרינגען, שאָקלען זיך, וויטען זיך, נישט איינשטיייענדיק אויף איין אָרט, און ווינקען צו מיר, גלייך ווי געזעדט: קומט העצקען זיך, כאַפּן א טענצל, פעטער!

— צוויי גרילן שפּרינגען טאַנצנדיק ארויס פון צווישן דעם גראָז מיר אַקעגן, קוקן מיך אָן מיט נארישע גרויסע אויגן, מאַכנדיק דערביי מיט די פּיסקלעך, און אָט־אָט קריכן זיי, דאַכט זיך, אריין אין מיר, און באַלד טאַקע א שפּרונג, איינס, צוויי — אוי. דער קאָפּ!... דער קאָפּ!...

איך טו א מאַך מיט דער האַנט, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ אין אַן אנדער זייט, און ליגנדיק מיר אזוי האָב איך אומעטום געקוקט, אַלצדינג באַטראַכט, אביסל אויך געטראַכט און זיך פאַרטראַכט.

אויף דעם פעלד, זע איך, פּיטערן זיך פּאַנסקע צאַפּעס, אייזלען, גאַנצע טאַבונעס פערד, נישט פאַרגרעבטע פון דער אַרבעט, נאָר פערד איידעלע מיט א יחוס־בריוו, אַז זיי שטאַמען ארויס פון איידעלע עלטערן. איינעמס זיידע איז אין ענגלישער אָגער, וואָס האָט פאַרצייטנס, דורכפאָרנדיק דורך דעם לאַנד כנען, חתונה געהאַט מיט אַן אראַבישער שקאַפּע. דעם אנדערנס באָבע וואַקסט פון א באַרימטער משפּחה, וואָס האָט אין לעבן גענוג פּולווער געשמעקט, און יענעמס עלטער־באָבע האָט געגאָסן א גוטע דערציאונג, אָן עדוקאַציע, ערגעץ אין א באַרימטן זאַוואָד, איז געוועזן א מלומדת און האָט אין איר צייט געגעבן קאָנצערט אין טאַנצן און שפּרינגען איינײנעם מיט נאָך א סך געבילדעטע, געלערנטע פערד. דען איר מוזט וויסן, אַז ביי פערד שפּילט יחוס א גרויסע ראָלע, ביי זיי קוקט מען שטאַרק אויף איידל בלוט, און די וואָס פון א גוטן זאַוואָד הייסן איידל אָדער וואוילגעבאָרענע. די דאָזיקע איידעלע פערד האָבן זיך געפּיטערט פראַנק אין פריי, זענען אויך געגאַנגען אין שאָדן, קאַליע געמאַכט די תבואות, וועלכע אָרעמע פּויערן

האָבן געזייט מיט שוויס נעבעך, און מען האָט זיך נישט ווִיסנדיק געמאַכט, זיי נישט געזאָגט קיין אומתרבות־וואָרט. די פערד האָבן געשפּרונגען, געהירזשעט, געדריגעט מיט די פֿיס. זייער כח, זייער שטאַרקייט און זייער ווילדקייט איז געווען שלא כדרך הטבע!

און ווי איך ליג מיר דאָ אַזוי שטאַרק אויפגעבראַכט, הער איך פון דערווייטנס אַ שרעקלעך געשריי, אַ רעש פון מענטשן און בילן פון הינט. איך האָב תחילת געמיינט, דאָס האָבן די פויערן זיך צונויפגענומען און לויפן מיט אַ געשריי, ארויסצוטרייבן די פאַנסקע צאַפּעס, די פערד פון זייערע תבואות; נאָר אָבער ניין. די קולות האָבן זיך אַלץ דערווייטערט און זיך פאַרטראָגן גאָר אין אַן אַנדער זייט. שטיי איך מיר אויף, גיי אויף טשיקאַוועס נאָכן קול, ביז איך קום צו אַ גאַנץ גרויסן פלאַץ פאַרוואַקסן מיט גראָז, און דאָרט שטעקט זיך פאָר פאַר מיינע אויגן אַ שרעקלעכע סצענע. יינגלעך, קונדסים, יאָגן פון אַלע זייטן זיך נאָך עפּעס אַ דאַרער, אַ מאָגערער קליאַטשע, וואַרפן אויף איר שטיינער, רייצן אָן אויף איר גאַנצע טשאַטעם הינט פון אַלערליי מינים. אַ טייל הינט טוען נישט מער ווי בילן. קריצן מיט די ציין, אַ טייל פאַלן אָן און בייסן ווי נאָר זיי קענען. איך האָב נישט געקענט שטיין און צוזען שווייגנדיק אַזאַ מעשה־רע פונדערווייטנס. איינמאָל איז דאָך גלאַט אַ רחמנות, די מענטשלעבקייט דערלאָזט נישט צוצוזען אַזאַ אכזריות. און, צווייטנס, אוועקגענומען שוין רחמנות, האָט דאָך די שקאַפּע אויף מיר טאַקע אַ גרויס רעכט געהאַט, איך זאָל איר העלפן, מחמת איך בין איינגעקויפט אין דער חברה „צער בעלי־חיים”, וואָס איר איז נישט ניחא, מען זאָל פייניקן, אָנטאָן לייד לעבעדיקע באַשעפענישן, וואָרים זיי זענען אויך בשר ודם, פלייש און בלוט, און האָבן אויך דאָס רעכט צו לעבן אויף גאָטס וועלט ווי מיר. איך וויל מיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין דעם אַלטן און זייער טיפן שמועס מכּח דעם מענטשן און די בהמות, לאָז זיך זיין כאָטש ווי יענע זאָגן, אַז איך, מענטש, בין דער תכלית, דער צימעס, דער אַנטיק פון אַלע באַשעפעניש; נאָר צוליב מיר, תכשיט, צוליב מיין באַדערפעניש און מיין פאַרגעניגן לעבן זיי אַלע אויף דער וועלט; לאָז זיין כאָטש, אַז איך, תכשיט, בין דער מלך, דער אויבערהאַר איבער אַלע בהמות, וואָס מוזן מיר דינען, וואָס מוזן גיין אין יאָך און מקריב זיין פאַר מיר זייער לעבן — פונדעסטוועגן דאַכט זיך מיר, ווי באַלד אפילו די קליאַטשע, אַזאַ פּראָסטע פּאַדאַנע, האָט אויף מיר עפּעס אַ רעכט, מוז איך על פּי דין, ווען נישט על פּי מענטשלעבקייט, אָקעגן איר יוצא זיין...

— קונדסים! — זאָג איך, צוגייענדיק צו די שוואַרצע חברה, — וואָס האָט איר, איך בעט אייך, צו דער שקאַפּע, נעבעך?

א טייל פון די קונדסים האָבן מיך גאָרנישט געהערט, אַנ־דערע האָבן יאָ עפּעס ווי געהערט און געלאַכט מיט עזות. א טייל הינט האָבן מיך עפּעס פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, עטלעבע האָבן געבילט פונעדרווייטנס, נאָר עטלעכע האָבן אויסגעשטשי־רעט די אויגן, געקוקט שרעקלעך בייז, זענען געווען גרייט אָנ־צופאַלן אויף מיר פון הינטן און צערייסן מיך אויף שטיקער.

— קונדסים! — רוף איך מיך נאָך א מאָל אָן, — וואָס יאָגט איר און פייניקט גאָטס באַשעפעניש, די קליאַטשע, נעבעך?

— א שיינער נעבעך! האָבן זיי מיט געשפּעט געענטפערט,

— פאַר וואָס פּיטערט זי זיך דאָ? פאַר וואָס פּיטערט זי זיך די שיינע קליאַטשע דאָ?

— סטייטש! טו איך א זאָג. — דאָ איז דאָך א פּאַשע, דאָ פּיטערן זיך דאָך אַלע שטאָט־בהמות פון אייביקע יאָרן!

— די שטאָט־בהמות, — האָבן זיי געענטפערט, — זענען עפּעס אַנדערש, זיי מעגן און זי טאָר נישט.

— פאַרוואָס זי נישט? רוף איך מיך אָן. — זי האָט דען נישט קיין נשמה ווי אַלע שטאָט־בהמות?

— אפשר טאַקע נישט! האָבן זיי א זאָג געטאָן.

— שקצים! — זאָג איך צו זיי. — אָבער זי האָט דאָך זיכער א באַלעבאָס, וואָס צאָלט אין דער שטאָט צינז און אַלע אַנדערע אָפּגאַבן. זי איז דאָך אויך א שטאָט־בהמה!

אָט דאָס טאַקע ווייסן מיר נישט! — ענטפערן זיי מיט א געשפּעט. — אויב זי איז אויך א שטאָט־בהמה, דאָס איז ערשט א שאלה.

עס מעג זיין, ווי עס וויל זיך, — האָב איך געזאָגט, — אָבער די קליאַטשע איז דאָך דערווייל הונגעריק, זי וויל דאָך, נעבעך, עסן!

— לאָז זי עסן ווערים, קרענק, מכות, — זאָגן זיי צוריק.

— וואָס האָט זי צו אונדז? פאַר וואָס זאָל אַזעלכע אויפעסן און צונעמען ביי די שטאָט בהמות?

— גזלנים! האָב איך שוין מער נישט געקענט מיך איינ־האַלטן און א געשריי געטאָן מיט כעס. — פאַר וואָס קוקט איר נישט, וואָס דאָרט גייען אַרום פּאַנסקי צאַפּעס, גאַנצע טאַ־בונעס פערד צווישן די תבואות און פרעסן־אויף אָרעם־בלוט, אָרעם־שווייס, נעבעך? דאָ פאַרגינט איר נישט א בידנער שקאַפּע א הויפן גראָז און עס אַרט אייך כלל נישט, אז דאָרט טוען פערד אָן א ים היזקות און מאַכן אומגליקלעך פיל מענ־טשן. דאָס נאָר אליין, וואָס זיי צעטרעטן, וואָס זיי מאַכן קאַ־

ליע גלאַט אַזוי, וואָלט געגוג געווען דער קליאַטשע ביז קינדס־קינדס־קינדער! קונדסים, איר האָט נישט קיין יושר אַפילו אויף אַ האָר, איר זייט קיינעם נישט געטריי, נאָר זיך אַליין, און איר האָט נאָך די העזה זיך אַרויסצושטעלן כּלו־מרשט פאַר די שטאָט־בהמות!

— הע, הע! — האָבן די קונדסים זיך אָנגערופן. — ער איז גאָר אין כּעס, ער פרעגט גאָר עפּעס קשיות! קומט, חברה! וואָס טויג אונדז דאָ די טענות? לאָז ער זיך שרייען. ווער הערט אים? קומט, חברה, קומט!

איין קונדס האָט אַ פייף געטאָן און באַלד האָבן די שוואַרצע חברה מיט זייערע הינט זיך געלאָזט נאָך דער קליאַטשע און זענען אויף איר ווידער אָנגעפאַלן. אַ לאַנגע צייט האָט מען זי געטריבן, געריסן און געביסן, ביז מען האָט זי צום סוף פאַר־טריבן אין אַ טיפער גרוב.

## דאָס דריטע קאַפּיטל

# „ברוך משנה הבריות"

דער אָוונט איז געווען זייער אַ שיינער, אַ שטילער, דער הימל לויטער אויסגעשטערנט און גאַנץ נידעריק, וואו ער לאָזט זיך אַראָפּ, איז אַזוי ווי פון דער ערד אויפגעגאַנגען די לבנה רויט ווי בלוט. די שטאָט־טשערעדע האָט שוין לאַנג אָפּגעגעסן די צעברעס, איר געוויינטלעכע וועטשערע, און געשלאָפן רואיק אויף איר געלעגער, אין די שטאַלן, נאָך דעם אַז מען האָט זי פריער גוט, ווי דער שטייגער איז, אויסגעמאָלקן. איך האָב באַ־קומען אַ בינטל פריש היי, אָפּצוטראָגן עס דער אומגליקלעכער שקאַפּע אין גרוב אריין. אַזוי ווי אַן ערלעכער מאַן פון דער חברה „צער בעלי־חיים" באַדאַרף צו טאָן. די קליאַטשע, נעבעך, איז געלעגן שטאַרק מיד אין דער בלאָטע. ווען זי זאָל נישט געווען מאַכן מיט די זייטן און סאָפּען, וואָלט מען זיכער גע־מיינט, דאָ ליגט אַ נבלה, אַזוי דאַר, אַזוי מאָגער איז זי געווען, נאָר הויט און ביין.

— שאָק, שאָק, שאָק! — האָב איך נעזאָגט אויף פערדיש, צוגייענדיק צו דער קליאַטשע, איר אַ גלעט געגעבן דעם האַלדז און אַנידערגעלייגט דאָס בינטל היי.

די קליאַטשע הויבט אויף דעם קאָפּ, שטעלט אויף מיר אויס אַ פּאָר אויגן און קוקט מיך פאַרוואונדערט אָן. סטייטש, אַזאַ

מענטש ווי איך זאָל אָנטאָן כבוד א ווייסטער קליאטשע און איר ביי דער נאכט מאכן א וויזיט אין דער בלאָטע!

— שאָק, שאָק, שאָק! — מאַך איך איר אויף פערדיש, דאָס הייסט: גוטן אָוונט, קליאטשע!... שאָק, שאָק, שאָק! נאַ־דיר וועטשערע, נא היי, אויב דיר איז נאָך איבערגעבליבן א צאָן אין מויל. שאָק, שאָק, שאָק! כ'לעבן א גאָטס רחמנות, נעבעך, אויף דיר; שאָק, שאָק! — מאַך איך, א גלעט־געבנדיק זי פאר גרויס רחמנות און רוק איר אונטער דאָס בינטל היי הארט אונטער דער נאָז.

— ברוך הבא! — לאָזט זיך הערן פּלוצים עפּעס א פּאר־דומפּן קול.

איך בין טויט געבליבן, הערנדיק דעם ברוך הבא. פון וואנען, וואונדער איך מיך, האָט עס פּלוצים זיך גענומען? ווער זאָל עס רעדן? אז לעבן מיר און ווייט ארום און ארום איז נישטאָ אפילו קיין זכר פון א מענטשן!

— שרעק זיך נישט, יונגערמאן! — לאָזט דאָס קול זיך ווידער הערן, — שרעק זיך נישט. איך, קליאטשע, רעד צו דיר.

— קליאטשע! — טו איך א געשריי נישט מיט מיין קול און א הייסער שטראָם לויפט מיר ווי מוראשקעס איבער מיינע גלידער, צעקאָכנדיק מיר שטארק דאָס בלוט. איך פיל עפּעס ווי א גריל גרילצט מיר אין קאָפּ. דאָס איז אפנים, די גוטע קליאטשע, טראכט איך מיר, און באלד האָב איך מיך טאקע דערמאָנט, אז היינט איז מיטוואָך ביי דער נאכט. די רעכטע צייט פאר די לצים.

— טראכט גאָר נישט איבער, — לאָזט זיך ווייטער הערן דאָס קול.— פשוט איז פשוט, איך, קליאטשע, רעד צו דיר.

— סטייטש! ווי רעדט עס א קליאטשע?! — מאַך איך שטארק פארוואונדערט.

— דאָס איז גאָר נישט אזא וואונדער, — ענטפערט זי. — אזעלכע מעשיות האָבן שוין זיך געטראָפן. אין די באשריבענע היסטאָריעס געפינט מען א סך רעדעס און דרשות, וואָס פערד האָבן געהאלטן, פון בלעמס אייזל אָן ביז אצינד.

— הא, אפשר איז טאקע אזוי? — זאָג איך איר, קראצנ־דיק זיך א ווײַלע, און דערמאן מיך אין יענע מעשיות, וואָס איך האָב געלערנט צו דעם עקזאמען. — יאָ, טאקע גאנץ רעכט, פערד בעלי־דברנס ווייס איך, אָבער א קליאטשע?

— וואָס מאכט עס אויס, אז א קליאטשע? אדרבה, ווען עס טרעפט זיך שוין, רעדט טאקע געוויינלעך נאָר א קליאטשע. בלעמס אייזל איז אויך געווען א קליאטשע. נאָר פונדעסטוועגן זיי רואיק, מיט דיך רעד נישט קיין קליאטשע.

— וואָס הייסט עס!? — פריער איז קליאטשע, דערנאָך

נישט קליאטשע! — מאַך איך פאַרוואונדערט, איינבויגנדיק זיך די זאַך בעסער צו באַטראַכטן. — נישט אַנדערש דו ביסט...
— אַ ליגן, ווילסט דו זאָגן, — פאַלט זי מיר אַריין אין די רייד. — ניין, ניין, מיין פריינט, דו האָסט אַ טעות. איך בין נישט קיין ליגן, זאָג איך איר, אויך נישט קיין קליאַטשע. מיין פּנים, מיין געשטאַלט איז פון אַ קליאַטשע, אָבער באמת בין איך גאָר עפּעס אַנדערש. ווען דו זאָלסט וויסן, וואָס מיט מיר אין דער וועלט האָט זיך פּאַסירט, וואָלסט דו מיך פאַרשטאַנען און אויפגעהערט זיך צו וואונדערן.
און באַלד טאַקע געגעבן אַ קוק אויף מיר מיט אַ פּאָר אויגן, וועלכע דריקן אויס ליידן, מידקייט אינאיינעם מיט אַ געבעט און גוטקייט אָן אַן עק. עפּעס טאַקע נאָר אויגן פון אַ שלאָפן, אומגליקלעכן, אומזיסט באַליידיקטן, גע־קרענקטן מענטשן, וואָס קוקט אויף איטלעכן שווייגנדיק שטיל, און איטלעכער קוק זיינער דערציילט זיינע אינעווייניקסטע ווייטיקן; איטלעכער בליק רעדט, שרייט געוואַלד, בעט רחמים און רייסט אויס אַ שטיק האַרץ. איך קוק און קוק — וואָס קליאַ־טשע, ווען קליאַטשע! פאַר מיר איז עפּעס גאָר ווי אַ מענטשלעך פּנים. ווי, וואָס, פון וואַנען פּלוצים אַ מענטש, עפּעס אַזאַ פאַר־זעעניש?... און ווי איך קוק אָן פאַרגאַפּט דעם מין באַשעפעניש, שטרעקט עס אויס פון אונטן דאַרט זיך אַ האַנט, און אָננע־מענדיק זי פון איידלקייט וועגן, פיל איך: ערשט איך האַלט גאָר אַ קאָפּיטע.
„ברוך משנה הבריות" — כאַפּט זיך מיר אַרויס ניש־ווילנדיק פון מויל די געוויסע ברכה. און דערביי טאַקע קומט מיר אַ גערויש צו די אויערן, עפּעס ווי אַ ביטער געשריי, ווי אַ מאַמע באַוויינט איר קינד, און ווי אַ כאַפּעניש, אַ טומלעניש פון משרתים ביי אַ קראַנקן. דאַכט זיך אַ ציעניש, אַ וואַרפּע־ניש, אַ גיסעניש אויף מיר קאַלט וואַסער. קאַלט — עס ציטערן מיר די גלידער. איך טוליע מיך איין צורוקנדיק זיך צו דער קליאַטשע און צו וואַרעמען זיך לעבן איר.
— שוין לאַנג ביסט דו עפּעס אַזוי משונה?
— אָ, לאַנג ווי דער גלות! — ענטפערט זי מיר מיט אַ זיפץ.
— ווי אַזוי איז עס דיר געשען? — זאָג איך, צורוקנדיק זיך נאָך מער צו איר. דאָס מין באַשעפעניש שטעלט אויס אויף מיר אַ פּאָר אויגן, אָנקוקנדיק מיך ווי אַ פאַריקטן. דערנאָך האָט זי אָנגענומען אַן ערנסט פּנים און אָנגעהויבן טרויעריק צו רעדן מיט די ווערטער:
— דער וואָס האָט כאָטש אַריינגעקוקט אין די ספרים, אָדער געהערט פון עלטערע דערציילן, דער דאַזיקער ווייסט, אַז מענ־

טשן זאָלן אָננעמען די געשטאַלט פון אַלערליי חיות און בהמות, שרצים ורמשים, נאָך ביים לעבן, אָדער אין זיי מגולגל צו ווערן נאָך דעם טויט — דאָס איז איינס פון די געוויינטלעכע זאַכן. פאַרצייטנס האָבן אַזעלכע זאַכן זייער אָפט זיך געטראָפן, און עס טרעפט זיך נאָך אַמאָל אפילו אין אונדזער צייט אויך. גרויסע געלערנטע, דערונטער אויך גייסטלעכע, באַשטעטיקן אַזוינס מיטן מויל און מיט דער פען. מיר געפינען אין די היסטאָריע־ביכער, אַז סעמיראַמידע, די קעניגין פון בבל, האָט אויף דער עלטער אָנגענומען די געשטאַלטע פון אַ טויב. דניאל האָט בנבואה געזען די פיר קיסריות און די געשטאַלטן פון לייבן, לעמפּערטן, בערן, און ער דערציילט, ווי נבוכדנצר מלך בבל איז לסוף ימיו געוואָרן אַ בער. ווער שמועסט ביי די גריכן — זענען אַזעלכע געווען זייער געוויינטלעך. זייער גאָט צעאוס, וואָס ער איז געווען, מחילה, שטאַרק געכאַפּט אין דער מעשה, האָט אַמאָל זיך פאַרשטעלט פאַר אַן אָקס, די בת־מלכה, יאָה, דעם קעניג אינאַכוסעס אַ טאָכטער, האָט ער פאַרשטעלט אין אַ קו, און אַזוי, אין דער געשטאַלט פון אַ קו, האָט זי זיך, נעבעך, אַרומגעשלעפּט אַ לאַנגע צייט אין דער וועלט. אין זייער לאַנד האָבן זיך אויך געפונען מיני באַשעפעניש, האַלב בהמה און האַלב מענטש, וואָס האָבן געהייסן צענטאַוורען. איין צענטאַווער, מיט דעם נאָמען כירוֹן, האַלב־פערד און האַלב־מענטש, מיט באָרד און פאות און אויף דעם קאָפּ אַ ספּאָדיק, איז געווען דעם פרינץ טעזייאוס מלמד. עס פאַרשטייט זיך, וואָס פאַר אַ פאָלק, אַזאַ מלמד: זענען מענטשן ווילד, איז ביי זיי אויך אַ ווילדער מלמד... און וויפיל אַלטע ווייבער און יונגפרויען אָן אַ צאָל האָבן געלערנטע אין אייראָפּע און גאָטספאָרכטיקע לייט געזען זיי פאַרשטעלנדיק זיך אין געשטאַלטן פון פרעש, דראַקאָנעס, און פון אַנדערע גיפטיקע שרצים, אויך רייטנדיק אויף לאָפּעטעס, אויף בעזעמער אין דער לופטן. און די זאַך איז דערנאָך באַשטעטיקט געוואָרן באותות ומופתים. פאַר די טאַשנשפּילער, פאַר די שוואַרצע־קונצן־מאַכער און פאַר די וואָס קענען פאַרבלענדן יענעם די אויגן איז דאָס אַביסל אַ לעבן געווען דעמסטמאָל! זיי האָבן געפירט אַ וועלט און אָנגעטאָן מעשים, וואָס אַ שרעק צו הערן! אַ סך מענטשן, אַ סך פרינצן און פרינצעסינס זענען דורך זיי געוואָרן ווילדע בהמות נעבעך... לייענט אין די ביכלעך, אין די געשריבענע מעשיות פון איטלעכס פאָלק, וועט איר זען, אַז נישט איין פרינץ, נישט איין מלך איז דורך זיי איבערגעקערט געוואָרן אין אַ צאַפּ, אין אַ פערד, אָדער אין אַן אָקס וכדומה אין אַזעלכע מיני בהמות; נישט איין פרינצעסין, נישט איין בת־מלכה איז דורך זיי געוואָרן אַ קו, אַ קעלבל, אַ

ציג, נעבעך; נישט איין פריץ, נישט איין גראף איז דורך זיי געוואָרן א הונט, א וואָלף, א בער, וואָס האָט געריסן, געוואָרגן מענטשן, געזויגן זייער בלוט, און ביי זיי ארויסגענומען דעם מארך פון די ביינער. יאָ, גאנצע דערפער, גאנצע שטעט זענען, נעבעך, דורך זיי איבערגעקערט געוואָרן אין טשערעדעס שאָף און האָבן געליטן זייער פיל צרות. שרעקלעכע יסורים און עינויים קשים... אָט וואָס אויף דער וועלט האָט פאסירט, אָט וואָס דער כח פון פארבלענדעניש, פון כישוף און פון פאָרען זיך מיט רוחות האָט אָנגעמאכט!

— בידנע אומגליקלעכע מענטשן!

די דאָזיקע ווערטער זענען געגאנגען פארדומפּן עפּעס ווי פון א פוסטער פאס. און עס האָט עפּעס אויסגעזען נישט ווי א לשון מיט די ליפּן, נישט די קליאטשע רעדט עס, נאָר א רוח רעדט אוים איר. דאָס האָט אויפגערירט דעם מח, געריישט, געזשומעט, ווי עס וואָלט זיך אויף אים געגאָסן פון א רינע א שטארקער שטראָם קאלטע וואסער. די קליאטשע קוקט מיך אָן און עס לאָזט זיך ווייטער הערן דאָס געשפּרעך פון איר.

— „אין יענער צייט איז אמאָל געווען א פּרינץ, א בן־מלך, זייער א פיינער, א קלוגער, א געראָטענער מיט אלע מעלות, גאָר אן אנטיק. דער דאָזיקער בן־מלך האָט אין דער יוגנט געוואנדרעוועט, געמאכט רייזעס, בכדי צו דערקענען די וועלט. און אומעטום וואוהין ער איז געקומען, האָט מיט אים די וועלט געקלונגען. איין קעניג פון מצרים, דעם בארימטן לאנד פון ציגיינער און פון טאשנשפּילער, איז שטארק אין כעס געוואָרן אויף דעם דאָזיקן פּרינץ, וואָס איז געקומען צו אים צו־גאסט. פאר גרוים שרעק, דער פּרינץ זאָל שפּעטער מיט אים זיך נישט אָפּרעכענען און ארויסטרייבן אים פון זיין אייגן לאנד, האָט ער פארבעטן צו זיך זיינע גרויסע כישוף־מאכער און צו זיי אזוי געזאָגט: הבה נתחכמה לו! דאָס טייטש: לאָמיר, ברידער, צו דעם פּרינץ זיך קליגן און אים אָפּטאָן עפּעס אויף טערקיש. די מכשפים האָבן מיט זייער כי־שוף פארשטעלט דעם פּרינץ אין א קליאטשע, און מיט איר, נעבעך, געארבעט עבודת־פּרך!

„די קליאטשע, נעבעך, פלעגט פירן ציגל און ליים גאנצע בערג און דערמיט אויסגעמויערט פּיתום מיט רעמסס. זייער פיל יאָרן האָבן די ציגיינער זי געפּייניקט, איר פאראומערט דאָס לעבן, ביז גאָט האָט אויף איר זיך דערבארעמט. עס איז געקומען א גרויסער. א בארימטער מענטש, א בעל־שם, וואָס האָט חוזק געמאכט פון אלע ציגיינער מיט זייער כישוף און גרעסערע קונצן פון זייערע באוויזן מיט דעם הייליקן „שם־המפורש". ער האָט געזאָגט א שפּרוך, איז פון דער קליאטשע

ווידער א פרינץ געוואָרן! כל־זמן יענער גרויסער בעל־שם און זיינע וואונדערלעכע תּלמידים, וואָס נאָך אים, האָבן געלעבט, האָט דער פּרינץ א פּנים געהאַט ווי א מענטש, און געלעבט אין עושר, אין כּבוד, ביי זיך אין לאַנד. נאָכדעם אָבער, אַז זיי אַלע זענען אויסגעשטאָרבן, האָבן שונאים דעם פּרינץ ווי־דער פאַרוואָרפן אין א קליאַטשע, און אין דער געשטאַלט טרייבט מען אים, נעבעך, אַרום שוין א גוזמא יאָרן פון איין אָרט צום אַנדערן. דעם אומגליקלעכן פּרינץ פּאַסט זיך טאַקע גאַנץ גלייך דער נאָמען: „די אייביקע קליאַטשע". אייביק שלעפּט זיך די קליאַטשע אַרום און גייט אויס, וואו די וועלט האָט אַן עק. ווער עס האָט גאָט אין האַרצן, זעצט זיך אויף איר רייטנדיק; ווער אין גאָט גלויבט, גיט איר א קלאַפּ, א זעץ; איטלעכער לייגט אויף איר אַנידער זיין פּעקל, זיין קלור־מעק. אייביק גייט זי אין יאָך, שלעפּט, שלעפּט, נעבעך, ציגל און ליים מיט פּיל מי, מיט בלוט און טיט שווייס, וואָס דער־פון האָט מען שוין אויסגעבויט גאַנצע שטעט!..."

אין יענער צייט, אַז דער קאָפּ מיינער איז פול געווען מיט וואונדערלעכע מעשיות פון מכשפים און צויבערער; אין יע־נער צייט, וואָס חוץ מעשה־ביכלעך, ווי אַשטיינגער, „טויזנט און איין נאַכט", „צענטוריע־וועגטוריע", „בבא־מעשה" וכדומה, וועלכע איך האָב געשמאַק געלייענט אין דער יוגנט, האָב איך גאָר אויף דאָס־ניי ווי די האָלעשקעס איינגעשלונגען נאָך אַנ־דערע מיני מעשיות; אין יענער צייט, אַז מיין האַרץ איז גע־ווען הייס, מיין בלוט אָקרעפּ און מיין כּח־הדמיון פלאַם־פייער, אַז מיינע געפילן זענען געווען פולוועך, זיך אָנגעצונדן און אויסגעשאָסן פון א מינדסטן רייב, מיינע אויגן קוואַלן, וואַ־רעמבעדער, איטלעכער, וואָס האָט עפּעס געליטן, האָט אין זיי פאַר זיך געפונען וואַרעמע, הייסע טרערן, — אָט אין יענער צייט האָט מיך די מעשה מיט דעם אומגליקלעכן פּרינץ שטאַרק גערירט. איך בין געוואָרן גאָר צעקאָכט.

-- זאָג מיר, איך בעט דיך! — האָב איך זיך אָנגערופן.

— זאָג מיר, וואו איז ער איצט? וואו געפינט זיך איצינד דער שלים־מזלדיקער, דער אומגליקלעכער פּרינץ?

— דער פּרינץ, דער שלים־מזלדיקער פּרינץ ליגט איצט פאַר דיר אין דער געשטאַלט, מיט דעם פּנים פון א קליאַטשע!

איך האָב געזיפצט, געוויינט און אָפּגענאָסן מיט הייסע בלוטיקע טרערן מיין וויסטע, אומגליקלעכע קליאַטשע.

## דאָס פערטע קאַפּיטל

# ישראליק טענהט זיך אויס מיט דער קליאַטשע

אַז איך בין אַביסל צו זיך געקומען און אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זע איך — די לבנה שיינט און קוקט אַראָפּ מיט אירע זילבערנע שטראַלן אין גרוב אַריין און די קליאַטשע מיינע קוים היי גאַנץ רואיק, קאַלטבלוטיק, אָן אַ פּיצל זאָרג, טאַקע גאָר אַזוי ווי אַ געבוירענע, אמתע קליאַטשע. אין מיין האַרץ האָבן געקאָכט פאַרשיידענע געפילן. באַלד האָב איך געפילט, ווי דאָס לעבן עקט זיך מיר פּשוט פאַר גרויס רחמנות אויף דער וויסטער, אומגליקלעכער קליאַטשע, און באַלד ווידער האָב איך געהאַט אויף איר פאַרדראָס, — סטייטש, ווי אַזוי ליגט זי אין דער בלאָטע אַזוי רואיק, קאַלטבלוטיק, גלייך ווי זי פילט נישט, פאַרשטייט נישט איר ביטערע לאַגע! ווי אַזוי עפנט זיך איר דאָס מויל צו קייען היי נאָך אַזאַ שרעקלעכער סצענע און נאָך אַזעלכע קלעפּ, וואָס זי האָט ערשט היינט גע־כאַפּט! איך האָב אָנגעהויבן ביי מיר צו טראַכטן, אויב די גאַנצע מעשה איז נישט אַ חלום; אויב איך האָב נישט צו טאָן גאָר מיט אַ פּשוטער שקאַפּע, וואָס האָט אין זיך נישט אפילו קיין אָדער פון אַ פּרינץ; וואָס האָט נישט קיין שום געפיל פון כבוד, פון האָנער, און איז, משטיינס־געזאָגט, נישט אימשטאַנד צו פילן אירע אייגענע צרות, די גרויסע חרפּות און בזיונות. וואָרים ווען זי זאָל נאָר האָבן כאָטש אַ פּיצל געפיל, כאָטש אַ פּיצל פאַרשטאַנד, וואָלט זי בשום־אופן נישט געקענט ליגן אויף איר אָרט אַזוי רואיק. עס האָט אין איר באַדאַרפט קאָכן דאָס בלוט ווי אין אַ קעסל; עס האָט אין איר באַדאַרפט זיך באַוועגן איטלעכס גליד, איטלעכער אָדער; זי האָט באַדאַרפט טראַכטן, אין זינען האָבן, אַז עס איז נישט גוט צו בלייבן אין דער וועלט די אייביקע קליאַטשע, נישט גוט צו ליידן פון אַ ליאַדען קונדס, פון אַ ליאַדע הינטל, און באַ־דאַרפט זיך שטרעקן אין דער לענג אין דער ברייט, צו טאָן אַלע מיטל, ווידער צו באַקומען אַ פּנים פון אַ מענטשן. איך האָב מיך געשעמט פּשוט פאַר זיך אַליין. נישט אַנדערש, איך בין משוגע! וואָס האָב איך געטאָן? פאַר וועמען האָב איך ערשט אַזוי געזיפצט, געוויינט? פאַר וועמען האָב איך פאַרגאָסן בלוטיקע טרערן? פאַר וועמען בין איך ערשט באַרייט געווען זיך אוועקצולייגן, מקריב צו זיין מיינע טעג, מיינע יאָרן, מיין גאַנץ לעבן? פאַר וועמען? פאַר אַ קליאַטשע! פאַר אַ יאַדישלעוווער, אָפּגעבאַרעטער שקאַפּע!... איך האָב מיך אַרומ־

געקוקט אין אַלע זייטן און מיט אַ צעבראָכן האַרץ זיך אָוועק־געזעצט אַביסל ווייטער. —

די קליאַטשע האָט פּלוצים אַ זיפץ געטאָן. איר זיפץ האָט מיר אין האַרצן זיך אָפּגערופן ווי אַ דונער. איך בין פאַרצי־טערט געוואָרן. פייערדיקע געפילן פון רחמנות האָבן ווידער אָנגעצונדן מיין בלוט. איין זיפץ אירער האָט אין מיר אָנגע־מאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש, און מיך ווידער שטאַרק גע־צווּנגען צו איר ווי אַ מאַגנעט. אָט אַזוי, האָב איך געטראַכט, איז טאַקע גוט. זיפץ, זיפץ, קליאַטשע! דאָס איז אַ גוטער סימן, פון דעם זיפצן זעט מען אַרויס דעם אומגליקלעכן פּרינץ, ווי ער רייסט זיך מיט אַלע קרעפטן צו באַקומען אַ מענטשלעך פּנים. אין דעם זיפצן הערט זיך זיין קול, ווי ער שרייט: איך לעב נאָך און פיל נאָך אַלצדינג, ווי אַלע מענטשן! עס הערט זיך, ווי ער שרייט און בעט רחמים: גוואַלד, מענטשן, דער־באַרעמט זיך, לאָזט מיך צוריק אָננעמען מיין געשטאַלט! — זיפץ, קליאַטשע, זיפץ! דאָס זיפצן קען עפּעס אָנמאַכן, עס קען אַמאָל רירן, צעבײַבן הערצער, עס קען אַמאָל אַריינגיין מענטשן אין די אויערן, זיי וועלן אַזש אָנהויבן צו ציטערן, וועלן רחמנות האָבן און דיר העלפן. אָט אַזוי, קליאַטשע, אַז דו זיפצסט, איז טאַקע גוט!

און ווי איך טראַכט אַזוי, גיב איך אַ בליק: לעבן מיין קליאַטשע איז נישטאָ קיין לעק היי, זי האָט עס אינגאַנצן אויפגעגעסן, נישט איבערגעלאָזט, איר זאָלט זאָגן, אַפילו אַ בלעטל. אַ־אַ־אַ! האָב איך ביי מיר געטראַכט, אָט וואָס איר זיפץ באַטייט! זי זיפצט פּשוט, וואָס עס דערגייט איר נישט די סיטשקע, וואָס זי האָט נישט נאָך אַ בינטל היי, נאָך אַ הויפן גראָז, ווען זי זאָל באַקומען אַ סך היי, אַ סך גראָז, דערצו נאָך עטלעכע מעסטלעך האָבער, וואָלט זי געווען צו־פרידן, גאָר איבערגליקלעך. עס מעג שוין זיין ווי עס וויל זיך, אַבי אַ סך האָבער, אַבי די קישקע. אַ ריינע, עכטע קליאַטשע, כ׳לעבן!... דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיך גאָר צעשרויפט. פאַר פאַרדראָס האָב איך געציטערט און געווען שטאַרק צערו־דערט.

— וואָס ציטערסטו אַזוי? —רייסט זיך פון דער קליאַטשע אַרויס אַ וואָרט צו מיר. — אפשר איז דיר דאָ ענג דאָס אָרט, אפּנים, נישט גוט צו זיצן דאָ לעבן מיר?

— דיר איז אפשר דאָ גוט, אָבער אַ מענטשן מיט פאַר־שטאַנד, מיט געפיל, און ווייסט וואָס גוט איז, איז אַזאַ אָרט שלעכט, זייער שלעכט! — זאָג איך אַביסל מיט פאַרדראָס, וועלנדיק איר אַ פּיק טאָן מיט אַ שטעך־ווערטל.

— אוודאי איז דיר גוט צו רעדן! — האָט זי זיך אָנגע־

רופן און א מאך געגעבן מיט דעם קאָפּ. און אנדערער זאָל ווי איך פארשטעלט ווערן אין א קליאטשע אזוי פיל יאָר, און אנ־דערער זאָל ווי איך אזוי פיל אויסשטיין, זיין פארוואָגלט, דערהרגעט, דערשלאָגן, אזוי פיל איבערטראָגן צרות און לייד פון איטלעכן באזונדער, וואָלט ער, כ׳לעבן, שוין לאנג פאר־לוירן זיין פארשטאנד, זיין געפיל. עס וואָלט אים אינגאנצן דאָס לשון אָפּגענומען און ער וואָלט געווען א ריינע אמתע בהמה.

— נו, נו, — בין איך איר ארייננעפאלן אין די רייד, — דיר איז ליב די בלאָטע. דיר איז דאָ גוט?

זי צו מיר: — דאכט זיך גוט. אלץ בעסער ווי פריער. עס זענען געווען צייטן, וואָס מען האָט מיך נאָר געטריבן און נישט געלאָזט אויסרוען מיך אפילו קיין רגע. מיינע שונאים פלעגן מיך אלץ טרייבן און צונעמען ביי מיר דעם לעצטן כח. איצט, וויניקסטנס, רו איך דאָ אביסל, אויף דער בלאָטע איז מיר ווייך צו ליגן און איך גלייך כאָטש אביסל אוים מיינע אלטע קראנקע ביינער.

איך צו איר: —און די קלעפּ, וואָס דו האָסט ערשט היינט געכאפּט פון די קונדסים, און די הינט, וואָס זענען ערשט נישט לאנג אויף דיר אָנגעפאלן, האָסט דו שוין פארגעסן? אפשר איז דאָס ביי דיר אויך גוט?

זי צו מיר: — אלץ בעסער ווי פריער. אויך מיר הינט! הינט האָסט דו באדארפט זען, וועלכע די לצים, די דייטשלעך, האָבן אמאָל אויף מיר אָנגערייצט. יענע זענען געווען גרויסע, געלערנטע, האָבן געםלוזשעט, געשטאנען אויף די לאפּקעס, געדרייט מיט די וויידלען און אויסגעפּאָלגט אלצדיגג, וואָס מען האָט נאָר געהייסן, זענען צווישן די הינט געווען פשוט פראָ־פעסאָרן. שכל האָבן זיי געהאט כמעט ווי מענטשן, אָבער א הארץ און א מויל — עכט הינטישע. זייער ביס איז געווען שרעקלעך, עד היום שטייען נאָך ביי מיר צייכנס פון זייערע ציין... די הינט, וואָס דו האָסט היינט געזען, זענען פּראָסטע קעלבלעך, גראָבע קעפּ, אָן שכל; ווייסן אפילו נישט רעכט ווי אָנצופאלן, ווי צו בייסן, בילן, משטיינס געזאָגט, גלאט אבי גע־בילט, און בילן אויך אקעגן דער לבנה. מיט א שטיקל ברויט פארשטאָפּט מען זיי דאָס מויל, און דענסטמאָל קען מען פראנק און פריי גנבענען, גזלנען, ראבעווען, פאר זייערע אויגן... אויך מיר קונדסים! קונדסים זענען געווען אין יענע יאָרן, וואָס פלעגן זיך שטארק נאריש מאכן, איטלעכן פארדרייען די קעפּ און אויסטראכטן ווילדע אָנשטעלן; וואָס פלעגן זיך פארשטעלן כלומרשט פאר בערן, מאכן בו און שרעקן דעם עולם. אמת טאקע, די היינטיקע קונדסים גייט אויך גאָרנישט אָפּ, נאָר ווי

קומען זיי אָבער דאָך צו די אַלטע! אַז יענע האָבן זיך גענומען צו מיר מיט זייערע אָנשטעלן, פּלעגט מיר פּשוט נישט ניחא זיין דאָס לעבן. ווייניק, אַשטייגער, האָבן מיך געפּלאָגט אָט יענע שטאַרקע פערד, וואָס דו האָסט היינט געזען צווישן די תבואות!

— וואָס רעדסט דו? — מאַך איך שרעקלעך פּאַרוואונדערט. — וואָס הייסט עס, פערד האָבן דיך אויך געפּלאָגט, געפּייניקט? ווי קומען די פערד, די היינטיקע פערד, צו דיר?

— ווען מענטשן זאָל קענען אַריינקוקן אין איטלעכער זאַך אינעווייניק, וואָלט זיי פאַרענטפערט געוואָרן אין דעם לעבן זייער פיל קשיות. נישקשה, איך רעד צו דער זאַך. אָט די דאָזיקע פערד זענען גלגולים פון שרעקלעך־ווילדע מיאוסע קונדסים, וואָס האָבן פאַרצייטנס גענאָגט, געפּלאָגט דעם עולם, געאַרבעט מעשים און אָנגעטאָן זייער פיל שאָדן. אַליין איז איטלעכער געווען בעזדוושיע. דאָס הייסט אָן אַ זעל, און אויף אים האָבן געמוזט אַרבעטן טויזנטער זעלן; יענע פלעגן עסן דאָס דאַר שטיקל ברויט מיט דעם שווייס פון זייער פּנים, חוץ דעם זיך נאָרנישט פאַרגינען אַפילו דאָס, וואָס זיי האָבן אַליין אַרויסגעבראַכט, אויסגעהאָרעוועט מיט זייער פּראַצע, — און ער האָט זיך געבאָדן אין וואוילטאָג, אויפגעגעסן זייער מי און נאָך געשאַסטעט, פאַרשווענדט. יענע האָבן פון זיינעטוועגן איינגעלייגט די וועלט, מיט זייער אַרבעט אים פאַרשאַפט מאַיאָנטקעס, דערפער, שטעט; מיט זייער מי אים געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגן, און דאָס ביסל עסן, וואָס זיי נעבעך, פלעגן פון אים אַמאָל באַקומען, טאַקע נאָר אַבי צו דערהאַלטן די נשמה — דאָס האָט נעהייסן אַ נדבה. זיי האָבן געהייסן אָרעמע בעטלער, און ער — בעל־רחמים, אַ פרייגעביקער, אַ בעל־צדקה, אַ בעל־טובה. זיי, אַז זיי האָבן אויף אים געהאָרעוועט, איז עס געווען אַ גאַנץ געוויינטלעכע זאַך, אַזוי האָט עס באַדאַרפט טאַקע זיין, און אַז ער האָט אַמאָל געגעבן עפּעס אַ נדבה אויף הונגעריקע, אויף קראַנקע, פון זייער שווערער האָרעוואַניע טאַקע, האָט דערמיט די גאַנצע וועלט געהאַט צו טאָן, מען האָט עס באַזונגען, באַוואונדערט אין אַלע גאַזעטן און צעלייגט אויף טויזנט טעלערלעך — לאָז דער עולם וויסן, אַז ס׳איז דאָ אַ באַרעמהאַרציקער, אַ גוטער, אַ פרומער, אַ דימענטענער מענטש!...

אַמאָל זענען די דאָזיקע פערד געווען איידעלע מענטשן־לײדיקגייער, היינט זענען זיי איידעלע פערד־ליידיגייער. וואָרים לאָמיר זיך נאָר נישט נאַרן, צו וואָס טויגן איידעלע, געלערנטע פערד? אַרבעטן — אַרכעטן דאָך פערדלעך, נעבעך, די געמיינע פערד. זיי אַקערן די פעלדער, פירן וואַסער און האָלץ, שלעפּן, טראָגן משא און טוען אַלצדינג אין דער באַלעבאַטישקייט. די איידעלע

פערד אקעגן פירן זיך א גליקלעך לעבן אין שטאל לעבן היי און האָבער; פאָרן זיך אמאָל ארויס שפאצירן מיט זייער פריץ, הייבן פיסלעך, און שטאָלצירן מיט זייער פעט בייכל, מיט זייער שיינעם געשפאַן, אָדער טאנצן, מאכן אָנשטעלן אין די צירקן און נארן דערמיט ביי דעם עולם אויס דאָס געלט. צו וואָס נוצט עס באמת, אז א פערד טאנצט, מאכט הוקעס־פוקעס? פאר וואָס זאָל אזא פערד גיין אין גאָלד און מע זאָל אים, ווי גרויס עס איז, מיט געלט אָפּשיטן? לאָזן בעסער יענע פערד ארבעטן און נישט גיין אין שאָדן!

— שא, שטילער אביסל! — האָב איך צו איר געזאָגט.— דו רעדסט תמיד אזוי פיל?

— אך! — האָט די קליאטשע מיט א זיפץ געענטפערט — געוויינטלעך שוויי. איך און קען נישט רעדן אפילו קיין וואָרט. מען וויל נישט, איך זאָל רעדן, גאנץ אָפּט קען איך אפילו קיין פיפס נישט טאָן, און דענסטמאָל בין איך טאקע א קליאטשע מיט אלע פיטשעווקעס, כאָטש רעד איבער מיר פון היינט ביז איבער א יאָר, וועל איך דיך נישט הערן. דו וועסט שרייען: גיי רעכטס! און איך וועל מיר גיין לינקס, סיידן דו וועסט מיך אָננעמען ביי דער טשופרינע און שלעפן מיט גע־וואלד. דענסטמאָל קען אויף מיר רייטן ווער עס וויל, אפילו א יינגל, א שוטה, א ווייסער־חברהניק, א דראב, א טויגע־ניכטס, א לא־יוצלח! נאָר עס זענען דאָ געוויסע צייטן, וואָס מיר עפנט זיך א מויל, און אז מען ציט מיך דענסטמאָל ביי דער צונג, שיטן מיר זיך ניין מאָס רייד פון דעם מויל. איך רעד דענסטמאָל פאר פייער און פאר וואסער. עס זעצט דענסט־מאָל פון מיר ארויס מיט אימפעט, ווי פון א פייערשפייענדיקן בארג, אלצדינג וואָס מיר האָט זיך אָנגעקליבן אויפן הארצן; גאנצע וואָלקנס פארדראָס, גריזאָטע, ווייטיק און פורעניות; עס צעשפילן זיך אין מיר די געבליטן, ווי פלייצנדיקע טייכן אין וועסנע־צייט, הייבן זיך אויף מיר אין דעם קאָפּ מיט שרעקלעכע כוואליעס, רייסן דעם מוח און שטופּן זיך מיר ארויס דורך די אויגן. עס פוקעט זיך מיר די גאל, עס רעדט זיך ארויס מיין ביטער הארץ, מיין שווער געמיט!...

— זאָג מיר, נשמה, — האָב איך מיך אָנגערופן, — זאָג מיר, אז ס'איז שוין יאָ געקומען צו רייד. פאר וואָס גייסט דו אין שאָדן? ערשט היינט טאקע איז מען דערפאר אויף דיר אָנגעפאלן. ערשט היינט האָט מען געשריגן: דו מאכסט אָן שאָדן!

— באטראכט די זאך בעסער. — ענטפערט זי, — וועסט דו מיך אזוי נישט באשולדיקן. אז מען רעדט פון מיין שאָדן, מוז מען אקעגן שטעלן אויך דעם נוצן, וועלכן איך ברענג.

וואָרים מען קען אנדערש נישט ארויסגעבן א פּסק־דין, צום גוטן, אָדער צום שלעכטן, סיידן ארויפלייגנדיק דיביידע זאכן אויף די וואָגשאָלן איינע אקעגן די אנדערע, צו זען, וועלכע פון זיי וועט איבערוועגן. ווען נישט, קומט אוים, אז כמעט איטלעכער טוט אָן שאָדן; קיינער איז נישט ריין פון דעם פעלער, אפילו יענער, וואָס שרייט דערויף געוואלד. ביי דער היינטיקער פירונג אין דער גאנצער וועלט ארום און ארום, איז שאָדן אזא פעלער, אזא זינד, וואָס לאָזט זיך גאָרנישט אויסמעקן און פארענטפערט זיך נאָר מיט נאָך אזא זינד. למאי, זאָגט מען, גייט יענער אין שאָדן? — דאָס איז אזא זינד, וואָס ווי דו זאָלסט נישט שרייען, בלייבט זי טאקע אלץ; זי קען מען נאָר פירן אונטער דעם דעקטוך — פארדעקט, פארהאנגען מיט צדקה, אָדער נוצן. שמעון דער נגזל, נעבעך, שרייט: אוי. ראובן שאדט! יאָ, ענטפערט מען: ראובן מאכט טאקע אביסל קאליע, אין־ברירה, וואָס זאָל ער טאָן? דערפאר קוקט אָבער, ווי ער נוצט ערגעץ אנדערש!... און אויב איך נוץ אויך? אויב איך האָב אויך געבראכט און ברענג דער וועלט א נוצן? דאָס, דאכט זיך, וועט נישט אָפּלייקענען קיינער. פון אייביקע, אייביקע צייטן איז מען אויף מיר געריטן, איטלעכער האָט פון מיר, מער אָדער ווייניקער, גענאָסן. ווען האָב איך שוין אויף מיין רוקן נישט איבערגעטראָגן? און וועמענס שאָדן בין איך שוין אין מיין לעבן נישט אויסגעשטאַנען? איך מיין, אז מיין ארבעט איז ווערט א סך מער פון א הויפן גראָז!... דאָס, האָסט דו איינמאָל. היינט צווייטנס, פארגעס נישט, אז מיך קוועטשן די אומשטענדן, מיך צווינגט די נויט. ווען איך וועל מיר אליין נישט זוכן עסן, וועט מען מיר טאקע נישט געבן. איך וועל מוזן לייגן די ציין אויף דער פּאָליצע און שטארבן פאר הונגער. אויף דרך־ארץ קען איך נישטווארטן; כל־זמן מען לעבט, מוז מען עסן. וואָס וויל איך דען, מער ווי עסן? און וואָס, משטיינס־געזאָגט, איז אינגאנצן מיין שאָדן? א הויפן היי, אביסל גראָז!... יענע שיינע פערד אָבער האָבן דאָך פון כל טוב, זיי גיט מען דאָך זייער באדערפעניש. זיי האָבן דאָך דאָס רעכט צו פיטערן זיך אומעטום פריי אויף דעם גראָז, פאר וואָס גייען זיי אין שאָדן? און נאָך וואָס פאר א שאָדן! זיי צעטרעטן תבואות, פארוויסטן גאנצע פעלדער און מאכן תל.

— וואָס פאר א שייכות, — פרעג איך זי, — איז אמאָל געווען צווישו דיר און יענע פערד, אָדער, ווי דו זאָגסט, קונדסים?

— יענע קונדסים, אָדער ווי די זאָגסט, פערד,— ענטפערט זי—, פלעגן אמאָל, אמאָל אין די אלטע יאָרן שרעקלעך זיך אָפּרעכענען מיט מיר און מיך פייניקן צום טויט. בשעת זייערע

א קאמפאניע האָט זיך אמאָל געלאָזט אויף א מלחמה מיט דעם תוגר, האָבן זיי מיך געדריגעט, געטראָטן מיט די פיס און מיר ארויסגעקוועטש דעם מארך פון די ביינער. זיי האָבן דענסט־מאָל פון מיר געריסן די הויט, געטרענט די אָדערן, מיך גע־שטעטפלט, געברענט מיט גליענדע קוילן פייער. אויף מיין פעל שטייט אָפגעדרוקט מיט אלערליי צייכנס די גאנצע געשיכטע פון אכזריות. פון ווילדקייט און פון נארישקייט, וואָס האָבן געהערשט אין יענע שווערע, ביטערע צייטן. מיין אָפגעבארעטע פעל מיט די בלויע צייכנס, מיין צעקארדאשעטער רוקן מיט די ביילן — איז די געשריבענע געשיכטע פון יענע אלטע דורות.

קוק אויף מיין פעל און לייען!...

## דאָס פינפטע קאפיטל

# די קליאטשע הויבט זיך אויף פון גרוב מיט א שטורעם

ווי א ווינטמיל דרייט זיך מיר דער מוח פון אלצדינג, וואָס מיר איז ערשט אנטפלעקט געוואָרן, און די וועלט מיט אלע אירע באשעפענישן דרייען זיך מיט אים, פארמישנדיק זיך און פארבייטנדיק זיך איינע מיט די אנדערע. עפעס קומט מיר אוים, אז אלע זענען נישט דאָס, פאר וואָס זיי גיבן זיך אוים. קיינער איז אינווייניק נישט דאָס, ווי ער זעט אוים פון דרויסן. אפנים, די אינדיאנער, וואָס גלויבן, אז די נשמות פון מענטשן גייען איבער אין אלערליי באשעפענישן, און די בעלי־הקבלה, להבדיל, זענען טאקע גערעכט. די גאנצע וועלט איז לויטער גלגולים. אפנים, אז דער טעם. וואָס שטייט ערגעץ אין א סידור, פאר וואָס עס איז א מצווה צו עסן פיש, שבת, בכדי דערמיט מתקן צו זיין די נשמות, וואָס ווערן אין זיי מגולגל — איז טאקע זייער אמת, אויב אזוי, באקומט דאָך די וועלט גאָר אן אנדער פנים, מען מוז אויף איר קוקן מיט אנדערע אויגן און בא־טראכטן איטלעכע זאך גאָר אנדערש. אין א מענטשן, קען זיין, ליגט באגראָבן א הונט, און אין א הונט ליגט באגראָבן א מענטש, א פונט פרישע פיש, קען זיין, איז א פונט פריש־צאפלדיק נשמות, אין א גוטן קארפ ליגט א פלוידער־זאק, א רעדנער מיט פעפער און ציבעלעס אויפן פאָלומיסעק פאר מיר! אויב אזוי, וועלן דאָך פארענטפערט ווערן א סך קשיות אין דער השגחה, אויך איך אין די פירונגען פון פיל מענטשן; עס וועט שוין פארענטפערט ווערן, פון וואנען עס האָבן זיך

גענומען ביי אונדז שוטים, נאראָנים, צבועקעס, בטלנים, קהלם־לייט, כאפּערס, בעלי־טאַקסעס, גבאים, נאמנים, שתדלנים, בעלי־טובות, שטאָט־יורשים, פיינע בריות, שיינע מענטשן, גאָטס־סטראַפּטשעס, טענצער, טעלערלעקער און קאָכלעפל. מען וועט שוין פאַרשטיין, ווער זיי זענען, פון וואַנען זיי שטאַמען, וועמענס טבע זיי האָבן און וואָס זייער תכלית, זייער כוונה איז אויף דעם עולם, צווישן אונדז אומגליקלעכע, זינדיקע מענטשן...

עס טרעפט זיך פיל מאָל אין דער וועלט — איינער גיט זיך אָפּ מיט לערנען דעם גאַנצן לעבן און בלייבט א נאַר. און איינעם געראָט עס ווערן א חכם באַלד טאַקע אָן גרויס מי.

בלילה הזה — אָט די נאַכט בין איך געוואָרן א חכם און ווי באַלד איך בין געוואָרן א חכם, פאַרשטייט זיך שוין אליין, אַז איך האָב אָנגעהויבן אין אַלצדינג מסופק צו זיין, ניט נאָר אין אַנדערע מסופק צו זיין, ניט צו וויסן קלאָר, ווער זיי זענען און וואָס זיי זענען, — אפילו אין מיר מיט מיין כבוד אַליין טאַקע אויך. אפשר בין איך גאָרנישט איך? טאָמער בין איך אין דער האַנט פון אַן אַנדער כח, וואָס לעבט אין מיר און נישט איך בין דער באַלעבאָס פון מיין גופל, צו טאָן אַלצדינג נאָך מיין פאַרשטאַנד און ווילן, נאָר יענער הערשט איבער מיר און צווינגט מיך מיט געוואַלד צו טאָן דאָס, וואָס ער וויל, איך זאָל פירן זיינע געשעפטן און זיין שטייגער לעבן ווייטער טאַקע ווי פריער. עפּעס טאַקע נאָר א „כהנה כחומר" — איך בין דער חומר און ער איז דער יוצר, דער גאַנצער מאַכער, הייסט עס, אָדער — איך בין דער חומר דער אייזל, און ער איז דער אָנטרייבער. יאָ, אָבער ווער זאָל דאָס זיין אין מיר אַזוינס? און וועמענס גייסט רעדט דאָס אַזוי אויס מיר? אפשר זיצט אין מיר איינע פון די הויכע נשמות — שלמה המלכס נשמה, אַשטייגער! און עס לאָזט זיך טאַקע דענקען אַזוי. ער איז אין איין נאַכט פון דער העלער הויט געוואָרן א חכם, קליגער פון אַלע מענטשן אין זיין צייט, און איך, א בחור, בין דאָך אויך געוואָרן א חכם בלילה. הייסט דאָס, אפּנים, ער וויל, אַז דורך מיר זאָל זיך עס ציען זיין חכמה און איך זאָל זיין קליגער פון אַלעמען אין מיין צייט. אָדער אפשר זיצט אין מיר אַן אַנדערע גרויסע נשמה? אויב די קליאַטשע, א נקבה, איז א בן־מלך, בין איך, א זכר. גאָר א בת־מלכה, און אַז נשמות זאָלן ביי גלגולים זיך פאַרבייטן, דאָס הייסט, פון א זכר זאָל ווערן א נקבה און א נקבה א זכר, דאָס איז אַזוינס, וואָס איז זייער מעגלעך. און איך האָב מיך דערמאַנט, אַז דאָס איינענע טאַקע האָב איך אויך געלעזן אין א ראָמאַן פון א באַרימטן פראַנצויזישן אַסטראָנאָם. און אויב יאָ אַזוי, מעגלעך, אַז איך בין גאָר די מלכה שבא מיט איר כבוד אַליין. איז

נישט אומזיסט טאקע זענען מיר, איך מיט דער קליאטשע, זיך צונויפגעקומען דאָ. איי וואָס, אפשר איז א טעות, און נישט איינע פון די ביידע נשמות זיצט אין מיר, מאכט אויך נישט אויס. דער עיקר איז דאָך א הויכע, א גרויסע נשמה. און ווייניק גרויסע נשמות זענען דאָ ביי אונדז? און כפי דאָס קאָכעניש פון מיין הייס בלוט און די גרויסע התלהבות מיינע, מעגלעך, אז א רוח פון יהודה המכבי איז אריין אין מיר. דער כח ליגט דאָך מיר אין מויל, די גבורות — אין דער צונג. איך פיל אין מיר אצינד, ווי עס קאטערט מיך טאקע צו געבן א שרעקלעכן געשריי, ווי מיר אויפן הארצן איז, אזש די וועלט זאָל פארציטערט ווערן.

און ווי איך האָב נאָר אויפגעעפנט א מויל און א געשריי געטאָן, באלד איז געוואָרן א דונערן מיט בליצן און א שרעקלעכער שטורעמווינט, א רעדל ווי א זייל האָט זיך געדרייט גאנץ הויך אין דער לופטן, ס'איז א קאָכעניש, אן אויסמישעניש פון אלערליי געשטאלטן, דאָס טאנצן, שפרינגען, פליען משוגענערווייז ווי די רוחות, ארייננכאפנדיק צו זיך אין קאָן אריין אלצדינג, וואָס קומט זיי אויפן וועג אקעגן. עס טראָגט זיך, עס דרייט זיך רעשדיק מיט אימפעט, באגלייט פון א משוגענער קאפעליע: עס קראקעט, קוואקעט, קרעכצט, היילט, זשוזשעט, פילדערט, גרילצט אין די אויערן. ביימער אין וואלד ענטפערן אָפּ צום טאקט, בויגנדיק זיך אין אלע זייטן, רוישן, צימבלען און פאטשן, פליעסקען מיט די צווייגן. די לבנה דערשרעקט זיך און לויפט זיך באהאלטן אין א שטיק וואָלקן. איך בלייב פארגאפט. איז עס מעגלעך, אז אָט דער רעש, דער שטורעם זאָל קומען פון מיין געשריי, פון מיין בלאָז טאָן מיט דעם מויל! אפשר איז אצינד א חתונה ביי דעם גוטן פעקל שדים, — א מכשפה פירט מען עס צו דער חופה מיט איר באשערטן? לעבעדיק-פריילעך, אלטע און יונגע מכשפות טאנצן, שפרינגען און דרייען זיך אין א רעדל מיט רוחות אינאיינעם. איך קוק מיך אום צו דער קליאטשע און דערקען זי נישט. זי מיניעט זיך און נעמט אָן איין מינוט פארשיידענע געשטאלטן. אָט, דאכט זיך, נעמט זי אָן א מענטשלעך געשטאלט: א העלדזעלע אן אויסגעדיייווערטע, א געראַנגעלע מיט אן אויסגעשטארצטן קנאָפּ, מיט פאות פארפלאָנטערטע קאָלטענעוואטע, אן אָפּן מויל, מיט אן אראָפּגעהאָנגענער ליפּ און א זיפּץ נאָך א זיפּץ רייסט זיך ארויס טיף ביי איר פון הארצן. און אין א רגע ארום נעמט זי אָן א משונה געשטאלט, נישט צו פארשטיין, וואָס עס איז פאר א מין פארזעניש. און פלוצלונג שטעלט זי אויף די אויערן, הערט זיך ווי צו עפּעס צו, גלייך ווי זי האָט עפּעס דערשפּירט, טוט זיך

פארציטערט א שטעל אויף די פּיס, גלייך ווי א שלאַנג וואָלט זי א בים געטאָן, שטרעקט זיך אויס ווי גרויס זי איז, שאַקלענדיק מיטן עק, ווי אַן עכטע קליאטשע טאקע, און באלד וואקסט עפּעס אויס ווי פון דער ערד א מין נפש, כאפּט זיך ארויף אויף דער קליאטשעס רייטנדיק, טוט א שמיץ, א פייף— אוועק, אוועק, די קליאטשע טוט געשווינד א שפּרונג ארויס פון דער גרוב און ווערט פארשוואונדן.

— אוי, אוי, קליאטשע! אוי, אוי, מיין קליאטשע! — שריי איך מיט אלע מיינע קרעפטן.

און דער שטורעם לאָזט נישט אָפּ, און די דונערן ווערן אלץ שטארקער און שטארקער. דאָס פריערדיקע רעדל אין דער לופט גיט מיך א נעם, און איך דריי זיך אינווייניק אין אים מיט נאָך אנדערע ווילדע באשעפענישן. עס הערט זיך א מורמלען עפּעס ווערטער אויף א לשון, א גאנץ אומבאקאנטן: „שרלאי ואמרלאי בזך בזייך בזבזייך מסמסייך פרח פרחייכו!

— עס פארדרייט זיך מיר דער קאָפּ, עס מאכן זיך צו די אויגן, עס באשלאָגט מיך א שווייס. און איך דערפיל ווי עפּעס א האנט נעמט מיך אָן דאָ פארן קאָפּ, דאָ פאר די פיס, און איך גיב א געשריי פאלנדיק אראָפּ, און אויפעפענענדיק די אויגן.

איך פיל עפּעס קישנס מיר צוקאָפּנס און ווייס נאָך אלץ נישט קלאָר, וואו איך בין. איך הער משונהדיקע ווערטער, ווי יענע, אשטייגער, וואָס פריער, בשעת דרייענדיק זיך אין רעדל, און ווער עס רעדט, זע איך נישט. און אין א ווײַלע ארום, אז איך האָב אָנגעהויבן צו זיך קומען, האָט זיך מיר געוויזן אלץ וואָס ווייטער, ווייטער איינע נאָך די אנדערע א צעקאָשמעטע באָרד, לאנגע פּאות און א משונהדיקע צורה פון א מין נפש א מאנספּארשוין. דער דאָזיקער מין נפש באָברעט זיך אין א ווינקל, גלאָצט מיט די אויגן, מאכט משונה־ווילדע העוויות, טופּעט, גלייך ווי ער וואָלט מיט עמעצן זיך געקריגט און מיט א בייזער גערעדט אזעלכע מיני ווערטער: „איך בין אייך משביע בשם לוציפעריאל, ובשם פּלוטאָניאל, צערבעריאל, פּראָזערפּיניאל, בשם... בשם... און בשם... אז איר זאָלט קיין שליטה נישט האָבן אויף ישראליק בן ציפּה. צעזייט זיך, צעשפּרייט זיך, אין די וויסטע פעלדער, אין די פוסטע וועלדער. דאָרט שטייט א שטיין, אויף דעם שטיין נאָך א שטיין, דאָרט שטייט א בארג, אויף דעם בארג נאָך א בארג. אויבן זיצט שמענדריק בן געץ און פּאָשעט ווילדע קעץ! כאפּט וואו ערגעץ נאָר א קאָטער, כאפּט וואו ערגעץ נאָר א פּיפּערנאָטער, כאפּט פון דער וועלט אלע פליגן, טאראקאנעס, גרילן, פליי, וואנצן, און גייט מיט זיי טאנצן, טאנצט אין פוסטע וועלדער, אין די

וויסטע פעלדער, טאנצט, שפרינגט, קוועלט, און לאָזט צורו די וועלט...״ און אן אלטע גויע שטייט זיך און שעפּטשעט ביחידות, שטיל, אין א ווינקל. שפּייט און גענעצט אויסשפּארנדיק דעם מויל הויך אויף א קול.

— פרחא זיקא למריקו, ביך ביך! — מורמלט דער מין נפש, בויגט זיך אויף מיר און כאַפּט מיר אָן פארן שפּיץ נאָז.

— הסיך א פּסיך א פּסססיך! — ענטפערט אים אָפּ די נאָז מיינע, צעגיסט זיך ניסנדיק אויף א קול.

— צום געזונט, צום לעבן! — ווינטשעוועט מיר צו דער מין נפש מיט פרייד, טוט זיך א לאָז געשווינד צו דער טיר מיט דער פריילעכער בשורה:

— ציפּע, קומט, זעט, דער זון אייערער איז פריש און געזונט.

— וואו בין איך? — פרעג איך שטארק פארוואונדערט.

— ביי מיר, מיין זון! ביי מיר ביז הונדערט און צוואנציק יאָר, — ענטפערט אָפּ די מאמע שטייענדיק נאָך אין דער טיר און טאקע אין א מינוט ארום קומט זי צו, פאלט מיר אויפן האלדז מיט א ביטער געוויין.

— שברירי, ברירי, רירי, רי, — האָט געשעפּשעט יענער מין נפש. בלאָזט און בלאָזט, ווי ער וואָלט עמעצן דערמיט פארטריבן. דערנאָך ווענדט ער זיך צו דער מאמען און זאָגט:

— ציפּע! איך פּאָרע מיך שוין מיט די לצים אפשר א יאָר דרייסיק — יאָ, אזוי, ציפּע, איז טאקע דער חשבון, באלד נאָך דער ערשטער בהלה, נישט היינט געדאכט, בין איך געוואָרן א בעל־שם. א פּאָר יאָר פאר דער גרויסער שרפה, פּונקט אין דער צייט, וואָס רב טוביה־קלמן רב גדליה־איצעס האָט געפונען אין דעך שטאָט אן אוצר, פריער מיט א יאָר לערך, אז מען .האָט אויסגערייניקט דעם טייך און די מקווה — יאָ, ציפּע, עס וועט שוין טאקע זיין א יאָר דרייסיק. אויב נישט מער. אין דער צייט האָב איך מיט זיי גענוג זיך געפּאָרעט, די לייט האָבן פון מיר היינט געכאַפּט דעם פּסק. נישקשה! דאָס איז געווען זייער ארבעט, זייער מלאכה.

— הא־הוך! — האָט די אלטע גויע אויף א קול א גענעץ געטאָן, עפּעס געשפּראָכן, אויסגעשפּיגן, און ווייטער מיט א גענעץ טאקע אויסגעלאָזן: טראסצא איך מאטערי!

דער בעל־שם שניידט אָפּ פון דעם טיש און די בענקלעך זיבן שטיקעלעך האָלץ, נעמט אָן זיבן הויפן שטויב פון אונטער דער שוועל, און זיבן זילבערנע מטבעות אין א וואָלענער

זאָך מיינער, וואָס די מאמע האָט אים געגעבן, אָנרופנדיק זיך צו איר:

— אָט אַלצדינג, וואָס איך נעם, דאַרף איך האָבן אויף צו שפּרעכן דערויף ביי דער נאַכט פאַר דער לבנה אונטערן שטאָט אויף די שייד־וועגן; דערצו דאַרף מען נאָך צולייגן זיבן האָר פון אַן אַלטן הונטס א באָרד, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן, נאָר בשעת הדחק, אַז ס'איז נישטאָ קיין הונט, איז מען יוצא מיט א קאַץ. די קאַץ דיינע, ציפּע, געפינט זיך בוודאי אין דער קיך, און איך גיי בלויז אַהינצו נעמען זיבן הויפנס אַש פון דעם פּריפּעטשאָק, וועל איך שוין אין איין וועג אויסרייסן זיבן האָר ביי דער קאַץ פונעם עק ווידל.

אַזוי האָט געזאָגט דער בעל־שם, און נאָך דעם ווי ער האָט א קוש געטאָן די מזוזה, צוזאָגנדיק קומען, אם ירצה השם, מאָרגן ענדיקן די מלאכה זיינע, האָט ער א וואונק געגעבן דער גויע, און זיי זענען ביידע אַרויס פון דער שטוב.

— מאמע, וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס? — זאָג איך מיט גרויס רחמנות אויף דער מאַמען, זעענדיק זי, ווי זי וויינט. — וואָס וויינסטו, מאמע?

— אוי, ביטער איז מיר, פינצטער איז מיר, זונעניו מיינער!

— וואָס איז געשען?

— אוי, זאָל שוין זיך מער נישט אומקערן דאָס, וואָס ס'איז געשען!

— האָב רחמנות, מאמע, און דערצייל מיר. איך וועל נישט רואיק זיין, ביז וואַנען דו וועסט מיך נישט בארואיקן. וויין נישט און דערצייל מיר, זיסע טייערע מאמע! לאָמיך וויסן.

— וואַרט אַביסל, מיין טרייסט, לאָז מיר זיך אויסוויינען.

ס'איז שטיל. די מאמע ליגט אָנשפּאַרנדיק מיר דעם קאָפּ אויפן האַרצן, כליפּעט שטילערהייד, ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער. אין א ווײַלע אַרום הויבט זי אויף דעם פּנים צו מיר, האַלט זיך איין און דערציילט מיר זיפצנדיק אָט וואָס:

— אַז דו ביסט אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן אין פעלד, און נישט צוריקגעקומען ביז שפּעט אין דער נאַכט, זענען מיר אַלע געגאַנגען אונטער דער שטאָט און זיך צעלאָזט אין אַלע זייטן דיך אויפצוזוכן. מיר האָבן אַזוי לאַנג געזוכט, געזוכט, ביז מען האָט דיך געפונען עפּעס ווי פאַרשלאָפן אונטער א בוים, ערגעץ לעבן א קאַנאַל. קומענדיק אַהיים האָט מען שוין אַרויסגעזען אין דיר, אַז דו ביסט עפּעס צעטראָגן. עס האָט פון דיר זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף און ביסט געווען שטאַרק צעקאָכט. אויף מאָרגן האָסט דו אין מויל נישט גענומען קיין עסן, אַלץ געווען צערודערט, פאַרטראַכט און גערעדט צו זיך אַליין עפּעס אַזעלכע

ווערטער, וואָס איינס צום אנדערן האָט זיך נישט געקלעפּט. מיר אלע אין שטוב האָבן עס נישט געקענט פארשטיין. וואָס זאָל עס אזוינס באדייטן? — דערנאָך, ווײ איז מיר, האָט עס זיך אויסגעוויזן. הלוואי, רבונו של עולם, מען זאָל מער דערפון נישט וויסן. נישט מיר, נישט כל ישראל!

— ניין. — האָט די מאמע געזאָגט מיט טרערן. אָפּשטעלנדיק זיך אין מיטן שמועס. — ניין. איך קען מער נישט רעדן. איטלעכס וואָרט שטעכט מיך ווי א שפּילקע. איך בעט דיך, מיין קינד, לאָז מיך צורו, און דיר טאקע איז אויך צייט צו רוען. נאָכן שלאָף וועט דיר גרינגער ווערן. שלאָף, מיין זון, שלאָף, דער שלאָף איז זייער גוט פאר דיר, ישראל! — — —

— נאָר מיט דעם באדונג, מאמע, אז דו זאָלסט מיר צוזאָגן מאָרגן ווייטער צו דערציילן.

— זאָל זיין ווי די זאָגסט, — האָט געזאָגט די מאמע. — שלאָף, שלאָף, מיין קינד, שלאָף, ישראל!...

## דאָס זעקסטע קאַפּיטל

# וואָס די מאמע דערדערט נישט, דערקלערט עס דער משרת

אויף מאָרגן גייט אריין די מאמע צו מיר פרעגן, וואָס איך מאך, און אז איך האָב זי שטארק געבעטן, זי זאָל האלטן וואָרט און דערציילן, האָט זי, ווישנדיק מיטן פארטוך די אויגן, מיט א ביטערן זיפץ געזאָגט:

— דערציילן אקוראט ווי עס איז, איז אוממעגלעך. זייער משונה זענען געווען דיינע געוועג און דיין רעדן. יענעם טאָג, נישט היינט געדאכט, האָסטו גערעדט פאר פייער און פאר וואסער, איבער חיות, איבער בהמות, און איבער מענטשן, להבדיל, און ס'האָט דיך געריסן פאר גרוים רחמנות אויף עפּעס א בידנע, א ווייסטע קליאטשע, נעבעך, וואָס איז קראנק, צעבראָכן און זייער אומגליקלעך. הלוואי דיינע ווערטער זאָלן זיך צעגיין, ווי א רויך, איבער פוסטע וועלדער, וויסטע פעלדער! און אין דער שטאָט איז דערוויייל וועגן דיר ארוים א קלאנג, אז דו ביסט... הלוואי, רבונו של עולם, משוגע זאָלן זיי ווערן, די שונאים, וואָס ווינטשן בייז מיר און כל ישראל! עפּעס ווי א קדחת האָט עס מיט דיר געוואָרפן עטלעכע טעג און ביסט געלעגן שטארק פארדולט. געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, וואָס

היינט האָסטו זיך אויפגעכאַפּט פרישער, אוי, געזונט זאָלסטו מיר זיין!

— ציפּע! — זאָגט דער בעל־שם, וואָס ער מיט דער גויע זענען אריין צו מיר אויף די שפּיץ־פינגער, כדי נישט צו באַאומרואיקן פּלוצלינג דעם קראַנקן, שטייענדיק אַ ווײַלע שטיל הינטער דער מאַמען בשעת זי רעדט. — נישט ער האָט עס גערעדט, דאָס זענען „זייערע" ווערטער, דער רוח האָט דאָס אוים גערעדט.

— פּראַוודא! — האָט זיך אַריינגעמישט די אַלטע גויע, וואָס האָט פאַרשטאַנען אביסל יידיש. — עטאָ איכניע דילאָ. טראַסטצא איך מאַטערי!

אַלע שפּייען אוים דריי מאָל.

אין מיטן דרינען קומט אריין ברײַנדל די זאָגערן, וואָס די מאַמע האָט זי געשיקט אויף דעם הייליקן אָרט רייסן די קברים און מעסטן פעלד. אַריינקומענדיק קושט זי דריי מאָל די מזוזה, און לויפט גיך צו דער מאַמען פאַרוויינט, פאַרכליפּעט מיט טרערן, זאָגנדיק איר מיט אַ ניגון פון די קינות:

— איך האָב געבעטן די באָבע יענטען, די מומע זעלדען, זאָלן אַ ליכטיקן גן־עדן האָבן, זיי זענען געווען כשרע יידענעס. דעם טאַטן דעם זיידן רב שעפּסלען און די גאַנצע משפּחה. איך האָב אויך געבעטן די אַלטע רביצין, די צדקנית, איר זכות זאָל אונדז ביישטיין, זיי זאָלן זיך מיען. דער וואָס לעבט אייביק וועט דערהערן זייער תּפילה, ער איז דאָך אַ טאַטע, רחום, צדיק. ישׂראליק וועט, אם ירצה השם, זיין געזונט... מען האָט אים באַדאַרפט פּראַוון אויסקייקלען נאָכאַמאָל מיט אייער און אויסגיסן פון וואַקס. דאָס איז אים געקומען פון אַ דערשרעקעניש. פאַראיאָרן האָט עס זיך געמאַכט אַזוי דאָס אייגענע טאַקע מיט דעם בראָדער מלמדס זון. קרוינע האָט אים באַלד גוט אויסגעקייקלט מיט אייער און ווי מיט דער האַנט צוגענומען. וואָס מאַכט ער איצט, ציפּע?

נישקשה! — זאָגט דער בעל־שם. — אָן סכנות, ס'איז אים געקומען פון אַ דערשרעקעניש איז דאָס אים געקומען, זאָגסטו בריינדל. אַ טעות! אין די זאַכן בין איך אַ מבין. דאָס איז געווען זייער אַרבעט, בריינדל, זייער מלאכה, איר מעגט פרעגן די ערלטע, זי איז מבין כל־דיבור. מיר האָבן שוין עפּעס אויך איבערגעהאַט עסקים אין אונדזער לעבן.

— פּראַוודא, בריינליא, — האָט די אַלטע גויע געזאָגט און צוגעשאָקלט מיט דעם קאָפּ. — שטאָ פּראַוודא, טאָ פּראַוודא, עטאַ איכניע דילאָ, טראַסטצא איך מאַטערי!

— איך ווייס אָסור נישט, — וואונדערט זיך די מאַמע און רעדט ווי אין דער וועלט אריין, — פון וואַנען קומט צו אים

אזעלכע ווילדע געדאנקען? נישט אנדערש טאקע, קלער איך אז דאָס איז פון זיינע ביכלעך, וואָס ער האָט אריינגעלייגט אין זיי דעם גאנצן קאָפּ זיינעם. נישט איינמאָל האָב איך אים געזאָגט: ישראליק, צו אלע רוחות יענע ביכלעך, א שיינע ריינע כפּרה דער גאנצער עקזאמען און פארשלאָג דיר נישט דעם קאָפּ מיט אזוינע נארישע ביכלעך, מיט אזעלכע משוגענע מעשיות! א קאטאָוועס, א לאנגע צייט כסדר אויף א קול אריינחזרן א מעשה עפּעס מיט א גבור, וואָס ער האָט אויסגעראָמט זעקס און דרייסיק שטאלן פון פערד, א מעשה פון א סאָלאָוויי א ראזבוייניק, אויך מיט א בארימטן ריטער, וואָס פלעגט אויסטרינקען א ירדן מיט בראָנפן און אויסרייסן גרויסע דעמבענע ביימער אזוי גרינג ווי א האָר; מעשיות פון א מכשף קאשציי, און עפּעס פון א באבע יאהא, וואָס האָט געקערט די וועלט און וואָס זייער פערד האָבן גערעדט ווי מענטשן; מעשיות פון א שטיפמאמע וואָס האָט איר שטיפזון פארשטעלט אין א צאָפּ. און אזעלכע מעשיות פון דראקעס, געשלעג, מלחמות, מכות, צרות ופּורעניות, און איך ווייס נאָך וואָס. וואָס דען? גוטס קען פון דעם ארויסקומען?

— סטייטש, מאמע־לעב! — האָב איך געזאָגט. — אין אונדזערע ספרים שטייען דען נישט געשריבן אזעלכע מעשיות? ווייניק האָסטו מיר אליין דערציילט, און ווייניק האָב איך מיך פון אנדערע אָנגעהערט דערציילנדיק אויך אזעלכע מעשיות און נאָך מעשיות פון וואָוקאלאקעס און פון גלגלים? און מתים וואָס גייען ארום אויפן עולם־התהו, און מעשיות מיט רוחות, קליפּות, מיט קליינע קינדער, מיט חתנים, כלות, וואָס זענען אריינגעפאלן צו די כת־לצנים. וויפיל געבראָטענע הינער האָבן יידן ביי אונדז שוין געהערט קרייען, פאר זיך אויף דער פּאָלומיסעק? — וויפיל קעלבלעך, וויפיל קי, וויפיל אָקסן, ביקעס פערד און אייזלען האָבן פון דער העלער הויט זיך צעוויינט און געבעטן תיקון? וויפיל אזעלכע האָבן שוין די בעלי־שמות מתקן געווען און זיי געבראכט צו קבר ישראל? — „מי מנה עפר יעקב!"

— וואָס איז דאָס פאר א ווערטער? — האָט די מאמע מיט שרעק זיך אָנגערופן און געמיינט, איך רעד ווידער פון דעם וועג. — הא, וואָס הייסט דאָס אזוינס "מנה"?

— הונדערט מיט צוואנציק יאָר זאָלסטו מיר לעבן. ציפּעלע, כאפּט זיך אונטער ברײנדל מיט א זיס שמייכעלע פאר תענוג, וואָס זי קען אצינד ארויסווייזן, אז זי איז א וואויל־קענעוודיקע.

— נישקשה, נשמה מיינע, דאָס טייטש: „מנה" ווער קען איבערציילן, „עפר" די ערד, דאָס מיינט מען די קברים, „יעקב" וואָס מען האָט אָנגעמאכט ביי יעקב, דאָס מיינט מען די יידן, וואָס

הייסן יעקב. דאָס איז דער פּסוק אין „צאינה וראינה" און דער רבנו בחיי זאָגט...

— וואָס ער זאָגט מכח גלגולים, — האָט דער בעל־שם זיך ארייננגעמישט אין שמועס, — שווער איך ביי באָרד און פּאות, אז מיר אליין האָט זיך שוין געטראָפן אין מיין לעבן א סך גלגולים ארויסצוטרייבן, איך האָב זיי אליין געהערט שרייענדיק, איך זאָל אזוי הערן שופר של משיח!

— סטייטש גלגול! סטייטש גלגול! — האָט ברײַנדל געזאָגט מיט א פארפרומט פּנימל. — סטייטש, דאָס שטייט דאָך אין דער תורה, דאָס איז זייער געוויינטלעך. וואָס דארפט איר מער, אָט האָט איר אייך קאבצאנסקער גלגול! די גאנצע וועלט האָט אין זיין צייט מיט דעם גלגול געקלונגען. שא, ברוך מזכיר נשכחות! ביי אונדז האט דען זיך נישט געטראָפן א מעשה מיט א שווארצן קאָטער? דאָס איז געווען א דריי יאָר נאָך מיין התונה מיט דעם צווייטן מאן, עליו השלום, פּונקט אין דער צייט, ווען איך בין פארגאנגען אין טראָגן מיט מיין כאצ־קעלען, זאָל געזונט זיין. איך געדענק דאָס ווי היינט, אז מען האָט דענסטמאָל געלאָזט אויסרופן אין אלע שולן, דער עולם זאָל גיין זען, ווי מען טרייבט דעם גלגול, און מעוברתע טאָרן נישט גיין קוקן...

— דו הערסט, מאמע־לעב? — האָב איך צו איר זיך אָנ־גערופן. — דו הערסט, וואָס דער בעל־שם און ברײַנדל זאָגן?

— עט, כ'לעבן, ישראליק! — ענטפערט זי עפּעס אָן לשון. — אונדזערע, להבדיל, זענען עפּעס אנדערש עט. וואוהין דו פארקריכסט! עט, עט, ווי קען מען אזעלכעם פארגלייכן? יענץ איז אין דער טומאה און דאָס איז אין דער קדושה, להבדיל.

— אמת, ציפּע, ווי איך טראָג באָרד און פּאות, — האָט דער בעל־שם צוגעבאסעוועט דער מאמען. — א גוטער תירוץ. כ'לעבן, ציפּע! אזוי איז טאקע דער אמת, בנאמנות!

— נו, א. שטשאָ ווי קאזשעטע? — האָב איך א זאָג גע־טאָן צו דער אלטער גויע, ארויסזעענדיק, אז עס איז אומזיסטע רייד, מען וועט מיך נישט הערן.

— ווין מאיע פּראוואָ, — האָט זי געענטפערט און גע־שאָקלט מיט דעם קאָפּ. — עטאָ איכניע דילאָ, טראסצא איך מאטערי!

*

ס'מאכט זיך אמאָל, א מענטשן חלומט זיך עפּעס, און אז ער שטייט אויף, איז פון דעם חלום קיין זכר נישט געבליבן, שפּעטער אָבער, אז ס'גיט אים א קלאַפּ אין מוח עפּעס ווי אן אָפּקלאַנג פון דעם חלום, לאָזט עס אים נישט רוען, ביז וואַ־

נען ער דערמאנט זיך נישט אָן אים אינגאנצן. און דאָס איי־
גענע האָט זיך געטראָפן מיט מיר אויך.

די עטלעכע ווערטער, וואָס די מאמע האָט מיר דערציילט אויפן וואונק, האָבן מיר געפּיקט אין קאָפּ, איך זאָל מיך דער־ גיין די איבעריקע זאכן, וואָס האָבן עפּעס געשוועבט פאר מיר מטושטש, נישט לאָזנדיק אָנצוכאפּן זיך אין מוח. אין א צייט ארום איז מיר אלצדינג קלאָר געוואָרן.

אין דער מאמעס קלייט האָט געדינט א משרת נאָך פון בחורוויז אָן, אצינד שוין א באטאָגטער ייד מיט א באָרד, א ייד מיט אלע גענג, און א משרת מיט אלע פּאָטעמקעס. גע־ הייסן האָט ער סנדרל שלנו, אונדזער סענדערל. דעם סענדערן האָט דאָס שטארק געארט, וואָס איך בין אראָפּ פון וועג, אָפּ־ געבנדיק זיך מיט נארישע זאכן. און מיין גאנצע אויפפירונג איז נישט לכבוד פאר אזא געהויבענע משפחה, לויטער יחוס, ווי מיינע. און וואָס נאָך? ער האָט אין דערינען געזען אויך א פּחיתת הכבוד טאקע פאר זיך אַליין, ווי דער שטייגער איז משרתים, וואָס נעמען זיך אָבער מיט דעם כבוד פון זייערע באלעבאטים, און ביי איטלעכער געלעגנהייט האָט ער זיך געזוכט מיך א שטאָך צו טאָן, נאָר דאָך מיט א מאָס. דאָס מאָל האָט אים די מעשה מיט מיר א שרעק ווי אויפגעבראכט אויף מיר.

— סטייטש, — האָט ער געזאָגט, — ער זאָל אונדז אזוי פארשווארצן דעם פּנים!

איינמאָל אז מיר האָבן זיך צעווערטלט און ער האָט געוואָלט באווייזן מיר, ווי ווייט די אפּיקורסות האָט מיך פארפירט, איז ער שוין ארוים מיט דער גאנצער שפּראַך, געשטראָפט, דער־ ציילנדיק מיר די מעשים מיינע מיט עטלעכע ווערטער:

— ארויסגייענדיק איינמאָל אויף דעם הויף, איז דיר אקעגן געקומען אונדזער הויכער גאלגאנסקער האָן. — וואשע בלאַ־ גאָראָדיע! — זאָגסטו דו צו אים און נעמסט אראָפּ דאָס היטל.

-- איר זייט א גווארדייעץ, טראָגט שפּאָרן און שיינע פעדערן, די וועלט האלט אייך פאר א געבילדעטן, פאר זייער א פאר־ שטענדיקן; נאָר זייט מיר מוחל, וואָס איך וועל אייך זאָגן, אייער אויפפירונג מוז כ'לעבן, עפּעס נישט אזוי שיין. זינט איר וואוינט ביי אונדז, הערט מען נישט מער, ווי איר שרייט, פּיל־ דערט און שלאָגט זיך, דאָס — מיט דעם, דאָס — מיט יענעם, אלץ פאר ווייבער, פאר נארישע זאכן. קארג ליבעס פירט איר אלע טאָג, ווילט איר נאָך ביי דעם אנדערן זיין איינציקע אויך צו־ נעמען. וואָס אשטייגער, האָט איר געהאט ערשט צו יענעם שלים־ מזלניק? פארוואָס זייט איר געגאנגען מיט אים אויף א דועל און האָט אים פארוואונדעט? אָט אויף־דערויף האָט איר שפּאָרן, איינער דעם אנדערן אָן אויג זיך ארויסצונעמען? און דאָס

הייסט ביי אייך כבוד, האָנער! ביי דעם געמיינעם עולם הייסט עס פשוט רציחה. א רחמנות, כ'לעבן, אויף אייער ווייב. זי, נעבעך פלאָגט זיך, פּירט זיך דאָרט ארום מיט אייערע קיינער. איר ווילט צו זיי אפילו קיין שמעק נישט טאָן, לויפט גאנצע טעג נאָך אנדערע און האָט אין זינען נארישקייטן. הער גאנדז, הער אינדיק געפעלן מיר, כ'לעבן, בעסער. די וועלט האלט זיי פאר נאראָנים, פאר פּראָסטאקעס, זיי פירן זיך אָבער אויף גאנץ אָרנטלעך, זענען געטרייע טאטעס און מפרנס ווייב און קינדער, ווי גאָט האָט געבאָטן. און פארגלייך מיט זיי, טויגט איר, כ'לעבן, וואשע בלאגאָראָדיע, טאקע אויף כפרות.

— אוועקגייענדיק פון דעם האָן, דערזעסט דו אונדזער קו מיט דעם קעלבל לעבן צעבער פאלאָווע. דו האָסט מיט זיי זיך געוויטעט זייער שיין. — א, מאדאם קו! — זאָגסט דו. — ווי גייט עס? וואָס מאכט אייער ווערטער געמאל, הער ביק? אייער אנצוג, מאדאם, געפעלט מיר זייער. ער איז אי שטארק, אי שיין. דער עק. וואָס שלעפּט זיך איר הינטן נאָך, איז היינט די נייסטע, די לעצטע מאָדע. ער פּאסט זייער די דאמען... גאנץ שיין, כ'לעבן, אייער מאן האָט פון אייך באקומען הערנער! אָ, זייער א שיינע מתנה. כ'לעבן. עס מוז אים שטארק הנאה טאָן... למאי איז ער תמיד אזוי באשעפּטיקט? מען מוז מיט א ווייב אמאָל ארויסגיין שפּאצירן און אינאיינעם מאכן וויזיטן. וואָס דען זאָל א דאמע טאָן?... איר האלט, אפנים, מיט יענע, מאדאם קו, אז נקבות זענען נישט באשאפן געוואָרן צו ערנסטע ארבעט, ווי די מענער. וואָס פאר א פּנים האָט עס, אשטייגער, אז א שיקסע טרייבט אָן? יאָ, האָט איר שוין באקאנטשאפט געמאכט מיט אונדזער האָלענדערקע? אך, זייער א שיינע, א דיקע דאמע! אויסלאנד איז טאקע גאָר עפּעס אנדערש! הער ביק, איז דאכט זיך, מיט איר א נאָענטער שמעלקע! — גע־ניסן זי אביסל קאָנפּעטור, — האָסט דו איר געוויזן אויף דעם צעבער, — געניסן זי, מאדאם, און גיט אויך אייער פריילן! שעמט זיך נישט, פריילן קעלבל. זייער גלייך מאדאם קו, וואָס איר האלט אייער פריילין תמיד לעבן אייך. וואָס קומט ארויס פון די דאָזיקע, וואָס מען גיט אָפּ ערגעץ אויף דער האָדיוולע? א גענארטע זאך, כ'לעבן! רעדט מען שוין בעסער אייער פריי־לין שידוכים. שעמט זיך נישט, פריילין, נישקשה, דאָס איז א באקאנטע זאך. קעלבעלע איז א גוטע, א כשרע, ווי די מאמע. איך זאָג אייך, חלילה, נישט קיין קאָמפּלימענט, טאקע נאָר דעם ריינעם אמת...

גראָד דענסטמאָל, באדארף זיך מאכן, קומט צו אונדז מיט א וויזיט דער צעמפּל מיט דער פרוי און מיט די טעכטער. כאפּסט דו, נישט היינט געדאכט, דעם צעבער, טראָגסט אים

געשווינד אין זאל אריין, שטעלסט אים אנידער פאר די געסט און מאכסט צו זיי אויף קיאיש צו עסן פאלאווע. שוין צייט, כ׳לעבן, זאגסט דו. די קי אויסמעלקן און זיי צו פארטרייבן. ביז וואנען איז דער שיעור אזוי זיך ארומצושלעפן? ביי אונדז אין דער באלעבאטישקייט גייט עס עפעס צו גאר אן א טאלק!... דו קענסט דאך דיר משער זיין, ווי אלע זענען געבליבן גע־פלעפט און ווי איטלעכן איז געווען אויף דעם הארצן. מען האט דיך געשווינד ארויסגעפטרט. פלוצים הערט מען א גע־שריי, מען לויפט ארויס און מען זעט— פינצטער איז געווארן איטלעכן אין די אויגן! אין שטוב שטייט רב איציק וואלף, אונדזער פיינע־בריה, א קאטאוועס א גבאי, וואס אלצדינג אין דער שטאט איז אין זיינע הענט און מען גלויבט אים אויף נאמנות! דו שטייסט אקעגן אים און שרייסט, נישט היינט געדאכט, מיט אזעלכע ווערטער: משטיינס־געזאגט, ווי אונדזער קהל פירט אינגאנצן! אבי מען באקומט שוין דעם באק, דעם קהלשן צאפ, לאזט מען אים אפ און קיינער קוקט זיך אויף אים מער נישט ארום. וואס טוט אבער אזא צאפ? ער גייט מייסטנס אין קלויז, דארט איז זיין מקום־מנוחה. ער לעקט, זייט מיר מוחל, די ווענט. באברעט זיך אין שמות, שפרינגט אויך אין גערטנער מיט דער גאנצער חברה ציגן, כאפט זיך שטילערהייט אריין צו איטלעכן אין שטוב; קוים קערט מען אוועק די אויגן, שטעקט ער אריין די מארדע אין א מולטער, אין א קעסל, אדער אין א פושקע און מאכט א שאדן. נעם־זשע, קהל, און דיין צאפ פאר דעם בערדל און מאך אזוי, אז ער זאל מער נישט שפרינגען אין די גערטנער, מער נישט כאפן פון מולטער, ניין! דאס טוט נישט קיינער, איטלעכער האט מורא צו אים אפילו זיך צוצורירן. מאכט זיך אמאל, שטייען אן עדה יידן און שמועסן פון תוך־זאכן, דערזעען זיי פון דער ווייטנס אט דעם קהלשן צאפ, הויבט די הויט אויף זיי אן צו ציטערן און צעלויפן זיך אין אלע זייטן.

— חרפות, בזיונות האסט דו אונדז אנגעטאן מיט דיינע מעשים, אזעלכע שיינע לייט, כשרע מענטשן האסט דו געמאכט פאר בהמות! אי־אי־אי! — לאזט אוים סענדערל, אנכאפנדיק זיך פארן קאפ. — עס זאל זיך עפענען א גרוב, וואלטן מיר לעבעדיקערהייט אין איר אריין.

## דאָס זיבעטע קאַפּיטל

# ישראליק וויל נאָך ווערן א מענטש

פאר דריי עבירות בין איך געווען שטארק פאררופן אין שטעטל: דערפאר וואָס איך בין א בכור העכער פון צוואנציק יאָר און נאָך נישט קיין באוויבטער; דערפאר וואָס איך האָב פארבויגן דאָס לערנען, אוועקווארפנדיק אינגאנצן די גמרא און דערפאר וואָס איך בין ארײנגעטאָן מיטן גאנצן קאָפּ אין די ביכלעך. די יידן אין מיין שטעטל האָבן מיך געהאלטן פאר אן אפּיקורס, געקוקט אויף מיר קרום, מיך אויסגעווייכט. נישט געוואָלט שטיין אין מיינע ד׳ אמות.

גענוג ווי איז דאָך דעם עלנדן אין דער פרעמד, נעבעך, נאָר ווי און ווינד איז נאָך פיל מאָל מער יענעם, וואָס איז עלנד ביי זיך אין דער היים. דאָרטן, אין דער פרעמד, קען דער עלנדער קיינעם נישט, און קיינער קען אים נישט. אוודאי איז דאָס א הארצווייטיק, אָבער קיין בזיון שטעקט דאָך נישט דערינען. ביי זיך אין דער היים, צווישן אייגענע, צו זיין פרעמד — אָט־דאָס איז אזא לאגע, וואָס דערינען ליגט אי הארצווייטיק, מיט בזיון אינאיינעם. דאָס ביטערע געמיט פון אזעלכן, נעבעך, קאָן פילן יענער נאָר, וואָס צווישן די פארבעטענע אויף א אסיפה, אָדער אויף א קערמעשל, אשטייגער, לאָזט מען אים זיצן אליין, קיינער קוקט זיך אויף אים, בכיוון צי נישט בכיוון, נישט ארום. עפּעס טאקע נאָר ווי א רואה ואינו נראה איז ער, ער איטלעכן זעט, און אים, — קיינער נישט. זאָגט ער עפּעס א וואָרט, הערט מען נישט, וואָס ער זאָגט, און זיינע ווערטער קומען צוריק אים טאקע אין די אויערן ארײן. ענטפערט אים יאָ אמאָל אייגער מיט א האלב מויל, אזוי אונטערן נאָז, זעט דאָס אויס, ווי ער שענקט אים א וואָרט, טראכטנדיק דערביי ביי זיך: נא און גיי דיר צו אלדי רוחות!

ווען איך זאָל ווי פריער געווען זיצן טאָג ווי נאכט פארשפּארט ביי מיר אין צימער איבער מיינע ביכער, וואָלט איך אפשר די לאגע מיינע, צו זיין פונעם עולם פארהאסט, נישט אזוי שטארק געפילט. אצינד אָבער, אז צוליב דער שלאפקייט מיינער, נישט־דאָ־געדאכט, בין איך געצוואונגען געווען ווייניקער צו לערנען און אמאָל טאקע אויף א צייט אינגאנצן אוועקלייגן דאָס לערנען, אָט דענסטמאָל פלעג איך עס גוט פילן, ווי פינצטער און ביטער מיר איז, פון אייגענע און פון פרעמדע אָפּגעריסן צו זיין, נישט אהין, נישט אהער.

די מאמע מיינע האָט זיך שטאַרק געערגערט, וואָס מיט מיין אויפפירונג און מיטן גאַנצן באַנעמען זיך מיינעם בין איך אוועק אין א זייט פון אלע יידן אין שטעטל. דאָך האָט זי זיך געהיט נישט צו זאָגן מיר א קרום וואָרט, כדי דערמיט נישט צו קרענקען דעם בן־יחיד אירן, און דערפאַר איז די ליבשאַפט מיינע צו איר פאַרגרעסערט געוואָרן נאָך מער, און ווען מיר איז נישט גוט געווען אויפן האַרצן, פלעגט עס מיך ציען, ציען, אויסגיסן פאַר איר מיין ביטער געמיט.

— אוי, מאַמע, נישט גוט! — קלאָג איך מיך פאַר איר אַמאָל, אין א שווערער מינוט. — נישט גוט א מענטשן צו זיין אליין!

די מאַמע מיינע טוט זיך א כאַפּ, דערהערנדיק עס, מאַכנדיק צו מיר מיט א שיינענדיק פּנים פאַר פרייד:

— האָסט מיך מחיה געווען, זונעניו! ערשט טאַקע האָט מען דערפון גערעדט. מען זאָל געווען דערמאַנען משיחן, וואָלט ער געקומען. איך זע דערינען באַשיינפּערלעך דעם בעסטן סימן, אז דאָס, וואָס איך האָב דיר אָנגעהויבן צו זאָגן, איז פון דעם אויבערשטן טאַקע. איך בין זיכער, אז היינט וועסטו מיך שוין גערן אויסהערן; דאָס מזל דיינס זאָל דיך פון היינט אָן — אוי הלוואי רבונו של עולם — אָנהויבן צו שיינען אזוי ווי דער ליכטיקער מאָרגנשטערן. האָרך־זשע, מיין זון! היינט האָט מען מיר פאָרגעלייגט א שידוך פאַר דיר, אָבער גאָר א טייערן. א כלה — א גאָלד! א שיינע, א רייכע, אויך...

— גענוג! גענוג! — בעט איך דער מאַמען. זי אָבער הערט נישט און שיט מיט שבחים טאַקע אלץ ווייטער.

— אויך געלט א סך, מתנות, צירונג, גאָלד און זילבער, בריליאַנטן, א שיינע גאַרדעראָבע, קעסט, אלצדינג כדרך הנגידים!...

— אלצדינג כדרך היהודים, ווי ביי יידן טאַקע! — שריי איך אויס אריינפאַלנדיק איר אין די רייד. — אלע מעשיות! אָנהויבן הייבט זיך עס אָן כדרך הנגידים און דער אויסלאָז איז ווי געוויינטלעך, כדרך הקבצנים: קינדער א זעצל, דלות, א ביטער לעבן, מלמדות, בטלנות, מעקלעריי, א געבויגנעם רוקן, א בוקן זיך, א קניען, א זאָגן מודים. א פאַלן תחנון, א לוי־בעניש, עלינו לשבח, טפּוי! לשבח, לשבח, לשבח און לשבח...

— גענוג, לאָז שוין זיין גענוג! — מאַכט די מאַמע, אָפּ־שפּרינגענדיק צוריק א דערשראָקענע. — עפּעס א מבול פון ווערטער, באַהיט זאָל מען ווערן. שאַ, שאַ, איך וועל שוין מער נישט רעדן. ווען דו זאָלסט נישט געווען אָנהייבן, וואָלט איך קיין וואָרט נישט געזאָגט, דו מיט דיין מויל אליין האָסט אָקאָרשט געזאָגט, ווי אין פּסוק שטייט: נישט גוט צו זיין א

מענטשן אליין. דער טייטש: נישט גוט א מענטשן צו זיין אָן א ווייב.

— ע־ע, מאמע! דאָס האָב איך נאָר געזאָגט אקעגן דעם, וואָס איך געפין מיך דאָ איינער אליין דערווייטערט פון אלע מענטשן.

— דו, ישראליק, דו אליין האָסט זיך דערווייטערט פון לייטן, דו גייסט דאָך אין זייער וועג נישט. אויב דו ווילסט, קענסט־דו דאָך די זאַך פאַרריכטן.

— אפשר א בעל־תשובה ווערן ראָטסט דו מיך, מאמע? צוריק א בטלן זיין מיט אלע פּאָסטעמקעס פון די בטלנים אונדזעריקע? טאָן אזוינס וואָס אקעגן דעם פארשטאנד און דעם ווילן מיינעם און זיין כל ימי א שוטה, כדי שוטים זאָלן פון מיר צופרידן זיין — ניין, מאמע! דערמיט וועל איך מיר נאָר ערגער מאכן: א מענטש, וואָס טוט קאַפּויר זיין פאַר־שטאנד, קאַפּויר זיין ווילן — דער איז א גאָרנישט, ערגער פון א נבלה. דאָס איז נישט אויף יידן אליין, נאָר בכלל אויף אלע מענטשן געזאָגט געוואָרן.

די מאמע שווייגט, קוקט אויף מיר פארזאָרגט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, און זיפצט. מיר איז שטארק אָנגעזאלצן אויפן הארצן און איך קלאָג מיך פאר איר פאר גרויס צער:

— ווײַ מיר, מאמע, וואָס דו האָסט מיך גאָר געבוירן אַן אומגליקלעכער, א פארהאסטער זיין ביי א וועלט מענטשן! ביטער איז מיר פון אייגענע, פון יידישע קינדער, און ביטער איז מיר פון „יענע", פון די נישט אייגענע. די האסן מיך דערפאר, וואָס איך בין נישט אזא ייד, ווי זיי ווילן, און ביי יענע בין איך ווי אלע יידן אויף צרות א ייד. — פאר די דאָ־זיקער זינד, וואָס איך מיט מיינע עלטערן זענען מיט איר אויף דער וועלט געקומען, וואָס מיר האָבן זיי בירושה פון אברהם אבינו אָן, ווערן מיר באשטראָפט מיט גרויסע צרות, מיט אונ־טערדריקונגען, גזרות רעות, יסורים, לייד, און כל המיני פורעניות, אקעגן אזא אומגליק האלט איך עס פאר דער גרעס־טער שולד, טאָן אלע מיטל, וואָס נאָר מעגלעך. א מענטש, וואָס מען נעמט אים ארויס פון כלל מענטשן; וואָס מען דער־נידעריקט דעם מענטשלעכן ווערט, גאָטס מתנה אין אים; וואָס מען פאקט אים אריין אין אן ענג אָרט ווי א פייגעלע אין שטייג, נישט צו רירן זיך פון דאנען אהין, און ביי אים איז עס — עט, גאָרנישט, — אָט אזעלכן וואָלט פיל גלייכער גע־ווען, ער זאָל גאָר נישט געבוירן ווערן אויף דער וועלט. איך בין א מענטש, מאמע! איך לעב און וויל לעבן, עס גלוסט זיך מיר ארויסגיין פון דער ענגשאפט און לעבן מיט לייטן גלייך אין גאָטס גרויסער וועלט, טאָן וואָס נאָך מעגלעך איז,

אז דאָס יידישקייט זאָל מיר נישט שאדן, און די לאַנגע מיינע צו פארבעסערן.

— אוי, וואָס רעדסטו, מיין זון! — טוט די מאמע א געשריי, בלייך ווערנדיק ווי די וואנט, נאָר צום חלשן.

— בארויק זיך, מאמע! — נעם איך זי איין מיט גוטע רייד. — ישראל דיין זון איז ישראל, און ישראליק וועט ער פארבלייבן אויף אייביק. פארבעסערן די לאַנגע מיינע מיין איך דורך בילדונג, דורך דעם וואָס איך וועל ענדיקן דעם אוניווערזיטעט, וועל איך באקומען באזונדערע זכיות, צווישן זיי אויך דעם זכות, ארויס פון דער ענגשאפט, פון דעם תחום, און פראנק און פריי זיך באוועגן אויף דער גאנצער וועלט.

— נו, מילא, ווילסט אפנים, זון מיינער, צו דיינע מעשיות, טאָג ווי נאכט שוויצן איבער דיינע ביכער! — זאָגט די מאמע זאָרגנדיק זיך פארן געזונט פון מיין גוף און פאר דער רואיקייט פון מיין נשמה. אוי, דיינע ביכער, דיינע ביכער! נאָר אויף ליידן און אויף צרות זענען זיי אונדז, ישראל! א פראָסטע יידענע בין איך און איך פארשטיי כלל נישט, וואָס איז דיר אזוינס די דאָזיקע וועלט, פון וועלכער דו רעדסט אזוי אָפט, און צו וועלכער עס ציט דיך אזוי שטארק? זיץ נעבן דער מאמען דיינער, האָסט, דאנקען גאָט, ביי מיר אלע באדערפענישן דיינע. און פאר וועמען האָרעווע איך און רייס קריעה מיין גאנץ לעבן? טאקע נאָר פון דיינטוועגן דאָך, זונעלע.

— זיין א לײדיקגייער און זיצן אויף דער מאמעס קארק, אַך, ווי מיאוס דאָס איז! א דערוואקסענער בחור ווי איך זאָל זיך האלטן אין דער מאמעס פארטוך, עסן און גאָרנישט טאָן, וואָלט גלייכער געווען אים, איר, פאר לייטן, אז ער זאָל גאָר נישט געדאכט ווערן אויף דער וועלט. ניין, קיין בטלן וויל איך נישט זיין, גענוג בטלנים ביי יידן חוץ מיר.

— איך בעט דיך, לייג אוועק דיינע ביכער, יענע ביכלעך דיינע... ישראל, און די דאָזיקע „פראווע" צו וואוינען וואו מען טאָר נישט, פון וועלכער דו רעדסט, אָך, דערצו איז דאָ א מיטל — געלט, א שיין פון א בעל־מלאכה.

— וואָס הייסט געלט?!

— אָך, מען באצאָלט פאר א „קופּעצעסטוואָ", פון וועלכער גילדע עס איז, און דאָס גיט דעם יידן דאָס רעכט צו זיצן דאָרט אין דער וועלט, צו וועלכער עס ציט דיך אזוי שטארק.

— אוי, ווי איז יענעם, וואָס אים שטייט־ביי דער זכות פון געלט און נישט זיין אייגענער זכות. א רעכט, וואָס קומט דורך געלט, איז א שאנדע אי צוגלייך דעם, וואָס ער גיט עס, אי פאר יענעם, וואָס באקומט עס. פע, איך וויל עס נישט,

און מסחר האָב איך בכלל פיינט. איך האָב עס פיינט צוליב די סוחרים, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי, פון די טאַנ־דעטניקער ביז קרעמער און באַנקירן, זענען אַלע פון לבן אר־מיס תלמידים, און די סוחרים ווידער האָב איך פיינט צוליב דער קנאה, קאָנקורענץ, און די גרויסע פּלאָנטערניש און דעם גאַנצן שטייגער פון האנדל־וועלט, וואָס ווילנדיק־ניט ווילנדיק ווירקט דאָס שלעכט אויף זיי. געננג טאַנדעטניקער, גענוג קרע־מער זענען דאָ ביי יידן חוץ מיר! און דאָס וואָס דו זאָגסט — אַ שיין פון אַ בעל־מלאכה, — ס׳טייטש, מאמע, ווי קומט צו מיר מלאכה? נישט איך קען זי. נישט איך וויים זי.

— מלאכה איז נישט אזוי נויטיק, — האָט מיר איינגע־רוימט די מאמע, — דער עיקר איז דער שיין פון אַ בעל־מלאכה, די פארשטייסט!...

אַ קרים מיט דער נאָז האָט געדינט פאַר אַן ענטפער אויף דער מאַמעס ווערטער, וואָס האָבן מיר נישט געשמעקט. כאָטש איינג־טלעך איז דאָ אַ היתר, אז עס גייט אין לעבן אריין, אויפצו־טאָן אַן אויבער־הסברה, ווי צום ביישפּיל: אַן עירוב, מען זאָל מעגן טראָגן, אַן עיסקא אויף צו נעמען פראָצענט, וכדומה.

אַ היפּשע ווײַלע האָב איך געשוויגן, פאַרדרייענדיק די נאָז, דערנאָך בין איך ארוים מיט דער שפּראַך, קורץ און שאַרף: איך וויים נישט מער ווי אַ דיפּלאָם פון אוניווערזיטעט און דעם דיפּלאָם מוז איך זען צו באַקומען מיט מיין גאַנצן כוח. איך וועל נישט רוען ביז איך וועל אים האָבן. איינמאָל פאַר אַלע מאָל, איך וויל לערנען!

— לערנען די תורה דיינע, מעשטיינס־געזאָגט! אוי דיין תורה, אָט זי נעמט דאָך ביי דיר צו דעם גאַנצן כוח דיינעם. ישראל!...

— דאָס ליידיק־גיין שוואַכט מער אָפּ דעם כוח און מאַכט אים אוים מענטשן.

די מאמע, וואָס זאָל זי טאָן. נעבעך, האָט מיר נאָכגעגעבן, נאָר מיט אַ תנאי, איך זאָל מיר באַשטימען אַ צייט אויף לער־נען, אַ צייט אויף שפּאַצירן גיין, אויף שלאָפן, און נאָך אויף אַזעלכע זאַכן, צום אָפּהיטן דאָס געזונט. ביי אַ געזונטן קער־פּער איז דאָ אַ געזונטע נשמה.

בכן האָב איך אין אַ גוטער מזלדיקער שעה צוריק זיך גע־נומען צו די ביכער, לערנדיק גאַנץ געשמאַק מיט אַ סדר אַקו־ראַט ווי פריער, ביז וואַנען עס איז געקומען די צייט פון עקזאַמענס.

## דאָס אכטע קאַפּיטל

# א מאַמעס הארץ איז א נביא

אין א שיינעם פרימאָרגן, וועסנע־צייט, איז פאָרפאָרן צו אונדזער הויז א בויד, וואָס אין איר האָב איך באַדאַרפט פאָרן קיין דניעפּראָוויץ, אָפּצואַרבעטן דאָרט מיין עקזאַמען. די מאַמע איז געווען זייער אומעטיק, די אויגן האָב איר נישט געטריקנט פון טרערן, אַלץ געוויינט און אויף מיר געקוקט, געקוקט און ווייטער געוויינט.

— וויין נישט מאַמע! — האָב איך זי געבעטן און אַליין טאַקע זיך אויך צעוויינט. עס איז מיר עפּעס שרעקלעך שווער געווען אויף דעם הארצן. — וויין, כ'לעבן, נישט מאַמעניו! איך פאָר דאָך נישט אַוועק, גאָט ווייסט וואוהין און אויף וואָס. איך מוז שוין דאָך איבערקומען דעם טאַנץ, האָב אַזוי פיל געאַרבעט, אַזוי פיל געהאָרעוועט, גאָט וועט העלפן, איך וועל דערגרייכן מיין וואונטש, איך וועל קענען פאַרדינען מיין ברויט בכבוד און זיין לייטן גלייך, — דענסטמאָל, מאַמעניו, וועסט־דו פון מיר נחת האָבן, וויין, כ'לעבן, נישט, וויין נישט, מאַמעניו!

— אך, ישראליק! — האָט זי געענטפערט. — עס איז דיר גרינג אַזוי צו זאָגן. א מאַמעס הארץ, אז עס וויינט, קאָן מען עס אַזוי גרינג נישט איינגעמען ווי א קינד. עס וויינט גישט אומזיסט. עפּעס שפּירט עס, עפּעס שמעקט עס אַזעלכעס אָן, וואָס קיינער קאָן עס מיט דעם שכל נישט פאַרשטיין. איך בעט דיך, ישראליק, טאָמער וואָלט פאָרט א סברא געווען, דו זאָלסט נישט פאָרן! צו וואָס זאָלסט־דו זיך אין די יאָרן אַזוי, נעבעך, פּלאָגן? ווער ווייסט, אויב נאָך אַלע מי וועט דיר שוין גוט זיין! אויב דיין פּלאָגן זיך וועט דיר עפּעס העלפן? וויפיל געבילדעטע מענטשן גייען, ביי אונדז יידן, אָן שטיוול, נעבעך! וויפיל געלערנטע מענטשן ווערן פאַרפאַלן און קומען אָפּ זייער גאַנץ לעבן! ישראל, דער גאַנצער ענין פון די שקאָלעס זייערע און די תורה וואָס מען לערנט — דאָס איז דאָך גאָר א נייס, אונדזערע עלטערן האָבן דערפון אפילו נישט געוואוסט. הלוואי זאָל דאָס נישט זיין אויף צרות אונדז און כל ישראל, קיגדער זאָלן פון די עלטערן נישט אָפּגעריסן ווערן. איך בעט דיך, בלייב אין דער היים! שווער איז מיר, זייער שווער צו שיידן זיך מיט דיר.

דער בעל־עגלה איז אריינגעקומען אין שטוב, פאַרנומען אַלע מיינע זאַכן און האָט דערמיט אן עק געמאַכט פון מיינע שמועס מיט דער מאַמען. מיר האָבן ביידע וויינענדיק זיך גע־

קושט און נעזעגנט. איך האָב מיך ארייננעשטופּט אינעווייניק אין דער בויד און אוועקגעפאָרן.

לאכט אייך, איר היינטיקע אויפגעקלערטע, לאכט אייך פון וואָס איר ווילט, נאָר לאכט נישט, איך בעט אייך, דערפון, אז א מאמעס הארץ וויינט נישט אומזיסט! כל־זמן איר שווייגט און קענט מיר נישט ענטפערן, וואָס איז אזוינס לעבן? ווי אזוי עס ווערן ביי אונדז אינעווייניק אין די געהירן צוגעברייט און געמאכט אלע אונדזערע געדאנקען און געפילן? ווי אזוי עס שפּינען זיך, עס וועבן זיך אין אונדז אויס וואונדערלעכע חלומות פון אזא שטאָף, פון אזא פאָדים, וואָס לעת־עתה איז ער נאָך אפילו אויף דער וועלט נישטאָ און וועט ערשט אויסוואקסן שפּעטער? — כל־זמן איר שווייגט און הייבט עס נישט אָן צו פאַרשטיין, וועל איך אייך, נישקשה, נישט לאָזן לאכן דערפון, אז א מאמעס הארץ פילט און טרעפט! איר האָט נישט דאָס רעכט צו לאכן, אויב איך זאָג, אז מיין מאמעס הארץ האָט געוויינט נישט אומזיסט! — דער עקזאמען איז מיר נישט געראָטן!

עס שאדט אָבער נישט צו וויסן, ווי אזוי און וואָס מיר האָט נישט געראָטן. דעם טאָג, וואָס איך האָב מיך באדארפט עקזאמענירן, בין איך דווקא געווען באהארצט און האָב נאָך, פון קוראזש וועגן, אויך אויסגעטרונקען א גלעזל בראָנפן, הגם איך טרינק קיינמאָל נישט. נישקשה, האָב איך געטראכט, נאָט וועט העלפן! וואָס האָב איך מיך אזוי צו שרעקן? איך האָב דאָך צוטאָן מיט געלערנטע, איידעלע מענטשן, מסתמא וועלן זיי זיך באגיין מיט מיר דעליקאט, פיין, אזוי ווי געלערנטע באדארפן צו טאָן, און דערמיט וועלן זיי מיר אונטערגעבן שטארקייט. נאָר. איי וויי! קומענדיק צום עקזאמען, האָב איך באלד אראָפּגעלאָזט די נאָז. די לערער זענען געזעסן אָנגעטאָן אין מונדירן מיט מעשענע קנעפּ און געקוקט אויף מיר אזוי שטרענג, אזוי בייז, גלייך ווי איך האָב געגנבעט, אָדער געקוילעט א מענטשן; זיי האָבן געקוקט אזוי ווי אין יענע צייטן א סטאנאָוואָי, וואָס דער ערשטער ברוך־הבא איז ביי אים געווען: „איסקודעווא? יאַ טעבי!... פּאספּאָרט מאיעש?"... צו וואָס, דאכט זיך, זאָלן לערער, וואָס זייער עסק איז צו מאכן פון אונדז, פון אונדזערע קינדער מענטשן מיט שכל און מיט געפיל, וואָס זייער עסק פאָדערט, זיי זאָלן זיין גוט, פּראָסט און צו איטלעכן צוגעלאָזט, בכדי עס זאָלן פאר זיי זיך עפענען די הערצער, אין וועלכע זיי באדארפן זייען און פלאנצן מידות טובות, — צו וואָס, דאכט זיך, זאָלן זיי טראָגן מעשענע קנעפּ און קוקן שטרענג ווי קווארטאלנעס? וואָס איר ווילט זאָגט אייך, עפּעס קאָן מען זיך נישט פאַרשטעלן סאָקראטעס,

פּלאַטאָן, אריסטאָטעלעס וכדומה אין אַזעלכע קנעפּלעך מיט אַזעלכע זויערע מינעס און פינצטערע צורות... עס פארשטייט זיך, אַז פון זייער ברוך־הבא האָב איך באלד פארלאָרן דעם קוראַזש און האָב שוין נישט געוואוסט, וואָס מיט מיר טוט זיך אויב דאָס טאַקע מיינט דער פּסוק, האָבן די לערער דער־לאַנגט זייער וואונטש, וואָס דערלאַנגען הייסט. מיין קאָפּ איז שוין געווען פארשלאָגן... באַלד דערויף האָט זיך געוווּנדערט צו מיר עפּעס אַ לערער מיט אַזאַ מינע, ווי איינער רעדט: אויך מיר אַ מענטש! איך בין עס דער גרויסער קאָפּ, דער אָפּענער מוח. איך פרעג! פארשטייסט־דו? איך, איך פרעג. דרך־ארץ, אַזאַס; מיט אַזאַ מינע האָט ער זיך צו מיר געווענדט און מיך מכבד געווען מיט אַ פּסוק פון דאַנען, פון דאָרטן, ביז מען איז ארויף אויף אַ מעשה, אַקוראַט אויף דער באָבע יאַהאַ! איך האָב מיך פארדרייט, פארפּלאָנטערט, פארקראָכן קיין בוי־בעריק, די לערער האָבן מיר אָנגעטאָן כבוד, מיר געשענקט אַ גערעכטערל, שוין מיט אַ פריילעכער מינע, און דערמיט איז געוואָרן אַן עק פון מיין עקזאַמען, אַן עק פון מיין גאַנצער מי, אַן עק, אַ סוף פון אַלע מיינע האָפענונגען!

פאַר צרות האָב איך נישט געקענט איינזיצן אויף דער סטאַנציע און האָב מיר ארומגעבלאָנקעט אין דער שטאָט, אויסגעמאָסטן אַלע גאַסן און די הויכע שיינע בערג. איך פלעג קומען אויף דער קוואַרטיר נאָר וואָס־ס'איז אָפּצועסן און שלאָפן. עס רעדט זיך נאָר אַזוי שלאָפן! דער שלאָף האָט פון מיר זיך אינגאַנצן אָפּגעטאָן און איך פלעג צובראָכענע שרעק־לעכע נעכט, וואַרפנדיק זיך אויף מיין געלעגער פון איין זייט אויף דער אַנדערער! קוים האָב איך צוגעמאַכט אַן אויג, זע־נען פאַר מיר, ווי פון דער ערד ארויסגעוואַקסן עפּעס ווילדע געשטאַלטן, געקוקט אויף מיר בייז מיט זויערע מינעס — און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שפּיל, די גוטע שפּיל. ס'איז געקו־מען אַ קאָמעדיע, אין וועלכער איך פלעג זיין דאָס כפּרה־הינדל, קוקן ווי אַ האָן אין „בני־אדם", וואָס פאַר מיר נישט צו וויסן פון „בני־אדם" דעם טייטש, וואָס „בני־אדם" הייסט אַזוינס — און פילן, עפּעס דריי איך מיך, דריי מיך אין דער לופטן, געבונדן אויף אַלע פיר, ווי מען שלאָגט מיט מיר כפּרות. אייימאָל האָב איך בשעת אַזאַ שפּיל אַ קריי געטאָן, עפּעס נישט מיט מיין קול, און האָב פון מיין קריי זיך אַליין דערשראָקן, אַזוי אַז איך בין נישט טויט, נישט לעבעדיק אראָפּגעשפּרונגען פון מיין געלעגער און ארויסגעלאָפן צעקאָכט אין דרויסן. עס האָט מיר זיך געדאַכט, מען לויפט מיר נאָך אין איין קול: וואו איז ער ערגעץ?... כאַפּט אים!... לויפנדיק אַזוי הענדום־פּענדום. אין איין אָטעם, שלאָג איך מיך

אָן פּלוצים אין עמעצן עפּעס און דערפיל, ווי א קאלטע האנט האלט מיך אייזן־פּעסט. אקעגן מיר, גיב איך א בליק, שטייט אן אלטע באבע, א דארע, אָן א לויט פליש, נאָר הויט און ביין. אויף דעם אָרט פון די אויגן זענען צוויי טיפע לעכער, באברעמט מיט א שמוציק־געקנייטשטע הויט ווי יערכע, פון א מיתה־משונה־קאָליר, דאָס מויל אָפן ביז צו די אויערן, אָן איין צאָן, ליידיק, וויסט, נאָר וואָס דאָס צינגל אינווייניק ווארפט זיך, קרימט זיך צאפּלענדיק ווי א וואָרעם אין זיין גריבל. אויפן אָרעם הענגט איר א קויש מיט גרויסע לעבעדיקע ראקעס, וואָס קריכן אומגעלומפּערט איינע די אנדערע אויף די קעפּ, מאכנדיק מיט די הערנער, ווי די צוואנגען. זי קוקט מיך אָן שווייגנדיק, דאָס מויל ציט זיך איר אוים נאָך ברייטער. דאכט זיך, עס לאכט. משטיינס־געזאָגט, א לאכן, פון וועלכן עס לייגט זיך אויף דער נשמה א פינצטערער שאָטן מרה־שחורה און עס ווערט פארקילט אינעווייניק אין בויך... עס קומט מיר אויפן געדאנק די באבע יאהא, דאָס אומגליק מיינס שוין עטלעכע יאָר, וואָס שטייט מיר אין וועג אזן לאָזט מיך נישט אויפקומען. א קאלטער שוויים טרעט מיר אויפן לייב ארוים און עס ווערט מיר איבל נאָר צום חלשן. איך טו מיר אָן א כוח, גיב מיך א ריס פונעם אָרט און לאָז מיך לויפן ווי א דולער.

די באָבע יאהא האָט אויך מיר אָנגעמאכט אזא אימה, אז איך האָב לויפנדיק מיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן שטארק היטנדיק זיך, זי זאָל מיך נישט באגעגענען. געהערט האָב איך פון גאנץ לאנג, אז יאהא וואוינט אין דניעפּראָוויץ, און האלט שטארק אין דער מורא איטלעכן פון יענע מיט די לאנגע נעזער. לאָז איינער אזעלכער זיך איר נאָר א וויז טאָן, כאפּט זי אים ביי דער נאָז, טוט א פייף — קומען די גוטע לייט די מזיקים, רוחות. זי שלעפּט אים ביי דער נאָז און יענע שטופּן אונטער, ישובו בנים לגבולם, קומען די לאנג־נאָזנדיקע אין זייער רו אריין. פון יענער צייט אָן האָב איך אָנגעהויבן אַלץ טאפּן זיך ביי דער נאָז, באהאלטנדיק זי ווי ווייט מעגלעך פאר גרוים סכנות.

## דאָס ניינטע קאפּיטל

# ער האָט זי ווידער דערטאפּט

שפּאצירנדיק איינמאָל אויף דער גאס, דערזע איך פון דערווייטנס, ווי פּאָליציייליט שלעפּן עפּעס א מין בהמה און שלאָגן זי טויט־שלעג. לויט מיין שולדיקייט, ווי איינער פון דער חברה „צער בעלי־חיים" באדארף טאָן, האָב איך מיך באלד געלאָזט

גיין צו די פּאָליצייליים, בעטן אויף איר רחמים. אַז איך בין צוגעקומען נעענטער און אַ קוק געטאָן, האָט מיך באַשלאָגן אַ קאַלטער שווייס, — דאָס איז זי מיט די ביינער — מיט דער קאָלטענעוואַטער פּאה, מיט דעם גערגעלע און מיט דעם קרומען צאַקאַרדאַטשעטן רוקן! דאָס איז זי, זי — מיין אַלטע, מיין דאַרע, מיין בידנע שקאַפּע.

— פאַרוואָס — פרעג איך די פּאָליצייליים, — פאַרוואָס שלאָגט איר אַזוי אַ לעבעדיקע באַשעפעניש, נעבעך?

— נישט דיין עסק, טראָג זיך ווייטער, זלידניע!

— כ'בין אַ חברה־מאַן פון דער חברה „צער בעלי־חיים".

— איר פאַרשטייט?

— מיר פירן זי אין פּאָליציע, — ענטפערן מיר די פּאָליצייליים מיט אַ האַלב מויל.

— פאַרוואָס קומט נאָך שלאָגן?

— אָן אַ קלאַפּ האָט דאָס פירן עפּעס קיין פּנים נישט, אַזוי ווי אַ חתונה אָן כלי־זמר, — ענטפערן זיי מיט שפּאָט!

— עס איז דאָך אָבער אַ צער בעלי־חיים, טוט איר דען נישט וויי, אַז מען שלאָגט זי? ס'טייטש, איר שלאָגט דאָך אַ נפש, אַ מענטשלעכן נפש!

— וואַ־אַ־אַ־ס!? — רופן זיך אָן די פּאָליצייליים, אויסשטעלנדיק אויף מיר אַ בייז פּנים און בדקעוון מיך מיט די אויגן.

פון דעם דרייגאָרנדיקן „וואָס" און פון דעם בדקעווען מיך בין איך פאַרציטערט געוואָרן מיט די אברים, באַזונדערס מיט דער נאָז. און כמעט נישט וויסנדיק, איז מיין האַנט אַריין אין דער קעשענע, און פון דער קעשענע אין זייערע הענט און באַלד טאַקע זענען זיי געוואָרן ווייכער. און באַנוצנדיק זיך מיט זייער גוטסקייט, האָב איך זיי אַ פרעג געטאָן שוין ווי אַ גוטער באַקאַנטער:

— אָט־דאָס באַשעפעניש, — מיט וואָס האָט זיך עס פאַרזינדיקט?

— די בהמה דאַרף זיך ניט אַרומשלעפּן אין שטאָט. על פּי דין דאַרף זי ליגן אין שטאַל ביי זיך.

— למאי אַנדערע שלעפּן זיך אַרום אין די גאַסן דאָ?

— אָט, וואָס האָבן מיר דאָ צו רעדן? אַזוי הייסט מען און אָט אַזוי טוען מיר. איבעריקנס, אַז דו שטעלסט זיך דאָ אַזוי אַרויס, זאָג, אפשר איז דאָס דיין קליאַטשע?

איך האָב געוואָלט באַלד ענטפערן: יאָ, זי איז מיינע, די קליאַטשע איז מיינע! גראָד אָבער האָב איך אויף איר אַ קוק געטאָן און עס האָט מיך מיאוס פאַרדראָסן, ווי אַזוי זי שטייט זיך רואיק, אָן אַ פּיצל געפיל, גלייך ווי דער גאַנצער שמועס

גייט זי נישט אָן: גלייך ווי נישט זי מיינט מען, די וואנט מיינט מען; גלייך ווי זי טראכט זיך: נו, מילא, אז מען באַ־ליידיקט מיך, אז יענע מאכן חוזק, וואָס־זשע ארט עס מיך? אָדער גלייך ווי זי טראכט גאָרנישט, טאקע פשוט גאָרנישט. עס ליגט איר נישט מער אין זינען, נאָר ווי דערטאפּט מען ערגעץ עפּעס, אָנצושטאָפּן די קישקע. פאר פארדראָס האָב איך שוין געוואָלט זאָגן: ניין, זי איז נישט מיינע, מיר געהערן זיך כלל נישט אָן! האָב געוואָלט א שפּיי טאָן און אוועקגיין... נאָר באלד האָט זי מיך אָנגעכאפּט ביים הארצן, אזוי אז מיט פייער האָב איך א זאָג געטאָן:

— מסתמא איז זי מיינע...

וואָס טויג דאָ א סך צו ברייען פון מיין גאנצן שמועס דערנאָך מיט די פּאָליציייסקע? קורץ, איך האָב מיך מיט זיי אויסגעדונגען, באצאָלט, אָפּגעגעבן זייערס און אויסגעלייזט די קליאטשע פון זייערע הענט, נאָר באופן, איך זאָל זי ארויס־פירן פון דער שטאָט. אויב אָבער זי וועט זיך פּאפּאדן נאָכ־אמאָל פאר זייערע אויגן, מעג איך מיך ריכטן, אז דענסטמאָל וועט מיך שוין קאָסטן... טייערער.

איך האָב געהאלטן וואָרט און, נישט לאנג געטראכט, לאָז איך מיך מיט די שקאפּע אין וועג אריין.

שטעלט אייך פאָר מיין לאגע אויף דעם וועג, ערטערווייז גריבערדיק מיט שטיינער און מיט דערנער, גיי איך, שלימזל צופוס מיט א קליאטשע! איך פּלאָג מיך, ארבעט איבער די קרעפטן, גיי פּאָראויס, און זי קוים וואָס זי שלעפּט זיך, קוים וואָס זי הייבט א פוס. דאָס איז נאָך גוט, צו צייטן פאר־שטרויכלט זי זיך, שטעלט זיך אנידער, כאָטש האק זי און בראָק — נישט פון דעם אָרט! זי נעמט זיך גאָר אראָפּ פון דעם וועג און וויל פארקריכן ערגעץ אין א בלאָטע. וואָס טוט מען מיט איר? וואָס פאר אן עצה גיט מען זיך דאָ! איך נעם זי אָן ביי דער טשופּרינע און שלעפּ זי מיט גוואלד. איך ווער אָבער מיד זי שלעפּנדיק און גיי אָפּ מיט שווייס. עס רייסט מיר אויס דאָס הארץ זי צו שלעפּן. א רחמנות, עס מוז איר ווי טאָן! שלעכט, זייער א שלעכטער עסק! איך שטעל מיך אנידער מיט פארלייגטע הענט, שטארק אָנגעברוגזט אויף איר און בטל חלומות:

— פע, כ'לעבן! — זאָג איך אָנגעדרודלט, עפּעס ווי גלאט אזוי אין דער וועלט אריין. — איך האָב מיך נישט געריכט, כ'לעבן, זי זאָל מיר אָנטאָן אזויפיל צרות, אזויפיל לייד פאר מיין פריינטשאפט, פאר מיין גוטסקייט! איך קריג מיך דאָ פאר איר אזוי, האמפּער מיך און נעם מיך פאר איר אָן; איך פארוואָרף פאר איר א גוט וואָרט, בעט זי ווי־עס־איז אָפּ, מען

זאָל זי אזוי מיאוס נישט באהאנדלען; און גיי צוליב איר צופּוס ווי א בעטלער, כּבוד שווין אין א זייט, לייג אנידער מיין געזונט און פייניק מיך דאָ אזוי, וואָס איז? — בכדי זי זאָל זיך צושלאָגן צו עפּעס בעסערס, אויסצורוען, צו אָטעמען פריי — און זי מאכט מיר א פארפּוילטע לעבער, טוט מיר אין דער גאל אריין, ווי דער ערגסטער שונא! אדרבה, איך פרעג, איז דאָס רעכט, איז דאָס שיין? — פע כ׳לעבן! איך מאך ביי מיר גאנצע פּלענער און טראכט זייער פיל וועגן איר, אלץ וועגן איר, וועגן איר — און זי צעשלאָגט מיר אלע מיינע געדאנקען מיט איר איצטיקער אויפפירונג. איך זאָג איר: גיי! — שטעלט זי זיך אָפּ פון הינטן; איך שריי: גיי מיט דעם וועג! — קריכט זי אין בלאָטע. איך אדרבה ואדרבה — און זי אלץ קינדער־ווידער, אלץ קאַפּויר! אדרבה, איז דאָס רעכט, איז דאָס שיין? טפו! נאָר א געלעכטער, כ׳לעבן... איך ווייס זייער גוט, זאָג איך, נאָכדעם ווי איך שוויינ אביסל, טייטלנדיק מיט א פינגער גלייך איר אין פּנים אריין, — ווען איך זאָל מיך ארויפכאַפּן אויף דיר רייטנדיק, אָנטאָן דיר א צוים און א שמיץ טאָן, וואָלסט־דו זיכער געגאנגען, וואוהין איך וואָלט דיך געקערעוועט. פאר דעם, וואָס רייט אויף דיר, שקאַפּעלע, האָסט־דו דרך־ארץ, דו ציטערסט פאר זיין וואונק, פאר זיין בליק און שעצסט זיך איבערגליקלעך, אז דו שטעלסט אים צופרידן, ער מעג אפילו שינדן, אראָפּציען דיר די פעל; נאָר מיין הארץ אָבער דערלאָזט מיך נישט צו רייטן אויף דיר. לאָז מיר דער צונג זיך צוקלעפּן צום גומען, אויב איך וועל דיר זאָגן: טראָג! אויב איך וועל דיר דערלאנגען א שמיץ, בידנע שקאַפּע, לאָז מיר אָפּדאַרן מיין רעכטע האנט! באטראכט זיך נאָר גוט.

אזוי רעד איך צו דער קליאטשע מיט פייער, אזוי טענה איך און זאָג איר א דרשה פון דעם גאנצן הארצן, איך וויין פשוט ווי א קינד פאר ווייטיק, און זי שטייט זיך, שטשיפּעט גאנץ קאַלטבלוטיק גראָז ביי דער זייט פון דעם וועג. וואָס טוט מען? וואָס הייבט מען אָן? טענות העלפן נישט, דרשות טויגן נישט, עס איז נישט צו מאכן נישט מיט בייזן, נישט מיט גוטן. אוועקוואַרפן זי, — לאָזט מיך דאָס הארץ נישט, עפּעס האָב איך אויף איר שרעקלעך רחמנות און עס ציט מיך צו איר ווי א מאגנעט. איך נעם זי ווייטער ביי דער טשופּרינע און שלעפּ זי, אויף גאָטס באראָט, ווי ווייט איך קען. איך בעט גאָט, לאָזן ווייניקסטנס נישט דורכפאָרן קיין פרעמדע מענטשן און לאָזן זיי נישט לאכן פון מיר און פון מיין קליאטשע; לאָזן כאָטש פרעמדע נישט זען, וואָס צווישן אונדז גייט פאָר, לאָז עס כאָטש בלייבן בסוד, כאטע פּאָקרישקע! דאָס געבעט אָבער איז נישט מקוים געוואָרן. צום אומגליק האָבן זיך באַ־

דארפט א שאָט געבן פארשווינען פון אלע זייטן, אי פונעם איידעלן, אי פונעם געמיינעם גראד מענטשן. איטלעכער האָט דורכפּאָרנדיק אויף אונדז געטייט מיט די פינגער, געזאָגט א ווערטל אין געלאכט. דער האָט געזאָגט: וואו האָט איר עס דערטאפּט אזא לעבעדיקע קליאטשע? אזא כשרה מציאה? — יענער: וואָס האלט איר זיך, יונגער־מאן, נעבן אזא שלימזל! נייט אייך אייער וועג און לאָזט די נבלה אייערע צופרידן. וואָס דולט איר אייך אומזיסט א קאָפּ, איר וועט מיט אזעלכע גאָרנישט מאכן! זעט איר דען נישט, אז זי שמעקט שוין מיט קברות־בלעטלעך, מיט צדוק הדין? — נאָך איינער: אָט זעצט זיך אויף איר רייטנדיק און ברעכט איר די ביינער. נישקשה, וועט זי הייבן פיסלעך. וועט זי פליען. — און ווידער אן אנדערער זאָגט: נעמט די שקאפּע אויף די פּלייצעס, וועט איר, כ׳לעבן, בעסער מאכן!... ווי אזוי מיר איז געווען אויפן הארצן פון איטלעכן אזעלכע רייד צוצוהערן, ווייסט נאָר איין גאָט וואויל.

דערווייל איז אונטערגעפאלן די נאכט. דער הימל איז געווען איבערגעצויגן מיט א שווארצער כמארע. ערטערווייז האָט געבליצט און די קליאטשע האָט אלץ געמאכט די פריערדיקע אָנשטעלן. איך האָב זיך געאיילט, געוואָלט אָנציען ערגעץ אויף א נאכטלעגער, און דעריבער האָב איך אויף מיר גענומען, צו שלעפּן מיין שלימזל מיט אלע כוחות. נאָר הערט אָבער א מעשה! אז איך האָב זי א שטארקן צי געטאָן, האָט זי זיך אויפגעשטעלט גאָר דיבאָם, געענטפערט קוממיות און געברי־קעט. הע־הע! טראכט זיך: דו בריקעסט זיך, דו ווילסט מיך שלאָגן, טאָ האָב־זשע דיך א גוטע נאכט! שלאָף־זשע דיך אליין. איך וועל מיר אוועקגיין, וועל איך פּטור ווערן פון אלע צרות, וועל פארשפּאָרן פארשווארצט צו ווערן און צו זיין צום געשפּעט, צום געלעכטער אינאיינעם מיט דיר. באלד אָבער האָב איך צוריק מיך באטראכט: הע־הע! דו בריקעסט זיך, דו ביסט אין כעס, ווילסט מיך שלאָגן, גאנץ גוט; מסתמאָ הייבסט דו אָן צו פילן, מסתמא ארט דיך, און אז עס ארט דיך און הייבסט אָן צו פילן, איז דאָ א האָפנונג, אז דו וועסט, אם־ירצה־השם, קומען צום שכל — און דענסטמאָל וועט זיין גאָר עפּעס אנדערש!...

מיט גרוים ליבשאפט האָב איך געהאלדזט, געגלעט מיין קליאטשע און זי פאמעלעך, פאמעלעך געפירט, ביז מיר זענען געקומען צו א גרויסן, געדיכטן וואלד. אהינצו זענען מיר אריינגעגאנגען אויף נאכטלעגער.

## דאָס צענטע קאַפּיטל

# וואָס מיט ישׂראליקן האָט זיך פּאַסירט די נאַכט

אונטער א הויכן, א גרויסן בוים, האָבן מיר ביידע זיך געטאָן א וואָרף שטארק מיד און אָפּגעשוואכט פון אזא ביטער רייזע. נישט פאר אייך געדאכט! עס האָט געטאָן א בליץ, גלייך ווי דער הימל האָט זיך געשפּאָלטן און אָפּגעטוקט די וועלט מיט פייער. באלד דערויף האָט א הילך געגעבן א דונער און זיך אָפּגערופן ארום און ארום מיט שרעקלעכע קולות ווי פון טויזנטער הארמאטן. עס האָט זיך אויפגעהויבן א שטורעמווינט, ער האָט משונה געפייפט, געוויינט, געהיילט ווי הונגעריקע וועלף, גלייך ווי עס האָבן דעם טאָג זיך אויפגעגאנגען הונדערט מכשפים. דער אנטשלאָפענער וואלד האָט זיך אויפגעכאפּט שטארק דערשראָקן. עס האָט זיך אויפגעכאפּט איטלעכס גרעזעלע, איטלעכס צווייגעלע, איטלעכס בלעטעלע, אלע האָבן געגרעשט, געפּילדערט, געפּלוידערט אויף אלערליי קולות און פארמישטע לשונות. סאָראָקעס, וואָראָנעס און סאָוועס מים זייער גאנץ פּעקל האָבן אויך צוגעקרעכצט, צוגעשפּילט א וויינענדיקס. יעדער באזונדער האָט געקרעכצט, געזיפצט, געשריגן, איינער דעם אנדערן מבלבל געווען, ביז א שלאַקס־רעגן האָט מיטאמאָל איטלעכן פארשטאָפּט די מיילער.

שרעקלעך אזא נאכט אין וואלד, שרעקלעך, שרעקלעך!...

איך שפּאר מיך צו, איינגעהויקערט און צענטן צום בוים. דער רעגן וואשט מיך א שרעק, עס ציטערט מיר דאָס לייב, און צווישן די דונערן קלינגען מיר אין די אויערן יענע געטלעכע, קרעפּטיקע ווערטער אין תהלים.

ותגעש ותרעש הארץ ומוסדי הרים ירגזו...

עס וויגט די ערד זיך, שטורעמט אונטן,
עס ציטערן פון בערג די גרונטן —
קראַך־קראַך! אָט וואַליען זיי זיך איין,
ווייבאלד ער קומט איף כעס אריין.
פונעם נאָז אים זעצט ארויס א רויך,
א פייער פלאמט פונעם מויל ביי אים
און גליענדע קוילן פליען הויך,

עס ברענט, עס שרפהט אומעטום!
ער נייגט דעם הימל, גייט ארונטער,
א וואָלקן שפּארט די פיס אים אונטער.
ער רייט אויפן כ ר ו ב, ער פליט געשווינד
און שוועבט אויף פליגל פון דעם ווינט.

(תהלים י״ח—ח׳ יא)

אָט איז ער, גאָט! אָט זע איך א י ם באלד פאָרן דאָרט, דאָרט צווישן די צעריסענע כמארעס! — א שטיק שווארץ־געדיכטער וואָלקן, העל־ליכטיק ביי די קאנטן, טראָגט זיך דאָרט אויבן אין דער געשטאַלט פון א מוראדיק גרויס פערד, מיט א קלאָר־ווייסער גריווע אויף דעם טונקל־געפלעקטן האלדז. פון די נאָזלעכער, פונעם מויל פליען אים ביסלעכווייז פייער־דיקע בליצן, מיט א ציק הין־און־הער... דאָס איז ער — דער כ ר ו ב, אויף וועלכן עס זיצט רייטנדיק א שרעקלעך גרויסער העלד, א גביר, און א פורפור־קלייד, מיט לאנגע גרייז־גרויע לאָקן און מיט א לאנגער געגרייזלטער באָרד, ריין, ווייס ווי זילבער. נאָך אים ציט זיך א גאנצע מחנה, ריזן, עוג מלך־הבשנס, גוג־מגוגן, מיט אלערליי ח י ו ת, וועלכע איר ו ו י ל ט. אלע מיט ערנסטע פּנימער, אלע עפּעס פארטראכט, אלע איילן, יאָגן זיך פלינק, דער גוטער יאָר ווייסט וואוהין — און לאָזן נאָך זיך איבער אויפן הימל א בלויען, לויטערן שטעג. די לבנה שטעקט פון צווישן די וואָלקן ארויס א שטיק קעפּל און קוקט זיי נאָך פונדערווייטנס מיט אָפּשיי, ווי אן עלטסטער בשעת עס פאָרט דורך אין זיין אָרט א גרעסערער פּריץ פון אים... די ביימער בייגן אָן די קעפּ, בוקן זיך מיט גרויס דרך־ארץ, האָבן א פּנים ווי די אָפּגעשמיסענע — תרבית, שאַ־שטיל! און פונעם גרינעם בלעטער־מאנטל קאַפּעט זיי טראָפּנס וואסער, קאַפּ, קאַפּ אויף דער ערד, קאַפּ, קאַפּ מיר אויפן קאָפּ.

— אָ, הייליקער גאָט! לאָז איך ארויס א געשריי און פאַל כורעים אויפן פייכטן נאסן גראָז. —

א ווילד משונה קול עפּעס, ווי א היילן פון א הונט, א מיאוקען פון א קאַץ און א ברומען פון א בער, לאָזט זיך פלוצלינג הערן פון ערגעץ, אָנווארפנדיק אויף מיר אן אימה, אז איך בין פארציטערט געוואָרן און א שטעל געגעבן זיך אויף די פיס. שווער צו זאָגן: צי די קולות זיינען פון פיר פארשיידענע חיות, צי אפשר איז דאָס איין חיה, וואָס שרייט אויף פארשיידענע קולות. נאָך א ווייל — און א גערויש פון טריט לאָזט זיך הערן פון ווייטנס, ווי איינער גייט אין וואלד איבער טרוקענע בלעטלעך און צעבראָכענע צווייגלעך.

איידער נאָך איך האָב צייט געהאט באוואָפּענען זיך מיט א שטיק האָלץ, וואָס וואלגערט זיך דאָרט אויף דער ערד, טוט א בלישטש אויף מיר פון דער טונקלקייט ארויס א פּאָר אויגן, ווי די לאמטערנעס, און צוגלייך טאקע טוט זיך א ווייז א קאָפּ, אן אָפן מויל, א רויטע צונג, שארפע שפּיציקע שניי־ווייסע ציין, באלד דערויף א גאנצער גוף, און פּוץ — א גרוי־סער וואָלף פאר מיר, א שרעק אָנצוקוקן אים, א ברום — א שפּרונג — און איך בין אין די לאפּעס; איך בין געווען ווי א מויז צאפּלענדיק זיך אָן א נשמה ביי דער קאץ צווישן די נעגל. די טויט־שרעק, וואָס זענען מיך באפאלן די ערשטע ווייַלע ביים ליגן אין וואָלפס קלויען, זענען באלד פארשוואונדן און איך האָב געפילט עפּעס א מין טעם גן-עדן, וואָס צדיקים פילן עס ביי דער פּטירה זייערער. איך זע מיך ליגנדיק בשלום על משכבי, אויף מיין געלעגער אונטער א חופּה פון פּורפּור־וואָל, געבונדן מיט שטריק פון ליינען די הענט און די פיס; א גרויסער פּענכער אן אָנגעפילטער מיט אייז זיצט ווי א קרוין פון קריסטאָל מיר אויפן קאָפּ, און משרתים אין די ווייסע בגדי כהונה באדינען מיך מיטן גאנצן כוח; מען זעצט מיך אריין אין א בעטל פון מירמלשטיין און מען לאָזט אויף מיר א שטראָם עפּעס פון א מין וואסער אזעלכעס. די מאמע מיינע שטייט לעבן מיר אין מיין מחיצה, דער בעל־שם און די אלטע גויע להבדיל, אויך זיי דאָרט, עס שיינען זיי די פּנימער, די אויגן טריפן זיי טרערן פאר פרייד, צוזעענדיק דעם כבוד, וואָס מען טוט מיר אָן; איך קוועל־אָן קוקנדיק אויף זיי און זיי קוועלן־אָן קוקנדיק אויף מיר. נאָר אן אָנקוועלן אָבער אָן אן אויפהער, א שטענדיקע פרייד מיט א שיינענדיק פּנימל אָן אן עק, איז מיר געוואָרן דערווידער.—פּע, נאָר צום ברעכן, גלייך ווי א מאכל פון האָניק, צוקער מיט לאקריץ אינאיינעם. אזעלכער וואָס האלט שטענדיק אין איין הנאה האָבן איז, דאכט זיך, אזא שוטה, וואָס קיין גרעסערער פון אים איז שוין גאָר נישט דאָ. אויך די קרוין איז מיר געוואָרן לעסטיק אויפן קאָפּ. ווער איך אין כעס, מאך־צו די אויגן. כדי נישט אָנצו־קוקן די שיינענדיקע פּנימלעך מיט דעם שטענדיקן הנאה האָבן. און ערשט שפּעט אין דער נאכט האָב איך געכאפּט א דרעמל. איינגעדרעמלט בין איך געוואָרן אויבן, און אויפגעוואכט האָב איך זיך שוין אונטן, ערגעץ אין א וועלדל, עפּעס נעבן א הייל, באדעקט מיט גרויסע צווייגן סכך פון אלטע ביימער. נישט ווי איך בין ארויף אהין, נישט ווי איך בין אראָפּ ווייסנדיק אהער, קוק איך מיר ארויס פון צווישן די צווייגן און זע עפּעס א פרייען פּלאץ, אין דער מיט א פּיען, אין וועלכן עס שטעקט א מעסער און בלישטשעט אקעגן דער לבנה. א וואָלף לויפט

שפרינגענדיק הין און הער, און באלד האָב איך דערקענט — דאָס איז יענער, וואָס האָט פריער מיך געכאפּט. ער לויפט און קומט נאָענט צו צום פּיען, באטראכט אים שטיל ברומענדיק און לויפט ווידער אוועק, גלייך ווי ער לערנט זיך שפּרינגען. און צום סוף איז ער געבליבן שטיין, מעסט אוים די ווייטקייט צווישן אים און צווישן דעם פּיען, גורט אָן זיינע לענדן, טוט זיך פלינק א לאָז, און שפרינגט אריבער, איבער דעם מעסער, אויף יענער זייט, און דאָרטן ,איז ער געפאלן מיט א קלאַפּ, אויסציענדיק זיך ווי גרוים ער איז אויף דר׳ערד.

— ברוך דיין אמת! — האָב איך געזאָגט מיט פרייד. — געפּגרט דער וואָלף!

שטיי איך אויף און גיי טאָן דעם בר־מינן זיין רעכט — אָפּשינדן אים די הויט. ערשט אויף דר׳ערד דאָרט ליגט גאָר אויסגעצויגן עפּעס ווי א מענטש א געזונטער, א רויטער, מיט א געזונטן קארק, א גרויסער באָרד, מיט א טשופּרינע, א נאָז — נאָר א קירבעס, זיצט פארטיפט אין פּנים צווישן די אויגן, א קאָפּ ווי א לאַדישקע, און זעט אוים ווי א שכור ביים אויס־ניכטערן זיך. דערזעענדיק דאָס, האָב איך מיך דערמאנט אין דעם, וואָס חכמים געלערנטע זאָגן אין זייערע ביכער, איבער וואָלפקעלאקעס — דאָס זענען מכשפים און מכשפות, וואָס פארוואַרפן זיך אָין וועלף און נעמען צוריק אָן דערנאָך א מענטשלעך פּנים. פּונקט טאקע ווי דער דאָזיקער האָט אצינד דאָ געטאָן. און נישט נאָר פאר וועלף אליין קענען מענטשן זיך פארוואַרפן, נאָר זיי פארוואַרפן זיך אויך פאר הינט און פאר אנדערע חיות רעות און מזיקים און פאר מיני מיאוסע שרצים אזוינע. איך רייב אָן די הענט מיינע אין גראָז, ווי דער דין איז. און צי גוט אראָפּ דאָס היטל אויפן קאָפּ, און מאך א ברכה מיט גרוים כוונה:

„ברוך שנתן מחכמתו לבשר ודם!“

יענער בן־אדם זעט, ווי איך שעפּטשע שטיל מיט א פאַר־קרימט פּנימל, און מיט אויגעלעך פארגלאָצטע צום הימל, האָט ער א קוק געטאָן אויף מיר מיט רציחה. ער האָט געמיינט, אז דאָס וויל איך אים עפּעס אָפּטאָן מיט א שפּרוך, און וויבאלד איך האָב אים דערציילט, ווי דער אמת איז, און האָב אין טאָג אריין געריסט אונדזערע וואויל־געלערנטע, אז זיי ווייסן די קונץ, ווי מען פארשטעלט זיך, ווייסן אלצדינג. שרייבן איבער אלצדינג און רעדן איבער אלצדינג, האָט אים אָפּגעלאָזן דער כעס. אז איך האָב געזען, דאָס ער איז שוין נישט מער אין כעס, ער קוקט אויף מיר און שווייגט, האָב איך אים אריינ־גערוקט א האנט און געפּרעגט, ווי ער הייסט.

— איך הייס קאשציי, — ענטפערט ער מיר אונטער דער

נאָז, אויפשטייענדיק פון דר'ערד, גליכט אוים די ביינער, א שאָקל געבנדיק מיט דער טשופרינע.

— אזוי, קאשציי! — מאך איך שטארק פארוואונדערט מיט א שרעקנדיק האַרץ, בייגנדיק זיך פאר אים מיט א חניפהלע, כדי אים צו געפעלן, — אז וואויל איז דעם, וואָס זעט אזא מענטשן ווי דו, וואָס מיט אים קלינגט די וועלט. אפילו א מינדסט קינד קען אים שוין.

קאשציי שאָקלט צו מיר מיטן קאָפּ, א באווייז אז ער איז זייער צופרידן, און איך פויל מיך נישט און זאָג אים אָפּ אלע שבחים זיינע אין די אויגן, אזוי ווי ס'שטייט איבער אים גע־שריבן, און דערווייל טאקע מאך איך צו בלאָטע די באבע יאהא, מיט אנדערע די אלע חכמים און שטערנזעער, וואָס זיי קומען נישט צו זיין קנעכל, און האָבן דאָס נישט אין קאָפּ, וואָס ער האָט אין מינדסטן פינגער, אלץ אויף דעם שניט טאקע ווי א תלמיד חכם א ייד איז זיך נוהג. קאשציי האָט הנאה געהאט און האָט מיר געזאָגט גאנץ פריינדלעך:

— עס פרייט מיך זייער, ר' ייד, וואָס איך האָב דיך נישט אויפגעגעסן בשעת דו ביסט געווען ביי מיר אין דער לאַפּע. בשעת איך בין א חיה רעה, איז דאָס פאר מיר א יידן אויפ־צועסן דער געשמאקסטער ביסן. דיין טרפהנער מזל, וואָס דענסטמאָל איז מיר דער בויך געווען איבערפול. נו, גוט, אצינד קום, לאָמיר אויסטרינקען צוליב אזא גאסט.

אז קאשציי איז געוואָרן אביסל פארלעקט, האָט זיך אים פארוואָלט צו באווייזן די גרויסקייט זיינע. ווער און וואָס אזוינס ער איז. ער טוט א פייף און באלד ווערט א רעש, א געטומל, און עס לויפן זיך צונויף פלינק פון אלע זייטן סאָ־וועס, סאָראָקעס, וואָראָנעס, פלעדערמייז, קעץ, מאלפּעס, פרעש, סאלאמאנדרעס, יאשטשערקעס, מיני שלאנגען, עקדעשן, פּיפּער־נאָטערס, א שרעקלעך גרויס געזינדל, און דער גאנצער וואלד האָט געציטערט פון זייערע משונה ווילדע קולות. איך שטיי אין איין שרעק און עס ציטערט אויף מיר דאָס לייב. קאשציי טוט א בלאָז, — ווערט עפּעס א גאנצע איבערקערעניש — און פיינע נקבות, בילד־שיינע בתולות, יונגפרויען חנעוודיקע שטייען פאר מיר. פון אונטער קורצע באטיסטענע טוניקלעך, גוט צו־געשטאנען צום קערפּער, זעט זיך ארוים א קלאָר רויזנפארביקע הויט, די גלידער ווי אָפּגעטאָקטע, און עפּעס א חן ליגט אין איטלעכער באוועגונג זייערער. אויגן — פייער, נעמען דורך און דורך, בריען די נשמה, צעקאָכן דאָס בלוט — און דאָס האַרץ ציט, ציט, גייט אזש אוים. אזויפיל שיינקייט, אזויפיל חן, איז דעם מענטשנס האַרץ נישט אימשטאנד אויסצוהאלטן.

קאשציי טוט א זאָג — און ס'לאָזט זיך הערן א געזאנג.

נקבות צעגיסן זיך זינגענדיק אין לידער, לידער, וואָס כאַפּן אָן ביי דער נשמה און טראָגן, וואַרפן זי, פון איין פּאַליע צו דער אַנדערער פּאַליע, אין א ים פון קולות און שטורעמדיקע געפילן. בתולות און יונגפרויען מחנות־ווייז גייען אַרוים שוועבנדיק אין טענץ, אין טוניקלעך און שאַרפן פון גאַז, בלענדנדיק די אויגן מיט די פאַרבן פון א רעגנבויגן, מישן זיך אוים און ווערן ווי בייטלעך, בייטלעך רויזן אַלערליי שיינע בלומען. קאַשציי צעהיצט זיך, שפּרינגט אריין צווישן די טענצערינס, אריינציִענדיק מיך אויך אהין, און מיר ביידע טאַנצן אין קאָן. ער טאַנצט מעשה קאָזאַק, צוזעצנדיק זיך אויף די פּיסלעך, און איך העצקע מיך, דריי מיך, שטייענדיק אויף איין אָרט. ער זינגט אונטער „קראַסנאַיאַ דיעוואָושקאַ” און איך זינג מיר „מה יפית” מיט א בויג, מיט א דרייעלע. ס׳איז א געזינגעריי, א שפּילעריי, א טאַנצעריי, טוניקלעך פאַררייסן זיך שוועבנדיק אין דער לופטן, ווי זילבערנע דריידלעך, און אָרעמס און פיס ווי די מאַרמאָרנע זיילן בלישטשען, שיינען פאַר די אויגן, די קולות פאַרשטאַרקן זיך. דער עולם טאַנצט און איך שאָקל מיך שטאַרק בגילופין, טו א פאַל פאַרדולט, וויים נישט אויף וואַסער וועלט איך בין.

אויפוואַכנדיק זיך אויף מאָרגן פרי מיט באַגינען, האָב איך מיך געפונען ליגנדיק אונטער א בוים, טאָקע אויף דעם אייגענעם אָרט, וואָס איך בין פריער דאָרט געפאַלן. דער קאָפּ איז מיר געווען שווער, אויפן האַרצן נישט גוט און זייער צעטראָגן.

## דאָס עלפטע קאַפּיטל

# ישראליק באַקלערט די וועלט

א פריש געשמאַק ווינטעלע האָט פאַמעלעך געבלאָזן און פון די וואָלקנס, פונעם שטורעם איז נישט געווען אפילו קיין זכר. דער אָפּגעטובלטער, אויסגעצוואָגענער וואַלד איז געשטאַנען ווי א חתן־בחור אָנגעטאָן אין א נייער, גרינער זופּעצע, געמאַכט ערשט איצט אין פרילינג, און געשיינט, געלויכטן ווי דער ליכטיקער מאָרגנשטערן, וואָס האָט, לויפנדיק פאָראויס, געבראַכט די פריילעכע בשורה, אז אָט באַלד קומט צופאָרן די זון — די טייערע, גילדענע מחותנתטע, און די חתונה וועט זיך אָנהייבן! אַלצדינג אַרום־און־אַרום האָט געלויכטן געפינקלט, אַלצדינג האָט עפּעס ווי זיך צוגעגרייט. די ערשט נישט לאַנג

וויסטע שמוציקע ערד האָט אויסגעזען איצט נאָר א כלה, טאַקע מיט דעם גאַנצן פּוץ, מיט דעם חן, מיט שיינע בוקעטן און קרענצלעך שמעקנדיקע בלומען. אומעטום האָט אויסגעזען ווי יום־טובדיק און אומעטום האָט געשמעקט געווירץ, זיסע, ליבע ריחות פון בשמים.—שיין איז דער אָנברוך אויף טאָג וועסנע־צייט אין וואלד, שיין, זייער שיין!

דער באַרימטער כלי־זמר, דער סאָלאָוויי שטייט זיך דאָרט ערגעץ אין א ווינקל און שפּילט א וויוואַט לכבוד יום־טוב, און אינעם זיסן שטייגער זיינעם הערט זיך עפּעס ווי א וויינענ־דיקס, א צעגיסן זיך טיף פונעם האַרץ אין שטייגער, אין א געבעט, עפּעס נאָר טאַקע אַן „אל־מלא רחמים", וואָס די כלי־זמר שפּילן חתן־כלה, יתומים, נעבעך, אויף דער חתונה ביים באַדעקנס!

זיסער, ליבער סאָלאָוויי מיינער! וואָס איז דיר אזוינס, וואָס דאָ ביסט אזוי פאַראומערט? פאַרוואָס אין א פריילעכס אפילו, אז דו שפּילסט, וואַרפסטו אריין א ביטערן טראָפּן פון מרה־שחורה? פאַרוואָס אין דעם ים זיסן שטייגער דיינעם קאָכן — רוישן כוואַליעס ביטערע טרערן? ס'טייטש! ס'איז דאָך אַצינד פאַר דיר א לעבן, ביסט דאָך איצט א בעל־שמחה! דאָס ווייבעלע דיינס האָט ווי א באַלעבאָסטע צורעכט געמאַכט דאָס הייזל, צוגעגרייט א ווייך־פּריש נעלעגער און ליגט למזל אַצינד אין קינפּעט. אַרום און אַרום שמעקט מיט זומער, דער וואַלד איז אָנגעטאָן אין דער יום־טובדיקער גרי־נער קאַפּאָטע, די ערד אין דער נייער חתונה־קלייד קוקט־אַרויס ווי א כלה צו כאַפּן היים־וואַרעמע קושן פונעם חתן — און אָט אַצינד, אין אַזאַ צייט גראָד, קומט דיר אויס צו שפּילן א פריילעכס מיט א וויינענדיקס אינאיינעם!

אוי, איך פיל דיין האַרץ, ליבער, טייערער סאָלאָוויי מיי־נער! דאָס האַרץ פון א בריה א פּאָעט פילט דעם צער פון דער וועלט, וואָס איר פעלט, נעבעך, וואָס איר גייט־אָפּ — און דאָס, וואָס ער פילט, אָט־דאָס שפּילט ער, דאָס דערמאָנט ער תמיד אין פריידן, אויף שמחות. דו שפּילסט, אשטייגער, דיין ליבהאַרציקע ווייב א „מזל טוב" לעבעדיק, קנאַקנדיק, און אין מיטן קנאַק הערט זיך עפּעס א זיפץ, אַן אָפּקלאַנג פון א שרעקלעכן ווינטער בשעת וואַגלענדיק זיך מיט דיר אין גלות ערגעץ אין א פרעמדער לאַנד! דו שפּילסט דעם וואַלד, וואָס שיינט אין דעם נייעם גרינעם קאַפּעלושל זיינעם אויפן קאָפּ, און אינעם ליבלעכן צוואַווינטשעווען אים פילט זיך עפּעס א וויינענדיקע שטימע, א הספד אויף די פאַראיאָרדיקע בלעטלעך זיינע, וואָס פוילן, וואַלגערן זיך, נעבעך, אין שטויב אים צו די פיס. און אונדזער ערד, דער אויסגעפּוצטער כלה מיט

פרישע בלומען, ביסט־דו מזכיר נשמות מיט א טרויער אויף אירע קינדערלעך, וואָס זי האָט זיי און באַגראָבט זיי אַלע יאָר. ביסט מיר ליב, דו וועלט־באַרימטער זינגער, דו סאָלאָוויי מייַנער! אָט־דאָס טרויעריקע שטיקל אין דיין זיסן שטייגער — אָט דאָס טאַקע רירט מיך בעסער פון אַלע דיינע לידער. דען אויף צרות, אין טרויער האָט דאָך די מאַמע מיך געהאַט, אין טרויער האָט זי מיך פאַרוויגט, און דאָס ליד פון צרות, פון לייד, מיט וועלכן זי האָט מיך פאַרשלעפערט, איז מיר געבליבן דאָס ליד, אוי־ווי, אויף דעם גאַנצן לעבן! וואָס געהער איך שלימזלדיקער מיך אָן מיט פרילינג? וואָס פאַר א מחותן בין איך עלנדער מיט דעם גאַנצן יום־טובדיקן עולם — מיט דעם וואַלד דעם שיינעם, מיט דער פריש־בליענדער נאַטור דאָ? דער וועלטס פרייד איז נישט אויף מיר געזאָגט געוואָרן. אַז לייט לעבן אין נחת, איז אויף מיר אויסגעגאָסן א צאָרן. אַז ביי זיי אין גאַס איז א שמחה, איז אין מיין געסל א געוואַלד — בלוט, שרפות, פלאַם־פייער און רויך. אַז גרינוואַרג ווייזט זיך אין לאַנד און שפּילפּייגעלעך לאָזן זיך הערן, גייט ביי מיר א סדרה תעניתים יאָמער און קלאָג.

שפּיל, סאָלאָווייטשיקל, שפּיל! שפּיל א רירנדיקס, א וויינענדיקס, עס זאָל רייסן ,צופּן ביי דער נשמה!

דער סאָלאָוויי שפּילט, קלאָגט. זיין ניגונדל רירט מיר אויף אין האַרצן פאַרבאָרגענע סטרונעס. זיי ברומען, שרייען, רעדן ווערטער, און עס קומען מיר אַרויף אויפן געדאַנק אַלטע און נייע, ניט קיין פריילעכע זאַכן.

עס לאָזט זיך מיר הערן א זיפצן פון א פאַרווייטער נשמה — און א טרויעריק בילד, גלייך ווי עס לעבט, טרעט מיר אַרויס פאַר די אויגן.

אין ווינטער. וואָלקנס. ווינט און שניי. א מרה־שחורהדיקער טאָג. אונטערן טיש, אויפן לייסט, וואָס צווישן די פיסלעך, זיצט א „ציפּעטשקע", אונדזער הון. זיצט עלנד, אַליין פאַר זיך, דאָס קעפּל פאַרלייגט אונטערן פליגל. צייטנווייז דוכט זיך, זי שלאָפט, טוט זיך נישט קיין ריר. און צייטנווייז גיט זי א ציטער. עס שטעלט זיך איר פאָר דער זומער, גוטע טעג, ווען זי האָט געוואוסט פון א לעבן צו זאָגן. געאַכט, געליבט איז זי געווען ביי „הענדלען", איר מאַן, א הויכער, א שיינער, א העלד, א יונג מיט שפּאָרן, אויפן קאָפּ א קאַם ווי א קיווער. הענדל איז געווען אין איר פאַרקאָכט. אַלץ קוצעניו־מוצעניו, נישט אָפּטרעטנדיק פון איר טאָג און נאַכט. אַלע פרימאָרגן פלעגט ער זי אַרויספירן פון קאַטוך און געשפּאַצירט מיט איר אויפן הויף און אין גערטנער, געגריבלט זיך, געשפּילט זיך מיט איר אין זאַמד, געזוכט, גענישטערט און צוגעטראָגן איר, וואָס ער

האָט געפונען דאָרט. אויף אַלע ווייבער געזאָגט געוואָרן אזא לעבן, וואָס זי האָט ביי אים געהאט. זי האָט זיך געלייגט, געסוואָקעט און אויסגעפידעט הינדעלעך. צען קינדערלעך מיט־אמאָל האָט זי אויסגעפירט. א שיינעטשקע, פּוכלינקע, געלינקע. באלד ביים ארויסקריכן פונעם היי, שטיקלעך שאָלעכץ האָבן נאָך געקלעפּט אויפן געזעסל, האָבן זיי זיך שוין א שטעל געגעבן אויף די פיסלעך, א פּיפּס געטאָן — שלום־עליכם! הייסט עס אזוי אין דער וועלט אריין. די וועלט איז זיי געפעלן, א גוטע. א ליכטיקע, גאָר א מחיה. נו, האָבן זיי געלאכט לוסטיק, פריילעך, לויפנדיק אהין־אהער, וואוהין דאָס הארץ גלוסט, וואוהין די אויגן טראָגן. די מאמע איז איבערגליקלעך, נעמט זיי ארונטער אונטער אירע פליגל און שיצט זיי, ווארעמט זיי, און זיי דאנקען איר, פּיפּסענדיק גאָר פריינדלעך. דעם גאנצן טאָג פירט זי זיך מיט זיי ארום, וואו ערגעץ א שטיקל פלאץ, וואו ערגעץ א בערגל מיסט. זוכט, נישטערט דאָרט, און געפינט זי עפּעס, איז איין קול: גיכער, קינדער, גיכער, גיכער אהער צו מיר! פארבייגייענדיקע פלעגן זיך אָפּשטעלן קוקן אויף איר מיט דעם קליינוואַרג און שטארק הנאה האָבן. עס שטעלט ציפּעטשקע זיך פאָר פריערדיקע גוטע צייטן, פארלייגנדיק דאָס קעפּל אונטערן פליגל און זיצט רואיק.

און פלוצים גיט ציפּעטשקע א ציטער, שטעלט־אויף די פעדערן און איז אָנגעבלאָזן — עס קומט איר פאָר דער סוף פון איר גליק און דער אָנהויב פון אומגליק אירם. אין איין שיינעם פרימאָרגן כאפּט דער שפּארבער אוועק אירם א קינד און הייבט זיך דערמיט אויף אויך אין דער לופטן. זי, נעבעך, שרייט: פייגעלע, פייגעלע מיינס! נאָר שריי חי וקים, פארשוואונדן איז דאָס קינד. איין פעדערל גאָר זיינס, א פעדערל א ווייסינקע, מיט בלוט פארשמירטע, פאַלט אראָפּ אויף דער ערד און טרייבט זיך, וואַקלט זיך ארום פונעם ווינט. זינט יענער צייט קומט אן אויסכאַפּעניש אויך אירע ליבע עופהלעך און זיי ווערן וואָס ווייטער אלץ ווייניקער. איינעם א טכויר אויפגעגעסן, דעם אנדערן האָט א קאץ אָפּגעדרייט דאָס קעפּל, און דער, יענער, זענען אין דעם מענטשנס הענט אריינגעפאלן. פּרייטיק אמאָל קומט זי, די וויסטע מאמע, אין קיך אריין, פּיקן, ווי געוויינלעך, דאָרט, איז איר פינצטער געוואָרן אין די אויגן — אוי־וויי, איר טעכטערל א בתולה, א גוטס, א וואוילס, ליגט געקוילעט אויפן זאלץ־ברעטל! די קעכין שפּאלט איר אויף דאָס בייכל, נעמט ארויס די געדערעמלעך און טוט זיי א ווארף איר, דער בידנער מאמע, און דער קאץ, וואָס ליגט אויסגעצויגן אקעגן! פון אלע קינדער איז ציפּעטשקען געבליבן איינס נאָר, א יונג הענדל, קוים וואָס ס'האָט זיך אים אויסגעשניטן דאָס קעמעלע

אויפן קאָפּ. אז ער איז אַרײַן אין די פּעדערן, געװאָרן א בר־מצוה, א בר־קרייער, הייסט עס, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אויף א דין קולכל דאָס ערשטע מאָל געמאכט קוקוריקו, עפּנטלעך מיט דער פּאָמפּע. די מאמע האָט זיך גאָר גע־שמאָלצן און געזאָגט, אָמן! הלוואי „תרנגיאל", דער הינערישער ברוך־הוא וברוך־שמו, הלוואי, לאָז ער געבן, דו זאָלסט „פּאר־שטיין קרייען אויף טאָג", ווי דער טאַטע דיינער, דער חכם! — דאָס גאנצע טרייסט אירם איז געווען אָט דער תכשיט, ער און דער ליבער מאן אירער. זי האָט נאָר נישט פארלוירן די האָ־פענונג צו זען פּיל גוטס אין איר לעבן, נאָר ברייט און טיף איז דער לאָגל פון טרערן, זי האָט אים נאָך נישט אויסגע־טרונקען אינגאנצן.

אין דרויסן איז אָסיען־צייט. זי מיט דעם מאן, מיט דעם קינד שפּאצירן זיך ארום אויף דער גאס אינדרייען. זיי זוכן, שארן, פּיקן און פלוידערן. ביים קומען אהיים אָוונט־צייט כאפּט מען דעם מאן מיט דעם זון און מען בינדט זיי איר פאר די אויגן, שטוב־מענטשן נעמען זיי אָן ביי די פיסלעך און דרייען זיי איבערן קאָפּ. עס זיפּצן, קרעכצן די געפּענטעטע, נעבעך, און יענע דרייען, דרייען. דערנאָך, אָנגעמענדיק ביים קאם, טוט מען זיי א שליידער אויף דער ערד. דער שוחט טוט א כיק און „ציפּעטשקע" בלייבט עלנט — אוים מאן, אוים קינד!

עס רייסט מיר דאָס הארץ אויף דיר, אומגליקלעכע ציפּעטשקע! דו ביסט דאָך א היימישע, ביי אונדז אין שטוב אָן אויסגעוואקסענע, און פון אלע מיני פייגל אויף דער וועלט ביסטו דאָך, דו אליין, מיר די באקאנטע. איך האָב זיך צוגע־קוקט צו דיין שטייגער לעבן, זיך פאראינטערעסירט מיט אלצ־דינג, וואָס דו טוסט, וואָס דו מאכסט. און זינט איך האָב דיך געזען זיצנדיק אליין, פארלייגט דאָס קעפּל אונטערן פליגל, שטייט מיר דיין געשטאלט פאר די אויגן. ביסט פאראומערט, פארזאָרגט, טרויעריק. אז־אָך־און־ווי צו דיר, נעבעך, ציפּעט־שקע מיינע! דיין צער, דיין לייד — דאָס איז פון יענע לייט, וואָס אויף דער וועלט איז אָנגעשיקט געוואָרן זינט גאָט האָט זי באשאפן ביז אצינד. די לייד פון דער וועלט אָבער זענען אלערליי, איינע פון די אנדערע אליין מיט א שטאפּל העכער, העכער. און איך, אז אָך־און־ווי צו מיר, איך בין געפּרואווט געוואָרן מיט אלע — אוי, דורכגעגאנגען זיי אלע!

שפּיל, סאָלאָוויטשיקל, שפּיל, צעגים זיך אין שטייגער! עס ווילט זיך מיר אויסגיסן דאָ מיין הארץ, מיין ביטער הארץ.

דער סאָלאָוויי קנאקט — און עס טרעט מיר ארוים פאר די אויגן אן אנדער בילד, א פינצטערס, א טרויעריקס.

אָסיען־צייט. א קליין נידעריק הייזל. אינעווייניק חושך,

אָפּגעלאָזט, די בעט נישט פאַרבעט. קיין זאַך נישט אויף איר אָרט. דער אויוון נישט געהייצט. שוין לאַנג אַז מען זעט נישט קיין רויך פונעם קוימען. וויסט, פינצטער איז אין איטלעכס ווינקעלע. די וועגט דאָרט וויינען. אויף דער מילכעדיקער באַנק זיצט הינדע די אַלמנה. זיצט איינגעהויקערט, אין צרות, די פיס פאַרלייגט אונטער זיך. אָט שווייגט זי, איז שטום ווי די וואַנט, טוט זיך נישט קיין ריר. דער קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. די אויגן אויסגעשטעלט, קוקן פאַרגליווערט אין איין זייט. און אָט ווערט זי פאַרציטערט, כאַפּט זיך אָן ביים קאָפּ, יאָמערט און קלאָגט. נישט דערויף, וואָס זי איז אָרעם, קלאָגט הינדע. צום דלות איז זי געוואוינט. תענוגים האָט זי קיינמאָל נישט פאַר־לאַנגט, נאָך זיי נישט געבענקט, זיך באַגנוגט מיט דעם ביסל, וואָס זי האָט פון איר אַרבעט פאַרדינט. אויף איר זון, אויף איר לעצט פאַרלאָרן קינד — אָט אויף וואָס זי קלאָגט. פינף זין האָט הינדע געבוירן אין אַלע נאָר אויף צרות. דעם על־טערן האָט מען פאַר אַ רעקרוט גענומען. מענטשן, ווי דער שטייגער איז, איז דאָך קאַרג די וועלט, קריגט מען זיך, שלאָגט מען זיך, איינער אויפן אַנדערן וויל געוועלטיקן, דער יענעם וויל איינשלינגען, באַדאַרף מען דעריבער האָבן אַזוינע, אויף צו שיצן זיך פאַרן שונא, מיט אַלע מיני קלאַפּערגעצייג. איז דער זון אירער אַוועק צו הרגענען אָדער געהרגעט צו ווערן און אין נישטאָ ביז אויף היינטיקן טאָג. דעם צווייטן האָט דער מלאך־המות גענומען. אוי, האָט ער זיך, נעבעך, אָנגעליטן ביז די כשרע נשמה איז אים אַרויס! דער דריטער איז געוואָרן אַ קדוש. ניט אַ ווילדע חיה, ניט אַ וואָלף, אַ בער, האָט אים פאַרצוקט. אים האָבן געהרגעט מענטשן, פלייש און בלוט ווי ער. עפּעס אַ בייזע מהומה, אַ שגעון איז אויף דער וועלט גע־קומען — לייט ווערן פאַרווילדערט, פאַרשטאָפּט זייערע הער־צער, וואַרפן זיך ווי חיות רעות אויף ברידער, ברעכן, שטעכן משוגענערהייט, אָן רחמנות! דער פערטער זון. באַרויבט, דער־שלאָגן, דערניידעריקט, נעבעך, נעמט פאַר צרות די טאַרבע אויף די פּלייצעס, דעם שטעקן אין דער האַנט און וואָגלט זיך אי־בער ימים, מדבריות, ווייט אַהין, אַזש וואו דער שוואַרצער פּע־פער וואַקסט — און פאַרפאַלן ביז אויף היינטיקן טאָג! דער פינפטער, דאָס לעצטע אויג אין קאָפּ, איז אַצינד אין מלחמה־צייט אַריין אין דינסט, ערשט נעכטן פאַרלאָזט ער די וויסטע עלנטע מוטער און גייט אַנידערלייגן דעם קאָפּ ערגעץ אין עק וועלט... אָט אַצינד זיצט עס הינדע פאַרוויסט, פאַרפינצטערט, באַטראַכטנדיק דאָס גרויסע אומגליק, וואָס האָט זי און די קינדער געטראָפן. קינדער האָט זי געבוירן און אויף צרות נאָך געבוירן — אויף צרות איר און אויף צרות זיי, נעבעך!

ציפּעטשקע! דיינע הינדעלעך, ווי באַלד דערזעענדיק די וועלט, האָבן זיי פון דער וועלט גרויס הנאה געהאַט. נעכטן זענען זיי געווען נישט מער ווי אייער און אויף מאָרגן שוין מאַכנדיק פון זיך אַ וועזן, טאַקע גאָר ווי „אַלט־געזעסענע" — געפּיקט, גענעסן, זיך געשפּילט, לעבעדיק, פריילעך, געלאָפן, געדרייט זיך אַהין־אַהער, גלייך ווי זיי וואָלטן באַקאַנט געווען מיט דער וועלט שוין אַ צייט מיט יאָרן, ווייסן אַלצדינג וואָס מען באַדאַרף און וואָס מען האָט צו טאָן. דיינע עופהלעך האָבן געלעבט, געוואוסט פון אַ יוגנט צו זאָגן און וואויל באַקומען איז זיי די יוגנט. הינדעס קינדער אָבער, אַז־אָך־און־ווי צו זייער קומען אויף דער וועלט! מיט זיי אינאיינעם זענען עקומען זייערע יסורים, קרענק און אַלערליי ווייטיקן: בויכווייטיק, פּאָקן, מאָזלען, סקאַרלאַטינע. גענוג זענען זיי, נעבעך, אויסגעשטאַנען צרות, אַ שטראָף פון גאָט, ביז עס האָט זיך, זיי געעפנט די אויגלעך, און דערזען פאַר זיך אַ וועלט. איז, ווי באַלד נאָר זיי האָבן זי דערזען און געוואָלט אַביסל זיך שפּילן, צעפירן די הענטלעך, איז אויף זיי אַרויס אַ צאָרן, אַ ווייטיק, אַ שטראָף פון מענטשנס הענט. קינדער האָט הינדע מגדל געווען מיט פיל מי, מיט צער, פאַרבראַכט אויף זיי אין צרות טאָג מיט נאַכט און — קוים אויסגעהאָדעוועט, נעמט מען זיי ביי איר אַוועק. נישט קיין מאַמע איז זי, נישט קיין רעכט אויף אירע קינדער האָט זי, נאָר אַ דינסט איז זי — דעם מלאך־המותס און דעם עולמס אַ דינסט — אַ שפחה־כנענית הייסט עס, וואָס זי און די קינדער אירע געהערן נישט זיך. געבוירן זיי — האָט זי, די מי אויסצוהאָדעווען זיי — האָט געהאַט זי — קומט מען דערנאָך צום פאַרטיקן און מען נעמט זיי צו. איי, וואָס, די דאָזיקע דינסט פילט, האָט ליב, זי בענקט, זי גייט אויס נאָך די קינדערלעך — נאָר וועמען גייט עס אָן? נישט מער ווי אַ דינסט איז זי! הינדע אָבער איז נאָך אַ מוטער, אַ באַשעפעניש פאַר זיך, שלאָגט זי זיך אין האַרצן, רייסט אויף זיך די האָר פונעם קאָפּ, וויינט, קלאָגט— און דאָס ביטערע געוויין אירע גייט אין הימל אַריין!

שפּיל, סאָלאָווייטשיקל, שפּיל, אָבער פאַמעלעכן אַביסל! שרעקלעך שרייט אין מיר דאָס האַרץ, שרעקלעך ברומען, ציטערן אין אים די פאַרבאָרגענע סטרונעס, נאָר טאַקע צעשפּרונגען צו ווערן. עס צעלאָזט זיך הילכנדיק דער סאָלאָוויי אויפן העלדזל, און אויף זיינע שטורעמדיקע פאַליעס־טרעלן טראָגט זיך, רעשדיק, צעטומלט — מיין נשמה. עס טראָגט זיך, פליט מיר דער מח און בילדער איינע פון די אַנדערע פאַרשיידענע לויפן אים פאַרביי. אָט איז אַ וואַלד, פעלדער גרינע מיט תבואות, מיט בלומען. דער מאָרגנשטערן שפּיגלט זיך שמיי־

כלענדיק אין די טוי־טראָפּנס דאָרט, מאַכט חן — און באַלד קומט אפיר די שטאָט מיט איר טומל, מיט איר גערויש. עפּעס א מרה־שחורה, א חושך ליגט אויף איר. די זון, די לבנה — עפּעס נאָר ווי בגנבה כאַפּן זיי זיך אריין צו לייכטן דאָרט — די מויערן מיט די ענגע שמאָלע געסלעך פאַרשטעלן פאַר זיי דעם וועג.

עס שטעלט זיך מיר פאָר א טאָג אין דער שטאָט, ווי אזוי און מיט וואָס מענטשן ברענגען אים צו, מיט וואָס זיי שטייען אויף און מיט וואָס זיי לייגן זיך שלאָפן. עס שטעלט זיך מיר פאָר א פרימאָרגן: יידן שטייען אויף און קרעכצן! ווייסן נישט וואָס מען טוט, וואָס מען הייבט אָן, פון וואנען מען זאָל זיך דערנערן. זייערע פּנימער זענען בלייך, דער שטערן פול מיט קנייטשן, די אויגן ווארפן זיך אין אלע זייטן, גלייך ווי זיי זוכן עפּעס, אָן וואָס זיך אָנצוכאַפּן, אין וואָס זיך אָנצו־שפּארן, די כוואַליעס פון דעם טאָג זאָלן זיי, נעבעך נישט דערטרינקען. זיי זיפצן, זיי קרעכצן און קנייטשן, קנייטשן דעם שטערן.

עס שטעלט זיך מיר פאָר בייטאָג א יידנס שטוב, ווי דאָרט מאַכט זיך קיין רגע נישט צו די טיר, עס גייען אָרעמע לייט, יונגע און אַלטע, ווייבלעך, מיידלעך, און קליינע קינדער, איי־נער גייט ארויס, דער אנדערער קומט אריין. בתוך הבאים קו־מען אָן גבאיטעס מיט זייער חן. דערנאָך טוען זיך א לאָז שיינע יידן אין זיידענע קאַפּאָטקעלעך, פאָדערן געלט פאַר זייערע זכות אבות. נאָך זיי קומט אריין א מגיד, א נשרף, א ירושלמי, א משולח, אן עגונה מיט אַלטע, פאַרשימלטע כתבים. באַלד נאָכדעם קומט א שמש פון דער שול, מאָנט פאַר א שטאָט פאַר אן עליה, פאַר א „מי שברך", פאַר א „מלא", און פאַר א „נדר": ערשט אָפּגעפּארטיקט זיך מיט דעם, גיבן זיך איינער נאָך דעם אנדערן א שאָט א פּעקל פאַרשיידענע גבאים מיט פּושקעס אי אָן פּושקעס. איינער מאָנט מעמדות אויף ארץ ישראל, דער אנדערער עפּעס אויף תלמוד תורה, דער דריטער בעט אויף הכנסת כלה, דער פערטער אויף דעם הקדש, דער פינפטער אויף חברה משניות, דער זעקסטער אויף חברה נר תמיד וכדומה נאָך און נאָך חברות. בינתים קומען צוויי בכבודיקע באַלעבאַטים מיט ברייטקייט, רוימען עפּעס שטילער־הייט אין דעם אויער, זאָגן דערנאָך אויך אויף א קול מיט א זיפץ: היינט פאַרשטייט איר שוין, פאַר וועמען? און נעמען... נאָר אין מיטן דרינען קומט דער קהלשער שמש און מאָנט עפּעס צום רייסטער, דער דעפּוטאַט שטעלט נאָך א מאָל אריין א פּאָסטאַי, דער קצב זאָגט אָן מיט דער דינסט, אז פון איצט אָן, זאָל מען מוחל זיין צולייגן צו דער אָקס פלייש נאָך

צוואנציק גראָשן, מען האָט פאַרגרעסערט די טאַקסע... הכלל, מען רייסט פון אַלע זייטן, איטלעכער גיט א כאַפּ, א קניפּ, א צופּ, עס שטעלן זיך אין די אויגן טרערן, עס איז שווער אויס־צוהאַלטן.

— שפּיל, — סאָלאָווייטשיקל, שפּיל, איך וויל אביסל וויי־נען. עס שטעלט זיך מיר פאָר, ווי יידיש געלט, יידיש בלוט גייען לאיבוד, זיי גיסן זיך ווי וואַסער און ברענגען נישט קיין שום נוצן, משטיינס־געזאָגט, מה חסדנו, וואָס איז אונדזער חסד, אונדזערע צדקות?

אָט איז דער מאַרק מיט אַלע מיני נפשות זייגע, פון קליין ביז גרויס. דער מאַרק מיט זיינע סוחרים און מסחרים, מיט זיינע אָפּנאַרער און אָפּגענאַרטע, מיט די ווילדע תאוות, דעם נאַרישן כבוד, קנאה און שנאה, וואָס הערשן דאָרט. אָט טוט זיך א ווייז דאָס גאַנצע פּעקל קבצנים, מיני אביונים, דלפנים, געפאַלענע, אָפּגעקומענע, נויטבאַדערפטיקע, הונגעריקע, ליידנדע, קראַנקע, צעבראָכענע, דאַרע־קוואַרע, בלייכע מיט אויסגעצויגענע פּנימער. עס דרייען זיך אַרום טאַנדייטניקעס, הענדלער, מעק־לער, פאַרטראַכטע, מיט היטלעך פאַרריסענע, יידן מיט זעקלעך, יידן מיט שטעקעלעך, ליידיקגייער, בטלנים, אַלע לויפן ווי די משוגעים, נישטערן, זוכן פּרנסה, ווי ס'איז צו לעבן. צו דער־האַלטן די נשמה פון זייערע ווייבער און קינדער. אַלע זענען פאַרטראָגן, צעטראָגן, אַלע טראַכטן ווי אַרום עפּעס א פאַר־דינסטל צו דערטאַפּן און ביי יענעם מיט א המצאהלע אויסכאַפּן.

עס שטעלן זיך מיר פאָר רעדלעך פאַרשוינען, שיינע מענ־טשעלעך, וואָס האַלטן זיך ווי הינט, ווי וואָראָנעס לעבן טויטע און נבלות, וואָס לעבן פון יענעמס פלייש, פון יענעמס בלוט; מענטשעלעך, וואָס זיי זענען נישט ווערט קיין דרייער און גילטן פאַרט זייער שטאַרק; מענטשעלעך, וואָס איטלעכער קען זיי פאַר קליינעטשקע און זענען דאָך זייער גרויס; מענטשעלעך, וואָס זענען אין דער געמיינדע א מכה, וואָס מאַכן איר קאַליע דאָס בלוט און נאָגן זי אויס; מענטשעלעך, וואָס אָנקוקנדיק, דאַכט זיך, זיי זענען שטאַרק באַשעפטיקט, פאַרנומען מיט וויכטיקע עסקים, עס שוויצט זיי תמיד דאָס פּנים, שטענדיק פיל מיט סודות, מיט סעקרעטן, רעדן אויף דעם וואונק — און באמת זענען זיי סווישטשער, ליידיקגייער, גאַרנישטן, טויגע־ניכטסן; יענע מיני מענטשעלעך, וואָס דרייען זיך תמיד אַרום קהל, ווילן דער שטאָט רק איינברענגען. רק טאָן טובות, וואָס לייגן זיך איינגאַנצן אוועק פאַר דער שטאָט און לעבן בכבוד, עסן דאָס בעסטע און טרינקען א גוט גלעזל וויין; מענטשע־לעך, וואָס דרייען זיך אין די קהל־שטיבלעך, לעבן די גבירים,

אויף די אסיפות, אין די יאטקעס און אין די וויינשענקן; וואָס פירן די גאנצע קאָמאנדע ביי די וויבאָרעס. רוימען איטלעכן איין א סוד אין אויער און שרייען „זשעלייעם”, אָדער „ניעזשעלייעם” פאר כל ישראל; מענטשעלעך, וואָס וויטען זיך, נעמען אראָפּ דאָס היטל פאר איטלעכן טשינאָווניקל, פאר איטלעכן פריצל, וואָס קריכן תמיד זיך פאָרצושטעלן פאר א נייעם פאָליציי־מייסטער, ראפּאָרטעוועז תמיד מכה דער שטאָט; מענטשעלעך, וואָס זעען אויס ווי שרעקלעכע וועלף צווישן די אָרעמע בידנע שאָף אויף דעם מארק!...

אוי, ווי שרעקלעך דער מארק איז, וויפיל צרות, דאגות, לייד און פורעניות, וויפיל דערנידערונגען, חרפות, בזיונות, וויפיל פאלשקייט, שווינדל, שפיצלעך, קנייטשלעך, פאר דעם זינדיקן שטיקל ברויט! אָך, שווער, שווער ביטער קומט אָן דעם מענטשנס פרנסה! עס רייסט, רייסט מיר דאָס הארץ. א טרויעריקער, זייער א טרויעריקער ניגון.

פאמעלעך, סאָלאָוויי, פאמעלעך, נישט אזוי שטארק שפיל, זינגער! אוי, עס לאָפּניעט, עס האָט ביי מיר אין הארץ שוין געלאָפּניעט א סטרונע!

אומגליקלעך ביסט דו, מענטש, פארפלוכט ביסט דו פון אלע בהמות און אלע באשעפענישן אויף דער וועלט. דער אויבערשטער האָט דיך באשאפן מייסטעריש מיט מעלות פיל, בעסערע ווי ביי אלע אנדערע באשעפענישן זיינע, דיר טאקע לטובה, און דו האָסט מיט די מעלות טובות זיך באנוצט צו דיין רעה. פיל פארשטאנד האָט דיר, מענטש, גאָט געגעבן און דו האָסט זיך באגאנגען מיט אים נישט ווי מען באדארף. האָסט אָנגעהויבן פערעבענדעווען צופיל, קלערן, גריבלען זיך, אראָפּנעמענדיק זיך מיט דער זייט, האנדלען קעגן דיר אליין און קעגן דער נאטור. ביי צופיל חקירות איז צופיל פעלער. פון צופיל אויפטועכישן און נייע דערפינדונגען נעמען זיך פיל נייע צרות, מאנגל, צוואנג און אומגליקן. פיל נייע זאכן, אשטייגער, האָסט דו מיט דיין פארשטאנד ארויסגעבראכט טאקע דיר אליין אויף צרות — ארויסצורייסן ביי דיר פון די הענט ארבעט, פונעם מויל דאָס שטיקל ברויט, צו האלטן דיך אין דער קלעם, און צו פארקירצן גיך דיינע יאָרן! אומגליקלעך מאכסט דו זיך, מענטש, מיט דיין פארשטאנד און אומגליקלעך אויך מיט דיין לשון, מיט דער שפראך. אָט די גוטע מתנה, צו וועלכער דו האָסט זוכה געווען, אָט זי איז דיר באָקאָם אויסגעפאלן. דער הונט, אשטייגער, אָט דער דאָזיקער כלב, וואָס בילט אויף דיר דאָ, פונקט אזוי בילט אויך יענער כלב, זיין חבר, ערגעץ דאָרט... אין שפאניען, אשטייגער, איין אָנפאלן, איין געבילעריי, ביי אלע הינט. דער אייזל, וואָס אין

אונדזערע מקומות, עפנט א מויל און הירזשעט ווי אלע אייזלען אין דער וועלט. דער אייזל, יענער אייזל, וואָס מאכט עס אויס, אלץ איינס. אלע פרעש אין די טייכלעך און די בלאָטעס קוואַקען גלייך אומעטום אין איין צייט פון מצרים ביז אצינד און מענטשן, זיי זענען איינע צו די אנדערע פרעמד און דאָס איז א צרה זייער א גרויסע. אומגליקלעך ביסט דו, מענטש, מיט דיינע פאנטאזיעס. גאָט האָט באשאפן דעם מענטשן אין זיין געשטאלט ארייננגעבנדיק אין אים א מענטשלעכע נשמה פאר אלע מענטשן גלייך, האָסט דו זיך געקליגט, צוגעגעבן צו איר נאָך איינע עפּעס א בשותפותדיקע, א מין געמאכטע פאָלקס-נשמה, הייסט עס, באופן אז זיי זאָלן זיין קאָנטרע צווישן זיך אין פיל זאכן. דאָס וואָס די טאָרן נישט, מעגן יענע; וואָס דער רעכנט זיך פאר א חסרון, רעכנט זיך יענער פאר דער גרעסטער מעלה; וואָס פאר יענער איז דאָס א געבאָט, איינע פון די עשרות הדברות, איז עס פאר דער אנדערער נישט געזאָגט געוואָרן, און וויפיל צרות און שפיכות דמים קומט דורכדעם ארויס! אויך אין דיין פרומקייט, אין דיין גוטסקייט, דעם שטייגער אָרנטלעכקייט דיינעם ליגט אָפּט א הונט באגראָבן, און אומגליק פאר דיר.

א געטלעכער גייסט, דער גייסט פון וויסן און גאָטספּאָרכטיקייט שטראָמט ווי א פלייצנדיקער טייך פונעם הייליקן כסא הכבוד, שטראָמט צו באלעבן און גליקלעך צו מאכן א גאנצע וועלט מענטשן. שטייען גאָר אויף די ברעגן זיינע אויסגעשטעלט מילעכלעך און מיני פאבריקעם אלערליי. איטלעכע פון די פאבריקעם ציט דאָס וואסערל צו זיך, פארהאמעווענדיק, פארהאלטנדיק עס, כדי עס זאָל דרייען די רעדער פון דער מאשינע ביי זיך און צוליב זיך. דער מאטעריאל פאר די אלע איז איינער, איין רויער שטאָף — וויבאלד ער קומט אָן אויף דעם עולם, ווערט ער צוגענומען א טייל אין דער פאבריקע, א טייל אין יענער. דאָרט ווערט דער ניי-אָנגעקומענער שטאָף ארייננגעבראכט אין א פורעם אויסצוארבעטן פון אים א כלי שלמה. פון דאָרט גייט עס ארויס מיט דעם שטעמפּל דערויף פון דער פאבריקע אָפּט אזוי, אז עס שטייט אין וועג יענער, וואָס פון אן אנדער פאבריקע. די סחורות זענען פארשיידן, די קאָנקורענץ איז גרויס, איטלעכער וויל גילטן בעסער אויפן מארק, און דורכדעם קומט ארויס פיינטשאפט, האס, געשלעג, גזלה און רציחה, אוי, גענוג יסורים, צרות און לייד זענען דאָ אין דער וועלט פון זינט זי איז באשאפן געוואָרן, — קומען מענטשן אין לייגן נאָך צו זייערע פון זייער זייט!

פאמעלעכער, פאמעלעכער שפיל, סאָלאָוויי! עס האָט שוין אין הארצן געלאָפּניעט ביי מיר נאָך א סטרונע!

וויין, ישראליק, וויין! האָט מיט איטלעכן שפּיל דאָס וואלד־קלעזמערל מיר געזאָגט. עס האָט מיר זיך געדאכט — איך בין א חתן ביי דעם באדעקנס. חתן דומה למלך! — זאָגט דער בדחן אין דערמאנט מיר דערביי, אז איך בין א יתום... ישראליק, לאָזט ער אויס צום גראם מיט א רירנדיק קול: א יתום מוז אויף דער וועלט פון איטלעכן אויסשטיין זייער פיל; — וויין. ישראליק־לעב, וויין — קלעזמערל, שפּיל! א יתום ביסט דו ישראל און א חתן צוגלייך! — חתן, וואָס איז דומה למלך, און א יתום — א וואָרעם, געטראָטן מיט די פיס; דאָס קומט דאָך אויס ווי האָניק מיט גאל אויסגעמישט אינאיינעם. א יתום א שטענדיקער, געפאלענער, מיט כבוד פון א חתן אויף א ווילע: דאָס איז נאָר א שפּאס א ביטערער, א שרעק־לעבער שפּאס, וואָס רירט טיף ביי די לעבער. מיר איז שטארק נישט גוט אויפן הארצן, עס שווינדלט מיר אין קאָפּ און אלצ־דינג ארום מיר דרייט זיך און טאנצט, עס שפּרינגען געוויקסן אין די פעלדער, עס טאנצט דער וואלד, און דיביימער פליעס־קען צו מיט די צווייגן. עס נעמען זיך אויך צונויף און טאנצן מיני געשטאלטן — פון גבאים, שמשים און כלי־קודש, גע־שטאלטן פון צאפּעס, אָקסן, פערד און באָרטעס, אלע אינאיי־נעם, און פון דעם געשווינדן דרייען זיך ארום און ארום אין א קאראהאָד, שוועבן פליענדיק פּאות, ווײדלען, הענט, טשופּ־רינעס, פעדדישע עקן, און אויערן פון אייזלען! כ'הער קלעז־מער שפּילן, ליהודים, ל"ג בעומר, ס'איז חתונות ביי יידן, פּאָראויס לויפן ווייסע חברה הענדום־פּענדום. הינטן גייט א גרויסער עולם, ס'איז א געזעמל פון מקבלים, אביונים, קבצנים, דלפנים, טויגעניכטסן, קאליקעס, מלמדים, פּאר צעניאָרדיקע, פּאראיאָריקע און היינטיקס־יאָריקע באלעבאטימלעך, וואָס עסן קעסט. עס ברענגען הבדלות. דאָס פירט מען צו דער שול א חופּה, אומגליקלעך צו מאכן דאָרט א יינגל מיט א מיידל, וואָס וויסן נאָך גאָר נישט פון וואָס צו זאָגן. ביז שפּעט אין דער נאכט, זע איך, פירט מען חופּות, עס ווערן אָפּגעמאכט עפּעס א גוזמא חתונות. אלטע באָבעס פליעסקען, מחותנים טאנצן, דער עולם אוז לוסטיק, א פרייד, א שמחה! — מזל־טוב אייך, יידן, מיט שפּאָגל־ניי אָרעמע לייט! מזל־טוב אייך מיט א ניי פּעקל לײדיקגייער! מיט נייע קאנדידאטן אויף מלמדים, אויף מקבלים, אויף באנק־קוועטשער און אויף ניל־דענעאָדער־יידן! מזל־טוב אייך גאָר מיט א פריש צעטל פון קויטיקע גרעט: מיט אלע אייערע שמוציקע, פוילע און פוסטע מענטשעלעך; מזל־טוב אייך מיט פריש־צאפּלדיקע פּיאווקעלעך! גרייט אָן, יידן, בלוט, גרייט אָן געלט, געלט, געלט! —

געוואלד, סאַלאָוויי, געוואלד, נענוג, נענוג צו שפּילן! עס רייסט מיר

דאָס האַרץ, עס שפּרינגען, עס לאַפּניען אין מיר אַלע סטרו־
נעס!...

## דאָס צוועלפטע קאַפּיטל

# די קליאַטשע אַ פּירוש אויף איוב

— דיין קול איז עס, מיין גוטער, אַלטער באַקאַנטער?

— איך בין עס, מיין שלים־מזלדיקער פּרינץ, מיין בינדע, אומגליקלעכע קליאַטשע! — ענטפער איך צעוויינענדיק זיך.

— וואָס וויינסטו דו? — פרעגט זי, אַ שטאַרקן שאָקל געבנדיק מיט דעם האַלדז, גלייך ווי זי וואָלט פון זיך אַראָפּ־געוואָרפן אַ גאַנצן באַרג משא און מיך פריינטלעך אָנגעקוקט מיט אַזאַ פּנים, טאַקע נאָר ווי אַ מענטש. — דו האָסט גע־מוזט אויסשטיין און ליידן פון מיר צרות.

— אַך! — האָב איך געענטפערט. — מיינע צרות זענען גאָרנישט, דו האָסט זיי מיר געמאַכט אומגערן. דו ביסט, נע־בעך, נישט שולדיק. דיינע צרות, זעסטו דו, זענען אָן אַ ברעג, גרויס ווי דער ים. איך וויין קוקנדיק אויף דיר, מיין געפאַלע־נער, פאַרוואָגלטער פּרינץ. אַך, ביז וואַנען וועסטו דו אַזוי אָפּ־קומען, אַלץ זיך אַרומשלעפּן און פון איטלעכן אַלץ ליידן? ביז וואַנען, אַך, וועסטו דו זיין אַ שקאַפּע, דער וועלטס אייביקע קליאַטשע?

ביז וואַנען, — האָט זי געזאָגט, — מענטשן וועלן ווערן בעסער און קליגער, ביז וואַנען עס וועט אויפהערן אי אכזריות אי רחמנות, אי רעות אי טובות, אי צו־להכעיס אי צוליב־זאַכן, נאָר אמת און גערעכטיקייט אַליין וועלן הערשן אויף דער וועלט; ביז וואַנען עס וועט אויפהערן צו זיין אַ חילוק צווישן מענטשן, אַ וואָלף וועט וואוינען מיט אַ שאָף, אַ בער מיט אַ קו וועלן אינאיינעם זיך פּיטערן און אַ לייב וועט ווי אַ רינד עסן שטרוי; ביז וואַנען עס וועט זיך פעלן אַל־דאָס־בייז, די ניט־גוטע וועלן פאַרלירן זייער כוח און עס וועט אָפּ־געווישט ווערן טרערן פון איטלעכנס פּנים!...

— אַך! — האָב איך געקרעכצט. — עס איז נאָך צו־ווייט צו וואַרטן! ביז יענער צייט, האָב איך מורא, זאָל מען דיר דערווייל נישט דערגיין דעם עק, נישט אַרויסנעמען די נשמה!

— מיט מיר, — האָט זי זיך אָנגערופן, מיט מיר גייט עס אַקוראַט ווי מיט מיינעם אַן אַלטן חבר איוב, וואָס בשעת ער

איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם שטן אין די הענט, האָט גאָט דערנסטמאָל אזוי געזאָגט: שטן, וואָס דו ווילסט, טו מיט מיין איובן, שלאָג אים, טו אים אָן געבראָטענע לייד, מאך אים ברוין און בלוי דאָס לייב, נאָר זיין גייסט, זיין נשמה זאָלסט דו היטן!...

— איוב, — האָב איך א געשריי געטאָן, — דאָס איז טאקע דיין חבר, ניין, דאָס ביסט דו טאקע אליין! דאָס איז א משל אקעגן דיר. דאָרט שפּיגלט זיך אָפּ דיין גליקלעך לעבן פון אמאָל אין עושר און כבוד; דאָרט שפּיגלען זיך אָפּ דיינע יסורים, די רדיפות, די שטעכווערטלעך פון דעם עולם בשעת דיין גרויס אומגליק; דאָרט שפּיגלט זיך געטריי אָפּ איטלעכע זאך באזונדער. איוב ביסט דו! דו ביסט איוב מיט זיין שטן, מיט זיינע מכות, מיט זיינע פאלשע חברים, וואָס פאלן אויף אים אָן אין דער שלעכטער צייט און באשולדיקן אים, ער איז נישט גוט, ער איז נישט פרום... איוב איז דיין היסטאָריע. דער אָנהויב איוב און דער מיטן האָבן שוין ריכטיק ביי דיר זיך ארויסגעוויזן, זיין סוף וועט ביי דיר אויך, גאנץ זיכער, מקוים ווערן. דער שטורעם, אין וועלכן גאָט און די גערעכטיקייט וועלן זיך באווייזן, וועט, מיין איך, זיין א גרעסערער, א שטארקערער פון דעם, וואָס איז געווען ערשט נישט לאנג!...

— מען שמועסט, — האָט זי זיך אָנגערופן, — אז דאָס האָט טאקע אָנגעשריבן יענער בארימטער מענטש, וואָס האָט מיך אמאָל פון א קליאטשע צוריק פאר א מענטש געמאכט. ער האָט דערמיט געקוקט גאנץ ווייט!...

איך קוק מיך אום צו מיין קליאטשע — ערשט איך דערזע, זי ליגט אויסגעשטרעקט ווי א טויטע אויפן רוקן און סאָפּעט גאנץ שטארק.

— אָך! — האָט זי צו מיר זיך אָנגערופן מיט א קרעכץ. — זיי האָבן מיך גאָר פארמוטשעט. איך פיל, אז אלץ וואָס ווייטער גייען מיר אוים די קרעפטן. אין דער צייט, ווען עס עפנט זיך מיר אויף דאָס מויל צו רעדן, ווען איך הויב מיך אָן ארומצוקוקן אין אלצדינג צו באטראכטן, דערנסטמאָל הויב איך ערשט אָן צו דערפילן מיינע ווייטיקן... אך, זיי האָבן מיך שרעקלעך אָפּגעשוואכט, שרעקלעך קראנק געמאכט — איך פיל אין מיר נישט קיין גאנץ אבר, קיין גאנץ ביינדל! זייער שטארק האָבן מיך דאָ ערשט פארמוטשעט עטלעכע פארשוינדלעך, איך בין פון זייערע הענט קוים גאנץ ארויס מיט דעם לעבן.

— העלף מיר, איך בעט דיך, אביסל זיך אויפצוהייבן און אָנצושפּארן זיך אויף דער זייט. ס'איז עפּעס קיין דרך־ארץ נישט ווי איך ליג אזוי אויסגעשטרעקט, מחילה. איך קען מיך,

לאַ עליכם. אליין קיין ריר נישט טאָן. אוי, מיין קאָפּ, מיין קאָפּ!

— וואָס איז? האָב איך זי אַ פרעג געטאָן מיט רחמנות. — דער קאָפּ טוט דיר, נעבעך ווייִ?

— אוי, — האָט זי געענטפערט, — עס טוט מיר ווייִ איטלעכס אבר, איטלעכס גליד באַזונדער, מיין גאַנץ לייב און לעבן. עס טוט מיר ווייִ אי דער קאָפּ, דער קאָפּ, אי דער גאַנ־צער פֿאָדער־חלק, — דער פֿאָדער־חלק ווי אויך, מחילה, דער הינטער, הינטער חלק!...

— לאָז זיך פונדעסטוועגן גאָר נישט אָפּ, — האָב איך זי געבעטן. — מאָרגן. אַז מיר וועלן זיין אין דער שטאָט, וועל איך בעטן אַ דאָקטער, ער זאָל דיך באַטראַכטן און דיר עפּעס פאַרשרייבן.

— איי, איי! — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן זייער דער־שראָקן. — דערמאַן מיר נישט, איך בעט דיך, דערמאַן מיר נישט קיין דאָקטער! ווער קען נאָך אַזוי ווי איך די דאָקטוי־רים, די קאָנאָוואַלעס מיט זייערע רפואות, מיט זייערע פאַר־שרייבעכצן?!... ביי זיי איז באַלד לאָזן צו דער אָדער, בלוט אָפּצאַפּן און דורכציען זאַוואַלקעס. איך האָב שוין, ברוך־השם, אויף מיר אַ סך בלויע צייכנס פון זייערע פאַרשרייבעכצן. זעסט דו ביי מיר אָט די פרישע סיניאַקעס? דאָס האָט מיר נישט לאַנג געמאַכט אַ דניעפּראָוויצער קאָנאָוואַל מיט זיין קלאַפּערגעצייג און מיט זיין פאַרשרייבעכטס. ער איז פּשוט זיך מחייה, ווען עס מאַכט זיך אים אַ געלעגנהייט צו פאַרשרייבן. עס זענען דאָ זייער פיל אַזעלכע דאָקטוירימלעך, וואָס ווי באַלד נאָר עפּעס אַ מינטסטע זאַך, אַ קלייניקייט, האָבן זיי שוין ליב צו שרייבן, און שרייבן אָן אַ מגילה, אַ גאַנץ גרויסן בויגן...

— דערציייל מיר נאָר, — האָב איך זי געבעטן, — וואו ביסט דו געווען די גאַנצע צייט, זינט דו ביסט פון מיר פאַר־שוואונדן געוואָרן? ווער איז יענער פאַרשוין, וואָס האָט דענסטמאָל זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דיר רייטנדיק? פון וואַנען האָט ער זיך גענומען?

מיין קליאַטשע טוט זיך אָן אַ כח, הויבט אויף דעם האַלב קערפּער, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף די צוויי פֿאָדערשטע פיס, קוקט מיך אָן פריינטלעך, און הויבט אָן צו דערציילן:

— יענער, וואָס האָט אויף מיר זיך אַרויפגעכאַפּט רייטנ־דיק, — האָט זי אָנגעהויבן צו דערציילן, — דאָס איז געווען אַ לץ. נאָכדעם, אַז די דייטשלעך, די נישט־גוטע, לאָזן מיך אַביסל צורו, וואַקסט געוויינטלעך פּלוצים אויס אַ לץ, אַזוי ווי פון אונטער דער ערד, זעצט זיך אויף מיר רייטנדיק און טרייבט מיך איבער בערג, איבער טאָלן, איבער פעלדער, איבער

וועלדער, אבי נאָר איינער האָט געמאכט דעם אָנהויב, שפּרינגען שוין ארויס נאָך א סך לצים פון פארשיידענע געשטאלטן און פון פארשיידענע שטאנדן. עס ווערט א געשפּעט, א געלעכטער ביז דעם הימל, איטלעכער זאָגט א מימרא, א סליחה, נישט געשטויגן, נישט געפלויגן, איטלעכער גיט א פּייג און שטעלט ארויס א צונג. אלע פון גרויס ביז קליין זעצן זיך אויף מיר אָן און האָבן מיט מיר צו טאָן. פיל מאָל צעקריגן זיי זיך איבער מיר; איינער זאָגט, מען זאָל מיט מיר זיך נוהג זיין, אזוי, און דער אנדערער זאָגט עפּעס אנדערש; יענער זאָגט איך זאָל פליען אין דער לופטן, און דער ווינטשט, איך זאָל גיין דורך דער ערד. עס ווערט א ליארעם, א געשריי, א געפילדער, א מהומה, אז דער קאָפּ ווערט דול הערנדיק. אזוי שפּילן זיי זיך מיט מיר אָן, שרייען זיך אָן און דער „אייבי־קער וואפּראָס" וועגן מיר בלייבט טאקע אלץ נישט געפּעשעט. אין קאלעמוטנע וואסער, זאָגט דער עולם א ווערטל, איז גוט פיש צו כאפּן. דאָס איז אויך געזאָגט געוואָרן אויף מיר. אין מיטן דער בייזער מהומה כאפּט מיך דערווייל איינער פון דער חברה, פּאַרט אויף מיר ארויס אין דער וועלט, מאכט מיט מיר געשעפטן און הויבט מיך אָן צו פארקויפן צו פארשיידענע מענטשן. איר זאָג צו פארשיידענע, מחמת אין א קורצער צייט דין איך זייער פיל באלעבאטים. איידער איך האָב מיך נאָך נישט רעכט ארומגעקוקט ביי איינעם, קומט דער רוח און טראָגט מיך אוועק צו אן אנדערן. ביי וועמען, ווילסט דו, בין איך שוין דען נישט איבערגעווען? ווער האָט דען נישט גע־נאָסן און פון מיר נישט אָפּגעלעקט א ביינדל? הויב אָן פון א מינדסט פּריצל, פון א סאָטסקע, א קווארטאלנע וכדומה ביז עפּעס העכערס; פון א מגיד, א מוכיח, א מוסר־זאָגער, א ירא־שמים ביז גאָטס־סטראפּטשעס וכדומה אזעלכע טשינאָווניקעס צווישן די הימל־מענטשן; פון א לאקיי, א סמאָטריטעל, א פּיסמאָוואָדיטעל, א נאדזיראטעל ביז א דירעקטאָר אין די יידישע שולן; פון א שמש, א קהלשן שרייבער, א כאפּער, א סבאָרשטשיק, א פּאָווערני, א דעפּוטאט, א בעל־עצה, א בעל־טובה, אן אָנכאפּער ביז דעם בעל־טאקסע פון פליייש און סוועט־שנאָי־סבאָר וכדומה די גאנצע כנופיא קהל; הויב אָן פון א באהעלפער, מלמדים, שדכנים, ברחנים, בטלנים, טויזנטערליי גבאים, משולחים און שתדלנים, ישיבה־בחורים, פּרושים, לומדים, זיידענע מענטשן, שיינע יידן, טאטנס־קינדער, תהילים־זאָגער, משניות־לערנער, בעלי־תפילות, שופר־בלאָזער, דריידלעך־מאכער, פּורים־שפּילער, מצה־רעדלעך, ביז די דיינים, שוחטים, מנקרים, משגיחים, טוקערינס, קנייטלעך־לייגערינס, פעלד־מעס־טערינס וכדומה דאָס גאנצע כלי־קודש. אלע כסדר האָבן אויף

מיר זיך אַנגעזועצט, פאַר איטלעכן האָב איך, נעבעך, באַדאַרפט אַרבעטן און איטלעכן אויף מיר טראָגן, זיי קאָסטן מיך געזונט און לעבן, איך האָב פון זיי צו זינגען און צו זאָגן. ניכיי וואָלט מיין אַרבעט כאָטש אָנגעלייגט געוועזן — חלילה! וויפיל איך זאָל נישט אַרבעטן, איז אַלץ ווייניק, אַלץ קאַרג. אַ קאַ־טאָוועס עפּעס אַזאַ פּעקל, אַזאַ גרויסע הונגעריקע כנופיא! ניכיי וואָלט מיין אַרבעט כאָטש עפּעס נוצן געבראַכט — חלילה! איך אַרבעט, איך האָרעווע—פאַר וועמען? משטיינס־געזאָגט, פאַר וועמען?... מעשה שטן פאַל איך תמיד אַריין אַזעלכע לייט אין די הענט, זיי נעמען ביי מיר אַרוים דעם דם התמצית, פאַרשלאָגן מיר דעם קאָפּ מיט דעם מוח און מאַכן מיך אויסצודרייען. פון די לייט ווייס איך זייער פיל זאַכן, איבער זיי איז דאָ פיל צו שמועסן און צו פרעגן. נאָר נישט אַלץ אָבער וואָס מען ווייסט, קען מען רעדן, נישט אַלע קשיות קען מען פרעגן און נישט אויף איטלעכער קשיא באַקומט מען אַ תירוץ. וואָס זאָל מען טאָן? מען מוז אַמאָל זיך באַגנוגע־נען מיט איין תירוץ אויף אַלע קשיות: „עבדים היינו לפרעה במצרים", דאָס הייסט: פאַר אַ קליאַטשע האָט מיך געמאַכט דער קעניג פון מצרים!

— איין קשיא וועל איך דיך טאַקע פרעגן, — האָב איך צו איר געזאָגט. — ווי קומט עס, אַז אויך יענע פּריצים, וועלכע דו האָסט גערעכנט אין צעטל, זאָלן וועלן אין די הענט נעמען אַזאַ ווּיסטע, בידנע קליאַטשע?

— מעשה שטן, — האָט זי געענטפערט, — ווערן זיי פאַרבלענדט די אויגן. מעשה שטן, נאַרן זיי זיך און מיינען, אַז איך בין גאָר נישט קיין בידנע, אדרבה, אַ האָרעפּאַשנע, אַ קאַפּיטאַלנע קליאַטשע!...

— אומגליקלעכער פּרינץ, בידנע קליאַטשע! — האָב איך אַ קרעכץ געטאָן און מיך שטאַרק פאַרטראַכט.

## דאָס דרייצנטע קאַפּיטל

# אַ בריוו אין קאָמיטעט פון דער חברה „צער בעלי־חיים"

נאָכדעם אַז די שקאַפּע האָט אָפּגעדערציילט איר מעשה, האָב איך פון דעם גאַנצן האַרצן אַ זיפץ געטאָן און ווידער זיך פאַרטראַכט.

— עפּעס טראַכטסטו דו מיר היינט צופיל! — האָט די שקאַפּע צו מיר זיך אָנגערופן. — דו ביסט עפּעס זייער צע־טראָגן, לייג זיך צו שלאָפן און רו זיך, כ׳לעבן, אוים אביסל.

— איך זאָל שלאָפן ? ! — טו איך א זאָג מיט פייער. — איך זאָל שלאָפן בשעת דו ליידסט, בשעת דו קרעכצסט, בשעת דיר טוט ווייַ איטלעכם אבר ? ! איך זאָל שלאָפן אין דער צייט, בשעת דו באַדאַרפסט האָבן הילף, בשעת דו קענסט זיך, נעבעך, אליין פון דעם אָרט נישט רירן און מוזט האָבן עמעצן, וואָס זאָל דיר העלפן אביסל זיך אויפצוהייבן, זיך צו שטעלן אויף די פים ? ! אמת טאַקע, איך בין נישט דער מענטש, וועלכן דו באַדאַרפסט אייגנטלעך האָבן אין דיין נויט. וואָס קען אזא שלאַף מענטשל, ווי איך, דיר העלפן ? וואָס, משטיינס־געזאָגט, איז אינגאַנצן מיין כח ? קוים וואָס איך האַלט מיך אליין אויף די פים, מען קען מיך מיט א בלאָז אומוואַרפן. דו באַדאַרפסט האָבן איינעם א שטאַרקן, א בר־יכולת, א געזונטן און א געניטן. נאָר כל־זמן אָבער דער איינער איז נאָך נישטאָ, כל־זמן דו האָסט נישט קיינעם, טאָר איך מיך נישט מאַכן נישט־וויסנדיק און מיך לייגן שלאָפן. איך מוז אָנווענדן אַלע מיינע כחות דיר, נעבעך, כאָטש עפּעס מיט וואָס־ס׳איז צו העלפן. ניין, חלילה, ווי טאָר איך, ווי קען איך שלאָפן ? — איך, זאָגסטו, זאָל רוען ! אדרבה, איז מעגלעך צו רוען נאָך אַלצדינג, וואָס איך האָב געהערט און געזען ? קען איך רוען, אז אזעלכע גרויסע צרות שטייען פאַר מיינע אויגן, אז דאָס גאַנצע פּעקל ליידיקגייער, בלוטזויגער פאַרשלאָגן מיר דעם קאָפּ און דרייען זיך פאַר מיר, ווי שרעקלעכע מחנות היישעריקן ? אָט, אָט, דאַכט זיך מיר, פאַלן זיי אָן, צענעמען זיי מיך אויף שטיקלעך ; אָט גיט איטלעכער נאָר א קליינעם בים, עסן זיי מיך אויף און עס בלייבט פון מיר נישט קיין שריד ופּליט. ניין, זאָג איך דיר, איך וועל נישט שלאָפן, איך וועל נישט רוען !...

— דו רעדסט, — האָט מיין שקאַפּע געזאָגט און געשאָקלט מיט דעם קאָפּ — דו רעדסט מיט פייער ווי א יונגער מאַן, זיי מיר מוחל ; ווי איינער, וואָס האָט ערשט געענדיקט די קלאַסן. געוויינטלעך מאַכן זיי גיכער באַקאַנטשאַפטן און ווערן צו איינעם ווי צוגעזאָטן. עס טראָגט זיי אונטער דאָס מינדסטע פּיצל עוולה, זיי ווערן אש־להבה, רעדן פאַר פייער, פאַר וואַסער, נעמען זיך אין קאָפּ אריין זאַכן און מיינען דער־מיט, אז זיי וועלן די גאַנצע וועלט איבערשטעלן... איך האָב שוין אין מיין לעבן א סך אזעלכע געזען ; דערנאָך אז זיי ווערן אביסל עלטער, קומען אין דער וועלט, הויבן אָן צו פילן דאגת־פּרנסה, דענסטמאָל לאָזן זיי אראָפּ די נאָז, עס נעמט זיי

אָפּ דאָס לשון, און חוץ זייער אייגענעם אינטערעס גייט זיי ווייטער קיין שום זאַך נישט אָן. עס איז נאָך כאָטש גוט, אַז זיי אליין בלייבן ערלעך, פאַרקויפן נישט דעם אמת פאַר א גראָשן און שטייען נישט צו צו יענע לייט, מיט וועלכע זיי זע־נען פריער געווען קאָנטרע, פאַר זייערע קרומע גענג; עס איז נאָך גוט, אַז זיי לויבן נאָך כאָטש נישט די דאָזיקע לייט פאַר דער גאַנצער וועלט און זידלען נישט אָפּ, שיטן נישט אָפּ מיט פּריסעק זייערע פריערדיקע גוטע פריינט... מיט דיר וועט עס אויך אַזוי גיין. אצינד ביסט דו יונג, הייס ווי פייער, שפּעטער אביסל וועסט דו זיך אָפּקילן, וועסט מיך פאַרגעסן און גאַנץ רואיק שלאָפן. — וואָס וועט דיר אָנגיין אַזאַ בידנע שקאַפּע? שפּעטער, נישקשה, וועסט דו ווערן קעלטער און שטילער. דאָס איז שוין אַזוי על פּי דרך הטבע אי ביי מענטשן, אי ביי בהמות. קוק, אשטייגער אָן, א מינדסט קעלבל, ווי אַזוי שטאַרק זי דריגעט מיט די פיסלעך, ווי אַזוי שטאַרק זי פאַררייסט דעם עק און שפּרינגט, גאָר א מחבל. קוק זשע אָבער דאָס אייגענע קעלבל טאָקע אָן שפּעטער. ווען עס ווערט אַן אָקס, ווי שטיל עס איז, ווי עס גייט אָנבויגנדיק דעם קאָפּ אין דעם יאָך. וואָס מאַכט עס אויס? איטלעכער, כ'לעבן, ווערט שפּעטער אַן אָקס...

כ'לעבן! — האָב איך זיך אָנגערופן נאָך מיט מער פייער. — דו האָסט אין מיר, כ'לעבן, א טעות! איי, דו זאָלסט וויסן, וואָס ביי מיר אין הארצן איז, וואָס איך האָב שוין פאַר דיר געטאָן און דענק נאָך עפּעס ווייטער צו טאָן!

— וואָס דו האָסט געטאָן און וואָס דו דענקסט ווייטער צו טאָן! — רופט די שקאַפּע פאַרוואונדערט זיך אָן. — דער־צייל, אדרבה, דערצייל, לאָמיר הערן.

איך האָב אָקעגן א פּאָר מינוט זיך געבאָברעט אין דער בוזעם־קעשענע און ארויסבאַקומען פון דאָרט געשריבענע פּאַפּירן.

— אָט דאָס, — מאַך איך מיט אַן ערנסט פּנים, ארויס־גענומענדיק א בויגן פון די פּאַפּירן, — אָט דאָס וועט דיר באַ־ווייזן, אַז איך האָב ליב טאָקע צו טאָן, נישט נאָר אָפּקומען גלאַט מיט רעדן אליין, אַזוי ווי אַנדערע. דאָס איז מיין בריוו, וואָס איך האָב מכח דיר, פאַרשטייסט דו מיך, געשריבן צום קאָמיטעט פון דער חברה „צער בעלי־חיים”, נאָכדעם אַז איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט דיין ביטערער לאַגע.

די שקאַפּע מיינע שטעלט אויף די אויערן און איך לייען איר אויף א קול מיין בריוו מיט די ווערטער:

„די מידה פון רחמנות איז אַזוי גרויס און אַזוי שטאַרק אין דער מאָדנע היינטיקע צייטן, אַז מענטשן האָבן אָנגעהויבן

רחמנות צו האָבן נישט נאָר אויף מענטשן אַליין, היינו: זיי נישט פיינט צו האָבן, נישט צו פייניקן, נישט צו פאַרדרייען זיי דעם קאָפּ מיט דעם לעבן, ווי אין די אַלטע יאָרן, נאָר איטלעכן צו באַטראַכטן פאַר א ברודער, פאַר א חבר, פאַר א פריינט, גאָר קיין שום חילוק נישט צו מאַכן, פון וועלכן לאַנד און פון וועלכער אמונה ער מעג זיך זיין; נישט נאָר מיט מענטשן אַליין, זאָג איך, האָט מען היינט אָנגעהויבן זיך צו באַגיין מיט רחמנות און מיט מענטשלעכקייט, נאָך מער אפילו מיט בהמות, אפילו מיט זיי באַגייט מען זיך היינט מיט באַ־רעמהאַרציקייט און מען באַטראַכט זיי פאַר גאָטס באַשעפעניש, און וואָס דעריבער פאַרדינט טאַקע מיט רעכט היינטיקע צייט דעם נאָמען: „די צייט פון מענטשלעכקייט"..."

— מליצה, מליצה, מליצה! — פאַלט מיר די שקאַפּע אריין אין די רייד מיט געשפּעט. זייער שיינע מענטשלעכקייט! האָסט געמעגט אויך צושטעלן, אַז היינט נעמט איינער ביי דעם אַנדערן אַרויס דאָס לעבן זייער גרינג, גיך און באַלד, מיט גוטע ביקסלעך און קלוגע המצאות, וואָס דער באַרעמהאַרציקער דור האָט, לטובה פאַר די מענטשן, אויסגעטראַכט!

— וואַרט נאָר, וואַרט, — שריי איך פאַרפּלאָנטעט, — און לאָז זיך דינען! וואָס טויג מיר, וואָס דו רעדסט! העד אָקאָרשט ווייטער, ווייטער, און זיי מיך נאָר נישט מבלבל. ביי וואָס בין איך געבליבן שטיין? יאָ ביי דעם:

„היינטיקע צייט פאַרדינט מיט רעכט דעם נאָמען: „די צייט פון מענטשלעכקייט". דער כבוד פאַר אַזעלכע מידות טובות קומט אייך, רבותי, אייך, טייערע, דימענטענע און גוטע מענטשן, אייך, פירער פון דער באַרימטער חברה „צער בעלי־חיים"; דורך אייך זענען דאָך געהאָלפן געוואָרן אַזוי פיל לעבעדיקע באַשעפעניש, אַזוי פיל בהמות, אַזוי פיל עופות, דורך אייך באַגעגנט מען זיך שוין היינט מיט זיי בעסער, מענ־טשלעכער, אוים מאָדע פייניקן, שלאָגן, אָנטאָן לייד! אומעטום, אויף אַלע וועגן, אויף אַלע שטראָזן, אין אַלע שטעט, אין אַלע דערפער, אין אַלע לעכער, זענען דאָך היינט דאָ אייערע באַ־רעמהאַרצעדיקע משולחים, גוטע, פאַרשטענדיקע חברה־לייט, וואָס גיבן גוט אַכטונג און רעכענען זיך מיט איטלעכן אָפּ פאַר א מינדסטע באַליידיקונג, חלילה־וחס מען זאָל היינט באַ־לײדיקן!..."

— מליצה, מליצה, מליצה! — האָט די שקאַפּע ווידער איבערגעשלאָגן מיר די רייד מיט א גרויס געשפּעט. — אַז וואויל איז אייך, לעבעדיקע באַשעפעניש; אַז וואויל אייערע קינדער, וואָס איר לעבט אין אַזא דור, וואָס גוטע חברה־לייט זאָרגן זיך פאַר אייך! טאַנצט, בהמהלעך, טאַנצט!... אין דער

בוויניע, זיי מוחל, גיי אריין, וועסט דו הערן א קאָנצערט, וועסט הערן און זען, ווי הינער, געגדז, אינדיקעס וכדומה זינגען, שפּרינגען און צאַפּלען זיך פאַר גרויס פרייד! דאָרט שטייט גאָטס בן יחידל, דער מלך פון אלע באַשעפענישן, עפּעס א שוחטל, א פרום מענטשל, ער מאַכט א ברכה, גיט א כיק א האָן, און באלד טאַקע, אין דער הייסער רגע, פליקט ער אים אויס די גאַנצע פעדערן. דער האָן שרייט „אָמן", אויף א קול, און פאַרגייט זיך אַזש פאַר גרויס תענוג. ער וואַרפט זיך, ער צאַפּלט זיך נאָקעטערהייט, אמאָל טאַקע א גאַנץ היפּשע צייט ביז די נשמה גייט אים אויס, און אויסגייענדיק טוט אים משונה הנאה, וואָס ער האָט א זכיה, אינאיינעם מיט אלע הי־נער פון דער שטאָט איבערצולאָזן זיינע פעדערן בירושה דעם גוטן, דעם פרומען, דעם באַרעמהאַרצעדיקן שוחטל... גענוג אָנ־געפּאַקטע זעקלעך מיט פעדערן האָב איך, נעבעך, אין גלופּסק, ביי די שוחטים, איבערגעפירט. פון דער דאָזיקער ירושה, אזא טייערע, גילדענע ירושה — אָדער ווי ביי זיי הייסט עס חזקה־פעדערן — האָב איך גענוג געשוויצט, בין גוט פאַרשוואַרצט געוואָרן, עס טוט מיר פון איר וויי די ביינער!

— עט, עט! — האָב איך זיך אָנגערופן, פאַרפלאָמט און פאַרפאַליעט פון דעם לייענען. — עט, וואָס איז דאָס פאַר א שייכות? דו פאַרשטייסט, כ'לעבן, נישט דעם גאַנג פון שרייבן, האָסט דרינען נישט קיין געפיל. הער בעסער ווייטער, ווייטער, וואָס ווייטער שטייט געשריבן! שוויג בעסער און הער מיט קאָפּ, וואָס איך לייען. אָט וואָס איך שרייב ווייטער:

„און אַזוי ווי איך האָב דעם כבוד, אויך דאָס גרויסע גליק, איינגעקויפט צו זיין אין דער חברה, בכן איז אויף מיר מוטל אייך צו מעלדן מכח גאָטס א באַשעפעניש, וואָס עס האָט עפּעס גאָר קיין נאָמען נישט, וואָס איך ווייס אָסור אליין נישט, ווי איך זאָל עס אייך דאָ אָנרופן. זאָל איך עס אָנרופן קליאַטשע, איז עס, דאַכט זיך, — לאַכט נאָר נישט, איך בעט אייך, — איז עס עפּעס א מענטש; לאָמיך זשע עס אָנרופן מענטש, איז עס, דאַכט זיך, א קליאַטשע! נאָך א מאָל, רבותי, לאַכט פון מיר נישט! איך טראַכט עס נישט אויס פון דעם קאָפּ. פּשוט, דאָס מין באַשעפעניש לעבט אויף דער וועלט. עס איז א קליאַטשע. נאָר עפּעס האָט עס געפילן און אלע פּאָס־טעמקעס, אקוראַט ווי א מענטש. אז מען זאָל דאָס נעמען על פּי חקירה, קען מען אפילו אויסווייזן, אז „אין כל חדש תחת השמש", דאָס הייסט, אויף דער וועלט טרעפט זיך אַזעלכע זאכן. וואָס זענען דען געווען די פאַריער, אשטייגער אין אינדיע? טאַקע עפּעס מיני מענטשן, פאַררעכנט אפילו ווי די הינט... וואָס זענען דען געווען יענע, וועלכע עס האָבן אמאָל

געאַרבעט „פּאַנשטשינע״ — דאָרט אין אַמעריקע? אויך עפּעס נישט קיין מענטשן, נישט קיין בהמות, נישט־דאָ געדאַכט! וואָס באַדאַרפט איר מער, האָט דען ערשט נישט לאַנג איינער אַ גרויסער יעזואיט, פּאַטער בורנשטאַללער אין דער שטאָט פּעלדקירך, פּאַר גרוים כעס נישט געשטעלט דעם באַרימטן חכם אלעקסאנדער פֿאָן הומבאָלט אין דער מדרגה פון די בהמות? ער האָט פּשוט געמאַכט דעם דאָזיקן חכם פאַר אַ פּי, פּאַר אַ בהמה! אַ נס וואָס מען האָט באַצייטנס זיך אַרומגעקוקט, זיך שטאַרק אויסגעלאַכט, איז דערפון גאָרנישט געוואָרן... נאָר איך וויל מיך דאָ אָבער נישט אַריינלאָזן אין חקירות, אין די הויכע דרכים. אַזוי צי אַזוי, נאָר הנה זייט וויסן, אַז אין אונדזער קאַנט איז דאָ אַ מין באַשעפעניש, וואָס עס קומט, נעבעך, שרעקלעך אָפּ. דער וואָס באַדאַרף, אַרבעט דערמיט מעשים, האָט פון דעם הנאה; עס גייט אין דעם יאָך און טראָגט משא איבער די קרעפטן. פונדעסטוועגן באַנעמט מען זיך מיט אים זייער שלעכט, היינו: מען האַלט דאָס באַשעפעניש אָפּגעזונ־דערט פון דער שטאָט־טשערעדע, גלייך ווי עס איז אַ זאַראַזע. לאָז עס ערגעץ כאַפּן אַ לעק, עפּעס אַ ביסן, רייצט מען אָן הינט, מען שרייט: גוואַלד, עס גייט אין שאָדן, — און עס שיטן זיך אויף דעם שלים־מזל קלעפּ פון אַלע זייטן. אַ סך חברה־לייט זעען עס צו און — אַ חידוש! — זיי מאַכן זיך נישט־וויסנדיק, גלייך ווי אַזעלכס איז הפקר און געהער זיך כלל מיט דער חברה נישט אָן. איך האָב מיך געפּרוּווט אַ פּאָר מאָל פּאַר אים אַרויסשטעלן זיך, האָב איך געהאַט מיין ערלעך אויסקומעניש. געוואַלד, וועל איך שרייען, וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס? ! אָנגענומען אין דער סברא, אַז דאָס באַשעפּע־ניש, פון וועלכן איך שרייב דאָ, איז טאַקע נישט מער ווי אַ קליאַטשע, אַוועקגעלייגט שוין אַלע אַנדערע זאַכן אין דער זייט אָבער פאָרט איז זי דאָך גאָטס אַ באַשעפעניש, גישט ערגער פון אַנדערע קליאַטשעס. עס איז אויף איר, נעבעך, אויך אַ צער בעלי־חיים!...

„און איר, באַרעמהאַרצעדיקע גבאים פון דער טייערער חברה, וואָס אייער רחמנות איז אַזוי גרויס אויף אַלע חיות, אויף אַלע בהמות, דערבאַרעמט אייך אויך אויף דער וויסטער, אומגליקלעכער קליאַטשע! שטייט איר ביי אין אירע נויטן און נעמט זיך אָן איר קריוודע. שפּרייט אויף איר אויס אייערע פליגל און לאָז זי דורך אייך אויך געהאָלפן ווערן. לאָז די, שלימזלדיקע, נעבעך, אויך וויסן, אַז היינטיקע צייט איז נישט מער הפקר אַ וועלט. עס איז דאָ אַ חברה „צער בעלי־חיים״!...״

## דאָס פערצנטע קאַפּיטל

# אָן ענטפער, וואָס דער קאָמיטעט האָט אויפגעטאָן און דעם דאָזיקן ענין

די לעצטע ווערטער פון מיין בריוו: „היינטיקע צייט איז נישט מער הפקר א וועלט, עס איז דאָ א חברה „צער בעלי־חיים"! האָב איך אויסגעלאָזט אויף א קול, אזוי הויך, אזוי שטארק, אז עס האָט אזש געהילכט אין דעם גאנצן װאלד, גלייך ווי די אלע באשעפענישן דאָרט האָבן אָנגעקוואָלן הערנדיק אזעלכע ווערטער, פאר שמחה זיך ארומגענומען, איינער דעם אנדערן געזאָגט „מזל־טוב!" מיט אזא גוטער בשורה און א געשריי געטאָן: עס זאָל לעבן און געזונט זיין די חברה צער בעלי־חיים! דעם נאָמען פון דער חברה האָב איך באמת געהערט זיך אָפּרופנדיק גאנץ קלאָר אין דעם וואלד. די שקאפּע אָבער האָט געשוויגן, געשאָקלט דעם קאָפּ און געקוקט אויף מיר מיט א שמייכעלע, עפּעס ווי איינער זאָגט: איי, ביסט דו א לעסיש!... מיך האָט דאָס אפילו אביסל פארדראָסן, איך האָב אָבער ביי מיר געטראכט: עט, זי האָט אין שרייבן א קליינע ידיעה... פאָרט לא עליכם, אזוי פיל יאָר א קליאטשע.

איך האָב מיך א קראַץ געגעבן אין דער פּאָטיליצע, צענומען נאָך א בויגן פּאפּיר און געלייענט דאָס, וואָס דער קאָמיטעט פון דער חברה האָט מיר געענטפערט.

„אין אונדזער תשובה אויף אייער בקשה מכח דער קליאטשע, אָדער דעם באשעפעניש, וואָס מיר קענען גאָר נישט פארשטיין, וואָס פאר א מין שלים־מזל דאָס איז, זענען מיר, קאָמיטעט פון דער חברה „צער בעלי־חיים", אייך, ליבהארצעדיקער האר, מודיע, אז חוץ אייך זענען שוין צו אונדז אָנגעקומען א סך פּראָשעניעס פון פארשיידענע מענטשן אלץ מכוח דער דאָזיקער קליאטשע. א טייל קלאָגן זיך אויף די דאָזיקע, וואָס פּייניקן זי, באשרייבן איר שלעכטע לאגע און בעטן רחמים, אז מיר זאָלן געבן בפירוש א באפעל צו אונדזערע חברה־לייט, אומעטום, וואו די קליאטשע געפינט זיך, זאָל מען מיט איר זיך באגיין מענטשלעך, אזוי ווי מיט אלע אנדערע בהמות און באשעפענישן, וואָס שטייען אונטער אונדזער שוץ, גאָר אָן א שום אונטערשייד; מיר זאָלן איינמאָל פאר אלע מאָל אָנזאָגן, אז אין דעם דין פון רחמנות זענען בכלל אלע באשעפעניש גלייך, אפילו די קליאטשע אויך, און אז מען וועט זען, ווי עמעצער באהאנדלט זי שלעכט, זאָל מען מיט אים טאקע אויף דעם אָרט זיך אָפּרעכענען כפי הזאקאָן. צווישן דעם דאָזיקן טייל

געפינען זיך אויך אי אזעלכע, וואָס מאכן פון דער קליאטשע א גאנצן פירוש, פּלאַפּערן און פּלוידערן איבער איר עפּעס משונה ווילדע אגדתות, פּונקט, מחילה, ווי איר, ליבהארציקער האר. אקעגן־זשע ווידער א טייל שרייבן פּארקערט. „איר קענט נישט און איר באדארפט נישט", זאָגן זיי צו אונדז, „זיך אויפשטויסן מיט די דאָזיקע, וואָס דערלאנגען אזעלכער א מאָל א קלאַפּ, דער קלאַפּ איז זייער נויטיק, מען קען נישט אויסקומען אנדערש." לויט זיי זאָגן, פּירט זי זיך אויף עפּעס זייער ווילד, איר גאנצער הילוך איז נישט ווי עס באדארף צו זיין. וויל מען זי איינשפּאנען, ווי דער שטייגער איז, שטעלט זי זיך אויף דיבאָם, זאָגט קוממיות — פּארקוקט מען זיך אמאָל, שפּרינגט זי ארויס פון די האָלאָבליעס, ווארפט זיך אראָפּ די גאנצע משא, האָט ליב שטילערהייט א בריק צו טאָן, א ביס צו טאָן קליינע קינדער. זי מוז אויף זיך האָבן א בייטש, אָן א שמיץ איז גאָר אוממעגלעך מיט איר אויסצוקומען. היינט דערצו איז זי נאָך אומריין. עס הענגט איר נאָך א לאנגע קאָלטענעוואטע גריווע, עס יאטרעט זיך איר עפּעס אויף דעם קאָפּ, איז יאדעשליווע. מען קאָן זי אויף קיין סברא נישט לאָזן זיין צווישן אנדערע פערד, זי וועט זיי נאָך זיכער אָנשטעקן. און וואָס צום ארבעטן איז נוגע, טויג זי בשום אופן נישט צו איטלעכער ארבעט, נאָר עפּעס צו געוויסע, נישט קיין שיינע מלאכות. צי די אלע מעלות האָט זי נאָך שטארק ליב צו גיין אין שאָדן. נישט איינמאָל פארנעמט מען זי צווישן תבואות, וואָס זי פרעסט, צעטרעט זיי און טוט דערמיט די פויערן, נעבעך, שרעקלעכע היזקות אָן, בשעת אנדערע פערד, א סך שענערע, בעסערע פון איר, פיטערן זיך גאנץ פיין, ווי עס געהער צו זיין, אויף דעם גרינעם גראָז. עס איז דעריבער מסוכן אזעלכס צו האלטן אין דערפער. איר באדארפט אייך, כ׳לעבן, גאָר נישט ווילסנדיק מאכן, נישט זוכן זיך צו ייִנעם, וואָס איז אמאָל זי מכבד מיט א קלאַפּ. נישט אויף איטלעכן קאָן די חברה רחמנות האָבן. זי פארדינט, נישקשה, דעם קלאַפּ. זי איז אָן אָנשיקעניש, א פּלאָג פון זיין ליבן נאָמען!"

ביי דער קליאטשע, נעבעך, האָט זיך ארויסגעריסן א זיפץ טיף פון דעם הארצן, זי האָט אויפגעשטעלט די אויערן, אויפגעעפנט דאָס מויל, הערנדיק אזעלכע מסירות, אזעלכע בלבולים אויף איר. איך האָב אביסל מפסיק געווען בכדי צו כאפּן דעם אָטעם, דערנאָך האָב איך ווייטער געלייענט:

„נאָכדעם אז מיר, קאָמיטעט, האָבן גוט אויסגעהערטביידע צדדים און פון אונדזער זייט אויך פארנומען וועגן דער קליאטשע שטילערהייט „סוויעדיעניעס" דורך אונדזערע חברה־לייט, האָבן מיר די גאנצע „דיעלע" מכח איר מיט אלע פּא־

פירן איבערגעגעבן א באזונדערע קאָמיסיע, זי זאָל עס ריכטיק באקלערן און געפינען גוטע מיטל, ווי מען זאָל די זאך פאַר־בעסערן. די קאָמיסיע האָט אין דער זאך שטארק געארבעט, און פון איר זייט אויך חוקר ודורש געווען ביז זי איז, ברוך־השם, געקומען אויף א שטייגער."

— עס וועט שוין אמאָל אן עק, א סוף נעמען די פוסטע רייד? — האָט די קליאטשע א פרעג געטאָן. — עס ווערט, כ'לעבן, נישט גוט הערנדיק.

— נישקשה, וועסט באלד הנאה האָבן, — האָב איך גע־ענטפערט און ווייטער געלייענט:

„אין איר „דאָקלאד" האָט די קאָמיסיע אונדז פאָרגעלייגט איר חוות־דעת מיט די דאָזיקע ווערטער: קודם כל, זאָגט זי, זאָל מען דער קליאטשע אראָפּנעמען די קאָלטענעס, לאָז זי באמת ווערן אביסל ריינער. בכדי אויסצומיידן א סך סכסוכים וועגן דעם ענין און צו פארבעסערן איר צושטאנד אויף להבא, מוז מען, נאָך אונדזער מיינונג, זען, זי זאָל נישט זיין אזוי פארגרעבט. מען באדארף איר שטעלן א גאנג — זי בילדן און אויסלערנען, ווי צו שטעלן א פוס און נאָך זאכן. דענסטמאָל ערשט לאָז זי זיך באנוצן מיט אונדזער רחמנות; ערשט דענס־טמאָל, אז זי וועט קענען די אלע קונצן, וועלכע מען פאר־לאנגט פון א געלערנטער קליאטשע, דענסטמאָל וועט די חברה איר ביישטיין און נישט צולאָזן, מען זאָל זי גראָב באהאנ־דלען. דערווייל מוז מען אכטונג געבן, אז פון די פעלדער מיט תבואות לאָז זי, בכל־האופנים, זיין אביסל דערווייטערט, טאקע פון איר טובה וועגן. דאָס הייסט, ווי די מעשה איז, גייט זי, אָדער גייט זי נישט אין שאָדן, דערווייל לאָז מען אויף איר נישט אָנפאלן...

„דער דאָזיקער פּלאן פון דער קאָמיסיע איז אָנגענומען גע־וואָרן און מיר האָבן שוין פון אונדזער זייט געטאָן אלצדינג וואָס מעגלעך איז אים, מיט גאָטס הילף, אין קורצער צייט אויסצופירן.

„אינדעם אז מיר זענען אייך דאָס מודיע, קענען מיר זיך נישט איינהאלטן נישט צו דאנקען אייך, בארעמהארציקער האר, פאר אייער געטרייישאפט, מיט וועלכער איר דינט תמיד דער חברה, און פאר אייער גרויס רחמנות, מיט וועלכער איר זאָרגט זיך שטענדיק פאר די אומשולדיקע, אומגליקלעכע באשעפענישן, נעבעך. דער קאָמיטעט, נישקשה, האָט אן אויג און פארשטייט, אזעלכע נוצלעכע מענטשן ווי איר צו שעצן. א. אז. וו."

קוים נאָר־וואָס געענדיקט דעם דאנק, וואָס דער קאָמיטעט גיט מיר, דערהער איך אין וואלד א געשריי. מיינענדיק, טאָ־מער איז עס דאָרט א חיה רעה אָדער א גזלן, וויים איך וואָס

אין א וואלד קען זיך מאכן! טו איך מיך א כאפ צו דער בוזעם־קעשענע, רוק זיך ארונטער בעסער אונטער די צווייגן און זיץ אין שרעק, אין איינע צרות. דאס קול האט ווייטער, ווייטער געלאזט זיך בעסער הערן און נאך אין א פאר מינוט ארום איז פון דעם וואלד ארויסגעפארן א פויער מיט א גרוי־סער פור האלץ. ער האט געשריגן, געפלוכט און געשאלטן, גע־שלאגן טויט־שלעק זיין קליין פערדל, נעבעך, וואס אים איז שרעקלעך שווער געווען צו שלעפן אזא משא און פלעגט זיך אלץ אפשטעלן. עס איז מיר אראפ ווי א שטיין פון הארצן. ווי באלד אן סכנות, בין איך באהארצט ארויס פון דער בא־העלטעניש, צוגעגאנגען צום פויער און זאג אים:

— טשויעש! פאר וואס שלאגסט דו אזוי דאס פערדל, נעבעך? א רחמנות. מען טאר אזוי נישט שלאגן.

— שטשא ווין טאם קאזשע נעמאזשנא! — האט דער ערל שטארק פארוואונדערט געענטפערט און זיך גענומען ווײ־טער צום פערדל, נעבעך.

— אן הענט! — מאך איך שוין טאקע אביסל אין כעס.

— קיין ריר זאלסט אים נישט טאן!

— ווער הערט דיך? וואס פאר א רעכט האסט דו צו מישן זיך נישט אין דיין זאך און נישט צו לאזן מיר שלאגן מיין כודאבע? — ענטפערט מיר דער פויער מיט עזות.

— איך בין איינער פון דער חברה „צער בעלי־חיים”! — האב איך געענטפערט מיט גדלות און געמיינט, דער ערל וועט זיך איבערשרעקן און אראפכאפן דאס היטל.

דער רוח זאל דיך וויסן מיט דיין חברה! טשעפע זיך אפ, משוגענער, צו אלדי שווארצע יאר! איך האב דא נישט קיין צייט צו טענהן. דעם וואגן האלץ באדארף איך ברענגען אין דער שטאט נאך גאנץ פרי.

— דאס פערדל אבער קען נישט שלעפן אזא אנגעלאדע־נעם וואגן.

— נו, שפאן זיך איין און העלף אים שלעפן, אז דו ביסט אזא וואוילער.

— ווארף אראפ אביסל האלץ.

— באצאל מיר, וועל איך אראפווארפן.

— הערסט דו, חכם! באצאל אים! פאר וואס זאל איך דיר באצאלן?

— צי ביסט דו משוגע, צי שיכור, צי ביסט דו א לץ, צי וואס? טפו! טשעפע זיך אפ, זלידנע, צו אלדי רוחות! — רופט דער ערל זיר אן שטארק אין כעס און טוט א שמיץ דעם פערדל.

— איך בין א חברה־מאן! איך וועל דיך נישט לאָזן, הערסט דו?

— איך וועל דיר ברעכן א ביין, משוגענער! צו אלדי שווארצע יאָר מיט דיינע חברות! האָט דער פויער נעפּלוכט, נעשאָלטן און שוין געהאט בדעה מיך א שמיץ טאָן מיט דער בייטש.

איך בין נישט־טויט, נישט־לעבעדיק אנטלאָפן און האָב זיך נעזעצט אויף מיין פריערדיק אָרט.

## דאָס פופצנטע קאפּיטל

# לערן זיך טאנצן!

א היפּשע צייט בין איך מיר געזעסן שטיל און דער צונג האָט מיר זיך נישט געלייגט צו רעדן א וואָרט. דערנאָך האָב איך מיך אביסל אויסגעהוסט און א פרעג געטאָן די קליאטשע:

— הא, וואָס זאָגסטו דו צו דער חברה? ווי גוט, ווי פיין זי איז, ווי זי האָט דיך אין זינען און וויל פארזאָרגן דיין תכלית! זי וויל דיר פארריכטן דאָס מזל, אז ווייטער זאָל מען דיך אזוי שלעכט נישט באהאנדלען. נאָר דאָס ווענדט זיך אָבער אויך א סך אָן דיר. דיין גליק, דיין בעסערע מערכה הענגט פיל אָפּ טאקע פון דיר אליין. ווען דו וועסט פאָלגן, אָננעמען אלע פּאָסטעמקעס, אלע גענג פון געלערנטע פערד, וועט דיר, אם ירצה השם, שפּעטער זיין גוט. אנשטאט די גראָבע מלאכות וועט מען דיך געברויכן צו שיינע און גרינגע ארבעט. ווער ווייסט, וואָס מיט דער צייט קען זיך מאכן? עס קען נאָך ווערן פון דיר א לייט און זאָלסט באקומען גאָר אן אנ־דער פּנים. הא, וואָס זאָגסטו דו?

איך בין ביי מיר זיכער געווען, אז די קליאטשע וועט גאָר אָנקוועלן פון דער בשורה. עס וועט איר פּשוט א שטיק נע־זונט צוקומען, הערנדיק אזעלכע ווערטער. זי וועט זיך אָנכאפּן, ווי מען זאָגט, אי מיט הענט אי מיט פיס און פאר גרויס שמחה אָפּגעבן א דאנק און א לויב דעם, וואָס איך האָב די הענט נישט געוואשן, ווי אויך מיר, זיין שליח, וואָס האָט איר אָנ־געזאָגט אזא גוטע בשורה. איך בין זיך מודה, אז מיר טוט עפּעס משונה ווילד הנאה, ווען איינער דאנקט מיר פאר א טובה, וואָס ער האָט פון מיר, אָדער דורך מיר, געהאט. עפּעס פיל איך מיך דענסטמאָל, אז איך בין זיין האר און ער איז מיין קנעכט, איך בין דאָס דער פיינער מענטש, דער באגליקער,

דער בעל־רחמים, דער בעל־עצה, און ער איז עט... א נעבעך... מיר, פארשטייט זיך, קומט אלצדינג, מיר קומט אי געלט אי אלע תענוגים, און אים וואָס?... לאָז ער זיך פרייען, וואָס אזא מענטש, ווי איך, האָט אויף אים רחמנות געהאט און אים עפּעס געגעבן. ער וואָלט דאָך פון מיר נאָך געקענט כאַפּן גאָר א פּסק. אשטייגער, ער זאָל געווען ארײַנקומען צו מיר און גע־בעטן עפּעס א זאך, וואָס אים באַרירט עס אין דעם לעבן, ביי מיר אָבער איז דאָס גאָר א שפּאָט, — דענסטמאָל האָט מיר גראָד געקענט אויסקומען, אויף אים קרום א קוק צו געבן, זיך נישט צו לאָזן רעדן און צו פארדרייען מיט דער נאָז אזוי, אז ער וואָלט קוים די טיר געטראָפן. מיט איין קוק וואָלט איך אים צעקוועטשט, ווי א פליג, און זיינע אלע האָפענונגען, משטיינס־געזאָגט, צעריסן ווי א שפּינוועבס. אינגאנצן האָט עס זיך געווענדט טאקע נאָר אין איין האָר. — בשעת אזעלכער דאנקט מיר, פיל איך, ווי גרויס, אפנים, איך בין. עס דאכט זיך מיר דענסטמאָל, גלייך ווי ער איז מיר מודה אויף די ברכות, גיט מיר אָפּ די וועלט, אויך יענע וועלט און זיך אליין האלט ער מיט רעכט טאקע פאר א גאָרנישט. מיר, פארשטייט זיך, קומט א גרינג לעבן, אָן מי, אָן ארבעט, אָן זאָרג. דערויף בין איך דאָך א פיינער, איידעלער מענטש, און אים... אים איז עפּעס אן אנדער זאך... מיר זענען טאקעביידע פליש און בלוט, פונדעסטוועגן איז נאָך א גרויסער חילוק צווישן בלוט און בלוט. איידל בלוט איז פאָרט עפּעס אנדערש. היינט איז טאקע אונדזערביידנס טבע אויך נישט גלייך. איך בין גע־וואוינט געוואָרן גוט צו לעבן מיט אלע תענוגים; זאָל מיר נישט זיין צו דער צייט דאָס גלעזל קאווע, דאָס גלעזל טיי אָדער לאָז מיר צו מיטאָג נישט דערגיין עפּעס א געריכט און לאָז איך מיך אן איבעריקן בייג טאָן, בין איך פּשוט אויס מענטש; ער אָבער איז געוואוינט געוואָרן צו האָרעווען, ער איז פארגרעבט. אָן א שום געפיל. אָן אָרעמאנס קישקע קלייבט גאָר נישט איבער, כאָטש דאר ברויט, כאָטש קרעמע־נעס, אבי עסן... ווי קומט ער צו מיר? בשעת עפּעס א געמיין מענטשל, עפּעס א נויטבאדערפטיקער דאנקט מיר מיט א ציי־טערדיק קול, שטיי איך און שמייכל מיר אביסל, עפּעס זייער משונה, וואָס לאָזט זיך גאָר נישט צו באשרייבן. עס ליגט אין דעם שמייכעלע אי עניוות אי גדלות, אי כלומרשט ערנסט אי געשפּעט, אי צוגעלאָזטקייט, אי א שטופּ פון זיך אויף א מייל, אי מהיכא־תיתי א רחמנות, אי מהיכא־תיתי א רוח אין דיין טאטן, א רשות יענעם צו רעדן אי אָנצוהערעניש: פונדעסט־וועגן, דרך־ארץ! אז איך שענק אים דענסטמאָל א קוק, דאכט זיך מיר, ער איז זיך פּשוט מהיה; שענק איך אים נאָך עט־

לעבע וועוטער, לאָז מיך צו אים אראָפּ און זאָג אים פּאר גוטסקייט מוסר, ווי, אשטייגער: מען באדארף ארבעטן, האָרעװען, פּארדינען כשר דעם גראָשן מיט שוויים, מען באדארף זיך נישט פוילן, מען באדארף לעבן מיט חשבון; אָדער איך מיש מיך גלאט אריין אויף גאָטס באראָט, מיט עצות אין זיינע זאכן און זאָג מיר בויך־סברות, אָט אזוי באדארף מען דאָס און דאָס מאכן, דאָס און דאָס שרייבן, אזוי איז גוט, אזוי איז שלעכט וכדומה דעות גאָר אָן א שום טעם — דאכט זיך מיר, קוועלט ער פּשוט אָן, ער זאָגט אויף מיין איטלעכס וואָרט נאָך אָמן און דאנקט מיר פּאר מיין זיסן מוסר, פּאר מיינע קלוגע עצות. איך מיין, אז אין דרינען זענען מיר גלייך א סך גבירים, א סך בארעמהארצעדיקע, גרויסע לייט. איך דערקען עס תמיד אין זייער פּנים, אין זייער שמייכעלע, אין זייערע שיינענדיקע אייגעלעך, אין זייער דיבור, אין זייערע עצות און אין זייער מוסר־זאָגן. נאָך בעסער ווייזט זיך עס אמאָל ארויס אין זייער האנט־געבן. דאכט זיך אין פלוג, וואָס איז אזוינס א האנט־געבן? ביי פּראָסטע מענטשלעך איז דאָס פּשוט, מען גיט יענעם די האנט, מיט אלע פינגער, ווי זי איז, גאָר אָן חכמות. ביי די פיינע מענטשן אקעגן שטעקט אין דעם האנט־געבן גרויסע חכמות, מען גיט זי אויף פילערליי ארטן; אין איטלעכער ארט ליגן גאנצע הלכות, עס ליגט דרינען א גאנץ לשון. בשעת איך בין געוואָרן א פיינער מענטש, האָב איך אוועקגעלערנט די חכמות פון א האנט־געבן, א לאנגע, לאנגע צייט. אז גאָט וועט מיר שענקען געזונט און לעבן, טראכט איך אָפּדרוקן זייער א דיקן ספר, אין עטלעכע חלקים, מיט דעם נאָמען „חכמת־היד“. דער ערשטער חלק שמועסט פון נעמען. מילא דאָס איז א גרינגע זאך, איין כלל אויף תמיד, פאר איטלעכן גלייך, אז נעמען באדארף מען מיט דער גאנצער האנט, און אויב עס לאָזט זיך, איז מען זיך אומעטום נוהג צו נעמען מיטביידע. די גאנצע שווערקייט ליגט אין געבן. דער־רויף שטעלן זיך אלע מפרשים, דרינען זענען דאָ טויזנט פּי־רושים, און דאָס איז דער עיקר אין דעם ספר. איך בין זיכער, אז די וועלט וועט פון דעם ספר א גרויסן נוצן האָבן, בפרט יענע מיני מענטשלעך, וואָס ווערן פלוצים אויפגעריכט, וואָס ווילן זייער שפּילן א ראָלע, אין אלע זאכן נאָכצוטאָן די גרויסע לייט, די פיינע־בריות; ווי אויך יענע מיני נקבות. וואָס ווארפן פלוצים אין די עלטערע יאָרן פון זיך אראָפּ דעם שלייער, פּוצן זיך אוים נאָך דער לעצטער מאָדע, מאכן חן, בלאָזן פון זיך זייער שטארק און ווערן פון דער העלער הויט גאנצע דאמען!...

היינטיקס מאָל אָבער איז מיר נישט באשערט געווען הנאה

צו האָבן. די קליאטשע, וויייניק וואָס זי האָט מיר נישט גע־דאנקט, האָט זי נאָך, ווי עס האָט אויסגעזען, אפילו נישט געוואָלט הערן מיינע רייד. זי האָט זיך אוועקגעקערט גאָר אין דער זייט און געגעסן גראָז מיט אזא מינע, ווי זי וואָלט לחלוטין נישט געוואוסט, אויב איך געפין מיך גאָר דאָ לעבן איר. דאָס האָט מיך אביסל געארט, איך האָב איר נאָך א מאָל איבערגעחזרט מיינע פריערדיקע ווערטער, זי האָט טאקע ווייטער זיך נישט וויסנדיק געמאכט און געטאָן איר זאך, ווי איינער רעדט: וואָס ארט דיך, אז יענער פּלוידערט? אז יע־נער וויל מיך לערנען? — אזא באלייַדיקונג האָב איך שוין נישט געקענט אויסהאלטן, וואָס הייסט? עפּעס נארישקייטן דערציייל איך דאָ? איך שמועס דאָך מכח השכלה, מכח ביל־דונג!... עס האָט מיך אונטערגעטראָגן, פאר וואָס דאָס איז ביי איר עפּעס נישט אזוי אָנגעלייגט. איך האָב זיך אויפגעשטעלט געשווינד אויף די פיס, מיך אומגעקערט מיט דעם פּנים צו דער קליאטשע און איר געזאָגט א גאנצע דרשה.

— איטלעכן איז באקאנט,—האָב איך געזאָגט מיט פייער,

— איטלעכן, פון קליין ביז גרויס, איז באקאנט, אז אלע חכמים פארגלייכן די בילדונג אָדער געלערנטקייט צו דער ליכ־טיקייט: ותורה אור, און די געלערנטקייט איז ליכט, זאָגט אויך דער פּסוק, אָבער דאָס גראָבקייט און דאָס נישט־געלערנט־קייט פארגלייכן זיי צו פינצטערניש. א געבילדעטן איז ליכטיק אין די אויגן, אין אלע זיינע רמ"ח אברים. די בילדונג גיט איטלעכן, אקוראט ווי דאָס ליכטיקייט, גליק און לעבן. ווער עס איז נאָר געבילדעט, לעבט זייער גליקלעך אין עושר, אין כבוד. ער האָט תענוג פון דער וועלט און די וועלט האָט גרויס תענוג פון אים, איטלעכער האָט אים משונה ליב, גייט נאָך אים פּשוט אויס. מען גיט אים דאָס שענסטע, דאָס בעסטע, אפילו דאָס טעלערל פון דעם הימל נעמט מען אים אראָפּ און מען טראָגט אים צו פון פייגל־מילך. הכלל, עס איז אים גוט, גוט, גאָר גוט. גבירים, רייכע לייט, קוועלן פון אים גאָר אָן, זענען פּשוט זיך מחיה און לעקן די פינגער פון זיינס א וואָרט. איטלעכער שלעפּט אים צו זיך ווי א טייערן בריליאנט, און לאָזן זיי מאכן א באל, א מיטאָג, אָדער עפּעס א קערמעשל, שטייט ער ביי זיי אין צעטל דער ערשטער, ווי א שפּיגעלע. זיי פארשטייען, נישקשה, אז טאקע געלט איז שמעלט, היינט איז עס דאָ, מאָרגן נישטאָ, אָבער ער — ער אליין איז געלט, ער איז גאָלד און זילבער. וואָס טויג אים געלט? וואָס טויג אים צירונג? אז ער אליין גילט ווי א מטבע, אז ער אליין איז אן אבן־טוב! לאָז ער פּרוּוון עפּעס בעטן א הלוואה וכדומה, דערפילן זיי תיכף־ומיד זיין בקשה מיט גרויס שמחה. וועלכער

גביר, אשטיינער, וועלכער רייכער מאַן האָט אין זיין לעבן אמאָל אין עפּעס א זאַך א געבילדעטן אָפּגעזאָגט? וועלכער, אדרבה וועלכער? — איך מיין טאַקע קיינער נישט! קלאָגט זיך אויף זיי גראָד אין דער זאַך עמעצער, איז ער זיכער א ליגנער, און אויב ער איז באַקאַנט פאַר נישט קיין ליגנער, מוז דרינען אוודאי עפּעס זיין, איינער דעם אנדערן האָט, אפּנים, נישט געמוזט פאַרשטיין, ביידע האָבן געמוזט א טעות האָבן... די אַריסטאָקראַטן, דאָס הייסט, די פיינע לייט, וואָס פאַררייסן די נעז און בלאָזן פון זיך תמיד, גלאַט אַזוי אָן א שום טעם; וואָס פאַרלאַנגען, אז איטלעכער זאָל פאַר זיי האָבן אָפּשיי, צוליב זייערע מאָדנע הויזן, שטיוולעטן וכדומה, צוליב זייער מבינות אויף שיינער סחורה און אויף אלע געשמאַקע זאַכן, ווי אויך צוליב זייער גוטן מיטאָג, וואָס אין אים קומט אריין מער אביסל פלייש מיט שמאַלץ און מער מיט א רע־ריכט, ווי ביי דעם געמיינעם עולם — אָט די אָפּגעפּיינטע מענטשעלעך, זאָג איך, לויפן דעם געבילדעטן אקעגן און גיבן אים גרויס כבוד אָפּ. אפילו יענע מיני דאַמען, וואָס מאַכן שטאַרק חן, אַזוי אז ביים צוגיין צו זיי אמאָל ווערט מען בטל, מען מיניעט זיך עפּעס משונה, מען ווייסט נישט ווי מען זאָל שטיין, ווי מען זאָל זיצן, וואו מען זאָל אהינטאָן די הענט; מען ווערט עפּעס אַזוי צעמישט, אז מען רעדט בויבעריק און מען ווערגט זיך מיט איטלעכס וואָרט; עס פאַרענדערט זיך עפּעס דאָס קול, עס רוישט עפּעס אין די אויערן, אז מען הערט כמעט אליין נישט, וואָס מען רעדט; יענע מיני דאַמען, וואָס אין זייער געזעלשאַפט באַנעמען זיך אפילו די גאַנץ וואוילע מיט עפּעס א געצוואונגענער אומגעצוואונגענקייט, דאָס הייסט אויף פּראָסט יידיש, זיי טוען זיך אָן א כח, צווינגען זיך, אז זייער באַנעמונג זאָל אויסזען נישט געצוואונגען, כלומרשט פריי; וואָס מיינען, אז זיי באַגליקן יענעם מיט א וואָרט, מיט א קוק; וואָס טראָגן אויף דעם קאָפּ וויכטיקע זאַכן, גאַנצע בערג... א באַרג פרעמדע האָר און א וואַלד שמאַטעס־בלומען, — אפילו זיי הענגען זיך אויף דעם געביל־דעטן און קוויקן זיך מיט איטלעכס וואָרט. באַדאַרף עס דען טאַקע אַזוי נישט צו זיין? זאָגט עס דען אויך נישט דער פּסוק? ער זאָגט: אשרי אָדם, אז וואויל איז דעם מענטשן, מצא וועלכער האָט געפונען חכמה, חכמה! פאַר וואָס? וואָ־רים כי טוב סחרה, איר האַנדל איז בעסער מסחר כסף, איידער מיט זילבער, בשמאלה, אין איר לינקער האַנט עושר וכבוד איז עושר און כבוד. נו, באַדאַרף מען נאָך דען האָבן א בעסערע ראיה ווי א פּסוק?... איך וויל דאָ נישט זייער מאריך זיין, אויסצואווייזן פאַר דער וועלט, ווי שלעכט, ווי ביטער און

פינצטער עס איז די נישט־געלערנטע, ווי שלאָף און דערשלאָגן זיי זענען. נעבעך, ווי מען לאָזט זיי ערגעץ נישט פשוט קיין קאָפּ אויפהייבן, ווי זיי ליידן און קומען, נעבעך, אָפּ; ניין! איצט וויל איך דערפון נישט רעדן, איך וויל דאָ נישט מער באווייזן, ווי גוט די בילדונג איז, און דערפון וויל איך ארויפ־קומען אויף דיר, דו זאָלסט פארשטיין, ווי עס באדארף ביי דיר שטארק אָנגעליינגט זיין דער פּלאַן, וואָס מען וויל דיך...

נאָר מיין קליאטשע אָבער האָט אין מיטן דעם שמועס פּלוצים זיך אויפגעשטעלט און אוועקגעגאנגען ווייטער אביסל, זיך גענומען עסן גראָז, גאנץ קאלטבלוטיק, קיין קוק אפילו נישט צו טאָן אויף מיר. איך אָבער האָב נישט געוואָלט שווייגן. עס איז מיר שוין געגאנגען אין נצחנות, עס האָט מיך שוין טאקע גוט פארדראָסן. עפּעס וואָס בין איך, א ייִנגעלע, וואָס עפּעס בין איך? עפּעס פּלוידער איך, וואָס? איך האָב איר כאָטש פונדערווייטנס, כאָטש זי האָט נישט געוואָלט הערן, אלץ געזאָגט ווייטער מיין שמועס מכח איר און אויסגעלאָזט אויף א קול מיט דעם פּסוק: אם תאבו, אויב איר וועט פאָלגן ושמעתם און איר וועט הערן, טוב דאָס גוטסקייט הארץ פון דעם לאנד תאכלו וועט איר עסן!

## דאָס זעכצנטע קאפּיטל

# קיין טאנץ גייט נישט פאר קיין עסן

אָפּזאָגנדיק דאָס, האָב איך מיך און פארשוויצט, מיט א פארפלאמט פּנים און א געשוואָלן הארץ מיך א וואָרף געטאָן אונטערן בוים.

די קליאטשע איז ביי מיר געווען שטארק אָפּגערופן נאָך אזא אויפפירונג. איך האָב זי געהאלטן פאר א פארפאלענע, א פארפאלענע אויף אייביק. עס וועט שוין פון איר קיין לייט נישט זיין. שונאים זענען אפּנים טאקע גערעכט, א וועלט איז טאקע נישט משוגע, מסתמא איז זי טאקע א שלימזל, א פארשלעפּטע קרענק פון זיין ליבן נאָמען. וואָס וועל איך דאָ באמת זיך ניאנטשען מיט איר? איך וועל נאָר ווארטן אביסל, האָב איך געטראכט, ביז וואנען עס וועט רעכט טאָג ווערן, דענסטמאָל וועל איך פון איר אנטלויפן, וואוהין די אויגן טראָגן, אפילו פארגעסן דעם „זיי־געזונט" און מיט איר זיך נישט געזעגענען. לאָז זי זיך טאָן, וואָס זי וויל. מיר געהערן זיך מער שוין בכלל ובכלל נישט אָן.

און אזוי ווי איך זיץ דאָ, הער איך פון דער ווייטן, ווי א קול עפּעס אָנרופנדיק זיך צו מיר:

— יאָ, וואָס באַטייט עס אַזוי דיין אַנטלויפן, ס'טייטש, אַזאַ מענטש ווי דו, זאָל אַנטלויפן?

„די קליאַטשע איז טאַקע נאָר אַ מכשפה, זי ווייסט וואָס אין הארצן טוט זיך. זי האָט זיך, אַפּנים, אָנגעשטויסן, אַז איך וויל פון איר אַנטלויפן! — אַזוי האָב איך ביי מיר געטראַכט מיינענדיק, אַז דאָס קול איז פון דער קליאַטשע, זי רעדט דאָס צו מיר, — מאַך איך מיך אַ תם און ענטפער איר שטאַמלענדיק:

— וואָס אַנטלויפן?... ווער?... פאַר וועמען?...

— פאַר דעם פויער!

— אַ, פאַר דעם פויער, פּרעגסטו, וואָס איך בין אַנטלאָפן? — זאָג איך שוין רואיקער. — אַ פויער בלייבט טאַקע אַ פויער, אַ פּרא אדם. ער האָט מיך גאָר געוואָלט שלאָגן!

— ס'טייטש, וועמען שלאָגן?! דיך? און דו האָסט אים געשוויגן?

— נו, וואָס האָב איך דען געקענט טאָן?

— אַזזזוי! דו קענסט נישט, ביסט אַנטלאָפן! און דאָס בידנע פערדל זיינס, נעבעך, האָט ער טאַקע אַלץ געשלאָגן! ס'טייטש, אויף די וועגן, אויף די שטראָזן זענען דען נישטאָ אייערע באַרמהאַרציקע חברה־לייט?

איך בין געבליבן צעמישט און נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן.

— טאַקע, אַפּנים, די בעלי־רחמימס זענען די בעלי־רחמימס און די אומשולדיקע באַשעפעניש, די אומגליקלעכע פערדלעך ליידן. אַפּנים, אַלץ טאַקע, נעבעך! אַפּנים, די דאָזיקע שלימזלניקעס, וועלכע מען האָט פריער געפּייניקט, פּייניקט מען נאָך אי אַצינד! ס'טייטש, עפּעס איז דען הפקר אַ וועלט?

איך האָב פון די ווערטער אַראָפּגעלאָזט די נאָז.

— וואָס הייסט, „היינטיקע צייט איז דאָך נישט מער הפקר אַ וועלט. עס איז דאָ אַ חברה „צער בעלי־חיים“.

איך האָב איר נישט געקענט קוקן אין די אויגן און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

— בשעת דו האָסט פריער אַרויסגערעדט די דאָזיקע ווערטער אויף אַ קול פון דעם גאַנצן הארצן, האָט מען געקענט מיינען, כ'לעבן, אַז איצט איז זיכער משיח־צייט! אָט נעמען זיך צונויף אַלע חיות און בהמות אינאיינעם ווי ברידער, אָט ווערן וועלף „פּאַני־בראַציע“ מיט שאָף, לעמפּערטן ווערן חבר מיט ציגן, איינער בעט דעם אַנדערן מחילה פאַר פריערדיקע

זינד, פאר אמאָליקע נארישקייטן; וואָס ס׳איז געווען, איז געווען, פון היינט אָן זאָל געמאכט ווערן גוטע תקנות. די שארפע נעגל מיט די שרעקלעכע ציין זאָל מען אוועקלייגן אויף דער פּאָלעצע, אוים מאָדע צו פארגיסן בלוט, צו עסן יענעמס פלייש, נישטאָ מער קיין שטארקע מיוחסים, אלע זענען גלייך. מען לאָזט ארוים א פריילעך קול: אורא, אורא! עס איז משיח־צייט, און ווי אלע פרייען זיך און טאנצן, באדארף גאָר אָנקומען א פויער מיט א פערדל שלאָגנדיק אים טויט־שלעק — און ס׳ווערט פארשטערט די גאנצע שמחה. זאָג מיר נאָר, איך בעט דיך, וואָס האָט ער דיר, דער פרא־אדם, געזאָגט?

זי שפּעט פון מיר! טראכט איך מיר אין הארצן מיט פארדראָס, און ענטפער נישט קיין וואָרט.

אפנים עס איז א טעות עס איז נאָר א פּורים־שפּיל, א ריינע קאָמעדיע, כ׳לעבן! דאָ זיצט א קאָמיטעט פון א חברה „צער בעלי־חיים”, זאָרגט זיך, שמועסט פון רחמנות, פון מענטשלעכקייט, און דאָרט פּלאָגט מען טאקע די אומגליקלעכע באשעפעניש. ווער עס וויל, לאָדט אָן די פערדלעך מיט משא איבער זייערע קרעפטן און זעצט פון זיי די נשמה ארויס. מען העלפט זיי נאָר, ווי עס זעט אויס, מיט א גוט וואָרט, מיט א זיפץ, מיט א קרעכץ: ס׳איז נאָר א ריין טעאטער, כ׳לעבן! היינטיקע צייט פארדינט טאקע מיט רעכט דעם נאָמען: די צייט פון קרעכצן, פון רעדן, פון פּלוידערן.

— גענוג! — האָב איך זיך שטארק צעבייזערט, נישט קאָנענדיק זיך מער איינהאלטן פון אזעלכע געשפּעטערייען. — גענוג כ׳לעבן, צו שפּעטן בשעת מען רעדט מיט דיר ערנסט, בשעת מען שמועסט מיט דיר מכוח השכלה, מכוח בילדונג.

— מיט איר רעדט מען ערנסט?! — באקום איך אָן ענטפער אויך מיט א בייזער. — נו, טאָ הער־זשע — וואָס לינסטו אויסגעצויגן ווי א נבלה אויף דער ערד? — הער־זשע, וואָס מען זאָגט דיר מיט א פולן מויל. מיט איר, זאָגסט־דו, רעדט מען ערנסט!? קאָפּ אין דער וואנט! אז דו ציסט פאר דער צונג, מוז מען דיר זאָגן, אז דו ביסט ווילד, דיינע ווערטער מיט די בריוועלעך דיינע — משונע ווילד, און, דאכט זיך, נישט אנדערש טאקע, אז דו ביסט פארריקט. אָט־דעם אומגליקלעכן באשעפעניש זאָגט מען: לערן זיך אוים. פרעג איך דיך, ערשטנס, חכם מיינער, פארוואָס הייסט מען עס דווקא איר? ווייניק זענען דאָ אין דער וועלט, אשטייגער, נישט געלערנטע פערד, טאקע אמת פּראָסטע, נישט דערצויגן אין קיין שום זאוואָד, און פונדעסטוועגן, חוץ זייער שאָדן, אזא לעבן אויף איר געזאָגט געוואָרן! צווייטנס, ווען זי קען אמת, נישט די אָנשטעלן, ווי די איידעלע, דערצויגענע פערד.

אָבער קיין גראָב פערדל מוז דווקא האָבן א דיפּלאָם פון א זאוואָד? דריטנס, אויב זי קען נישט הייבן פיסלעך און מאכן יענע אָנשטעלן, ווי די זאוואָדסקע פערד, אקעגן־זשע דערפאר האָט מען פון איר מער, א סך מער נוצן ווי פון זיי. יענע זענען פּטור פון אלצדינג, ווייסן נישט מער ווי די קארעטע, ווי די יאכט. מיט איר אָבער ארבעט מען מעשים, זי טראָגט אויף זיך אלערליי משא. וואו איז דען איר פליש, איר לייב און לעבן? זי האָט עס פארלאָרן אין דער ארבעט. וואָס מען וויל, מעג מען זיך יאָגן, נאָר איר מי, איר פראצע האָט זייער, זייער פיל נוצן געבראכט... פערטנס, וואָס פאר א שייכות, איך בעט דיך, האָט עסן און דאָס נייטיקע באדערפעניש מיט בילדונג? מיט וואָס פאר א יושר קאָן מען יענעם נישט לאָזן עסן, אָטעמען, פריי, סיידן ביז ער וועט זיך אויסלערנען עפּעס קונצן? איטלעכס באשעפעניש, וואָס ווערט געבוירן, איז קודם־כל א לעבעדיקע זאך, פארזאָרגט פון דער נאטור מיט אלע חושים, מיט אלע אברים, טאקע נאָר פון זיינעטוועגן, בכדי דורך זיי צו באקומען אלצדינג, וואָס עס באדארף נייטיק האָבן צום לעבן. עס האָט, אשטייגער, א מויל, אויף צו עסן, עס האָט א נאָז, כדי צו אָטעמען, עס האָט פיס, כדי צו גיין, נישט כדי צו טאנצן. טאנצן וכדומה נאָך אזעלכע שמאָכטעלייען, דאָס זענען נאָר אויסגעטראכטע מעשיות, דאָס האָט מען אליין זיך אויסגעטראכט שפּעטער און א נאָמען געגעבן בילדונג. איך וויל מיך דאָ נישט ארייַנלאָזן אין חקירות, אויב די בילדונג מיט די אלע קונצן זענען גוט אָדער שלעכט; אויב דאָס אלצדינג, וואָס מען לערנט, ווי אזוי מען האָט עס צונויפגעשטעלט, פון וואנען מען האָט עס גענומען, אויב דאָס אינגאנצן הייסט נאָר בילדונג. וואָרום מען זעט דאָך א סך קונצן, וואָס אמאָל זענען זיי געשטאנען אין דער פּראָגראמע, שטארק געגאָלטן, אזן היינט גייען זיי מער נישט אָן; ווידער נאָך קונצן, וואָס דאָס גאנצע אָנהאלטעניש זייערע, משטיינס־געזאָגט, איז אויף יענעמס געשמאק, אויף יענעמס השערות; ווידער נאָך אזעלכע כלומרשט ערנסטע קונצן, וואָס זענען געבויט אויף יענעמס ווילן, אויף קאפּריזן, אויף אלטע פארשימלטע מנהגים; עס זענען דאָ אויך אזעלכע מעשיות, וואָס לכתחילה האָט מען זיי געשטעלט אייף א הינעריש פיסל, אויף דער פאנטאזיע, אויף דעם כוח הדמיון; ווי אויך אזעלכע מעשיות, וואָס זענען זיך סומך אויף פאקטן, דאָס הייסט אויף דעם, וואָס אין דער וועלט האָט זיך פארלאָפן, נאָר די פאקטן גופא זענען אָבער פארדריט, איטלעכער דערציילט זיי אויף אן אנדער אופן, איטלעכער קוקט אויף זיי אנדערש, חוץ דעם ווערן זיי ווי־עס־איז אָפּגעשילדערט נאָר פון דרויסן, אָבער מי־יודע, וואָס אינעוויי־

ניק טוט זיך? היינט באַדאַרף מען דאָך טאַקע נישט פאַרגעסן, אז יענע שוין כּלומרשט ערנסטע מעשׂיות לאָזן דאָך נישט מער הערן ווי שטוקעס, אַנשטעלן, קינדערשפּיל, אינגאַנצן א פּוף, אָבער פון יענע אין תּוך אריין גוטע המצאות, שיינע קונצן אנטיק אין דער וועלט, פון זיי מאַכן די מעשׂיות עפּעס נישט אזא צימעס... נאָכאַמאָל זאָג איך, אז איך לאָז מיך דאָ נישט אריין אין טיפע חקירות, אויב די בילדונג מיט אייערע קונצן האָבן א ממשות אָדער נישט, אויב זיי האָבן דער וועלט געבראַכט גליק אָדער אומגליק. אַזעלכע חקירות גייען מיך א צינד נישט אָן. איך וועל מער נישט זאָגן, אז זיי זענען נאָר ביי־זאַכן, בשעת געבוירן ווערן האָט דאָס באַשעפעניש פון זיי נאָר נישט געוואוסט, עס האָט אים באַלד זיך געגלוסט עסן, אָטעמען און זיך באַוועגן נאָך איידער עס האָט נאָך געהאַט א רמז דרמיזה פון יענע אויסגעטראַכטע המצאות. מהיכא תּיתי, איר קענט אים נישט געבן די שיינע אָשעיניקעס, דאָס טייערע געשפּאַן מיט די פּליטערלעך וכדומה נאָך צאַצקעס און שפּילבעלעך, וואָס זענען פון אייך באַשטימט פאַר יענע מיני קונצן, אָבער עסן, פריי אָטעמען און אַלע נייטיקע זאַכן, וואָס זיין גוף פאָדערט און וואָס אָן דעם קאָן עס זיך נישט באַגיין — דאָס אַלצדינג מוזט איר אים געבן, עס האָט דערויף א רעכט, איר קענט עס ביי אים בשום אופן נישט אַוועקנעמען. איר קענט נישט דאָס באַשעפעניש האַלטן פאַרשפּאַרט, עס זאָל זיך באַוועגן, וואָרום דורך דעם מוז עס ביסלעכווייז אָפּשטאַרבן — נעמט איר דאָך צו ביי אים דאָס רעכט צו לעבן; איר טאָרט עס נישט גלאַט פּייניקן, שלאָגן, וואָרום דורך דעם מוז אים, נעבעך, ווי טאָן, ער קאָן נאָך ווערן א ביטערע קאַלעקע — נעמט איר דאָך צו ביי אים דאָס רעכט געזונט צו זיין און הנאה צו האָבן אין דעם לעבן!...

אז דו ציסט שוין יאָ פאַרן צונג, וועל איך דיר טאַקע בפירוש אַרויסזאָגן: איך בין דיר מוחל דיין רחמנות! איך וויל נישט, אז דו זאָלסט אויסאַרבעטן, מען זאָל זי נישט אַזוי פּלאָגן, מען זאָל איר געבן באַדערפעניש צו דערהאַלטן די נשמה, טאַקע נאָר גלאַט פאַר רחמנות, ווייל עס איז פּשוט א צער בעלי־חיים. זי וויל אפילו נישט, דו זאָלסט אויסבעטלען פאַר איר אַלע גייטיקע זאַכן צום לעבן אי מהאי טעמא, וואָס מען האָט און וואָס מען קאָן פון איר האָבן נוצן. דאָס זענען אַלטע מעשׂיות, אַלטע לידלעך, וואָס איך האָב זיי שוין געהערט אין דער וועלט זינגען אין פאַרשיידענע צייטן. געוויינטלעך, אז די וועלט הייבט ערשט אָן זיך אַרומצוקוקן, זיך צו באַטראַכטן, דעמסמאָל רעדט מען פון הומאַניזם, דאָס הייסט פון מענטשלעכקייט, פון רחמנות, פון באַרעמהערציקייט; שפּעטער

אביסל. אז די וועלט הייבט אָן פּאמעלעך פּראקטישער צו ווערן, איז אין דער מאָדע צו רעדן פון אוטיליטאריזם, דאָס הייסט, פון נוצלעכקייט, פון דעם נוצן, וואָס מען קאָן פון דעם, פון יענעם האָבן. ערשט גאָר שפּעטער, אז די וועלט באקומט אי שכל, אי יושר, און פארשטייט בעסער דעם גאנג פון דער נאטור מיט אלע אירע באשעפענישן, דענסטמאָל הייבט מען אָן צו רעדן פון אמת, פון גערעכטיקייט. — איך וויל גאָר נישט הערן קיין רחמנות, קיין נוצן, — רחמנות און נוצן זענען אזעלכע זאכן, וואָס די וועלט קאָן זיך אויף זיי נישט האלטן. איך בין גלייך ווי אלע, זאָגט מיט רעכט דאָס דאָזיקע באשעפעניש, פלייש און בלוט זיינען מיר אלע, אונדזערע באדערפענישן זענען גלייך, און איין רעכט אויף צו לעבן האָבן מיר אלע. האָט יענער אויף מיר רחמנות, הייסט עס אזוי פיל, ווי איך לעב נאָר אין זיין זכות; ער — האָט יאָ דאָס רעכט צו לעבן, און איך — ניט! אינגאנצן וואָס איך האלט מיך, וואָס איך זשיפּע, האָב איך עס צו פארדאנקען אים, נאָר אים. — אין דער צייט, אז מיר ביידע זענען גאנץ גלייכע באשעפענישן מיט איינערליי באדערפענישן, לאָזט מיך יענער לעבן, ווייל איך ברענג אים נוצן, הייסט עס אזוי פיל, ער איז דער תכלית, דער עיקר, און איך לעב נאָר, מחמת דערמיט טויג איך אים, פאר מיר אליין וואָלט איך נישט באדארפט גאָר באשאפן ווערן. איך וויל אָבער לעבן גלייך ווי אנדערע, גלאט ווייל איך בין אויך א באשעפעניש פאר מיר. פארשטייסט־דו מיך, מיין מליץ יושר, מיין בארעמהארצעדיקער האר? אויף אייער בארעמהארציקייט און אויף דעם, וואָס איר קענט פון מיר האָבן נוצן, דערויף קאָן איך כלל מיך נישט סומך זיין. מאָרגן ווערט דיר, צו אלדי שווארצע יאָר, פארשטאָפּט דאָס הארץ, ביסט אין א שלעכטער לוינע, אָדער איך וועל דיר איינמאָל נישט קענען צושטעלן די צאָל ציגל אקוראט, — ווערסט־דו ברוגז, גיסט אויף מיר אוים דיין צאָרן — און עס ווערט פּלוצים א תל פון מיר! אז איר וועט מיט מיר זיך באנעמען מיט גערעכטיקייט, אזוי ווי איר באנעמט זיך מיט אנדערע, דענסמאָל, זעסט־דו, וועל מיר שמועסן מכוח קונצן. אין גוטע אומשטענדן, אין וואוילטאָג, מהיכא־תיתי, קריכן אין קאָפּ אזעלכע זאכן. דו וועסט אפילו פארשפּאָרן מיר צו זאָגן דעגסטמאָל דרשות. הא, וואָס זאָגסט־דו דערצו, מיין הארינקע?

— וואָס זאָג איך? — האָב איך געענטפערט. — איך זאָג: נישט אנדערש, אז דער רוח רעדט היינט אוים דיר, טאקע נאָר דער רוח!

## דאָס זיבעצנטע קאַפּיטל

# אל תפתח פה לשטן

— אָט בין איך! — האָט זיך אָנגערופן עפּעס אַן אומ־באַקאַנטער פאַרשוין פון א ווילד אויסזען מיט שטאַרק צעשוי־בערטע האָר, און א רויט מיצל ארומגעשמעקט מיט פעדערן פון אלע מיני עופות. — אָט בין איך! — האָט ער געזאָגט, ארויסשפּרינגענדיק פּלוצים פון צווישן די צווייגן, זיך געשמעלט אקעגן און אויסגעגלאָצט אויף מיר זיינע גרויע קעצישע אויגן.

נבהל ונשתומם בין איך געוואָרן, אז איך האָב דערזען דאָ אין וואלד אזא מין פאַרשוין. אלע שרעקלעכע מעשיות פון גזלנים זענען מיטאמאָל מיר ארויפגעקומען אויף דער מחשבה. דאָס איז זיכער א גזלן, האָב איך געקלערט, זיין געזונטער קאַרק, זיין פּרצוף־פּנים און זיין שרעקלעכער בליק האָבן ארויס־געזען טאקע גאָר ווי פון א מוראדיקן גזלן, וואָס האָט א סך מענטשן אין זיין לעבן שוין אויסגעקוילעט. עס האָט מיר שוין זיך אויסגעדאכט, ווי אָט גיט ער מיך א וואָרף און נעמט ארויס א גרויסן חלף, מחמת מורא האָט מיר שטאַרק געטיאָכ־קעט דאָס הארץ, געקלאַפּט א צאָן אין א צאָן און איך האָב געפּילט א טעם מיתה, ווי דער חלף ליגט מיר אויף דעם האלדז. איך האָב צוגעמאכט די אויגן און שטילערהייט געזאָגט ווידוי.

— וואָס שעפּטשעסט־דו עפּעס, יונגערמאנטשיק? — האָט ער געפרעגט און זיך צעלאכט מיט אזא משונה געלעכטער, אז עס האָט נעגרילצט אין די אויערן און ווייט ארום אין דעם וואלד האָט זיך אָפּגערופן א שרעקלעך ווידער־קול, גלייך ווי עס וואָלטן א לאך געטאָן טויזנט אלטע מכשפהטעס אלע אינ־איינעם.

דאָס איז, האָב איך געטראכט, דאָס גוטע געלעכטערל. אָט־אָט, עקט מיר זיך דאָס לעבן, אָט־אָט, טראָג איך מיך איבער אויף יענער וועלט. עפּעס ווי אויף צו־לחכעים האָט מיר דענסטמאָל די וועלט אזוי שיין, אזוי גוט זיך פאָרגעשטעלט, אז איך וואָלט באַראַי אלצדינג אוועקגעגעבן, אבי לעבן צו בלייבן. קיין מלוכה פאַרמאָגט עס נישט, וואָס איך וואָלט דענסטמאָל אָפּגע־צאָלט פאַר א קורצער צייט לעבן. אך, וואָס פאַר א שיינע וועלט אונדזערע איז, וואָס פאַר א מענטשן! ווי גליקלעך איז דער, וואָס לעבט אויף דער שיינער וועלט, וואָס לעבט צווישן לעבעדיקע מענטשן! ווען א סך אנדערע וואָלטן געפילט דאָס, וואָס איך דענסטמאָל, וואָלטן זיי געזאָגט: א כפּרה גדלות,

יחוס און כבוד! צו אלדי שווארץ יאָר אלע ברוגזן, אלע פּליאַטקעס, אלע פּוסטע קריג, אלע רכילות, שנאה און קנאה! דאָס אלצדינג איז הבל הבלים, לויטער נארישע זאכן. אלע מענטשן זענען ברידער, חברים, שטאמען אלע אייגנטלעך פון איין פאָטער, אלע האָט אייגנטלעך איין גאָט באשאפן! ווען יענער, אשטייגער, וואָלט זיך געזעגנט מיט דעם לעבן און גע־ ווען ביי די געדאנקען ווי איך, וואָלט ער געזאָגט: אך, פאר־ וואָס האָב איך עס פריער נישט פארשטאנען? אומזיסט, אומ־ נישט זיך געבלאָזן און זיך אויפגעשטויסן דאָס מיט דעם: ער איז א משלחת, א שלעפּער, עפּעס פון דער פרעמד א בעט־ לער, און דאָס מיט יענעם: ער איז נישט פון מיין נאמנה, ער איז א שאכריי, א בזוי, קוקט נישט אויף כבוד. פּע, איך בין געווען א בייזער, א שלעכטער, א פּלוידערזאק, א ליגנער, א חונף, א רכילות־טרייבער, א בלבול־מאכער, און אָנכאפּער מיט דעם מויל און מיט דער פּען! וואָס האָב איך געהאט צו אנ־ דערע — צו אומבאשירמטע, צו דערנידעריקטע, צו דערשלאָ־ גענע און פארוואָגלטע, נעבעך? ווייניק האָבן די מענטשן, נע־ בעך, אייגענע צרות, קארג יסורים און פּורעניות פון אלע זייטן, סארג דחקות, גריזאָטע און דאגות איטלעכע רגע, בין איך פּגע נאָך אויף זיי אויך אָנגעפאלן! און פארוואָס, גוואלד, פארוואָס?... בשעת מיר האָט זיך געדאכט, דער חלף ליגט מיר אויף דעם האלדז, דענסטמאָל האָב איך מיך איבערגעבעטן מיט אלע מענטשן און אמת געפילט, ווי נאריש דאָס איז, וואָס מען קריגט זיך, וואָס מען בייסט און רודפט איינער דעם אנדערן ביים לעבן. עס זאָל געווען מעגלעך זיין, וואָלט איך אלע גע־ האלדזט, געקושט און וויינענדיק זיי מחילה געבעטן... די וועלט איז מיר אזוי געפעלן, אז אוועקגייענדיק פון איר האָט מיר זיך געגלוסט כאָטש נאָכאמאָל אויף איר א קוק צו טאָן.

איך האָב האלב אויפגעעפנט די אויגן און שרעקלעך צע־ דולט געקוקט. אלצדינג האָט זיך פארמישט, געגאנגען מיט דעם קאָפּ אראָפּ, מיט די פיס ארויף. עס האָט מיר געבליצט אין די אויגן, געדונערט אין די אויערן און גרויסע טראָפּן שווייס האָבן מיך באשלאָגן. עס איז מיר געווען קאלט אי ווארעם. פייערדיקע רעדער, פינטלעך, פינטלעך פון אלערליי פארבן, פון אלע מיני געשטאלטן האָבן פאר מיר משונה זיך געדרייט, זיך געטראָגן, דער רוח ווייסט וואוהין. זיי אין דער מיט איז גע־ שטאנען עפּעס א גרויסער, שווארצער הונט, וואָס האָט אלע רגע אָנגענומען אן אנדער פּנים, געגלאָצט מיט די אויגן, גע־ קריצט מיט די ציין, זיך געקרימט, געמיניעט, געצויגן ביז ער האָט צום סוף אָנגענומען די געשטאלט פון א שרעקלעך ווילדן מענטשן, און איך האָב אין אים דערקענט מיין אומבאקאנטן פארשוין.

— כאַ, כאַ, דו ציטערסט! — האָט ער אויס מיר געשפּעט. — אָט אַזוי, פּײַנע מענטשעלעך, האָב איך הנאה, אַז איר ציטערט און שווײַגט.

איך האָב אים שווײַגנדיק אָנגעקוקט, אַקוראַט ווי אַ מויז קוקט אָן די קאַץ, וואָס שפּילט זיך מיט איר אײדער זי דערשטיקט זי און שלינגט זי אײַן.

— נו, אַז דו ציטערסט, — האָט ער ווײַטער געזאָגט, — ווײס־זשע כאָטש פאַר וועמען. איך בין דער, וואָס האָב געעפנט אַ וועג אין אַ נײַער וועלט אַרײַן, כדי די אַלטע זאָל ווערן תמיד נײַ; וואָס דורך מיר פּעקלט מען זיך כסדר אַריבער אַהין ערגעץ, אַהין, כדי דאָ צו מאַכן אָרט... איך בין דער, וואָס מיט מײַן קראַפּט שטײ איך תמיד גרײט אַקעגן נאָך אַ קראַפט פון מײַן ווידער־פּאַרטײ. מיר ראַנגלען זיך, אײנער וויל דעם אַנדערן אײַנשלינגען, און דורך דעם שפּרינגט אין דער וועלט אַרויס נײַעס, עס ווערט נולד אַלצדינג; איך בין דער, וואָס איך בין אײדער דער „גאָרנישט" איז מיר פון דער העלער הויט שײַנענדיק אַרויסגעשפּרונגען. ער ווערט באַלד אַ גאַנצער „יש", וויל דעם אַלטן פאָטער זײַנעם פון דער וועלט טרײַבן. מיר גײען כסדר אײנער דעם אַנדערן נאָך פוס־טריט, און וואָס אַ טריט — ווערט און וואַקסט די צײַט. — איך בין דער שר פונעם פינצטערניש, דער מלך פון די רוחות, איך בין דער שטן, דער אשמדאי.

איך בין שיר אין חלשות נישט געפאַלן פאַר שרעק, אַז איך האָב עס געהערט. דער אשמדאי האָט צו מיר מיט אַ פינגער זיך צונעריגט און איך האָב מיך באַלד געפילט שטאַרקער אַזוי, אַז איך האָב געקענט שטײן אויף די פיס און אַפילו אויך רעדן.

— זײַ מיר מוחל, — האָב איך זיך אָנגערופן מיט גרויס דרך־ארץ, — וואָס איך וועל דיך פרעגן. כפי איך, פּראָסט מענטשעלע, האָב פאַרשטאַנען דײַנע פאַרשטעלטע ווערטער, מײַנסטו־דו אַזוי: אַז דו מיט דײַן ווידער־פּאַרטײ אַרבעטן אײנע קעגן די אַנדערע אין די זאַכן, וואָס עקזיסטירט אויף דער וועלט, יענער ציט־צו און דו שטויסט־אָפּ, יענער האַלט צוזאַמען און דו שײדסט אַלצדינג, וואָס יענער בויט, צעשטערסטו, און דאָס, וואָס דו צעשטערסט, בויט יענער אויף צוריק; יענער, אַזוי הײסט עס, איז דער בורא, דער באַשאַפער, און דו, אשמדאי, דער פּאַרטיליקער, דער צעשטערער. אויף דעם שטײט די וועלט, מיט אַלע באַשעפעניש; אויף דעם אופן זעט מען, פילט מען תמיד אין איר אַ נײַ לעבן, עס טוט זיך און באַוועגט זיך. ויהי ערב ויהי בוקר — ס'איז דאָ טאָג און נאַכט,

אָרט און צייט. אויב אַזוי איז טאַקע, ווי איך האָב דיך פֿאַר־שטאַנען, קומט דאָך עפּעס גאָר פֿון דיר אַזוי קיין שלעכטס נישט אַרויס?

— אָט דאָס טאַקע האָב איך דיר געוואָלט זאָגן, אַז איך, אַשמדאַי, פֿאַרדאַרב נישט אַזוי די וועלט, ווי איר, מענטשע־לעך. פֿון מיין שלעכטסקייט, ווי איר מיינט, קומט פֿאַר איר נישט אַרויס צרות, אַל־דאָס־בייז, וויפֿל פֿון אייער גוטסקייט. אַוודאַי הייס איך דאָך ביי אייך דער רשע, דער שטן. זאָל עפּעס וואָס־עס־איז אַמאָל זיך מאַכן, איז אַ געשריי, אַ קלאָג, איטלעכער אויף מיר, כאָטש אין דער וועלט זעט זיך עס גאָר נישט אַזוי אָן. איר אָבער, מענטשעלעך, אַז איר קוילעט אויס מיטאַמאָל אַ וועלט, מאַטערט, טוט אָן גרויסע צרות, איר הייסט גוטע און פֿרומע! עס קומט אייך נאָך אַ גלעט אין בעקעלע, וואָרום דאָס טוט איר אַלצדינג מחמת גוטסקייט!... איר האַלט זיך פֿאַר גרויסע חכמים, זעצט אויס פֿעלער אין דער נאַטור, אין דעם גאַנג פֿון דער וועלט, שמועסט זיך איין, אַז איר וואָלט מיט אייער שכל, מיט אייער גוטסקייט באַשאַפֿן אַ וועלט גאָר אַן אַנטיק — און אַז איר האָט אין אייערע הענט גענומען אַ פּאַרטיקע וועלט אינגאַנצן, ווי זי איז, האָט איר זי שרעקלעך פֿאַרדאָרבן, אומעטום פֿאַרדרייט, אומעטום קאַליע געמאַכט, זי האָט ביי אייך אַ פּנים, אַקוראַט ווי אַ טייער זייגערל פֿאַלט צו אַ קינד אין די הענט אַריין. איך, ווי איך בין, בין איך מיר. אין דער גאַנצער נאַטור הערשן נאָר געזעצן, וואָס גילטן תמיד פֿאַר איטלעכן גלייך, דאָרט זענען נישטאָ קיין מיוחסים, נישטאָ קיין באַרעמהאַרציקייט, אַלצדינג רירט און באַוועגט זיך דורך אייביקע, גערעכטיקע געזעצן. איר, גוטע מענטשעלעך, ווילט עס אָבער נישט ליידן, ביי אייך ווילט איר גאָר נישט וויסן פֿון פּאַראַדקעס. איר האָט זיך צעטיילט אויף טויזנטערליי פֿעלקער, נאַמנות, כתות, קלאַסן, סאָרטן, שטאַנדן, צעכן וכדומה, און די דאָזיקע ווערן ווידער צעטיילט אין נאָך און נאָך אַזעלכע. פֿאַר איטלעכן אַליין אַנדערע פּאַראַדקעס, אַזוי פֿאַרשידן, אַזוי פֿאַרענדערט.

— אָבער אַקעגן וואָס, — האָב איך אים געפֿרעגט — זאָגסט־דו מיר דאָס אַלצדינג?

— כע, כע, אַקעגן וואָס! איך זאָג עס זיכער נישט גלאַט אַזוי ווי דער שטייגער איז פֿון אייך, מענטשעלעך, וואָס בשעת צוויי קומען זיך צונויף, הייבן ביידע אָן צו פּלוידערן אין דער וועלט אַריין, כדי אַרויסצואַווייזן זייערע חכמות, זייער פֿילאָזאָ־פֿיע. און מישן אויס בוידעם־פּאָלעצע. איך זאָג עס אַקעגן דיין פֿריערדיקן שמועס, וואָס דו האָסט געהאַט ערשט נישט לאַנג מכוח רחמנות, מכוח אייערע חברות. פֿון וואַנען, ווייל איך דיר

באוויזן, האָט עס אָלצדינג ביי אייך זיך גענומען? די סיבה דערפון איז גאָר א פּראָסטע. דעריבער טאַקע רעדט מען ביי אייך אַלץ פון רחמנות, און דעריבער טאַקע פאַרמערן זיך אַלץ באַרעמהאַרציקע חברות, ווייל ביי אייך הערשט זייער פיל אכזריות, רדיפות און עוולות; וואָרום ווען נאָר אמת און גע־רעכטיקייט זאָלן געווען גילטן, וואָלט איר דאָך פאַרשפּאָרט צו פאַרזוכן דעם טעם פון רחמנות און וואָלט נישט געהאַט אַזוי־פיל בעלי־רחמים, אַזויפיל בעלי־טובות מיט אַזויפיל חברות. איך זאָג עס, פאַרשטייסט־דו מיך, מכוח אייער גוטסקייט, מכוח אייער גוטהאַרציקייט זאָג איך עס, פאַרשטייסט־דו?

— עט... בע... — האָב איך געמאַכט עפּעס אָן ווערטער.

— זעסט־דו, — האָט ער געזאָגט, אַז איר, מענטשעלעך, בעקעט עפּעס אָן לשון, עס איז אַמאָל בעסער ווי גערעדט. פאַר אייך רעדט איר, דאַכט זיך, אַמאָל ווי קלאָרע, איר קענט, אַשטייגער, זאָגן: נאַ דיר אַ גראָשן און גיב מיר אַ בייגל, נאַ דיר אַזויפיל און אַזויפיל און אַרבעט מיר אָפּ מיין עסק וכדומה נאָך זאַכן, וואָס זענען אייך אַליין נוגע. מען פאַרשטייט גאַנץ גוט אייער כוונה. קומט אָבער אַמאָל אויס צו שמועסן, אָדער עפּעס צו שרייבן איבער כלל־זאַכן, ווערט איר, צו אַלדי שוואַרץ יאָר, ריינע משוגעים, עכטע בהמות! איר פּלוידערט, משטיינס־געזאָגט, נישט צו דער זאַך: טויזנט ליגן, טויזנט פּסוקימלעך און ווערטלעך, נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. איר נאַרט איי־נער דעם אַנדערן, איר דראַפּעט זיך אויף די גלייכע ווענט. איר פאַרדרייט, פאַרפּלאָנטערט אַזוי, אַז עס איז אוממעגלעך אַרויסצוקריכן, מע קאָן נישט פאַרשטיין, וואָס איר ווילט. טאַקע נאָר שטיין און וואונדערן זיך מוז מען דענסטמאָל, ווי מענטשן שרייבן, רעדן, שרייען און עס איז נישטאָ וואָס צו הערן: ווי זיי קענען מיט זייער מתנה, מיט זייער לשון, זיך נישט פאַרשטיין, ערגער, כ׳לעבן, ווי די בהמות!

— אַקעגן וואָס אָבער, — האָב איך געפרעגט, ביסט־דו עס דאָ אַזוי אַרויס מיט דער שפּראַך?

— נאָכאַמאָל „אַקעגן וואָס"? — האָט ער זיך אָנגערופן. — עס פאַרשטייט זיך, אַז איך רעד דאָ נישט גלאַט אַזוי, אַבי חוזק צו מאַכן. איך זאָג עס אַקעגן דיין קאָרעספּאָנדענץ מיט דער חברה, אַקעגן דיין פריערדיקן שמועס מיט דער קליאַטשע זאָג איך עס. איך זאָג, אַז דיין „עט, בע", וואָס דו האָסט פריער געמאַכט, מחילה, ווי אַן אייזל, איז, כ׳לעבן, בעסער און קליגער פון אַלע דיינע דרשות. באַטראַכט זיך אדרבה אַליין, אויב דו ביסט נישט ריין משוגע? פאַר דיר שטייט אַ פאַר־מאָרעטע, אַ הונגעריקע קליאַטשע, וואָס זי באַדאַרף נייטיק ווי אין לעבן אַריין האָבן כאָטש אַביסל מנוחה, אַ מעסטל האָבער,

א בינטל היי, ווילסט־דו איר גאָר באַווייזן א היי אין סידור, און אַלץ אויסדרינגען, ווי גוט, ווי שיין עס איז זיך אויסצולערנען עפּעס קונצן! מיינסט־דו אפשר, אז נאָר דו אליין פּלוידערסט אזוי דאָ? ניין! קום, זיי מוחל, וועל איך דיר ווייזן א סך, וואָס זאָגן פאר הונגעריקע, דערשלאָגענע מענטשן פּונקט אזעלכע דרשות ווי דיינע. מיינע געשעפטן פירן מיך זייער אָפט צווישן מענטשן—דו מוזט וויסן, אז א שטן, אן אשמדאי איז זייער שטארק תמיד באשעפטיקט — איך מאך דאָרט איטלעכן וויזיטן, האָב קענטשאפט מיט אלע גרויסע לייט, איך זע מיך אָן, וואָס זיי טוען, וואָס זיי ארבעטן, און הער מיך אָן זייערע אלע שמועסן, זייערע אלע דרשות. לאָמיר אָנכאַפּן, א שטייגער, אזעלכע, עפּעס פון אזא ארט: מאָל דיר, איינער שרייט ביי אייך געוואלד אויף די מלמדים; ביז וואנען וועט מען אלץ אָפּגעבן קינדער צו אזעלכע קאטשאנעס, וואָס מאכן פון זייערע תלמידים ווילדע מענטשן, טויגעניכטסן? נאָך איינער ליארמט: ביז וואנען וועט מען אלץ חתונה מאכן יונגע קינדער? ביז וואנען וועלן שדכנים צונויפפירן צוויי נפשות, וואָס קענען נישט און וויסן נישט איינער דעם אנדערן ביז נאָך דער חתונה? א דריטער שרייט אויף די בטלנים, וואָס וואקסן ביי אייך ווי קראָפּעווע און פארפירן מיט זייערע נארישע זאכן, מיט זייערע קרומע גענג דעם עולם? א פערטער שרייט: ביז וואנען וועלן ביי אונדז זיך פרוכפּערן אזויפיל בעלי־טובות, בעלי־טאקסעס, שטאָט־פארזאָרגער וכדומה אזעלכע פארשוינען? — אלע שרייען, פילדערן: שוין צייט דאָס אלצדינג אוועקצוואַרפן און ווערן קליגער, געבילדעטער, געניטער. נאָר קומט אָבער פון זייער שרייען עפּעס ארויס? אלצדינג בלייבט טאקע ווי פריער. עס קאָן טאקע פון זייער שרייען גאָרנישט ארויסקומען. פארוואָס? אָט מחמת דעם, מחמת אין דער וועלט הערשט איין געזעץ פאר אלע באשעפענישן, פאר אלע מענטשן גלייך, אזא געזעץ, וואָס קיינער, יהיה מי שיהיה, איז נישט אימשטאנד עס איבערצומאכן, וואָס אקעגן אים העלפט נישט קיין שרייען, קיין רעדן, קיין דרשות און קיין שום מיטל; אזא געזעץ, וואָס איז שטארקער פון אלע שטארקע, מער עקשן פון אלע עקשנים, וואָס אז מען שטעלט זיך אים אקעגן, זוכט עס זיך אויס טויזנטער אנדערע וועגן, טויזנטער המצאות און הסברות כדי זיך צו דערהאלטן — איך מיין דאָ דעם דאָזיקן באקאנטן געזעץ, וואָס אלע ווילן עסן, וואָס איטלעכער וויל צו דערהאלטן זיין לעבן, עס מעג זיך זיין אויף וועלכן אופן, מיט וועלכן מיטל עס וויל זיך. וואָס זענען דען מלמדים? דאָס זענען ביי אייך א גרויסער, זייער א גרויסער טייל מענטשן, וואָס ווילן עסן, וואָס ווילן לעבן, און וואָס קע־

נען עס אָבער אין דער וועלט אנדערש נישט באַקומען נאָר דורך אזא מיטל דווקא, וואָס זיי וועלן נעמען אייערע קינדער אין חדר אריין. אזעלכע נויטבאדערפטיקע מענטשן געפינען אלע וועגן, טוען כל־א־מיטל, אז אייערע קינדער מוזן צו זיי אין די הענט ארײנפאלן. אקעגן אייך ארבעט א קראַפט, אקעגן אייך האלט מלחמה א געזעץ. די עטלעכע מענטשן מיט זייערע פאראדקעס און מיט זייערע דרשות וועלן עס בשום אופן נישט בייקומען; דאָסגלייכן איז אויך מיט די פריע חתונות. שרייט דערויף וויפל איר ווילט, — אומזיסט! עס איז דאָ א גרויסער טייל מענטשן, וואָס קענען ביי אייך אנדערש נישט לעבן נאָר דורך צונויפפירן שידוכים, און זיי פארלייגן זיך דערויף מיט אלע כוחות אונטערצוהאלטן דעם שלעכטן איינפיר און חתונה צו מאכן אייערע קינדער. איר מוזט אייערע קינדער פרי פירן אונטער דער חופה, ווארום דערויף זענען דאָך דאָ ביי אייך גאנצע מחנות שדכנים. זיי מוזן זיין שדכנים, ווארום דערפון קענען זיי לעבן! אזוי גייט עס אויך מיט די נארישקייטן. לאכט דערפון, איר דרשנים, איר וואוילע יונגען, וויפיל איר ווילט — אומזיסט! וואָס זענען דען יענע בטלנים, יענע הבלניקעס? דאָס זענען מענטשן, א גאנץ היפּשער טייל מענטשן, וואָס זיי איז אוממעגלעך אנדערש צו לעבן, א קיום צו האָבן, ווען נישט די נארישקייטן. זיי ארבעטן מעשים, מאכן אלע קונצן, אלע אָנשטעלן, צו דערהאלטן ביי אייך אלע נארישע זאכן. איר מוזט אין די נארישקייטן זיך האלטן, ווארום דער־רויף זענען דאָך ביי אייך דאָ יענע מחנות נאראָנים; זיי, נע־בעך, מוזן זיך מאכן צו נאראָנים, ווארום דערפון קענען זיי האָבן זייער שטיקל ברויט און שיין לעבן... דאָסגלייכן טאקע איז מיט אייערע בעלי־טובות, מיט אייערע אפּוטרופּסים. שרייט דערויף וויפל איר ווילט, ער וועט אייך, כ׳לעבן, גאָרנישט העלפן! וואָס זענען דען אייערע שטאָט־בעלי־טובות, אייערע תכלית־פארזאָרגער? דאָס זענען ביי אייך א סך מענטשעלעך, וואָס וואָלטן, נעבעך, פשוט נישט געהאט מיט וואָס א טאָג איבערצולעבן, ממש געשטאָרבן פאר הונגער, ווען זיי זאָלן זיך נישט מיען מיט אלע קרעפטן צו טאָן אייך אלערליי מיני טובות: צו דערהאלטן אייערע טאקסעס, און אויסטראכטן תמיד עפּעס נאָר פרישע אָפּגאָבן, ווי אשטייגער, אויף מעל, אויף זאלץ, אויף שמאלץ, אויף ליכט וכדומה; צו דערהאלטן ביים לעבן אייערע מקבלים אין ארץ־ישראל, און אייערע אָרעמע־לייט דאָ מקבר צו זיין: צו מגדל זיין אייערע יתומים און תלמוד־תורות און נישט צו דערלאָזן יענע מיני גזרות, בכדי יידן, נעבעך, זאָלן טאקע א פּנים האָבן ווי פריער און בלייבן טאקע דאָס, וואָס זיי זענען. זיי מוזן, נעבעך, זיך זאָרגן אויף

אייך רחמנות צו האָבן. זיי מוזן, נעבעך, אייך טובות טאָן, און איר פון אייער זייט מוזט, נעבעך, פון זיי מקבל טובה זיין. אקעגן אייך, זאָג איך נאָכאמאָל, ארבעטן קרעפטן, אקעגן אייך שטעלט זיך ארויס א נאטור־געזעץ אין יענע אלע מענטשן, וואָס זוכן אייגנטלעך עסן און טוען אלע מיטלען צו דערכאפּן זייער פּרנסה, זייער לעבן. איר זייט זיך מפרנס און לעבט איינער פון דעם אנדערן, איר עסט אויף און פארדארבט איינע די אנדערע. זאָל מען אָבער געווען אייך לאָזן לעבן לייטן גלייך, פריי, ווי עס געהער צו זיין, וואָלטן אזעלכע זאכן ביי אייך כלל נישט געווען. לאָז מען נאָר פאר אייך עפענען א וועלט, וועלן די אלע זאכן פון זיך אליין אויפהערן און איר וועט מיטאמאָל אויסגעלייזט ווערן פון אלע צרות. נאָר כל־זמן איך, אשמדאי, בין נאָך דאָ, וועל איך אזעלכעס נישט צולאָזן. איך וועל מאכן הוקעס־פּוקעס, אז מען זאָל נאָר שרייען, זאָגן דרשות, האלטן רעדעס און גאָרנישט טאָן, מען זאָל אייך תמיד האלטן אין דעם מויל און מכוח אייך קיינמאָל נישט קומען אויף א לאר. נישטאָ פאר אייך קיין אנדער וועג, נישטאָ פאר אייך קיין אנדער מיטל צום לעבן! עסט, פרעסט איינער דעם אנדערן, שלינגט זיך ווי די פיש איינע די אנדערע. בייסט זיך, רייסט זיך, צו אלדי שווארץ יאָר!

— אָך! — האָב איך געקרעכצט, און זיך געכאפּט ביי דעם קאָפּ. — וואָס האָסט־דו צו אונדז? וואָס האָבן מיר דיר געטאָן?

— וואָס האָב איך צו אייך? — האָט ער געזאָגט און געקריצט מיט די ציין. — איך בין אייך א דם שונא דערפאר, וואָס איר האָט מיך געמוטשעט.

— וואָס רעדסט־דו? — האָב איך זיך אָנגערופן. — מיר האָבן דיך געמוטשעט!?

— אייער שלמה המלך, — האָט ער געענטפערט מיט כעס, — אייער שלמה המלכל האָט מיך, אשמדאי, אמאָל געכאפּט און מיך געהאלטן געשמידט אויף א קייט. ער האָט מיך שטארק געמוטשעט!

— געוואלד, — האָב איך געשריגן, — אָבער וואָס זענען מיר שולדיק? פארוואָס זאָלן מיר, נעבעך, אָפּקומען פאר א מעשה, וואָס איז געשען עטלעכע טויזנט יאָר צוריק? מען מוז אויסהערןביידע צדדים. געוואלד, וואָס האָסט־דו צו אונדז, נעבעך? וואָס האָבן מיר אָפּצוקומען, וואָס זענען מיר שולדיק?

— שלמה המלך איז אייערער! — האָט ער זיך שרעקלעך צעבייזערט און א זעץ געטאָן די קליאטשע, נעבעך, וואָס די גאנצע צייט איז זי, שלימזלדיקע, געשטאנען אין איינע צרות

און משונה געציטערט. — איר, איר זייט שולדיק! איצט ליגט אויף אייך מיין קללה: זעט אלצדינג, נאָר נישט דאָס, וואָס מען באדארף; הערט איטלעכן, נאָר נישט אייערע אמתע גוטע פריינט; רעדט א סך איבער זייטיקע זאכן, נאָר וויבאלד עס וועט אויסקומען א שמועס איבער אייך, זאָל אייך אָפּנעמען דאָס לשון; טאַפּט אָן אַלצדינג, נאָר נישט דעם רעכטן וועג צום גליק. אייערע בעלי־טובות זאָלן ווי די פליי אין זומער זיך פרוכפּערן און מערן. זיי זאָלן אייך אזויפיל טובות טאָן, ביז וואנען איר וועט פון זייערע טובות קראנק ווערן און מער קיין כוח נישט האָבן זיי צוצוזעמען. אייערע חברות זאָלן וואקסן ווי קראָפּעווע און די קאסע־ביכער זאָלן פארשוואונדן ווערן, עס זאָל פון זיי נישט זיין אפילו קיין זכר. אייערע טאָק־סעס זאָלן אייביק נישט אויפהערן. דארט, קווארט, צאָלט געלט און גריזשעט ביינער! וועט איינער אמאָל פאר אייך זיך א־רויסשטעלן, זאָלט איר, ווי די משוגעים, אויף אים אָנפאלן און ווארפן אויף אים שטיינער. אייערע גבירים זאָלן אומעטום שיטן געלט פולע הויפנס; נאָר נישט אויף וואָס און נישט וואו מען באדארף. דאָרטן, וואו עס איז נייטיק, זאָלן זיי נישט וועלן געבן קיין גראָשן. איר זאָלט זיין בני־רחמנים דענסטמאָל, ווען אייער רחמנות טויג שוין אויף כפרות, בשעת יענער שלעפּט זיך שוין ארום מיט דער טאָרבע, אָדער בשעת יענער איז שוין נוטה למות און פּאַכט מיט דער נשמה; נאָר בשעת יענער האלט זיך און זוכט מיטל, ווי זיך בכבוד צו דערנערן, זאָלט איר אים רודפן, זאָלט איר אים טאָן א וואָרף און צע־טרעטן מיט די פיס. איר זאָלט אָנטאָן אטלאסענע לאנגע קאָ־פּאָטעס און קריכן מיט זיי אין דער בלאָטע. אפילו א קבצן זאָל בעסער אָנטאָן זיידענע שמאטעס איידער א גאנץ קלייד פון געוואנט. אין עולם־הזה־זאכן זאָל זיך זאָרגן איטלעכער פאר זיך באזונדער, נאָר מכוח עולם־הבא זאָל איינער זיך שטארק זאָרגן און אן ערב זיין פאר דעם אנדערן. דערפאר זאָלן פרעמדע ביי אייך איינפירן דעם דין פון ערבות אין אלע זאכן. וועט איינער עפּעס זינדיקן, זאָלט איר אלע שולדיק זיין. אויב עס וועלן אמאָל ביי אייך אויפשטיין גאזעטן־שרייבער, צו פארענטפערן אייך פאר די אומות־העולם, זאָל פון אלע א קיום האָבן און אייך בעסער געפעלן יענער, וואָס פארשטייט נישט זיין לשון. פאר דעם מינדסטן פון די אומות העולם זאָל אייערער דער גרעסטער זיך מאכן קליין און האלטן פאר א כבוד מיט אים חבר צו זיין; אקעגן־זשע ביי אייך זאָל דער מינדסטער פאר דעם גרעסטן נישט האָבן קיין שום דרך־ארץ, איטלעכער גאָרנישט זאָל זיך האלטן פאר א גאנצן יש, איט־לעכער שוטה — פאר א ווילדן חכם, איטלעכער גראָבער יונג

— פאר אן איידלען מענטשן; און עם־הארץ זאָל א העזה האָבן צו שפּעטן פון א געלערנטן, א בור זאָל זיך האלטן פאר פרום, מער ווי פון א למדן. איר זאָלט זיך בייסן. רייסן, איינער דעם אנדערן פרעסן, צו אלדי שווארץ יאָר! רעכט אויף אייך, רעכט. איך האָב הנאה, איך לאַך פאר שמחה!

ער האָט געגעבן א לאַך, אזש דער גאנצער וואלד איז פול געוואָרן מיט געלעכטער, און איז פארשוואונדן געוואָרן.

## דאָס אכצנטע קאַפּיטל

## ישראליק—נישט ער העגגט, נישט ער שטייט

לצים לאַכן, נישט־גוטע שפּעטן, עס איז א געשפּעטעריי, א געערדעריי, נאָר פארדרוקט צו ווערן. דער קאָפּ איז דול, די פּיס, אוי, פילן נישט קיין אָנהאלטעניש אונטער זיך — און איך העגג, דאכט זיך, גאָר אין דער לופטן.

— ברכא! — הערט זיך עפּעס ווי פון הימל א קול. — גיי באדינען דעם פארשוין, גרייט אים צו, ווי מען באדארף, און ברענג אים דערנאָך צו מיר אהין, אין דעם געוויסן אָרט...

און באלד דערזע איך פאר מיר עפּעס א מענטשן־געשטאלט, אויסזעענדיק זייער משונה.

— אָט האָסט־דו דיר, ישראל! — זאָגט ער צו מיר, נאָכדעם אז ער האָט מיך אָנגעקוקט, און דערלאַנגט מיר אין באַק צוויי פלאַמענדיקע פּעטש.

— וואָס איז דער טעם פון די דאָזיקע פּעטש?! — מאַך איך שטאַרק פארוואונדערט.

— נישקשה, ישראל איז ווערט א פּאַטש. דאָס האָסט־דו דיר איין טעם. און צווייטנס, איז פּשוט ביי אונדז אזוי דער שטייגער צו געבן שלום.

— אוי, — זאָג איך מיט פאראיבל, — אזא שטייגער פון שלום געבן איז טאַקע נאָר ביי מזיקים.

— אזוי איז דאָס טאַקע ווי דו זאָגסט, — ענטפערט ער מיר מיט א העוויהלע, — איך בין איינער פון „זיי". אזוי איז מען ביי אונדז, מזיקים, זיך נוהג. נאָר וואָס וואונדערסט דו זיך אזוי? זענען דען אויך מענטשן זיך נישט נוהג אזוי ווי מיר?

איך שווייג, נישט וויסנדיק אים וואָס צו ענטפערן.

— כ'לעבן, ישראל, דו געפעלסט מיר זייער. בייג נאָר

איין דאָס קעפּעלע דיינס, וועל איך אויף אים אָנטאָן אָט־דאָס מיצל.

— ס׳טייטש, דאָס מיצל איז דאָך פאַר משוגעים! — שריי איך מיט א ביטער געמיט. — איך וויל נישט! טו מיט מיר וואָס דו ווילסט, שלאָג מיך, ברען מיך, אָבער דאָס מיצל טו מיר נישט אָנטאָן אויפן קאָפּ — איך בין נישט משוגע!

דו שוטה איינער, ישראל! דו פאַרשטייסט, אז די כוונה מיינע איז דיר לטובה. אָט־דאָס מיצל, ווער עס טוט עס אָן, ווערט באלד א רואה ואינו נראה, און דיר פאַסט עס טאַקע, זיין אַן אינו נראה, פון קיינעם נישט באַמערקט צו ווערן. דאָס איז אזוי א זאַך, וואָס קיין בעסערס דערפון איז גאָר נישטאָ. זי וועט דיר נוצן פאַר א גוטן מיטל צו דער פרנסה און זי וועט זיין פאַר דיר א שוץ פאַר א שלעכטן אָנפאַל אין א ביטערער צייט. אז חברה הולטאַיעס וועלן זיך א נעם טאָן אויף דיר מיט א קולאַק, וועסטו אָנטאָן דאָס מיצל אראָפּרוקנדיק עס ביזן נאָז און מאַכן פליטה אזוי, אז פון דיר, ישראליק, וועט אפילו א געדעכעניש נישט בלייבן.

— אָבער מיט וואָס האָב איך זוכה געווען צו דעם דאָזיקן גענאַד?

— דו ביסט א גרויסער בעל־מזל, אַן עין־הרע, ישראל, אָט אזוי האָט מען מיר געהייסן טאָן און אָט אזוי טו איך.

ווי א באַהעלפער וועקט אויף דאָס קינד, וואַשט עס, טוט עס אָן, נעמט עס, טראָגט עס אויף די פלייצעס, אזוי האָט זיך ברכא מיט מיר אָפּגעגעבן. שטעלט מיך אונטער א שטראָם קאַלטן וואַסער, ברעכט און גלייכט מיר אויס די ביינער, טוט מיר אָן א משונהדיק העמד, א מיצל, אין א לייוונטענעם כאַלאַט און נאָך אזעלכע זאַכן, וואָס איז נייטיק פאַר מיין געזונט.

ברכא איז געווען א גוטער שד, א באַרעדעוודיקער, און האָט מיך באַדינט זייער געטריי — גוט אויסגעגלייכט אויפן קאָפּ מיר דאָס מיצל, אָפּגעווישט מיר די נאָז, גאָר אָנגעקוואָלן קוקנדיק אויף מיין שיינער צורה, און מיר דערציילט שרעקלעכע מעשיות פון די שדים און פון זייער שטייגער לעבן:

די שדים זענען — לויט ווי ער האָט מיר דערציילט — איינגעטיילט אין פאַרשיידענע כתות, און ער, ברכא הייסט עס, איז איינער פון די כת־לצנים. די לצנים זענען גרויסע שווינדליוקעס, טרייבן שפּאַס מיט מענטשן, נאַריש מאַכנדיק זיך, און אמאָל טאַקע אָפּטוענדיק א מיאוס שפּיצל אויך. מיטוואָך אויף דער נאַכט און שבת־צו־נאַכט — דאָס איז די בעסטע צייט פאַר זיי צו מאַכן די שפּיל. אין יענע נעכט נעמען זיי אַן געשטאַלטן, וועלכע זיי ווילן, סיי מענטשלעכע און סיי פון

בהמות, חוזק צו מאכן און צו פאַרפירן די פאַרבייפאָרנדיקע אויפן וועג. ברכא האָט מיר דערציילט: איינמאָל האָט ער זיך געוויזן איינעם פון די חכמים אין דער געשטאַלט פון א יפיפה, האָבן זיי זיך ביידע אָנגעשפּילט ביז דער האָן האָט א קריי געטאָן. און באַלד איז ער אַנטרונען געוואָרן, מאַכנדיק דעם חכם א נאָז מיט א גרויס געלעכטער. און נאָך א מעשה, ווי ער האָט זיך מיטוואָך אויף דער נאַכט געוויזן פאַר א בעל־עגלה אין דעם געשטאַלט פון א געבונדן קעלבל, קריכט דער פאַרשוין אַראָפּ פון דער קעלניע, נעמט עס און וואַרפט עס אַריין אין וואָגן. און ווי ער באַברעט זיך דאָ אַזוי, אַזש מיינער כאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס, פאַררייסט דעם עק, און אַוועק. ברכא האָט געמאַכט דעם גרעסטן געלעכטער פון די בעלי שמות און, להבדיל, די מכשפים און טאָטערן מיט זייערע שפּרוכן און קמיעות, זאָגנדיק, אַז זיי זענען גרויסע ליגנער. ווייס איך, וואָס? ווען? די שדים הערן זיי, ווי דעם ראַבעץ קאָטער. אַז איך האָב געטאַפּט ברכאן אין קאָפּ, אָנרופנדיק זיך צו אים פאַרוואונדערט: ס׳טייטש, ברכא, וואו זענען דיינע הערנער? האָט ער זיך צעלאַכט, מאַכנדיק: הערנער, גישט מיר האָבן, נישט מיר האָבן געהאַט, עס איז זיך גלאַט אַזוי א משל, פּונקט ווי די הערנער, וואָס ווייבער ביי אייך שטעלן־צו זייערע מאַנען. און אַז איך האָב אים א פרעג געטאָן מכוח דעם, וואָס די חכמים זאָגן, אַז שדים עסן און טרינקען ווי מענטשן, פּרוכפּערן זיך און מערן זיך ווי מענטשן, האָט ער מיר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, און נאָך צוגעגעבן, נישט נאָר ווי מענטשן, נאָר אויך מיט מענטשן, ברענגענדיק דערצו ראיות פון דער תורה, פון מדרשים. דער געוויסער נחש הקדמוני, זאָגט ער, וועלכער איז, כידוע, סמאַל אליין, ער האָט דאָך פאַרפירט חוהן, און זי איז מעוברת געוואָרן מיט קינ׳ען פון אים. און אדם אליין, ווי ס׳איז באַקאַנט, האָט דאָך הונדערט מיט דרייסיק יאָר געלעבט מיט קליפּות, וואָס האָבן געבוירן פון אים שדים און רוחות. די מלאכים, שמחזי און עזאל, זיי ווידער האָבן געלעבט מיט מענטשלעכע טעכטער און האָבן געבוירן די נפילים, די געוויסע ריזן. פונדעסטוועגן הערסט־דו, וואָס איך וועל דיר זאָגן, ס׳וואָלט געווען גלייכער, אַז דו זאָלסט זיך נישט גריבלען אין אַזעלכע זאַכן. דו ביסט דאָך נישט קיין באַווייבטער, א בחור אַריבער צוואַנציק יאָר, אַז אָך און וויי איז דיר... צעבייזערט ער זיך אויף מיר שטאַרק, הייבט אויף די האַנט, און עס פליען מיר פּעטש ווי האָלץ, ער פּאַטשט אַלץ און זאָגט: אין יענץ, וואָס איז פאַר דיר א סוד, גריבל זיך נישט, בחור, אָט האָסט דו איינס, צוויי! וויל נישט וויסן וואָס ס׳איז נישט דיין עסק, אָט האָסט דו דיר דריי, פיר,

זאָלסט געדענקען, און זאָלסט דערציילן באזני הבחורים, אין די אויערן פון די בחורים, דיינע חברים, זיי זאָלן נישט מיאוס מאכן זייער מויל און זייער פּען מיט ליבעס־זאכן.

אוי, פּעטש! די דאָזיקע פּעטש האָבן טאקע גוט געווירקט אויף מיר. איך בין נאָך זיי געשמאק איינגעשלאָפן, ווי נאָך א באָד. וויפל איך האָב געשלאָפן, ווייס איך נישט, נאָר ביים אויפוואכן זיך האָב איך מיך געפונען ליגנדיק ביים אשמדאי אין האנט, און ער פליט אין דער לופטן.

## דאָס ניינצנטע קאפּיטל

# ישראל פליט

— ברוך הבא! — זאָגט מיר דער אשמדאי מיט א שמייכלענדיק מינעלע. — עס פרייט מיך זייער זען דיך, ישראל, פליענדיק אין דער לופטן. קוק, די לופט פון דער גאנצער וועלט שטייט פאר דיר פריי!

א קול עפּעס פון גאנצע מחנות פארטראָגט זיך דונערנדיק ווייט אין דער לופט. און באלד דערזע איך פאר מיר גאנצע מחנות רוחות, לצים און אלע מיני שדים און מזיקים, צווישן זיי אויך מכשפים, טאשנשפּילער, פאָקוסניקעס, שפּרעכער פון אלערליי נאציעס אינאיינעם מיט רוסאלקעס, אלטע מכשפות, ציגיינערקעס, קאָרטן־וואָרפערינס פון איטלעכער נאמנה; א טייל פאָרן רייטנדיק אויף מיני פלעדערמייז, וואָס הייסן וואמפּירן, א טייל — אויף דראקאָנען, מיני בייזע שלאנגען מיט פליגל; נאָך א טייל — אויף סאָוועס, אויף יאשטשערקעס, און יונגע מכשפות רייטנדיק אויף מיני דראבעס, קאָבלעפל, אויף בעזעמס, קאָטשערעס און לאָפּעטעס. ס'איז געווען א פחד אָנצוקוקן דאָס שרעקלעכע פעקל, וואָס האָט זיך געדרייט פּונקט ווי שטויב א רעדל דרייט זיך פון דעם ווינט. עס האָט געפייפט, געברומט, געפישטשעט, געסווישטשעט, געטאנצט, געשטיפט, נישט געהאט קיין רגע.

— וואוהין טראָגן זיי זיך עס אזוי? — וואונדער איך מיך אין הארצן, אויסשטרעקנדיק די נאָז מיינע. וואָס זי דינט מיר אויף אָנצושמעקן ווי די פיל־הערנערלעך, אשטייגער, ביי די זשוקעלעך. און דורך דעם טרעסע־געבן־זיך בשעת מעשה האָט דער אשמדאי, וועלכער האָט זיך שוין אין מיר געהאט פארגעסן, זיך אומגעקוקט אויף מיר און געזאָגט:

— וואָס מאכסט דו עפּעס, מיין הארץ? ווי גייט עס דיר

דאָרט, ישראל, אונטן אין דער וועלט? האָט קיין פּאראיבל נישט, וואָס איך בין אזוי גראָבלעך געווען אקעגן דיר, נישט צו פרעגן עס דיך גלייך טאקע ביים ערשטן ברוך הבא.

— ווי עס גייט מיר, און ווי עס לעבט זיך מיר דאָרט? פרעגסט דו. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, — ענטפער איך עפּעס אָן ווערטער, — עט, גאָרנישט! כ׳לעב... נאָר... די עסקים עפּעס נישט פוינגלדיק... עס פּאַרדינט זיך נישט...

— הייסט עס, אפנים, נישקשה, איז מער ווי דאָס גייט דיך נישט אָפּ, — זאָגט דער אשמדאי אָנקוקנדיק מיך מיט א ממזוריש שמייכעלע, — און בכלל, הייסט דאָס, איז דיר דאָרטן נישט שלעכט, אז וואויל איז דיר, ישראל! נאָר... וואָס באַדייט דאָס דיין אומוואקלען זיך, הארץ מיינס, גלייך אזוי ווי ס׳איז דיר ענג דאָרט? אגב טאקע, הא, בייג נאָר איין דאָס קעפּעלע, זיי מוחל, און גיב א קוק אויף דער ערד דאָרט אונטן!

דאָס האָט מיר עפּעס נישט געשמעקט. די ערד, וואָס איז מיר א שטיף־מאמע, האָט נישט געצויגן צו זיך דאָס הארץ מיינס. ווייל איך פּאַרדרייען דעם אשמדאי מיט אָן אויבער־הסברהלע, פּאַרפּירנדיק אים אין א שמועס איבער פּאָליטיקע, וואָס איך האָב, ברוך השם, דערינען א שטאַרקע ידיעה, אפשר וועט דורכדעם בטל ווערן די גזרה, — הייב איך מיך אָן צו־צולאָזן מיט א ברייטלעכן שמועס איבער די מדינות, אָפּפּס־קענדיק, וואו עס זאָל זיין מלחמות און וואו פרידן, צונויפ־פּירנדיק, אויסמישנדיק איינס מיט דאָס אנדערע און אַלץ מיט איין אָטעם, ווי צו „עשרת בני המן".

— זיי נישט קיין קלוגעטשקער, ישראל, און טו וואָס מען הייסט דיר, — בייזערט זיך אויף מיר דער אשמדאי, א בייג געבנדיק מיר צו דער ערד דעם קאָפּ, — קוק און זע!

— איך קוק, איך קוק, — זאָג איך אים מיט גרוים שרעק, נאָר ס׳איז עפּעס מטושטש, ווי דורך אומריינע שפּאקולן.

— ווארט א ווײַלע, וועסט די שוין קוקן דורך ריינע, קלאָרע שפּאקולן, — זאָגט ער א פיר־געבנדיק מיט דער האנט זיינער איבער מיינע אויגן. און באַלד טאקע האָב איך שוין געזען גוט, און שרעקלעכע אנגסטן זענען מיך באפאלן.

— ציטער נישט אזוי, ישראליק! — בעט דער אשמדאי מיך מיט א שמייכעלע. — נישקשה, איך האלט דיך גוט אין די הענט. קוק בעסער און גיב מיר איבער ריכטיק, וואָס זעסט דו דאָרטן אזוינס?

— איך זע — אויף פעלדער ווייט ארום און ארום ליגן אויסגעשטרעקט טויטע קערפּערס פון מענטשן אינאיינעם מיט נבלות, געפגרטע פערד. ביי א טייל זענען אָפּגעריסן די הענט,

ביי א טייל — די פיס, ווידער ביי אנדערע קריכן ארויס די געדערים. צווישן זיי קרימען זיך, צאפלען זיך, נישט טויט נישט לעבעדיק, עפעס מענטשלעכע געשטאלטן, משטיינס־געזאגט. פון וואונדן רינט זיי בלוט, די מיילער אָפן, די אויגן פארזאָטן און די ליפן פארברענט, פארשמאכט פון דאָ־שט. העט דאָרט טראָגן הינט גאנצע קעפ, ראָבען און אנדערע מיני רויב־פייגל באפאלן די טויטע, פיקן, פיקן זיי די אויגן, און רייסן זיי אויס שטיקער פלייש... אוי, בלוט! עס גיסט זיך, רינט בלוט גאנצע טייכן, פון וועלכע עס זעצט ארויס א הייסע פארע, וואָס גייט ארויף ביז צו די וואָלקנס.

— נישקשה, נארעלע! - פאלט אריין דער אשמדאי מיר אין דער מיט רייד מיט זיינס א וואָרט. — פון די וואָלקנס, נארעלע, וועט עס, פארשטייסט דו מיך, אראָפּטריפן אין גרויסע טראָפּנס, אָנצוטרינקען זאט די פעלדער מיט זייערע תבואות, און די שיינע וויינגערטנער, וואָס זייער וויין וועט דורכדעם געראָטן און וועט דערפרייען מענטשנס הערצער... נישקשה, תכשיט, מיינער, קוק ווייטער! הא, וואָס?

— הינט, זע איך, לעקן בלוט — און מענטשן... אוי, מענטשן, מענטשן עפעס אזוינע באפאלן ווי די הינט דאָרט זייערע טויטע ברידער, באזוכן זיי, באגנבענען און בארייסן זיי, אָן א פיצל געפיל פון מענטשלעכקייט, פון רחמנות. איינער דאָרט, זע איך, א פארוואונדעטער, קוים וואָס ער זשיפעט, עפנט דאָס מויל. שטרעקט אויס די האנט, לעכצנדיק, נעבעך, נאָך וואסער, און יענע פארשוינען שלעפן אים, באטאפן אים און נעמען צו אלצדינג, וואָס געפינט זיך ביי אים, קוקנדיק אויף אים מיט א קאלטער לעבער... ניין, איך קאָן נישט קוקן — שרעקלעך, שרעקלעך!

— עט! — מאכט דער אשמדאי מיט א קנייטשעלע, שפעטנדיק אויס מיר. — גאנץ געוויינטלעבע זאכן... מלחמות! ווי דען אנדערש? א שיינער משא־ומתן וואָלט, כ'לעבן, געווען פאר מיר, ווען מענטשן, חס ושלום, וואָלטן זינט די וועלט שטייט ביז אצינד איינער דעם אנדערן נישט געמאכט דעם טויט. דאָס איינציקע שטיקל נחת, דאָס איינציקע שטיקל נוצן, וואָס איך, טייפל, האָב פון אייך, שיינע, פיינע מענטשעלעך. שיין איז נאָר דאָס־אָ: זיי פארדארבן, פארטיליקן, טוען אָן גרויס שאָדן, און אויף מיר גיסט מען אויס דאָס גאנצע באָד. זיי שעכטן און מיך מאכט מען צום שלעכטן. צבועקעס! אין דעם חומש, אין דעם תנ"כל, נישקשה, איז אים גאנץ רעכט די מלחמות און די הריגות דאָרט. יענער, וואָס איך טאָר זיין נאָמען נישט דערמאָנען, הייסט ביי זיי דאָרט איש מלחמה, א פעלדמארשאל אין א רויטן מונדיר מיט שפאָרן. דאָרט איז

דעכט, נישקשה, און דאָ איז אים שרעקלעך, שרעקלעך!... מאַך נישט קיין חן, ישׂראליק, קוק!

— איך קען נישט, אָסור! — שווער איך ביי מיין יידישקייט. — עס ליגט מיר נישט בטבע אזוינע זאכן. פע, ווי איך בין א ייד!... טראָג מיך, רוחל, טראָג מיך ווייטער, ווייטער!

דער רוח טוט שווייגנדיק א פלי ווייטער. איך האָב געמיינט, אז די בקשה מיינע איז אָנגענומען געוואָרן, אזעלכע ווילדע מעשׂים וועל איך מער נישט אָנקוקן. נאָר אָבער א טעות. אין א ווײַלע ארום בלייבט ער אויף אן אָרט שטיין, און הייסט מיך ווידער אראָפּקוקן אונטן.

פאר מיינע אויגן וואקסט אויס עפּעס א שטאָט. איך זע מחנות מענטשן לויפן משוגענערווייז, פאלן אָן ווי היישעריקן אויף הייזער, ברעכן פענצטער מיט שטיינער, זעצן אוים טירן, האקן, בראָקן, רייסן, צופּן, שלאָגן מיט אכזריות, ערגער נאָך פון ווילדע חיות, יונג און אלט גאָר אָן רחמנות. און דאָס אלצדינג, אוי־ווײַ, פאר גאָט און פאר לייט, אין דער מיט שטאָט!...

— געוואלד! — שריי איך מיט א פארקלעמט הארץ. — וואו זענען מיר? וואו זענען מיר עס אצינד?

— אָט האָט איר אייך דעם חכם! — לאכט דער אשמדאי איבערווינקענדיק זיך מיט דעם גאנצן פּעקל לצים. — די בעסטע יונגע יאָרן באַברעט מען זיך ביי זיי דאָרט אוועק מיט געאָגראפיע, ווי עס הייסט ביי זיי, משטיינס־געזאָגט. מען פּאָרט איבער דער לאנד־קארטע מיט פינף פינגער טאקע, אָנטייטנדיק איטלעכס ווינקעלע, איטלעכס טייכעלע. די גאנצע ערד, דאכט זיך, איז אין זייערע הענט. א קאטאָוועס עפּעס אזוינע קעפּ, אזוינע אָנגעשטאָפּטע לומדים! און אז עס קומט אוים אמאָל עפּעס וואָס אין דעם לעבן, איז מען בהמות, גרויסע עמי־הארצים, ווייסט מען נישט פון דאנען ביז אהין, זעט מען נישט ווייטער פון דער נאָז... בהמה! איבער רומעניע פליען מיר אצינד, קוק שוטה איינער, קוק!

— איי־איי! — שריי איך מיט קולות ווי א קינד איבער דער גאס ביים באהעלפער אויף די פּלייצעס, נישט וועלנדיק אָנקוקן דעם פינצטערן חדר, און פארמאך די אויגן.

— שא, שא, תכשיט מיינער! — נעמט מיך איין דער אשמדאי, צמאָקענדיק צו מיר מיט די ליפּן, א גלעט געבנדיק מיר אין בעקעלע. און דער גלעט זיינער האָט מיר פשוט נעעפנט די אויערן גוט צו הערן. — אויב דיר, נשמהניו, איז שווערלעך מיטאמאָל צו קוקן, טאָ האָרך־זשע דערווייל אביסל. נו, אצינד, וואָס?

— איך הער א געשריי, א געבעט פון אומגליקלעבע, נע־

בעך, איך הער א קרעכצן, א גוססן, א כאָרכלען... אוי! — בעט איך רחמים. — ווידער דאָס איינענע, געוואלד, לאָז שוין זיין גענוג מלחמות, אן עק צו אכזריות, צו שפיכת דמים!

— שטילער, נארעלע, שא! זיי נישט אזוי צעקאָכט ישראל! דאָס איז נישט קיין מלחמות. דאָס איז גלאַט אזוי זיך א מין שפּיל, א ניי־מאָדנע שפּיל, מענטשעלעך, נעבעך צעפירן זיך אביסל די הענט. א מין יאגד, נארעלע, איז דאָס, מען שלאָגט און מען לאכט.

— ווער, וועמען? — טו איך א פרעג.

— האָסט דען נישט דערקענט אין די הענט — ווער?! האָסט דען נישט דערקענט אין דעם קול — וועמען? הקול קול...

— יעקב, איי־איי! — שריי איך, אָנכאפּנדיק זיך ביים קאָפּ. — געוואלד, פאר וואָס, פאר וואָס?

— כי־כי־כא! — צעלאכט זיך דער אשמדאי, טרעסענדיק מיט דעם ציגן־בערדל. — ער פרעגט פאר וואָס?! וואָס מאכט עס אוים? יאָ פאר וואָס, נישט פאר וואָס, אבי מען שלאָגט! דערוויף איז דאָך עס א שפּיל, א מין שפּיל, כי־כא־כא! א זון מיט א רעגן, א געוויין מיט א געלעכטער אינאיינעם, אָט נייג דיין אויער, ישראליק, און הער!

— איך בעט דיך, הארינקע, לאָז מיך צו רו! איך שווער דיר, אז איך קען מער נישט הערן, דאָס קול פון מיינע ברי־דערס בלוט, וואָס שרייען פון דר׳ערד, איז מיר שווער צו הערן.

— פּחדן! — טוט דער אשמדאי אויף מיר א כיק מיט שפּאָט. — ער קען נישט! קען נישט קוקן, קען נישט הערן! און לייענען די אָנגעמאכטע געשיכטעס אייערע, ווי הייסט עס ביי אייך עפּעס היסטאָריעס־מיסטאָריעס, קענסט דו? אויף אָנ־צושרייבן א צעטל פון פּיין, רדיפות, צרות, געברענטע־געבראָ־טענע לייד, און אלע מיני פורעניות; א צעטל פון פארטריבענע, פארוואָגלטע, געשלאָגענע, געפּאטשטע, געמאטערטע, אומגעקו־מענע — דערוויף, נישקשה, זענען זיי בריות. חלילה, אזוינס צו פארגעסן, אדרבה, לאָז עס בלייבן ליגן אין טעם קינדס־קינדס־קינדער. עס איז מסוגל דעם פאָלק צו דער נשמה, שיין, פיין, גאָר א מחיה... קראצט מען ערגעץ אויס, העט אין די פריערדיקע דורות, נאָך אן אויסגעפּאטשטן, כאפּט מען אים אויף ווי אן אבן־טוב, נאָך א געשמיסענעם — פּוץ אהער אויסגעשטעלט אין צעטל... נא, קוק, לאָז די וועלט קוקן, וויסן אונדזערע גבורות!... ס׳איז א כבוד, א שיינקייט, מען שעפּט דערפון נחת, מען פילט זיך עפּעס פרישער, לעבעדיקער, משטיינס־געזאָגט, מיט א מענטשלעך פנים — און, לאָז אָבער

אויסקומען איינעם צו ליידן, אליין טאקע, עפּעס א מינדסטע קלייניקייט, אָדער צוצווזען עס מיט די אויגן, צוהערן עס מיט די אויערן, הא-הא! צאַפּלט ער מיט די הענט, מיט די פיס: ער קען נישט! א קאַטאָוועס עפּעס ישראליק, אזא גבור, אזא אָנגעלערנטער, אזא יחסן! גאָר א שרעק! — לאָזט ער אויס מיט א ביין געלעכטערל, א קוועטש געבנדיק מיך דערביי אזוי, אז נישט ווילנדיק טו איך א קוויטש.

אוודאי איז מיר נישט ליב געווען דער גאנצער עסק: נישט דער קוועטש, נישט די שטעכווערטלעך, אָנצוהערעניש אקעגן יענע, ווי ער זאָגט, יענע געשיכטעס. פע, גאָר נישט קיין גוטער משא-מתן! נאָר וואָס קען מען אָבער טאָן, אז מען איז ביי יענעם אין די הענט, אז מען הענגט אין דער לופטן, אָפּ־הענגענדיק אינגאנצן פון יענעמס ווילן, משטיינס-געזאָגט. אָט וויל ער, טוט ער א מאך מיט דער האנט, ווארפט מיך ארויס — און עס ווערט פון דיר תל! ווי אין כעס מען זאָל נישט זיין, מוז מען שווייגן, אראָפּשלינגען אלצדינג; ווי עס זאָל נישט פארדריסן, מוז מען זיך נישט וויסנדיק מאכן, יאָ, נאָך מאכן א פריילעכע מינע צו דער בייזער שפּיל, כלומרשט: עט, גאָרנישט. נאָר אלצדינג איז גערעדט געוואָרן קעגן יענע — ביי זיי העלפט חכמניות. פארשטעלן זיך; טראכט אלדאָס ביין, אבי א גוט פרום פּנימל, אבי א צינגעלע ווי צוקער. דער רוח אָבער לאָזט זיך נישט נארן, ער פארשטייט זייער גוט דיינע געדאנקען. אז מען זאָגט: „קלוג ווי דער רוח" — איז אפּנים טאקע אמת.

— עפּעס ביסטו מיר, ישראליק, גאָר צעדרייט. הא, עפּעס ווי שטארק נישט צופרידן. אפשר איז דיר ענג דאָס אָרט דאָ ביי מיר אין האנט, מענסט דו דיר ארויס, אָה! — זאָגט דער אשמדאי, שארף אָנקוקנדיק מיך, און, נישט צו מאכן מיט מיר גרויסע צערעמאָניעס, נעמט ער און זעצט מיך ארויף באלד טאקע צו זיך אויף דעם שפּיץ פונעם מינדסטן פינגער.

איך שטיי אויף משקולת, נישט אהין, נישט אהער. פון א מינדסטן בלאָז, חלילה, קען איך פארשליידערט ווערן העט-העט, בלייבן א קדוש, מען זאָל אפילו נישט וויסן, וואו איז אהינ־געקומען מיין געביין. עס גרוילט מיר פאר פּחד דאָס לייב. — אוי, זייער א מיאוסע לאגע...

— ישראליק, ביי דיר איז די ברירה, — מאכט דער אשמדאי עפּעס ווי אָנגעברוגזט. — גיי דיר, זיי, זיי מוחל, אויב דיר געפעלט נישט דאָ ביי מיר!

— וואָס הייסט עס געפעלט נישט?! — מאך איך מיך תם, שטאמל צעדולט, מיט א חניפה־שמייכעלע, אָנכאפּנדיק זיך אין דעם רוח מיט ביידע הענט. — אדרבה, פּאני אשמדאי,

ס'איז נאָר א מחיה, זייער גוט, אָן עין־הרע! איך פאָר מיר אומזיסט, אָן א בילעט, ווי א פּריץ. דיינע לצים מאכן זיך אפילו אמאָל אביסל נאריש מיט מיר, נאָר נישקשה, כ'בין שוין געוואוינט מיט זיי. עט, גאָרנישט!...

און איינרעדנדיק דעם אשמדאי אזוי, קריך איך מיר דערווייל בגנבה אריין ווי א פלוי צו אים אין דעם בוזעם און באזעץ מיך דאָרט, וואו מען טאָר נישט...

— אוי, ביסט דו א קלוגעטשקער, ישראליק! — מאכט מיט א בייז געלעכטערל דער אשמדאי, אויסשטרעקנדיק דערביי די הענט און וויל מיך דערטאַפּן.

איך בין געווען ווי אן איבערגעשראָקענער האָז פון דעם יעגער, וואָס יאָגט זיך אים נאָך. דער קאָפּ איז מיר געוואָרן צעדולט, פינצטער אין די אויגן און אין די אויערן האָט מיר גערוישט ווי א שרעקלעכער וואסערפאל.

## דאָס צוואנציקסטע קאפּיטל

# וואָס אן אשמדאי קען!

גאנץ ווייט, אין די אויבערשטע וועלטן, צו מזרח־צו, שפּאלט זיך דער הימל, און עס קוקן ארויס פייער־רויטע קעפּ־לעך פון שיינע ליכטיקע כרובים. שרפים ואופנים, די גאנצע הימלישע חייל, שטייען מיט גרוים דרך־ארץ אויבן דאָרט, רופן איינער צום אנדערן און זאָגן: קדוש, קדוש, קדוש — הייליק, הייליק, הייליק איז צבאות גאָט דער הערשהאַרן! און פון כאָרן מלאכים לאָזט זיך הערן א „הללויה", וואָס צעגייט זיך אויף א נעטלעכער סטרונע איבער דער גאנצער וועלט אין א זיסער, פיין־שטילער מעלאָדיע, רירנדיק איטלעכע נשמה, וועקנדיק אלע באשעפענישן. אלע לויבן, דאנקען דעם אויבערשטן, פול איז די וועלט מיט זיין כבוד!

אין די מחנות פון די רוחות איז א בייזע מהומה. די לצים ציטערן, פלאטערן, די נישט־גוטע בלייבן צעמישט, געפּלעפט, עס ווערט א קאָכעניש, א פליענישׂ, ווי די פּארססטע.

מיט דעם אשמדאי הויבט עס אָן צו ווארפן ווי א קדחת. עס דרייט אים צונויף פריער ווי א קנויל, דערנאָך טוט ער זיך ראַפּטאָם מיט א גרילצנדיקן פייף א ציי־אויס, אונטער־שפּרינגענדיק מיילן ווייט אין דער לופט, טוט זיך פּלוצים א שטעל פּאררייסן דעם קאָפּ ארויף, עפנט א מויל, זידט, קאָכט, און רעדט מיט העזה אויפהויבנדיק דעם קולאַק אין דער הויך.

— אַז אָך און ווי צו אייך, צום געזאַנג און לויב אייערן!... איך קען אייך, נישקשה. קנעכט זייט איר, משרתים, אָן א פּיצל אייגענעם ווילן, נאַראָנים, בטלנים!... איך קען, נישקשה, אויך יענעם, דעם באַלעבאָס אייערן, דעם גרויסן פּריץ. יענעם איז ליב חניפה, צו הערן שטענדיק קאָמפּלי־מענטן, לויב און דאַנק פאַר זיין גוטסקייט. דאָס אַלצדינג, וואָס ביי אַנדערע וויל ער נישט ליידן, האַלט עס פאַר א מיאוסער עבירה, חלילה בעטן געצאָלט פאַר א מצווה, א דאַנק פאַר א טובה! אים אָבער בענטש, דאַוון, דאַוון, דאַנק און לויב אָן אן אויפהער פאַר איטלעכם פּיצעלע — און איר קאַרגט נישט, גיט אים שבחים מיט דער פולער מאָס. חנפים, באַסיאַקעס, קריכערס, אונטערלעקערס זייט איר!...

ברכה זאָגן, וואָס איך האָב אָנגעהויבן ווי געוויינטלעך אין דער פרי, איז מיר געבליבן שטיין ווי א ביין אין האַלדז. גיי דאַוון, זיי מקיים ייִדישקייט ביים טייוול דאָרט, נאָך אַזעלכע ווערטער וואָס א שרעק!

מיט רעש, מיט אימפּעט פליען די רוחות איבער פּלאַנעטן און שטערן, ווייט, ווייט ערגעץ העט אין עק וועלט. עס ווערט מיט אַמאָל שוואַרץ־טונקל אין די אויגן. עס רוישט, שטורעמט אַרום און אַרום, עס בלאָזט, קלאַפּט מיט שרעק. דאָס האָט פון גאָט דער פאַרטריבענער, דער וויסטער פאַרצייטיקער „תהו ובהו" זיך געריסן ווי א ווילדע חיה פונעם פאַרשלאָסענעם געפענגעניש, אַריינצושפּרינגען אין דעם גבול פון אָרט און צייט. דאָס האָט דער אשמדאי געפּאַכעט מיט זיינע פליגל, געקלאַפּט אין די טויערן פון דער אייביקער אַמאָליקער פינצ־טערניש, געקראַצט, געזוכט עפּעס ווי א שפּאַלט, ווי הינטן אַרום אַרויסצולאָזן זי פריי און פאַרפינצטערן די וועלט. אוי, ווי שרעקלעך דאָס דאָזיקע אָרט איז, נאָר א געוואַלד! דאָ איז די גרענעץ פון ליכט — „ווירקלעכקייט" — און פון חשכות — „גאָרנישט", א תהום. עס איז א געוואַלדעניש, א שפּאַרע־ניש, א ראַנגלען זיך דאָ צווישן די געמאַרקן. עס הויבן זיך אויף שוואַרצע כמאַרעס ווי די בערג, אָט־אָט, דאַכט זיך, פאַר־שלינגען זיי הימל און ערד. פייערדיקע מלאכים אָבער, וואָס שטייען אויף דער וואַך מיט בלויזע פלאַמענדיקע שווערדן, דונערן און בליצן און שרייען: „אַזאָס!... ביז דאַנען און נים מער!" — עס ווערט א כאַפּעניש, א יאָגעניש, פּוץ צוריק אין זייער רו אַריין...

די וועלטן — זיי זענען אין דעם בייטן זיך פון טאָג מיט נאַכט פאַרשיידן צווישן זיך.

אין איין וועלט דאָרט טאָגט וואָס ווייטער אַלץ העלער און העלער. די הימלען דערציילן דעם כבוד פון גאָט. כתות

מלאכים זאָגן שירה, איטלעכע נשמה לויבט זיין נאָמען: הללויה! און אין אן אנדער וועלט אקעגן איז שטאָק־פינצטער — נאכט!... עס ווידמען זיך דאָרט מיני שלעק, שווּיבלען און גריבלען די אלע ווילדע נפשות, בייזע רוחות שרייען ווי די לעמפּערטן, ווילן פּארצוקן, צעשטערן — אלצדינג צו אלדי שווארץ יאָר!

יונה הנביא, אים איז ניט אזוי שלעכט געווען צו ליגן אין בויך ביים פיש, ווי מיר ביים אשמדאי אין בוזעם. אונדז ביידן, אמת טאקע, איז געווען גענוג פינצטער און ביטער. אז אָך־און־וויי צו אונדזער ביידנס מזל, צו ליגן אין דער קלעם. אין אזא שכנות, משטיינס־געזאָגט. דאָ איז פּאָרט א גרויסער חילוק. ער, יונה, האָט ווייניקסטנס געקענט כאָטש שרייען, תפילה טאָן צום אויבערשטן, זיך בעטן אהיים — און איך האָב געמוזט האלטן מויל, נישט געטאָרט אפילו א פּיפּס טאָן. שא! די לצים זאָלן עס, חלילה, נישט דערהערן, דער רוח זאָל מיך נישט א כאַפּ טאָן, דערמאָנענדיק זיך אין מיר, און ארויס־ווארפן מיך ווי א צעקוועטשטע וואנץ אין דעם טיפן אָפּ־גרונט.

עס איז א רעש, א געפּילדער! הויך און די הימלען דרייען זיך, קערן זיך וועלטן. זונען און לבנות גייען אויף און אונ־טערגייען, איטלעכער באזונדער פאר זיך. עס ענדערן זיך די ציַיטן, עס בייטן זיך פון שטערן די וואכן, די אראָפּ, יענע ארויף, איטלעכער אין זיין צייט, יעדער אין זיין אָרט, עס זאָל געקרימט ווערן אויף א האָר! דער אשמדאי זעט צו אלצדינג און פּוקעט זיך, קריצט מיט די ציין און מאכנדיק צו שאנד די גאנצע וועלט. ווי עס זעט אויס, איז אים דאָס מאָל נישט געלונגען אויפרייצן די הערשערן אויבן, זיי זאָלן אראָפּפּאלן פון גאָט. ער פּויקט צונויף זיין פּעקל רוחות און לאָזט זיך מיט זיי צוריק צו אונדזער ערד, וואָס דרייט זיך, אויסזעענ־דיקע ווי א שפּיליקע־קעפּל, ערגעץ ווייט דאָרט. ער וויל, הער איך, זי נישט אָפּלאָזן. קיין אנדערע ווי זי טויג אים נישט אזוי צו זיין ארבעט, דאָ האָט ער גענוג באהעלפערס, גענוג מיטל צו ווייזן זיינע גבורות. דאָ איז א האָפענונג, ער זאָל בייקומען, אין דער מלחמה מיט דעם רבונו של עולם זאָל ער זיין פון אויבן.

— וואָס טויגט איר?... וואָס קומט אייך ארויס פון יענע אלע הימלען, פון אייערע אלע גן־עדנס, אז איר זייט קנעכט, לאקייען? אז איר האָט נישט קיין פרייהייט, קיין אייגנעם ווילן, אז איר זייט נאָר קוקלעס, וואָס טוען, מאכן מיט די ליפּן, פּלאפּלען אזוי ווי מען דרודלט זיי אָן?! טפו זאָל עס ווערן איינגאנצן! — זאָגט דער אשמדאי, אויפשטעלנדיק ביידע

קולאקעם אין דער הויך, שפּיט מיט פּעך און שוועבל, בליצט — בלינצלט מיט די אויגן, שיסט דערנאָך אוים מיט א געלעכטער, א שניידיקס ווי א מעסער, שרייט זיך איבער מיט די רוחות אויף משונה ווילדע קולות און גיט זיי אונטער חשק, גיכער נאָך אים צו פליען.

ער פליט האסטיק. וואָס א מאך מיט די פליגל, פליט ער אָפּ א וועלט. וואָס ווייטער, ווייטער ווערט די ערד גרעסער, גרעסער און דער אשמדאי אלץ רואיקער. פּלוצים בלייבט ער שטייט שוועבן שטיל, ברעכט זיך, ציט זיך, גלייך ווי ער וואָלט פון זיך אראָפּגעוואָרפן משא גאנצע בערג, און אריינפאַרנדיק מיט דער האנט צו זיך אין בוזעם, א קראץ צו טאָן זיך מסתמא, טאפּט ער גאָר אומגעריכט מיך אָן.

— ע, ע, וואוהין, ישראליק, דו האָסט זיך פארקליבן! לאָז מען נאָר א ווײַלע פונעם אויג דיך אָפּלאָזן, קריכסט דו, קריכסט און באלד אין דער גרגרת אריינקריכן!... א־נו, זייט זיך מטריח, רב ישראליק, ווייטער אביסל, רוקט זיך, רב ישראליק, זייט־זשע מוחל! — בעט מיך דער אשמדאי מחילה און שלעפּט מיך ארוים, האלטנדיק צווישן די פינגער מיט א קליין קוועטשעלע.

אוודאי איז פע, טאקע וואָס פע הייסט! דאָך פאל איך ביי מיר נישט אראָפּ, מאך מיר הארץ, דערמאָנענדיק זיך אין מיין וואונדערלעכער געשיכטע, וואָס מיט מיר האָט ביז אהער זיך פּאסירט, און טראַכט ביי מיר: בע... נישקשה! אז איך האָב געקענט מאכן ביז אהער אזא רייזע, א קאטאָוועס עפּעס אזא רייזע, אוים זיין וואו די וועלט האָט אן עק, געפינענדיק זיך צווישן אזוי פיל נישט־גוטע, אלערליי שלעק און בלייבן גאנץ מיט די ביינער, וועל איך, אם ירצה השם, ווייטער זיך מסתמא אויך אויסדרייען. מיט דעם דאָזיקן בטחון צאפּל איך ביים אשמדאי צווישן די פינגער, אָנקוקנדיק דערביי משונה, עפּעס מיט אזא מינע, ווי איינער רעדט: מילא א קוועטש איז א קוועטש, בין שוין געוואוינט... קלייניקייטן! וואָס־זשע אָבער, נו, וועט זיין ווייטער?

— דיין טריפהנער מזל, ישראליק, וואָס אצינד גראָד בין איך אויפגערוימט, שענק איך דיר. אן עק וועל איך פון דיר נישט מאכן, פארקערט, איך וועל דיר נאָך פארברייטערן דעם רוים אויף צו זיצן ביי מיר אין האנט.

אבי זוכה געוועזן צו הערן עפּעס א גוט וואָרט, ווער איך שוין ביי מיר שטארק געהויבן... און שטעל מיך איין, ווי א היימישער, דעם אשמדאי אויף טשיקאַוועשטש צו טאָן א פרעג:

— וואָס איז מיט דיר, פּאני אשמדאי, אזוי די שמחה?

— אַט ווייסט דו, בהמה, באַלד זען, פּאַר וואָס, — ענט־פערט מיר דער אשמדאי מיט א משונהדיק שמייכעלע, א שנעל־געבנדיק מיר אין שפּיץ נאָז, און א בויג מיר דעם קאָפּ.

— א־נו, וואָס זעסטו דו איצטער דאָרט אויף דער ערד?

— שווערלעך! — זאָג איך, רייבנדיק די נאָז און די אויגן. — עפּעס גייען ארויף זיילן רויך ווי פון טויזנט פייער־שפּייענדיקע בערג. ס'איז דאָרט עפּעס אן איבערקערעניש ווי סדום און עמורה!

— ניין, נאַרעלע! — מאַכט דער אשמדאי, א בלאָז געבנ־דיק אזוי, אז דער רויך איז זיך צעגאַנגען אין דער זייט. — קוק אצינד, וועסטו דו זען קוימענס. דאָס רויכערן דאָרט גרויסע, הויכע קוימענס פון מיינע טויזנטערליי פאַבריקעס, פאַבריקעס פון האַרמאַטן, ביקסן און כל־המיני אַנדערע כלי־זיין אויף צו מאַכן דעם טויט; פאַבריקעס מער וויפיל מען באַדאַרף אויף צו פעלשן אין לעבן נויטיקע זאַכן, און אויך פאַבריקעס אזוינע אויף צו מאַכן שמאַכטעס, וואָס עפּעס ניט אזוי שטאַרק נויטיק אין לעבן אריין; פאַבריקעס פון כלים און מאַשינעס, צו פאַר־שפּאָרן מענטשנס הענט, פאַרוועלוועלערן זייער אַרבעט און צו־נעמען ביי א סך די פּרנסה; פאַבריקעס פון אזעלכע מיני המצאות ווי צו פאַרקירצן אָרט און צייט און דורך דעם צו פאַרקירצן זייער אָפּט טאַקע דעם מענטשנס יאָרן, פאַבריקעס צו דרוקן און פאַרשפּרייטן אין דער וועלט גיך און געשווינד זייער פיל נאַרישקייטן — ליגנס, רכילות, בלבולים, וואָס נישט־געשטויגן, נישט־געפלויגן, שנאה־קנאה, נאָך און נאָך אזעלכע מיאוסע זאַכענישן און אַל־דאָס־בייז איינע אקעגן די אַנדערע... קורץ און גוט — דאָס איז דער רויך פון דער „ציווילי־זאַציע”, ווי הייסט עס ביי אייך דאָרט. וואַרט נאָר, וואַרט א ווײַלע, אַט האָסטו די א פּאַנאָראַמע, קוק, זיי מוחל, און האָב הנאה!

עס עפנט זיך אויף פאַר מיינע אויגן א שטיק לאַנד, וואונדער־שיין, נאָר א געמעל. פעלדער געהילט אין א סאַמעט־גרינעם מאַנטל פון יונגע פרישע תבואות, געשפּרינקלט מיט בלומעלעך ביי די קאַנטן; אין טאָלן פּיטערן זיך שאָף און אויף בערגלעך שפּרינגען קלאָר־ווייסע ציגן. אין דער לופט טראָגט זיך א קאָנצערט פון אַלערליי שטימען: א געזאַנג, א קנאַקן פון שפּיל־פייגעלעך אין וועלדער, וועלדלעך; א שמו־צערן, א זשוזשען, א צימבלען פון פליענדיקע מוקן, זשוקעלעך אויבן, און פון שפּרינגענדיקע גרילן, היישעריקן אין דעם גראָז אונטן, און צו־ווייזן, א הירזשען פון פערד, אויך א צובאַסע־ווען פון קי אויף דער ברייטער געמבע. ווייט אַרום ליגן צע־זייט דערפלעך, פערמעס, הייזער געזונטע, געבויט מיט אַלצדינג.

אין דעם באלעבאטישקייט, דערבײַ גרויסע שײַנע גערטנער און ווײַנגערטנער. דאָרט בליט דער ווײַנשטאָק, דער פײַגנבוים צע־לאָזט זײַנע בלעטער, רויזן און אַלע אַנדערע שמעקעדיקע קרײַ־טעכצער גיבן פון זיך אַרויס אַ ריח פון געווירץ. קינדער שפּרינגען ווי די ציגעלעך אויף די הויפן, שטיפן־לאַכן פונעם גאַנצן האַרצן, עלטערע זיצן אָנגעלענט אונטער ביימער, רוי־כערן, שמועסן גאָר פריילעך, עסן, טרינקען און זענען פריילעך.

— אַך, — זאָג איך, — ווי גוט, ווי שיין! ס'איז דאָך עפּעס דאָ אַ לעבן, גאָר אַ גן־עדן!

דער אשמדאי קוקט אויף מיר אין דער זייט מיט אַ שמײ־כעלע, נישט צו רעדן אַ וואָרט. דערנאָך נעמט ער מיך אָן פאַרן שפּיץ בערדל, אַ צי געבנדיק מיר דערמיט דעם קאָפּ, איך זאָל אַרונטערקוקן.

— איי־איי! — לאָז איך אַרויס אַ ביטער געשריי. — נישט צו דערקענען דאָס לאַנד, אַזוי וויסט איז עס, אַזאַ חורבן! נאַקעט זענען די פעלדער, נישטאָ קיין ווייץ, נישטאָ קיין קאָרן, אַ פײַער האָט אויסגעקוילט, אויסגעברענט ביז איין גרעזעלע דאָרט. פאַרדאַרט שטייען ביימער, די צווייגן צעבראָכן, אויס פריילעכקייט ביי מענטשן. מען הערט נישט קיין קול פון פּי־שאַ, נישט קיין פּיפּס, פייגל און בהמות עפּעס ווי אויסגע־שטאָרבן!...

— דאָס האָט זי, די ציוויליזאַציע, זיך אַזוי געמיט, — דערקלערט מיר דער אשמדאי די זאַך מיט זיין געוויינטלעך בייז געלעכטערל. — דאָס איז זי פאַר גוטסקייט געקומען אהער אומגעבעטן מיט בלוט און פײַער און זיילן רויך. געקומען איז זי פון גאַנץ ווייט זיך לאָזן צו דערקענען דעם היגן פּראָסטן עולם דאָ מיט אירע טובות. און אַזוי ווי דער עולם אָבער האָט זי באַדאַנקט, געוואָלט לעבן ווי פריער אָן די טובות, האָט זי אים געלערנט דרך־ארץ, געוויזן ווער עלטער איז. — וואָס איז מיט מיר, פרעגסטו, אַזוי די שמחה? בהמה! ס'איז אַ פרייד צו זען, ווי זי ברענט, סמאַליעט אַ וועלט. קלעקט איר נישט אויף אירע חפצות די וועלדער, גראָבט זי זיך ווי אַ קראָט טיף אין דער ערד, רייסט דאָרט קברים פון פאַרצייטיקע גע־וויקס, פלאַנצן העט העט נאָך פאַר דעם מבול, פון וועלכע ס'איז געוואָרן פאַרהאַרטעוועטע קוילן, און נעמט זיי צו איר נעברויך. עס וועט איר נישט קלעקן באַלד דאָס אויך, זי וועט אויסברענען, אויפפרעסן דאָס אינעוויינסקסטע אין דעם בויך פון דער ערד — דענסטמאָל וועט זי זיך אַ נעם טאָן אויבן צו דער זון. פון דעם אַלטנס רייטוואָגן דאָרט אין הימל וועט זי אַרויסגנבענען די הייסע ברענענדיקע שרפים און זיי איינ־

שפּאַנען אין אירע מאַשינעס, צו שלעפּן, צו דרייען רעדער, אונטערשמייסנדיק זי, מחילה, מיט עלעקטרישע בליצן, עס זאָל דונערן, שיסן, פליען, טראַסקען — פּוף־פּאַף־פּיף!... בהמה! די אַלע קוימענס פון די גוזמא־גוזמאות־פאַבריקעס דאָרט — דאָס זענען מזבחות, וואו עס רויכערט זיך לכבוד מיר ולכבוד דעם גאָלדענעם קאַלב, דעם גאָט פון ספּעקולאַציעס, שווינדל, פּראָיעקטן און געלט. דער דאָזיקער רויך טריקנט אויס די הערצער, רויכערט אויס פון אָרט די געפילן און פאַרוואַנדלט אַלצדינג אין סחורה, ליבע, פריינטשאַפט, פרומקייט, גלויבן, צדקה און דעסגלייכן — אויך סחורה, און וואָס נאָך? ער, דער דאָזיקער רויך, רויכערט ביסלעכווייז פון דאָרטן אויס אויך יענעם, וואָס איך טאָר זיין נאָמען נישט דערמאָנען, עס ווערט אים דאָרט אַלץ ענגער, ענגער. עס בלייבט אים אַלץ ווייניקער אָרט, ער רוקט זיך, מחילה, אַלץ ווייטער, ווייטער, און מיט דער צייט, ס'איז דאָ אַ האָפענונג, וועט די ערד אינגאַנצן בלייבן מיינע...

„אַ־אַ, נישט דערהאַרן וועסט דו עס, רשע איינער!" — טראַכט איך מיר אין האַרצן, פאַרקרימענדיק זיך מיט אַ יראת־שמים־פּנימל. — „דו וועסט גיין צום גרונט און ער וועט אייביק בלייבן."

## דאָס איין־און־צוואַנציקסטע קאַפּיטל

# ישראל באַגעגנט זיך מיט שלמה המלכס אַ גענעראַל

— הע־הע! — מאַכט דער אשמדאי, פאַררייסנדיק דעם קאָפּ עפּעס ווי צוהערנדיק זיך און סמאָרעט מיט דער נאָז.

און באַלד טאַקע קומט מיר צו די אויערן אַ געטומל, אַ געפּלוידעריי.

– גאָרנישט, גאָרנישט, מכשפהטעס עטלעכע האָבן באַקומען די ספּאַזמע, חלשן דאָרט, — זאָגט דער אשמדאי מיט אַ געלעכטערל. — געוויינטלעכע זאַכן. איי, אַ צייט, אַ צייט! גאָר נישט די מכשפהטעס וואָס אַמאָל! אַ מכשפהטע אַמאָל, אַז זי האָט זיך גענומען פאָרן רייטנדיק, איז זי געפאָרן, געאַרבעט אויף אַלע כלים, נישט מיד צו ווערן אויף אַ האָר, יענער אפילו זאָל די כפּרה ווערן. הייַנטיקע מכשפהטעס אָבער, משטיינס־געזאָגט, נאָר עפּעס ווייס איך וואָס אַזוינס — איז ביי

זיי נערוון, ספּאַזמעס. האָבן ליב, קאַוואַליערן זאָלן זיי מינטערן...
איי, א צייט! וואָס פאַר א מענטשן, אַזוינע מכשפות, אַזוינע לצים, אַזוינע רוחות. היי, ראָהיראָט!
א רוח, געקנייטשט, געבויגן פאַר אַלטקייט, דאַר ווי א שפּענדל, א לייב פון א מיתה־משונה־קאָליר מיט א היפּשן האָרב און א דינע, לאַנגע, פאַרדרייטע נאָז ווי ביי אן על־פאַנט, קומט געשווינד צו פליען צום אשמדאי, שטעלט זיך אים אַקעגן, פאַרוואַרפנדיק דעם לאַנגן אויסגעקראָכענעם ווײַדל צווישן זיינע הינערשע פיס און אָנבויגנדיק דעם שמאָלן שטערן, אויף וועלכן עס סטאַרטשען צוויי שטייפע צעפּלעך האָר ווי די הערנער ביי די ביידע ווינקלען.
— ראָהיראָט, מיין גוטער, געטרייער דינער! — ווענדט זיך דער אשמדאי צום רוח מיט א שמייכעלע. — וואָס מאַכן עפּעס דאָרט אונדזערע דאַמען?
— חן, גנעדיקער האַר, מאַכן זיי. ווייבער!... ווייבער ווילן, וואָס? — א מענצל. נאָך אזא לאַנגער רייזע גלוסט זיך זיי אַביסל רו, אָפּפרישן זיך אַביסל, אויספּוצן זיך, אונטערהאַלטן זיך, געפעלן אַבי וועמען, מעג זיך זיין כאָטש דעם שוואַרץ־יאָר...
— גוט, ראָהיראָט! גיי, טו דיין זאַך.
עס געדויערט נישט לאַנג, שפּרייט זיך אויס אין דער לופט העט ווייט, ביז קיין אויג קען נישט פאַרנעמען, עפּעס א מין זיידענער טייערער קאַוויאָר, געשטיקט פון גינגאָלד מיט די שענסטע קוויטן און אַלערליי קונציקע געמעלן, וואָס אויף דער וועלט. עס פינקלען, שפּילן דאָרט פאַר די אויגן שמאַראַגדן־גרינע וועלדער, פון וועלכע עס קוקן אַרויס רובין־רויטע פּאָ־מעראַנצן, פּערעשקעס פּאַרטיקע, שיין־חנעוודיקע, שטעלן פון צווישן די בלעטער אַרוים פּולעטשקעס, רויטלעך־פּאַרפּאַרבטע בעקעלעך, אָפּגעשאָטן מיט דינע קורצע הערעלעך, בעטן זיך עפּעס ווי אַליין, שטומערהייט, זיי א געשמאַקן קוש צו טאָן. שוואַרצע קאַרשן מאַכן אייגעלעך, ווינקען, ווינקען און ציען ביי דער נשמה. די אויגן צעפּלאָקערן זיך פאַר גרויס חשק; וואוהין מען קוקט, איז שיין, ליבלעך; וואוהין מען זאָל זיך נישט קערן־ווענדן, מאָנטעט עס עפּעס, מאָנטעט, עפּעס גלוסט זיך, אוי — גאָר משוגע צו ווערן!...
ווי א היישעריק לאָזן זיך אהין אַראָפּ די רוחות, גרויס און קליין, אַלט און יונג, צעלויפן זיך דאָרט גאַנץ פריי אין אַלע זייטן און פאַרשווינדן באַלד. דער אשמדאי לאָזט מיך אָפּ אויך פריי און הייסט מיר זיך דורכגיין אַביסל שפּאַצירן.
אַרויסרייסנדיק זיך פונעם טייוולס הענט בין איך געווען ווי א לאַנגע צייט א געפּענטעטער האָן, וואָס באַלד נאָך דעם

אויפבינדן אים ליגט ער א ווײלע שטיל, און קוים באַפּט ער דעם אָטעם, טוט ער זיך א שטעל־אויף קוממיות און מאַכט קוקוריקו מיט ברייטקייט, ווי דער גרעסטער, בעסטער, וואויל־סטער האָן אין דער וועלט... איך פאַרגעס באַלד אין די צרות, בין גאָר א וואוילער יונג, שפּאַציר מיר ארום, און צו וואָס איך זאָל מיך נישט צוקוקן, באַקום איך חשק, עס גלוסט זיך מיר אַלצדינג, עס ווילט זיך מיר אַלע יענע שיינע זאַכן. — איך שטעל מיך אַזוי אַפּ איינמאָל אויף דעם שפּאַצירגאַנג ביי א גרויסן בוקעט פון די טייערסטע איידלשטיינער: דימאַנטן, ברילאַנטן, סאַפּירן, רובינען אַלע סאָרטן, איינגעפאַסט אין גאָלד. עס הויבט מיך אָן אינעווייניק עפּעס צו דרייען, כפי מיינע מבינות איז עס אוודאי א שרפּ״ט אַלפים טאָלער, און אפשר טאַקע נאָך מיט א שמיצל אריבער, טאַקע יאָ־יאָ די גאַנצע שרפּ״ט מיליאָנען, זאָל עס נישט זיין צו קיין בושה! עס קאָטערט מיך; געוואַלד, איך זאָל עס האָבן, וואָלט איך עס דאָך פאַרקויפט, געמאַכט א שיין קאַפּיטאַל, וואָלט געלעבט נגידיש, געהאַט אויף קאַשע מיט יויך און אָפּגעטערכעט אַזוי מיינע יאָרן! — עס נעמט מיך שטאַרק אָן דער יצר־הרע. באמת טאַקע, זאָגט ער, פאַר וואָס זאָלסט דו נישט אויפהייבן אַזא מציאה, א כשרע מציאה? וועמען טויג עס דאָ, ווער האָט דערפון דאָ הנאה? נישט גאָט, נישט לייט. דער שוואַרץ־יאָר וועט די רוחות נישט נעמען אָן דעם אויך. זיי האָבן גענוג. נעם! וועסט דערמיט זיך קויפן עולם־הבא. ביי איטלעכם פּי־צעלע, וואָס דו וועסט דערפון געניסן, וועסט דו דאָך מאַכן א ברכה. אויף א פּוטער־געבעקסל, אַשטייגער — מאַכן בורא מיני מזונות, אויף א גלעזעלע וויין. ווימאַראַזיק — בורא פּרי הגפן. נאָט וועט הנאה האָבן, און דו טאַקע אויך... נעם, נעם! — איך קוק מיך ארום אין אַלע זייטן — נישטאָ קיינער, איך שטיי אביסל און בין זיך מיישב. איך מאַך מיר הארץ און...

און ווי איך שטרעק אויס די האַנט, פּיל איך פון הינטן עפּעס א קליין שמיצעלע ווי מיט א שטריק. איך קוק מיך נישט־לעבעדיק אום און דערזע יענעם אַלטן, האָרבאַטן רוח.

— א־א, שלום־עליכם! — זאָגט ער מיט א שמייכעלע, א שמיצל געבנדיק מיר אויף דער האַנט, ווי דער שטייגער פון רוחות איז ביים גריסן זיך, מיט דעם ווידל.

— עליכם שלום! — ענטפער איך אונטער דער נאָז, צו־קוקנדיק זיך צו אים מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, כלומרשט ווייס איך נאָך נישט רעכט, ווער ער איז. — עפּעס, דאַכט זיך מיר, קענטלעך.

— ראָהיראָט בין איך דאָך! וואָס, פאַרגעסן? איך בין ראָהיראָט, דער גובערנאַטאָר פונעם דאָזיקן קאַווייאָר.

— אזוי! דער גובערנאַטאָר!! — טו איך מיך א כאַפּ דערשראָקן, טראַכטנדיק ביי מיר: אוי, וויי, האָט ער געמוזט אוודאי זיך אָנשטויסן, וואָס איך האָב געוואָלט אָקאָרשט טאָן.

— נישקשה, רב ישראל, מאַכט נישט אַזא פּירוש! איך וויל אייך דאָ ביי מיר אויפנעמען ווי א טייערן גאַסט. סטייטש, סטייטש, רב ישראליק, אַז איך האָב די זכיה צו זען ביי מיר אין לאַנד דעם אייניקל פון אַזא באַרימטן זיידן!

— איי, איר לאַכט?!

— חלילה! גאַנץ ערנסט. איך האָב זייער גוט געקענט אייער עלטער־זיידן, דעם וועלט־באַרימטן חכם — שלמה המלך, אייך אויף צו לאַנגע יאָר. איך האָב ביי אים אַוועקגעדינט א צייט מיט יאָרן. די בעסטע יאָרן. אַז איך בין נאָך געווען יונג און מיין עק נישט אויסגעקראָכן. ער האָט עס מיך געמאַכט פאַר גובערנאַטאָר אַ־דאָ־אָט!

אָט וואָס ראָהיראָט האָט מיר דערציילט מיט די דאָזיקע ווערטער:

„דער דאָזיקער קאַוויאַר, וועלכן איר זעט, וואָס האָלט זעכ־ציק מייל די לענג און זעכציק מייל די ברייט, האָט געהערט שלמה המלך, אויף וועלכן ער פּלעגט שטענדיק פאָרן אין דער לופט גיך און געשווינד אַזוי, אַז ער פּלעגט עסן מיטאָג אין דמשק, אין מזרח־זייט, און וועטשערע אין מדי, אין מערב־זייט. חייל האָט ער געהאַט אָן א צאָל, פון אַלע מיני באַשעפענישן אין דער וועלט. זיינע גרעסטע פליגל־אַדיוטאַנטן, דורך וועלכע ער האָט קאָמאַנדעוועט, געשיקט זיינע באַפעל, זענען געווען פיר: פון מענטשן — אָסף בן־ברכיה; פון שדים — ראָהיראָט, איך מיט מיין כבוד אַליין; פון חיות — דער לייב, און פון עופות — דער אָדלער.״

— סטייטש, וואו איז דער אויערהאָן? — פאַל איך אריין ראָהיראָטן אין די רייד. — עפּעס שמועסט מען דאָך פון אָן אויערהאָן אויך!

— עס, נאַרישקייטן! מישט נישט, איך בעט אייך, איינס מיטן אַנדערן. דער אויערהאָן איז פאַר זיך א מעשה, עפּעס מיט דעם ווערעמל, און דאָס איז עפּעס גאָר אַנדערש,—מאַכט ראָהיראָט מיט א זויערער מינע, פאַרדרייענדיק די נאָז און דער־ציילט ווייטער:

„שטאָלץ איז שלמה המלך געווען, נישט ווי א רוח, נאָר ווי טויזנט מיליאָן רוחות אינאיינעם. ער האָט פון זיך גע־האַלטן א שרעק, איינער טאַקע אין דער וועלט. דעריבער פלעגט ער, זאָל אים צו קיין גנאי נישט זיין, טאָן א מאָל נאַרישקייטן און צוציען זיך דערמיט פיינטשאַפט, לייטישע רייד. איך אַליין האָב געהאַט מיט אים אָן אויפטריט אַמאָל, האָב נישט געוואָלט

מער פירן אַט דעם קאַוויאַר, זענען באַלד פּערציק טויזנט מענטשן אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, און ער האָט געמוזט בחרפּה ובבושה בעסער ווערן. איינמאָל האָט ער געכאַפּט אַ פּסק אַט פון וועמען. אויף דער רייזע אין דער לופט פליען מיר אַמאָל איבער דעם טאָל פון די מילבן, הערט ער ווי אַ שוואַרצע מילב זאָגט צו די איבעריקע: גיכער אַריין אין די הייזלעך אייערע, שלמהס מחנות זאָלן אייך נישט איבערפירן!

— אַזוי! זאָגט ער שטאַרק אויפגעבראַכט. גיי, ראַהיראַט, אַראָפּ דאָרט צו איר. איך קום, מאַך אַ „סליעדסטוואַ", שריי: סטייטש, סטייטש! יענע איז זיך מודה. זי האָט געזאָגט. — ווער ביסט דו? איך בין די מלכה. — ווי הייסט דו? איך הייס „מחשמה". אהין־אהער, איך אַרעסטיר זי און ברענג זי צו שלמהן. ער נעמט זי אויף דער האַנט, גלייך זיך אַקעגן פּנים, און מאַכט צו איר: זאָג, איז דען דאָ אויף דער וועלט אַ גרעסערער פון מיר? — יאָ! ענטפערט זי, קורץ און שאַרף. — ווער? — איך. — ווי אַזוי ביסט דו עם גרעסער? — ווען איך זאָל נישט זיין גרעסער פאַר דיר, וואָלט דאָך דער אויבערשטער דיך נישט געשיקט אַהער, דו זאָלסט זיך ניאַנטשען מיט מיר, טראָגן מיך אויף די הענט. שלמה ווערט שטאַרק אין כעס, טוט זי אַ שליידער אויף דער ערד, זאָגנדיק דערביי: מילב, דו ווייסט נישט ווער איך בין? איך בין שלמה דער זון פון דוד המלך... ע, נעם זיך פונ־דעסטוועגן נישט אַזוי איבער, זאָגט זי, דו ביסט אַ בשר־ודם ווי אַלע אַנדערע! — שלמה איז געבליבן געפּלעפט, זיך שטאַרק פאַרשעמט פון דער מילבס ווערטער."

— איך בעט אייך איבער ווי אַן אייגענע מוטער, — רוף איך מיך אָן פאַרוואונדערט. — ס'איז עפּעס האַרבלעך צו פאַרשטיין, אַ מילב — און אַזוינע ווערטער! ווי געשיקט זיך עם!

— שאַ, שאַ! זאָגט ראַהיראַט גאַנץ געלאַסן. — אָבער אַז איך וועל אייך ברענגען אַ מדרש, וועט איר שוין גלויבן?... איך האָב אייך צו דערציילן וועגן דעם ענין נאָך אַ מעשה, ווי שפּעטער אַ ביסל אויף אַזאַ לופט־רייזע האָט ער דערזען אַ וואונדערלעכן פּאַלאַץ, אין וועלכן ס'איז געווען אוממעגלעך אַריינצוגיין, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך נעראָטן מיט דעם אַלטן, זיבנ־הונדערט־יאָריקן אָדלער אלעגאד, מיט דעם ניינהונדערט־יאָריקן ברודער זיינעם אלעוף, און מיט דעם טויזנט־דרייהונדערט־יאָריקן ברודער זייערן אלתעמר, איז ער סוף־כל־סוף פּאָרט אַריין אַהין אין די אינעווייניקסטע חדרים; ווי אַזוי ער האָט דאָרט ביי אַ גולם פון דער קעלע אַרויסדערטאַפּט אַ זילבערן טאָוול,

וואָס די אויפשריפט דערויף איז אים שווער געווען צו לייע־נען; ווי עפּעס א בחור איז געקומען פון דער מדבר און זאָגט: אדוני קעניג, דער כתב איז גריכיש און דער טייטש דערפון איז אזוי: „איך שעדער בן־עאד האָב געקיניגט איבער טויזנטער מדינות, געריטן אויף טויזנטער פערד, געהאט טויזנ־טער מלכים אונטער מיר, און טויזנטער גבורים טויטגעשלאָגן — און דאָך, אז דער מלאך־המות איז געקומען צו מיר, האָב איך גאָר נישט געקענט טאָן.״ — אָט דאָס אלצדינג האָב איך געוואָלט דערציילן אייך באריכות, אין זייער א לאנגער מעשה, נאָר אצינד, אז איך זע, איר זייט, האָט קיין פּאראיבל נישט, א שטיקל אפּיקורס, גלויבט נישט אין א גרייז־גרויען אלטן רוח, איז קליגער און בעסער — צו שווייגן. דאָך אָפּ־לאָזן אייך אזוי. איז אוממעגלעך. פּאָרט רב ישראליק, פּאָרט א טייערער גאסט, שלמה המלכס אייניקל; זאָגט, וואָס ווילט איר, רב ישראליק!

איך האָב געוואָלט בעטן יענעם בריליאנטענעם בוקעט, צו וועלכן דאָס הארץ האָט מיר אלץ שטארק געצויגן, נאָר באלד האָב איך מיך באטראכט — ניין! ארויסזאָגן עס גלייך, גלאַט פּשוט: גיב מיר! טויג נישט. דער רוח זאָל אים וויסן, וואָס ער מיינט. אפשר איז דאָס נאָר אן אָנשטעל. אלא וואָס דען? מען באדארף פּרוואוון הינטער ארום, מיט א שפּיצעלע. — און באלד טאקע פאל איך אויף אן אויבער־הסברא און טו אים א פרעג:

— זאָגט מיר, פּאני ראָהיראָט, אָט וואָס. לויט אייערע אייגענע ווערטער האָט דער דאָזיקער קאַוויאַר געהערט שלמה המלך, דאָס הייסט מיין זיידן, כפי איר זאָגט. היינט איז דאָך די קשיא ווי קומט ער צום אשמדאי, הא?...

דרינען איז געלעגן א שטארקע אָנצוהערעניש, א הקדמה צום בוקעט, אזוי: וועסט דו מיר געבן מיט גוטן, מהיכא־תיתי, וועל איך זיין צופרידן כאָטש דערמיט אויך. מיט שרפ״ט מיליאָן טאָלער קען מען אויך ווי ס'איז לעבן. אלא נישט, וועל איך מיך ארויסשטעלן פאר א יורש, מאָנען דעם גאנצן קאַ־וויאַר, און דיך שטעלן פאר אן עדות.

ראָהיראָט האָט עס, אפנים, גוט פארשטאנען. ער איז גע־בליבן צעמישט, זיך געקרימט און געשטאמלט עפּעס האלבע ווערטער.

— ס'איז, פארשטייט איר מיך, א היסטאָריע... א גע־שיכטע... ס'איז עפּעס פאָרגעפאלן אמאָל צווישן שלמה המלך און דעם אשמדאי. ער, דער אשמדאי, האָט אים, פארשטייט איר מיך, פאַרוואָרפן אויף פירהונדערט מייל. צוגענומען די מלוכה, די ווייבער, מחילה, אלצדינג... ס'איז א גאנצע מעשה.

נאַר... איך זייט א שטיקל אפיקורס, — לאָזט אוים ראַהיראַט, א דריי געבנדיק דעם ווידל און ווערט פארשוואונדן...

— ווארט, ווארט, עס וועט א רוח אין אייער טאטן אריין!

— טראכט איך ביי מיר שטארק אויפגעבראכט. — א תירוץ אביסל: ער האָט צוגענומען! א שיינע געשיכטע, כ'לעבן א שיינע היסטאָריע!... איר פארשטייט? שלמה המלכם מלוכה, א „גוט" פון זעכציק מייל צוגענומען — און נא דיר א פייג!...

אויף שונאי ציון געזאָגט געוואָרן מיין ביטער הארץ! וואָס א טריט ווייטער קומט פאר די אויגן אנטיקן, וואונדער־שיינע זאכן, אזא רייכקייט, אזא גוטס — מיינס, מיינס בעוונותינו הרבים, און פאָרט נישט מיינס!...

## דאָס צוויי־און־צוואנציקסטע קאפיטל

# ווי אזוי מען טאנצט פאר דעם אשמדאי

פלוצים וואקסט פאר מיר אוים, ווי פון דער העלער הוים א פאלאץ — און עס גיט מיר א טיאָכקע דאָס הארץ, מיין יידיש הארץ!...

דער פאלאץ איז אינעווייניק טייער געפוצט. מעבל פון פימסנהאָלץ, זילבערנע טישן געגרייט מיט גילדענע קרעדענצן און אלערליי כלים פון קרישטאָל. עס שימערט, עס בלענדט, פארנעמט די אויגן. עס דרייען זיך דאָרט ארום, אוי־ווי, בת־מלכות, באלאָווע נעקליידט, אין גאז, כמעט האלב־נאקעט, מיט הוילע אָרעמס און מיט דעם גאנצן האלדז ביז די בריסט, פע, אין דרויסן. עפעס נאָר טאקע ווי אין די געשריבענע מעשיות.

— אויף א הויכער בימה, אין דער מיט שטייט ווי אן אָנגע־מאָלטער גולם, אָנגעבויגן דעם קאָפּ מיט א משונה ערנסט פנים, דער אשמדאי מיט זיין כבוד אליין. יונגע מכשפהטעס, יפהפות דרייען זיך ארום אים, טאפּן אים, גלעטן אים דאָס ציגן־בערדל און ער שמאָכט עפעס אזוי נארישעוואטע פאר גרוים פארגעניגן. אלטע מכשפהטעס, גרין און געל פאר קנאה, קוקן עס צו פון דערווייטנס, און אוים גרוים פאָרכט צוצוגיין נאָענט צו אים, ער זאָל זיי נישט א בריק טאָן, נעמען זיי אָן פאר ליב פראָסטע לצים, אלטע דראבעס; טאנצן, שפרינגען משוגענער־ווייז אין א ראָד און ביים פארבייגיין גיבן זיי אים אָפּ כבוד מיט גרוים אָפּשיי; לצים־קאוואליערן טוען זיך א בוק, און דאמען־קליפות שנורן צונויף די ליפעלעך און מאכן א קניקס. מען קניעט זיך, מען בוקט זיך און מען רויכערט

אים אונטער מיט ווייַרויך. דער אשמדאַי שמעקט דעם זאַנפּ־טיקן ריח, גלייַך ווי דאָס איז אים נייטיק אין לעבן אַרייַן.

איבערהויפּט האָט דער אשמדאַי אין יענער צייַט אויסגעזען מיט זייַן גאַנץ באַנעמען: מיט זייַן שמעקן, מיט זייַן לאָזן זיך גלעטן און אַלע זייַנע חנדלעך — עפּעס טאַקע זייער לעקישע־וואַטע. גאָר ניט, האַכט זיך, דער אשמדאַי, וואָס פריער, נאָר אַ למך, משטיינס־געזאָגט, וואָס בעט זיך ביי די ווייַבער, וואָס קוקט יענעם אין מויל אַרייַן און באַדאַרף אָנקומען צו אַנ־דערע...

— ליבער, זיסער ישראליק!... — ווענדט דער אשמדאַי זיך צו מיר מיט אַ ווייַבער, שוואַכער שטימע פון געבעט. — אוי, השמקני, ישראליק!

„מכות! וועסט עס ביי מיר נישט פועלן", — טראַכט איך ביי מיר און מאַך מיך תם, גלייַך ווי נישט אָנשטויסנדיק זיך, וואָס ער וויל, וואָס השמקני באַטייט.

— אַ שמעק, אַ שמעק! — גיט ער מיר מיט אַ רחמנות־פּנימל צו פאַרשטיין דעם טייטש. — דו וועסט מיר דערמיט צוגעבן כח...

— בתמיה, ווי געשיקט זיך עס!

— מאַך זיך נישט געפּגרט, ישראליק! ווייסט זייער גוט, נישקשה, אַז „יענער", גאָר דער גרויסער תקיף, ער וויל אויך דורך זייַנע דינער באַקומען קראַפט; זאָל דורך זייער דינסט זייַן בכח... האַ, וואָס זאָגן דאָרט עפּעס אייערע ספרים?

— והשנית, — רעד איך מיך טאַקע מיינס, ווי כלומרשט נישט געהערט, וואָס ער בעבעט מיר עפּעס אַזוינס, — והשנית, פרעג איך דיך, צו וואָס באַדאַרפסט דו קבצנען ביי מיר אַ שמעק, אַז די גאַנצע וועלט ווייַרויך שטייט דיר פריי? נעם, שמעק וויפיל דו ווילסט.

— אָט, הויבט זיך אָן חקירה! נישט פאַר דייַן מח, ישׂ־ראליק, אַזוינע הויכע זאַכן... איבריקנס, שאַ! ברענגען צום לאַכן איינעם קען דווקא יענעמס אַ קיצל... אַצינד פאַרשטייסט דו שוין אביסל?

— בע! — מאַך איך מיט אַ קנייטשעלע. — האָסט אָנ־געטאָן מיט דייַנע קיצלערס...

— גיי טענה מיט אַ יידן! — מורמלט דער אשמדאַי, אוועקקערנדיק אָנגעברוגזט דעם קאָפּ אין דער זייַט.

איינע פון די בת־מלכות, אַ שיינע, שוואַרץ־חנעוודיקע קליפּה, הויבט אויף אירע אויגן צו מיר און זאָגט שטיל פאַר־קאָכט: קום — טאַנצן!

— טפו! — שפּיי איך אויס, רויט־ווערנדיק פאַר בושה

און טרעף גראָד איינעם פון די „נישט-גוטע", דעם יצר־הרע גליַיך אין באָרד אריַין.

— א, דו, קלויזניק, פּלאָסקעדריגע, מעריד, פּרא־אָדם, אָז געפּיל, אָז טאַקט, אָז וועלט, אָז לעבן, אָז אַלץ־מיט־אַנאַנדער !

— וואַרפט זיך דער יצר־הרע אויף מיר מיט מיאוסע ווערטער, און טוט מיך, ווי דער שטייגער זייַנער איז, א קיצל.

די קליפּה ווינקט, ווינקט, נעמט קיין אויג נישט אראָפּ פון מיר. איר איטלעכער בליק איז א פיַיל, טרעפט טיף אין האַרץ, איטלעכער קוק ציט, ציט... און באַלד טאַקע, אַליין נישט רעכט צו געדענקען ווי און וואָס מיר איז געשען, שטיי איך געאָר־מעט מיט דער יפהפיה, און ביידע פאַרפּלאָמט מיט א שמייכעלע טאַנצן מיר קאַדריל ! מיט אונדז אין קאָן טאַנצן נאָך פיל אַנ־דערע פּאָרלעך לצים מיט קליפּות פון אַלערליי סאָרטן — אַלע יענע פיַינע לייט, וואָס האָבן אָנגעטאָן כבוד יידישע קינדער צו שטיין אין זייער געשיכטע... דרייענדיק זיך אין דער לעצ־טער פיגור פאַרביי דעם אשמדאי טוט מיך די קליפּה א צי —

אוי, וויי ! איך טו מיך, איר צוליב, א בוק, און גיב אים א שמעק ווייַרויך !... ער ווערט עפּעס פרישער, שטאַרקער, ווי אַן אַלטער תרח נאָך א גוטן שמעק טאַבאַקע. ער טוט א דריגע מיט די הינערשע פיס, פאַרבייסט דעם ווײַדל — און פּוץ אַראָפּ פון דער בימה ניסנדיק־קייכנדיק פאַר פרייד.

איך בלייַב אָן א נשמה פאַר שרעק און מיין : אָט־אָט כאַפּ איך פון אים דעם איינענעם פּסק, וועלכן יוסף דילערייניש האָט אַמאָל געכאַפּט פונעם סם נאָך דעם שמעק ווייַרויך, וואָס ער האָט אים פאַר רחמנות געגעבן.

— לעבעדיק, עולם ! — גיט אונטער דער אשמדאי קור־ראַזש. — לאָז זיך גיסן נסכים — גיסונגען פון וויַין, פון וואָס איר ווילט !...

עס הויבן זיך אויף ווי א שטורעמווינט לצים, קליפּות פון פאַרשיידענע מינים און געשטאַלטן, גרויס און קליין, און יונג און אַלט אַלע אינאיינעם. עס איז אַן אויסמישעניש, א יאַגע־ניש אַהין, אַהין... יענע מיט רויטע נעז, מיט געמבעס, פון דער גוטער קאָמאַנדע, לויפן פאָראויס מיט א געפּייפעריי, א ליאַרעם, א געשריי, לעבעדיק־פרייַלעך מיטן קנאַק.

— גיכער, ישראליק, אהער ! זע און הער מיין גרויס כבוד דאָ אויף דער ערד, — זאָגט דער אשמדאי און איז מיך מכבד מיט קוקן, געבנדיק מיר בשעת־מעשה א בויג אַראָפּ הינטער־אַרום דעם קאָפּ.

עס הערט זיך א ווילדע שירה פון טויזנטער אָפענע מיי־לער, א לאַכן, א פּלאַצן פון גלאָז א פלעשער, א קלאַפּן, א צע־זעצן, א ברעכן פון פעסער—און עס גיסן זיך נסכים פון

בראָנפּן, ווײַן און אַנדערע געטראַנקען. עס הערט זיך אויך אַ ביטער געוויין פון לײַדנדע, אַ ברעכן די הענט, אַ שלוכצן, אַ קרעכצן פון טויזנטער געבראָכענע הערצער — עס גיסן זיך נסכים פון בלוטיקע טרערן. עס איז אַן אויסמישעניש פון פריידנגעשריי און פון אוי־ווײ, פון שטאַרקע, האַפּערדיקע — אַ געטומל, און פון שלאָפּינקע, געפאַלענע — קולות ביז אין הימל, פון בייסעניש, רייסעניש, פון שטעכווערטער, געשפּעט, לײַטישע צינגער און אַנצוהערעניש מיט הענט, מיט פינגער.

אוי, נישט אַנגענעם איז די שירה, וואָס די ערד זאָגט — אַ ווילדע, זייער אַ ווילדע שירה!

— גענוג, גענוג! — שרײַ איך. — געוואַלד, לאָז זײַן גענוג געקוקט.

נישטאָ קיין ענטפער!...

דער אשמדאַי, זע איך, איז עפּעס פאַרדולט, שטאַרק פאַרענדערט. דאָס פּנים רויט, דאָס שוואַרצאַפּעלע פאַרגרעסערט, די אויגן ווי גליִזערנע. אויסגעגלאָצט, דער קאָפּ פאַרבלענד זיך, קוים־קוים וואָס ער פלאַנטעט מיט די פליגל. ער זינגט דרייענדיק זיך אין דער לופט אַפּהענטיק אַהין־אַהער, אָט־אָט, דאַכט זיך, פאַלט ער אַראָפּ ווי אַ שטיין, איך מיט אים — און עס ווערן מיר צעשאָטן די ביינער. שלעכט, אַ שרעק! איך כאַפּ מיך צו אים — כע־כע! עס זעצט אים אַרויס פון דער נאָז אַ ריח פון נסך, פון בראָנפן, שפּירט. אַזוי, דו ביסט שיכור! זאָג איך, און גיב אים טאַקע מיט דעם גאַנצן כּח אַ גוטן קניפּ. — אויסקרענקען זאָלסט דו יענעמס בראָנפן, יענעמס בלוט, נאָר נישט אַצינד; שפּעטער, שפּעטער, אַז איך וועל דײַנער פּטור ווערן און אַרויס בשלום פון דײַנע הענט. איך קנײַפּ אים, מינטער אים — אומזיסט די מי. מען מוז, טראַכט איך, רופן צו אים זײַנע מכשפהטעס, שפּרעכערקעס. איך קוק מיך אום אַהין צו זיי — אַלע זענען פאַרלעקט, יונג און אַלט — אַלע פאַרקנאַקט, נישטאָ, משטיינס־געזאָגט, מיט וועמען צו רעדן!... ס'איז מיר געווען צו מוט ווי יענע, בשעת די שיף זייערע טרינקט זיך אין ים.

און בשעת איך בין דאָ אַזוי צעטראָגן, טוט זיך פון אונטן עפּעס אַ זעץ, אַזוי, אַז איך שפּרינג אַזש אונטער און דער אשמדאַי טוט זיך אַ כאַפּ־אויף.

— טפו, טפו! — שפּײַט ער, שטשירעט אויס אַ פּאָר אויגן און מאַכט מיט די ליפּצן עפּעס אָן ווערטער, שטאַרק צעדולט.

איך גיב אַ קוק — העהע! מיר געפינען זיך אויף אַ דאַך בײַ אַ פּאָנאַר, דורך וועלכן עס שײַנט אַרײַן ליכט ווי דורך אַ פענצטער אונטן אין אַ גרויסן זאַל.

— אַט, וואוהין... פאַרקראָכן... א ראַטהויז... כי־כי־כי! — בעבעט דער אשמדאי, אונטערשמייכלענדיק ווי א שיכור, קוקט אריין פון אויבן אין זאַל דורך פענצטער און שאָקלט מיט דעם קאָפּ ווי ער וויאָעט זיך דאָרט מיט א באַקאַנטן. — א־א, שלום עליכם, שלום עליכם, פּאַני המן!

— וואָס המן. וואו, היינט המן? המן איז אויפגעהאַנגען געוואָרן מיט זיינע בנים שוין מער פון א פּאָר טויזנט יאָר צוריק! רעדסט עפּעס, מחילה, ווי — ווי א שיכור, — האָב איך געוואָלט זאָגן, און האָב פאַר מורא זיך געכאַפּט צוריק.

בהמה! אַז מען דאַרף א גנב, בהמה, שניידט מען אים אָפּ פון דער תליה! וואָס מיר אַמאָל וואָס, וואָס מיר היינט וואָס? הערסט, ישראליק — המן! אַלע דאָ זיינע בנים, ויזתא אויך. — בעבענדיק אַזוי נעמט ער און קוועטשט מיר צו שטאַרק דאָס פּנים צום פענצטער. — זעסט, האַ?

— יאָ! — זאָג איך, פאַרבייסנדיק די ליפּן. — איך זע פון דיין קוועטש קראָקע און לעמבערג.

— געראָכט! — לויבט מיך דער אשמדאי, א קניפּ געבנ־דיק מיר אין בעקעלע. — ווי ער קען עס אביסל געאָגראַפיע! אָן עין־הרע!... נו, וואָס ווייטער?

— דער זאַל איז פול מיט מענטשן. איינער, איך זע שטייט אויף דער בימה, און ווי ער עפנט נאָר אויף דאָס מויל פּאַטשט מען אים שוין פון אַלע זייטן בראַוואָ.

— אָט דאָס מיין איך טאַקע! — לאַכט דער אשמדאי, א בויג געבנדיק מיר פון הינטן דעם קאָפּ און ווייטער א קוועטש. — דו הערסט די דרשה!

נישטאָ, משטיינס־געזאָגט, וואָס צו הערן, — ענטפער איך אונטער דער נאָז, פאַראיבל האָבנדיק אויף דעם קוועטש.

נישטאָ, זאָגט ער, וואָס צו הערן! — קרימט זיך נאָך דער אשמדאי, אַרויסשטעקנדיק מיר א צונג. — יענער דאָרט רעדט, דאַכט זיך, מיט א מויל, גאַנץ קלאָר: ישנו, זאָגט ער, ס'איז דאָ א פאָלק, צעזייט, צעשפּרייט, זאָגט ער, בכל — אין אַלע מדינות... הער נאָר ווייטער, ווייטער וואָס ער זאָגט!

— אַלטע מעשיות! — זאָג איך, א מאַך־געבנדיק מיט דער האַנט. — עס שלאָגט צום האַרצן, ווערט נישט־גוט הערנ־דיק, פע, כ'לעבן! איך בעט דיך, לאָז זיין געגנוג.

א שאָד, כ'לעבן. דאָס וואָס דו האָסט געזען און געהערט איז ערשט א טראָפּן פון ים. נאָר מיר אַליין איז אַצינד עפּעס אויך פע, בוררר! מען באַדאַרף נעמען נאָך אביסל נסך צום אויסניכטערן זיך... קום אַהין צווישן דאָס דייניקע...

— פאַר וואָס, געוואַלד, צווישן מייניקע?

— משקה אויף אָנצוטרינקען א וועלט — דאָס איז ביי

זיי, דאָס איז זייער זאַך... יענער, וואָס האָט מיך צום ערשטן מאָל אָנגעטרונקען אָנשטאָט וואַסער מיט ווײַן, מיך געמאַכט שיכּור, ווייסט דו דאָך גאַנץ גוט, ווער ס'איז געווען — דאָס איז געווען אייערער, בניהו בן־יהוידע! וואָס, האַ, אפשר א ליגן? גיי, פרעג אייערע קלויזניקעס; הער וואָס אייערע חכמים דאַרט זאָגן!...

— אייביק קען מען אַקעגן אייך נישט יוצא זיין. אַז מען גיט אייך וואַסער, שרייט איר; גיט מען ווײַן אָנשטאָט וואַסער, שרייט איר אויך, — היינט וואָס זאָלן מיר מיט אייך טאָן! — גענוג! איך בין דול... איך בעט דיך, זאָל זיין גענוג! לאָז מיך אָפּ!

א מכשפהטע, א מכוערת, טוט זיך פּלוצים א ווייז, מאַכט א קניקס, לויפט־צו דערנאָך צום אשמדאי מיט א זיס שמייכעלע אויף די פאַרשנירטע ליפּעלעך, און שושקעט זיך מיט אים אוועק א היפּשע צייט. איך גיב א קוק — דאָס איז זי, יענע יפיפיה, מיט וועלכער איך האָב פריער געטאַנצט. זי האָט אויך געקוקט אויף מיר, געמאַכט מיר אייגעלעך מיט חן. איך בין זיך מודה, אַז ס'האָט מיך שטאַרק געמאַנטעט צו איר, איך זאָל בלייבן מיט איר מיין גאַנצן לעבן.

— דו בעטסט ביי מיר, תּכשיט מיינער, איך זאָל דיך אָפּלאָזן, — זאָגט דער אשמדאי, א קוק געבנדיק מיט א ממזריש שמייכעלע און קוועטשט איטלעכן וואָרט זיינעם. איך שטיי צעמישט, חרטה האָבנדיק דערויף, וואָס איך האָב פריער געבעטן, און וויים נישט וואָס צו ענטפערן אים.

— נו, וואוהין ווילסטו, זאָל איך דיך אַראָפּלאָזן? רוף מיר אָן דאָס אָרט, וואו דו וואוינסט. מען האָט דאָך דיך געפונען הענגענדיק אין דער לופטן?

איך שטיי ווי א גולם און וויים נישט וואָס צו ענטפערן אים, אזוי ווי אן אונטערגעוואָרפענער, וואָס געדענקט נישט, פון וואַנען ער איז.

איך שטיי און קער מיך אום מיט א בייזן געמיט אין מזרח־זייט... עפן דעם מויל, און הייסע טרערן טריפן מיר פון די אויגן.

— דיינע געדאַנקען, ישראל, ווייס איך; דיין אומקערן זיך מיטן פּנים ווייגענדיק אין מזרח־זייטן פאַרשטיי איך אויך, וואָס דאָס באַטייט — פאַרלאַנגען פאַרלאַנגסט דו גאָר א גרויסע זאַך. נאָר דיין אומגליק איז, ישראל, וואָס דו ביסט נישט פּראַקטיש, ישראל, נאָר א פאַנטאַזיאָר, נישט נאָר א פאַנטאַזיאָר ביסט דו, נאָר א גרויסער בעל פּלפּול; אָט די מידה פון פּלפּול און פּשטלען זיך — דאָס איז דער גרויסער חסרון, וואָס געפינט זיך ביי אלע דיינע ברידערלעך, סיי ביי מאַרק־

מענטשן, סיי ביי בית־המדרשניקעס: דער פּלפּול פאַרקרימט זיי דעם שכל, ער מאַכט זיי פאַר פאַרקאַכטע קנאים, פאַר גרויסע באַרימערס און איבערטרייבער, ער מאַכט אַן שנאה און קריג און מחלוקת. און ס'ווערט צעשמעטערט דאָס ברידערשאַפט צווישן זיי. זיי זענען זיך מפלפל און דרשנען א סך דרשות און טאָן טוען זיי גאָרנישט. אַט די מיאוסע מידה לאָזט זיי נישט פאַראייניקן זיך צו א בשותפותדיקער אַרבעט לטובת דעם גאַנצן פאָלק. דיר ישראל, פעלט וועלט און דערווייל קען מען דיר נישט געבן קיין אַנדער עצה ווי די, וואָס דו האָסט געגעבן דער קליאַטשע, זי זאָל זיך לאָזן לערנען און פאַרשטיין; און ביז דו וועסט קומען צום שכל און באַקומען דיר דיין אָרט אויף דער ערד וועסט דו פליען אין דער לופטן. אַט די מכשפה, וואָס דו זעסט, די וועט זיך פון היינט אָן אָפּגעבן מיט דיר; זי וויל זיך מיט דיר באַקענען, גיי מיט איר.

איך מיט דער יפיפיה מיינער קוקן מיר זיך אָן בוקנדיק זיך איינער צום צווייטן. לויטן באַפעל פון דעם אשמדאי קומט ראַהיראַט מיט א גרויסער קאַטשערע און באַלד טוט מיין יפיפיה אָן א גרויסע און ווילד־משונה הוט, באַפוצט מיט גאַנצע פלעדערמייז פוןביידע זייטן, און זעצט זיך רייטן אויף דער קאַטשערע, און איך, ישראל, זעץ זיך איר פון הינטן, אַנהאַלטנדיק זיך אָן איר מיט ביידע הענט — און מיר פליען פריילעך־לעבעדיק אין לופטן.

## דאָס דריי־און־צוואַנציקסטע קאַפּיטל

# מען קרוינט ישראלן פאַר א בעל־טובה און מען זעצט אים אויף רייטנדיק אויף דער קליאַטשע

דער וואָס עס איז נישט געפלויגן אין דער לופט אַזוי ווי איך, רייטנדיק אויף א קאַטשערע, דעם איז אוממעגלעך איבערצוגעבן דעם טעם פון אַזא נסיעה מיט ווערטער, מען מוז דערצו אליין געפּרואווט ווערן. און דעריבער האָב איך פליענדיק אויף דער רייזע מיינער, מתפּלל געווען מיט גרויס כוונה, זאָגנדיק: רבונו של עולם! מיט וואָס האָב איך עס, אָרעמער בעל־עבירה, פאַרדינט מער פון אַלע בני אָדם, קינדער פון אָדם און חוה, דערהויבט צו ווערן און טון טאָן פליען אונטער

דיינע הימלען ווי א פויגל טוט פליען אין דער לופטן? מאך דו, אלמעכטיקער גאט, פליען אין דער לופטן אויך זיי, די מענטשן פון דער וועלט, וועז ניט אלע, צום ווייניקסטן א טייל פון זיי, צוליב דיין וואַרהאַפטיקייט, צוליב דיין גערעכטיקייט, טאטע פאָטער אין הימל! אויב דו האָסט זיי נישט געלייטזע־ליקט מיט פליגל, זאָל דער רוח זיי נעמען און טראָגן אויף זיינע פליגל, זאָלן זיי פליען אין דער לופטן פון קליין ביז גרויס, זיי, מיט ווייבער און קינדער, זאָלן זיי וויסן, וואָס פאר א טעם פליען אין דער לופט האָט.

וויפל די רייזע אין דער לופטן האָט געדויערט, קען איך באשטימט נישט זאָגן; איך ווייס נישט מער, אז א לאנגע צייט בין איך געפלויגן ביז מיר זענען צום סוף געקומען אין א גאנץ גרויסן און שרעקלעך א טיפן טאָל, ערגעץ אין א העק, צווישן משונה הויכע בערג, וואָס גרייכן ביז דעם וואָלקן. עס גייט מיר נאָך איצט א גרויל איבער דעם לייב, אז איך דער־מאָן זיך אין דעם טאָל, אזוי ווילד, אזוי וויסט איז ער געווען. פון גראָז און ביימער האָט מען נישט געהאט אפילו קיין סימן. אויף איטלעכן טריט האָט מען געזען נאָר דערנער און הויפנס שטיינער. צווישן זיי האָבן געשוויבלט און געגריבלט שלאַנגען, פיפערנאָטערן און עקדישן. עס האָט געגרילצט אין די אויערן, הערנדיק דאָס געשריי, וואָס ווילדע חיות און עופות האָבן פון זייערע נאָרעס ארויסגעלאָזט, אויף אלערליי טרויערדיקע און וויינענדיקע קולות. עס האָט אויך געשטונקען עפעס א ריח פון שוועבל מיט טייוולסקויט אינייִנעם, און ערטערווייז האָט פון דער ערד ארויסגעזעצט וואָלקנס רויך, וואָס זענען ווי א טומאַן זיך צעגאַנגען אין אלע זייטן. אָט אזא טאָל האָבן די רוחות זיך אויסגעוויילט, דאָ איז זייער וואוינונג!

פון דאָרט פירט א שפאַלט צווישן סקאַלעס אין א גאנץ גרויסער הייל, וואָס איז גאָר אוממעגלעך צו באשרייבן אפילו א טויזנט־חלק פון איר ווילדקייט. דאָרט פלייצט א טייך שווארצער טינט און אויף זיינע ברעגן וואקסן וועלדער פענעס. אין די וועלדער ווידמען זיך לצים, אזעלכע מיני באַשעפעניש, עפעס מאַלפעס, וואָס האָבן א געשטאַלט נאָר טאקע ווי פון מענטשן. פון דערווייטנס האָב איך געזען, ווי לצים האָבן אין דעם טייך אָנגעטרונקען מיין בידנע קליאטשע, נעבעך, זי דער־נאָך געבאָדן, און אונטערגעטוקט א סך מאָל אין טינט אזוי, אז זי איז פון דאָרט ארויסגעגאַנגען שווארץ ווי א רוח...

— דאָס איז מיין קאנצעלאריע! — האָט דער אשמדאי צו מיר געזאָגט. — דעם דאָזיקן טייך און די וועלדער, וועלכע דו זעסט דאָ, האָב איך אָנגעגרייט פאר דיינע ברידערלעך. מען וועט אויף זיי שרייבן און שרייבן כל־זמן עס וועט נישט אויס־

גיין דער טינט פון דעם טינטער, און די פענעס פון די וועלדער. זע! פון דעם טינטער גייען ארויס קאנאלן, טינטער־לייטונגען, גאנץ ווייט אין פארשיידענע מקומות, אין די רעדאקציעס און אין די קאבינעטן פון געוויסע מענטשן. דער דאָזיקער קאנאל, נומער 999,999, וואָס דו באטראכסט אים איצט, ער גייט אין דעם טינטער פון דעם דניעפּראָוויצער גאזעטנשרייבער. טינט און פענעס איז דאָ א ים און שרייבער ווי זאמד.

ער האָט א שמוצער געטאָן און די לצים האָבן פון די וועלדער זיך א שאָט געגעבן צו אים ווי די פליגן, זיך אויסגעשטעלט אין א גלייכער שורה, איטלעכער מיט א פען אין דער האנט, און מיט א קיווער פאפיר אויף דעם קאָפּ.

— דאָס זענען מיינע שרייבער! — האָט ער צו מיר זיך אָנגערופן, און מיך דערביי אָנגעקוקט מיט א שמייכעלע.

ווי א יענעראל האָט ער זיך דערנאָך געוויטעוועט מיט דעם פאָלק פיסאקעס. עס איז געוואָרן א געשריי: הוררא, הוררא! אז עס איז שטילער געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן זיי צו מושטירן. דער מושטיר איז באשטאנען און ארויסשטעקן די צונגען, מאכן א פייג און לאכן. נאָכדעם האָט ער הויך געקאָמאנדעוועט: צו האלטן ווי מען באדארף די פענעס! צו טונקען!... פארטיק מיט דעם, האָט ער צעצויגן אויף א קול א געשריי געגעבן: שרייבט!

די קאָמאנדע האָט זיך א נעם געטאָן שרייבן, אלע כמעט די זעלביקע זאכן און די אייגענע ווערטער. די האָר האָבן מיר זיך געשטעלט, לייענענדיק די אָנגעשריבענע ווערטער. זיי זענען געווען אי שפיצעכדיק, אי מיט קרוטשקעס און געשטאָכן ווי שפיזן. ביי א טייל האָט שרייבנדיק געציטערט די הענט און געטיאָכקעט דאָס הארץ. ווי איך בין שפעטער זיך דערגאנגען, זענען די דאָזיקע געווען רעקרוטן, ערשט וואָס אָנגעקומען אין דעם פאָלק. זיי איז נאָך שווער געווען אזעלכע זאכן... חוץ די האָבן נאָך א טייל געארבעט ווי די פאָזשארנע קאָמאנדע און געשפּריצט פשוט בלאָטע.

נאָך דער סמאָטרע האָט דער אשמדאי ווייטער א שמוצער געטאָן — איז אריינגעקומען עפעס א רוח, א ריז, אָנגעטאָן אין דער פאָלנער פאָרמע, באהאנגען ארום דעם קאָפּ מיט פעדערן, מיט פענעס און מיט פלעדערווישן.

— וואָס האָסט דו אין דער צייט, וואָס איך בין נישט הי געווען, עפעס געטאָן? ווי שטייען אונדזערע עסקים? — האָט דער אשמדאי דעם רוח געפרעגט. אגב אונדז ביידע פאָרגעשטעלט איינעם דעם אנדערן: דאָס איז מיין סעקרעטאר, האר לוציפער, און דאָס איז רב ישראליק!

דער סעקרעטאר לוציפער האָט געמאכט א זויערע מינע און מיך נישט געווירדיקט אפילו מיט א בליק. ער האָט באלד ארויסגענומען זיין ראפּאָרט און געלייענט:

„אייער אשמדאיסקע פינצטערניש! מלך פון אלע רוחות און מחבלים, פּרינץ פון אלדי שווארצע יאָר, הערצאָג פון שבעה מדורי גיהנום, גראף פון סדום און עמורה, ערץ־פּאסטוך פון אלע זינדנבעק אין עזאזל, א. אז. וו.

„אונדזערע אגענטן, די בעלי־טובות אין אלע שטעט, זענען אין זייערע ראפּאָרטן מודיע, אז דורך זייערע גרויסע סטארא־ניעס אומעטום, וואו מען באדארף, איז זיי צום סוף געראָטן, אז די טאקסע פון פלייש זאָל נישט בטל ווערן."

דער אשמדאי האָט געשמאָכעט פאר שמחה. — איך דאנק אייך, — האָט ער געזאָגט צום סעקרעטאר. — איך דאנק אייער טונקעלע שווארצזיכטיקייט, דוקעס לוציפער, דערפאר וואָס איר האָט מיר צום ערשטן ראפּאָרטעוועט אזא וויכטיקע זאך. — ער האָט דערנאָך זיך געווענדט צו מיר מיט די ווער־טער:

— זעסט דו, דאָס איז ביי מיר א בשורה. איינמאָל, ווען דיינע ברידערלעך עסן מכות פלייש און דורך דעם תמיד קרענקען. קרענקט, פוילט, צו אלדי שווארצע יאָר! צווייטנס, איז די טאקסע מיר פשוט נויטיק צום עסק. דורך איר בילדעט זיך ביי אייך די גאנצע באנדע בעלי־טובות, וואָס פירן איט־לעכן ביי דער נאָז און לאָזן אייך קיין קאָפּ נישט אויפהויבן; פון איר האָבן אלע מיינע אגענטן זשאלאָוואניע און זייער פּרנסה בכבוד; דורך איר האָבן אייערע פּוסטע מענטשלעך אין די הענט סומעס געלט, אויסצוגעבן אויף אלצדינג, וואָס מען טאָר נישט זאָגן; דורך איר האָט איר דעם בעסטן סימן, אז מיט אייערע הוצאות אויף אלע נויטיקע באדערפעניש און כלל־זאכן זייט איר אָפּגעשיידט פון די אומות העולם; דערי־בער איז גאָר אוממעגלעך, אז איר זאָלט זיך פאראייניקן מיט זיי אין די זעלביקע געפילן פאר דער מדינה, און דעריבער טאקע וועלן שלעכטע מענטשן תמיד געפונען א געלעגנהייט דערפאר אויף אייך אָנצופאלן. אייער לאגע וועט זיין פאר־פּלאָנטעט, פארדרייט. הלוואי איך זאָל שוין מיט אלע אנדערע מענטשעלעך האלטן אויף דער מדרגה, ווי איך האלט מיט אייך!... איצט פארשטייסט דו, פאר וואָס דאָס איז ביי מיר אזא בשורה? חלילה וחס, די טאקסע זאָל געווען בטל ווערן, ווי עטלעכע האָבן עס פארלאנגט, וואָלט איר — נישט דער־לעבן זאָלט איר דאָס! — מיט אמאָל פּטור געוואָרן פון א סך צרות. נו, מיינע אגענטן פארשטייען די פּאָליטיק, זיי פאר־דינען א נאגראדע פאר זייער סטאראניע.

„לויט ריכטיקע ידיעות", האָט לוציפער ווייטער ראַפּאָרטע־וועט, „זענען זייער פיל אָרעמע לייט געשטאָרבן, און בכלל קראַנקען זיי זייער פיל דורך די טובות פון זייערע בעלי־טובות."

— גוט! — האָט דער אשמדאי געזאָגט. — זייער גוט! בשעת דער כאָלערע וויזיט די טאַקסע ארוים איר כח צווישן דעם אָרעמען עולם. ערשט נישט לאַנג האָב איך ערגעץ אין א שטאָט געלייענט אן אָנגעקלעפּט צעטל אין דער גאַס. אויף דעם צעטל איז אונטערגעשריבן: „דברי המבקשים לטובת אחב"י." דאָרט איז מען מודיע דעם עולם, אזוי ווי אין דער וועלט הערט זיך די כאָלערע, בכן זאָל מען למען־השם עסן פלייש. אפילו אין די ניין טעג. בשעת לייענען האָב איך גע־לאַכט, ווי מען ראָט צו עסן פלייש, אלץ לטובת אחב"י, לטובת אחב"י — און אליין העכערט מען דעם מקח!

„קאַנדידאַטן אויף בעלי־טובות", האָט לוציפער ווייטער גע־לייענט, „זענען דאָ זייער פיל פון אַלערליי סאָרטן מענטשן, עס איז גאָר נישטאָ אזוי פיל שטעלעס, סיידן מען זאָל צו איט־לעבן „פּאָמאָטשניק" פון א גלאַוונעם בעל־טובה צוזעצן נאָך אקעגן א הונדערט אונטער־פּאָמאָטשניקעס און זיי אליין וועלן זיך שוין זאָרגן צו געפינען נייע „איסטאָטשניקעס" פון וואנען צו באַקומען זייער געהאלט. עטלעכע האָבן מכח דעם שוין אריינגעשיקט גאַנץ שיינע פּראָיעקטן. איך האָב עס איבערגע־געבן א באַזונדער קאָמיסיע, וואָס באשטייט פון שמחזאי ועזאל, פון אחרימאן, אחעראן, טיפאהן, שיווא, בעל־זבוב. — אין גלופּסקער ביקור־חולים גייט איצט די הנהגה, דורך א פּאָר פון אונדזערע אגענטן, גאָר קיין חיות נישט. מיר האלטן שוין מיט גלופּסק אויף א שטייגער! — רעקרוטן זענען אין הער צייט אנגעקומען אין די פּאָלקן „פּיסאַקעס" דריי טויזנט דריי הונדערט מיט דריי און דרייסיק. זיי זענען נאָך לעת־עתה נישט פּאַרטיק, ווי עס געהער צו זיין. בעל־זבוב האָט זיי גענומען צו זיך אויף דער „אוטשעניע". — טינט איז אין דער לעצטער צייט פאַרברויכט געוואָרן זיבן טויזנט פינף הונדערט ניין און נײַנציק עמער מיט אָנדערהאלבן קוואַטירלעך."

— אזוי ווייניק! — האָט דער אשמדאי זיך אָנגערופן און געמאַכט א מינע, אז ער איז נישט צופרידן.

לוציפער האָט געוואָלט עס דערקלערן, נאָר ווי באלד ער האָט געעפנט דאָס מויל צום רעדן, איז אריינגעפלויגן א רוח מיט דעפּעשן. דער אשמדאי האָט א וואונק געגעבן, לוציפער זאָל ביי דעם „דעזשורנע" צונעמען די דעפּעשן און לייענען.

— די דאָזיקע דעפּעשע, — האָט לוציפער געמעלדעט, — איז פון רומעניע. מען בעט רחמים אַרויסצושיקן טינט, ווי

צום גיכסטן: עקזעמפליארן פון איטלעכער זאך, וואס מען וועט דארט אנשרייבן, זענען זיי זיך מתחייב צושיקן תמיד אין אונדזער ביבליאטעקע... די צווייטע איז פון עסטרייך. מזל־טוב אייך, גרויסער אשמדאי, מיט א גוטער בשורה! — האט לוציפער פרייליך געזאגט מיט א שמייכעלע און ארויסגעשטעלט זיינע שפּיצעכדיקע הינטישע ציין. — דער קארדינאל שווארצענבערג בעט עפעס נאר א גוזמא טינט פאר זיין גאזעטע. ער וויל מיט אונדז מאכן געשעפט, אז חוץ דעם טינט, וואס ער אליין באדארף האבן צו זיין געברויך, זאלן מיר אים נאך געבן אין קאמיסיע פאר אלע קאטוילישע גלחים אין בעהמען און אין מעהרען, וואס האבן דארט זיך גענומען געשמאק צום שרייבן, נאר ווי אין די אלטע יארן.

לעבן זאלן מיר טאקע, מיינע געטרייע גזעלן, — האט דער אשמדאי א זאג געטאן גאנץ לוסטיק. — כל־זמן אין זיי קלאפט זיך א דופק, האב איך נישקשה, נישט וואס צו זארגן. לוציפער! מען וועט באדארפן אונטערגעבן אביסל דעם טינט פון יענע מאטעריאלן: בלוט, גאל, גרינע ווערים, יאשטשערקעס, טייוולסקויט וכדומה, כדי ער זאל ארויסקומען עבט גוט.

— דאס אלצדינג האב איך שוין אליין ארייגעטאן, — האט לוציפער געענטפערט און זיך גענומען לייענען די איבעריקע דעפּעשן. ער האט איבערגעלייענט וואס דער רעדאקטאר פון „גאזעטא נאראדאווא" אין גאליציע פאדערט. דערנאך האט ער מיט א רחמנות־פּנימל א מאך געגעבן: א, דאס איז פון אונדזער דניעפּראָוויצער! ער קלאגט זיך, נעבעך, אז ביי אים איז שוין כמעט אויסגעטריקנט דאס טינטערל. ער האט פשוט שוין נישט וואס צו שרייבן און דא באדארף מען אין דער געהעריקער צייט ארויסגעבן א נומער! — א רחמנות, כ׳לעבן.

— געשווינד עפענען די קראנען! — האט דער אשמדאי געקאמאנדעוועט מיט א געשריי.

אפשר א ראטע רוחות האבן זיך א ווארף געגעבן צו די קראנען. דער טינט האט געפלייצט דורך די „טינט־לייטונגען" אין פארשיידענע ערטער.

פלוצים איז אריינגעפלויגן א הוילע, א נאקעטע נשמה, האט געשוועבט ארויף און אראפּ, ווי א זומערפייגעלע, און זיך אליין געשלאגן אן דער ערד מיט אירע פלאם־פייערדיקע פליגעלעך, העל בלוי, ווי דער פלאם פון אנגעצונדענעם שפּירט. אליין האט זי אויסגעזען ווי א גרויסע, זייער א דינע בולבע פון זייף, געשפּילט פון אלערליי פיינע קאלירן, וואס האבן פארנומען די אויגן. אז מען האט זיך גוט צוגעקוקט, האט מען קוים געקענט דערקענען עפעס א געשטאלט פון לוי־טער נאז.

— אַך! — האָט דער אשמדאי א געשריי געטאָן און זיך אַנגעכאַפּט ביים קאָפּ, אז ער האָט זי דערזען. עס איז נסתלק געוואָרן א גרויסער בעל־טובה, א גרויסער בעל־רחמים, איינער פון מיינע בעסטע אגענטן! דאָס איז זיין נשמה, וואָס איז איצט, נאָך דער פּטירה, געקומען, צו וואוינען ביי מיר אינ־איינעם מיט די נשמות פון אלע בעלי־טובות...

איך האָב זיך צו דער נשמה שטארק צוגעקוקט און זי דערקענט. דאָס איז געווען די נשמה פון באמת א משונה־ווילדן בעל־טובה אין מיין שטאָט!

— קלאָג, וויין, ישראליק! — האָט דער אשמדאי צו מיר געזאָגט מיט א טרויעריק קול. — דיין שטאָט האָט פארלוירן א גרויסע באדה. דיין קהל האָט אָנגעוואָרן א גרויסן בעל־רחמים, א צאצקעלע! יאָמערט, קלאָגט, טייוול, רוחות! איך, אייער מלך, האָב פארלוירן דעם בעסטן בעל־עצה, דעם גע־טרייעסטן סאָוועטניק. אָן אים בין איך ווי אָן דער רעכטער האנט!

אין דער גאנצער הייל, אין דעם גאנצן טאָל האָט זיך גע־לאָזט הערן א שרעקלעכער יאָמער אויף אלערליי ווילדע קולות. עס האָט זיך געהערט א היילן, ווי א הונט היילט אמאָל שרעק־לעך ביי דער נאכט הינטער דעם פענצטער, אויך א מיוקען, א וויינען, ווי קעץ וויינען, בשעת פרוכפערונג־צייט, אויף די דע־בער. עס האָט זיך געהערט א טרויערדיקער הספד פון סאָוועס, א קראַקען פון סאָראָקעס, א קוואקען פון זשאבעס. עס האָט זיך געהערט אויך א שמוצערן פון שלאנגען, א פישטשען פון שטשורעס, א מריקען פון ביקעס, א ברומען פון בערן, א ברילן פון לעמפּערטן און א סקריפּ פון א ריקבעט. גלייך ווי אלע ווילדע באשעפעניש האָבן געוויינט, געקלאָגט אויף אזא בעל־טובה, אויף אזא כשרע נשמה. איך בין שיר אין חלשות נישט געפאלן, שיר נישט טויב געוואָרן פון אזא שרעקלעכן הספד.

דער אשמדאי האָט קוים מיט צרות איינגעשטעלט דעם עולם, געכאַפּט די נשמה אין זיין האנט, ווי מען כאַפּט א פליג, און זי מקבר געווען טיף אין דער ערד מיט די ווערטער:

— וואָס העלפט דאָס וויינען, א מענטש מוז שטארבן! פריער אָדער שפּעטער, דער רוח האָט דיך געמוזט כאַפּן. ווער־זשע טאָקע באגראָבן ניין איילן אין דער ערד און גיי צו אלדי שווארצע יאָרן! איך וועל מיך מוזן באגיין אָן דיר און געפינען, נישקשה, אן אנדער שלאק אויף דיין אָרט... ישראליק־לעב! — האָט ער נאָך דעם מין הספד זיך געווענדט צו מיר.—עס וועט דיר גאָר נישט העלפן, דו וועסט מיר מוזן אין דיין שטאָט ווערן א בעל־טובה אויף זיין אָרט.

— איך וויל נישט, איך קאָן נישט זיין קיין בעל־טובה!—

האָב איך געשריגן נישט מיט מיין קול. — האָב רחמנות, שיק אָן אנדערן אויף זיין אָרט. עס זענען דאָ א סך בעלנים, א סך קאנדידאטן אויף בעלי־טובות. שיק וועמען דו ווילסט און באַפריי מיך פון אזא התמנות!

— זאָג מיר, איך בעט דיך, קיין דעות נישט, — האָט ער געענטפערט, — מסתמא ווייס איך, וואָס איך טו.

— וואָס האָסט־דו אין מיר אזוינס דערזען? — האָב איך געשריגן. — איך בין, כ'לעבן, א שלימזלניק און וועל נאָר נישט טויגן צו אזעלכע געשעפטן. איך וועל דיר רעקאָמענדירן קליגערע, בעסערע און געניטערע פון מיר. שיק לייבעלע רב אבעלעס, משהלע רב בונמס, טרייטל רב יוסעלעס, פישקע רב ניסעלעס, אָדער איינעם פון זייערע כנופיות, איטלעכער פון די לייט, אין זיין גראַד, פארשטייט זיין עסק און ארבעט אָפּ א זאַך ווי א מייסטער. ווי קום איך צו זיי?

— די דאָזיקע אַלטע לייט זענען שוין פארנומען, איטלעכער פון זיי האָט א שטעלע. עס וועט דיר גאָרנישט העלפן, ישראליק, זאָג איך, אשמדאי, דיר נאָכאמאָל. שווייג בעסער און זיי נישט קיין עקשן, אויב עס גלוסט זיך דיר צו לעבן און אויב די פארלאנגסט נישט, איך זאָל דיר דאָס עקשנות מיט געוואלד ארויסטרייבן. קיין וואָרט נישט מער, שאַ! וואָרום...

ער האָט געמאכט אזא שרעקלעכע מינע און אזוי געשאָקלט אויף מיר מיט א פינגער, אז די הויט האָט אויף מיר געציטערט און פאר שרעק בין איך געבליבן שטום ווי די וואנט.

— אָט אזוי, ישראליק, האָב איך דיך טאַקע ליב, אז דו שווייגסט, — האָט ער זיך אָנגערופן, שוין מיט א זיס שמייכעלע, און א גלעט געגעבן מיר אין בעקעלע. — דו ביסט, נישקשה, א גאַנץ קלוגעמשקער, ישראליק! קיין פינגער אין מויל באדאַרף מען דיר אויך נישט ארייינלעגן. איך פיל, אז דו וועסט טויגן און מיט דער צייט זיין א כלי־שלמה. נאָר איידער איך וועל דיר געבן אזא טייערע שטעלע פון א בעל־טובה, מוז איך דיך אביסל קלאָר מאכן אין עסק און דיר געבן אן אינסטרוקציע, ווי אזוי דו זאָלסט זיך נוהג זיין.

„הער, ישראליק־לעב! די שטאָט — דאָס בין איך! דער פשט דערפון איז גאָר פּראָסט: טו אַלץ ווי דו ווילסט. און זאָג: אזוי וויל קהל. דער גאנצער קהל איז ווי אויף דער וועלט נישטאָ, נאָר דו איינער ביסט דאָ. דאָס איז מיין ערשטער געבאָט. מיין צווייטער געבאָט איז — א יראת־שמים־פּנימל! יראת־שמים איז ביי א קלוג מענטשל א גוטע קו, זי גיט אים א סך מילך און פּוטער, ווי די בעסטע האָלענדערקע. אזא קאפּיטאַלנע קו מוז מען דעריבער שטאַרק פּילווען, מען באדאַרף איר עפּטערס אונטערוואַרפן א בינטל כפול־שמונה־

ציצית, זי האָדעווען מיט רבינו תמס תפילין, פאַרמישן איר א גרויסן טלית־זאַק מיט פאַרשיידענע מיני בלעטלעך און שמות. זי זאָל טאַקע אוועקשטיין איבער דעם צעבער עטלעכע שעה אַלע טאָג; מען באַדאַרף זי לאָזן לעקן מזוזות און פּאָיען זי מיט מציצה, מיט חברה־קדישא־מעד, מיט יאָרצייט־בראָנפן, וכדומה אַזעלכע געטרענק. אַזוי איז יראת־שמים ביי מיינע אַגענטן פון דעם פרומען קלאַס. מיינע אַגענטן פון דער היינ־טיקער וועלט נעמען אויך אָן א יראת־שמים־פּנימל, נאָר עפּעס אויף אַן אַנדער אַרט. זיי מאַכן זיך געוויינטלעך צום תם, לעבן מיט איטלעכן גוט, שמייכלען זיס, דרייען דאָס צינגל אַהין און אַהער, טראָגן זיך געקליידט עפּעס נישט קורץ, נישט לאַנג, זייער באָרד איז עפּעס נישט גאַנץ אי נישט געגאָלט, וואַרפן זיך אין אַלע זייטן און ווילן פאַר איטלעכן יוצא זיין. עטלעכע זענען צווישן דער כתה די, וואָס האָבן לחלוטין נישט אַזאַ יראת־שמים, דערפאַר באַשטייט זייער גאַנצע חכמה נישט מער ווי אין כוח, אין שטאַרקייט, אין א קולאַק... זיי זענען אָבער טאַקע נאָר עטלעכע. פון אַזעלכע אַרט פיאַסקע־עזות־פּנימער באַדאַרף מען נישט נעמען קיין ראיה. לאָו כל־אדם איז זוכה צו אַזאַ מדרגה. — מיין דריטער געבאָט איז: רחמנות! דער פירוש דערפון איז, מען דאַרף טאָן כל הפסלנות, רייסן פון טויטע און פון לעבעדיקע און אַלץ זאָגן א רחמנות! שטילערהייט באַדאַרף מען א קניפּ טאָן, א בים טאָן, און פאַר דעם עולם אַלץ זאָרגן, קרעכצן, זיך אַלץ משתדל זיין לטובת הכלל. — מיין פערטער געבאָט איז: יד אחת! דאָס הייסט, בלאַטצושליסן תמיד מיט דעם שטאַרקן. מען דאַרף זיין פאַרקניפּט און פאַרבונדן, אײַנשטיינער, מיט דעם בעל־טאַקסע, וואָרום ער איז די סבה פון אַלע סבות, דער מקור פון אַלע טובות, ער איז די טובה אַליין. ער איז פלייש פון אייער פלייש, ביין פון אייער ביין; דעריבער זאָל מען פאַרלאָזן באַדאַי דעם טאַטן און די מאַמען און זיך באַהעפטן מיט דעם בעל־טאַקסע, צו זיין מיט אים איינס לייב און לעבן, זיי מבטל דיין רצון פאַר זיין רצון, כדי ער זאָל אַמאָל מבטל זיין זיין רצון פאַר דיין רצון: פון אייך ביידע קאָן זיין אגיל ואשמח, קיילעכדיק און שפּיצעכדיק. — מיין פינפטער געבאָט איז: פּרעטענציע! דאָס טייטש: וויפל מען זאָל נישט שטילערהייט נעמען, וויפל מען זאָל נישט רייסן און פאַרדינען, זאָל מען פאַר דעם עולם אַלץ זיך קלאָגן, נישט זיין צופרידן און האָבן שטענדיק פּרע־טענציעס צו דער שטאָט, אַז מען ווערט אָן, מען דערלייגט. עס איז נישט כדאי, וואָס מען פייניקט זיך אַזוי לטובת הכלל. — מיין זעקסטער געבאָט איז: ליזלע! פּשוט איז פּשוט, מען באַדאַרף דעם עולם פאַרוויגן און אים זינגען עפּעס לידלעך,

ער זאָל שלאָפן. דער עולם איז א קינד, אז מען זינגט אים א לידל, דערציילט אים א מעשה, מאכט ער צו די אייגלעך און שלאָפט; אז מען מאכט אים בו, מיינט ער מען איז א בער; שמייסט מען אים, קושט ער די רוט. דאָס בעסטע לידל צו פארוויגן דעם עולם איז דאָס אלטע לידל מיט דעם קעסטעלע, נאָכדעם גייט יענץ לידל: „תורה איז די בעסטע סחורה", די אלטע מעשה „א רב מיט א רעביצין", א מעשה פון דער וויי־סער חברה, פון בעלי־שמות וכדומה נאָך אזעלכע מעשיות. — מיין זיבעטער געבאָט איז: עט, בע! דער פּראָסטער פּשט פון די האלבע ווערטער איז: באַם עס טרעפט זיך אמאָל, אז דער עולם — דאָס נארישע קינד צעשרייט זיך גוואלד, איז גלייכער אין דער הייסער מינוט גאָרנישט צו טאָן, עס גרימט אים זיכער אין בייכעלע, עס טוט אים שוין, נעבעך, שטארק וויי. עט, בע! זאָל מען דענסטמאָל מאכן עפּעס אָן ווערטער. גישקשה, דאָס קינד וועט זיך איבערשרייען און ווייטער אנ־שלאָפן ווערן, נאָך געשמאקער ווי פריער. — מיין אכטער גע־באָט איז: מבטל צו זיין! דאָס הייסט: ווען איינער הייבט גאָר אָן פּלוצים צו פרעגן עפּעס קשיות, עס איז אים קשה דאָס, אָדער יענץ, זאָל מען אים פּשוט מבטל זיין. ער איז אן אפּיקורוס, א הולטאי, א גאָרנישט, עס איז גאָר נישט רעכט מיט אים צו רעדן. — מיין ניינטער געבאָט איז: אָנצורייצן! דאָס טייטש: ווען איינער, נעבעך, שרייט, וויינט אמאָל מיט בלוטיקע טרערן: גוואלד, מען קנייפּט, מען צופּט, עס טוט וויי! באדארף מען אויף אים אָנרייצן די יינגלעך, זיי זאָלן אים מאכן: בע, בע, שיינער בחור! ער זאָגט אויס פון דעם חדר! — מיין צענטער געבאָט איז: באבסקע מיטל! אז דאָס דאָזיקע קינד ווערט פארשלאָפט, אוים מענטש און פּאָכט מיט דער נשמה, זאָל מען נישט לאָזן רופן א דאָקטער, מען זאָל הייסן בעסער טאָן אלטע, באבסקע מיטל, פּאָרן צו א שפּרע־כער, צו א ציגיינער, צו א זנאכער וכדומה."

אָט־די דאָזיקע צען געבאָטן זאָלסט־דו היטן. — דורך דעם וועסט־דו מיר געפעלן, וועסט לעבן גליקלעך אין וואוילטאָג, דו מיט דיין ווייב, מיט דיינע קינדער און זיך קונה זיין עולם־הזה. מיט עולם־הבא זאָלסט־דו מסלק זיין אנדערע. זאָג זיי צו פלייש און וויין אויף יענער וועלט, נאָך דעם טויט; דו, אָבער, עס פלייש און טרינק וויין דאָ אויף דער וועלט.

איך האָב אויפגעעפנט דאָס מויל, אויסגעשטעלט די אויגן, געשטאנען און געקוקט ווי א גולם פון די דאָזיקע צען געבאָטן.

— דו מוסט טאקע באלד פאָרן, ישראליק! — האָט דער אשמדאי ווייטער געזאָגט. — דיין שטאָט איז דערווייל געבליבן

אַן אַ בעל־טובה, עס קאָן דערווייל, חלילה, דערפון עפּעס אַרויסקומען גאָר נישט קיין נוטס פאַר מיר. איך וועל דיר מיטגעבן די קליאַטשע, זאָלסט אויף איר פאָרן רייטנדיק.

— אך! — האָב איך אַ געשריי געטאָן, אַז ער האָט מיר אַרויסגערעדט די קליאַטשע. — איך קאָן נישט, כ'לעבן, איך קאָן נישט פאָרן רייטנדיק!

— עס, — האָט ער געמאַכט, — וועסט קענען, נישקשה! מיר וועלן דיך אויסלערנען. די קליאַטשע איז זייער אַ פּאַקאָרנע, מען קאָן אויף איר גרינג פאָרן רייטנדיק. קוק נישט דערויף, וואָס זי זעט אויס נישט אַזוי שיין, דערפאַר האָט זי אין זיך אַנדערע מעלות, זי וואַקסט פון אַ גאַנץ גרויס אָרט. וועסט מיט איר צופרידן זיין, נישקשה, און נישט וועלן שפּעטער אַרויסצולאָזן זי פון די הענט. איך פאַרזיכער דיך!

אויף זיין באַפעל האָט מען געבראַכט צושלעפּן די אומגליקלעכע קליאַטשע, נעבעך. עס איז מיר געוואָרן אַ לאָך אין האַרצן אַ קוק געבנדיק אויף איר. פאַרוויסט, פאַרפּינצטערט איז זי, נעבעך, געוואָרן. איין גאָט ווייסט, וואָס זי האָט געמוזט אין יענער צייט פון די לצים אויסשטיין, נעבעך! איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיך געשעמט, ווי אַ גנב, איר צו קוקן אין די אויגן און מיך באַוואַשן מיט טרערן, דערמאָנענדיק זיך, אַז איך וועל אויך מוזן פאָרן אויף איר רייטנדיק און ליגן איר אויף דעם האַלדז ווי אַ משא. קיין אַנדער וועג האָב איך פאַר מיר נישט געזען, ווי זיך דערפון אויסצודרייען...

— לאָמיר קרוינען ישראליקן! — האָט דער אשמדאי אַ זאָג געגעבן. — לאָמיר אים אָנקוקן אין שלייער, וואָס פאַר אַ פּנים ישראליק האָט אין דער פאָרמע פון אַ בעל־טובה און ווי אַזוי ער רייט אויף דער קליאַטשע. עולם, צום עסק!

ס'האָט נישט געדויערט קיין מינוט, האָבן זיינע משרתים אַריינגעבראַכט אַ גוזמא קליידער פון פאַרשיידענע קאָסטיומען און אַלערליי פאָרמעס. איינער פון די לייט אַ, ממונה אויף דער גאַרדעראָבע, דעם אשמדאיס קאָמערדינער, האָט מיך גענומען אין זיינע הענט און אָנגעהויבן כסדר מיך אָנצוטאָן. ער האָט מיך פאַרקעמט מיט אַ טשוב, אויסגעשמירט די האָר מיט אַ סך פּאָמאַדע, מוסאַטאָף, צוגעפּוצט מיט חכמות דאָס בערדל, אָנגעטאָן מיר דערנאָך אַ מאַנישקע מיט פיר קליינע מוטער־פּערלנע קנעפּלעך אויף דעם האַרצן, אַ סאַטינען טיכל אויף דעם האַלדז, דערנאָך אַ פּאָר געזונטע שטיוול געקאָוועטע מיט אַ סך אייזערנע שטיפטן, מחילה, אַ פּאָר געוואַטעוועטע הויזן, וואָס זענען געהאַנגען ווי די טאָרבעס, אַ קאָמלעטענע קאַפּאָט־

קעלע און א סורדוט לאַנג ביז איבער די קני, אויף דעם קאָפּ א קאַשקעט, גענייט עפּעס מיט קונצן.

— א ! — האָט דער אשמדאי זיך אָנגערופן, אז ער האָט מיך באטראכט פון קאָפּ ביז די פּיס. — דאָס איז די פאָרמע פון א קהלשן שרייבער ! ישראליקן פאַסט נישט אזא מין קאָס־טיום. זוך אוים עפּעס אן אנדער פאָרמע.

דער קאמערדינער האָט מיך געשווינד איבערגעקעמט, אונ־טערגעשוירן די האָר, אויסגעצויגן דאָס בערדל, אָנגעטאָן מיר אן אנדער וועסטל, דאכט זיך, פון אטלעס, פארשפּילעט העט ביז דעם האלדז, א קאָרטענעם סורדוט הינטן מיט א שפּאלט און היפּש לענגער פון דעם פריערדיקן, אזוי אז די מייטקעס האָבן אונטן זיך ארויסגעזען נאָר אויף א צוויי, דריי פינגער. אויף דעם קאָפּ א סעריאָזנע, א סטאטעטשנע היטל.

— נו, וואָס איז דאָס פאר א מין ? — האָט דער אשמדאי ווייטער געזאָגט, מיך אָנקוקנדיק. — א, די פאָרמע פון קהלשע דעפּוטאטן ! כאפּן זאָל זיי דער רוח, מיט זייערע שפּאלטן הינטן און מיט זייערע גוזמות־טיפע קעשענעס ! ניין, ישראליק באַ־דארף האָבן עפּעס אן אנדער פאָרמע. קוק אָן דאָס רחמנות־פּנימל זיינס, וועסט דו שוין פארשטיין וועלכע עס וועט אים פּאסן.

נאָך און נאָך פאָרמעס האָט דער קאמערדינער מיר אָנגעמאָסטן. און בשעת מיך אָנטועדיק, קעמענדיק אלע רגע אנדערש, האָט ער מיר געצופּט, געצויגן, געריסן די האָר, אזוי אז טרערן האָבן מיר זיך געשטעלט אין די אויגן. נאָר אויף דעם סוף האָט ער מיך איינגאנצן אָפּגעשוירן, איבערגע־לאָזט א פּאָר שיינע פּאות, מיר אָנגעטאָן א יארמעלקע, אויבן א גרויסן ספּאָדיק, א העמד מיט א גרויסן, אויסגעלייגטן קאָל־נער, פארבונדן מיט בענדלעך אָן א האלדזטיכל, א לאנגן טלית־קטן, קורצע סאמעטענע פּליודערן, שיך און זאָקן, א לאנגע אטלעסענע קאַפּאָטע מיט א גארטל און א טוליפּל פון פּעלץ. דער קאמערדינער האָט מיך אָנגעקוקט, זיך משונה פאר־קרימט, געמאכט א וויינשל און אויך ארויסגעשטעלט דעם צונג.

— דו שיינסט, ישראליק ! — האָט דער אשמדאי געלאכט פאר פרייד, אז ער האָט מיך דערזען. — איך בין פּשוט זיך מחיה דיך צו זען אין די בגדים ! דיין פּנים איז אויסגעפריעט ווי א צימעס, דו שוויצסט אין דעם פּעלץ, דו לויכסט ארוים פון דעם ספּאָדיק, ווי דער ליכטיקער מאָרגנשטערן. שוויץ, שוויץ, ישראליק, זייער גוט !... עס גייט נאָך עפּעס אָפּ צו דער פאָלנער פאָרמע, — האָט ער געזאָגט, זיך אומקערנדיק צו דעם

קאמערדינער, — דו געדענקסט, ווי יוסל־דינטשעס פלעגט מקבל פנים זיין א נייעם גובערנאטאר!

— גערעכט, גערעכט! — האט דער קאמערדינער געענט־פערט. — איך האב אין דעם זיך גאר פארגעסן. א־הא, א־הא! באלד. אבער וועט עס געטאן ווערן.

מען האט מיר באלד טאקע הינטן אויף דער פאמיליצע אויסגעגאלט עטלעכע קיילעכדיקע רעדעלעך און דארט צוגע־שטעלט אויף עטלעכע מינוט באנקעס, פון שיינקייט וועגן.

— איצט איז ישראליק אין דער פאלנער פארמע, — האט דער אשמדאי געזאגט. — אצינד קאן ער שוין רייטן אויף דער קליאטשע...

מיט גרויס פאראד האט מען מיך געשלעפט צו דער קליאטשע. „רייט, ישראליק, רייט!" האט חברה צוגעזונגען. „אז וואויל איז דיר, וואס דו האסט זוכה געווען צו רייטן אויף אזא קליאטשע. אויף דער וועלט־קליאטשע! קריך ארויף מיט די הענט, מיט די פיס, און פאר אויף איר, ווי א פריץ, רייטנ־דיק ביז הונדערט און צוואנציק יאר, ביז דער רוח וועט דיך כאפן און עמעצער אנדערש וועט ארויף אויף דיין ארט!"

— זיי מיר מוחל, בידנע קליאטשע! — האב איך זי מחילה געבעטן, אז איך בין שוין געזעסן אויף איר רוקן, מיט פארוויינטע אויגן און מיט א פארקלעמט הארץ. — וואס זאל איך טאן, וואס קאן איך מאכן? אז לצים צווינגען מיך אויף דיר צו רייטן... אז אך און וויי איז אונדז ביידן! אך און ווי איז דיר, נעבעך, וואס דו ביסט א קליאטשע, וואס דו באר דארפסט מיך טראגן, און ווי איז מיר, אז איך, דיין פריינט, בין געצוואונגען צו זיצן דיר אויף דעם קארק! וואס זאלן מיר בידנע טאן, אז מיר ביידע, נעבעך, זענען אין דער קלעם, אז מיר ביידע זענען אזוי אומגליקלעך און געצוואונגען דערצו...

די לצים האבן דער קליאטשע, נעבעך, מיט כוח דערלאנגט א שמיץ אזוי, אז זי האט מיט אימפעט א לויף געטאן. עס איז געווארן א מהומה, א געשריי: הורא, הורא! לויפנדיק האט ביי איר טיף פונעם הארצן זיך ארויסגעכאפט א זיפץ. איר זיפץ האט מיר די נשמה ארויסגענומען, איך בין געווארן צעמישט און אראפגעפאלן אויף דער ערד ווי א סנאפ.

— נישקשה, פאל נאר ביי זיך נישט אראפ, וועסט, נישקשה, טויגן, ישראליק! — האט דער אשמדאי געלאכט און מיך צוריק ארויפגעזעצט אויף דער קליאטשע. — לאמיר קיין סך שיהות נישט מאכן, שוין צייט צו פארן, חזר ביי דיר גוט איבער מיינע געבאטן, שים נא ידך תחת ירכי און שווער מיר דו זאלסט זיי מקיים זיין.

איך בין געזעסן ווי א ליימענער גולם און האָב נישט נע־וואוסט, וואָס מיט מיר טוט זיך.

— האיע נישט, האיע נישט, ישראליק! — האָט דער אשמדאי א זאָג געטאָן. — גיכער טו וואָס מען הייסט דיך; גיכער, די צייט איז טייער.

נישט ווילנדיק האָב איך אויסגעשטרעקט מיין האנט און זי ארונטערגעלייגט דעם אשמדאי תחת ירכו. ער האָט א ווינק געגעבן צו דעם סעקרעטאר, און לוציפער האָט מיר באלד אָנ־געהויבן פאָרצולייענען א שרעקלעכע שבועה.

— וואָס שווייגסט־דו, ישראליק? — האָט דער אשמדאי מיט פאַרדראָס צו מיר געזאָגט. — פאַרוואָס זאָגסט־דו נישט נאָך, וואָרט פאַר וואָרט, די שבועה? ביי מיר מיינסט־דו וועט אָנגיין שטוקעס, מסירת־מודעהלעך, ווי ביי אייך, שיינע מענ־טשעלעך? ניין! זאָג איך דיר, מסירת־מודעהלעך גייען ביי מיר נישט אָן, ביי מיר העלפט נישט, זיך מאכן ווי געפּגרט, שווער!

— איך קאָן נישט שווערן, — האָב איך געענטפערט מיט א ציטערדיק קול.

— וואָס? הא! — האָט דער אשמדאי מיט כעס א גע־שריי געטאָן, אזוי אז די ערד האָט אונטן געציטערט.

די קליאטשע האָט עפּעס א שאָקל געטאָן מיט דעם קאָפּ, גלייך ווי זי וואָלט דערמיט געזאָגט: יהודי, בלא! האלט זיך טאקע, יהודי, אלץ אייערס, לא, לא און לא!

— איך קאָן נישט שווערן, — האָב איך איבערגעחזרט מיינע פריערדיקע רייד שוין מער באהארצט.

— שווער! — האָט דער אשמדאי א געשריי געגעבן נאָך שרעקלעכער אין כעס, אזש פינקען זענען אים געפלויגן פון די אויגן און פון דעם מויל האָט ארויסגעזעצט א רויך.

מיין קליאטשע, נעבעך, האָט א זיפץ געטאָן. איר זיפץ האָט מיך דערמאָנט אירע אלע גרויסע צרות, וועלכע זי האָט אין איר לעבן איבערגעליטן. סטייטש, סטייטש, האָב איך מיך באטראכט, ווייניק שטייט זי, שלימזל, אוים פון אנדערע, זאָל איך מיך נאָך אויף איר, נעבעך, אויך אָנלייגן! וואָס עס וויל, מעג זיך מיט מיר זיין, איך באדארף אזא זאך נישט טאָן. אויסהאלטן מוז איך דעם נסיון, טאקע ווי אן ערלעכער מאן.

— בשום אופן נישט! בשום אופן וועל איך דיר נישט שווערן! — האָב איך דעם אשמדאי קאלטבלוטיק געענטפערט, און ארויסגענומען מיין האנט מתחת ירכו. בשעת ארויסנע־מענדיק האָב איך אים נאָך, מעשה־שטן, באדארפט גראָד א גראבל טאָן דאָרט.

דער אשמדאי איז געוואָרן פלאַם־פייער. א מורא אים גע־

ווען דענסטמאָל אָנצוקוקן. ער האָט מיט א משונה געשריי א שפּרונג געטאָן אין דער לופטן, זיך אויסגעצויגן שרעקלעך הויך, געשטעלט איין פוס אויף דער ערד, דעם אנדערן אויף דעם הימל, מיך אָנגענומען ביי די האָר און א שליידער גע־טאָן, ווי א האָלעשקע, מיט אימפּעט.

איך בין אראָפּגעפאלן ווי פון דעם הימל! ביי דעם אָנהייב פאלן האָב איך געהערט זייער א ווילד געלעכטער פון אלע לצים אינאיינעם. די קליאטשע, האָב איך געזען, שוועבט אויך אין דער לופטן, דרייט זיך און פאלט נאָך מיר.

— אך, מיר פאלן, מיר פאלן!... — האָב איך קוים מיט צרות א געשריי געטאָן.

— נישקשה! — האָט מיר די קליאטשע נאָכגעשריגן, — אז איך פאל, שטיי איך אויף. נישט איינמאָל בין איך שוין אזוי געפאלן און פאָרט נישט פארפאלן...

איך בין געפאלן אלץ נידעריקער, נידעריקער, ביז איך האָב צום סוף אָנגערירט די ערד מיט דעם קאָפּ, זיך געטאָן א זעץ און פאר גרויס ווייטיק ארויסגעלאָזט א שרעקלעך געשריי.

איך האָב געפילט, אז עפּעס עמעצנס הענט האָבן מיך ארומגענומען. דאכט זיך, מען וויינט איבער מיר און הייסע טרערן קאַפּען מיר אויף דעם פּנים.

## דאָס פיר־און־צוואנציקסטע קאַפּיטל

# טראַסצא איך מאטערי!

אויפעפענענדיק די אויגן, האָב איך געזען, איך ליג אויס־געצויגן אויף דעם פאָל נעבן בעט, ביי מיר אין חדר. מיין מאמע וויינט און העלפט אונטער עפּעס מענטשן, מיך פון דאָרט אויפצוהייבן.

אז איך בין שוין געלעגן אין בעט, האָב איך אָנגעהויבן מיך צו באטראכטן, וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר אזוינס? פון וואנען האָב איך פּלוצים מיך אהער גענומען? איך האָב מיך באטאפּט און געקוקט זייער פארוואונדערט אין אלע זייטן. אין שטיבל ביי מיר האָב איך ווייטער דערזען דעם בעל־שם און און די אלטע מכשפהטע, וואָס האָבן זיך עפּעס געפּאָרעט און געשפּראָכן. די מאמע האָט מיר געטאַפּט ביי דעם קאָפּ און געוויינט.

— וואָס וויינסט־דו, מאמע? — האָב איך איר געפרעגט און פאר ליבשאפט איר א קוש געטאָן.

— אך, ישראליק, ישראליק! — האָט זי געבליפּעט. — אַך, וויפל צרות איך בין פון דיר אויסגעשטאַנען! געדאַנקט און געלויבט איז השם יתברך, אַבי דו האָסט שוין געעפנט די אויגן. — דו האָסט א גוטן זעץ זיך געגעבן אַראָפּפאַלנדיק פון דעם בעט?

— מאַמע! — האָב איך מיך אָנגערופן. — וואָס איז ווייטער אַזוינס געשען?

— אָט פרעג גאָרנישט, פרעג גאָרנישט! אַלץ טאַקע דיינע ביכלעך.

— וואָס ביכלעך? וואָס מיינע ביכלעך?

— אָט יענע נארישע מעשיות, מיט וועלכע דו האָסט דיר דעם קאָפּ פארשלאָגן, — האָט די מאַמע א מאַך געגעבן מיט דער האַנט. מילא דו האָסט זיך איינגעשפּאַרט דווקא צו שטו־דירן די דאָקטאָריע. נו, וואָס האָב איך געקענט מיט דיר מאַן? אין ברירה. אָבער צו־וואָס נאָך אַזעלכע ביכלעך, אַזעלכע מעשיות, אַזעלכע שמאָכטעס? וואָס פאר א שייכות האָבן זיי מיט דאָקטאָריע? איינער וויל לערנען דאָקטאָריע, נו, גיי דיר לערן וויפל דאָס הארץ דיינס גלוסט, וועסט־דו זיך אויסלערנען און קענען, טאַקע וואָס קענען הייסט. נאַ דיר א בלעטל, אַז דו קענסט היילן, כאָטש דו ביסט ווייטלעך פון יענע מיני מעשיות. אַלא ניין, זאָלן דיר נישט העלפן אַלע מעשיות. דאַכט זיך, אַזוי האָט באַדאַרפט צו זיין, נאָך מיין ווייבערשן שכל, ווערליק ווי מיין ווייבערשער מוח נעמט. וואָס טענהן זיי אָבער? וואָס האָבן זיי געענטפערט? אַז איך האָב, נישט היינט גע־דאַכט, געהאַט דאָס לויפעניש צו איטלעכן באַזונדער. ניין דו מעגסט דיר האָבן א גרויסן קאָפּ, מעגלעך אפילו, אַז פון דיר זאָל אויסוואַקסן א גרויסער מענטש, א באַרימטער דאָקטער׳ אַבי דו ביסט נישט אַזוי קלאָר אין יענע מעשיות, אין יענע מיני היסטאָריעס, ווי זיי רופן עס עפּעס, איז אינה מקודשת, שטייט מען נישט אין דיר! נאַט אייך היסטאָריעס, נאַט אייך מעשיות אויף מיין קאָפּ! א ניבאַי וואָלטן זיי, רבונו של עולם, פאַרכאַפּט געוואָרן, וואָלט איך, נעבעך, פאַרשפּאָרט האָבן אַזעלכע גרויסע צרות!

— וואָס צרות, מאַמע?

— וואָס צרות, פרעגט דו, ישראליק. סטייטש, ווייניק צרות, ווי איז מיר, האָבן זיי, נישט היינט געדאַכט, מיר אָנ־געמאַכט!

אָט וואָס די מאַמע האָט מיר מיט א וויינענדיק קול דער־ציילט:

„אַז איך האָב מקבל געווען דיין בריוו פון דניעפּראָוויץ, אַז דו האָסט עפּעס נישט גוט געענטפערט אויף דעם עקזא־מענט פון יענע היסטאָריעס, און דעריבער איז אַן עק פון דיין

דאָקטאָריע — האָב איך גערעכנט, אַז באַלד וועסט־דו צוריק אַהיים קומען, וועסט, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, אַוועקוואַרפן אַלע דיינע נאַרישע פּלאַנען, בעסער חתונה האָבן און לעבן, ווי גאָט האָט געבאָטן, ווי יידן באַדאַרפן צו לעבן. איך וואַרט אַכטאָג — דו קומסט נישט, נאָך אַכטאָג — ביסט נישטאָ, דו שרייבסט נישט אַפילו קיין אות. דער קאָפּ ווערט מיר צע־שפּאָלטן טראַכטנדיק, וואָס קאָן עס זיין? איך רו נישט. איך שלאָף נישט, עס נעמט זיך מיר נישט אין דעם מויל קיין עסן. דו ביסט דאָך, ישראליק, מיין איינציק קינד, איין אויג אין דעם קאָפּ! וואָס טויג מיר דאָס גאַנצע לעבן אָן דיר? אין דער שטאָט האָבן דערווייל וועגן דיר זיך אַרויסגעלאָזן אַ סך פאַרשיידענע ממרות. אַ טייל האָבן געזאָגט, דו ביסט גע־שטאָרבן; נאָך אַ טייל — זאָל זיי נאָר דאָס מויל אָפּנעמען — האָבן געזאָגט, יאַקבי דו האָסט זיך געשמדט און ווייס איך נאָך זאַכן, וואָס שונאים האָבן אויסגעטראַכט. איך האָב שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן און בין אַליין געפאָרן קיין דניעפּראָוויץ. קומענדיק אַהינצו, ווייסט און פינצטער איז מיר, האָב איך דיך געטראָפן אין אַ שרעקלעכער לאַגע! דו ביסט שוואַרץ ווי די ערד, אויסגעדאַרט, אויסגעדייוועט, אָן אַ לויט פלייש אויף דעם לייב, נאָר הויט און ביין. — איך פרעג דיך, וואָס דו מאַכסט? ענטפערסט־דו מיר, נישט היינט גע־דאַכט, עפּעס בויבעריק. איך רעד דאָס און דו עפּעס לאָקש, בוידעם, אַ קו איז געפלויגן איבער דעם דאַך! קוקנדיק אויף דיר איז מיר געוואָרן אַ לאָך אין האַרצן, איך האָב געמיינט, אָט פאַל איך אַנידער און שטאַרב. לייט האָבן מיך געראָטן צו גיין בעטן די לערער, זיי זאָלן מיט דיר מטיב זיין, טאָמער וועט די גוטע בשורה אויף דיר ווירקן און דו וועסט צו זיך קומען. איך בין, פאַרשטייט זיך, געגאַנגען, געוויינט, געבעטן, אָבער אומזיסט! זיי האָבן מיר געענטפערט: ניין, אומ־מעגלעך! איך האָב געדונגען אַ פור און דיך געבראַכט צופירן אַהיים. וואָס אַ טאָג ביסט־דו אַלץ ערגער מרה־שחורהדיגער געוואָרן, פלעגסט זיין אַלץ פאַרטראַכט. נאָר אַז דו האָסט זיך שוין צערעדט, האָסט־דו, רחמנא ליצלן, גערעדט פאַר פייער, פאַר וואַסער, געבטלט חלומות אויף אַלע פיינע לייט, אויף אַלע אונדזערע שיינע, כשרע מענטשן אין דער שטאָט. נאָך גוט, אַ נס, כ׳לעבן, וואָס הויך היימישע מענטשן, האָב איך צו דיר קיינעם נישט צוגעלאָזט, האָבן לייט כאָטש נישט געהערט און וויסן נישט, וואָס דו האָסט, נישט היינט גערעדט, אויף זיי אויסגערעדט. דו ביסט געוואָרן אַלץ שלאַפער, שלאַפער און זיך אַריינגעלייגט צום־סוף אין בעט. אקעגן צוויי וואָכן ביסט־דו ווי אין הינערפּלעט געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, כמעט אָן

א סימן לעבן, נאָר וואָס צו ציימנס האָסט־דו פון דער היץ געֿרעדט, דערציילט ווילדע מעשיות. אך, ישראליק, מיין טייערער ישראליק, וואָס דיינע ביכלעך, דיינע מעשיות האָבן אָנגעמאכט! זאָל, כ'לעבן, שוין זיין גענוג, גענוג! הלוואי! וואָלסט־דו פריער געפּאָלגט א מאמען און חתונה געהאט, ווי דער סדר־העולם איז, ווי עס פירט זיך ביי אונדז, יידישע קינדער, וואָלטן מיר ביידע דאך באהיט געוועןפון אזעלכע יסורים. אך, דיינע מעשיות, דיינע מעשיות! אך, דיינע היסטאָריעס, דיינע היסטאָריעס!..."

— דאָס וואקסט אלץ פון זיי, פון זיי, פון די גוטע לייט, מיין איך! — האָט דער בעל־שם זיך אָנגערופן. — ערשט נישט לאנג האָב איך געהאט מיט זיי פונקט אזא מעשה. די ערלטע וויים אויך פון דער מעשה, וואָס איך האָב געהאט. — נו, א שטשאָ, דאָברע בילאָ? — האָט ער א פרעג געטאָן די גויע.

— דאָברע, יאק־זשע... — האָט מיט א נענעץ געענטפערט די גויע, וואָס איז געווען באשעפטיקט מיט דעם שפּרעכן. ווין מאיע פּראווע. עטאָ איכנע דילאָ, טראסצא איך מאטערי!

# הקדמת מענדעלע מוכר ספרים

אָמר מענדעלע מוכר ספרים, זאָגט מענדעלע מוכר ספרים, געלויבט איז דער בורא, וואָס באַשטימט דעם גאַנג פון די גלגלים אין די הימל אויבן און דעם גאַנג פון זיינע אַלע באַשעפענישן אויף דער ערד אונטן. אפילו אַ גרעזעלע קריכט נישט אַרויס פון דער ערד, ביז וואַנען אַ מלאך שלאָגט עס נישט און זאָגט: וואַקס! קריך אַרויס! מכל־שכן אַ מענטש, ער האָט אַוודאי אַ מלאך, וואָס שלאָגט אים און זאָגט: גיי, גיי, קריך אַרויס! און מכל־שכן נאָך מער די פיינע מענטשלעך, שיינע יידעלעך. — קיין נאַר כאַפּט זיך פריער פון איטלעכן נישט אַרויס מיט אַ וואָרט, ביי אונדז, קיין שוטה ווערט נישט קיין בעל־עצה. קיין עם־הארץ — אַ חסיד, קיין גראָבער יונג — אַ משכיל, ביז וואַנען עס שלאָגט נישט איטלעכן פון זיי זיין מלאך, נויטנדיק אים דערצו. עס שלאָגן די מלאכים אויך אַלע מיני קבצנים אונדזערע, זאָגנדיק: וואַקסט, קבצנים, אביונים, דלפנים, געבוירענע, אָפּגעקומענע, אָפּענע, פאַרבאָרגענע, שפּראָצט, וואַקסט ווי גראָז, ווי קראָפּעווע! גייט, יידישע קינדער, גייט — איבער די הייזער!...

נאָר נישט דאָס אָבער בין איך אויסן. איך בין אויסן צו דערציילן דאָ אייך, רבותים, ווי איינער פון אונדזערע ברידער איז פאַרגאַנגען העט, העט אין די ווייטע מקומות און האָט דערמיט קונה־שם געווען.

אַלע ענגלישע און דייטשע גאַזעטן זענען פאַראיאָרן פול געווען מיט דער וואונדערלעכער נסיעה, וואָס בנימין, אַ פּויליש יידל, האָט געמאַכט אין די ארצות המזרח ערגעץ. „סטייטש,

סטיטש, — האָבן זיי זיך געחידושט, — א ייד, א פּוילישער ייד, אָן כלי־זיין, אָן מאשינעס, נאָר מיט א טאָרבע אויף די פּלייצעס און מיט א טלית־און־תפילין־זאק אונטערן אָרעם זאָל אָנשפּארן אין אזעלכע ערטער, וואו בארימטע ענגלישע רייזנדע האָבן אהין נישט געקענט צוקומען! נישט אנדערש, אז דאָס איז געשען נישט מיט קיין מענטשלעכן כח, עפּעס נאָר מיט אזא כח, וועלכן דער שכל קאָן כלל נישט משיג זיין, דאָס הייסט, דער שכל איז פּונקט נישט אזוי בכח, אזוי ווי דער דאָזיקער כח איז נישט בשכל. נאָר בכל האופנים, ווי די מעשה איז שוין דאָרט געוועז, בנימינען האָט די וועלט צו דאנקען פאר די חידושים, גרויסע זאכן, וואָס זענען דורך אים אנטפּלעקט געוואָרן און פון איצט אָן וועט די מאפּע אָדער די לאנדקארטע באקומען גאָר אן אנדער פּנים. בנימין פארדינט מיט רעכט דעם מעדאַל, וואָס די געאָגראפישע געזעלשאפט האָט אים געגעבן..."

די יידישע גאזעטן האָבן די דאָזיקע רייד אויפגעכאפּט מיט בײדע הענט און געהאט דערמיט צו זינגען און צו זאָגן דעם גאנצן פאראיאָריקן זומער, אזוי ווי איטלעכן, וואָס לייענט די דאָזיקע גאזעטן, איז באקאנט. זיי האָבן אויסגערעכנט אלע חכמים, וואָס זענען ביי יידן געוועזן פון אָדם הראשון אָן ביז אצינד, בכדי צו באווייזן, וואָס פאר א קלוג פאָלק יידן זענען. האָבן אויך אויסגעשטעלט א צעטל פון די נוסעים (רייזנדע) אין אלע צייטן פון בנימין דעם ערשטן, מיט א זיבנהונדערט יאָר צוריק, און בנימין דעם צווייטן מיט דער גאנצער חברה נוסעים, וואָס וואנדרעווען היינט ביי אונדז ארום. און בכדי מפליג צו זיין די נסיעה פון אונדזער איצטיקן בנימין, האָבן זיי, ווי דער שטייגער איז פון יידן, דערוויל פון יענע בלאָטע געמאכט און געזאָגט, אז די גאנצע כנופיא היינטיקע נוסעים זענען טאקע גאָר פּראָסטע שלעפּערס. ווייסן נישט פון זייער חיות, די גאנצע נסיעות זייערע. משטיינס־געזאָגט, באשטייט נאָר דרינען, ארומצושלעפּן זיך, ווי מקבלים, איבער די הייזער. זיי האָבן אלע א פּנים ווי מאלפּעס אקעגן איצטיקן בנימין, אקעגן בנימין דעם דריטן, דעם עכטן אמתן נוסע. זיי האָבן אויף אים און אויף די ספרים, וואָס מען האָט געמאכט פון זיין נסיעה, געזאָגט ווי געוויינטלעך דעם געוויסן פּסוק: לא בא כבושם הזה. דאָס טייטש: ס'איז נאָך אזעלכע בשמים, אזעלכע שמעקנדיקע געווירץ ביי יידן קיינמאָל נישט געוועזן. געבענטשט און איינגעוויקלט מיט דימענטן זאָל ווערן דער דאָזיקער, — האָבן זיי אלע פּה אחד געזאָגט, — וועלכער עס וועט דעם טייערן אוצר פון בנימינס נסיעה, וואָס געפינט זיך אין אלע פרעמדע לשונות, איבערטראָגן אויך אין לשון הקודש, ניכיי לאָזן יידן, נעבעך, אויך פארזוכן די פּאטיקע, וואָס רינט פון

יידישן בינשטאָק, און זאָל זיי דערפון ליכטיק ווערן אין די אויגן.

ואני מענדעלע, און איך מענדעלע, וואָס מיין כוונה איז תמיד נוצן צו ברענגען אונדזערע יידעלעך כפי מיין מעגלעכקייט, האָב איך מיך נישט געקענט איינהאלטן און געזאָגט: איידער די יידישע מחברים, וואָס זייער מינדסטער פינגער איז גרעבער פון מיינע לענדן, איידער זיי וועלן זיך אויסשלאָפן ארויסגעבן די ספרים פון בנימינס נסיעה אין לשון־קודש, וועל איך דערווייל מיך פרואוון כאָטש א קיצור פון זיי ארויסגעבן אויף פראָסט יידיש. איך האָב אָנגעגורט מיינע לענדן ווי א גבור, און ווי אלט און שלאַף איך בין, לא עליכם, האָב איך מיר פאָרט שטארקע מי געגעבן ארויסצובאקומען פונעם גרויסן אוצר אזעלכע ענינים, וואָס טויגן פאר די קינדער ישראל, און צו דערציילן זיי פריי, כפי מיין שטייגער. איך האָב עפּעס געפילט, ווי מען שלאָגט מיך פון אויבן מיט די ווערטער: הקיצה, מענדעלע, כאַפּ זיך אויף, מענדעלע, און קריך ארויס פון אונטערן אויוון! ניי נעם אָן פולע הויפנס געווירץ פון בנימינס אוצר און מאַך דערפון פּאָטראַוועס צו דיינע ברידער, אזוי ווי זיי האָבן ליב. איך בין מיט גאָטס הילף ארויסגעקראָכן און צוגעברייט די געשמאַקע שפּייז, וואָס איך שטעל איצט דאָ פאר אייך אנידער. עסט, רבותים, לאָז אייך וואויל באקומען!

## דאָס ערשטע קאַפּיטל

# ווער דער בנימין איז, פון וואַנען ער איז און ווי די נסיעה האָט פּלוצים צו אים זיך גענומען.

„כל ימי, אזוי זאָגט בנימין דער דריטער אליין, כל ימי נתגדלתי בטונעיאַדעווקע, מיין גאַנץ לעבן, דאָס הייסט ביז מיין גרויסער נסיעה, בין איך נתגדל געוואָרן אין טונעיאַדעווקע, דאָרט בין איך געבוירן געוואָרן, דאָרט בין איך דערצויגן געוואָרן, און דאָרט האָב איך למזל חתונה געהאַט מיט מיין פּלוניתטע הצנועה מרת זעלדע תחיה."

טונעיאַדעווקע, דאָס קליינע שטעטל אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל, אָן דער זייט פונעם טראַקט, כמעט אָפּגעריסן פון דער וועלט אזוי, אַז ווען אַמאָל מאַכט זיך, איינער קומט אַהין צופאָרן, עפנט מען די פענצטער, די טירן און מען קוקט פאַרוואונדערט אָן דעם פרישן פאַרשוין. שכנים פרעגן איינער ביים אַנדערן, אַרויסקוקנדיק פון די אָפענע פענצטער, קשיות: הא, ווער זאָל עס אזוינס זיין? פון וואַנען האָט פּלוצים פון דער העלער הויט אַהער זיך גענומען? וואָס קען אַזעלכער באַדאַרפן? האָט ער עפּעס נישט אַ מיין? עפּעס אזוי גלאַט קען עס ניט זיין, גלאַט אַזוי דען נעמט מען און מען קומט! מסתמא ליגט דאָך דאָ עפּעס, וואָס מען מוז עס דערגיין...
דערביי וויל איטלעכער אַרויסווייזן זיין חכמה, זיין געניטשאַפט, בויך־סברות פאַלן ווי מיסט. אַלטע לייט דערציילן מעשיות און ברענגען משלים פון אורחים, וואָס זענען אין דעם און אין דעם יאָר געקומען אַהער צו פאָרן. בעלי המצאות זאָגן מכח דעם ווערטלעך, אַביסל עפּעס נישט קיין שיינע. מאַנסבילן, האַלטן זיך ביי די בערדלעך און שמייכלען; אַלטע ווייבער זידלען אָפּ די בעלי המצאות אויף קאַטאָוועס, מיט אַ בייזער אי מיט אַ

לאכן אינאיינעם ; יונגע ווייבלעך דערלאנגען פון די אראפגע־
לאזענע אויגן א געבייגענעם קוק פון אונטן ארויף, האלטן די
האנט אויפן מויל און שטיקן זיך לאכנדיק אין פויסט. דער
שמועס מכח דעם דאזיקן ענין קייקלט זיך פון שטוב צו שטוב,
ווי א קויל פון שניי, און ווערט קייקלענדיק־זיך אלץ גרעסער,
גרעסער, ביז ער קייקלט זיך אריין אין בית־המדרש סאמע
אונטערן אויוון, אין דעם ארט, וואס אהין פארקייקלען זיך
אלע שמועסן פון אלערליי ענינים, הן סודות פון שטובזאכן,
הן פאליטיקע מכח סטאמבול, מכח דעם תוגר ומכח קירען,
הן געלט־געשעפטן, מכח ראטשילדם פארמעגן אין פארגלייך
מיט די גרויסע פריצים און די אנדערע געוויסע נגידים, והן
פאטשטן מכח די גזרות ומכח די רויטע יידלעך וכדומה, און
וואס דארט קלייבט זיי פאנאנדער כסדר א באזונדער קאמיטעט
פון שיינע באטאגטע יידן, וואס זיצן שטענדיק א גאנצן טאג
ביז שפעט אין דער נאכט, זענען מפקיר ווייב אי קינדער און
גיבן זיך מיט די אלע געשעפטן טאקע אמת געטריי אפ, טוען
זייער זאך בשלימות גלאט אזוי לשם שמים, נישט צו נעמען
פאר זייער מי, פאר זייער פראצע אפילע א צעבראכענעם הע־
לער. פון דעם דאזיקן קאמיטעט גייען אפט די ענינים אוועק
אין באד אויף דער אויבערשטער באנק און אויף א פולער
אסיפה פון שטאט־באלעבאטים ווערן זיי דארט באשטעטיקט,
והכל שריר וקים, אז דערנאך זאלן אפילו קומען כל מלכי
מזרח און מערב, זיך שטעלן מיט דעם קאפ אראפ און מיט די
פיס ארויף, וועלן זיי גארנישט פועלן. דער תוגר איז שיער איין
מאל נישט אומגליקלעך געווארן אויף אזא אסיפה אויף דער
אויבערשטער באנק. ווען עטלעכע יוסטע באלעבאטים זאלן
נישט געווען האלטן מיט אים בלאט, ווער ווייסט וואו ער
וואלט איצט אנגעשפארט. ראטשילד, נעבעך, האט שיער נישט
פארלוירן דארט עפעס א צען־פופצן מיליאן. דערפאר האט אים
גאט געהאלפן אין א פאר וואכן ארום, דער עולם איז געווען,
ווי מען זאגט, בגילופין, אויף דער אויבערשטער באנק איז
גראד געווען לעבלעך, די בעזעמלעך האבן זיך געהויבן און
מען האט אים מיט אמאל צוגעלאזט ריין פארדינסט אקעגן א
ק"ן מיליאן קערבלעך!

די איינוואוינער אליין איז טונעיאדעווקע זענען, נעבעך,
כמעט אלע, לא עליכם, גרויסע אביונים, שטארקע דלפנים, נאר
דעם אמת מוז מען זאגן, זיי זענען פריילעכע אביונים, לוס־
טיקע קבצנים, ווילדע בעלי־בטחונס. אז מען זאל, אשטייגער,
פלוצים א פרעג געבן א טונעיאדעווקער יידן : פון וואנען און
ווי אזוי ער איז זיך מפרנס? בלייבט ער תחילת שטיין ווי־
צעמישט, ווייסט, נעבעך, נישט וואס צו ענטפערן, נאר שפע־

טער אביסל אָבער קומט ער צו זיך און ענטפערט בתמימות:

— איך, ווי ארום איך לעב, איך? עט, ס'איז דאָ א גאָט, זאָג איך אייך אָט־אָ, וואָס פארלאָזט נישט אלע זיינע באשע־פעֶנישן, ער שיקט־צו און וועט מסתמא ווייטער צושיקן, זאָג איך אייך אָט־אָ.

— פאָרט וואָס טוט איר אזוינס? האָט איר כאָטש עפּעס וואָס ס'איז פאר א מלאכה אָדער א פרנסה אין דער האנט?

— געלויבט איז השם־יתברך. איך האָב, ברוך־השם, אזוי ווי איר קוקט מיך אָן אָט־אָ, א מתנה פון זיין ליבן נאָמען, א כלי, א קול נגינה און דאוון מוספים ימים־נוראים אין דער סביבה, איך בין א מוהל און א מצה־רעדלער איינער אין דער וועלט, איך פיר אמאָל אוים א שידוך, פיר איך אוים; איך האָב א שטאָט, אזוי ווי איר קוקט מיך אָן אָט־אָ, אין דער שול. היינט האלט איך אייך, צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, א שענקל, וואָס מעלקט זיך צו־ביסלעך; איך האָב א ציג, וואָס מעלקט זיך אָן עין־הרע זייער גוט, און האָב נישט ווייט פון דאנען א רייכן קרוב אָט־אָ, וואָס לאָזט זיך אונטער א שלעכ־טער צייט אויך אביסל מעלקן. היינט חוץ די אלע זאכן, זאָג איך אייך אָט־אָ, איז גאָט א טאטע און די ישראל זענען רחמנים בני רחמנים, זאָג איך אייך אָט־אָ, נישט צו פאר־זינדיקן!...

אויך מוז מען די טונעיאדעווקער איינוואוינער דעם שבח נאָכזאָגן, אז זיי זענען צופרידן מיט וואָס גאָט גיט און קלויבן, חלילה, אין דער הלבשה און אין דעם עסן שטארק נישט אי־בער. אז די שבתדיקע קאפּאָטע, אשטיינער, איז צעהאקט, צע־פאלן, צעריסן, אביסל פארשלומפּערט און עפּעס נישט אזוי ריין, מאכט אויך נישט אוים, אבי זי איז פאָרט פון אטלעס און גלאנצט, איי, ערטערווייז קוקט ווי פון א רעשעטע ארוים דאָס הוילע לייב, מילא, וואָס ארט עס ווּעמען, ווער וועט זיך דאָ אזוי שטעלן צוקוקן? למאי פּיאטעס, מיט וואָס איז דאָס ערגער פון אויסגעריבענע פּיאטעס? פּיאטעס איז דען נישט קיין לייב, קיין מענטשנפלייש?... א שטיקל ברויט מיט א קאָ־ליש, אבי ס'איז נאָר דאָ, איז זייער א גוטער מיטאָג, ווער שמועסט — א בולקע מיט א ראָסל־פלייש פּריטיט, ווער עס האָט נאָר, דאָס איז טאקע א מאכל מלכים, קיין בעסערס דער־פון איז שוין, דאכט זיך, אויף דער וועלט נישטאָ. לאָז מען זיי דערציילן, אשטיינער, פון אנדערע מיני פּאָטראַוועס חוץ פיש־יויך, געבראָטנס און א מערן־אָדער א פאסטערנאק־צימעס, קומט זיי דאָס אוים עפּעס משונה־ווילד און זיי זאָגן דערויף אָם פארשיידענע ווערטלעך מיט דעם גרעסטן געלעכטער, גלייך ווי דער וואָס זאָגט עס, איז נאריש, משוגע, און וויל זיי

אויך מאכן משוגע, איינרעדן זיי א קינד אין בויך, א סו איז נעפלוינן איבערן דאך און געלייגט אן איי. א שטיקל באַקסער אין חמשה־עשר — דאָס איז אזא פרי, וואָס מחיה נפשות. קוקנדיק דערויף, דערמאָנט מען זיך אין ארץ־ישראל. נישט איין מאָל פארגלאָצט מען דערביי די אויגן מיט א קרעכץ: א — ותוליכנו קוממיות, זאָלסט אונדז, הארצעדיקער פאָטער, פירן קוממיות, טאקע וואָס קוממיות הייסט, לארצנו, צו אונ־דזער לאנד, וואָס ציגן עסן דאָרט באַקסערן!... על פי מקרה האָט איינער אמאָל אין דעם שטעטל גראָד געבראכט א טייטל, האָט איר באדארפט זען, ווי אזוי מען איז דאָס געלאָפן אָנ־קוקן אויף חידושים, מען האָט אויפגעמישט א חומש און גע־וויזן, אז תמר, דער טייטל, שטייט אין חומש! סטייטש דער טייטל, אָט דער טייטל וואקסט דאָך פון ארץ ישראל!... קוקנ־דיק אויפן טייטל האָט זיך אויסגעדאכט, ארץ ישראל איז פאר די אויגן, אָט גייט מען איבער דעם ירדן, אָט איז די מערת המכפלה, דער מוטער רחלס קבר, דאָס כותל מערבי; אָט באָדט מען זיך אין חמי טבריא, מען קריכט ארויף אויפן הר הזיתים, מען עסט זיך אָן מיט באַקסערן, מיט טייטלען און מען לייגט אָן פולע קעשענעס מיט ארץ־ישראל־ערד. אך, האָט מען גע־קרעכצט, און אין די אויגן האָבן איטלעכן זיך געשטעלט טרערן.

„יענע צייט, אזוי זאָגט בנימין, איז גאנץ טונעיאדעווקע, ווי גרוים זי איז, געווען אין ארץ ישראל. מען האָט געשמאק גערעדט פון משיחן, אָט־אָט איז שוין גאָטס פרייטיק נאָך האלבן טאָג. דער נייער פריסטאוו, וואָס איז נישט לאנג אָנגע־קומען, האָט גראָד ביד רמה דענסטמאָל געפירט דאָס שטעטל. ביי א פאר יידן האָט ער אראָפגעריסן די יארמעלקעס, איינעם אָפגעשניטן א פאה, עטלעכע, נעבעך, געכאפט שפעט ביי דער נאכט אין א געסל אָן פאספאָרטן, ביי נאָך איינעם פארנומען א ציג, וואָס האָט אויפגעגעסן א נייעם שטרויענעם דאך. און ער איז דערמיט אויך געווען די סיבה דערפון, וואָס דער קאָ־מיטעט אונטערן אויוון האָט זיך שטארק געדורעט מיטן תוגר, עד מתי וועט דער שר של ישמעאל אזוי שולט זיין? מען האָט אויפגעמישט דעם געוויינטלעכן שמועס מכח די עשרת השבטים, ווי גליקלעך זיי לעבן דאָרט אין יענע ווייטע מקומות, אין גדולה, עושר און כבוד; מען האָט אפירגענומען די רויטע יידלעך, די בני משה מיט גוזמאות־מעשיות פון זייערע גבורות וכדומה; אלדד הדני, עס פארשטייט זיך, האָט אויך געטאנצט אין דער מיט. יענער צייט צום מייסטן האָב איך צו פאר־דאנקען די נסיעה מיינע, וואָס איך האָב דערגאָך געמאכט.”

פריער, איז בנימין געווען ווי א הינדעלע, וואָס ליגט אין

איי, אָדער ווי א וואָרעם, וואָס ליגט אין כריין. ער האָט גע־מיינט, אז אויף יענער זייט טונעיאַרעווקע עקט זיך די וועלט. קיין זיסער, קיין בעסער לעבן ווי דאָ איז גאָר נישטאָ.

„איך האָב געמיינט, זאָגט בנימין ערגעץ אין איין אָרט, אז גרייבער פון אונדזער אַרענדאַטאָר באַדאַרף מען שוין נישט זיין. א קליינינקייט עפּעס אזא שטוב מיט באַלעבאַטישקייט: פיר פּאָר מעשענע לייכטער, א זעקס־רערנדיקער הענגלייכטער אויבן מיט אן אָדלער, צוויי קופּערנע פּאַרעווע טעפּ מיט א פינף קו־פּערנע פענדלעך, א פּאָליצע צינערנע טעלער און, אוודאי, א־קעגן א טוץ טעמבעקאָווע לעפל, צוויי־זילבערנע בעכערלעך, א הדסל, א חנוכה־לעמפּל, א ציבעלע־זייגער אין צוויי קופּערטעס מיט א גראָב קייטל פון זאַמדפּאַטשערקעס, צוויי קי מיט אמאָל און א טעלעצע אויף דער צייט, צוויי שבתדיקע קאַפּאָטעס ברומה נאָך און נאָך אזא גוטס. איך האָב געמיינט, א חכם איז טאַקע נאָר איין רב אייזיק דוד רב אהרן יאָסעלעס שרה זלאַטעס. א קאַטאָוועס, מען זאָגט, אז ער האָט אמאָל אין דער יוגנט געהאַט א ידיעה אין תשבורת. ער האָט געמעגט זיין מי־ניסטער, ווען דאָס שטיקעלע מזל זאָל אים נאָר דינען. ווער האָט נאָך, האָב איך געמיינט, אזא הדרת פנים, אזא בנעימות־דיק שמועסל ווי אונדזער כייקל זאַאיקע, אָדער ווער איז אזא מומחה, אזא דאָקטער, וואָס מאַכט פון טויט לעבעדיק, ווי אונדזער רופא, וואָס ער האָט כפי השמועה די חכמת הדאָק־טאָריע געלערנט ביי א ציגיינער פון די חרטומי מצרים.״

הכלל, דאָס לעבן אין זיין שטעטל האָט בנימינען זיך אויסגעוויזן זייער שיין, זייער גוט. ער האָט אפילו געלעבט אין דחקות, ער מיט זיין ווייב און קינדער זענען געגאַנגען קרועה־בלואה, נאָר האָט דען אָדם הראשון און זיין ווייב בשעת זיי זענען געווען אין גן־עדן פאַרשטאַנען זיך צו שעמען, וואָס זיי זענען נאַקעט און באָרוועס? די וואונדערלעכע מעשיות אָבער פון די רויטע יידלעך און די עשרת השבטים זענען אים אריין טיף אין הארץ און פון יענער צייט אָן איז אים עפּעס ווי ענג געוואָרן אין זיין שטעטל, עס האָט אים עפּעס געצויגן אלין אהין, אהין דאָרט אין די ווייטע מקומות אריין; דאָס הארץ האָט אין אים זיך געצויגן, אזוי ווי קליינע קינדער ציען זיך מיט די הענטלעך אקעגן דער לבנה. דאַכט זיך אין פלוג, וואָס איז אזוינס א טייטל, א פּריסטאַוו, א יאַרמעלקע, א פּאה, א ייד, נעבעך, וואָס ווערט נלכד אין געסל שפּעט ביי דער נאַכט, א ציג און א שטרויענער דאַך? נאָר דאָס אלצדינג האָט אָנ־געמאַכט אין אים א גרויסע פאַרענדערונג, עס האָט געפירט דערצו, אז ער זאָל באַגליקן די וועלט מיט זיין באַרימטער נסיעה. אין דער וועלט זעט מען נישט איינמאָל ווי פון קליינע

סיבות קומען ארויס גרויסע, זייער גרויסע זאכן: דערפון וואָס דער פויער האָט געזייט ווייץ און קאָרן, וואָס דער מילנער האָט עס געמאָלן, וואָס דערפון איז א טייל אריין אין דער גו־ראלניע און געוואָרן בראָנפן און אביסל פונעם מעל איז אריין אין גיטל דער שענקערינס הענט, וואָס זי האָט עס געראָשטשי־נעט, געקנאָטן, געקאטשעט און געמאכט קנישעס, מצורף לזה, וואָס די פעניציער האָבן מיט טויזנטער יאָר צוריק אנטדעקט די המצאה, ווי מען מאכט גלאָז, און דורכדעם איז ארויסגע־קומען כוסות אי קעלישקעס, — אָט פון די דאָזיקע אלע קליינע סיבות זענען ביי אונדז אין א סך שטעט ארויסגעשפרונגען יענע ווילדע קהלס־לייט, יענע משונה־באַרימטע פיינע בריות...

מעגלעך איז, אין בנימינען איז געלעגן א ניצוץ פון א נוסע, נאָר דער ניצוץ וואָלט פארלאָשן געוואָרן, ווען די סיבות און די מעשיות פון יענער צייט וואָלטן אים נישט אויפגע־בלאָזן, און ווען אפילו דער ניצוץ וואָלט נישט פארלאָשן גע־וואָרן אינגאנצן, וואָלט ער, ווען נישט די דאָזיקע סיבות אין יענער צייט, געהאט אזא קלייגעם כח, אז פון בנימינען וואָלט מיט דער צייט אויסגעוואקסן א וואסערפירער אָדער, ווען פיל, א באלעגאָלע.

איך האָב אין מ'ין לעבן באגעגנט זייער פיל באלעגאָלעס און שמייסערס, וואָס זיי זענען מסוגל געווען צו זיין אזעלכע נוסעים גלייך כ'לעבן, ווי יענע, וואָס וואנדערן היינט ארום צווישן יידן... נישט דאָס אָבער בין איך אויסן.

פון יענער צייט אָן פלעגט בנימין מיט גרויס חשק זיך פארטיפן אין רבה בר בר חנאס נסיעות אויפן ים און אין דער מדבר. ער האָט אויך דערטאַפּט שפּעטער דעם ספר „אלדד הדני", דעם ספר „מסעות בנימין", וואָס ער האָט מיט א זיבן הונדערט יאָר צוריק גערייזט ביז עק וועלט, דעם ספר „שבחי ירושלים" מיט הוספות און דעם ספר „צל עולם", וואָס אין זיבן קליינע בלעטלעך איז ער כולל אלע שבע חכמות און דער־ציילט חידושים ונפלאות און דער גאנצער וועלט און פון אירע משונה־ווילדע באשעפעניש. די דאָזיקע ספרים האָבן אים געעפנט די אויגן און אים איבערגעקערט פשוט גאָר פאר אן אנדער מענטשן.

„פון די וואונדער־שיינע מעשיות דאָרט, — דריקט זיך אזוי בנימין אוים אין זיין ספר, — פלעג איך שטארק נתפעל ווערן. איי, איי! פלעג איך נישט איין מאָל פאר גרויס התפעלות א געשריי טאָן: ווי העלפט מיר גאָט כאָטש א הונדערטל דער־פון צו זען מיט מיינע אויגן! דער קאָפּ מיינער האָט געטראָגן ווייט, ווייט..."

פון דענסטמאָל אָן איז אים טונעיאַדעווקע שוין טאַקע געוואָרן צו ענג, ער האָט ביי זיך גומר געווען ארויסצוכאַפּן זיך פון דאָרט מיט אַלע כחות, גלייך ווי א הינדעלע. וואָס הויבט זיך אָן אויסצופּיקן און ארויסצוקריכן פונעם איי אויף דער ליכטיקער וועלט.

## דאָס צווייטע קאַפּיטל

# ווי בנימין ווערט א קדוש און זעלדע אן עגונה

בטבע איז אונדזער בנימין דער נוסע געווען א ווילדער בעל פּחדן, היינו ביי דער נאכט פלעגט ער מורא האָבן צו גיין אויף דער גאַס, שלאָפן איינער אליין אין א שטוב וואָלט ער נישט געוואָלט, מען זאָל אים אָפּגילטן. ארויסצוגיין אביסל ווייט פון דער שטאָט האָט ביי אים געהייסן פּשוט זיך איינשטעלן דאָס לעבן, מאַלע וואָס קען, חלילה, געשען. פאר א ליאַדע הינטל האָט ער געציטערט אימת־מות.

„איין מאָל, אזוי דערציילט בנימין, איין מאָל, איך געדענק עס ווי היינט, דאָס איז געווען תמוז אין א שרעקלעך הייסן טאָג, איז אונדזער רב מיט איינעם פון זיינע לייט געגאַנגען זיך אָפּטובלען אין דעם טייכל, וואָס אונטער דער שטאָט. איך מיט א פּאָר יינגלעך, מיינע חברים, זענען מיט גרויס דרך־ארץ נאָכגעגאַנגען פון הינטן און געווען ביי זיך זייער זיכער, אז מיר וועלן נישט האָבן קיין שום שלעכטע באַגעגעניש און, אם־ירצה־השם, קומען צוריק בשלום אהיים, געדופּעט אויף דעם רב. עפּעס א קאַטאָוועס א רב, וואָס פאר אים האָט דרך־ארץ א וועלט! וואָס קיין עלטערס פאר אים איז שוין גאָר נישטאָ! וואָס דער טיטל זיינער פארנעמט א בלעטל פּאַפּיר... דער רב, אונדזער באַשיצער, איז מיט ברייטקייט געגאַנגען היפּש פריער פאר אונדז און אז ער האָט געהאַלטן אין אויסטאָן זיך, איז אין מיטן דרינען אָנגעקומען עפּעס א שייגעץ און אָנגערייצט זיין הונט. אונדזער באַשיצער איז נישט טויט־לעבעדיק אנטלאָפן, צוגעהאַלטן, מחילה, די אָפּגעשפּיליעטע תחתונים מיט איין האַנט און מיט דער אנדערער דאָס קיילעכדיקע געשטעפּטע פעלענע היטל. מיר יינגלעך זענען אוודאי מבולבל געוואָרן, דען אז דער לויתן ווערט אויף דער ווענטקע געכאַפּט, וואָס־זשע, נעבעך, זאָלן שוין טאָן די פלאָטקעס אין דער בלאָטע? מיר האָבן אָנגעגורט אונדזערע לענדן און געשווינד ווי די הירשן געלאָפן פאַראויס מיט א גוואַלד, מיט א ביטער געשריי, ביז

מיר זענען אַזוי הענדום־פּענדום אָן אַ נשמה אינאיינעם מיט אונדזער גבור אַריינגעלאָפן אין דער שטאָט. ס'איז געוואָרן אַ מהומה, אַ צונויפלויפעניש, אַ ליאַרעם: עס ברענט! מען הרגעט, מען שלאָגט! איינער פונעם אַנדערן האָט נישט געוואוסט.״

אַז בנימין האָט פאַרגענומען די נסיעה אין די ווייטע מקומות, איז ביי אים געבליבן קודם־כל זיך צו שטאַרקן און אוועקצוואַרפן דעם פּחד. ער האָט זיך געצוואונגען, דווקא אַרויסגיין אָפט אונטער דער שטאָט, כאָטש דאָס האָט אים געקאָסט געזונט און איז פאַר שרעק, נעבעך פונעם פּנים אַראָפּ. די נייע הנהגה זיינע אין דער היים און אין בית־המדרש, זיין פאַרטראַכט־בלייך פּנימל און זיין פאַרפאַלן־ווערן אָפט אויף עטלעכע שעה פון דער שטאָט, איז איטלעכן געוואָרן עפּעס אַ פּליאה: מען האָט אים גענומען אין מויל אַריין און פון אים געשמאַק גערעדט. אַ טייל האָבן געזאָגט: נישט אַנדערש, ער איז משוגע, חסר דעה. איינמאָל, אַזוי האָבן זיי געדרונגען, איז בנימין טאַקע געווען אַביסל שוטהוואַטע, עס האָט אים געפעלט אין קאָפּ אַ קלעפּקע; צווייטנס, איז שוין טאַקע אין טונעיאַדעווקע לערך עטלעכע יאָר נישט געווען קיין משוגענער, און מיר האָבן דאָך אַ קימא־לן, ווי זאָגט מען עפּעס, עיר ועיר וחכמיה עיר ועיר ומשוגעיה, איטלעכע שטאָט מיט איר חכם אי מיט איר משוגענעם. בפרט נאָך היינט אין אַזעלכע גרויסע היצן. פאַר וואָס זשע זאָל נישט זיין קיין סברה, אַז ער זאָל טאַקע זיין משוגע גאָר פּשוט. ווידער אַ טייל, און בראש פון זיי רב אייזיק דוד רב אהרן יאָסלס שרה זלאַטעס, האָבן געמאַכט: עט, עט!... טאַקע נאָך אַמאָל עט! אמת טאַקע בנימין איז שוטהוואַטע, טאַקע שטאַרק שוטהוואַטע, נאָר דערפון איז נאָך כלל נישט געדרונגען, אַז ער מוז ווערן אי משוגע, וואָרים זאָלט עס אַנדערש זיין אַזוי, איז דאָך די קשיא, פאַר וואָס גראָד אַצינד און נישט פריער? אדרבה ואדרבה, פאַר צוויי יאָרן אי פאַראַיאָרן זומער זענען די היצן געווען אַ גוזמא גרעסער. איי וואָס, די קימא־לן? דער תירוץ: זאָל זשע דוכטן — אונדזער טייך. דער טייך אונדזערער, האָבן מיר דאָך אַ קיימא־לן, נעמט זיבער צו פון אייביק אָן אַ מענטשן אַלע יאָר, און פונדעסטוועגן האָט ער שוין אַ פּאָר יאָר קיינעם נישט צוגענומען! פאַרקערט, ער אַליין איז אין די פּאָר יאָר אָפּגעפאַלן, אַז ערטערווייז קען מען ממש אים איבערגיין טרוקן־פוס... איי בנימין? מילא בע... דער גרעסטער טייל אָבער, און צווישן זיי די ווייבער, האָבן געזאָגט: ער מוז האָבן צו טאָן מיט זיי... ער פּאָרעט זיך אוודאי מיט אים... מיט דעם בעל־דבר... וואָס דען זשע בראָדזשעט ער אַליין ביינאַכט אין דער פינצטער? וואָס דען זשע ווערט ער אַמאָל פאַרפאַלן אויף עטלעכע שעה? וואָס דען זשע שלאָפט ער איינער

אליין אין ספּיזשאַרנע ? זעלדע זיין איינן ווייב דערציילט אויך, אַז זי האָרכט ביי דער נאַכט, ווי מען קלאַפּט ביי אים אין ספּיזשאַרנע, זי האָרכט אַ קלאַפּעריי, ווי מען גייט דאָרט מיט פּים...

דער דאָזיקער שמועס מכה דעם ענין האָט, ווי געוויינטלעך, זיך אוועקגעקייקלט אַהין אונטערן אויוון, פון דאָרט אויף דער אסיפה אויף דער אויבערשטער באַנק. מען איז איבער בנימינען דאָרט צווישן זיך נאָך נישט פאַרטיק געוואָרן. נאָר דערווייל איז געבליבן מוסכם ביי אַלע, מען זאָל צונויפשטעלן אַ קאָמפּאַניע פון אַ פּאָר שיינע יידן מיט דעם סופר, וואָס זיי אינאיינעם זאָלן אַרומגיין אין אַלע הייזער כסדר נאָכן צעטל און אומעטום בודק זיין, רעווידירן די מזוזות. און ווייל די אסיפה האָט אויף דעם ענין געקוקט ווי אויף אַ קהלשער זאַך, אַ טובה פאַר דער שטאָט, לכן איז געבליבן, אַז בכדי אויצושטיין די הוצאות, וואָס אַזאַ קאָמפּאַניע באַדאַרף קאָסטן, זאָל מען אַרויפציען דעם מקח פון פלייש... אין טונעיאַדעווקע איז דאָ אַ ווערטל: פון וואָס מען זאָל נישט שמועסן, מוז אַרויסקומען אויפן טויט, און פון וואָס מען זאָל נישט רעדן אויף אַן אסיפה, מוז מען אויסלאָזן מיט דער טאַקסע פון פלייש. און באמת איז עס טאַקסע על פּי דרך הטבע, אַנדערש קען עס טאַקסע נאָר נישט זיין. דער שכל איז אויך אַזוי מתחייב, וואָרים סוף כל אדם למות וסוף יהודי לטאַקסע, דאָס טייטש: דער סוף פון אַ מענטשן איז צו שטאַרבן און דער סוף פון אַ יידן — צו צאָלן טאַקסע! דער טויט און די טאַקסע — דאָס זענען בטבע אַזעלכע צוויי זאַכן, וואָס מען קאָן פון זיי בשום אופן נישט פטור ווערן. אַזוי האָט דער אויבערשטער באַשאַפן די וועלט, און ווי ער האָט זי באַשאַפן, אַזוי איז גוט, אַזוי געהער עס זיכער צו זיין. קשיות פרעגן נאָר אפּיקורסים...

שפּעטער אַביסל האָט מיט בנימינען זיך פאַרלאָפן אַ מעשה, וואָס ער האָט מיט איר קונה שם געווען. אַרויסגייענדיק איינמאָל פון דער שטאָט, תמוז אין אַ הייסן טאָג צוועלף אַזייגער אין דער פרי, סאַמע ווען די זון האָט געבראָטן, איז ער פאַרגאַנגען טיפלעך אין אַ וואַלד, אַקעגן אַ דריי תחום־שבתן פון דער שטאָט. מיט זיך אין דער קעשענע האָט ער געהאַט זיינע ספרים, וואָס אָן זיי פלעגט ער נישט גיין קיין טריט. ער איז געזעסן אין וואַלד אונטערגעלענט אונטער אַ בוים און האָט געשמאַק געטראַכט. צו טראַכטן האָט ער געהאַט זייער פיל. באַלד איז אים דער קאָפּ פאַרפלויגן ווייט אַהין אין יענע לענדער אין עק וועלט. ער איז געגאַנגען איבער בערג, איבער טאָלן, איבער מדבריות און אַלע ערטער, וואָס שטייען אין זיינע ספרים. ער האָט געוואַנדערוועט פוסטריט נאָך אַלעקסאַנ־

דער מוקדון, נאָך אלדד הדני וכדומה, ער האָט געזען דעם שרעקלעכן פיפערנאָטער, דעם לינדענוואָרעם, שלאַנגען, עקדישן און אלע מיני שלעק און משלחתן. ער האָט זיך צוגעשלאָגן צו די רויטע יידלעך און גערעדט מיט די בני משה. דערנאָך איז ער בשלום צוריקגעקומען צו זיך און האָט געטראַכט, ווי אזוי און ווען זשע זאָל ער שוין טאקע מאכן די נסיעה.

אין מחשבותן איז דערווייל צוגעפאלן די נאכט. ער איז אויפגעשטאַנען, אויסגעגלייכט די ביינער און זיך געלאָזט גיין אהיים. ער גייט און גייט, נאָך אלץ נישט פונעם וואלד ארויס. ער גייט א שעה, צוויי, דריי, פיר שעה, ס'איז קיין סוף, קיין עק. ער האָט נאָך טיפער אין וואלד זיך פארשלאָגן און דאָ איז פינצטער, כאָטש אן אויג ארויסצונעמען. פלוצים איז נאָך געוואָרן א שטורעמווינט מיט א שלאַקסרעגן, עס האָט געבליצט, געדונערט און די ביימער האָבן געראַוישט א שרעק! בנימין איז געבליבן שטיין, דער רעגן האָט אים געוואַשן, א צאָן אָן א צאָן האָט אים געקלאַפּט פאר קעלט, פאר נעץ און פאר גרוים פחד. עס האָט אים זיך גערדאכט, אָט פאלט אויף אים אָן א בער, אָט פארצוקט אים א לייב, א לעמפּערט, אָט גייט דער מאַטו"ל, וואָס כפי עס שטייט אין „צל עולם", איז ער א גרויסער, א לאַנגער מין באַשעפעניש מיט צוויי לאַנגע הענט, מיט וועלכע ער ווארפט אנידער א העלפאנט. אנגסטן האָבן אים באַשלאָגן, נעבעך, און דאָ איז ער נאָך טויט-הונגעריק, חוץ א רעטשן קיכל איז דעם גאַנצן טאָג אין זיין מויל נישט געקומען. ער האָט פאר אלע צרות זיך גענומען דאַווענען מעריב און גע־דאַוונט מיט התלהבות פונעם גאַנצן האַרץ.

גאָט האָט געהאָלפן, ס'איז טאָג געוואָרן. אונדזער בנימין נעמט זיך ווייטער צום גיין אויף גאָטס באַראָט. ער גייט, ער גייט, ביז ער שלאָגט זיך צום סוף ארויס אויף עפּעס א שמאָלן וועג. מיט דעם וועג איז ער געגאַנגען אקעגן א שעה צוויי און פלוצים דערהערט ער פון דער ווייטנס א קול פון א מענטשן. אָנשטאָט ער זאָל מיט דעם קול זיך דערפרייען, איז ער, שוּנאַי־ציון, פארצאַפּלט געוואָרן. אים האָט זיך נישט אַנדערש גע־דאַכט, אז דאָס איז אוודאי א גזלן. מחמת שרעק האָט ער זיך געלאָזט לויפן צוריק אָן אָטעם, באַלד אָבער האָט ער זיך באַ־טראַכט: פּע, בנימין! דו ווילסט וואַנדערעווען אזוי ווייט איבער ימים און מדבריות, וואָס דאָרט שווימלט און גריבלט פון עק־דישן, פון חיות רעות און ווילדע אומות, און דאָ האָסט דו מורא פארן געדאַנק, טאָמער באַגעגנסט דו א גזלן. אי, פּע, מעגסט, כ'לעבן, זיך שעמען, בנימין! איז דען אלעקסאַנדער מוקדון אויך אנטלאָפן אזוי ווי דו? האָט דען אלעקסאַנדער־מוקדון אויך אזוי ווי דו זיך מייאש געווען, בשעת ער איז

געפלויגן רייטנדיק אויף זיין אָדלער און ס'איז אויסגעגאנגען דאָס פלייש פונעם שפּיץ שפּיז, וואָס דער אָדלער פלעגט עס פּיקן און פליען דורכדעם אליין העכער ? ניין, אלעקסאנדער מוקדון איז נישט אנטלאָפן, אלעקסאנדער מוקדון האָט ביי זיך אליין אויסגעשניטן א שטיק פלייש און ארויפגעשטאָכן אויפן שפּיז ! אדרבה, שטארק זיך, בנימין, דאָס וויל גאָט דערמיט דיך נאָר אויספּרואוון. האלטסט דו אוים די פּראָבע, אז וואויל און גוט איז דיר דענסטמאָל ! דענסטמאָל, בנימין, ביסט דו א מענטש און ועסט טאקע ווערט זיין צו האָבן די זכיה פון השם יתברך צו דערגרייכן דיין וואונטש וועגן די בני משה און מיט זיי איבערשמועסן מכח דעם כלל ישראל אין אונדזער ווינקל ; דערציילן זיי גאנץ בפרטיות די הנהגות פון אונדזערע יידעלעך דאָ, וואָס זיי טוען און וואָס זיי מאכן. וועסט דו איצט אויסשטיין נאָך אי די דאָזיקע פּראָבע און גיין צוריק אקעגן דעם קול, דענסטמאָל ביסט דו מנצח אלע פּחדים אין שרעקענישן. וועסט ווערן א כלי־שלמה, א ברכה, א בענטשונג צווישן די קינדער ישראל און אָנטאָן כבוד גאנץ טונעיאדעווקע. טונעיאדעווקע און מוקדון — דאָס וועלן זיין צוויי ערטער גלייך באקאנט אין דער גאנצער וועלט דורך אלעקסאנדער טונעיאדעווקער און בנימין מוקדון !...

אונדזער בנימין האָט זיך אומגעקערט טאקע צוריק און איז געגאנגען באהארצט ווי א גבור מיט גרוים בטחון, ביז ער האָט פאר זיך דערזען דעם גזלן. דאָס איז געווען א פויער, וואָס איז געפאָרן אויף א פּאָר אָקסן מיט אָנגעלאָדענע זעק אין וואָגן.

— דאָברע־דיען ! — האָט בנימין צוגייענדיק א זאָג געטאָן ראפּטאָם אויף א משונה קול, וואָס ער האָט אין זיך געהאט אלע טעמים : אי געשריי, אי געבעט, אי ווי איינער זאָגט : נא, נא טו מיט מיר וואָס דו ווילסט ! אי עפּעס ווי א בקשה : גוואלד, האָב רחמנות אויף מיר, אויף מיין ווייב און קינדער, נעבעך !

אָפּזאָגנדיק, אָדער אָפּשרייענדיק אי אָפּוויינענדיק דאָס „דאָברי־דיען", איז בנימין געבליבן אָן לשון, ווי דערוואָרגן. דער קאָפּ האָט אים זיך פארדרייט, אין די אויגן איז אים געוואָרן פינצטער, די פיס האָבן אים אויפגעהערט צו דינען און ער איז טויט אנידערגעפאלן אויפן אָרט.

אז ער האָט אויפגעעפנט די אויגן און איז צו זיך געקומען, האָט ער זיך געפונען ליגנדיק אין וואָגן אויף א גרויסן זאק קארטאָפלעס, איבערגעדעקט מיט א גראָבער סוויטע. צוקאָפּנס איז אים געלעגן א געבונדענער האָן, וואָס האָט אויף

אים געקוקט אין דער זייט מיט איין אויגל און אים געגראבלט מיט די נעגל. צופוסן איז געשטאנען אָנגעשטעלט קערבעלעך מיט יונגן קנאָבל אי ציבעלעס און שאָר ירקות. אייער, אפּנים, איז דאָרט אויך געלעגן, וואָרים פּאָלאָווע זענען געפלוינן און אים פארשאָטן די אויגן. דער פויער איז געזעסן, געטרייבערט גאנץ רואיק די ליולקעלע און איטלעכע רגע אויף די אָקסן אונטערגעשריגן: סאָפּ, הייטא, סאָפּ! די אָקסן קוים וואָס זיי האָבן זיך גערירט, און די רעדלעך פונעם וואָגן האָבן משונה געסקריפּעט איטלעכס אויף אן אנדער קול. אינאיינעם איז אויסגעקומען עפּעס א סקריפּענדיקער קאָנצערט, וואָס האָט גע־גרילצט אין די אויערן. דעם האָן, אפּנים, ווי עס האָט אויס־געזען, איז אזא סקריפּעריי אויך נישט געווען לרצון, וואָרים איטלעכס מאָל בשעת די רעדלעך פלעגן אינגאנצן זיך אומ־דרייען און אויסלאָזן אויף א סווישטש מיט א שלשלת, פלעגט ער בנימינען א שטארקן גראבל טאָן מיט די נעגל און א קריי געבן קוקוריקו מיט כעס, מיט אימפּעט, אז עטלעכע רגע דערנאָך פלעגט ביי אים כאָרכלען פארדומפּן אינעווייניק אין האלדז. בנימין האָט אין זיך נישט געפילט קיין גאנץ אבר און איז געלעגן א היפּשע צייט שטארק פארדולט: א שפּאס וואָס ער איז אויסגעשטאנען, שרעק, הונגער, נעץ און קעלט! עס האָט אים זיך געדאכט, אז א טערק האָט אים געפאנגען אין דער מדבר און פירט אים פארקויפן ערגעץ פאר א קנעכט. ניכיי, -האָט ער געטראכט, ניכיי זאָל ער מיך כאָטש פארקויפן צו א יידן, וואָלט איך נאָך געקענט פּאָרט עפּעס אויפגעריכט ווערן, און באם אָבער, ער וועט מיך פארקויפן צו א פּריגיץ אָדער, חלילה, גאָר צו א פּרינצעסין פון די אומות העולם, בין איך דאָך פארלוירן אויף אייביק. דערצו נאָך האָט ער זיך גראָד דערמאָנט די מעשה פון יוסף הצדיק מיט זליכהן און האָט מחמת יסורים א שטארקן קרעכץ געטאָן.

דער פויער האָט זיך אומגעקוקט, אז ער האָט דערהערט בנימינס קרעכץ, זיך צוגערוקט נעענטער און אים א פרעג געטאָן:

— נו זשידקאָ, א שטשאָ, טראָשקע ליפּשע?

דער קאָפּ איז בנימינען באמת געוואָרן אביסל פרייער און ער האָט זיך דערמאָנט אינגאנצן, וואָס מיט אים איז פאָרגע־גאנגען. ער האָט אָבער זיך געפילט זייער אין א שלעכטער לאגע: גויאיש קען ער כמעט נישט קיין וואָרט, היינט וואָס־זשע טוט מען דאָ? ווי ענטפערט מען דעם ערל און ווי טענהט מען מיט אים זיך דאָ אויס, צו וויסן אקוראט, וואוהין ער פירט מיך?

בנימין האָט געפּרואווט זיך אויפזעצן, נאָר אומזיסט. די פּיס האָבן אים שטארק געבראָכן.

— טראָשקע טעבע ליפּשע? — האָט אים דער פּויער ווײַטער א מאָל געפרעגט און טאקע בנשימה אחת א מאך געטאָן:

— סאָפּ, הייטא, סאָפּ!

— ליפּשע. רק ריבי מאָי איי, איי, איי! — האָט בנימין געענטפערט ווי ער האָט, נעבעך געקענט און אים געוויזן אויף די פּיס.

— איזווידקי טי זשידקאָ?

— איזווידקי טי זשיטקע?! — האָט בנימין געמאכט מיט א ניגון, ווי א מהפּך־פּשטא. — יא ניאָמקא, בניאָמקא אוב טונעיאדעווקו!

— טי איז טונעיאדעווקי? קאזשי־זשע, שטשאָ טי וויטאַראשטשיל נא מעני אָטשי אי גליאניש יאק שילאָני? אליע מאָזשע טי טאקי אי שילאָני. טראסצא טוואָי מאטערי. סאָפּ, הייטא, סאָפּ!

— יאָ, סטייטש, יא טעבי לכתחילה קאזאטע, יא ניאָמקע סאם אוב טונעיאדעווקו! — האָט בנימין געענטפערט, געמאכט דערבײַ א רחמנות־פּנים, א ווײַז געטאָן מיט דער האנט און געבעטן רחמים: גוואלד, אוב טונעיאדעווקי זשינקע טעבי דאם טשארקע שליש אי שאבאשקאָווע בולקע, אי דאָברע דאַנקויעט טעבי.

דער פּויער, אפּנים, האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס בנימין מיינט.

— דאָברי, זשידקאָ! — האָט ער געזאָגט, זיך געזעצט אויף זײַן אָרט מיט דעם פּנים צו די אָקסן און געמאכט: סאָפּ, הייטא! —

אקעגן א פּאָר שעה ארום איז דער וואָגן ארויפגעפאָרן גלײַך אויפן מארק אין טונעיאדעווקע. ווײַבער און מאנסבילהאָבן זיך א שאָט געגעבן אקעגן מיט פארשיידענע שאלות. דער שרײַט:

— טשויעש, סקילקע כאָטשעם זא פּיווען? זא ציבולי?

יענער פרעגט:

— מאָזשע מאיעש קארטאָפּלי, יאיצי?

בתוך הבאים קומט איינער מיט א שאלה:

— טשויעש, מאָזשע טי באטשיל נא דאָראָגי זשידקאָ? או נאם יעדין זשידקאָ, בניאָמקא, ווטשאָרא פּראפּאל יאק איב וואָדי.

און איידער דער פּויער האָט אוספּייעט איטלעכן צו ענטפערן, זענען די אלע ווײַבער ווי די היישעריקן איבערגעפאלן

דעם וואָגן, האָבן אויפגעדעקט די סוויטקע און אין איין קול ארויסגעלאָזט א געשריי:

— בנימין!... ער איז דאָ! ציפּע־קרוינע! בת־שבע־ברײַנדל, לויפט גיכער צו זעלדן מיט דער גוטער בשורה, אז איר שאָדן האָט זיך אָפּגעזוכט! זי וועט שוין נישט זיין קיין וויסטע עגונה.

ס'איז געוואָרן א רעש, א צונויפלויפעניש, גאַנץ טונעיאַ־דעווקע האָט זיך געוויגט, קינד און קייט זענען געלאָפן אָנקוקן בנימינען. מען האָט אים פאַרוואָרפן מיט רייד, מיט שאלות, מיט ווערטלעך, מען האָט דערציילט, אז דעם גאַנצן נעכטיקן טאָג מיט דער נאכט האָט מען אים געזוכט, געאַקערט, מען האָט אים שוין געהאַלטן פאַר א קדוש און זיין ווייב פאַר א וויסטע עגונה.

פּלוצים אין מיטן געטומל איז דאָס ווייב זיינס צוגעלאָפן מיט א געוויין, זי האָט געבראָכן די הענט אָנקוקנדיק איר באַ־שערטן, ווי ער ליגט בלייך און טויט און קען קיין ריר זיך נישט טאָן. זי האָט, נעבעך, אליין נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, צי זאָל זי אים שילטן, אויסלאָזן צו אים איר שווער ביטער געמיט, צי זאָל זי ארויסווייזן איר פרייד. איר שמחה, וואָס גאָט האָט זי, וויסטע עגונה, אויפגעריכט.

אין עטלעכע מינוט ארום האָט מען בנימינען, אזוי טאַקע ווי ער איז געלעגן אויפן זאַק קאַרטאָפלעס, געפירט צו זיך אהיים איבער דעם מאַרק מיט א גרויסן פּאַראַד. דער גאַנצער טונעיאַדעווקער עולם פון קליין ביז גרויס האָט אים אָפּגעגעבן כבוד, קיינער האָט זיך נישט געלאָזט בעטן, און אים באַגלייט מיט א רעש, מיט א געשריי: קדוש! קדוש!!

דער נאָמען קדוש איז בנימינען פון דעמסטמאָל אָן טאַקע אויף תמיד געבליבן. ער האָט געהייסן בנימין דער קדוש און זיין ווייב — זעלדע די עגונה.

דער טונעיאַדעווקער מומחה איז נאָך דעם טאָג טאַקע צו בנימינען געקומען און האָט אים געגעבן ראַטונעק מיט אַלע תחבולות, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען. ער האָט אים גע־שטעלט באַנקעס אי פּיאַווקעס, אויך אינגאַנצן אים אָפּגעגאָלט און געזאָגט פאַרן אוועקגאַנג, אז נאָך די אַלע מיטל וועט ער אם־ירצה־השם, געזונט ווערן און וועט נאָך מאָרגן קענען, אויב ער וועט כח האָבן, גיין אין בית־מדרש אריין גומל בענטשן.

## דאָס דריטע קאַפּיטל

# ווי בנימין סקאָמפאנייעט זיך מיט סענדערל דער יידענע

די דאָזיקע מעשה, וואָס מיט בנימינען האָט זיך געטראָפן, וואָס האָט אָנגעמאכט אזוי פיל יסורים זיין ווייב, אזוי פיל לייטישע רייד אי אין דער שטאָט, אי דאָרט אונטערן אויוון, אי אויף דער אויבערשטער באנק, האָט אין פלוג, דאכט זיך, באדארפט אויף אייביק פון אים ארויסשלאָגן דעם געדאנק פון זיין נסיעה אין די ווייטע מקומות, נאָר אָבער א טעות, פאַרקערט, עס האָט נאָך אין אים דעם דאָזיקן געדאנק ערשט בעסער אריינגעשלאָגן. ער האָט פון דענסטמאָל אָן אויף זיך געקוקט מיט דרך־ארץ ווי אויף א מענטשן, א געניטן, וואָס איז נענוג אין זיין לעבן אויסגעשטאנען, ער איז ביי זיך געוועזן מאָל טייערער פאר זיין באהארצטקייט, פאר זיין שטארקייט, מיט וועלכער ער איז אויסגעשטאנען אזוי פיל שווערע פראָבעס און גובר געווען איינגאנצן די טבע זיינע. ער האָט אָנגעהויבן זיך צו האלטן פאר א גבור, פאר א חקרן, וואָס האָט א ידיעה אין אלע שבע חכמות, וועלכע עס געפינען זיך נאָר אין דעם „צל עולם", וואָס האָט זיך אָנגעליינט ווי א פויק אין אזעלכע מיני ספרים און ווייסט וואָס אויף דער גאנצער וועלט טוט זיך. ער האָט אָנגעהויבן אליין אויף זיך א מבין צו ווערן און זיך אליין צו באדויערן, וואָס ער, אזא מענטש ווי ער, געפינט זיך, נעבעך, כשושנה בין החוחים, ווי א רויז צווישן דערנער, וואו? אין טונעיאדעווקע, אין אזא העק, צווישן פּראָסטע מענטשן, וואָס פארשטייען נישט און ווייסן נישט פון זייער לעבן צו זאָגן? די לייטישע רייד און די ווערטלעך, וואָס זענען איבער אים געפאלן, זיי האָבן אדרבה אים ערשט געטריבן אין וועג אריין. עס האָט אים זיך געגלוסט ווי צום גיכסטן אוועק פון טונעיאדעווקע. ווי דערלעב איך שוין, פלעגט ער אלץ טראכטן, זיך אוועקצולאָזן אהין, ווייט, און קומען בשלום צוריק מיט ישועות און נחמות אויף יידן, מיט כבוד און מיט א גוטן נאָמען אין דער וועלט, און דענסטמאָל וועט גאנץ טונעיאדעווקע ווייסן, פון קליין ביז גרויס, וואָס איך בנימין בין, וואָס איך בנימין באטייט...

בנימינען האָט לעת-עתה אָפּגעהאלטן פון דער נסיעה נאָר די דאָזיקע קליינע מניעות: ערשטנס, וואו נעמט מען אויף הוצאות? ביי אים אליין האָט קיינמאָל זיך נישט געפונען קיין

גראָשן אין קעשענע. ער פלעגט תמיד זיצן ליידיק אין בית־המדרש און זיין פלוניתטע איז געווען די אשת חיל, די פרנסה־געבערין פון א נאס אפטייקל, וואָס זי האָט זיך געמאַכט באַלד נאָכן קעסט אראָפּגייענדיק, און, משטיינס־געזאָגט, וואָס דאָס גאַנצע קליטל האָט אָנגעטראָפן. ווען זי זאָל דערביי נישט געווען אָרבעטן זאָקן, נישט פליקן ווינטער ביז שפּעט אין דער נאַכט פעדערן, נישט פרעגלען אויף־צו־פאַרקויפן פּסחדיק שמאַלץ, נישט איינהאַנדלען אַמאָל אין א מאַרק־טאָג ביי אירע באַקאַנטע פּויערים קיין מציאות, וואָלט נישט געווען מיט וואָס די נשמה צו דערהאַלטן. פאַרקויפן עפּעס פון שטוב־זאַכן? נאָר וואָס אָבער האָט דאָרט זיך געפונען? א פּאָר מעשענע לייכטער, וואָס זענען זעלדען געבליבן ירושה פון אירע עלטערן, אין וועלכע זי בענטשט ליכט, שייערט עס תמיד און זיך דער־מיט שטאַרק מהנה. קיין צירונג האָט זי נישט חוץ א זילבערן רייפעלע מיט א פערל פון איר מאַמעס שטערנטיכל, וואָס דאָס ליגט ביי איר פאַרשלאָסן און טוט עס אָן נאָר אַמאָל בשעת א גרויסע שמחה אָדער בשעת א מזל־טוב אָפּגעבן. פאַרקויפן זשע עפּעס פון זיינע חפצים? נאָר איינגאַנצן האָט ער געהאַט א שבתדיקע אַטלעסענע קאַפּאָטע נאָך פון דער חתונה אָן, צע־האַקט, צעפאַלן פאָרנט אי הינטן און דער געלער אונטערשלאַק האָט אַרויסגעקוקט. אמת, ער האָט געהאַט אי א טולעפּל, נאָר, משטיינס־געזאָגט, א טולעפּל, ס׳האָט נאָר אַזוי געהייסן! דער קאָלנער מיט גאָרנישט באַליגט. בשעת זיין חתונה האָט דער טאַטע זיינער, אים צו לאַנגע יאָר, געהייסן נישט זשאַלעווען, אדרבה, מאַכן א לאַנגן קאָלנער פון דער פולער האַנט און אָפּ־שטעפּן אים לעת־עתה פון אויבן מיט א שטיק אונטערשלאַק, וואָס איז געבליבן יתור פון זיין קאַפּאָטע, און האָט דערביי זיך מתחייב געווען ביים סילוקן דעם מותר פונעם נדן, אונ־טערשלאָגן דעם טולעפּל מיט פוטער און באַליגן דעם קאָלנער מיט פיי. דעם נדן האָט ער נישט געסילוקט, און דער טולעפּל מיט דעם קאָלנער זענען געבליבן אַזוי ווי ס׳איז געווען ביז דעם היינטיקן טאָג...

א חוץ דעם האָט בנימין נישט געוואוסט, ווי מען רייסט זיך אַרויס פון דער היים.

איבערשמועסן מכח דער נסיעה מיט זיין פלוניתטע און אַרויסזאָגן איר די גאַנצע זאַך בפירוש? חלילה וחס! עס וואָלט געוואָרן א ליאַרעם, א געפילדער, זי וואָלט אים אָפּגע־ווײַנט מיט טרערן און אים געהאַלטן זיכער פאַר ריין משוגע, וואָרים ווי האָט א יידענע שכל אַזעלכע ענינים משיג צו זיין? א יידענע, אַז זי איז שוין אפילו גאָר די אשת חייל, איז זי דאָך פאָרט נישט מער ווי א יידענע. וואָס דער מינדסטער

מאַנסביל האָט אין נאָגל, האָט עס נישט, און קען עס גאָר נישט האָבן, די פיינסטע און די קליגסטע יידענע אַפילו אין איר קאָפּ...

אוועקגיין זשע בשתיקה און דעם זיי־געזונט פאַרגעסן? אין עפּעס אויך פּריקרע, דאָס איז אַביסל מעשה ליטוואַק, ווידער זשע בלייבן זיצן אין דער היים און אָפּזאָגן זיך פון דער גאַנצער נסיעה? דאָס איז ריין אוממעגלעך. עס הייסט אַזוי פיל ווי אַ מעשה אָנטאָן זיך.

די נסיעה איז בנימינען געוואָרן די צווייטע נאַטור, ווי אַ ייִד מוז דריי מאָל אין טאָג דאַווענען, אַזוי האָט ער געמוזט איטלעכע רגע אין דער נסיעה טראַכטן. אַפילו אין שלאָף איז זי אים פון זינען נישט אַרויס, און האָט אים זיך שטענדיק געחלומט. זי האָט טיף זיך איינגעוואָרצלט אים אין האַרץ און זיך באַשעפטיקט געמאַכט מיט זיינע אויגן און אויערן אַזוי, אַז ער האָט אויפגעהערט צו זען אי צו הערן דאָס אַלצדינג, וואָס פאַר אים, ער האָט נאָר געזען אי געהערט דאָס וואָס טוט זיך דאָרט, דאָרט העט ווייט אין יענע מקומות. נישט איין מאָל פלעגט ער אין אַ שמועס מיט עמעצן פלוצים אַריינמישן: הינדיאָ, סמבטיון, אַנטיקוד״אָ, פיפּערנאָטער, לינדענוואָרעם, אייזל, מוילאייזל, באָקסער, בצפיחת, טערק, טאָטער, גזלן וכדומה נאָך אַזעלכע ווערטער.

די נסיעה האָט געמוזט געמאַכט ווערן, נאָר וואָס טוט מען מיט די מניעות? דאָ האָט ער זיך קיין עצה נישט געקענט געבן. ער האָט געפילט, אַז ער באַדאַרף האָבן איינעם, מיט וועמען ער זאָל קענען מכח דעם זיך מיישב זיין.

איש אחד היה בטונעיאַדעווקע, איין מענטש איז געווען אין טונעיאַדעווקע, ושמו סענדערל, און ער האָט געהייסן סענדערל, נאָך זיין עלטער־זיידן רב סענדערל. זה הסענדערל, דער סענדערל, היה איש פשוט, איז געווען אַ פשוט מענטשל, דאָס הייסט, אַ פּראָסטער אָן חכמות. אין בית־המדרש האָט ער געהאַט אַ שטאָט אונטער דער בימה און דאָס אַליין איז שוין דער בעסטער סימן, אַז ער איז ניט געווען פון די טונעיאַדעווקער פיינע בריות, פונעם דאָרטיקן צימעס און דער גילדענער פאָן. די שמועסן אין בית־המדרש אָדער ערגעץ אַנדערש פלעגט ער דאָס רוב צוהערן שטיל, ווי אַ זייטיקער פאַרשוין. נאָר פלעגט ער אַמאָל זיך אָנרופן אַ וואָרט, האָט עס אָנגעמאַכט אַ גרויס געלעכטער, נישט מחמת דרינען איז געלעגן עפּעס אַ ווילדע חכמה אָדער אַ גרויסע המצאה, ניין, נאָר גלאַט זיינס אַ וואָרט האָט עפּעס געמאַכט לאַכנדיק, כאָטש ער האָט עס, נעבעך, געזאָגט גאַנץ פשוט בתמימות און האָט כלל גאָר נישט געמיינט יענעם דערמיט לאַכנדיק צו מאַכן. אדרבה, אַז מען

פלעגט לאכן, פלעגט ער אויסשטעלן א פּאָר אויגן און אָנקוקן, פאר וואָס מען לאכט. פאראיבל האָבן דערפאר פלעגט ער קיינמאָל נישט, וואָרים ער איז בטבע געווען א גוטער, א שטילמענטשל, ווי עס גיט זיך אמאָל אוים א שטילע קו; ער האָט גאָר נישט געוואוסט, אז מען באדאַרף פאראיבל האָבן. יענער לאכט, נו מילא, לאָז ער זיך לאכן, מסתמא האָט ער דאָך הנאה.

דאָך מוז מען מודה זיין, אז אין סענדערלס א וואָרט איז אמאָל געלעגן טאקע אן אמת גלייכער איינפאל, כאָטש ער אליין האָט עס גאָר אזוי ווייט נישט געמיינט און דאָס געזאָגט גלאט בתמימות. מיט אים פלעגט מען ליב האָבן קאטאָוועס צו טרייבן. דער גרעסטער טייל בערלעך אין תשעה־באב זענען אין זיינע פאות איינגעפלאָנטעט געווען. דער בעסטער חלק קישעלעך, וועלכע מען ווארפט הושענא רבה ביי דער נאכט ביים אויפזיין, איז אים אָנגעקומען. אקעגן זשע דער קלענסטער חלק רעטשן קיכל און בראָנפן פון תיקון אָדער גלאט אזוי בראָנפן — איז ווידער טאקע אים אָנגעקומען.

הכלל, סענדערל איז תמיד און אומעטום געווען דאָס כפרה־הינדל. סענדערל איז בטבע נישט געווען, ווי אנדערע, קיין עקשן; האָט איינער געזאָגט אזוי, איז פון זיינעטוועגן רעכט געווען אזוי. סענדערל האָט געטאָן יענעמס רצון, נישט מחמת מבטל־צו־זיין זיין רצון, כדי יענער זאָל דערפאר מבטל־זיין זיין רצון פאר זיין רצון, נאָר גלאט, פּראָסטע איז מאָסטע, ער האָט געטאָן יענעמס רצון.

— וואָס ארט עס מיך? איז זיין שטייגער געווען צו זאָגן.

— וואָס פאר א דאגה איך האָב? דו ווילסט דווקא אזוי, נו זאָל זיין אזוי.

צווישן יינגלעך איז סענדערל געווען א יינגל. ער פלעגט עפּטערם גיין, שמועסן, זיך שפּילן מיט זיי אינאיינעם און האָבן דערפון תענוג. צווישן זיי איז סענדערל באמת געווען ווי א שטילע בהמה, וואָס לאָזט צו זיך צו קינדער, זיי זאָלן אויף איר רייטן און איר קראצן די מאָרדע. קונדסים פלעגן אים קריכן אויפן קאָפּ און צופּן אים ביים בערדל. אנדערע פלעגט עס אמאָל ארן און פלעגן אָנשרייען:

— תרבות, שקצים, פאר אן עלטערן, פאר א יידן מיט א באָרד! וואָס צופּט איר אים דאָס בערדל?!

— נישקשה, נישקשה, — פלעגט סענדערל זיך אָנרופן, — וואָס ארט עס מיך? וואָס פאר א דאגה איך האָב? זאָלן זיי מיך אביסל קראצן.

ביי זיך אין דער היים האָט סענדערל, נעבעך, קיין האָניק נישט געלעקט. זיין ווייב איז געגאנגען אין ספּאָדיק און ער

האָט ביי איר געהאַט א וויסטן, ביטערן חלק. זי פלעגט אים האַלטן אין דער מורא, אמאָל דערלאַנגען א זעץ, און ער, נעבעך, האָט עס געמוזט מקבל באהבה זיין. אונטער א יום־טוב פלעגט זי אים אנידערשטעלן אויסוויסן די שטוב און אונטערבינדן אים דאָס בערדל מיט א טיכל. ער פלעגט איר שיילן קאַרטאָפלעס, קאַטשען און בראָקן לאָקשן, אָנפילן פיש, אָנטראָגן אַ אַריינלייגן אין אויוון האָלץ און אונטערהייצן, אַקוראַט ווי א יידענע. דעריבער האָט מען אים טאַקע גערופן „סענדערל די יידענע".

אַט־דעם „סענדערל די יידענע" האָט אונדזער בנימין אויסגעקליבן אים צעעפענען דאָס האַרץ און מיט אים זיך שואל בעצה זיין, וואָס ער זאָל טאָן. דער טעם דערפון: פאַרוואָס גראָד סענדערל? איז דער, ווייל בנימין האָט תמיד געפילט צו אים עפעס א שטיקל ליבשאַפט. סענדערל איז אין פיל זאַכן אים זייער געפעלן, ער האָט אין א סך ענינים זיך מיט אים אויסגעגלייכט און פלעגט אמאָל אין א שמועס מיט אים זיך פשוט מחיה זיין. מעגלעך אפשר נאָך אי צוליב דעם אויך, וואָס בנימין האָט גערעכנט דערויף, וואָס סענדערל איז קיין עקשן נישט. ער, סענדערל, וועט זיין פלאַן אָננעמען און אים נאָכגעבן אלצדינג, וואָס ער וועט אים זאָגן. און אויב סענדערל וועט אפשר אין עטלעכע פונקטן זיך איינשפּאַרן, וועט ער אים מיט גאַנץ הילף און מיט זיין חלקת הלשון גובר זיין...

ויהי כבוא בנימין לסענדערל, און אז בנימין איז געקומען צו סענדערלען, האָט ער אים געטראָפן כשהוא יושב על ספסל החלב וקולף קאַרטאָפלעס, ווי ער זיצט אויף דער מילכדיקער באַנק און שיילט קאַרטאָפלעס, איין באַק האָט אים שטאַרק געפלאַמט און אונטערן אויג איז אים געווען בלוי מיט א גראַבעל, עפעס ווי מען דערלאַנגט א קרעל מיט א נאָגל. ער איז געזעסן ווי א נעבעכדיקער, באַטריבט און פאַראומערט ווי א יונגט, וואָס דער מאַן איירער האָט זי אוועקגעוואָרפן און איז אוועקגענאַנגען למדינת הים, אָדער ווי א אשה, וואָס דער מאַן האָט איר דערלאַנגט א פּאַטש...

סענדערלס ווייב איז נישט געווען אין דער היים.

— גוט־מאָרגן, סענדערל! וואָס ביסטו, סערדצע, אזוי באַטריבט! — האָט בנימין געזאָגט אַריינקומענדיק און געוויזן סענדערלען מיט א פינגער אויף דער באַק. הא, ווייטער זי? וואו איז זי, די בחורטע?

— אין מאַרק.

— גאַנץ גוט! — האָט בנימין כמעט א געשריי געטאָן פאַר גרוים שמחה. לייג אוועק, נשמה מיינע, דיינע קאַרטאָפלעס און קום מיט מיר אין אַלקיר אריין. דאָרט איז קיינער

נישטאָ? קיין שומר מיט דיר באַדאַרף איך איצט נישט האָבן, איך וויל דיר אַנטפּלעקן מיין הארץ. איך קאָן מיך שוין נישט איינהאַלטן, עס קאָכן אין מיר די געבליטן, אַך גיכער, סערדצע, גיכער, זי קאָן נאָך אָנקומען און אונדז שטערן איידער מיר וועלן פאַרטיק ווערן.

— וואָס אַרט מיך? דו ווילסט טאַקע גיך, זאָל זיין גיך, וואָס פאַר א דאגה איך האָב? — האָט סענדערל זיך אָנגערופן און איז אַריין אין אלקיר.

— סענדערל! — האָט בנימין אָנגעהויבן מיט אַזא שמועס, — זאָג מיר, דו ווייסט, וואָס אויף יענער זייט טונעיאַדעווקע איז?

— איך ווייס. דאָרט איז די פּריטשעפּע, וואו מען באַקומט אַמאָל א גוט ביסל בראָנפן.

— דו ביסט א נאַר, איך מיין ווייטער, א סך ווייטער.

נאָך ווייטער פון דער פּריטשעפּע? ! — האָט סענדערל פאַרוואונדערט זיך אָנגערופן, — ניין, ווייטער דערפון ווייס איך נישט, און דו, בנימין, ווייסט?

— אויב איך ווייס? א שאלה אביסל, אויב איך ווייס? דאָרט איז ערשט דאָ א וועלט? — האָט בנימין א זאָג געטאָן מיט התלהבות, גלייך קאָלאָמבוס בשעת ער האָט אַנטדעקט אַמעריקע.

— וואָס־זשע איז אַזוינס דאָרטן?

— דאָרטן, דאָרטן, — האָט בנימין זיך צעפלאַקערט, — פֿיפֿערנאָטער! לינדענוואָרעם!...

— דער לינדענוואָרעם, מיט וועלכן שלמה המלך האָט געשניטן די שטיינער צום בית־המקדש? — האָט סענדערל אַריינגערוקט זיין וואָרט בתמימות.

— יאָ, נשמה מיינע, יאָ, דאָרט אין ארץ־ישראל, דאָרט אין יענע מקומות... הא, דו וואָלסט געוואָלט זיין דאָרט?

— און דו ווילסט?

— א שאלה אביסל! איך וויל, סענדערל, איך וויל און וועל טאַקע דאָרט באַלד זיין.

— איך בין דיך מקנא, בנימין. דו וועסט עס דאָרט זיך אָנעסן אביסל מיט באָקסערן און מיט טייטלען. האָ־האָ!

— דו, סענדערל, קענסט עס אויך עסן ווי איך. דו האָסט אין ארץ־ישראל אַזא חלק ווי איך.

— חלק האָב איך טאַקע. נאָר ווי קומט מען אָבער אַהין? דאָרט איז דאָך דער תוגר.

— דערצו, סענדערל, איז דאָ א תרופה. זאָג מיר, סערדצע, דו ווייסט עפּעס פון די רויטע יידלעך?

— איך האָב זיך אָנגעהערט גענוג מעשיות איבער זיי און־

טערן אויוון, נאָר וויסן אקוראט וואו זיי זיצן און ווי מען קומט צו זיי, דאָס ווייס איך נישט. איך זאָל וויסן, מסתמא, וואָלט איך דיר מודיע געווען. פארוואָס נישט? וואָס אַרט עס מיך?

— העיהע! זעסטו, און איך ווייס, — האָט בנימין געזאָגט מיט גדלות און ארויסדערטאפט פון קעשענע דעם „שבחי ירושלים״. זעסטו אָט וואָס דאָ שטייט. איך וועל דיר עס לייענען.

„אז איך בין געקומען קיין ברוט״י, אזוי שטייט געשריבן, האָב איך געפונען פיר יידן פון בבל. האָב איך גערעדט מיט איינעם פון זיי, וואָס האָט פארשטאנען לשון קודש און האָט געהייסן ר׳ משה, האָט ער מיר דערציילט גאנץ אמתע זאכן פונעם טייך סמבטיון, אז ער האָט געהאָרכט פון ישמעאלים, וואָס האָבן אים געזען, און אז דאָרט זענען דאָ די בני משה.״—

אויך זאָגט ער ווייטער: „אז דער נגיד האָט מיר דערציילט, אז א יאָר דרייסיק אין דעם איז ביי אים איינגעשטאַנען איינער, וואָס ער איז געווען פון שבט שמעון, און ער האָט געזאָגט, אז אין זיין מקום זענען דאָ פיר שבטים, איינער פון זיי איז דער שבט יששכר, וואָס איז זיך עוסק אין תורה, און פון דעם שבט איז דאָ א מלך איבער זיי.״—

חוץ דעם שטייט נאָך בפירוש אי אין דעם דאָזיקן ספר „מסעות בנימין״ אָט די ווערטער: „פון דאָרט איז א מהלך פון צוואנציק טעג צו די בערג ניסבון, וואָס אויף דעם טייך גוזן. אין די בערג גיסבון זענען דאָ פיר שבטים: דער שבט דן, דער שבט זבולון, דער שבט אשר און דער שבט נפתלי. זיי האָבן מדינות און כרכים אין די בערג. פון איין זייט נעמט זיי ארום דער טייך גוזן, זיי האָבן ניט אויף זיך קיין יאָך פון די אומות, נאָר איין מלך איז דאָ איבער זיי און ער הייסט ר׳ יוסף אמרכלאָ הלוי. און זיי האָבן א ברית, א בונד מיט דעם כופר אל־תורך״. חוץ דעם שטייט נאָך און נאָך זאכן וועגן די בני רכב אין דעם לאנד תימא, וואָס זיי האָבן איבער זיך א יידישן מלך און פאסטן און בעטן גאָט תמיד אויפן גלות ישראל. נו, וואָס דענקסטו דו, סענדערע, אז זיי וואָלטן, א שטייגער, פלוצים דערזען מיך, מיך זייער ברודער בנימין פון טונעיאדעווקע קומט צו זיי צו גאסט? הא, וואָס דענקסטו דו, סענדערל? אדרבה זאָג, איך בעט דיך, וואָס זאָגסטו דערצו?

— זיי וועלן פשוט זיך מחיה זיין, זאָג איך דיר, בנימין, א קאטאָוועס אזא גאסט, אזא טייערער גאסט! איטלעכער וועט דיך פארבעטן צו זיך אויף א מאָלצייט. דער מלך אמרכלאָ מסתמא אויך. לאָז זיי דאָרט כאָטש פון מיר גאָר פריינטלעך

גריסן. איך זאָל קענען, וואָלט איך, כ'לעבן, אויך מיט דיר אהין געגאַנגען.

— הא! — האָט בנימין א מאך געטאָן פארפלאמט פון א נייעם געדאנק, וואָס איז אים איינגעפאלן. — הא! טאָמער באמת טאקע, סענדערל־סערדצע, וואָלסט דו מיט מיר אינאיינעם געמאכט די נסיעה? נארעלע, אצינד, כ'לעבן, האָסט דו זייער א גוטע געלעגנהייט. איך גיי א בלויז אהין, וועל איך דיך מיטנעמען. נארעלע איינער, אין צווייען איז היימלעכער. טאָמער ווען איך דאָרט, א קשיא אויף א מעשה, ווערן מלך, ווען איך דיך מאכן, כ'לעבן פאד א משנה למלך. נא דיר מיין האנט תקיעת־כף! וואָס ווערסט דו, נארעלע, דאָ זיצן און ליידן גלות, נעבעך, פון דיין פלוניתטע, די רשעטע. קוק אָן, וואָס פאר א באק, נעבעך, דו האָסט. דו האָסט דאָך ביי איר א וויסטן, פינצטע׳רן מזל. כ'לעבן, סענדערל, קום, ווערסט, נישקשה, קיין חרטה נישט האָבן.

— טא, — האָט געזאָגט סענדערל, — אויב דו ווילסט דווקא אזוי, זאָל זיין אזוי. איי זי? וואָס פאר א דאגה איך האָב? א נאר וואָלט איך באדארפט זיין איר זאָגן, וואוהין איך לאָז מיך אוועק.

— נשמה מיינע, לאָמיך דיר א קוש טאָן — האָט בנימין ארויסגעלאָזט מיט גרוים שמחה און פאר ליבשאפט ארומגענומען סענדערל די יידענע. — דו האָסט מיר, נשמה מיינע, מיט איין וואָרט פארענטפערט א קשיא, א קלאָץ־קשיא! איך זאָג איצט אויך אזוי ווי דו: איי זי? מיינע, מיין איך. וואָס פאר א דאגה איך האָב? ס'איז אָבער דאָ נאָך א קשיא: וואו נעמט מען אויף הוצאות?

— אויף הוצאות? דו ווילסט דען זיך אויסקליידן, בנימין, אָדער איבערניצעווען דיין קאפאָטע. הערסט־דו, און איך וואָלט געזאָגט, מען באדארף, כ'לעבן, נישט. אין וועג איז אדרבה גלייכער אלטע קליידער. דאָרט וועלן מיר מסתמא באקומען נייע שיינע קאפאָטעס.

— יאָ, טאקע אמת, דאָרט האָב איך שוין קיין דאגה נישט. מען באדארף דאָך אָבער לעת־עתה ביז דאָרט האָבן עפּעס געלט פראָסט אויף צו עסן?

— וואָס הייסט, בנימין, אויף צו עסן? דו האָסט דען בדעה מיטפירן מיט זיך א קיך? צו וואָס? נישטאָ דען אויפן וועג קיין קרעטשמעס, קיין הייזער?

— איך פארשטיי דיך, סענדערל, נישט, וואָס דו מיינסט, האָט בנימין פארוואונדערט זיך אָפּגערופן.

— איך מיין, האָט סענדערל געענטפערט בתמימות, — אבי ס'איז דאָ נאָר הייזער, קאָן מען אין איין וועג טאקע גיין אי־

בער די הײזער. װאָס טוען דען אַלע אַנדערע ייִדן? הײַנט גײען אַ טײל צו יענע אין די הײזער, דערנאָך גײען יענע פֿון זײער זײַט צו אַנדערע אין די הײזער. ס'איז דאָך אַ ייִדישע זאַך, נאָר אַ גמילות חסד...

— דו ביסט, כ'לעבן, געטראָפֿן! — האָט בנימין אַ זאָג געטאָן בשמחה, — אַצינד איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אויב אַזוי, בין איך, ברוך השם, אינגאַנצן פֿאַרטיק און פֿאַרזאָרגט מיט אַלצדינג. נאָך מאָרגן טאַקע, גאַנץ פֿרי, אַז דער עולם וועט נאָך שלאָפֿן, קענען מיר אַוועקגײן. פֿאַרלירן צײַט איז כ'לעבן, אַן עבירה. דו ביסט מוסכם?

— דו ווילסט מאָרגן, זאָל זײַן מאָרגן, וואָס פֿאַר אַ דאגה איך האָב?

— מאָרגן גאַנץ פֿרי, הערסטו, סענדערל, וועל איך שטילערהייט אַרויסגיין פֿון דער היים. נעבן דער פּוסטער ווינטמיל דאָרט וועל איך אויף דיר וואַרטן. געדענק־זשע, סענדערל, מאָרגן גאַנץ פֿרי זאָלסט דו אַהין אַרויסקומען. געדענק־זשע, — האָט בנימין נאָכאַמאָל איבערגעחזרט און שוין געוואָלט אַוועקגיין.

— וואַרט נאָר, בנימין, וואַרט אַביסל! — האָט סענדערל געזאָגט, זיך געבאָברעט איבער דעם בוזעם־קעשענע פֿונעם לײַבל און אַרויסדערטאַפּט פֿון דאָרט עפּעס אַן אַלט פֿאַרשוויצט שטיקל יערכע, אַרומגעוויקלט מיט בענדלעך, עטלעכע מאָל הין און צוריק און פֿאַרקניפּט אוודאי מיט אַ צוואַנציק קניפּלעך.

— זעסט־דו, בנימין, אָט־דאָס קניפּל האָב איך אויסגעפֿײַעט אָנזאַמלען אונטער מײַן ווײַב פֿאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס איך האָב פֿאַר איר חתונה געהאַט. עס וועט אונדז אין דער התחלה צוניץ קומען, האַ?

— אַצינד, סענדערל, ביסטו דו ווערט, מען זאָל דיר אויסקושן איטלעכס אבר, איטלעכס גליד באַזונדער, — האָט בנימין געזאָגט הויך, לעבעדיק אַרומגעכאַפּט סענדערל די ייִדענע.

— אָ, פֿאַרכאַפּט זאָלסט דו ווערן! קוקט נאָר אָן, איך בעט אײַך, דאָס גרויסע ליבשאַפֿט, ווי מען נעמט זיך אַזוי אַרום, און דאָ אין שטוב שטייט אַ ציג און עסט די קאַרטאָפֿלעס! ווערים זאָלן עסן דײַן לײַב, — האָט זיך פּלוצים געהערט אַ געשריי.

דאָס געשריי איז געווען פֿון סענדערלס פּלוניתטע. זי איז געשטאַנען אָנגעצונדן אין אַ פֿײַער, מיט איין האַנט געוויזן אויף דער ציג און מיט דער אַנדערער גערופֿן צו זיך סענדערלען. סענדערל האָט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ זיך געלאָזט פּאַמעלעך־פּאַמעלעך אַרײַנגיין אין שטוב, גלײַך ווי אַ פֿאַרזינדיקט קינד, וואָס מען וויל אים מקיים פּסק זײַן.

— שטאַרק זיך, נשמה מיינע, דאָס איז איר שוין דאָס לעצטע מאָל, גערענק־זשע מאָרגן... האָט בנימין שטילערהייט איינגערוימט סענדערלען אין אויער און ווי א קעצעלע זיך אַרויסגערוקט פון שטוב.

## דאָס פערטע קאַפּיטל

# ווי בנימין מיט סענדערלען פאַרלאָזן טונעיאַדעווקע

אויף מאָרגן גאַנץ פרי, איידער דער פּאַסטוך האָט נאָך פאַרנומען די בהמות אין דער טשערעדע אַריין, איז אונדזער בנימין שוין געשטאַנען גרייט נעבן דער ווינטמיל מיט א פּעקל אונטערן אָרעם. אינעווייניק אין דעם פּעקל זיינען געלעגן אַלע זאַכן, וואָס זענען נייטיק געווען צו דער נסיעה, היינו: טלית און תפילין, א סידור דרך החיים, א „חוקל", א תהלים און יענע אַלע ספרים, אָן וועלכע ער האָט זיך נישט געקענט רירן, אַזוי ווי א בעל־מלאכה אָן זיין געצייג. די שבתדיקע קאַפּאָטע זיינע איז אויך דאָרט געלעגן, — מען מוז דאָך פאַר דער וועלט א פּנים האָבן און יוצא זיין פאַר לייט. אין קעשענע האָט ער געהאַט א פּופּצנטהאַלבן גראָשן, וואָס ער האָט פאַרן אַוועקגאַנג אַרויסבאַקומען ביי זיין פּלוניתטע אונטער דעם קישן.

הכלל, ער איז געווען, ברוך השם, פאַרזאָרגט מיט אַלצדינג און האָט שוין געקענט זיך לאָזן אין וועג אַריין.

די זון איז דערווייל אויפגעגאַנגען זייער שיין און האָט אַראָפּגעקוקט מיט איר ליכטיקן פּנים אויף דער וועלט. איין קוק אירער האָט צוגעגעבן א שטיק נעזונט, מחיה געווען איטלעכע זאַך באַזונדער. ביימער און גראָז האָבן עפּעס ווי זיך געשמייכלט איידער די גרויסע טרערן טוי פון ביינאַכט זענען זיי נאָך נישט אויסגעטריקנט, אַקוראַט ווי קליינע קינדער צעלאַכן זיך פּלוצים פריילעך אינמיטן געוויין פון א בלישטשענדיק צאַצקעלע, בשעת טרערן ווי די באָב שטייען זיי נאָך אין די אויגן. די פעלדפייגעלעך האָבן געשווינד זיך געטראָגן אין דער לופט, געשפּילט און געזונגען אַרום בנימינען, גלייך ווי זיי וואָלטן געזאָגט:

— קומט, לאָמיר זינגען אי שאַלן און דערפרייען דעם פיינעם פאַרשוין נעבן דער ווינטמיל, דאָס איז בנימין אליין,

דאָס איז בנימין דער טונעיאַדעווקער, דער אַלעקסאַנדער מוקדון פֿון זיין צייט, וואָס ער פֿאַרלאָזט זיין פֿאָטערלאַנד, וואַרפֿט אַוועק ווייב און קינדער און גייט אין שליחות, וואוהין די אויגן טראָגן! אָט שטייט דער גרויסער בנימין, וואָס ער איז ווי די זון אַרויס פֿון זיין געצעלט און פֿרייט זיך ווי אַ גבור צו לויפֿן אין וועג מיט זיין פּעקל אין דער האַנט! ער איז שטאַרק ווי אַ לעמפּערט און גרינג ווי אַן אָדלער צו טאָן דעם רצון פֿון אונדזער פֿאָטער אין הימל! זינגט, שפּילט: טרילילילי, טרריל, טריל! שאַלט, זינגט און דערפֿרייט זיין האַרץ!...

בנימינען איז טאַקע באמת פֿריילעך געווען אויפֿן האַרצן. ער האָט ביי זיך געטראַכט: „איך בין דאָך דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט, וואָס פֿעלט מיר אָן עין־הרע? וואָס גייט מיך אָפּ? מיין ווייב האָב איך, געלויבט איז השם יתברך, פֿאַרזאָרגט. זי האָט אַ שטיקל פּרנסה. איך אַליין בין אַ פֿרייער פֿויגל, גלייך ווי די פֿעלדפֿייגעלעך דאָ. די גאַנצע וועלט איז פֿאַר מיר אָפֿן. מיט מיין געניטשאַפֿט, מיט מיין באַהאַרצקייט און מיט מיין שטיקל ידיעה אין די שבע חכמות וועט אַזאַ ייד ווי איך נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן. היינט דערביי בין איך דאָך עפּעס אַ ייד, אַ שטיקל בעל בטחון. אַוועקגעלייגט שוין אַלע מעלות אין דער זייט, לעבן דאָך יידן אָפּ אַ וועלט מיט בטחון אַליין און גאָט פֿירט זיי אויס.

בנימינען איז עפּעס זייער גוט געווען אויפֿן האַרץ אַזוי, אַז די לעפֿצן זיינע האָבן זיך געעפֿנט און ער האָט בנעימותדיק אויפֿן ביי־קול אונטערגעזונגען אַ מאַרש פֿונעם מלך עליון. זיין מאַרש האָט זיך פֿאַרמישט מיט דעם געזאַנג פֿון די פֿייגעלעך, מיט דעם זוזשען פֿון די פֿליגן, מיט דעם שמוצערן פֿון די גרילן און האָבן אין אַ קאָנצערט זיך דערהויבן ביז צום כסא הכבוד פֿון זיין ליבן נאָמען הויך אויף דעם זיבעטן הימל!

דערווייל איז אַוועק אַ היפּשע צייט און סענדערל איז נאָך נישטאָ. דאָס האָט אָנגעהויבן בנימינען אַביסל צו אַרן און האָט צעשטערט זיין שמחה. ער האָט געקוקט אין אַלע זייטן, זיך אַרויסגענומען די אויגן קוקנדיק. נאָר אומזיסט די מי. מען הערט נישט, מען זעט נישט, נישטאָ סענדערל!

האָט אים אפשר דען די רשעטע זיינע מכבד געווען מיט עפּעס אַ מלאכה? נאָר דערצו איז נאָך אָבער איצט נישט די צייט, גאַנץ טונעיאַדעווקע שלאָפֿט נאָך אַצינד געשמאַק. קאַרטאָפֿלעס הייבט מען אָן צו שיילן העט שפּעטער, יידענעס נעמען זיך צום וואַרעמס ערשט נאָכן אָפּקריגן און אָפּשילטן זיך

מיט די מאנען, ערשט דערנאָך ווען מען שמייסט שוין אָפּ קינדער און מען הענגט ארוים טריקענען די בעביכעס...

אונדזער בנימין האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן און אים איז געוואָרן נישט פריילעך. שטארק נישט פריילעך. אומ־קערן זיך אהיים? פע, דאָס איז מיאוס! אלעקסאנדער מוקדון האָט צעבראָכן די בריק, איבער וועלכער ער איז אריבער קיין הינדיא, בכדי ער זאָל נישט קענען צוריקגיין. לאָזן־זשע זיך אליין אָן סענדערלען? ניין, דאָס איז פריקרע, זייער פריקרע! סענדערל איז אים געווען שטארק נייטיק, זינט ער האָט מיט אים זיך סקאָמפּעניייעט איז אים עפּעס ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אָן סענדערלען זיך אוועקצולאָזן וואָלט אויסגעקומען עפּעס משונה ווילד, עס וואָלט נאָר א פּנים געהאט ווי א שיף אָן א רודער, אָדער ווי א מלוכה אָן א מיניסטער.

פּלוצים האָט זיך געלאָזט זען פון דערווייטנס עפּעס ווי א מענטשנגעשטאלט. דאכט זיך סענדערל און פּאָרט נישט סענ־דערל, דאכט זיך גאָר איינע אין א ציצן קליידל און מיט א טיכל אויפן קאָפּ.

בנימינען האָט א טיאָכקע געגעבן דאָס הארץ און ער איז געוואָרן טויט, בלייך ווי די וואנט. אים האָט זיך געדאכט, אז דאָס גייט זיין ווייב. ניין, זי גייט נישט, זי לויפט, זי יאָגט, אָט קומט זי צולויפן, כאפּט זיך אויף אים ארויף מיט גרוים כעס, לאָזט צו אים אוים איר שווער ביטער האַרץ און שלעפּט אים אהיים מיט א יאָמער, א קלאָג.

„איין גאָט נאָר ווייסט" — אזוי דערציילט בנימין אליין — „ווי איך בין דענסמאָל געשטאנען אין איינע צרות, אין געהאקטע וואונדן. הונדערט פּיפּערנאָטערן וואָלט מיר דענסט־מאָל ליבער געווען צו באגעגענען ווי מיין ווייב; וואָרום א פּיפּערנאָטער בייסט נאָר דאָס לייב, דעם גוף, און א ווייב בשעת כעס גריזעט און בייסט די נשמה. השם יתברך אָבער האָט מיך געשטארקט, איך בין באלד טאקע באהארצט אנ־טלאָפן, זיך פארבאָרגן הינטער דער ווינטמיל און געלוגט דאָרט ווי א לייב לוגט אויף זיין פארצוקונג."

אין עטלעכע מינוט ארום איז בנימין ארויסגעשפּרונגען פון זיין פארבאָרגעניש מיט א שרעקלעכן שפּרונג און מיט א גע־שריי, ווי א ריינער משוגענער:

— הא, סענדערל!

סענדערל איז געגאנגען אָנגעטאָן אין א ציצן כאלאטל. אונ־טערגעבונדן ביידע באקן מיט א פארשמאָלצן טיכל, אונטער ביידע אויגן בלוי. צעגראבלט, א שטעקן אין דער האנט און אויף די פּלייצעם א היפּש פּעקל.

ער האָט אין בנימינס אויגן געהאט דענסטמאָל דעם זי־

בעטן חן, ווי א שיינע אויסגעפוצטע כלה אין די אויגן פו־
נעם חתן.

בנימין שילדערט זיין שמחה דענסטמאָל מיט די ווערטער:
„ווי א אינד, וואָס גלוסט אויף קוואלן וואסער, ווי א דאָרש־
טיקער אין דער מדבר, וואָס געפינט לעבעדיקע, קוועלנדיקע
וואסער, וואָס רינט אראָפּ שפּיץ סקאלע, אזוי האָט מיין גלוס־
טיק לייב זיך געטאָן דערפרייען אויף סענדערלען, מיין באַ־
שערטן, מיין געטרייען געזעלן."

— וואָס איז די מעשה, סענדערל? וואָס האָסט־דו געלאָזט
אויף זיך אזוי לאנג ווארטן?

— ס'טייטש, איך בין דאָך געגאנגען צו דיר אהיים, —
האָט סענדערל בתמימות געענטפערט. — ביז וואנען איך בין
דערגאנגען און ביז וואנען איך האָב אויפגעוועקט דיין זעלדען,
איז דערווייל אוועק א היפּשע צייט.

— אויפגעוועקט זעלדען! — האָט בנימין א געשריי גע־
געבן משונה ווילד נישט מיט זיין קול. — סענדערל, למאי,
משוגענער, האָסט דו אזוינס געטאָן?

— וואָס ס'טייטש למאי? ! — האָט סענדערל פארוואונ־
דערט זיך אָנגערופן. — למאי, אז איך האָב דיך פריער אָנגע־
קלאפּט אין דער ספּיזשארנע און דו האָסט זיך ניט אָנגערופן,
האָב איך מיך גענומען קלאפּן אין דער שטוב־טיר סטוק, סטוק,
סטוק. נו איז זעלדע, נישט טויט—נישט לעבעדיק, אויפגע־
שטאנען, און איך האָב זי געפרעגט מכוח דיר.

— סענדערל, מיר זענען פארביי! דו האָסט פארקאָכט א
גוטע קאשע. ס'טייטש, זעלדע וועט נאָכלויפן, זעלדע, און וועט...

— אי, שרעק זיך נישט, בנימין! זי האָט מיך אָפּגעשיקט
צו אלדי שווארצע יאָר מיט אזא כעס, גלייך ווי איך וואָלט
איר געקוילעט די קאפּאָטע. „גיי מיט מיינעם אינאיינעם, אין
דער ערד אריין ביידע!" האָט זי געזאָגט און צוגעמאכט די
טיר. איך בין א היפּשע צייט געבליבן שטיין אין דרויסן ווי
צעמישט. דערנאָך ערשט האָב איך מיך דערמאָנט אָן דער
ווינטמיל און זיך געשטויסן, דו מוזט שוין, אפנים, זיין דאָ,
און דעריבער טאקע האָט, אפנים, דיינע געזאָגט: „גיי מיט
מיינעם אינאיינעם, אין דער ערד אריין ביידע!" זי האָט,
אפנים, מוז געדרונגען זיין, געזען, ווי דו ביסט אוועק־
געגאנגען.

— וואָס, וואָס, סענדערל! זי האָט געזען? אפשר גייט זי,
גייט זי אפשר?

— חלילה, בנימין! זי האָט נאָר פארקייטלט די טיר. אז
איך האָב פארן אוועקגיין ווידער אָנגעקלאפּט און געפרעגט:
זעלדע, זעלדע, וואָס זאָגסט־דו עפּעס אָן צו דיין מאן, זעלדע?

אָדער האָסט דו אפשר, א קשיא אויף א מעשה, וואָס אים מיטצוגעבן, זעלדע? האָט זי נישט געענטפערט קיין גוט וואָרט. אפּנים, זי האָט זייער א הארטן שלאָף, און שלאָפט געשמאק אָן עין־הרע. נו האָב איך געזאָגט: זעלדע, דו שלאָפסט, שלאָפזשע, שלאָף געזונטערהייט! זיי מיר געזונט, זעלדע! האָב איך געזאָגט און בין מיר אוועקגעגאנגען.

סענדערל'ס לעצטע ווערטער האָבן אזוי ווי טראָפּנס אָפּגעמינטערט בנימינען. ער האָט אָנגעהויבן פריי צו אָטעמען און געסאפּעט גלייך ווי א שטיין איז אים פונעם הארץ אראָפּ. דאָס פּנים האָט אים געשיינט און זיינע אויגן האָבן געפלאַקערט פאר גרוים פרייד.

— אצינד, סענדערל! — האָט ער עפּעס ווילד א קוויטש געגעבן. — אצינד מיט דעם רעכטן פוס!

אין דער צייט האָט פון א לוזשע אין דער זייט זיך ארויסגעלאָזט א קול פון זשאבעס, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געזעגנט מיט אונדזערע פארשוינען און זיי צוגעקוואקעט א מארש. טונעיאדעווקער זשאבעס שרייען משונה שטארק אין זייערע פארשימלטע בלאָטעס, זיי זיינען בארימט אין דער וועלט גלייך מיט דניעפּראָוויצער וואנצן און טאראקאנעס...

## דאָס פינפטע קאפּיטל

# וואָס מיט אונדזערע פארשוינען פאסירט זיך באלד ביים ערשטן ארויספאָר

אונדזערע פארשוינען האָבן זיך א לאָז געטאָן ראפּטאָם און געגאנגען געשמאק, גיך, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגעריסן פון א קייט אָדער גלייך ווי איינער וואָלט זיי פון הינטן געטריבן מיט א בייטש. מיט זייערע ברייטע פּאָלעס, וואָס האָבן געשוועבט אויפן ווינט, האָבן זיי זיך געמעגט גלייכן צו א שיף, וואָס גייט געשווינד אויף אירע אויסגעשפּרייטע זעגלען. די קאָנדוקטערס פון געוויסע דיליזשאנסן אין אונדזער ווינקל וואָלטן זיך, כ'לעבן, געמעגט ווינטשן: הלוואי דער גאנג פון אונדזערע וואנדערער אויף זייערע פערד געזאָגט געוואָרן! סאָראָקעס און וואָראָנעס, וואָס האָבן ארומגעשפּאצירט אויף דער ערד, האָבן מיט דרך־ארץ אָפּגעטראָטן דעם וועג און זענען שרייענדיק צעפלויגן אין אלע זייטן מחמת גרוים פּחד פאר די צוויי־פיסיקע מיני באשעפעניש, וואָס האָבן זיך געיאָגט מיט גרוים חשק און התלהבות.

קיין פּען אין נישט ביכולת צו באַשרייבן, ווי גליקלעך, איבערגליקלעך זיי זענען דענסטמאָל געווען. עס האָט זיי עפּעס משונה הנאה געטאָן און זענען געווען שטאַרק צופרידן — צופרידן פון זיך אַליין, צופרידן פון דער גאַנצער וועלט.

סענדערל, ווי עס האָט אויסגעזען, איז זייער פריילעך געווען וואָס ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון זיין ווייבס הענט און איז פּטור געוואָרן אַזאַ שווערן, ביטערן גלות. דער נעכטיקער טאָג באַזונדערס איז פאַר אים, נעבעך, געווען זייער אַ שווערער, אַ ביטערער, אַ טאָג פון צרות און יסורים, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ סליעד פון סיניאַקעס אויף זיין לייב, וואָס האָט מיט שטורעם אויסגעוואָרצלט אַ סך האָר פון זיין בערדל און וואָס האָט גאַנץ פריי פאַר דער גאַנצער וועלט זיך געחתמעט מיט ברוין־בלויע צייכנס אונטער זיינע ביידע אויגן. נישט פאַר אייך, פאַנטאָפּלמענער, געזאָגט געוואָרן אַזאַ וויסטן פינצטערן פּעטשאַטעק, וועלכן סענדערל, נעבעך, האָט נעכטן פרי געכאַפּט פון זיין בחורטע!

אַ היפּשע צייט זענען אונדזערע פאַרשווינען געלאָפן כמעט אָן אַ נשמה, שאַ, שטיל, נישט צו רעדן איינער מיט דעם אַנדערן אַ וואָרט. זיי האָבן זיך שטאַרק דערוואַרעמט און גרויסע טראָפּן שוויים האָבן זיי אַרויסגעטראָטן אויפן פּנים. סענדערל האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז זיך אָפּצושטעלן און געסאָפּעט ווי אַ גאַנדז.

— גיכער, גיכער, סענדערל! — האָט בנימין אים אַלץ אונטערגעגעבן קוראַזש און איז געלאָפן מיט אימפּעט פאָראויס, ווי אַ גבור, וואָס גורט אָן זיינע לענדן און לויפט מיט פייל־און־בויגן אין דער מלחמה.

— גוואַלד, בנימין, האָב רחמנות אויף מיין נשמה! — האָט סענדערל געבעטן רחמים. איך האָב מער קיין כוח נישט דיר נאָכצולויפן. דו לויפסט, אָן עין־הרע, ווי אַ הירש אויף די בערג און ווי אַ צאַפּ פאַר דער טשערעדע.

— גיכער, גיכער, סענדערל! — האָט בנימין אים אַלץ געשריגן און געלאָפן פאָרויס מיט גדלות אויף זיין בריהשקייט. — זעסט דו, סענדערל, איך וואָלט אַזוי געלאָפן, געלאָפן ביז עק וועלט.

— נאָר צו וואָס, בנימין, איך בעט דיך, לויפסט דו אַזוי? — האָט סענדערל געפרעגט. — מיר וועלן, כ'לעבן, גאָרנישט פאַרזאַמען. אַז מיר וועלן אָנקומען אַהין שפּעטער מיט אַ טאָג אָדער אפילו מיט עטלעכע טעג איז אויך, כ'לעבן, קיין סכנה נישט. די וועלט וועט נאָך אַזוי גיך נישט אונטערגיין. זי האָט נאָך צו שטיין, כפי איך האָב געהאָרכט, ביז דעם אלף השביעי, שטאַרקע עטלעכע הונדערט יאָר.

— גיבער, סענדערל, גיכער, און עברה די צייט! וואָס גי־כער ארויסרייסן זיך פון דאנען, איז אלץ בעסער. האָרעווע, סענדערל, קנעל אביסל צו, נישקשה. דערפאר קומענדיק אהין וועסט דו אויסגלייכן דיר די ביינער, וועסט אָטעמען און לעבן ווי א שררה.

— דו ביסט, בנימין, זייער גערעכט. דו ווילסט גיכער? וואָס פאר א דאגה איך האָב, זאָל זיין גיכער, ביי מיר האָסט דו געפּועלט, נאָר וואָס טוט מען מיט די פּיס, מיט מיינע פּיס?

אין ברירה, בנימין האָט געמוזט צוליב טאָן סענדערלען און איינהאלטן אביסל דעם גאנג.

אז די זון איז ארויס פון איר פוטערפאס און האָט גע־שמאק געוואָרעמט, געבראָטן מיט אירע ליכטיקע שטראלן, זע־נען אונדזערע וואנדערער אנידערגעפאלן לעבן א וועלדעלע ביי דער זייט פונעם וועג. זיי זענען געלעגן אין איין שוויים און האָבן שטארק געסאָפּעט, געמאכט מיט די זייטן. די פרישע סי־ניאקעס האָבן ביי סענדערלען זיך צעפּריעט און ער האָט גע־פילט א ווייטיק, ווי מען שטעכט מיט שפּילקעס.

נאָכדעם, אז זיי האָבן אביסל אָפּגערוט, איז די ערשטע זאך זייערע געווען ארויסצונעמען טלית און תפילין און דאווי־נען. בנימין האָט זיך צעשאָקלט, געדאווענט לעבעדיק, מיט א ברען. ער איז ווערט געווען דערנאָך אביסל בראָנפן, נאָר ווי האָט ער עס אָבער געקענט דאָ אויספירן? ער וואָלט גערן גע־וועזן, ער זאָל האָבן כאָטש א שטיקל ברויט. דאָס הארץ האָט אים געחלשט, דער אפעטיט זיינער איז געווען זייער גרויס נאָך אזא געשמאקן גאנג. ער וואָלט געקענט אויפעסן א וועלט און דאָ האָט ביי אים, מעשה שטן, זיך נישט געפונען אפילו א ברעקל ברויט ווי א כזית. ער האָט געוואָרפן מיט די אויגן אהין און אהער, אויסגעקנאקט די פינגער, געגענעצט, זיך גע־קראצט, פאָסמאקעוועט, געמאכט אלץ טא, טא, געגלעט, געצויגן די פאות, דאָס בערדל, נאָך אמאָל א קראַץ און נאָך אמאָל טא, ביז ער האָט זיך מיישב געווען און ארויסדערטאפּט פונעם קלו־מעקל עפּעס א פערטלדיקן ספר ווי א מחזורל, אין וועלכן ער האָט ארייגעקוקט און אונטערגעברומט מיט אן אקדמות־ניגונדל.

— סענדערל! — האָט בנימין אין דער מיט מפסיק גע־וועזן. דו ווייסט, וואָס איך זאָג דאָ איצט אזוינס? דו ווייסט, פאר וואָס איך זאָג עס איצט מיט דעם ניגונדל?

— דו מוזט אוודאי הונגעריק זיין,—האָט סענדערל געענט־פערט בתמימות.

— גראַם־שטראַם, — האָט בנימין זיך אָנגערופן, — און אז איך בין הונגעריק, מילא?!

— מילא, מילא, דעריבער זינגסט דו, — האָט סענדערל געענטפערט. — ס'איז דאָך דאָ א בפירוש ווערטל: קאָלי זשיד ספיוואיע, קאָלי ווין גאָלאָדני. דו, בנימין, מעגסט דיר זינגען, זינג דיר, זינג, און איך וועל מיר דערווייל עפּעס אַנדערש טאָן.

אינדעם ווי סענדערל האָט גערעדט, האָט ער טאקע אריינגעשטעקט די האנט זיינע צו זיך אין פּעקל און ארויסבאקומען פון דאָרט א טאָרבע.

— עט, דו ווייסט נישט, דו פארשטייסט נישט, אקעגן וואָס איך טו עס, — האָט בנימין געזאָגט. — סענדערל, נארעלע, איך וועל דיר מפורש זיין דעם טעם דערפון.

נאָר סענדערל אָבער האָט דערווייל זיך זיינס געטאָן און פאמעלעך־פאמעלעך אויפגעבונדן די טאָרבע. אז בנימין האָט א קוק געטאָן, איז אים ליכטיק געוואָרן אין אלע רמ"ח אברים. אין טאָרבע איז געלעגן פון כל טוב, ברויט, שטיקלעך קוילעטש, וואָס איז איבערגעבליבן פון שבת, אוגערקעס, רעטעכלעך, ציבעלעס און קנאָבל! סענדערל האָט אין זינען געהאט אלצדינג אנצוגרייטן ווי א גוטע באלעבאָסטע און ער איז ביי בנימינען דערפאר געהויכט, געקרוינט געוואָרן נאָך א סך מער ווי פריער. בנימין האָט אין הארץ זיך שטארק געפרייט וואָס השם־יתברך האָט אים באשערט אזא טייערן חבר אויף דער נסיעה. סענדערלען האָט מיר גאָט צוגעשיקט, אזוי האָט ער געטראכט, ווי די קינדער ישראל מן אין דער מדבר.

נאָכדעם, אז זיי האָבן אונטערגעלעגט זייער הארץ, האָט סענדערל איינגעוויקלט דאָס ביסל שפּייז, וואָס איז איבערגעבליבן, צוריק אין טאָרבעלע, מיט די ווערטער:

— דאָס ביסל שפּייז וועט אונדז צוניץ קומען נאָך אויף א מאָל און דאָס טאָרבעלע אויף טויזנט מאָל, אויף אונדזער גאנצן לעבן. דערמיט וועלן מיר, אם־ירצה־השם, איבער די הייזער ארומגיין. נישקשה, גאָט ברוך־הוא וועט אונדז העלפן!

דאָס וואונדערלעכע טישטעכל, אין די מעשה־ביכלעך, וואָס מען זאָגט: טישטעכל, טישטעכל, גיב מיר עסן! גיב מיר דאָס, גיב מיר יענץ! און דאָס טישטעכל גיט, — אָט דאָס דאָזיקע חידושים־וואונדערלעכע טישטעכל איז ביי אונדז יידן די טאָרבע. פיל נפשות, זייער פיל, שפּייזן זיך חידושלעך־גרינג זייער גאנץ לעבן נאָר פון דער טאָרבע און לאָזן זי איבער בירושה קינדס־קינדער. די טאָרבע איז אין תוך אריין אלץ איינע, נאָר ביי פארשיידענע קלאסן מענטשן באקומט זי אן אנדער מין פאָרמע און אן אנדער מין נאָמען. ביים פּראָסטן עולם איז זי פּשוט א טאָרבע, ביים געהויבענעם עולם אָבער נעמט זי אָן אלערליי

מיני געשטאַלטן, ווי אשטייגער: א קעסטעלע, א קאַראַבקעלע, א כלי־קודשל, א חברהלע, א פושקעלע, א קהלש בייטעלע, א גמילות־חסד־באַנקעלע, א מחברישער פלוידערזעקעלע וכדומה, די אַלע זענען באמת טאקע נאָר טאָרבעס, טאָרבעס, עכטע יידישע טאָרבעס!...

— סענדערל! — האָט בנימין זיך אָנגערופן, געשטאַרקט פון סענדערלס ווערטער. — מירביידע זענען א זיווג מן השמים, מיר ביידע זענען ווי א גוף מיט דער נשמה. ווען דו זאָרגסט אין גשמיות מכח עסן און טרינקען אויף אונדזער נסיעה, אקעגן זשע זאָרג איך אין רוחניות־זאַכן. נאָך א מאָל פרעג איך דיך, סענדערל, דו ווייסט, פאר וואָס איך זאָג אקדמות? איך האָב דערמיט א גרויסן כיוון. איך זאָרג מיך איצט, אז השם־יתברך וועט אונדז בשלום ברענגען אהין, צו די בני משה, זאָלן מיר קענען א מויל עפענען און מיט זיי זיך אויסטענהן. זיי רעדן עפעס האלב־תרגום, צום מייסטן רעדן זיי דאָרט אקדמות־לשון. אלדד הדני, וואָס איז פון יענעם ווינקל צו אונדז געקומען, ער האָט דאָך, לויט ווי מיין מיינונג, דאָס דעם אקדמות געמאכט. ושריות שותא, סענדערל! איז דער טייטש איך הויב אָן צו שפּרעכן. געדענק זשע, סענדערל! דאָ אין חוץ לארץ קען מען זיך באגיין מיט אונדזער לשון, מיט דייטש, אָבער דאָרט, דאָרט מוזן זיי קיין דייטש אוודאי נישט קענען.

— איך פאַרלאָז מיך אין די זאכן אינגאנצן אויף דיר, — האָט סענדערל געזאָגט בהכנעה, — דו ביסט א געלערנטער מענטש און קוקסט אריין אין דיינע ספרים, מסתמא ווייסט דו וואָס דו טוסט, וואוהין די גייסט. א סימן, איך האָב דיך אפילו נישט איבערגעפרעגט, צי גייען מיר מיט דעם גלייכן וועג. דו גייסט, וואָס פאר א דאגה האָב איך, גיי, איך גיי דיר נאָך ווי א קו נאָך א קעלבל.

בנימין האָט משונה הנאה געטאָן סענדערלס גרויסער בטחון אויף זיין חכמה. ער האָט ביי זיך אין די אויגן אויסגעזען ווי א שיפסקאפּיטאַן, וואָס ער אליין פירט די שיף אויפן ים. דאָס פונדעסטוועגן האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן זיך באלד טאקע צו באטראַכטן, אז ער ווייסט באמת נישט וואו ער געפינט זיך, מעגלעך אפשר בלאָנדזשעט ער און איז גאָר אראָפּ פונעם וועג.

דערווייל ווי ער האָט געטראַכט, האָט גאָט אָנגעטראָגן א פויער, וואָס ער איז געפאָרן פארביי אויף א פולן, אָנגעטאָסעטע וועטן וואָגן מיט היי.

— סענדערל, — האָט בנימין געזאָגט, — עס שאַדט כלל נישט א פרעג צו געבן דעם ערל מכח דעם וועג. גיי אויף

טשיקאַוועשטש גיב א פרעג. דאָ אין חוץ לארץ וועסט דו בעסער פון מיר זיך קענען אויסטענהן מיט די פויערים אויף זייער גראָבן לשון. דיין פלוניתטע פלעגט דאָך עפּטערס דיך מיטנעמען מיט זיך אויפן מארק.

סענדערל האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט, צוגעגאנגען מיט גרויס דרך־ארץ צום פויער און געזאָגט כהאי לישנא:

— דאָברי דיען! — קאזשי נאָ, טשעלאָוויטשע, קודי דאדאָגי אויף ארץ־ישראל!

— שטשאָ?! האָט דער פויער פארוואונדערט געמאכט און אויסגעשטעלט א פּאָר אויגן. — יאקי סרול? ני באטשיל יא סרוליא!

— ני, ני! — האָט בנימין זיך נישט געקענט איינהאלטן און זיך ארייגעמישט פונדערווייטן. — עטאָ ווי סרול, א ווין להבדיל ארץ־ישראל קאזאטע ווין. סענדערל, זאָג אים נאָך א מאָל בפירוש ארוים. ער האָט א פויערש קעפּעלע. שארפער, שארפער סענדערל!

— אויף ארדרץ־ישראל קודי דאראָגי? — האָט סענדערל נאָך א מאָל שארף איבערגעחזרט.

— א פיעס וואָס זשידקי זנאיעט שטשאָ ווי מאראָטשעטע מעני גאלאָווי! עטאָ דאראָגי דאָ פּיעווקי, א וויני עלעססלאָאל! עלעססלאָאל! — האָט דער פויער זיך נאָכגעקרימט, א שפּיי געטאָן און אוועקגעפאָרן ווייטער.

אונדזערע פארשוינען האָבן זיך געלאָזט ווייטער אין וועג.

בנימין האָט געפילט א ווייטיק אין די ליטקעס, די פיס זענען אים געווען, לא עליכם, ווי אָפּגעשניטן. דאָך האָט ער, נעבעך, זיך נישט ווייסנדיק געמאכט, זיך געמאכט הארץ, אלץ אונטערגעגעבן קוראזש. און מחמת אים איז, נישט פאר קיין יידן געדאכט, זייער שווער געווען צו גיין גלייך און געשווינד, האָט ער געמוזט אלץ אונטערשפּרינגען. אוודאי איז דאָס נישט געווען אזא גאנג ווי פריער. עס איז געווען געמוטשעט, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער געטאָן זיינס און איז געגאנגען, וואָרים די קשיא איז דאָך, וואָס האָט ער דען געקענט מאכן? אנידערלייגן זיך, שונא־ציון, אויפן וועג? מילא, וואָס וואָלט דערפון דער תכלית געווען? היינט ווי לייגט עס זיך א ייד אין מיטן וועג גלאט אנידער? ער וואָלט נאָר מצער געווען סענדערלען, און די נסיעה וואָלט, חלילה, אויפגעהאלטן געוואָרן. הכלל, זיי זענען געגאנגען, געגאנגען אזוי א גאנצן טאָג, ביז גאָט האָט זיי בשלום געבראכט קיין פיעווקי אויף נאכטלעגער.

ארייננקומענדיק אין פּיעווקער קרעטשמע, איז בנימינס ערשטע זאך געווען, זיך א ווארף צו טאָן ווי גרויס ער איז אין א ווינקעלע אויסצוריען די פיס און כאפּן דעם אָטעם:

סענדערל איז ווי אן אלטע באלעבאָסטע געגאַנגען צו באַ־שעפטיקן זיך אין דעם באלעבאטישקייט און שמועסן מכח וועטשערע.

דער ארענדאר האָט אָנגעקוקט סענדערלען פון קאָפּ ביז די פיס און האָט פון זיין גאנצן הילוך ארויסגעזען, אז דאָס איז עפּעס נישט גלאט אזא פארשוין ווי אנדערע, וואָס פאָרן גע־ווייטנלעך דורך. ער האָט אים אָפּגעשטעלט א שלום עליכם, און אויף דער שאלה: מה שמכם? פון וואנען איז א ייד? האָט סענדערל געענטפערט בתמימות: ער הייסט סענדערל, ער איז א שטיקל ארץ־ישראל־ייד, ער איז א משמש ביי רב בנימין, וואָס ליגט איצט מיט זיין כבוד דאָ אין א ווינקל. דער ארענ־דאר האָט געמאכט א פרום פנימל, זיך אביסל פארטראכט און געבעטן סענדערלען זיצן.

לאָמיר לאָזן די בת־מלכה, דאָס הייסט סענדערלען, שמועסן מיט דעם ארענדאר און זיך אומקערן צום בן־מלך, צו בנימי־נען, נען, וואָס ער מאכט און וואָס ער טוט.

אונדזער בנימין, אז ער האָט זיך א וואָרף געטאָן אין ווינקל, איז געבליבן ליגן ווי א שטיין און נישט געוואוסט אויף וועלכן עולם ער איז. די אָדערן פון די פיס זענען גע־ווען שטארק אָנגעקוואָלן, דאָס בלוט האָט אין זיי זיך צעשפּילט, געזעצט און געטשיפּעט, גלייך ווי מורעשקעס וואָלטן דאָרט הויפנסווייז ארומגעלאָפן און געביסן, געשטאָכן. די שלייפן האָבן געהאקט, געקלאַפּט ווי האמערס. אין די אויערן האָט פארדומפּן געררוישט און דאָס רוישן פלעגט זיך אַלץ אויסלאָזן צום סוף מיט א הילכעדיקן לאנגן קלונג, ווי א תקיעה־גדולה, אָדער מיט א שארפן זשום, ווי בשעת מען לאָזט ראקעטן. ביי איטלעכן ארויספליענדיקן ראקעט פונעם קאָפּ האָט מיט אמאָל אים א בלישטשע געגעבן אין די אויגן טויזנטערליי פייער־ווערק: געלע, גרינע, בלויע, העלע, רויטע, פּאַמסענע, נאָך אַ־נאָך קאָלירן אָן אן עק, אָן א סוף. אין א מינוט ארום ווערן די פייערווערק אויסגעלאָשן, חושך־פינצטער ווערט אים אין די אויגן און אין די אויערן רוישט ווידער ווי אין א מיל.

ליגנדיק פארטראָגן אזוי א היפּשע צייט, הערט בנימין א קול פון גלעקלעך קלינגען אין דרויסן פונדערווייטן, מיט איט־לעכער מינוט קומט דער קול צו אלץ נעענטער, נעענטער, ווערט אלץ העלער אי שטאַרקער און פלוצים גיט א סקריפּ ווי א וואָגן, אָפּשטעלנדיק זיך לעבן טויער. עס לאָזן זיך הערן ביזן הימל אריין מיני קולות, גלייך ווי א גאנצע שטעטל האָט דאָרט זיך פארקליבן אויף א וויכטיקער אסיפה, ביי־קולכלעך, פּיסט־לעך, נעמבעס, הייזעריק, כאָרכלענדיק אי צוגעלייגטע שטימען, נישט צו וויסן וואָס און צו וואָס. קעין וואָס פארזאמלען זיך

אין זייער צייט אויף די דעכער, ווייס מען, אז דאָס זענען קעץ און צוליב וואָס זיי האָבן זיך פארזאמלט, און וואָס זיי מיינען מיט זייער מיאאוקען, כאָטש דו קענסט נישט קיין קאצן־לשון. אָבער דאָ, איז שווער צו זאָגן, וואָס שרייט מען און וואָס וויל מען, ווייל דרינען איז אויסגעמישט אי געלעכטער, אי א געקרעכצעריי, געזיפצעריי, אי א שושקעריי, אי א קוויטשעריי, אי א טאָן פון א שייגעץ, אי דאָס זיסע חניפה־קולכל, אי א הוסטעריי, אי א נאָזשנייצעריי, א געקלאפעריי און א געפאטשעריי. היינט גיי פארשטיי וואָס דאָס אלצדינג אינאיינעם איז, וואָס דאָס באדייט? באלד דערויף עפנט זיך די טיר און א כאָפּטע מענטשן שיטן זיך אריין אין שטוב מיט אימפעט.

בנימין רוקט זיך ווייטער, ווייטער אין ווינקל און נורעט זיך שטארק איין,

דערווייל ווערט אין שטוב זייער ליכטיק פון א סך ליכט, וואָס ברענען אין שבתדיקע מעשענע לייכטער; א טייל זענען פארשטאָפּט מיט שנויצן און די ליכט שטייען אויף זיי צוגע־שמאָלצן, נאָר אויף משקולת, א טייל זענען מיט צו־גרויסע, ברייטע, נישט קיין טיפע לעכער און די ליכט שטייען אין זיי קרום אין דער זייט און פארשטעקט פון אונטן מיט א קויל.

ביים עק פון א לאנגן דעמבענעם טיש זיצט א חברה קלעזמער און סטראָיען, שטעלן אָן זייערע כלים. דער פידלער פּאָרעט זיך מיט דער פידל, קיצלט זי מיט פינגער און איט־לעכע סטרונע רופט זיך אָפּ זים, זים, זים אויף איר קול, גלייך ווי זיי רעדן: נישקשה, מעגסט אונדז קיצלען, פון אונדזערט־וועגן זענען מיר פארטיק, אבי פון דיין סמיטשיק זאָל נאָר קיין מניעה נישט זיין. ער כאַפּט זיך צום סמיטשיק, גלעט אים און האלט אים גרייט צום שפיל. דער פלייטער שמועסט־איבער שטיל מיט דער פלייט, זי פייפט אים שטילערהייט אָן, און דער צימבלער לויפט זיך דורך איבער דעם צימבל און קלאפּט זיך פאמעלעך מיט די העמערלעך. נאָר דער בלינדער פויקער זיצט אָנגערוקט מיט דער קוטשמע איבער די אויגן און כאפּט א דרעמל.

לעבן די קלעזמער שטייט אויף א בענקל עפּעס א מין פארשוין, וואָס קוים רעדט ער אוים א וואָרט, שטיקט מען זיך פאר געלעכטער. אפילו קינדער, וואָס שטייען אָנגעשטאָפּט און קוקן אריין פון די פענצטער, לאכן משונה און קרימען זיך נאָך. דער פארשוין גיט דערנאָך א געשריי: הררי! לכבוד די מחותנים ולכבוד דעם בעל־הבית ולכבוד כל המסובים בכאן שפּילט אָפּ א לעבעדיקס, א פריילעכס! און די קלעזמער צע־

לאָזן זיך באַלד אויף די כּלים, פריילעך, לעבעדיק, ווייבער מיט מאַנסבילן נעמען זיך צונויף און טאַנצן אַ ראָד האָ־זי־האָ־זי.

אַלצדינג האָט זיך באַוועגט, אַפילו וואַגצן אַי טאַראַקאַנעס זענען אַרויס פון די שפּאַלטן, און זיך צעקראָכן איבער די ווענט.

טאַנצנדיק פאַלט איינער אַרויף אויף בנימינען אין ווינקל. דער טענצער קוקט אים אין פּנים אַריין און לאָזט אַרויס אַ געשריי:

— אַ, בנימין! איך האָב אים דערטאַפּט, כ'לעבן, די כּשרע מציאה! ער איז דאָ, ער איז דאָ!

אויף דעם געשריי לויפן־צו נאָך מענטשן. בנימין דערקענט צווישן זיי טוניאַדעווקער פיינע בריות און דעם דאָרטיקן רבֿ.

איין קול, איין געשריי:

— בנימין, קום טאַנצן! בנימין, קום טאַנצן!

— איך קען, אָסור, נישט, — בעט זיך בנימין רחמים.— איך קען זיך נישט רירן פון דעם אָרט.

— נישקשה, נישקשה! — ענטפערט מען אים. — קום, זאָגט מען דיר, דו וועסט קענען, וואָס האָט מען דאָ צו קענען? אָדם אַ מענטש, קאַטשקע רוק זיך! ריר זיך, בהמה, מיר וועלן, נישקשה, דערציילן.

— זעלדען! — גיט בנימין אַ געשריי אין איין אָטעם.— איך בעט אייך, דערציילט נישט זעלדען!

ריר זיך זשע, בהמה! — שרייט מען אים. — ריר זיך, בהמה, שטעל זיך שוין אויף די פיס.

— דערבאַרעמט זיך, יידישע קינדער! — בעט זיך בנימין. — איך קען, כ'לעבן, זיך איצט נישט רירן. איך האָב אַ טעם, פאַר וואָס איך קען נישט. ס'איז אַ סוד, וואָס איך וועל אים מגלה זיין דעם רבֿ.

און ווי ער כאַפּט אַרום דעם רבֿ פעסט מיט ביידע הענט איינצורוימען אים אין אויער אַ סוד, פילט ער פּלוצים אַ שרעקלעכן זעץ אין דער זייט, אַזש ס'איז אים פאַרגאַנגען אין דער נאָז ווי פון כריין. ער גיט זיך פאַר ווייטיק אַ וואָרף, רייבט די אויגן און זעט, אין שטוב איז גאָר טונקל, די לבֿנה שיינט אַריין פון די פענצטער, ער ליגט לעבן אַ קעלבל און האַלט זי אַרומגענומען שטייף מיט ביידע הענט.

וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס?! פון וואַנען נעמט זיך דאָ פּלוצים אַ קעלבל? האָט זיך דען בנימין געקעלבט? נאָר ווי שיקט זיך עס? אָנגענומען די סבֿרא, בנימין איז אַ בהמה, צען מאָל, הונדערט מאָל אַ בהמה. נאָר ער איז דאָך אָבער אַ צווייפיסיקע בהמה, און וואו איז דאָס געהערט אי געזען געוואָרן, אַז אַ צוויי־פיסיקע בהמה זאָל האָבן אַ קעלבל?! אמת,

ביי אונדז איז דאָ א סך קעלבלעך און דאָס רוב דווקא אין לייטישע הייזער, אָבער דאָס זענען דאָך פאָרט נישט מער ווי קעלבלעך אין א מענטשנס געשטאלט. זיי זענען נאָך דאָס רוב גראָד זייער שיין מיט א שיין פנימל און מיט חן־גריבעלעך, אָבער דאָס קעלבל, וועלכעס בנימין האלדזט דאָ און נעמט עס שטארק ארום, איז דאָך טאקע פשוט אן אמת קעלבל, הייגט פון וואנען, איז די קשיא, האָט עס זיך אהער גענומען? א חידוש נפלא. נישט אנדערש, עס איז פונעם הימל אראָפּגעפאלן!...

ניין, רבותי! גלויבט נישט אין הימלישע קעלבלעך. צווישן אלע אונדזערע קעלבער איז אפילו נישט קיין איין קעלבל פונעם הימל אראָפּגעשיקט געוואָרן. עס איז גאָר נישט אזא חידוש נפלא, ווי איר מיינט. איר האָט זיך אויף דעם קעלבל גאָר נישט אזוי צו וואונדערן און פון אים אזא פירוש צו מאכן. פראָסטע איז מאָסטע, גאָר אָן קונצן, די מעשה דערפון איז אזוי געשען.

אז בנימין איז נישט טויט — נישט לעבעדיק אנידערגעפאלן אין ווינקל, האָט ער פאר גרוים מידקייט נישט באמערקט, אז דאָרט ליגט א קעלבל. בשעת אים האָבן זיך צעשפּילט די געבליטן, איז ער אנשלאָפן געוואָרן און אים האָט זיך פאָרגעשטעלט אין חלום די גאנצע חתונה מיט די מחותנים און מיט די קלעזמער. ער איז געווען שרעקלעך אומרואיק, זיך אלץ גערוקט, גערוקט אין ווינקל. און בשעת ער האָט אין חלום ארומגענומען דעם טונעיאדעוועקער רבל, האָט ער גאָר ארומגענומען פעסט דעם פיעווקער ארענדארס קעלבל, און אים איינגערוימט אין אויער דעם סוד פון זיין נסיעה. דאָס קעלבל אָבער האָט עס נישט גורם געווען, נישט געוואָלט ליידן, מען זאָל אים אזוי האלדזן אי שטיקן. עס האָט אויסגעשטרעקט דאָס פיסל, אָנגערירט בנימינען אין דער דיך און בנימין האָט זיך אויפגעכאפּט.

אז בנימין האָט זיך אויפגעכאפּט, האָט ער נאָך אלץ געהאלטן ארומגענומען דאָס קעלבל מיטביידע הענט זייער פארדולט און צעמישט. ערשט אין א רגע שפּעטער האָט ער פון זיך א שטופּ געטאָן דאָס קעלבל, זיך אויפגעהויבן דערשראָקן און זיך געלאָזט גיין געשווינד. דאָס קעלבל פון זיין זייט, ווי באלד עס איז לויז געוואָרן פון פרעמדע הענט, איז אויך אויפגעשטאנען געשווינד און זיך געלאָזט מאכן א פליטה, איז לויפנדיק ארויף ראפּטאָם אויף בנימינען און ביידע זענען געפאלן איבער א גרויסן צעבער וואסער, טראָך מיט א שרעקלעכן קלאַפּ!

שטארק דערשראָקן פון אזא טראָך, איז סענדערל און דער

אַרענדאַר מיט אַ ליכטל אין האַנט אַרויסגעלאָפן פונעם אַנ־דערן חדר אין שטוב אַריין, און זענען געבליבן פאַר־וואונדערט!

ווען אַ לידל־מאַכער זאָל געווען דענסטמאָל זיי ביידן אָנקוקן, וואָלט ער אַזוי געמאַכט: „ליבעהאַרצעדיקע און זיסע, אַי אין ווינקל אַי אין דער לוזשע זענען זיי נישט צעשיידט געוואָרן!"

נאָר דער אַרענדאַר און סענדערל זענען געווען פּראָסטע בשר ודם, נישט קיין לידל־מאַכער, און האָבן די ליבהאַרצעדיקע אַי זיסע באַלד צעשיידט. דאָס קעלבל האָט מען אָפּגעשיקט צו דער מוטער מיט שטעכווערטלעך פאַר איר שלעכטער אויפפי־רונג, און בנימינען האָט מען פון דער טבילה אַריינגעפירט אין אַ באַזונדערן אַלקער און געלייגט אויף עטלעכע קוליקלעך שטרוי מיט אַ קישן צוקאָפּן.

## דאָס זעקסטע קאַפּיטל

# בנימין כאַפּט אַ פּאַטש

בנימינס אבֿרים זענען אַביסל אָפּגעגאַנגען אין דער ליל־טבֿילה נאָך דעם אָפּשווענקען זיך מיט אַ גאַנצן צעבער קאַלטע וואַסער, און אויפשטייענדיק אין דער פֿרי האָט ער זיך גע־פֿילט פֿרישער אי געזינטער. ער האָט באַשיינפּערלעך אַרויסגע־זען אַ פֿינגער פֿון וואונדער אין דער נעכטיקער מעשה מיטן קעלבל, וואָס דורך אים גראָד איז געקומען די רפֿואה צו זיינע ווייטיקן. ער האָט באַוויזן סענדערלען דערמיט ווי אומ־גערעכט דער זינדיקער מענטש איז, וואָס באַקלאָגט זיך בשעת עפּעס אַן אומגליק און פֿאַרשטייט נישט, אַז דאָס אומגליק, קען זיין, פֿירט גאָר צום גליק און פֿון דער רעה קומט אַרויס אַ טובֿה; ווי דער אויבערשטער מאַכט פֿאַר אַ שליח אַלע זיינע באַשעפֿענישן, אַפֿילו אַ בהמה; ווי אַ דאָקטער קען אַמאָל גאָר זיין אַ קעלבל; ווי אַ מיק אַפֿילו קען אַמאָל פּיקן אין קאָפּ, שטאַרק דאָקוטשען און שטייען אין דער גרגרת. פֿאַר אַ ראיה דערצו דינט די מיק מיט טיטוס־הרשע אין די אַלטע, אַלטע צייטן. דאָס נעכטיקע באַגעגעניש איז אים איצט געווען אַ גוטער סימן, אַז די נסיעה זיינע איז אין אַ גוטער מזלדי־קער שעה און ער וועט, אם־ירצה־השם, מצליח זיין צו דער־גרייכן וואָס ער ווינטשט.

— אַ וואַסערטרעגער, וואָס גייט איבער מיט פֿולן, איז

פון אייביק־אָן א גוטער סימן. א פשיטא שוין א גרויסער, א פולער צעבער, — האָט סענדערל זיך אָנגערופן און צוגעבאַ־סעוועט מיט די רייד.

נאָר מחמת דעם וויטיק, וואָס בנימין האָט נאָך געפילט אין די פיס, און מחמת די קוליקלעך שטרוי, וואָס דערויף איז אים ווייך געווען צו ליגן, איז בנימין פארבליבן דעם גאנצן טאָג אין פיעוועקע. ער איז געגליכן געווען צו א שיף אין ים, וואָס האָט זיך געזעצט אויף א זאמד און קיין גוטער ווינט איז נישטאָ אראָפּצוטרייבן פון דאָרט.

אויף מאָרגן גאנץ פרי האָט בנימין זיך אויפגעהויבן פון זיין געלעגער און זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אריין.

א היפּשע צייט איז בנימין געגאנגען עפּעס ווי מרה־שחורהדיק, שטיל־פארטראכט, נישט צו רעדן קיין וואָרט. דער־נאָך האָט ער א פאטש געגעבן זיך אין שטערן און געבליבן שטיין שטארס באטריבט. ערשט אין א פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער געעפנט א מויל און ארויסגעלאָזט מיט א קרעכץ די ווערטער:

— אָך, סענדערל, איך האָב פארגעסן!

— וואו פארגעסן? וואָס פארגעסן? — האָט סענדערל זיך אָנגערופן און זיך א כאַפּ געטאָן צו דער טאָרבע.

— אין דער היים, סענדערל, אין דער היים האָב איך פארגעסן!

— איי, בנימין, וואָס פעלט דיר איין? — האָט סענדערל געמאכט. — מיר האָבן, דאכט זיך, מיטגענומען אלצדינג, וואָס נויטיק איז מענטשן אין וועג אריין: א טאָרבע, נישט צו פארזינדיקן, איז דאָ, טלית און תפילין מיט סידורים איז אויך דאָ, שבתדיקע קאָפּאָטעס אויך דאָ, דאכט זיך, אלצדינג, ברוך השם, איז דאָ, אלצדינג האָבן מיר פארנומען. וואָס גייט אונדז דען אָפּ? און וואָס האָבן מיר אזוינס געקענט פאר־געסן?

— די זאַך וואָס איך האָב פארגעסן, סענדערל, איז זייער וויכטיק, נייטיק אין לעבן אריין, הלוואי אלצדינג זאָל אָפּלויפן בשלום. נאָר באם, חלילה, לא יעלה ולא יבוא, גאָט זאָל שומר ומציל זיין, אויפן וועג וועט עפּעס, מעשה שטן, געשען, דענסט־מאָל וועלן מיר ערשט דערפילן דעם גרויסן ווערט פון דער טייערער זאַך, וואָס איך האָב פארגעסן. ארויסגייענדיק פון דער היים האָב איך אין איילעניש פארגעסן צו זאָגן א שפּרוך, וואָס שטייט געשריבן אין א ספר, ארויסגענומען פון א גאנץ אלטן כתב יד. דער שפּרוך מוז געזאָגט ווערן פאר א נסיעה ארויסגייענדיק פון דער היים, ביי דער ראָגאטקע, און מען איז ערב, אז ער איז א זיכערע שמירה אין וועג פאר כל א מיני

סכנות און שלעכטע באגעגעניש, — אט וואס איך האב פארגעסן!

— אפשר איז דיין גוטער ווילן זיך אומקערן אהיים? — האט סענדערל געזאגט בתמימות.

— דו ביסט משוגע צי חסר דעה! — האט בנימין א געשריי געטאן און דאס גאנצע בלוט איז אים אין פנים אריין. — סטייטש, וואס הייסט, זיך אומקערן אהיים? נאך אזוי פיל מי און אנגיין זיך אזא וועג פלוצים אומקערן זיך! סטייטש, און די וועלט! וואס וועט זאגן די וועלט?

— וואס הערן מיר, בנימין, די וועלט? — האט סענדערל זיך אנגערופן. — די וועלט האט דען דיך געבעטן מאכן אזא נסיעה? האט זי דען מיט דיר א קאנטראקט געמאכט און דיר אויף הוצאות געגעבן, דו זאלסט גיין, וואנדרעווען?

— גאנץ שכלדיק! — האט בנימין נאכגעקרימט. — און אלעקסאנדער מוקדון, אים האט דען די וועלט געבעטן, ער זאל גיין קיין הינדיא און מלחמה האלטן דארט? און די אלע וואנדערער ביי אונדז יידן האט דען די וועלט געבעטן ארומצואוואנדרעווען פון שטאט צו שטאט?

— ווייס איך? — האט סענדערל געמאכט מיט א שמייבעלע. — פון מיינעטוועגן האבן זיי אלע געמעגט, כ'לעבן, זיצן אין דער היים. עס וואלט, דאכט זיך, בעסער און גלייכער געווען פאר איטלעכן. אך, נארעלע, נארעלע דו, אלעקסאנדערל מוקדון, דו האסט אין דערהיים פון כל טוב, זיץ, לעב דיר צופרידן און גלעט דיר דאס בייכל. צו וואס טויג דיר נאך, נארעלע, הינדיען? סידי דאמא דא ני ריפאיסא, איז דא א עולמס ווערטל, און דער עולם זאגט: א עולמס ווערטל איז, להבדיל, א גמרא. מער חידוש איז אויף אונדזערע יידעלעך. זיי האבן דאך טאקע יא געמעגט האלטן פון דער גמרא, זיצן אויף זייער ארט און באשעפטיקן זיך איטלעכער מיט זיין זאך. צו וואס טויג דאס ארומוואנדרעווען, דאס ארומבלאנקען זיך ווי א דולער הו־הא־הא, נישט צו וויסן אליין פונעם געזונט, פונעם לעבן און גאר אומזיסט־אומנישט רייסן שטיוול? ווי איך בין א ייד, בנימין! איך זאל אזא פארשוין באגעגענען, וואלט איך אים גלייך אויפן ארט אנגעזאגט דעם עולמס ווערטל, להבדיל, די גמרא מיין איך.

א היפשע צייט האבן אונדזערע פארשוינען זיך אוועקגעאמפערט. סענדערל האט געפרעגט קשיות און בנימין האט אים אלץ אויפגעוויזן, אז ער איז א נאר און האט קיין פיצל ידיעה נישט אין אזעלכע זאכן.

סענדערל איז דענסטמאל געגליכן געווען צו א פערדל, וואס תמיד דינט עס זיין האר געטריי און פאלגט אים אין

פייער, אין וואסער אריין, פּלוצים מאַכט זיך אַמאָל, פאַלט אויף אים אָן פון דער העלער הויט עפּעס א מאַנקאָליע, עס שפּאַרט זיך איין, שטעלט זיך דיבאָם און וויל זיך נישט רירן פונעם אָרט, כאָטש טו זיך דאָ, שונא־ציון, א מעשה אָן. און ווען בנימין האָט דענסטמאָל נישט געשמיסן דעם איינגע־שפּאַרטן סענדערלען מיט א בייטש, דערפאַר האָט ער אים דורכגעבויקערט מיט זיין זים צינגל און אים אָפּגעשאָטן מיט רייד, ביז סענדערל איז געוואָרן ווייך ווי א טייג, א גוט פערדל ווי פריער. ער האָט אויפגעשטעלט די אויערן, הערנדיק בנימינס רייד, וואָס האָבן געבראָכן דעם מוח, און לסוף האָט ער זיך אָנגערופן, ווי זיין שטייגער איז געווינטלעך, מיט די ווערטער:

— אויב דו ווילסט דווקא אזוי, זאָל זיין אזוי. וואָס פאַר א דאגה איך האָב?

אז בנימין איז פאַרטיק געוואָרן מיט סענדערלען, האָבן זיי זיך ווייטער געלאָזט אין וועג אריין און נאָכדעם אז זיי זענען גיך אָנגעגאַנגען אויף וועגן און זייטנוועגלעך, זענען זיי נישט טויט — נישט לעבעדיק אָנגעקומען קיין טעטעריוווקע.

טעטעריוווקע איז די ערשטע גרויסע שטאָט, וואָס אונדזערע וואַנדערער האָבן געזען אין זייער לעבן. דעריבער איז קיין וואונדער נישט, וואָס זיי האָבן געקוקט אויף די גלייכע אויס־געברוקירטע גאַסן, אי אויף די גרויסע הויכע מויערן און נישט געקאָנט זיך זאַט אָנקוקן. כמעט אויף די שפּיץ פינגער זענען זיי געגאַנגען אויף די טראָטוארן און געהויבן די פיס עפּעס משונה, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געהיט צו־שטאַרק נישט צו באַרירן די גלאַטע שטיינער און נישט אָנמאַכן, חלילה, קיין שאָדן, — פיס, וואָס האָבן נישט עפּעס אזא גוטע דאָליע ביי זייערע באַלעבאַטים אין די קליינע שטעטלעך און וואָס מען מאַכט דאָרט פאַר זיי נישט עפּעס גרויסע צערעמאָניעס! קליינשטעטלדיקע פיס, וואָס ווייסן, נעבעך, נישט פון קיין פאַד־לאָגע צו זאָגן אפילו אין שטוב, וואָס קריכן, נעבעך, ווי די חזירים אין בלאָטע, וואָס זייערע באַלעבאַטים שטעקן זיי גייענ־דיק טיף אהינצו אריין און דראַלען מיט זיי, פּראָסטע־מאָסטע, נאָר אָן שום מלאכות — אזעלכע פיס מוזן באמת מבולבל ווערן ווי די שיכורע, אז זיי דערפילן פּלוצים אונטער זיך א בריק פון שטיינער און מוזן פאַר גרויס כבוד טאַקע אביסל אונטערשפּרינגען און נישט ווויסן א צייט זיך וואוהין־צוטאָן. פרישע ערשט אָנגעקומענע קליינשטעטלדיקע פיס ווועט איר באַלד דערקענען אויף די אויסגעברוקירטע גאַסן אין די גרויסע שטעט.

אונדזערע טונעיאדעווקער פּאַרשוינען זענען געגאַנגען ווי מיט

א פארקלעמט האריץ און בהכנעה אָפּגעטראָטן פאר איטלעכן דעם וועג. סענדערל פלעגט אין אזא פאל אָננעמען בנימינען פאר דער פּאָלע און אים א שלעפּ טאָן אין דער זייט. אמאָל איז דורכדעם סענדערלען אויסגעקומען צו כאַפּן א שטיל טענצל מיט עמעצן, וואָס איז געקומען אקעגן. יענער איז זיך געגאנגען גלייך זיין וועג און האָט זיך אָנגעשלאָגן מיט סענדערלען, וואָס מחמת דעם אָפּטרעטן האָט ער אים פונקט נאָר פארשטעלט דעם וועג. יענער כאַפּט זיך רעכטס, אָבער אונדזער סענדערל האָט אים מקדים געווען און שטייט שוין גרייט, ביידע ווארפן זיך לינקס און ווייטער רעכטס, ביז יענעם געראָט לסוף אויסצומיידן זיך. איינער, וואָס איז גראָד נישט אויפגעלייגט געווען צו טאנצן מיט סענדערלען, האָט אים פּראָסט אָנגענומען און א וואָרף געטאָן אין דער זייט, אז די ציין זענען אים שיער נישט ארויסגעפאלן.

אלצדינג איז פאר אונדזערע פארשוינען געווען ניי. אלצדינג, האָט זיך זיי אויסגעוויזן, טייט אויף זיי מיט די פינגער, די דראָזשקעס שרייען, די פּאַטאָגעץ פּילדערן, די טויערן שטיין האָפּערדיק, קוקן שטאָלץ מיט זייערע גרויסע גלעזערנע טאפּלעס און די מענטשן קרימען זיך, אלצדינג שרייט זיי נאָך:

תרבית, קבצנימלעך! תרבית, קליינשטעטלדיקע יידעלעך!
תרבית, תרבית!...

— הערסט־דו, בנימין! — האָט סענדערל געזאָגט, נאָכדעם אז ער האָט פארריסן דעם קאָפּ און געקוקט אויף די מויערן מיט דדך־ארץ, — איך מיין, בנימין, דאָס איז עפּעס א סטאמבול!

— גיי שוין, גיי, נארעלע, ווי קומט עס צו סטאמבול? — האָט בנימין געמאכט מיט אזא מינע גלייך ווי ער איז א סטאמבולער א געבירטיקער, — סטאמבול, נארעלע, האָט ת״ק מאָל ת״ק גאסן, איטלעכע גאס האָט ת״ק מאָל ת״ק פופצןצוואנציק־אָדער אפשר דרייסיק־גאָרנדיקע הייזער און אין איטלעכס הויז וואוינען ת״ק מאָל ת״ק מענטשן! דו מיינסט, אז דו ביסט שוין פארטיק? ניין, ווארט נאָר, ווארט, נארעלע אייער, היינט איז נאָך דאָ קליינע גאסן, יורדיקעס, קאטשעניוועס, מאָטשעניוועס, פּיסקעס, יארן און פאדוילן כחול הים!

— איי, איי, איי! — האָט סענדערל געמאכט פאר גרויס וואונדער. — ס׳איז דאָך עפּעס גאָר א שרעק, כ׳לעבן, אזא גרויסע שטאָט! נאָר איך בעט דיך, בנימין, פונוואנען קומט עס אָט־די אלע גרויסע שטעט? מענטשן זאָלן זיך צונויפשטיקן אין איין אָרט און ליגן איינער איבער דעם אנדערן, גלייך ווי די וועלט איז ווייניק און נישטאָ מער קיין ערד! עס מוז דאָך אוודאי דרינען עפּעס זיין, וואָס מענטשן דערווייטערן

זיך פון דער ערד און ווילן אליץ פליען אין הימל, אין די הויכע, הויכע פענצטער. זאל עס אפשר זיין דעריבער, וואס דעם מענטשנס נשמה וואקסט פון הימל, מחמת דעם ציט עס אים, נעבעך אליץ ארויף, ארויף, און ער האט זייער שטארק חשק אויסצושפרייטן די פליגעלעך און זיין אליץ פון אויבן? וואס זאגן דערצו עפעס דיינע חקרנים, בנימין? האסט דו נישט באגעגנט מכוח דעם עפעס א שמועס ערגעץ אין דיינע חקירה־ספרים?

— על פי חקירה, — האט בנימין געמאכט מיט א קנייטשל, — איז וועגן דעם ענין דא א גאנץ ווייטער שמועס. איך האב שוין דערפון אפילו געהאט אמאל צוטאן ביי אונדז אין בית־המדרש אונטערן אויוון און דורכדעם איז פארענטפערט געווארן די גמרא פון די צען טעפ ארעמקייט, וואס זענען אראפגעשיקט געווארן אויף דער וועלט, ווי אויך דער פסוק: כי מלא הארץ חמס, די וועלט איז פול געווארן מיט רויב. נאר איך וועל עס דיר אביסל מסביר זיין על פי אונדזער תורה. חומש האסט־דו דאך געלערנט, סענדערל! לויט ווי עס שטייט אין חומש, האבן אונדזערע עלטערן גאר תחילת, אין די פריערדיקע דורות, געוואוינט אין געצעלטן, נאר בשעת דער דור־הפלגה האבן אלע מענטשן זיך פארקליבן אין איין ארט, זיך גענומען מאכן ציגל און אויסבויען א שטאט מיט הויכע מויערן אין הימל. אינדערמיט ארבעט טאקע איז שוין אויף זיי אנגעפאלן א בייזע מהומה, א געטומל, איינער האט נישט פארשטאנען דעם אנדערן און די גאנצע פירונג דארט איז עפעס אויסגעקומען קאפויר. א נס וואס גאט האט זיי באלד צעטריבן, האבן מענטשן ווידער אנגעהויבן צו לעבן, אטעמען פרייער און די וועלט איז ווייטער אויפגעריכט געווארן. נאר דער חטא פונעם דור־הפלגה האט נאך אינגאנצן נישט אויפגעהערט. פון יענער צייט אן ציט זיך נאך אליץ, בעוונותינו הרבים, די תאוה ביי מענטשן צו שטיקן און צוגויפשטיקן זיך, אויסצומויערן זיך הויך, צו מאכן זיך א שם און פליען אין הימל. וואס האסט־דו אין מיר זיך אנגעטשעפעט ווי א זלודניע? — זאגט אברהם צו לוטן, למאי זאלן דיינע מענטשן זיך קריגן מיט מיינע איבער א שפאן ערד, די גאנצע וועלט שטייט דאך פאר דיר פריי, גיי דיר וואוהין דו ווילסט און לאז מיך געמאך!

נאר איידער נאך בנימין האט געענדיקט דעם שמועס, האט זיך געלאזט הערן א שטארקער געשריי פון א פארטשיק, וואס איז אונדזערע פארשוינען אנגעפארן פון הינטן און האט זיי שיער נישט מזיק געווען מיט דעם דישל.

— אוכניאקעס! האט דער פארטשיק געשריגן אין איין

אַטעם און געמאַכט אויף זיי מיט דער בייטש, — וואָס קריכט איר, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, ווי די ראַקעס און פאַרשטעלט דעם וועג! היי, היי, יאָלדן! היי, היי פּלאָכטן!

אונדזערע פאַרשוינען, נעבעך, האָבן געהויבן פיס און גע־לאָפן פאַר שרעק ווי די פאַרסמטע מייז, דער אַהין און דער אַהער.

לויפנדיק האָט סענדערל זיך אַ זעץ געטאָן אין אַ שטופּ און זיך אויסגעצויגן, נעבעך, ווי גרויס ער איז, אויף דער ערד.

בנימין האָט אין איילעניש זיך אָנגעשלאָגן אין אַ קויש מיט אייער, וואָס אַ קורעלאַפּניטשקע האָט געטראָגן. די אייער האָבן זיך צעבראָכן און אויף אים האָט זיך געעפנט אַ גיהנום, אַ פּיסק, אַ פייער, אַ געשריי. יענע פון די צעבראָכענע אייער, נעבעך, האָט אים אָפּגעשאָטן מיט טויטע קללות, זי האָט אים געוואָלט אָפּשטעקן אָדער זי האָט אים שוין טאַקע אָפּגעשטעקט אַ פּאַטש און שטאַרק חשק געהאַט איינצופלאָנטען זיך אין זיינע האָר, — קורץ, בנימין האָט גענוג געליטן ביז ער איז קוים מיט צרות לעבעדיק אַרויס פון אירע הענט און געמאַכט אַ פּליטה אין אַ הינטערגעסל, וואָס אַהינצו איז אויך סענדערל באַלד צוגעקומען.

— אַט האָסט־דו דיר אַ גרויסע שטאָט! — האָט סענדערל געזאָגט און אָפּגעווישט מיט דער פּאָלע דעם שוויים פון זיין פּנים. — דאָ גיי נישט, דאָ שטיי נישט, דאָ רו נישט, ווייסט זיי אַלע דער שוואַרץ־יאָר!

— דאָס ציט זיך נאָך אַלץ פונעם דור־הפלגה, — האָט געענטפערט בנימין, וואָס האָט געסאָפּעט ווי אַ גאַנדז. — דאָס אַלצדינג, וואָס די זעסט דאָ, איז אַלץ דור־הפלגה, מיט זיין בייזער מהומה, מיט זיין געטומל, גנבה, גזלה און רציחה!

— אי, אין דער ערד אַריין מיטן קאָפּ! — האָט סענדערל אַ מאַך געטאָן. — קום בנימין, לאָמיר זיך אויסרוען! דו זעסט עפּעס שרעקלעך אויס, עס פייערט דיר עפּעס אַ באַק, אַ רוח אין דער חצופהס טאַטן אַריין! וויש נאָר אָפּ, זיי מוחל, דעם פּנים, די חצופה האָט, אפּנים, בשעת מעשה דיך אויסגע־שמירט מיטן געלכן פון די אייער!

## דאָס זיבעטע קאַפּיטל

# ווי צוליב בנימינען ווערט אַן איבערקערעניש אין דער פּאָליטיקע

אין איינעם פון די טעטעריווקער קלייזלעך האָט שטאַרק געקאָכט פון דער דענסטמאָליקער קרימער מלחמה, דער אונ־טעראויוון איז צעפאַלן אויף פאַרשיידענע כתות, איטלעכע כתה מיט איר פּרעזידענט און מיט איר גאַנג אין דער פּאָליטיקע.

כייקל בעל־מוח און זיין קאָמפּאַניע איז זייער באַשעפטיקט געווען מיט דער מומע וויטען, פלעגט זי צעלייגן אויף טעלער־לעך און באַווייזן די הסברות אי די שפּיצלעך, וואָס אין איר שטעקט.

כייקל איז געווען אַמאָל א שטיקל זייגערמאַכער. ער האָט געהאַט א גרינגע האַנט צו מצה־רעדלען, קיינער האָט נישט געקענט אַזוי ווי ער א סוכה מאַכן, דאָס לאָקשנברעט, די לאָפּעטע, די מילכעדיקע באַנק, דאָס טשאָלנטברעטל און די צעבראָכענע שטייג פון עופות זענען אין קיינעמס סוכה נישט געווען אַזוי גוט צוגעפּאַסט ווי אין זיינער. דעריבער, ווען עס פלעגט נאָר אויסקומען עפּעס א רייד אין מאַשינען־זאַכן, פלעגט דער עולם האָבן פאַר אים אָפּשיי און זאָגן:

— דאָס געהער זיך אָן מיט כייקלען. כייקל ווייסט.

כייקל פלעגט אַלץ דערציילן וואונדערלעכע זאַכן פון משונה־ווילדע ענגלישע מאַשינעס, אַז די האָר פלעגן זיך שטעלן פשוט קאַפּויר הערנדיק, און אַז איינער האָט אים אַמאָל מפסיק גע־ווען די רייד מיט עפּעס א קשיא און אים געפרעגט דעם שכל דערפון, פלעגט כייקל דערקלערן דאָס איינגאַנצן קורץ און פּראָסט מיט עפּעס אַזא מין שפּרינזשינקעלע און דערביי מאַכן אַזא מינע מיט א זיס שמייכעלע, גלייך ווי ער וואָלט פאַר־ענטפערט א קלאָץ־קשיא און יענעם געעפנט די אויגן. הכלל, מיט א ספּרינזשינע האָט כייקל דערקלערט אַלצדינג, אי דעם זייגער, אי דעם טעלעגראַף, אי א שפּילפּושקעלע און אַנדערע מיני המצאות אויף דער וועלט. איציק־פּשטן אָבער איז קיינ־מאָל נישט צופרידן געווען מיט כייקלס שפּרינזשינקעס. ער פלעגט קוקן דערויף עפּעס ווי אויף אפּיקורסות און מאַכן מיט א געשפּעט:

— באַלד וועט שוין כייקל זאָגן, אַז א גולם וכדומה אַזעלכע מופתים זענען אויך דורך א שפּרינזשינקעלע... פּע, פּע, כ'לעבן! זיינע אַלע זאַכענישן זענען, פּשוט איז פּשוט, איך בעט אייך איבער, גאָרנישט, טאַקע אמתע נאַרישקייטן.

און ווייל בייקל בעל־מוח איז געווען פארקאָכט אין וויטען דעריבער האָט איציק־פּשטן, בייקלס באַשטענדיקער מתנגד אין אַלע זאַכן, זיך אָנגעטשעפּעט אין דער מומע ראָסיע און זיך ארויסגעשטעלט פאר איר מיט אַלע קרעפטן. איטלעכער פון ביידע צדדים האָט שטארק געארבעט צו בייגן אויף זיין זייט די איבעריקע קאָמפּאַניעס. איז בייקל שוין געשטאַנען אויף א שטיקל שטייגער מיט שמואליק באָקסער, דער פּרעזידענט פור־נעם פעטער ישמאלס כנופיא, און האָט שוין כמעט ווי האלב זיך אויסגעגלייכט מיט בערל פראנצויז, נאַפּאָלעאָנס א הייסער חסיד, האָט איציק אָנגעמאַכט א הארמידער און צוגעצויגן צו זיך טוביה מאַק, קירהס מענטש, פּאָטשטן זענען געפלויגן פון אַלע זייטן, איטלעכער האָט געלאָזט זיינע ראַציעס, די וועלט האָט זיך געקערט און דאָס קלייזל האָט זיך פּשוט געוויגט!

אָט אין דער דאָזיקער צייט בשעת דער גרויסער מהומה זענען אונדזערע פארשוינען אָנגעקומען קיין טעטעריווקע און זיך אָפּגעשטעלט אין דעם דאָזיקן קלייזל אויף סטאַנציע.

סענדערל מיט זיין כאַראַקטער איטלעכן נאָכצוגעבן האָט אין די עניני הפּאָליטיקע אויך זיך נישט איינגעשפּארט און איטלעכן צוליב געטאָן אזוי ווי ער וויל. דו ווילסט אזוי, פלעגט ער זאָגן, וואָס פאר א דאגה איך האָב, זאָל זיין אזוי. און דעריבער טאַקע האָט ער שטארק נושא־חן געווען און איז באַלד איטלעכן געפעלן. ביים ערשטן שלום־עליכם איז ביי דעם עולם געבליבן, אז סענדערל איז אָן א גאַל, א ייד אָן חכמות, וואָס האָט אין זיך נישט די מדה פון עקשנות. און ווען סענ־דערל איז געווען אויפגעטראָגן מיט אַלע גלייך גאָר אָן א שום חלוק. אקעגן־זשע איז בנימין געווען אן איבערקלייבער און גאָר צום ערשטן איז אים מער פון אַלע עפּעס געפעלן שמואליק באָקסער, צו וועלכן ער האָט ביסלעכווייז זיך צוגעלאָזט, ביז ער איז מיט אים געוואָרן שטארק חבר. בנימין האָט אים מגלה געווען דעם גאַנצן פּלאַן פון זיין נסיעה און שמואליקן איז די זאַך זייער שטארק געפעלן. ער האָט מכוח דעם איבערגעשמועסט מיט בייקלען. בייקל האָט דאָס גענומען אויף זיין מוח; און הגם די זאַך איז אים אויסגעקומען אביסל שווערלעך, דאָך איז דאָס אים געגאַנגען אין קאָפּ. ער האָט באַלד טאַקע אין א סע־סיע מיט בערל פראנצויז און טוביה מאַק אפּירגענומען דעם דאָזיקן ענין און זיי האָבן זיך דערויף שטארק פארחידושט.

— בנימין, — האָבן זיי געזאָגט, — זעט טאַקע עפּעס ניט אויס ווי א געוויינטלעכער מענטש, ער איז עפּעס ווי צע־טראָגן, גישט אויף דעם עולם, אז ער רעדט, איז שווער צו פארשטיין, וואָס ער מיינט, ער פארטראַכט זיך אמאָל, שטעלט אויס א פּאָר גלעזערנע אויגן און שמייכלט, זיין הילוך און

זיינע אלע פּאַסטעמקעס זענען עפּעס משונה. דאָס אַלצדינג באַווייזט, אַז ער איז העט, העט גאָר פון אַן אַנדערער מדרגה, נישט גלאַט אַ מענטש, אין אים מוז בוודאי עפּעס שטעקן, נלאַט פשוט קען עס לגמרי נישט זיין, ווער ווייסט, אפשר איז דער בנימין גאָר נישט קיין בנימין, אַ קשיא אויף אַ מעשה!...

אַז בנימין און סענדערל זענען פאַרסאַפּעט אַריינגעקומען אין קלייזל נאָך דער מעשה מיט דער יידענע פון די אייער, איז דאָרט געווען אַ שרעקלעכער געפּילדער. די סעסיע פון אונדזערע פּאָליטיקער האָט שטאַרק זיך מפלפל געווען מיט איציק פשטן, וואָס ער האָט זיך געריסן אויפן גאָרגל און איטלעכן אַריבערגעשריגן.

— נאַט זעט, וואָס שטייט אין יוסיפון, — האָט איציק געשריגן אין איין אָטעם און געטייט מיטן פינגער אין אַ ספרל. — אין יוסיפון שטייט, אַז אַלעקסאַנדער מוקדון האָט געוואָלט גיין צו די קינדער יונדב בן רבב, איז ער דערגאַנגען ביז די הרי חושך און ער מיט זיינע גבורים האָבן דאָרט נישט געקענט לחלוטין גיין, זייערע פיס זענען געזונקען אין בלאָטע ביז איבער די קני. מחמת די זון שיינט דאָרט נישט, איז די ערד אין יענעם אָרט שטאַרק זומפּיק. היינט פאַרשטייט איר שוין, אַלעקסאַנדער מוקדון, דער גרויסער אַלעקסאַנדער מוקדון, וואָס איז געפלויגן אויף אַן אָדלער און וואָס איז שוין געווען ביי די טירן פונעם גן־עדן, ער האָט נישט געקענט אַריבער די הרי־חושך, מכל־שכן אייער פאַרשוין, אַזאַ נפש ווי ער! עס וועט אים נישט העלפן דערצו אפילו בייקל מיט אַלע זיינע שפּרינגשינקעס.

— דו גראָבער קאָפּ איינער! — האָט בייקל זיך צעלאָזט אויף אַ קול און געטוטשעט איציקן מיטן גראָבן פינגער. — וואו זענען דיינע אויגן? אדרבה, זע טאַקע וואָס דאָ שטייט ווייטער. ער זאָגט: אַז אַלעקסאַנדער מוקדון האָט דאָרט געהערט עופות, פייגעלעך, רעדן יוונית. איין פויגל האָט אים געזאָגט בזה הלשון: דיין מי איז אומזיסט, ווייל דו ווילסט קומען אין גאָטס הויז און אין דעם הויז פון זיינע קנעכט, די בני אברהם, יצחק, ויעקב, — היינט פאַרשטייסט־דו שוין, גראָבער קאָפּ איינער, פאַרוואָס אַלעקסאַנדער מוקדון האָט אהינצו נישט געקענט גיין?

— מילא וואָס וועסט־דו אָבער טאָן, מיין גרויסער בעל־מוח, אויב עס קומט גאָר אויס ווי די יש אומרים דאָרט, אַז די עשרת השבטים מיט די רויטע יידעלעך אָדער די בני משה וואוינען גאָר דאָרט ערגעץ נעבן דעם לאַנד פונעם פּריסטער יאָן! נו, היינט לאָז דיין נפש מוחל זיין געפינען ערגעץ דאָס לאַנד פונעם פּריסטער יאָן! מאָרגן נאָכן קאַלטן קוגל!

— עט, נארישקייטן, איציק! כ׳לעבן, נארישקייטן.
—ווארט נאָר, ווארט, מיין בעל־מוח! עס איז עפּעס נאָך דאָ א סמבטיון אויך! וואָס וועט ער טאָן מיט דעם סמבטיון, וואָס ער שליידערט א גאנצע וואָך שטיינער? לאָמיר שוין אָנ־נעמען אין דער סברא, אז ער איז שוין אריבער די הרי חושך, ער האָט שוין געפונען דאָס לאנד פונעם פּריסטער יאָן. נו קומט ער צו צום סמבטיון, טפּררו! עס רעגנט מיט שטיינער, אוממעגלעך צו שטעלן א פוס. דאָס דאָ וועט דאָך אים נישט העלפן אפילו דיין וויטע, זי זאָל זיך אפילו שטעלן מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף.
— העע, העע, דו טשעפּעסט זיך שוין אין וויטען! אָט וואוהין דו ביסט פארקראָכן.
— וואָס איז דאָס אין־אמתן פאר א גאנג, איציק, אומזיסט־אומנישט שפּעטן פון די מלכיות, — האָט בערל פראנצויז זיך אריינגעמישט מיט פארדראָס. — מיר רעדן דאָך איצט פון בנימינען, זידל דיר בנימינען און מיש נישט אריין די מלכיות, איך בעט דיך!
— פארוואָס זידלען בנימינען? — האָט זיך אָנגערופן טוביה מאָק. — בנימין גייט, דאכט זיך, אויף א דרך, דורך אים קען נצמח ווערן יידן א ישועה.
— איי, מאָק מאָק! — האָט איציק געמאכט מיט תרעומות און געשאָקלט מיטן קאָפּ. — אויף דיר, מאָקעניו, האָב איך מיך, כ׳לעבן, נישט גערעכט, אז דו זאָלסט האלטן מיט זיי און מאכן אזא פּירוש פון בנימינען. וואָס האָסט־דו אין אים אזוינס דערזען?
— הערט נאָר, איך בעט אייך, א גאנג פון א מענטשן: וואָס האָסט־דו אין אים אזוינס דערזען? ! — האָט שמואליק באָקסער זיך נאָכגעקרימט מיט א געשפּעט. — משוגע ביסט־דו היינט, איציק, צי וואָס? זיין אָפּגעלאָזנקייט, זיין צעטראָגנקייט, זיין קוקן, זיין רעדן מיט זיין גאנץ באנעמען באווייזן, דאכט זיך, זייער גוט, ווער ער איז אזוינס. דאָס פּנים איז דער בעסטער שפּיגל. אויב דאָס אלצדינג איז ביי דיר קיין באוויז נישט, ווייס איך שוין נישט, וואָס הייסט ביי דיר אזוינס א מענטש. אדרבה איך בעט דיך, אָט איז ער איצט אליין אָנגע־קומען, קוק אים, זיי מוחל אָן און זאָג, אויב דו ביסט נישט משוגע, טאקע ריין חסר דעה... איר זעט, עפּעס פלאמט אים דאָרט א באק און דריי געלע פּאסקעלעך ציען זיך אים ווי א שין אויפן פּנים! נו, איציק, וואָס פאר א פּנים האָסט־דו איצט?
איציק איז צוגעגאנגען נעענטער צו בנימינען, האָט אים אָנגעקוקט פון קאָפּ ביז די פיס, אים א שפּיי געטאָן כמעט אין פּנים אריין און איז אוועק־געגאנגען אין איין כעס.

פון דעם דאָזיקן שמועס אָן וועגן בנימינען האָט באַקומען די פּאָליטיקע אַן אַנדער פּנים. שמואליק באָקסער מיט בערל פּראָגצויז האָבן געשלאָסן בלאַט מיט כּייקלען, וויטע האָט אַרויסגעשיקט אין ים טויזנט גרויסע אָקרענטן, מיט שרעקלעך ווילדע מאַשינעס, דער פעטער ישמעאל איז אַריבער דעם פּרוט און נאַפּאָלעאָן האָט געשאָסן מיט באָמבעס אויף סעוואַסטאָפּעל. טוביה מאָק איז געשטאַנען אויף משקולת, נישט אַהין — נישט אַהער, געדרייט מיט דער צונג נישט צו־וויסן, משטיינס־געזאָגט, אויף וועלכער וועלט ער איז, און איציק פּשטן איז געבליבן איינער אַליין ווי אויפן וואַסער. ער האָט, נעבעך, געאַרבעט אויף אַלע כּלים און שיער נישט געשפּרונגען אַרויס פון דער הויט. אַ קאַטאָוועס איינער אַקעגן אַזאַ חברה! דערפאַר האָט ער זיך פאַרעסן אויף בנימינען. ער האָט פון יענער צייט אָן זיך אַלץ צו אים געזוכט און אים געטאָן אין דער גאַל אַריין.

„גאָט איז מיין עדות, — דערציילט בנימין אין אַן אָרט, אַז איך האָב מיך נישט געמישט אין דער פּאָליטיקע, וואָרום איינמאָל, צו וואָס טויג עס? צווייטנס, וואָס גהער זיך עס מיט אַ יידן אָן? פון־מיינטוועגן האָט געמעגט זיין אַזוי אָדער אַזוי, אַלץ גלייך. סענדערל מיינער האָט אין אַזעלכע זאַכענישן זיך אויך, אסור, נישט געמישט און פונדעסטוועגן האָט מיך איציק נישט געלאָזט רוען. איך האָב פון אים נישט געהאַט קיין טאָג און קיין נאַכט. אַמאָל פלעגט ער מיך אַרומשטעקן הינטן מיט פעדערן, אָדער וואַרפן אויף מיר שטילערהייט אַ קישעלע, אָדער פאַרשליידערן ערגעץ מיינס אַ שוך, אַז איך האָב מיר דעם קאָפּ פאַרדרייט זוכנדיק; בין איך ביי דער נאַכט אַנטשלאָפן געוואָרן אויף מיין געלעגער, פלעגט ער מיט אַ שטרויעלע מיר קיצלען די פּיאַטעס, אַז איך פלעג אַזש אונטערשפּרינגען, אָדער ער פלעגט מיר לאָזן אַ פּאָמפּע אונטער דער נאָז. איך פלעג זיך אויפכאַפּן נישט טויט — נישט לעבעדיק און קייכן־הוסטן מחמת דעם רויך אפשר אַ שעה כּסדר, גלייך ווי איך בין שולדיק געווען אין דעם, וואָס די דריי קאָמפּאַניעס האָבן געמאַכט יד אחת.

## דאָס אכטע קאַפּיטל

# ווי אונדזערע פאַרשוינען זענען אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער

דעם גרעסטן טייל טאָג זענען אונדזערע פאַרשוינען טרוד געווען מיט דער פּרנסה. זיי האָבן געמאַכט וויזיטן אין די טע־טעריוווקער הייזער און האָבן אין אַ קורצער צייט קונה שם געווען אַזוי, אַז מען פלעגט אויף זיי נאָכטייטן מיט די פינגער און באַגעגענען זיי דער מיט אַ גלייך־ווערטל, דער מיט אַ שמייכעלע. אַן אַנדערער אויף זייער אָרט וואָלט זיך שטאַרק איבערגענומען פון אַזאַ כבוד און צעפּויקט אומעטום פון זיין גרויסקייט, אָן עין־הרע, אין דער וועלט, ווי מען האָט זיך גע־שמאָלצן פּשוט אָנקוקנדיק אים, ווי מען האָט זיך געלאָבט מיט איטלעך זיינס אַ וואָרט און מיט וואָס פאַר אַ שמייכעלע מען פלעגט אים אויפנעמען און אַרויסבאַלייטן פון דער טיר. נאָר אונדזערע פאַרשוינען אָבער זענען ביי זיך געווען פּראָסטע מענטש־לעך און האָבן פון אַזאַ כבוד זיך גאָרנישט געמאַכט. בנימין איז געווען פאַרטראָגן אין זיינע זאַכן און סענדערלען איז גע־לעגן אין זינען, די טאָרבע זאָל זיין פול און אין דער קעשענע זאָל זיין עטלעכע גראָשן אויף הוצאות. צי גיסט־דו מיט אַ שמייכעלע, צי מיט אַ קרים, וואָס מאַכט עס אַ יידן אויס, אַבי גיב.

הײַנט איז פּורים, מאָרגן איז אויס,
גיב מיר אַ גראָשן און טרייב מיך אַרויס!

אָט־דאָס איז דאָס באַקאַנטע יידישע לידל, וואָס שילדערט זייער גוט זייער פּראָסטקייט, זייער עניוות און וואָס סענדערל פלעגט עס גייענדיק אויפן וועג זייער אָפט שטילערהייט אונטערזינגען.

אַ גוט־מאָרגן, גאָט העלף! פלעגט סענדערל זאָגן ביים אַריינקומען ערגעץ אין אַ שטוב, נאָכשלעפּנדיק הינטער זיך בנימינען פאַר דער פּאָלע, דערנאָך פלעגט ער אים דערלאַנגען אַ שטופּ פאָרויס, אים איינרוימען אין אויער, ער זאָל זיך ניט שעמען און אַליין אַנידערשטעלן זיך אין דער זייט מיט גרויס דרך־ארץ.

אַרומגייענדיק אויף אַזאַ שטייגער, זענען אונדזערע פאַר־שוינען איינמאָל אַריין אין אַ שטוב, אין וועלכער זיי האָבן געטראָפן עפּעס אַ יונגנמאַן טענהנדיק מיט דעם באַלעבאָס. עס האָט אויסגעזען פון די רייד, ווי דער יונגערמאַן גיט דעם באַ־

לעבאָס צו פאַרשטיין די וויכטיקייט פון עפּעס אַן ענין, וואָס דורכדעם קלינגט מיט אים איצט די וועלט, ווי ער לויבט זיך פאַר אים אָפּ, ווייזט פאַפּירן און פאַרלאַנגט פון אים עפּעס אַ זאַך, נאָר דער באַלעבאָס קרימט זיך אָבער, טענהט ווי ער קען און צאַפּלט פּשוט זיך אויסצודרייען פונעם יונגנמאַנס הענט. דער באַלעבאָס האָט זיך אָנגעכאַפּט אין אונדזערע פאַרשווינען אַזוי ווי אַ דערטרונקענעד אין אַ שטרוי. ער האָט געשווינט זיך צוגעלאָזט צו זיי אין דער האָפענונג, אפשר האָבן זיי צו אים אַ נייטיק געשעפט און וועלן אים דערווייל באַפרייען פון דער נויט. נאָר קוים אָבעד האָט ער דערהערט, וועד זיי זענען און וואָס זיי ווילן, איז ער געבליבן שטיין צעמישט, שטאַרק פאַרוואונדערט, ווי איינער בשעת דאָס אָנשיקעניש טרעט אים פלוצים צו פון אַלע זייטן.

— אָט האָט איר נאָך גוסעים!— האָט דער באַלעבאָס זיך אָנגערופן נאָכדעם אַז ער איז צו זיך געקומען און זיך געווענדט צו דעם יונגמאַן.— די דאָזיקע יידן, זעט איר, זענען אויך נוסעים! נאַט אייך נייעס, נוסעים אויף אונדזער קאָפּ!

דער יונגערמאַן מיט אונדזערע פאַרשווינען האָבן איינער דעם אַנדערן זיך אָנגעקוקט,

— הערסט־דו, — האָט סענדערל אַ צי געטאָן בנימינען פאַר דער פּאָלע און אים איינגערוימט אין אויער, — מעגלעך אַז דער דאָזיקער יונגערמאַן וואַנדרעוועט אויך אהינצו... ער קען נאָך, חלילה, פאַרלויפן פריער און אונדז אָפּטון אויף טערקיש.

— אפשר זייט איר טאַקע אַלע איין קאָמפּאַניע? האָט דער באַלעבאָס זיך ווייטער אָנגערופן.

— חלילה, חלילה! — האָט בנימין מיט סענדערלען ביידע אין איין קול געשריגן. — מיר גייען באַזונדער, גייען מיר!

— נייט אייך געזונטערהייט באַזונדער, ביי מיר אָבער הייסט איר איין קאָמפּאַניע, — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט און אַרויסגענומען אַ מטבע פון דער קעשענע.

— גיט, זייט מוחל, אונדז, אונדז גיט, — האָט סענדערל געבעטן און אויסגעשטרעקט די האַנט, — מיר וועלן שוין דעם יונגנמאַן אַרויסגעבן זיין חלק. קומט, יונגערמאַן, מיר וועלן אייך אַרויסגעבן, איך האָב מינץ.

אינמיטן־דרינען האָט זיך געעפנט די טיר פון דער קיך און אַ שרעקלעך קול האָט זיך געלאָזט פון דאָרט הערן משונה־ווילד:

— דאָס איז ער, ער! אָט־דער, וואָס שטייט נעבן דעם קליינעם דאַרן יידל, זיי האָבן דענסטמאָל אויך ביידע זיך אַרומגעשלעפּט. איך האָב אים דערקענט, דעם שיינעם נפש, אין זיין פּנימל, אין זיין געל בערדל, אויסגעצופּט זאָל עס אים ווערן! אין זיין צעבראַשטעטע הערצעלע, אַ פאַרכאַפּט, רבונו

של עולם, זאָל ער ווערן, זאָל עס מיט אים קויקלען, מאַרדעווען! און אויסרינען דאָס מארך פון זיינע טריפהנע ביינער, אויסרינען!
— קום, בנימין, אוועק! — האָט סענדערל געזאָגט שלעפּנ־דיק בנימינען פאר דער פאָלע. — א רוח אין דער חצופהס טאטן אריין. זי האָט נאָך אלץ צוטאָן מיט די צעבראָכענע אייער!

## דאָס ניינטע קאַפּיטל

# ווי זכות־אבות האָבן פאר אונדזערע פּאַרשוינען זיך געלייגט

זיפצן און קרעכצן מוז מען, אז מען לייענט די געשיכטע פון די גרויסע בארימטע קאָפּ־מענטשן, ווי זיי האָבן, נעבעך, געליטן שטארק זייער גאנץ לעבן פון דער וועלט, פאר וועלכער זיי האָבן מקריב געווען זייערע טעג און יאָרן און זי באגליקט מיט זייער נוצלעכע זאכן, וואָס זיי האָבן מיט זייער שכל דער־גאנגען. די וועלט איז בטבע א קינד, וואָס האָט ליב זיך צו האלטן נאָר אין דער מאמעס פארטוך, נישט אָפּצוטרעטן פון איר אויף א האָר; וואָס האָט ליב אלץ די אלטע נארישע מעשיות, וועלכע די ניאנקעס און אלטע באבעס חזרן זיי אים איבער הונדערט מאָל אין טאָג; וואָס מיינט, אז בעסערס פון זיינע שפּילעכלעך איז טאקע גאָר נישטאָ. און דרינען שטעקט די גאנצע חכמות, וואָס קען נאָר זיין, און אז דער באהעלפער קומט אים נעמען אין חדר אריין, אויסצולערנען אים עפּעס, שרייט ער געוואלד, גלייך ווי מען וואָלט אים געקוילעט. די וועלט האָט ליב צו לעבן אזוי ווי זי איז געוואוינט, עפּעס א נייעס קומט איר אוים משונה־ווילד, זי שרייט דערויף מעשים און זידלט, מאכט מיט דער בלאָטע גלייך דעם, וואָס טראכט אזוינס אוים. ערשט דערנאָך, אז דאָס נייעס איז שוין נולד גע־וואָרן, עס האָט זיך איינגעלעבט און וויזט באשיינפּערלעך ארוים דעם גרויסן נוצן וואָס אין אים ליגט, ערשט דענסטמאָל באַפּט מען זיך אין דעם שטארק אָן, מען האָט דערפון גרוים הנאה און מען פארגעסט כלל יענעם, נעבעך, וואָס האָט עס מיט נויטשווייס ממציא געווען. נאָך זייער שיין פון דער וועלט, אז זי האָט זיך זיינער דערמאָנט אים צו מאכן כאָטשע א מלא און צו שטעלן אים א מצבה. מיליאָנען מענטשן לעבן היינט גליקלעך און אָטעמען פריי אין אמעריקע, און קאָלומבוס בשעת אים איז אריין דער געדאנק צו אנטדעקן אמעריקע האָט, נעבעך,

שטארק געליטן, די וועלט האָט אים געהאלטן פאר משוגע און אויס אים חוזק געמאבט.

דעסגלייכן איז אויך געוועזן מיט אונדזער בנימינען פון "טור-נעיאדעווקע. נאָר אָנקוקנדיק אים האָט מען אים געהאלטן פאר א משוגענעם און הערנדיק זיינע רייד איבער דער נסיעה האָט מען זיך געשטיקט פאר געלעכטער, מען האָט מיט אים געטריבן קאטאָוועס, איטלעכער האָט מיט אים געהאט צוטאָן און אויס אים געמאכט א קאָטער. א נס, וואָס בנימין האָט עס אזויפיל נישט פארשטאנען. זיסט וואָלט ער זיך פארעסן, חס-ושלום, קראנק געוואָרן און א שפּיי געטאָן אויף דער גאנצער נסיעה!

מיר היפּערן איבער א סך זאכן פון דעם עולמם המצאותלעך איבער בנימינען, בכדי דאָס זאָל אויף אונדז אלע נישט פאלן פאר קיין אייביקן פלעק און דאָס זאָל אונדז נישט זיין צו קיין חרפּה, צו קיין בושה אין דער געשיכטע פאר די שפּעטערדיקע דורות. מיר מאכן זיך נישט וויסנדיק פון די אלע זאכן, כאטע פאָקרישקע, און נעמען זיך ווייטער צו אונדזער דערציילונג.

„אין טעטעריווקע, — זאָגט בנימין, — איז דאָ א גרויסע קהילה יידן, זאָלן זיך פּרוכפּערן און מערן. ווער זיי זענען, וואָס פאר א מיני מענטשן זיי זענען און פון-וואנען זיי האָבן זיך גענומען, דאָס פרעגט זיי בחרם. ווייסן זיי אליין נישט, זיי האָבן נאָר בקבלה פון טאטעס, זיידעס און עלטער-עלטער-זיידעס, אז זיי וואקסן פון יידן. און ווי עס זעט אויס פון א טייל זייערע מנהגים, פון זייערע הלבשה, פון זייער לשון און פון זייער האנדל וכדומה זענען זיי, אפנים, טאקע מחויב צו זיין יידן, נאָר צונויפגעלאָפענע, אָפּגעריסענע פון פארשיידענע שבטים, וואָרום איינער מיט דעם אנדערן געהער זיך כמעט נישט אָן. לאָז, אשטייגער, איינער פאלן, וועט דער אנדערער אים נישט אויפהייבן, כאָטש, ער זאָל, שונא-ציון, די כפּרה ווערן, די מיתה-משונה איינגעמען דאָ אויפן אָרט...

צווישן זיי איז דאָ א טייל, וואָס פארשטייען זייער גוט מאניפארגע-לשון. מאניפארגע איז מאני"פּארגיסימו"ס, דאָס הייסט: מאני — לשון, פּארגי — ציגיינעריש. מאניפארגע-יידן קענען חכמת היד, קוקן יענעם אין דער האנט אריין און ציען געוויינטלעך דערפון זייער פּרנסה, דערצו נאָך קענען זיי אנדערע מלאכות, לעמפּלעמאכערס און טאָקערס זענען זיי טאקע איינע אין דער וועלט. חידושן גאָר מוז מען זיך, ווי זיי מאכן אמאָל יענעם א לעמפּל און טאָקען-אָפּ זאכן עפּעס גאָר שלא כדרך הטבע. אויך האָבן זיי א מתנה פון זיין ליבן נאָמען אָפּצוזאָגן אמאָל א פּזמון, און דווקא שטילערהייט, מיט אזעלכע מיני תנועות. אזש טרערן שטעלן זיך דורכדעם אין די אויגן און זיי נעמען

דערמיט ביי יענעם פּשוט צו דאָס חיות... מען זאָגט, יאַקבי, זיי שטאַמען פון די ערב־רב פון דער גזע כּפתורים.

בכלל, זאָגט בנימין, זענען די איינוואוינער דאָרט ערלעכע לייט, גוטע מענטשן, זיי פּלעגן מיך אויפנעמען תּמיד מיט אַ שמייכעלע און משונה הנאה האָבן מיט מיר זיך אָפּצוגעבן. מען האָט געזען באַשיינפּערלעך, אַז זיי זענען מיט מיר שטאַרק צופרידן. איך ווינטש זיי פונעם גאַנצן האַרץ, אַז גאָט און לייט זאָל פון זיי אייביק אויך אַזוי צופרידן זיין, אָמן.

אַ חידוש נפלא, דערציילט ווייטער בנימין, דאָרט אין דער סביבה באַגעגנט מען אַמאָל פּאַרשוינען, וואָס זענען אַביסל ווי חזירעוואַטע. מען דערקענט עס זיי באַלד אין דעם אָנבליק. אַ טייל זאָגן, אַז דאָס איז אַזאַ פּאַראַדע, ווידער אַ טייל ווילן האָבן, אַז דער אָרט איז דערצו מסוגל. בנימין וויל דרינען נישט מכריע זיין, דאָס געהער זיך אָן מיט די געלערנטע, זיי זאָלן די זאַך פּאָרשן און אונדז דערקלערן אַקוראַט, וואָס דאָס באַטייט. נאָר ווי די מעשה איז, זאָגט בנימין, אַזוי צי אַזוי, די זאַך אַליין איז קיין נייעס נישט אויף דער וועלט. נאָך דער אַלטער מתתיהו דעלעקאַרטי העט־העט אין די פּריערדיקע יאָרן ברענגט אין זיין ספר „צל עולם" בזה הלשון:

„אין בריטאַניע איז דאָ אַ פאָלק מיט אַן עק פון הינטן ווי ביי בהמות, אויך זענען נאָך דאָ ווייבער, הויכע, גרויסע ווי די ריזן, און זיי זענען באַוואַקסן מיט שטשעטינעס (חזיר־האָר) ווי די חזירים. אין צרפת האָט זיך געוויזן אַ פאָלק מיט הערנער. אויף יענע בערג זענען דאָ קרומע ווייבער, און די וואָס איז מער קרום איז אַלץ שענער": „טאַקע ממש ווי מען באַגעגנט נאָך ביי אונדז, היינטיקע ציטן, זייער פיל ווייבער, וואָס קומען אויס קרום, שטאַרק בולט, מחילה, פון הינטן, מיט אַ לאַנגן עק, וואָס באַמבלט זיך און שלעפּט זיך זיי נאָך אויף דער ערד. דאָס וואָס איז געווען, זאָגט דער פּסוק, דאָס וועט אויך זיין און ס'איז נישטאָ קיין נייעס אונטער דער זון"!

טעטעריוועקע, זאָגט בנימין, איז גרויס מיט שיינע מויערן און לאַנגע גאַסן. אָנקוקנדיק זי ביים ערשטן מאָל, דאַכט זיך אויס, זי לעבט, עס קאָכט דאָרט און רוישט, נאָר דערנאָך, אַז מען ווערט אַביסל איינגעוואוינט, זעט מען, אַז זי איז אין תּוך אַריין אַ מין גרויסע טונעיאַדעווקע. די איינוואוינער דאָרט עסן, ליגן זיך שלאָפן, שטייען־אויף ווי געוויינטלעך אַלע טאָג אין איין צייט. די צייט ווערט גערעכנט דאָרט נאָך דעם עסן, פאַר־נעם אָנבייסן, אַשטייגער, ביז וואַרעמס און פון וואַרעמס ביז וועטשערע, מחמת אָנבייסן, וואַרעמס און וועטשערע זענען דריי קרעטשמעס אין זייער לעבן, וואָס אהינצו גאַרט מען זיך צו דערשלעפּן אויף אַ פּאָפּאַס און עפּעס טאָן נאָכדעם, אַז מען

האָט פארבראכט א שטיק צייט מיט גאָרנישט אין א פוסטן סטעפ. מען זאָגט, יאקבי, טעטעריווקער לופט מאכט בטבע פויל, אָפּהענטיק און שלעפעריק. ווען עס פאלט אהינצו אריין עפּעס א מענטש מיט קוראזש, מיט א חשק עפּעס צו ווירקן, נעמט עס אין א קורצער צייט ביי אים צו אי דעם קוראזש, אי דעם חשק, און עס בלייבט אים מער נישט איבער ווי דער חשק צו עסן, צו שלאָפן, און אויפצושטיין בכדי ווייטער צו עסן און צו שלאָפן.

בנימין האָט דאָרט געזען די סטאנציעס פון די קליין־שטעטלדיקע סבאָרשטשיקעס און פּאָוויערענעס. אוועקפאָרנדיק פון דער היים האָבן זיי ארויסגעוויזן קוראזש און שטארקייט נאָך פיל מער ווי מען באדארף. מען מוז פאָרן, האָבן זיי אלץ גערדונגען און איינגעשמועסט דעם עולם, מען מוז פאָרן, זיך סטארען ארבעטן און איינלאדעווען מכוח דעם געלט אויף געוויסע קהלשע הצתרכות און מכוח נאָך אנדערע שטאָטישע זאכן, כאָטש זייער סטארען־זיך, ארבעטן און טאָן וועגן דעם איז אינגאנצן אן איבעריקע זאך, טאקע נאָר ווי א פינפט ראָד צום וואָגן, ווייל דערויף איז דאָ א סמעטע, און אלצדינג וועט געמאכט ווערן גאָר אָן זייער הילף. נאָר זיי האָבן אָבער פאָרט באקומען שטארק חשק, עס האָט זיך זיי משונה פארגלוסט, האָבן זיי גענומען ביים עולם געלט פאר זייערע ווייבער און קינדער אי פאר זיך אויף הוצאות און מארש אין וועג אריין אין א גוטער, אין א מזלדיקער שעה. אין טעטעריווקע קומענדיק איז זיי, מעשה שטן, באלד פארגאנגען דער חשק, — וואו בריהשקייט, ווען בריהשקייט! האָבן זיך אנידערגעזעצט אויף דער סטאנציע פויל, אָפּהענטיק, נאָר געגעסן, נעבעך, געטרונקען און געשלאָפן גלייך מען האָט זיי א כישוף אָנגעטאָן. אין דעם צושטאנד פארברענגען זיי, נעבעך, דאָרט זייערע טעג און יאָרן, דער עולם שיקט זיי אלץ צו, אויף דער בקשה, געלט און ווייטער געלט און זיי זיצן טאקע אלץ, גענעצן, עסן, שלאָפן, נעבעך, ווי די פארצויבערטע פרינצן, און ס׳איז פשוט אוממעגלעך זיי פון דאָרט ארויסצורייסן, אפילו קיין בעל־שם און קיין טאָטער קענען דערצו אויך נישט העלפן.

בנימינען האָט אָנגענומען א יצר־הרע זיך צו באקענען מיט די בארימטע געלערנטע און שריפטנשטעלער, וואָס אין טעטעריווקע. עפּעס איז ער דאָך אויך א שטיקל קענער, א חקרן, וואָס קוקט אריין אין די קליינע אותיותלעך און ווייסט, וואָס איז אזוינס א יידישער חקירה־ספר, פון וואנען די דאָזיקע לייט האָבן געשעפּט זייער תורה, זייער ידיעה און די שבע חכמות. היינט ווי שיקט זיך עס, קומען אהער און זיך נישט זען מיט זיין סאָרט מענטשן?! חוץ דעם האָט זיך אים

געוואָלט טאַקע איבערשמועסן מיט זיי וועגן זיין נסיעה, אַזעלכע לייט וועלן אים דאָך פאַרשטיין און קענען אָפּשאַצן דעם ווערט זיינעם. ער האָט געהאָפט, זיי וועלן אים נאָך געבן הסכמות און אים הייבן ווי אויף דרוקעס, זיי האָבן דאָך ליב ארויס־צוגיין מיט זייערע הסכמות אויף קלייניקייטן, שמאַכטעלייען, בפרט נאָך אויף אזא זאַך, אויף אזא וויכטיקע זאַך, דאָ וועט די פען זייערע זיך צעלאָזן גאַלאָפּ, גאַלאָפּ ווי א פערד.

נאָר צו וועלכן פון זיי בנימין איז געקומען, האָט ער אים אַלץ געטראָפן אָדער ער עסט, אָדער ער שלאָפט! איינמאָל איז אים געראָטן צו טרעפן איינעם פון די לייט — א ווילדער שרייבער, א משונה בארימטער בריה — ווי ער איז געזעסן אָנגעלענט אויף א באנקבעטל אין אן אָפּגעזונדערט חדרל.

— גוט מאָרגן!

— גוט יאָר! וואָס וויל א ייד?

— עט, אזוי, אביסל שמועסן!

אהין־אהער, עפּעס פּלאַטשיק דער עסק. דער בריה איז עפּעס ווי צעקראָכן, קוים וואָס ער רירט מיט די ליפּן, די נשמה ליגט אים אויף דעם שפּיץ נאָז און עס קלעבן זיך אים די אויגן. בנימין מינטערט אים, רעדט איבער אים ווי ער קען, נאָר אומזיסט די מי. ער איז קאַלט ווי אייז. ערשט דערנאָך האָט ער זיך אביסל אויסגעטשוכעט, א שטאַרקן גענעץ געטאָן און אריינגערופן דאָס ווייב.

— ווען וועט מען שוין גיין עסן? האָט ער זי א פרעג געגעבן און אויסגעקנאַקט די ביינער מיט א געשמאַקן גענעץ.

— לאָז מען שוין געבן עסן, ווארים איך וויל, האָט ער גע־זאָגט, איך וויל אביסל צוליינגן מיך שלאָפן...

הכלל, טעטעריווקע איז א גוטע ספּאַלניע, אַלצדינג שלאָפט דאָרט רואיק: אי דאָס געלערנטקייט, אי דער האנדל, אי די בענק, אי די פּראָצעסן (לאָדענישן) און אַלע מיני געשעפטן. ווי מען זאָל זיי נישט פּרואוון וועקן, קען מען זיי אַלץ נישט דערוועקן. אפילו ווען עטלעכע מענטשן פאַרקלייבן זיך א מאָל אינאיינעם, נעמט זיי באַלד אָפּ דאָס לשון, זיצן, גענעצן און קוקן איינער דעם אנדערן אָן ווי די גולמס, און די גאנצע גע־זעלשאַפט ווערט אנשלאָפן. ערשט ווען מען דערלאַנגט די וועטשערע, רירט זיך אין זיי אָן אבר, זיי ווערן לעבעדיק, נע־מען זיך געשמאַק צו דער אכילה, עסן אָפּ — און א גוטע נאכט! זיי גייען אהיים שלאָפן...

אונדזער בנימין האָט עס געפילט שפּעטער אויף זיך אליין. ער האָט דערנאָך אין טעטעריווקע נישט מער געטאָן ווי גע־געסן און געשלאָפן און דער חשק פון דער נסיעה איז אים עפּעס ווי פאַרגאנגען. ער איז געווען אין א גרויסער סכנה

פארפאלן צו ווערן דאָרט, אזוי ווי א שיף, וואָס כאפּט זיך אריין אין דעם שטילן ים, און אָפּשלאָפן דאָרט זיין לעבן ביז אצינד, ווען מיט אים זאָל זיך נישט געווען מאכן א מעשה, וואָס האָט ווי א שטורעמווינט, אויף זיין גליק און אויף דער וועלטס גליק, אים מיט גוואלד ארויסגעטריבן פון דאנען ווייטער צו זיין נסיעה.

די שנאה פון איציק פשטן צו בנימינען האָט וואָס א טאָג אלץ מער געוואקסן. ער האָט די לעצטע צייט ווי א זלודניע זיך איינגעגעסן אין בנימינען און זיך גענומען שטארק מפלפל צו זיין מיט אים איבער זיין נסיעה, אים לייגן שטיינער אויפן הארץ, אז דענסטמאָל, ווען דאָ אויף דער דאלאָניע וועט וואקסן האָר, וועט ער קומען צום סמבטיון, און זען די רויטע יידעלעך ווי ער זעט זיין אויער.

בנימין אָבער האָט זיך נישט געלאָזט שפּייען אין דער קאשע און אויסגעדרונגען, אז ס'איז דאָ אין דער וועלט א בורא, וואָס פארלאָזט נישט די, וואָס האָבן אין אים א בטחון. נישקשה, ער וועט, אם־ירצה־השם, מיט גאָטס כח דערגיין אהינצו, שונאים אויף צעשפּרינגעניש, און אז בנימינען פלעגט טענהנדיק זיך צעשפּילן די געבליטן, פלעגט ער ווערן פלאַמפייער און אין דער מיט שמועס אריינווארפן אויף א קול: פּיפּערנאָטער, לינדענוואָרעם, אייזל, מוילאייזל וכדומה! דאָס האָט געהייסן אזוי פיל ווי: בילט אויף די ציין, אָט בין איך שוין העט ווייט, אָט בין איך שוין דאָרט אין דער מדבר און גיי און גיי!...

איציק פלעגט דריי מאָל אויסשפּייען אין זאָגן: ער איז פּשוט משוגע, חסר־דעה, מען באדארף אים פירן צום טאָטער. און האָט צום סוף אזוי ווייט געבראכט, אז קוים האָט בנימין זיך געוויזן אויף דער גאס, זענען אים ווייסע־חברה נאָכגעלאָפן ווי נאָך א משוגעגעם מיט שטיינער, אים געמאכט א הורא און געשריגן: פּיפּערנאָטער, לינדענוואָרעם!

איינמאָל, אז בנימין מיט סענדערלען זענען פארנאכט געגאנגען ביידע אין גאס, איז חברה זיי באפאלן ווי די היישעריקן און זיי שטארק דאָקוטשעט, אזוי אז זיי האָבן געמוזט אנטלויפן מיט הינטערגעסלעך. אין איינעם פון די ענגע געסלעך, האָבן זיי לויפנדיק בארג-אראָפּ איבער א לאנגער, שמאָלער קלאדקע איבער א טייך זיך באגעגנט דאָרט סאמע אויף דער מיט מיט א מענטשן, וואָס איז זיי געקומען אקעגן. אויסמיידן זיך דאָרט איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט, סיידן אראָפּשפּרינגען און צעשלאָגן דעם קאָפּ, אָדער וויניקסטנס זיך אויסברעכן א פוס. די ביידע זאכן אָבער האָבן אונדזערע פארשוינען באדארפט האָבן גוויטיק אין לעבן אריין. אָן א קאָפּ

אָדער אָן א פּוס וואָלט דאָך קיין סברא נישט געווען צו מאכן זייער נסיעה. און בנימין מיט סענדערלען זענען געבליבן שטיין מיט אראָפּגעלאָזענע נעזער.

— א־א, שלום עליכם, בנימין! — האָט יענער פאַרשוין, וואָס איז געקומען אקעגן, א זאָג געגעבן מיט א פאַרדראָס אי מיט א געלעכטער, אינאיינעם. — א גוטע באַגעגעניש, כ׳לעבן, אַזוי ווי געוואונטשן!

— שלום עליכם, עליכם שלום, רב אייזיק־דוד! — האָט בנימין געענטפערט נישט מיט זיין קול שטאַרק צעמישט.

דער דאָזיקער פאַרשוין איז געווען רב אייזיק־דוד רב אהרן יאָסלס שרה־זלאַטעס, דער חכם פון טונעיאַדעווקע.

— שיינע מענטשן! — האָט רב אייזיק־דוד געמאַכט מיט תרעומות. — מען פאָרט אַוועק פון דער היים בגנבה, גלאַט אַוועק, פאַר וואָס, פאַר ווען? וויים איך? אַלצדינג מוז דאָך זיין עפּעס מיט א גאַנג, מיט א דרך הטבע. וואָס הייסט גלאַט אַוועק און מאַכן ווייבער, נעבעך, אָן א שום גאַנג, פאַר וויסטע עגונות, מאַכן ווייבער! וויים איך, סטייטש, אדרבה, שוין אַוועקגעשטעלט אַלצדינג אין דער זייט, פרעג איך אייך נישט מער, נאָך א מאָל טאַקע, אדרבה, סטייטש, סטייטש? ! פאַר־קערט, זאָגט, וואָס טוט איר דאָ? איך מיין טאַקע דיך אויך, סענדערל. נישקשה, איך זע דיך ווי דו שטייסט פון הינטן. דיין ווייב, סענדערל, וועט דיר, נישקשה, געבן, גוט מכבד זיין וועט זי דיך, דיין ווייב. ווי א הערינג, אַזוי אין כעס איז זי, וואָלט זי דיך צעריסן, דיין ווייב. דאָס האַרץ אָבער האָט איר געזאָגט, אַז דאָ מוזט איר אַוודאי זיין, האָט איר געזאָגט דאָס האַרץ, דיין ווייב, און זי האָט געוואָלט נישט אַנדערש פאָרן נאָר אַהער, האָט זי געוואָלט נאָר מיט מיר, דיין ווייב.

— הא, ער איז דאָ! — האָט א געשריי געטאָן א יידענע, וואָס איז אונטערגעקומען פון הינטן צו רב אייזיק־דודן.

סענדערל האָט אין קול דערקענט זיין בחורטע. ער איז גע־וואָרן טויט ווי די וואַנט און געבליבן אָן א נשמה פאַר שרעק. ער האָט מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט אין בנימינס פּאָלע, ער זאָל נישט אַראָפּפאַלן פון דער קלאָדקע, אַזוי האָט אים זיך דער קאָפּ פאַרדרייט. עס האָט אים זיך געדאַכט, אָט נעמט אים שוין אָן זיין ווייב און פּעטש שיטן זיך אים ווי האָגל.

— קוקט נאָר אָן די נפשות, די שיינע נפשות! א, די כפרה זאָלן זיי ביידע ווערן! הא, וואו איז ער דאָרט ערגעץ, מיין ימח־שמוניק? לאָזט מיך נאָר צו אים צו אביסל, לאָזט מיך, איך וועל אים ווייזן, וואָס פאַר א גאָט מיר האָבן!

אַזוי האָט אין איין אָטעם געשריגן סענדערלס ווייב און געשטופּט רב אייזיק־דודן.

— נאָר אָן געשריי, אָן רעש! — האָט רב אייזיק־דוד, זי געבעטן. — האָט נאָר צייט. אז איר האָט אזוי פיל געווארט, ווארט־זשע נאָך אביסל. קיין עגונה, מיט גאָטס הילף, וועט איר דאָך שוין קיין עגונה נישט זיין. און ווייטער, ווי זאָגט מען עפּעס, הא? אויך די אייגענע מעשה, א יידענע בלייבט טאקע א יידענע. דאכט זיך, א קלוגע, און פּאָרט א יידענע. לאָמיר שמועסן די אייגענע זאך פּארקערט, מילא, מה רעש? ס'איז נישט מער גלאט פּארדראָסיק: גלאט אוועק, פאר וואָס, פאר ווען? אלצדינג מוז דאָך זיין עפּעס מיט א גאנג, פארשטייט, איר מיך? נאָר אז ס'איז שוין אזוי, איז דאָך שוין טאקע אזוי, הײנט ווי באלד ס'איז אזוי, איז דאָך טאקע די קשיא, צו וואָס נאָך שרייען? דער תירוץ איז אָבער, איך בעט אייך איבער, ווי אן אייגענע מוטער: א יידענע, מחילה, בלייבט טאקע א יידענע.

רב אייזיק־דוד האָט זיך ערשט צעוויגט און געוואָלט, ווי זיין שטייגער איז, דעם שמועס זיינעם איבערשמועסן ווידער פּארקערט, דערנאָך ווייטער א מאָל פּארקערט און ארייננעבן דרינען אביסל פעפער מיט ציבעלע, נאָר פון ביידע זייטן קלאדקע זענען געשטאנען א סך מענטשן, וואָס זענען דערוועיל אָנגעקומען. זיי האָבן פונדערווייטן זיך שטארק געבייזערט דע־רויף, וואָס יידן האָבן זיך אנידערגעשטעלט דאָ שמועסן, גלייך ווי עס גייט זיי נישט אָן די גאנצע וועלט, און לאָזן קיינעם נישט אריבערגיין.

די קלאדקע איז אזוי שמאָל געווען, אז צוויי מענטשן האָבן דאָרט זיך נישט געקענט מיידן. די וואָס פון איין זייט האָבן תמיד געמוזט ווארטן ביז יענע פון דער אנדערער זייט וועלן פריער אריבער, דעריבער האָט סענדערלס ווייב מיט רב אייזיק־דודן געמוזט צוריקגיין צו יענער זייט קלאדקע, פון וואנען זיי זענען אָנגעקומען, דעסגלייכן סענדערל מיט בנימי־נען האָבן אויך צוריקגעקערט זיך צו דער אנדערער זייט און ערשט דערנאָך האָט, פון דער דאָזיקער זייט טאקע, דער עולם אָנגעהויבן איבערצוגיין די קלאדקע.

— איך בעט דיך, סענדערל, וואָס שטייען מיר דאָ אזוי, און ווארטן? — האָט זיך אָנגערופן בנימין, וואָס איז פריער צו זיך געקומען. — עפּעס שטייען מיר דאָ, אזוי גלייך ווי מען בינדט צו א יינגל מיט אן עק פאָדעם אין מויל און מיט דעם אנדערן צום פיסל פון טיש. נארעלע, איצט האָבן מיר צייט ניצול צו ווערן.

— גערעכט, ווי איך בין א ייד! — האָט סענדערל א זאָג געטאָן פריילעך, ווי איינער וואָס רייסט זיך ארויס פון דער קלעם. — גיכער, גיכער, בנימין! אויב דו ווילסט, איך זאָל

נישט אריינפאלן אין אירע הענט. דאָס איז נישט קיין קלאדקע, נאָר זכות־אָבות האָבן דאָ פאר אונדז זיך געלייגט.

אונדזערע פארשוינען האָבן געמאכט געשווינד א פליטה און אין עטלעכע מינוט זענען זיי שוין געווען ווייט ערגעץ אין אן אנדער עק שטאָט. זיי האָבן נישט געמאכט לאנג שהיות, פארנומען באלד זייערע פעקלעך און זיך געזעגנט מיט טעטעריוווקע.

## דאָס צענטע קאפיטל

# הורא, רויטע יידלעך!

— היי, וויאָ, וויאָ! — האָט אויף דער קעלניע פון א בויד הייזעריק געשריגן א שמייסער און איז שיער מיטן די־שעל נישט ארויפגעפאָרן אויף צוויי ווייבלעך, וואָס זענען גע־שטאנען אין דער מיט גאס, סאמע די לעבעדיקסטע פון גלופ־סקער גאסן, ביידע מיט טאָרבעלעך שפּייז: פלייש, רעטעכלעך, ציבעלע, קנאָבל, אונטערן אָרעם, און האָבן איינע דער אנדע־רער איינגערוימט סודות אי אויסגעגאָסן דאָס הארץ שרייענדיק אויף א קולכל, אז מען האָט אים געקענט הערן ווייט פאר א מייל.

די ווייבלעך זענען אין מיטן שמועס זיך צעלאָפן, איט־לעכע אין אן אנדער זייט גאס, און זיך געשטעלט פונדער־ווייטנס צו ענדיקן זייער שמועס, אריבערשרייענדיק מיט א ניגון איבער בוידן, דראָזשקעס, טעליגעס און פורלעך האָלץ, וואָס האָבן זיך געצויגן איינע הינטער דער אנדערער אין א גאנץ לאנגער שורה, אזוי אז א היפּשע צייט איז ריין אוממע־גלעך געווען די גאס איבערצוגיין.

— כאסיע־ביילע! נו, וועסט דו היינט ביי דער נאכט קו־מען אהינצו — צו דער קאָרטנוואָרפערין? איך וועל דאָרט זיין מיט מיינעם... דיינער וועט אויך אהינצו קומען, ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל דיר זאָגן, עס וועט דאָרט זיין פריילעך קום נארעלע, וועסט, כ׳לעבן, הנאה האָבן! נו, כאסיע־ביילע וועסט דו קומען?

— מיין באַלעבאָסטע, ברענען זאָל זי, וויל מיך היינט מכבד זיין מיט ראָשטשינען ברויט און איבערדרייבן גרייפּלעך. איך וועל מיך אָבער אויסדרייען און קומען. נאָר איך בעט דיך, דאָבריש, לאָז עס זיין בסוד, זאָג נישט קיינעם.

— ווארט נאָר, כאסיע־ביילע, ווארט! דער רוח וועט דיין

באלעבאָסטע נישט נעמען, אז דער װאָרמעס װעט שפּעטער מיט א שעה ארויסקומען. זי וויל פּרעסן? נו, לאָז זי עסן ווערעם, קרענק! איך האָב גאָר פאַרגעסן, כאַסיע־ביילע! זיפּ נישט איבער אזוי די מעל. די מעלערקע איז נישט צופרידן פון דיינע קלייען. וויפיל איז דיר געבליבן היינט פונעם אָנקויפן?

— שייגעץ, שייגעץ! כאַפּט אים נאָר, דעם שייגעץ! וואָס איז עס פאר א מאָדנע כאַפּן? א, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן!

— וואָס איז דאָרט, כאַסיע־ביילע? וואָס שרייסט דו אזוי?

— א קאַרמאַנשטשיק, דאָבריש! ער האָט ביי מיר שיער־שיער נישט ארויסגעשלעפּט דאָס טאָרבעלע שפּייז פון אונטערן אָרעם. א מערכה וואָס איך האָב באַצייטן מיך אַרומגעקוקט.

— זע נאָר, זע כאַסיע־ביילען! וואָס איז דאָרט אזא צו־כויפלויפעניש? עס מוז שוין ווייטער ערגעץ ברענען. ס'איז שוין היינט די צווייטע שרפה. ביז נאַכט קען זיין נאָך עט־לעכע שרפות.

— מען הערט נישט קלינגען, דאָבריש. א שרפה וואָלט מען דאָך געקלונגען.

— שאַ, אָט גייט די מעקלערין. איך וועל זי א פרעג טאָן. סימע־דוואָסיע! סימע־דוואָסיע! וואָס לויפט מען דאָרט עפּעס אזוי?

— איך ווייס נישט, קיין צער! אפשר ווייסט נחמה־גיסע. נחמה־גיסע! וואָס איז דאָרט פאר א רעדל, סערדצע? אייערע קאַטשקעס שרייען עפּעס, אז מען הערט ניט וואָס מען רעדט — האָדל איז היינט געלעגן געוואָרן, זי וועט ביי אייך צונעמען די קאַטשקעס. הינער האָט איר אויך? זייער פעטע קאַטשקעס. אייער איז היינט נישט געווען זיך צו דערקויפן. וואָס איז דאָרט אזא מהומה?

— ווייס איך? עפּעס רויטע יידלעך. עפּעס האָב איך גע־הערט שרייענדיק: רויטע יידלעך.

— וואָס, עס זענען אָנגעקומען רויטע יידלעך! איי־איי־איי! מען מוז דאָך גיין אָנקוקן אויף חידושים, — האָבן אלע מיט־אמאָל א געשריי געטאָן און זיך געלאָזט לויפן הענדום־פענדום צום רעדל מענטשן.

— הורא, פּיפּערנאָטער, לינדענוואָרעם! הורא, רויטע יידלעך! — האָבן צווישן דעם רעדל מענטשן געשריען א גאַנצע כאַפּטע ווייסע־חברה.

די דאָזיקע רויטע יידלעך — דאָס זענען געווען אונדזערע פאַרשווינען בנימין מיט סענדערלען, וואָס אין א קורצער צייט נאָך יענער מעשה, וועלכע עס האָט מיט זיי זיך געטראָפן אויף

דער קלאָדקע, זענען זיי אָנגעקומען קיין גלופּסק און האָבן דאָרט במשך פון א פּאָר וואָכן שטארק קונה־שם געווען. ס׳־האָבן זיך געפונען א סך ערלעכע יידן, וואָס האָבן פון זיי פשוט אָנגעקוואָלן, ממש אזוי ווי פון דעם שוסטערל, וואָס ער איז אין יענער צייט דורך זיינע מופתים אין גלופּסק פּלוצים נתגלה געוואָרן.

טאָלצע און טריינע, צוויי געוויסע אַלטע יידענעס, כשרע נשמות, וואָס פלעגן, ווי איטלעכן איז באקאנט, אלע טאָג פּאר־נאכט שבתדיק זיך אָנטאָן מיט דער יופּע אי מיט דעם שטערנ־טיכל און ארויסגיין אונטער דער שטאָט באגעגענען משיחן, — אָט זיי זענען דאָס געווען די גליקלעכע אין איין פארנאכט צו באגעגענען אויף יענער זייט ראָגאטקע אונדזערע פארשווינען ביים אָנקומען זייערן פון טעטערייווקע און אין א גוטער שעה ארייננצופירן זיי אין גלופּסק. באלד טאקע ביי דעם ערשטן באַ־געגעניש האָבן שוין דיביידע יופּעס זיך דערוואוסט אלצדינג, ווען גאָט האָט דאָ באשערט. טאָלצע מיט טריינען האָבן פארוואונדערט זיך אָנגעקוקט, איינע די אנדערע זיך געשטור־כעט : נו, טריינע ? — נו, טאָלצע ? — האָבן זיי זיך גע־שושקעט, דאָס הארץ אָבער האָט אונדז גלייך געזאָגט, אז דאָס זענען עפּעס נישט גלאט קיין מענטשן. טאָלצע און טריינע האָבן זיך געשמאָלצן אין אונדזערע פארשווינען. זיי זענען עפּעס ווי יינגער געוואָרן, עס האָט זיי זיך געפרייט דאָס הארץ הערנדיק פון דער נסיעה, זיי האָבן געקוקט אויף זייערע באַ־שערטע און זיך אלץ געשטורכעט מיט א שמייכעלע : נו, טריינע ? -- נו, טאָלצע ?... טאָלצע האָט זיי אונטערגעארבעט זאָקן, טריינע האָט זיי פארלאטעט העמדער, צוגענייט בענדלעך און זענען געווען גליקלעך, איבערגליקלעך, אקוראט ווי כלה־ווייז, אמאָל אין די יונגע יאָרן. הכלל, אונדזערע פארשווינען האָבן אין גלופּסק אויף זיך געפונען מבינים. אזעלכע לייט ווי זיי קען טאקע נאָר איין גלופּסק שאצן און פארשטיין זייער טייערן ווערט.

אהין אין גלופּסק אריין, איר יידישע קינדער ! וואָס וואַל־גערט איר זיך, נפשות, שיינע מענטשן, און ווערט ווי בטלנים פארפאלן אין די קליינע שטעטלעך אונטערן אויוון ? ! אין גלופּסק אריין, צו אלדי שווארצע יאָר ! דאָרט וועט איר געפי־נען אייער גלייכן, דאָרטן ווארטן אויף אייך אייערע טאָלצעס, אייערע טריינעס און כשרע נשמות, דאָרט קענט איר וואקסן, דאָרט קענט איר אויפגעריכט ווערן, דאָרט קענט איר געפעלן, שטארק גילטן, א פּנים האָבן און ערשט לעבן !...

אין גלופּסק, א רוח אין אייער טאַטן אריין !

אָט ווו אזוי אונדזער בנימין שילדערט די שטאָט גלופּסק :

אז איר קומט אָן קיין גלופּסק דורך דער טעטעריווקער גאַס, זאָלט איר מוחל זיין איבערשפּרינגען דאָרט איין בלאָטע, ווייטער אביסל די צווייטע, נאָך ווייטער אביסל די דריטע, סאַמע די גרעסטע, וואָס אהינצו לויפן אריין, מחילה, רינשטאָק־לעך אי באַלעבאַטישע פּאַמוינ־יצעס און ברענגען מיט זיך אָן פון כל טוב. איטלעכן טאָג עפּעס אַן אַנדער מין סחורה, אַנ־דערע סאָרטן חפצים פון אַלערליי קאָלירן און פאַרשיידענע מיני ריחות, ווי עס פּאַסט צום ענין. און דורכדעם איז זייער גרינג צו טרעפן דעם טאָג. גיסן זיך אהין, אַשטייגער, געלע לוזשקעלעך פון זאַמד, מיט וועלכן מען וואַשט די פּאָלן, און טראָגן מיט זיך אָן לישקעס פון פיש, דרויב־פּיסלעך, קעפּלעך פון הינער, אביסל האָר מיט פאַרברענטע שטיקלעך קאָפּיטעס, — זאָלט איר האָבן א סימן: היינט איז פרייטיק, נעמט א בעזעם מיט א ראַשקע און לויפט, זייט מוחל, אין מרחץ אריין. טראָגן זיך אהינצו אָן שאָלעכץ פון אייער, פון ציבעלעס, פון רעטעך, סובעזשילעס פון לעבער מיט עקן פון הערינג און גרויסע אויסגעהוילטע מאַרכביינער, — אהא, גוט שבת אייך, יידישע קינדער! זאָל אייך וואויל באַקומען נאָכן קוגל. זעט איר אָבער די רינשטאָקלעך קוים־קוים וואָס זיי רירן זיך, עס שלעפּן זיך פּאַרט פאַרברענטע שטיקלעך קאַשע, פאַרדאַרטע שטיקלעך טייג, א צעריסענע שמאַטע מיט א צעפּאַלענעם ווי־בעטש, איז א סימן: דאָס איז היינט זונטיק. דער וואַסער־פירער האָט נאָך נישט געבראַכט קיין וואַסער, קוים וואָס מען האָט אויסגעזויגן אביסל פון דער פּאַס אויף אויסצוואַוואַשן ווי־ס'איז כאָטש די טשאָלנט־טעפּ מיט די מאַקעטערס. און אַזוי אין אַלע איבעריקע טעג פון דער וואָך האָט איטלעכע לוזשע איר באַזונדער פּנים, איר באַזונדער געשטאַלט מיט איר באַ־זונדער ריח.

און אַז איר זייט בשלום איבערגעקומען אי די דאָזיקע בלאָטע אויך, וועט איר, רבותים, גיין פאַרביי א היפּשן בערגל מיסט, דאָס איז אַן איבערגעבליבן זכר פון אַן אָפּגעברענט הייזל, וואָס אויבן שטייט געווייינטלעך א בהמה, גלייך ווי א קעלבייער מגיד, איז גאַנץ רואיק זיך מעלה־גרה, מאַכט מיט דעם מויל און קוקט תמעוואַטע אויף דעם גאַנצן עולם יידן, וואָס לויפן אונטן ווי די פאַרסמטע מיט אַלערהאַנד שטעקנס, שטעקלעך אי פאַראַסאָלן. טוט דערביי אַמאָל א סאָפּע, אָדער א קיאישן זיפץ, טאַקע נאָר גלייך ווי זי וואָלט געזיפצט און גע־קרעכצט, משטיינס־געזאָגט, אויף דעם דאָזיקן עולם, אויך אויף איר שלים־מזל, וואָס זי איז, נעבעך, אריינגעפאַלן אין יידישע הענט... איבערקומענדיק אי דעם בערגל, וועט איר גיין גלייך, גלייך, אַלץ גלייך. אפשר וועט איר, לא יעלה ולא יבוא, זיך א

זעץ געבן אין די שפּיצעכדיקע שטיינער פונעם ברוק, וואָס ליגן צעזייט, צעשפּרייט משונה־ווילד, און, חס ושלום, פאַלן, זאָלט איר מוחל זיין אויפשטיין, אויב איר וועט קענען, און אלץ טאקע גיין, גיין, באם איר האָט נאָר נישט אויסגעבראָכן קיין פוס, חלילה, ביז איר וועט קומען אויף עפּעס א מין פּלאץ. דאָרט אויף דעם פּלאץ וועט איר געפינען דעם תמצית פון גלופּסק.

און ווען ס'איז נאָר א סברא טעטעריווקער גאס אָנצורופן דעם מאָגן פון גלופּסק, קען מען נאָכדעם שוין מיט רעכט זאָגן, אז דער דאָזיקער פּלאץ איז איר הארץ, וואָס דאָרט קלאפּט זיך תמיד טאָג אי נאכט און וואָס דאָרט איז איר חיות, דאָס גאנצע לעבן. דאָרט שטייען קלייטן, קלייטעלעך, שאפעס און די באַקאנטע גנבה־שאפקעלעך, וואו באלמעלאָכעס זעצן דאָרט אָפּ דעם יתיר: שטיקלעך מאטעריע, טאשמעס, בענדלעך, סאמעט און שטיקלעך פעלץ. דאָרט הודעוועט זיך זייער שטארק, עס שווינבלט און גריבלט, א געדיכטער עולם אָן עין־הרע: יידן שטופּן זיך און כאפּן, נעבעך, פון איטלעכער זייט דישלעס פון וואָגנס און פארקעס. דאָקטוירים זאָגן, באשר אז מען פּאלמעסט א גלופּסקער יידן, געפינט מען דאָס רוב ביי אים אין לייב שטעקט א דישעל. נאָר אויף גלופּסקער דאָקטוירים קען מען זיך נאָך נישט סומך זיין, די רופאים שפּילן דאָרט א סך א גרעסערע ראָלע. דאָרט הערט מען תמיד א קול: „הייסע באבקעס, יידעלעך! אהער, הייסע רעטשאניקעס, קנאָבל, ציבעלעס, יידישע קינדער! פון אָפּגעריסענע יינגלעך, וואָס גייען ארום און שרייען מיט עפּעס א משונה ניגון. דאָרט כאפּט מען א מאָל פארנאכט א דאוון, מען איז מחדש גאנץ הויך די לבנה און מען שרייט דערביי צו זיטלעכן, וואָס גייט נאָר פארביי: שלום עליכם, פעטער! דאָרט שטייען טרעגערס ארומגעגארטלט מיט גראָבע שטריק, אויסגעדינטע סאָלדאטן מיט אלטע כאָליעוועס און אויסגעריבענע שינעלן, טאנדייטניקעס מיט אזעלכע תחתונים, קאפּטנס, לייבלעך און נאָך אלערליי שמאטעס. אין מיטן שטייט דער פאני סטאָראָזש און עסט געשמאַק א שטיק יידישן קוילעטש, וואָס ער באקומט שבת פאר די ליכט אָפּשנייצן, און היט זיך, להבדיל, ווי א שמורהניק, בשעת ער גיט א בים, עס זאָל, חלילה, קיין ברעקל נישט אַראָפּפאלן. קעשענע־גנבים דרייען זיך דאָרט ארום צו מאכן די קונץ. עפּעס א פארשמירט מיידל מיט צעשויבערטע, צעפּאטלטע האָר שפּרינגט פּלוצים פון דער העלער הויט ארויס, רעוועט, בעט א נדבה אויף א צעריפּעטן קול, כאפּט אָן פאר דער פּאָלע און שרייט, כאָרכלט ווינענדיק, גלייך ווי איר וואָלט זי געקוילעט און צוגענומען ביי איר געלט. א פעקל ווייסע־חברה

לויפֿט דאָרט מיט אַ אוי־אַ נאָך עפּעס אַ משוגענעם, וואָס זינגט טרויעריקע לידלעך, האַלב־יידיש, האַלב־פּויליש, און טראָגט אויפֿן קאָפּ אַ צעקנייטשט קאַפּעלושל. דאָרט שטייט אַ בחור מיט עפּעס אַ מין קעסטעלע, יידן קוקן אַהינצו אין לאָך און ער רעדט דערבײַ מיט פּיסקעס זײַן געוויינטלעכן פּזמון: דאָס איז לאָנדאָן, דער פּויפּס פּאָרט דאָ רײַטנדיק אין רויטע הויזן און אַלע שטייען פֿאַר אים אָן אַ היטל! איצט זעט איר, ווי נאַפּאָלעאָן מיט זײַנע פֿראַנצויזלעך שלאָגן זיך מיט דעם פּרייס און די פּרייסן צעלויפֿן זיך ווי די טאַראַקאַנעס! אָט אַצינד קומט פֿאָר, ווי איינע פּאָרט אײַנאײַנעם מיט דער תוגר אין איין קאַרעטע, דער גראָסאָפּעציר האַלט די בײַטש און טרײַבט אָן. די פֿערד האָבן זיך איבערגעשראָקן, אויכגעקערט די קאַרעטע, דער תוגר, נעבעך, איז געפֿאַלן, זיך אַ גוטן זעץ געטאָן, און זי זוכט אין אײַלעניש ווי זיך אויסצודרייען! נו, אַ סוף, גענוג שוין צו קוקן פֿאַר אַ האַרטן גראָשן. דאָרט זיצן שורות־ווײַן אויסגעזעצט יידענעס מיט מולטערס, פֿול אָנגעלייגט מיט בינטלעך קנאָבל, מיט אוגערקעס, קאַרשן, אַגרעסן, ווײַנפּערלעך, ארץ־ישׂראל־עפּעלעך, כּל־נדרי־באַרלעך און מיט נאָך אַנדערע זאַכן. אין דער זײַט שטייט אויף הינערשע פּיסלעך אַן אַלטע אײַנגעהויקערטע בודקע, אָן טיר און פֿענצטער, וואָס כּפֿי אַלטע גרייז־גרויע יידן דערציילן, איז אַמאָל דאָרט געשטאַנען אַ בורדאַטשניק און די גאַנצע שטאָט איז דעמסטמאָל געלאָפֿן אָנקוקן די בודקע מיט דעם סאָלדאַט אויף חידושים. לעבן דער אַלטער בודקע, מיט וועלכער גאַנץ גלופּסק איז זיך מייחס ווי מיט עפּעס אַן אַלטן קרעפּאָסט, דאָרט אונטער עפּעס אַ קליין דעכל באַדעקט מיט עטלעכע פֿאַרשימלטע ברעטלעך, מיט איבערגעפֿילטע שטרוי און ראָגאָזשעס, אָנגעשפּאַרט אויף פֿיר קרומע אויסגעבויגענע סלופּעס, זיצט דוואָסיע די סעדעכע, אַרומגערינגלט פֿון אַלע זײַטן מיט מולטערס. בײַ איר געפֿינט זיך תּמיד איר גרויסער פּייערטאָפּ, וואָס ווינטער זיצט זי אויף אים, ווי אַ קוואָטשקע אויף די אייער, דעם גאַנצן טאָג כּסדר, נאָר וואָס זי כאַפּט אים אַמאָל פֿון אונטער זיך אַרויס אונטערצובלאָזן די קוילן און אַרויסצונעמען פֿונעם אַש געבראָטענע קאַרטאָפֿלעס.

פֿון יענע יידן, אַזוי גייט אַרום צווישן עולם אַ גאַנץ אַלטע אַגדתא, פֿון יענע יידן, וואָס שלמה המלך האָט געשיקט אויף שיפֿן קיין אופֿיר נאָך גאָלד און אַנדערע מיני אויסלענדישע סחורות, זענען אַ סך, מחמת כּמה טעמים, איבערגעבליבן דאָרט. זיי האָבן מיט דער צײַט געפֿינט אין אינדיע זייער טײַערע קלייטן אי גרויסע קאַנטאָרן, האָבן געהויבן בײַ די דאָרטיקע דײַטשן שטאַרקע הקפֿות און אַלערליי קאָמיסיעס און דאָס מזל

האָט זיי א לאַנגע צייט שטארק געדינט. דערנאָך אָבער האָט זיך איבערגעדרייט דאָס רעדל און אונדזערע סוחרים האָבן זיך געשטעלט און געמוזט עוקר זיין. א טייל פון זיי זענען פאַר־פאַלן געוואָרן אין דער מדבר, א טייל זענען בשלום אריבער די גרענעץ, האָבן זיך געזעצט אין אָקרענטן און געזעגלט אויף דער פּיאטיגאָרסקיע, וואָס איז אין יענער צייט אריינגעפאַלן גלייך אין ים אריין. אזוי האָבן זיי געזעגלט, געזעגלט ביז פּלוצים איז אויפגעשטאַנען א שרעקלעכער שטורעמווינט, די כוואַליעס האָבן זיך אויפגעהויבן ביז דעם הימל, האָבן צע־שלאָגן די אָקרענטן און ארויפגעוואָרפן די מענטשן אויפן ברעג. דאָרט האָבן זיי אויסגעבויט א שטאָט און זי א נאָמען געגעבן גלופּסק.

די חוקרי קדמוניות, וואָס קענען מיט זייער גרויס חכמה מאַכן פון א גאָרנישט א מושקאטקויל, האָבן פון דער דאָזיקער אגדתא געמאַכט א גאַנצן פּירוש און אויסגעדרונגען מיט טויזנ־טער שאַרפע שפּיצלעך, ווי זייער שטייגער איז, אז דרינען ליגט א שטיק אמת. די ראיות, וואָס זיי ברענגען דערויף, זענען: ערשטנס, דער פּאַסאַן פון די הייזער, וואָס איז עפּעס משונה־ווילד, נאָר אויף דעם אַלטן שניט, ווי מיט טויזנטער יאָר צוריק, אז מענטשן זענען נאָך געזעסן אין געצעלטן און זיך געוואַל־גערט אין לעכער. פיל הייזער זענען דאָ אין גלופּסק, וואָס זעען באמת אויס נאָר ווי לעכער און א סאַך האָבן א פּנים ווי די געצעלטן פונעם טאַטער; פון זייער אָנבליק און פון זייער שטיין זעט אויס, ווי זיי זענען איינער מיט דעם אנדערן עפּעס נישט שווה בשווה. דו שטייסט אריינגערוקט, ווייל איך מיר שטיין, דיר אויף צו־להכעיס, ארויסגערוקט; דו שטייסט פּאַפּערעק, איך וויל מיר שטיין קאַפּויר; דו ווילסט אין דרויסן א טרעפּל און איך — דווקא א לייטערל, ווער עס באַדאַרף, ווערט נישט קראַנק זיין קלעטערן. און אז דו האָסט שוין יאָ עפּעס משונה הויך פאַריסן דיין פאַרלאַטעט דעכל, נו האַלט איך מיר מיין דעכל דווקא אראָפּגערוקט. געשמאַיע דיר פאַרפּול! ווען עס נעפּעלט נישט, לאָז זיך צומאַכן די אויגן... — קורץ, דאָס אלצדינג איז מרמז אויף אַלטע, גאַנץ אַלטע צייטן, — צווייטנס, די מנהגים פון די איינוווינער. צווישן זיי זעט מען נאָך עד היום אזעלכע מנהגים, וואָס קומען ארויס פון די היידן, צווישן וועלכע זיי האָבן אין פריערדיקע צייטן זיך אויפגעהאַלטן. דער כּתב און חכמת החשבון איז דאָרט נישט שכיח, אזוי אז אלע עניני הקהלה און אלע הברות דאָרט ווערן געפירט אָן ביכער און די פירער גיבן קיינעם נישט אָפּ קיין חשבון. — דריטנס, די כּתות, די מענטשן טיילן זיך דאָ אויך אין פאַרשיידענע כּתות, ווי א מאָל ביי די אינדיאַנער:

זוי אשטייגער, די כתה כאפּלאפּער, סאמע דער צימעס, וואָס געוועלטיקן ביד רמה; די כתה בלאטהאלטער, זאשטשיטניקעס, וואָס האלטן שטאָל און אייזן, קריגן און שלאָגן זיך פאר די כאפּלאפּער מיט דעם שונא און נעמען דערפאר ביי זיי געוויסע זשאלאָוואניעס און אומזיסט פלייש. די כתה וחלקלקער, ארויפפירער אויף א גליטש און וואָס אליין דרייען זיי זיך אוים גלאט ווי אויף א טעלער. די דאָזיקע לייט צעפאלן אויף קומ־מיות־זאָגער, וועלטלעכע מענטשן, וואָס האָבן צו זאָגן אין עניני המסחר, און אויף צבועקאנער, כלי־קודש, וואָס האָבן צו זאָגן אין עניני האמונה; די כתה גלופּאָ־טרוסאָ־בעזיאזיקאָ־קאבצאָ־נער, דער פּראָסטער אָרעמער עולם, וואָס איז שטארק נכנע די אלע איבעריקע כתות און באקומט פאר זיי דאָס ניין־יעריקע קדחת. — היינט, פערטנס, די מטבע, וואָס מען האָט אמאָל בשעת גראָבנדיק די גרעבליע, דאָרט געפונען. פון איין זייט איז זי געוועזן שטארק אָפּגעריבן, קוים־קוים וואָס מען האָט ארויסגעזען עפּעס ווי א שטיקל פארטוך צוגעטשעפּעט צו א שטעקן, אונטן עפּעס ענלעך אויף א מולטערל, פון וואנען עס האָבן ארויסגעשטעקט שטיקלעך קעפּ. פון דער אנדערער זייט איז די מטבע געוועזן כמעט גלאט, נאָר אז מען האָט זיך גוט צוגעקוקט, האָט מען דערקענט אלטמאָדישע כתיבהטע אותיות יאשלג וענפּ. די געלערנטע האָבן אויף דער דאָזיקען אויפשריפט זיך געבראָכן די קעפּ און ארייַנגעלייגט דרינען פשטים, איטלעכער אויף זיין גאנג. א טייל האָבן געהאלטן אין דער סבֿרא, אז די י׳ און די ג׳ ביים אָנהייב און סוף וואָרט יאשלג זענען גאָר נישט קיין אותיות, נאָר שטיקלעך פון טשאטשקעלעך, וואָס זענען פון דער צייט אָפּגעריבן געוואָרן, בכן מאכט עס אשל א בוים וענף און א צווייג און דאָס איז דער שטעקן מיט דעם פארטוך. ווידער א טייל האָבן עס דער־קלערט גאָר אנדערש און די געלערנטע האָבן דערמיט מרעיש עולם געווען, ביז דערנאָך איז געקומען איינער מיט אָפענע אויגן, און האָט דרינען דערזען גאָר ראשי תיבות, וואָס זיי מאכן יהודי אופיר (אָדער אינדיאָ) שבאו לכאן (אָדער לק״ק) גלופּסק ונתישבו על נהר פּיאטיגנילעווקע. דער שטעקן מיט דעם פארטוך און מולטערל מיט די קעפּ, דאָס באטייט אָן אָקרענט מיטן זעגל און מיט פארשווינען. דער דאָזיקער געלערנ־טער האָט איבער דעם געמאכט זייער א דיקן ספר און ווענ־דעט זיך דאָרט צום עולם מיט א בקשה, אז מען זאָל רייניקן דעם טייך, וועט מען דאָרט זיכער געפינען א סך אלטע זאכן, וואָס וואָלטן געעפנט די אויגן אין דער חקירה מכח גלופּסקער יידן. נאָר די דאָרטיקע איינוואוינער שעמען זיך אָבער אויסצו־רייניקן די בלאָטע און זאָגן, דאָס וואָס מען האָט פון אלטע

צייטן אָפּגעמאַכט, דאָס מוז בלייבן, קיין מענטשנס אויג טאָר אין דעם פאַרבאָרגעניש נישט אַריינקוקן...

אין דער שטאָט אַליין געפינען זיך אַקעגן אַ דרייסיק־פערציק לוזשעס, שוין מיט לעוואַדעס אינאיינעם, זיי פאַראייניקן זיך דורך די היילן מיט די אָפּגרונטן פון דער פיאַטיגניל־עווקע און אין געוויסע צייטן, בפרט נאָך אַ פאַר־פּסח, צעשפּילן זיי זיך שרעקלעך שטאַרק און פאַרפלייצן די גאַסן מיט אַזאַ טיפער, שיטערער בלאָטע, אַז ביי די הויך־געוואַקסענע מענטשן אפילו ווערט גייענדיק פאַרשלומפּערט דאָס היטל. גלופּסק ווערט אין די פינצטערע נעכט באַלייכט פון איין קליינער לאַמטערנע, זי ווערט אויך באַוואַכט פון אַ פּאָר בודאָטשניקעס. פונדעסטוועגן פאַלט מען דאָרט פאָרט ביי דער נאַכט און מען ברעכט האַלדז אי לייב, און גנבות טרעפן זיך דאָרט אויך זייער אָפט, כאָטש ס'איז דאָ אַזאַ שמירה. דערפון איז טאַקע געדרונגען, אַז מען קען זיך כלל נישט איינהיטן, מען קען זיך נישט באַוואָרענען, וואָס ס'איז באַשערט דאָס איז באַווערט, עס העלפן גאָר נישט דעם מענטשנס חכמות מיט זיינע אַלע תחבולות. דערום, זאָגט בנימין, באַדאַרפן מיר צומאַכן די אויגן און גיין תמיד אויף גאָטס באַראָט מיט דעם בטחון, מסתמא וועט ער זיינע מלאכים געביטן אונדז צו היטן און אויף די הענט אונדז צו טראָגן. עס פאַלט נישט דער שפּאָן ביז ס'איז עפּעס דראָן. באַדאַרף מען מער, זאָגט ער, ווי איך האָב באַוואָרנט מיין טלית־און תפילין זאַק, איך האָב אים אַ־נידערגעלייגט אין בית-המדרש אויף דער פּאָליצע, וואָס קאָן שוין, דאַכט זיך, זיין מער אַ זיכער אָרט ווי דאָ? פונדעסטוועגן, אַז גאָט האָט נישט געוואָלט אָפּהיטן, האָט מען אים אינאיינעם מיט די איבעריקע אונדזערע זאַכן פון דאַנען אויך אַוועקגעגנבעט!

## דאָס עלפטע קאַפּיטל

# חידושים ונפלאות אויף דער פּיאַטיגנילעווקע

אויף דעם טייך פּיאַטיגנילעווקע אַז אונדזערע פאַרשווינגען האָבן דאָס ערשטע מאָל אַ קוק געגעבן, זענען זיי נבהל ונשתומם געוואָרן. זיי האָבן אַזאַ מין טייך נאָך קיינמאָל אין די אויגן נישט געזען. סענדערל האָט געזאָגט, דאָס מוז אוודאי זיין דער גרעסטער טייך אין דער גאַנצער וועלט. וואָרים אַנדערש האָט אים גאָר אין קאָפּ זיך נישט געלייגט. אַ קאַטאָוועס

אזא טייך, וואָס איז אפשר הונדערט מאָל גרעסער פון טונעיאדעווקער. נאָר סענדערל איז געווען א פּראָסט מענטשל, מער פון טונעיאדעווקע האָט ער נישט געוואוסט, אין די קליינע אותיותלעך אריינקוקן האָט ער נישט געקענט, דעריבער איז אלצדינג, וואָס נאָר עפּעס נישט אזוי ווי אין טונעיאדעווקע, ביי אים געווען א חידוש נפלא און ער פלעגט מיינען, אז דערמיט עקט זיך שוין טאקע די וועלט. בנימין אָבער, וואָס איז פיל געלערנטער פון אים, וואָס האָט אין זיינע מיני חקירה־ספרימלעך שוין געכאפּט, ווי מען זאָגט, א לעק פון די שבע חכמות, וואָס האָט געוואוסט אביסל די באשרייבונג פון דעם גן־עדן התחתון, פון די משונה־ווילדע באשעפענישן אין הינדיאָ וכדומה נאָך אזעלכע מיני זאכן, הגם ער פלעגט ביים ערשטן מאָל אָנקוקנדיק עפּעס נייעס זיך אויך שטארק חידושן אין הארץ, נאָר ער פלעגט דערביי מאכן אזא מינע מיט א שמייבעלע, גלייך ווי איינער רעדט: עט, נארישקייטן, דאָס איז נאָך גאָרנישט אקעגן יענץ, וואָס איז נאָך דאָ . . . ער האָט סענדערלען באוויזן, אז די פּיאטיגנילעווקע איז פשוט בלאָטע, איך בעט אייך איבער, טינוף אקעגן דעם ירדן, וואָס איז פיל מאָל גרעסער פון איר, זי וואָלט דעם שור הבר נישט געקלעקט אפילו אויף איין צאָן, און פונעם נאָמען ירדן טאקע איז אויך אזוי די משמעות, וואָרים ירדן איז דאָך דער טייטש: א גוזמא, א סך, א ירדן!

— ווייסט דו, סענדערל, וואָס מיר איז איינגעפאלן? — האָט בנימין געזאָגט נאָכדעם אז ער איז געשטאנען איינמאָל שטארק פארטראכט לעבן דער פּיאטיגנילעווקע. — מיר איז איינגעפאלן צו לאָזן זיך פון דאנען מיט דעם וואסער.

— גאָט איז מיט דיר! — האָט סענדערל זיך א כאפּ געטאָן פאר גרויס שרעק. — דערמאָן זיך נאָר, בנימין, אז אונדזער טייך נעמט אלע יאָר צו א מענטשן; היינט מי יודע וויפיל מענטשן מוז דער דאָזיקער טייך א יאָר צונעמען? האָב רחמנות אויף אונדזער לעבן, אויף דיין ווייב און קינדער, בנימין!

— בטחון, בטחון, סענדערל! בטחון איז א יידישע זאך, מיט בטחון איז יעקב אָבינו מיט זיין שטעקל דעם ירדן איבערגעגאנגען, מיט בטחון, זעסט דו, עפּענען דאָ יידישע קינדער אויף גרויסע געוועלבן. אלצדינג, וואָס דו זעסט דאָ, איז אלץ לויטער בטחון. אפילו טרעפּ און סטעליעס, ווי אויך פיל גרויסע הייזער, האלטן זיך דאָ נאָר אויף בטחון...

— נאָר פאר וואָס ווילסט דו דווקא מיט דעם וואסער, — האָט סענדערל געפרעגט, — אז מיר קענען דאָס אייגענע אויך מיט דער יבשה?

— איך האָב דערויף א סך טעמים, — האָט בנימין גע־ענטפערט. — איינמאָל וועט, ווי מיר דאכט זיך, די נסיעה מיט דעם וואסער זיין אי נעענטער, אי גיכער. מיר באדארפן זען אָנקומען אהין ווי צום גיכסטן. וואָס פריער איז אלץ בע־סער. פאר וואָס? דאָס ווייס איך שוין, דאָס איז שוין מיין זאך! מיך קוועטשט, סענדערל, מיך קוועטשט זייער שטארק, עס פיקט מיר אָט דאָ, דאָ אין קאָפּ, איך וואָלט שוין געוואָלט דאָרט זיין מיט לייב און לעבן. ווען עס זאָל מעגלעך זיין, וואָלט איך ווי א פויגל אין דער לופט אהינצו געפלויגן... צווייטנס, אז בנימין פון טודעלאָ האָט בימיו זיך געלאָזט אויף זיין נסיעה, איז ער תחילת אויך געפאָרן מיט דעם טייך עבראָ, אזוי שטייט בפירוש געשריבן אין זיין ספר. מסתמא אז ער איז פארצייטן געפאָרן מיט דעם טייך און נישט מיט דער יבשה, באדארף דאָך טאקע זיין דווקא אזוי און נישט אנדערש, מסתמא האָט ער געוואוסט וואָס ער טוט און איז אזוי פיל קלוג געווען ווי מיר אלע, כ׳לעבן. רב בנימין איז א קדמון, א פריערדיקער פאר אונדז, מוזן מיר אים הערן גאָר אָן קשיות...

— אויב אזוי, — האָט סענדערל געמאכט, — איז שוין טאקע רעכט. ביי מיין יידישקייט, בנימין! נישט נאָר אויפן טייך, אפילו ווען רב בנימין וואָלט פארצייטן געפאָרן רייטנדיק אויף א קאָטשערע, וואָלטן מיר דאָ נישט באדארפט לאנג טראכטן, זיך גענומען אויפגעזעצט און אויך געפאָרן אויף א קאָטשערע.

— און דריטנס, — איז בנימין ארייננעפאלן סענדערלען אין די רייד, — שאָדט טאקע כלל נישט, מיר זאָלן זיך גע־וויינען צו פאָרן מיט דעם וואסער איידער נאָר עס וועט אונדז שפעטער אויסקומען צו פאָרן אויפן ים אוקינוס. איך וואָלט נאָך אפילו געזאָגט, אז איידער מיר וועלן זיך אָפּפארטיקן דאָ אין גלופּסק, וואָלט, אָסור, גאָר נישט קרום געווען צו פּרואוון גלאט אזוי דורכצופאָרן זיך אביסל אויפן טייך. דאָרטן, דאָרטן, זעסט דו, שטייט איינער מיט א שיפל, אָט, כ׳לעבן, לאָמיר צוגיין און אים עפּעס געבן, וועט ער מיט אונדז אביסל פאָרן.

אין עטלעכע מינוט ארום זענען אונדזערע וואנדרעווער באהארצט אריין אין א שיפל און האָבן זיך געשיפט איבער דער פיאטיגנילעווקע. תחילת האָבן זיי אפילו זיך געשראָקן, סענדערלען האָט זיך פארדרייט דער קאָפּ און ער האָט גע־צאפּלט מיט הענט און פיס, אָט, אָט, האָט ער געמיינט, קערט זיך דאָס שיפל אום און ער פאלט אריין אין טיפע אָפּגרונטן פונעם טייך, ס׳איז אן עק פון זיין לעבן און זיין ווייב בלייבט

אָן אייביקע עגוגה, נאָר דערנאָך איז אים געוואָרן אביסל בעסער.

— נישקשה, סענדערל, — האָט בנימין אים געטרייסט, אַז זיי זענען ארויס אויפן ברעג, — זאָל דיך נישט ארן וואָס דער קאָפּ דרייט זיך און עס ווערט עפּעס נישט גוט. דאָס איז די ים־קראַנקהייט, וואָס איטלעכער מוז זי ליידן, אַז ער פאָרט דעם ערשטן מאָל אויפן ים, דעם צווייטן מאָל, וועסט דו זען, וועט זיין בעסער און דו וועסט שוין גאָרנישט פילן.

פון יענער צייט אָן פלעגן אונדזערע פארשוינען זייער אָפּט פאָרן אויפן טייך און דערפון גרויס תענוג געהאט. זיי זענען ביי זיך געוואָרן אזוי שטארק, אַז איבערשיפן זיך דעם ים, האָט זיך זיי געדאכט, איז א שפּיל.

בנימין פלעגט דורך סענדערלען זיך ארייגלאָזן אין א שמועס מיט דעם לאָדאָטשניק און אים פארוואָרפן מיט קשיות, ווי אשטייגער: פרעג נאָר, סענדערל, דעם קאפּיטאַן, וויפיל מייל האָבן מיר פון דאנען ביז דעם ים? פרעג אים, אויב ס׳איז דאָ עפּעס וויספּעס? וואָס פאר א מיני לייט וואוינען דאָרט? צי וואוינען צווישן זיי יידן? וועמען צאָלן זיי מס און צי ווייסן זיי פון א גלות? אָדער, אשטייגער, אזוי: פרעג, סענדערל, אויף טשיקאַוועשטש, דעם ערל וועגן די בערג גיסבון און דעם כופר אל טור״ך? צי ווייסט ער עפּעס מכח די עשרת השבטים? א קשיא אויף א מעשה, אפשר האָט ער עפּעס געהערט. וכדומה נאָך און נאָך אזעלכע שאלות פלעגט אלץ בנימין הייסן פרעגן.

נאָר דאָס ביסל גויאיש, וואָס סענדערל האָט זיך אויסגעלערנט רעדן, גייענדיק מיט זיין ווייב תמיד אויפן מארק, איז קארג געווען פאר אזעלכע הויכע ענינים. דינגען זיך פאר אייער, ציבעלעס, קארטאָפּל, דאָס האָט ער נאָך ווי־ס׳איז געקענט, אָבער אויסטענהן זיך מיט א קאפּיטאַן איבער געלערנטע זאכן, דאָס האָט ער לחלוטין נישט געקענט. ס׳איז געווען א צער בעלי־חיים, ווי סענדערל, נעבעך, פלעגט זיך מוטשען אין אזא שמועס, ער פלעגט רעדן מיט הענט און מיט פיס, ארבעטן אויף אלע כלים און אָפּגיין מיט שווייס, אַז איין גאָט האָט געמעגט אויף אים רחמנות האָבן. זיין קאפּיטאַן פלעגט שפּייען, טענהן, אָנקוקן אים בייז פון איין זייט, און בנימין פלעגט אים דורען א קריזש, שטורכען און קוקן אים אין מויל אריין פון דער אנדערער זייט.

— ווין טשערוואָני זשידקי ווין פּיטאַיע, — פלעגט סענדערל ארויסגיין מיט אזא שפּראַך, אשטייגער, ווינקענדיק מיט דער האנט אויף בנימינען.

איז טשערוואָני זשידקאָוו יא זנא לייבקו. שמולקו, באָנאַטיע

זשידקי. — אזא תשובה פלעגט סענדערל באקומען פון זיין קאפיטאן.

— ני ליבקא, ני ני! ווין טשערוואָני זשידקי פיטאיע, טאמאַטשקא, ווי זאָגט מען עפעס, נו טאמאַטשקא, לעבן בערגעלע ניסבון.

— ניסבאנא, זשידקא ניסבאַנא?

זאָג אים, סענדערל, — פלעגט בנימין שרייען, — זאָגן זאָלסט דו אים א בארג! מאָל אים אויס ווי דו קענסט.

סענדערל פלעגט צונויפשטעלן הויך די הענט, אויסצומאָלן דערמיט א בערגעלע, און שרייען דערביי: העט העט וויסאָקאָ!

טפו! — פלעגט דער ערל אויסשפייען, אויסבאטלען אויף סענדערלען הלומות און אים אָפשיקן צו אלדי שווארצע יאָר.

פון זיינע נסיעות אויף דער פיאטיגנילעווקע דערציילט בנימין חידושים, וואונדערלעכע זאכן, וואָס האָבן אין דער וועלט א רעש אָנגעמאכט. מיר ווען דערפון דאָ נאָר א מקצת ארויסשטעלן.

שיפנדיק זיך איינמאָל אויף דער פיאטיגנילעווקע, האָט בנימין דאָרט דערזען אין דער מיט טייך א גאנץ גרויסן אָרט, וואָס איז געווען גרין באוואקסן און מיט זיין גרינקייט די אויגן פארנומען. ער האָט געמיינט, דאָס איז א וויספע באוואקסן מיט גראָז אי מיט שמעקנדיקע קרייטעכצער. אז ער האָט ארויסגעשטעלט א פוס און שוין געוואָלט א שפרונג געבן אויף דער וויספע, האָט דער קאפיטאן פון דער לאָדקע אים פלוצים א כאפ געטאָן פון הינטן מיט א געשריי און א שליידער געגעבן אים צוריק אין דעם שיפעלע מיט דעם גאנצן כח אזוי, אז ער איז א היפשע צייט געבליבן ליגן שטארק פארדולט. ער האָט מער נישט געהערט, ווי ארום דעם שיפעלע קאָכט, רעשט זיך, גלייך ווי עס ראנגלט זיך מיט עפעס, און עס גייט מיט גרויס מי זיין וועג. און אז ער איז שפעטער צו זיך געקומען, האָט אים דער ערל געזאָגט, ער איז געווען אין א גרויסער סכנה דערטרונקען צו ווערן אין דעם גרינקייט, וואָרים דאָס גרינקייט איז נישט קיין וויספע, ווי ער האָט געמיינט, נאָר דאָס איז גאָר דער צווים, וואָס די פיאטיגנילעווקע צווימעט אלע יאָר.

איך אָבער, אזוי שרייבט בנימין, האָב מיך נישט געקענט לאָזן איינרעדן, אז דאָס זאָל זיין צווים. אמת טאקע, א ריח עפעס האָט עס געהאט, נאָר זינט איך לעב האָב איך נישט געהערט און אויך אין מיינע ספרים נישט באגעגנט, אז וואָסער זאָל צווימען. ווען עס זאָל צווימען, וואָלט דאָך דערויף באדארפט וואקסן דערנאָך עפעס א מין פרי, וואָס מען מאכט דערויף א ברכה בורא פרי המים! איך האלט גאָר אין דער

סבראָ, אַז דאָס איז דער משונה גרויסער ים־פיש כליינ״אַ, פון וועלכן ס׳איז דאָ זייער אַ שיינער שמועס אין דעם ספר „צל עולם״ מיט די דאָזיקע ווערטער: „דער שרעקלעך גרויסער פיש באַדעקט זיך מיט גראָז און מיט ערד, ביז ער זעט אויס ווי אַ גרויסע וויספּע, און אַ מאָל מיינען די וואָס זעגלען אין ים, אַז דאָס איז אַ שיינער באַרג, זיי שטעלן זיך דערויף, טוען וואָס זיי באַדאַרפן, קאָכן מאכלים, און אַז דעם פיש ווערט וואַרעם פון דעם פייער, טוקט ער זיך אונטער אין די אָפּגרונטן און אַלע וואָס האָבן אויף אים געלאַגערט ווערן דערטרונקען.״ דערמיט טאַקע איז אַ שטאַרקע אייזערנע ראיה צו יענע ווילדע חקרנים, וואָס האַלטן, אַז די גלופּסקער איינוואוינער וואַקסן פון הינדיא״ה. זעגלענדיק פון דאָרט איבער דער פּיאַטיגנילעווקע אין די אַלטע יאָרן, האָבן זיי מיט זיך פאַרשלעפּט דעם כליינ״אַ, וואָס האַלט זיך אויף באמת אין הינדיא״ה און וואָס זיין טבע איז נאָכצולויפן נאָך די שיפן.

אַז בנימין האָט איינמאָל אַריינגעקוקט אין טייך, האָט ער דאָרט דערזען טיף אין וואַסער עפּעס מיני באַשעפעניש, אַקוראַט גלייך צו די געשטאַלטן פון ווייבער.

„נאָך גאַנץ לאַנג, זאָגט בנימין, האָב איך געלייענט אין ספרים, אַז אין וואַסער זענען דאָ ים־מענטשן, און דער מחבר פון „צל עולם״ זאָגט דערויף בתורת עדות אַזוי: דער קאָפּ, דער גוף, דאָס פּנים און די בריסט זייערע זעען אויס ווי אַ בתולה און זינגען זייער שיין און זיי הייסן שריינ״אַ. פון אַלטע אמתע מענטשן, וואָס מען מעג זיי גלויבן אויפן וואָרט, האָב איך אויך געהערט דערציילנדיק, אַז זיי האָבן אַליין געזען אַזעלכע ים־מענטשן ביי קאָמעדיאַנטן, וואָס פלעגן געווינטלעך נאָך דער קאָמעדיע זיי ווייזן יעדערן פאַר עטלעכע גראָשן. נאָר היינט האָב איך עס דערלעבט צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן. איך האָב מיט גרויס וואונדער געוויזן אויף די בתולות דעם ערל און ער האָט מיר געוויזן אויף עפּעס וועשינס, וואָס זענען געשטאַנען ביים ברעג טייך און געוואַשן גרעט. איך ווייז אים אונטן אין וואַסער, און ער ווייזט מיר אויבן אויפן ברעג. און ווייל מיר האָבן איינער דעם אַנדערנס לשון נישט פאַרשטאַנען, האָט ער נישט געוואוסט, וואָס איך ווייז אים, און איך האָב נישט געוואוסט, וואָס ער ווייזט מיר, און איך האָב פון אים מכח דעם גאָרנישט געקענט דערגיין.״

נישט ווייט פונעם ברעג לעבן דער שטאָט האָט בנימין געזען אַזאַ אָרט אין טייך, ווען דאָס וואַסער איז משונה געדיכט, ערטערווייז איז עס פאַרגליווערט עפּעס ווי דרילעס און ערטערווייז איז דאָס וואַסער נאָך געדיכטער. פון דעם דאָזיקן וואַסער פירן די וואַסער־פירער צו די באַלעבאַטים אין די הייזער.

דאָרט ווערן די גערדיכטע דרילעס צעפּירט מיט פראָסט וואסער־
אין דער פאם און מען קאָכט דערמיט אלע מאכלים.

„איך אליין, זאָגט בנימין, האָב דאָס געקעכטס פון אזא־
וואסער געגעסן. איך זאָל אזוי עסן פון דער סעודה של לויתן,
עס האָט געהאט דעם זיבעטן טעם. א ראָסל־פליש דערפון איז
א מאכל מלכים. איך האָב אָנגעלייגט מיט דעם וואסער פולע
קעשענעס און געהייסן סענדערלען מאכן דערפון א פעקל, מחמת
אויף אונדזער ווייטער נסיעה אין ימים און אין מדבריות קען
עס זייער גוט צוניץ קומען".

לוסטיק און פריילעך זענען איינמאָל נאָכמיטאָג אונדזערע
פארשווינען געגאנגען נישט ווייט פון דער שטאָט, האָבן געלאכט,
געשפאסט, געקוקט איינער דעם אנדערן אין די אויגן אריין און
עפּעס זייער שטארק הנאה געהאט. עס האָט אויסגעזען נאָר ווי
א פארליבט פאָר־פאָלק באלד נאָך דער חתונה, וואָס שפּאצירט
זיך פריי אויף דעם גרינגעם גראָז און קוויקט זיך מיט איטלעכס
וואָרט, מיט איטלעכן קוק. נאָר וואָס־זשע איז מיט אונדזערע
פארשווינען עפּעס אזוי די שמחה געווען? פאָרט וואָס האָט זיי
עפּעס אזוינס משונה הנאה געטאָן אזש זיי זענען געשפּרונגען,
האָבן אונטערגעזונגען און געמאכט אָנשטעלן ווי ריינע משו־
גענע? אָט וואָס, רבותים: בלי נדר, מאָרגן, איז ביי
זיי ביידע געבליבן צו פארלאָזן גלופּסק און אין א גוטער שעה
צו זעגלען העט אהין...

און ווי זיי גייען זיך דאָ אזוי לעבעדיק־פריילעך, קומט זיי
אונטער פלוצים א פורל, אויפן וואָגן זיצן צוויי יידלעך, איינער
טרייבט אָן און דער אנדערער זיצט אָנגעבויגן אויף דער זייט,
דאָס היטל איז אים פארוקט און ער האלט אין מויל א שטרוי־
עלע, — זייער גוטע סימנים, אז דאָס יידישע קעפּל טראכט
דענסטמאָל עפּעס אן אויבער־הסברהלע און דרייט זיך משונה
שטארק.

די צוויי יידן האָבן אָנגעקוקט אונדזערע לוסטיקע פארשווינען,
זיי באטראכט פון קאָפּ ביז די פיס און זיך ארייגעלאָזט דער־
נאָך מיט זיי אין א שמועס. די ערשטע שאלה איז, ווי דער
שטייגער איז געווען: פון וואנען זענען עס יידן? דערנאָך —
מה שמיכם? און דערנאָך דאָס איבעריקע צעטל שאלות, וואָס
יידן פרעגן געוויינטלעך איינער דעם אנדערן ביים ערשטן באַ־
געגעניש. מער האָבן אונדזערע פארשווינען נישט באדארפט, זיי
האָבן געעפנט א מויל־און זיך גענומען דערציילן אלצדינג, ווי
מען זאָגט, וואָס אויף דער לונג — דאָס אויף דער צונג. די
יידן האָבן זיך אָנגעקוקט מיט א שמייכעלע, זיך געשושקעט
אביסל און דער ייד מיטן פארוקטן היטל אי מיט דעם שטרויעלע

אין מויל האָט דערבײַ געמאַכט, — עט, נישקשה, עס וועט אָפּלויפן, נאָר אין ערגסטן פאַל איז נאָך עטלעכע ממתקים.

— ווייסט איר וואָס? — האָבן די ייִדן צום סוף זיך אָנגערופן. — אונדזער שטאָט מעג, כ׳לעבן, אויך די זכיה האָבן צו זען בײַ זיך אַזעלכע צוויי פײַנע מענטשן. מיר בעטן אײַך זייער שיין, אָט, כ׳לעבן, טוט אונדז אָן דעם כבוד און זעצט זיך, זײַט מוחל, באַלד טאַקע מיט אונדז אויף, נישט לאַנג געטעהט, מיר זענען אײַך ערב, אַז מען וועט אײַך בײַ אונדז זייער שיין צונעמען מיט עסן, מיט טרינקען און מיט וואָס נאָר מעגלעך.

— מיר וואָלטן עס אײַך בנאמנות צוליב געטאָן, — האָט בנימין געענטפערט, — נאָר בײַ אונדז איז געבליבן מאָרגן בלי נדר פון דאַנען זיך צו לאָזן מיט דעם וואַסער.

— האָט נישט קיין פּאַראַיבל, — האָבן די ייִדן געזאָגט, — איר רעדט, כ׳לעבן, נאַרישקייטן. אויך מיר א וואַסער, די פּיאַטיגנילעוועקע! זי איז, מחילה, א פּישגריבל, א טינוף, א פאַרשטונקענע בלאָטע, א פאַרצוויטעטע, פאַרשימלטע לוזשע. בײַ אונדז האָט איר דעם דנעפּר, וואָס פאַלט גלײַך אין ים אַרײַן. פון אונדז וועט איר טאַקע, אם ירצה השם, גיך און געשווינד קומען אַהין אין אייער רו אַרײַן. עקשנט זיך נישט, כ׳לעבן, היידאַ אַרויף אויפן וואָגן.

— וואָס זאָגסטו, סענדערל? — האָט בנימין זיך אָנגערופן. — לאָמיר אפשר טאַקע די ייִדן צוליב טאָן און פאָרן.

— וואָס פאַר א דאגה איך האָב, — האָט סענדערל געענטפערט. — אַז דו ווילסט פאָרן, זאָל זײַן פאָרן.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג, זענען אונדזערע פאַרשווינען שוין געזעסן אין וואָגן שטאַרק צופרידן אויף דעם כבוד, וואָס מען פאַרבעט זיי צו־גאַסט, און האָבן זיך פאַרגעשטעלט גדולות. א וועג האָבן זיי געהאַט זייער א פרײַלעכן. די ייִדן האָבן אויף זיי געהאַט אַן אויג און פּשוט געהיט זייערע טריט, האָבן זיי צוגעפּילעוועט מיט עסן און טרינקען אַזוי ווי א קימפּעטאָרין. אונדזערע פאַרשווינען האָט זיך אַזוינס איז זייער לעבן נישט געחלומט.

אויף דעם צווייטן טאָג פאַרנאַכט זענען זיי אָנגעקומען בשלום קיין דנעפּראָוויץ. די ייִדן זענען מיט זיי פאַרפאָרן אויף א סטאַנציע און געמאַכט פאַר זיי א גוטע וועטשערע.

— היינט זײַט איר פון א וועג מיד, שלעפעריק, האָבן די ייִדן געזאָגט, — בכן איז גלײַכער, איר זאָלט זיך לייגן פאַר פרי אויסרוען. מאָרגן, אם ירצה השם, אַז איר וועט אויפשטיין געזונט, פריש און שטאַרק, וועלן מיר אײַך פירן צו עטלעכע גרויסע לײַט, פאַרוואָרפן פאַר אײַך א גוט וואָרט, און אַז זיי

וועלן אייך אויפנעמען, זייט איר שוין פאַרזאָרגט מיט אַלע אייערע הצטרכות און וועט קענען גיך און באַלד מאַכן אייער ווייטע נסיעה. אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט, אַ גוט יאָר! — האָבן אונדזערע פאַר־שווינען געענטפערט. באַלד טאַקע האָבן זיי אָפּגעליינט קריאת־שמע, זיך געגלעט אַביסל דעם בייכל, געגענעצט, געקראַצט זיך, ווי דער שטייגער איז, און געלייגט מיט אַ פריילעך געמיט שלאָפן.

## דאָס צוועלפטע קאַפּיטל

# ווי מען פירט אונדזערע פאַרשוינען אין באָד

— גוואַלד, ווידוי. כאַטש אָפּזאָגן ווידוי! — האָט סענדערל פונעם שלאָף נישט מיט זיין קול געשריגן און אויפגעוועקט מיט אַ געשריי בנימינען.

בנימין איז נישט טויט — נישט לעבעדיק אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין געלעגער, האָט אין דער גיך אָפּגעגאָסן נעגלוואַסער און איז צוגעלאָפן צו סענדערלען זען, וואָס טוט זיך מיט אים אַזוינס.

אין דרויסן האָט אָנגעהויבן צו גרויען אויף טאָג און אַר־מעטום איז געווען שטיל, מען האָט נאָר געהערט אַ כראָפּען פון שלאָפעדיקע מענטשן אין דעם גאַנצן שטוב, איטלעכער האָט געכראָפּעט אויף זיין שטייגער: דער אויף אַ קול פון אַ באַנדורע, יענער אויף טרומייט, איינער האָט עס געמאַכט שטיל בקיצור, דער אַנדערער האָט עס געצויגן העכער, העכער אויף דריי גאָרן, דערנאָך אויסגעלאָזט מיט אַ דריי, מיט אַ בייזער, ווי איינער פרעגט אַ שטאַרקע קשיא, און צוגעפּויקט מיט די באַקן. אינאיינעם איז עס געווען אַ נאָזן־קאָנצערט, אין וועלכן די נעזער האָבן געטריי געאַרבעט אויף אַלע כלים און צוגע־שפּילט לכבוד די באַרימטע דנעפּראָוויצער וואַנצן, בשעת זיי האָבן געשמאַק געגעסן די שלאָפנדיקע און געטרונקען זייער בלוט — יידיש בלוט!

דנעפּראָוויץ האָט אַ לאַנגע צייט געפּאַשעט אירע וואַנצן, אירע מענטשנפרעסער דאָרט אין דעם שרעקלעכן איינפאָרהויז, אין דער וויסטער אָפּגעזונדערטער יידישער אכסניא, וואו אַ וואַנץ אין עפּעס אַ קוואַרטאַל. איז אַלץ אהינצו געקראָכן און געזויגן, געצאַפּט יידיש בלוט... קומענדיק קיין דנעפּראָוויץ איז שוין אַ ייד מוכן ומזומן געווען, אַז ס'וועט אים קאָסטן אַביסל

בלוט און אָן אזא כּאַבאַר איז גאָר קיין סברא נישט זיך אויס־צודרייען. ביים שוין, ביים, דו „דנעפּראָוועצק״, שטינק שוין, שטינק, דו וועגצעלע, שרייב שוין, שרייב דיינע בלוטיקע צייכנס און טראָג זיך, גיי צו אלדי שווארצע יאָר! —

— וואָס שרייסט דו אזוי, סענדערל? — האָט בנימין אים געפרעגט צוגייענדיק צו זיין געלעגער. — אוודאי א וואנץ האָט דיך געמוזט שטארק א ביס טאָן? א שרעק, וויפיל דאָ איז וואנצן, זיי האָבן א גאנצע נאכט מיך נישט געלאָזט אן אויג צוטאָן. ערשט נישט לאנג וואָס איך בין אנטשלאָפן געוואָרן.

— איי־איי, גיכער, לאָמיר גיכער אנטלויפן! — האָט סענ־דערל געשריגן נאָך אלץ פארדולט.

— גאָט איז מיט דיר, סענדערל! וואָס רעדסט דו? מילא, מה רעש, אז א וואנץ גיט א ביס? דערויף איז זי דאָך א וואנץ און דו ביסט א מענטש...

סענדערל האָט אקעגן א פּאָר מינוט אָנגעקוקט בנימינען ווי צעמישט, דערנאָך זיך אויסגעריבן די אויגן און געזאָגט מיט א זיפץ:

— אוי, עס האָט מיר זיך געחלומט זייער א שרעקלעכער חלום; הלוואי דערפון זאָל זיך גאָרנישט אויסלאָזן.

— עט, מאַלע וואָס א מענטשן חלומט זיך א מאָל, — האָט בנימין געמאכט. — מיר האָט זיך היינט געחלומט: עפּעס א פּיפּערנאָטער קומט צו מיר געשווינד צו, קוקט מיך שטארק אָן און זאָגט צו מיר: איר זייט עס רב בנימין פון טונעיא־דעווקע? קומט, זייט מוחל, מיט מיר אהין, אהין, אלעקסאנ־דער מוקדון שטייט דאָרט מיט זיין חייל און חלשט מיט אייך זיך צו באקענען. איך גיב מיך א לאָז, דער פּיפּערנאָטער לויפט פאָראויס, איך נאָך אים. „איר לויפט, אָן עין־הרע, געשווינד ווי א פייל אויסן בויגן, איך קען אייך גאָר נישט אָניאָגן״, הער איך עמעצן שרייענדיק הינטער מיר. איך קער מיך אום און דערזע אלעקסאנדער מוקדון. אדוני מלך! שריי איך, כאַפּ אים ביי דער האנט, קוועטש און קוועטש, עס פארגייט מיר אָבער פלוצים אין דער נאָז עפּעס א מין שרעקלעכער געשטאנק, טאקע נאָר צום חלשן. איך כאַפּ מיך אויף און פיל אין דער האנט א צעקוועטשטע וואנץ... טפו זאָל עס ווערן! טאָ שפּיי, כ׳לעבן, דריי מאָל אויס, סענדערל, און פארגעס דיין חלום. וואָס האָט דיר אזעלכעס זיך געחלומט?

— טפו, טפו, טפו! — האָט סענדערל בתמימות דריי מאָל אויסגעשפּיגן און דערציילט זיין חלום:

— מיר האָט זיך געחלומט, ווי איך גיי מיר גלאַט אזוי אויף דער גאס און פארגיי מיר העט ווייט. פלוצים גיט מען מיך פון הינטן א כאַפּ און מען ווארפט מיך אין א זאק אריין,

מען טראָגט מיך אזוי אין דעם זאַק, מען טראָגט מיך, טראָגט, ביז מען האָט מיך ערגעץ עפּעס פאַרטראָגן. איך פיל, ווי עמעצער בינדט דעם זאַק אויף און דערלאַנגט מיר א פּאַטש, טאַקע וואָס א פּאַטש הייסט, אַז צוויי ציין זענען מיר ארויסגעפאַלן. „דאָס האָסט דו דיר ערשט אָן אדערויף, הער איך ווי מען זאָגט, אינגאַנצן וועל איך דיר סילוקן שפּעטער.“ איך גיב א בליק, מיין ווייב אין א ספּאָדיק שטייט מיר אקעגן שטאַרק אין כעס, די אויגן ברענען איר ווי א העליש פייער און פונעם מויל זעצט איר ארויס א שוים. „וואַרט נאָר אביסל, וואַרט, תכשיט מיינער, זאָגט זי מיט א בייזן געלעכטער, איך וועל גיין נעמען די קאָטשערע און דיר ווייזן, וואָס פאַר א גאָט מיר האָבן.“ ווי זי גייט נעמען די קאָטשערע, אַז מיינער כאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס און אוועק, אוועק, אוועק. איך לויף, איך לויף און קום צו לויפן אין עפּעס א קרעטשמע. אין דער קרעטשמע איז פינצטער, גליטשיק, נישטאָ קיין נפש. איך לייג מיך אין א ווינקל, מאַך צו די אויגן און שלאָף. ווי איך שלאָף, קומט דער זיידע רב סענדערל, עליו השלום, צו מיר צו גיין, זייער אומעטיק, מיט פאַרוויינטע אויגן און זאָגט: „סענדערל מיין קינד, שלאָף נישט, ווי גאָט איז דיר ליב, סענדערל, שטיי אויף, שטיי אויף, סענדערל, סענדערל, און לויף פון דאַנען אוועק! אוועק, סענדערל, וואוהין די אויגן טראָגן, דו ביסט אין א סכנה!“ איך וויל אויפשטיין, אָבער איך קען מיך נישט רירן, גלייך ווי מען האַלט מיך צו. איך נעם מיך צום קאָפּ און טאַפּ אויף מיר אָן עפּעס א קאַפּקע. הע־הע, איך בין נאָר נישט סענדערל, איך בין, מחילה, נאָר א יידענע, אָן א סימן באָרד, טראָג עפּעס א מין ייפּע און מיין בויך, נישט פאַר קיין יידן געדאַכט, טוט מיר שרעקלעך וויי! נישקשה, רופט איינער עפּעס זיך אָן, ביי אַן ערשטלינג גייט עס תמיד אביסל שווער צו. אוי, פּעטער, פּעטער! שריי איך אין איין אָטעם, ס'איז נאָר נישט פאַר מיינע כוחות, אָט, אָט פאַל איך חלשות. „א קולאַק אין דער פּאָטיליצע איז דערצו זייער א גוטע סגולה, דערמיט קען איך דיך מינטערן, זאָגט דער פּעטער, און לאָזט מיר טאַקע אראָפּ עטלעכע קולאַקעס. נאַ דיר פאַר פריער, פאַר אצינד, אי פאַר שפּעטער“, — מאַכט ער דערביי, דרייט זיך אוים און ווערט פאַרשוואונדן. איך ליג אין איינע צרות, ליג און ליג, ביז גאָט העלפט מיר, איך גיב מיך א ריס מיט גוואַלד און שטיי אויף, איך לויף־צו גיך צו דער טיר, זי איז פאַרשפּאַרט. איך קלאַפּ, קלאַפּ און קלאַפּ, אומזיסט די מי. פּלוצים שפּרינגט די טיר זיך אויף און ווי איך שטעל ארוים א פוס, כאַפּן מיך גזלנים און פירן מיך אוועק עפּעס אין א הייל. דאָרט נעמען זיי ארוים א חלף און ווילן מיך קוילען. ווי זיי

האלטן דעם חלום מיר אויפן האלדז, שריי איך: גוואלד! לאזט מיך כאטש אפזאגן ווידוי! אט דאס האסט דו דיר, בנימין, מיין חלום, הלוואי זאל ער זיין צו גוטן.

— שפיי אויס, סענדערל, נאך דריי מאל, — האט בנימין אים אן עצה געגעבן, — און שלאג דיר דיין חלום פונעם קאפ ארויס. איבעריקנס, אויב דו ווילסט, שטיי אויף, ס'איז שוין טאג, און זאג עטלעכע קאפיטלעך תהילים.

סענדערל איז מיט א זיפץ אראפ פון זיין געלעגער, האט אפגעגאסן נעגל־וואסער, אנגעטאן זיין כאלאטל און ארויסבא־קומען זיין תהילים עברי־טייטש. ער האט זיך אויפגעמישט דאס צענטע קאפיטל, ביי וועלכן ער האט געהאלטן, און ער האט מיט אן אומעטיקן ניגון אנגעהויבן:

וואס שטייסט דו, גאט פון ווייטן,
פארבארגסט זיך אין שלעכטע צייטן?

זיין ניגונדל איז געווארן טרויעריקער און רירנדיקער וויי־טער אביסל ביי די דאזיקע פסוקים:

ער זיצט אין ערגעץ א פארטאיעט ארט,
אין שטילן טויט ער דעם ערלעכן דארט;
די אויגן דרייען אים זיך הין אי צוריק,
אויפן ארעמען האבן זיי א שטארקן קוק;
ווי א לייב אין זיין נארע לויערט אויך ער,
ער לויערט צו כאפן דעם ארעמען אהער.
דערלאנגט דעם ארעמען שוין טאקע א כאפ,
אבי מיט זיין נעץ א צי נאר, א קלאפ.

אז סענדערל האט אפגעזאגט תהילים, איז שוין געווארן דעכט טאג, אלע מענטשן אין שטוב זענען שוין אויפגעשטאנען. א גרויסער סאמאוואר ווי א קעסל האט שטארק געקאכט אויפן טיש און דער עולם האט געטרונקען טיי. בנימינען און סענ־דערלען האט מען אויך געגעבן צו גלעזלעך ווארעמס. זיי האבן אביסל זיך דערפרישט און פריילעכער געווארן.

די שטוב, וואס פריער אביסל איז זי געווען א ספאלניע, דערנאך א טשאיניע, איז פלוצים געווארן א קלייזל. עס האבן זיך פארקאטשעט ארבל, זיך אנטפלעקט נאקעטע יידישע ארעמס: רויטיקע, גלאטע, דארע, פעטע, שווארצע, ווייסע, טונ־קעלע, פון אלערליי קאלירן און געשטאלטן. איטלעכער איז אריין אין טלית און תפילין און געגעבן א דאוון.

אונדזערע צוויי יידן האבן גדאוונט געשמאק, זיך גע־פיעסטעט, געקרימט, געמאכט חנדלעך און פיסקלעך, ווי אמת

צעבראָכענע יידן, זיי האָבן אוועקגעטענהט מיטן רבונו של עולם אליין: טאטעניו! פּאָטערניו! און שהיות געמאכט אין דאוונען מער פון אלע אנדערע. נאָכן דאווענען האָבן זיי גענו־מען צו קעלעשקעלעך שליש, א זופּ געטון פריער, זיך פּאָסמאַ־קעוועט און אויף דער נאָז זענען ארויסגעטראָטן רויט־גלאנצנ־דיקע ווייןפּערלעך, דערנאָך האָבן זיי געמאכט צום גאנצן עולם: לחיים, לחיים! און צוגעווינטשעוועט: דער אויבערשטער זאָל רחמנות האָבן אויפן גאנצן כלל ישראל, נעבעך! האָבן פאר־גלאָצט דערביי די אויגן, געטאָן א שטילן זיפץ און ארייגגע־גאָסן אין זיך דאָס קעלעשיקל. א סימן, דאָס זענען געווען נישט קיין פּראָסטע יידן, נאָר פרומע, כשרע, שיינע יידן.

איינער פון די דאָזיקע שיינע יידן איז דערווייל אוועקגע־גאנגען אין דער שטאָט און האָט זיך דאָרט פארזאָמט אקעגן א פּאָר שעה, אז ער איז צוריקגעקומען, האָט דער חבר זיינער אים ארייגגעקוקט אין פּנים, וואָס האָט באשיינפּערלעך גע־לויכטן, אוןביידע זענען געווען זייער צופרידן. זיי האָבן גע־הייסן גרייטן צום טיש, זיך געגאנגען וואשן און איבערגעקוקט פריער די קוואָרט, ווי דער שטייגער איז פון שיינע יידן, האָבן געבעטן אונדזערע פארשוינען, זאָלן אויך זיך וואשן און מוחל זיין זעצן זיך מיט זיי אינאיינעם עפּעס איבערצובייסן. ביים טיש זענען זיי געווען לוסטיק, האָבן געלויבט די באלעבאָסטע פאר אירע גוטע מאכלים און משונה פון איר הנאה געהאט. זיי האָבן זיך ארייגעלאָזט אין א שמועס, גערעדט מכח דעם כלל יידן, ווי ס'איז שוין טאקע צייט זיי זאָלן, נעבעך, אויפ־געריכט ווערן, פארוואָס קומט אזא פּאָלק, אזא טייער פּאָלק זאָל, נעבעך, אזוי פארשווארצט ווערן? זיי האָבן זיך צעלאָזט אין די שבחים פון די כנסת ישראל, געלויבט אין טאָג אריין דאָס יידיש קעפּל.

— וואָס קענען דען יידן נישט? אלע חכמות פון דער וועלט, ווי דער טעלעגראַף, אייזנבאַן און נאָך אזעלכע זאכע־נישן געפינט מען נאָך גאנץ לאנג ביי יידן. נאָר דאָס אלצדינג אָבער איז נאָך פון די קלייניקייטן. דער עיקר איז נאָר עפּעס אנדערש, דאָס פּינטעלע, דאָס פּינטעלע — אָט וואָס דער עיקר איז...

זיי האָבן זיך ארויפגעכאפּט אויף די אפיקורסים, אויף די היינטיקע מאָדנע געלערנטע, פארשאָלטן זיי דאָס געביין, גע־שפּיגן קלעק אויף זיי אינגאנצן און אויף די שקאָלעס, וואָס מען לערנט דאָרט טרפה־פּסול אָן א היטל.

— באלד וועט טאקע זיין א פּרק משניות א רענדל און א פּראָשעניע אָנשרייבן א גילדן. אוי, איז היינט א וועלט, א שיינע וועלט כ'לעבן!...

אזוי האָבן זיי אַלץ גערעדט און זענען איבערגעגאַנגען דער־פון אויף אַ שמועס מכח דער נסיעה פון אונדזערע פאַרשווינען.

— מיר ווינטשן אייך, — האָבן זיי געזאָגט, — השם־יתברך זאָל חסד טאָן און ממלא זיין דאָס אַלצדינג, וואָס מיר באַגערן אין אייך צו זען.

בנימין איז געווען אויף דעם זיבעטן הימל פון אַזאַ ברכה, דערצו איז ער נאָך געווען, ווי זאָגט מען עפּעס, אַביסל פאַר־לעקט, ער האָט געעפנט אַ מויל און גערעדט פאַר ביידע אין פאַר וואַסער.

— ווייסט איר וואָס, רב בנימין, רב סענדערל! — האָבן די יידן געזאָגט צעצויגן, נאָכדעם אַז זיי האָבן זיך אויפגעהויבן פונעם טיש. — מיר ווילן זיך נוהג זיין בפשטות ווי פּראָסטע יידן, אַזוי ווי אונדזערע עלטערן האָבן זיך נוהג געווען. נאָך אַ וועג ווילן מיר זיך אַלע גיין אין מרחץ אריין, צעפּאַרען די ביינער. איר וועט זיך מעגן דאָרט אָפּשערן אָדער אָפּגאָלן, איר וועט, כ'לעבן, ווערן גאָר אַנדערע מענטשן, און נאָכן מרחץ ווילן מיר זיך נעמען צו אונדזערע עסקים. אַזוי טאַקע, בנאמנות, אַזוי וועט בפשטות טאַקע זיין גוט. ס'איז אפשר אַביסל נישט היינטמאָדיש, ביי די אפּיקורסים מעג זיך אַ מרחץ אויסקומען עפּעס נישט שיין, נאָר מיר זענען אָבער נישט קיין געבולבעטע, אָט לאָמיר זיך נוהג זיין ווי אונדזערע זיידעס פאַרצייטן.

פון אַ מרחץ זאָגט זיך אַ ייד קיינמאָל נישט אָפּ. דאָס וואָס אַ שענק פאַר די פויערן, אַ טייכל פאַר גענדז און קאַטשקעס, דאָס איז אין הונדערט גראַדן נאָך מער די באָד פאַר אַ יידן. דעם טעם, וואָס אַ ייד פילט אין אַ באָד, קען עס קיין אומה ולשון גאָר נישט פילן. די באָד האָט ביי אים אַ גרויס שייכות מיט זיין רעליגיע, מיט זיינע אינעווייניקסטע געפילן און מיט זיין פאַמיליע־לעבן. קיין יידישע נשמה רירט זיך נישט פונעם הימל אריינצוקריכן ערגעץ אין אַ בויך, מען קען זי נישט נע־מען, איינבעטן דורך קיין שום זאַך, סיידן נאָר דורך אַ באָד. דאָ איז די הויפּט־אַגענטור, די צענטראַלע קאָנטאָר צווישן דעם הימל מיט דער ערד. איידער אַ ייד ווערט נאָך געבוירן, איידער נאָך עס וואַרפט זיך אין אים אָן אבר, ווייסט מען שוין פון אים אין דער דאָזיקער קאָנטאָר פונעם בעדער מיט דער בע־דערקע ביז דער מוקערקע און דער בייטלמאַכערין. די נשמה־יתרה שבת און יום־טוב פילט אין זיך נישט אַזוי אַ ייד, ווען ער שווענקט זיך פריער נישט אָפּ אין באָד. אָן דעם איז ער עפּעס אַלטגעבאַקן, נישט פריש, קוקט אָן אַ יידן פריטיק קו־מענדיק פונעם מרחץ, ער בליט, ער איז יינגער מיט עטלעכע יאָר, דער יידישער פונק ברענט אין אים און לייכט אַרויס פון זיינע אויגן. אַלע זיינע געפילן זענען עפּעס שאַרפער, פרישער,

דער ריח פון די געפילטע פיש און פון דעם איינגעפרעגלטן ציי־מעס פארגייט אים ווי קטורת אין דער נאָז. זי שמעקט, שמאָ־רעט און איז מקבל תענוג, עס זינגט זיך אים עפּעס אויפן הארץ, ער גיט קאָנצערט אין טראָפּ, קנאקט ווי א סאָלאָוויי שיר־השירים, צעפּיעסטעט זיך דאַרט ווי א קינד, צעפלאקערט זיך, צעהיצט זיך און איז האלב אויף יענעם עולם... אין באָד קומט א ייד ווי אין א פּאָטער־לאנד, ווי אין א פרייער מדינה, וואו איטלעכער האָט א גלייכע דעה, וואו עס שטייט פאר אים פריי צו דערגרייכן גלייך מיט אנדערע א הויכע שטופע — ארויפקריכן אויף דער אויבערשטער באנק, דערמינטערן זיין פאראומערטע נשמה, כאָטש אויף א שעה אויסגלייכן זיינע ביינער און אראָפּוואַרפן פון זיך זיין פעקל דאגות און יסורים. אָט וואָס א באָד איז ביי יידן!

דעריבער איז דער פלאן פון אין־מרחץ־גיין אונדזערע פאר־שוינען געווען שטארק לרצון. זיי האָבן נישט געמאכט קיין גרויסע העוויות און אין עטלעכע מינוט ארום זענען זיי שוין געגאנגען מיט די צוויי שיינע יידן.

אונדזערע פארשוינען האָבן זיך פארגעשטעלט א באָד, ווי געוויינטלעך א מרחץ איז אין די יידישע שטעטלעך, עפּעס א מין בנין, שווארץ, פארשמירט פון דרויסן, בארג־אראָפּ ערגעץ אין א העק מיט א שווערן צוטריט אהינצו אויף שמאָלע צע־בראָכענע קלאדקעס; און אז די יידן זענען צוגעקומען צו א שיינער דריי־גאָרנדיקער מויער, סאמע אין דער מיט גאס, און געזאָגט: „אָט דאָס איז די באָד", האָבן זיי פארריסן די אויגן און געקוקט שרעקלעך פארוואונדערט.

— איר זענט נאָך טאקע נאָר אמתע פריצן. — האָבן די יידן פון זיי געשפּאסט. — קומט, זייט מוחל, אריין אינעווייניק, וועט איר נאָך עפּעס שענערס זען.

אריינקומענדיק אין דעם פּאָרצימער האָט אונדזערע פאר־שוינען פארשיינט אין די אויגן דער געמאָלטער פּאָל מיט די אויסגעשפּרייטע סטעזשקעס. עס האָט זיך זיי אויסגעדאכט, אז זיי זענען אין דעם פארצויבערטן שלאָס, וואס אין בבא־מעשה און אין טויזנט מיט איין נאכט, באלד וועלן פּרינצעסינס, בת־מלכהס זיי מקבל פנים זיין. זיי וועלן זיך דאָ וואויל־טאָן און לעבן אויף וואָס די וועלט שטייט. נאָר אנשטאט די בת־מלכהס איז צונעגאנגען צו זיי א סאָלדאט מיט אויבעלעך און האָט שיין־פיין זיי געלאָזט בעטן זיך אויסצוטאָן.

— טוט זיך, זייט מוחל אוים,— האָבן די שיינע יידן צו זיי געזאָגט, — מיר וועלן דערווייל אריינגיין, אהין באצאָלן באָד־געלט. נישקשה, איר וועט דאָ האָבן א גוט שוויצבעדל.

אז אונדזערע פארשוינען האָבן זיך אויסגעטאָן. האָבן זיי

פּאַרנומען זייער פּעקל זאַכן, ווי דער שטייגער איז, אויסצו־
פּרודזען עס. קיין טוץ העמדער האָט אין זייער גאַרדעראָבע זיך
נישט געפונען, זיי האָבן אוועקגעטראָגן א העמד עטלעכע וואָכן,
עס פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט זיי, נעבעך געביסן און דאָס
פּרודזען איז זיי געווען טאַקע נייטיק אין לעבן אריין. נאָר
דער סאָלדאַט האָט ביי זיי אוועקגענומען די זאַכן און זיי
אריינגעפירט אין חדר אריין. דער חדר איז געווען אויסגעמעבלט
מיט בענקלעך, ארום א גרויסן טיש זענען דאָרט אויף שטולן
געזעסן מענטשן פיין אָנגעטאָן. אונדזערע פאַרשוינען האָבן זיך
ארומגעקוקט אין אַלע זייטן, זיי איז שטאַרק קשה געווען, וואו
גיסט מען דאָ אויפן שטיין און וואו וועלן זיי דאָ שוויצן?

— צי טוט זשיראָוואָסקאַ באַניאַ? — האָט סענדערל א פרעג
געטאָן נאָכדעם, אַז בנימין האָט אים א שטורך געגעבן און אים
געהייסן נישט מאַכן דאָ קיין פיל שיהות און פרעגן.

איינער פון די לייט, וואָס ארום טיש, איז צוגעגאַנגען, האָט
אָנגעקוקט אונדזערע נאַקעטע פאַרשוינען, וואָס זענען, נעבעך,
געווען דאַר, אויסגעדייוועט, אָן א לויט פלייש. נאָר הויט און
ביין, און געמאַכט מיט זיי עפּעס א שמועס אויף מאָסקאָוויטעריש.

— האַ, וואָס זאָגט ער דאָ עפּעס, סענדערל? — האָט
בנימין געפרעגט.

— איך זאָל דאָ אָנהויבן פאַרשטיין א וואָרט! — האָט
סענדערל געענטפערט און מאַכט מיט די אַקסלען, — גאָט אייך,
משטיינס־געזאַגט, א לשון! עפּעס זאָגט ער אַלץ: בילעט, בילעט.

א — א — נאַרעלע, — האָט בנימין זיך אָנגערופן, — וואָס
פאַרשטייסט דו דאָ נישט, נאַרעלע? דאָס איז דער בעדער, ער
פאָדערט ביי אונדז א בילעט, וואָרום אין אַזא באָד מוז מען
גיין אויף בילעטן. זאָג אים, אַז די יידן האָבן שוין דאָך דאָ
פריער באַצאָלט פאַר אונדזערע בילעטן.

— יאַק־זשע, פּאַני, טייע זשידקי אָוווזשע דאַלי טוטעטשקאַ
זאַ... — האָט סענדערל א רעד געגעבן און איז פּלוצים געבליבן
ווי דערוואָרגן, נישט געקענט אויספירן וואָס ער האָט געוואָלט
זאָגן.

— א בילעט, פּאַני, ס׳טייטש, זשידקי, להבדיל, פּאַני, זאַפּ־
לאַטיל! — איז בנימין ארויס אויף זיין לשון און האָט דער־
קלערט די זאַך גאַנץ קלאָר, קורץ און שאַרף.

דער דאָזיקער מענטש, וואָס איז פריער צוגעגאַנגען צו
אונדזערע פאַרשוינען, האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און
מען האָט זיי באַלד אריינגעפירט ווייטער אין א חדר, וואָס
דאָרט איז מען, כפי זייער מיינונג, מחויב געווען, צו שוויצן
געשמאַק...

אַז מען האָט בנימינען און סענדערלען שפּעטער אַביסל

מיט א צייט אַרויסגעלאָזט אויף דער גאַס, איז שווער געווען זיי צו דערקענען, אַזוי פאַרענדערט זענען זיי, נעבעך, געוואָרן: אָפּגעגאָלט פון פּאַרנט, אָן בערד, אָן פּאות, די אויגן פאַר־דרייט, נאָר גלעזערנע, אויף דעם שטערן קאַלטע גרויסע טראָפּן שווייס, א וואָלקן, א כמאַרע אויפן גאַנצן פּנים. איינגעגנורעט, איינגעהויקערט, מיט א ציטער איבער דעם גאַנצן לייב, און אַרום זיי סאָלדאַטן.

אויפן הימל האָט זיך אָנגערוקט א שוואַרצע פינצטערע כמאַרע. א בליץ האָט מיטאמאָל באַלייכט די דאָזיקע קאַמפּאַ־ניע. באַלד דערויף האָט א דונער געגעבן שרעקלעך שטאַרק, אַז אַלע זענען פאַרציטערט געוואָרן. עס האָט זיך אויפגעהויבן א שטורעמווינט, רעדלעך שטויב האָבן זיך געטראָגן ווי די רוחות, פאַרכאַפּט אויפן וועג מיסט, שטרוי, בלעטלעך אי שטיק־לעך פּאַפּיר, אַלע אינאיינעם האָבן געטאַנצט עפּעס א משוגע־נעם טאַנץ און זיך געדרייט, געדרייט אַלץ אין דער הויך אַרויף, אַרויף... די טשערעדע פונעם פעלד איז געלאָפן אומרואיק מיט א געשריי און א רעווען, ווי א סטאַיע הונגעריקע וועלף וואָלטן זיי נאָכגעיאָגט. עס האָט געשטורעמט, געבליצט, געדונערט גלייך ווי דער אויבערשטער איז שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן אויף דער זינדיקער ערד און אויף אַלצדינג וואָס דאָ גייט פאָר. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ, געבליצט מיט זיינע צאָרנ־דיקע אויגן, געהילכט און געשריגן, איי, איי! מיט זיין דונער־דיקן קול. עס האָט צום־לעצט א זעץ געטאָן משוגה א שרעק־לעכער דונער, פון הימל האָט אַראָפּגעקאַפּעט ווי טרערן גרויסע טראָפּנס רעגן, וואָס אין זיי האָבן זיך אויסגעמישט טראָפּן נויט־שווייס און בלוטיקע טרערן פון אונדזערע בידנע, אומ־גליקלעכע פאַרשוינען...

אך, בנימין און סענדערל האָבן גאָר נישט געוואוסט, אַז נישט דווקא אין דער מדבר איז א סכנה צי רייזן מחמת די ווילדע שלעק, עקדישן, פּיפּערנאָטערן און חיות־רעות, וואָס דאָרט, נאָר דאָ אין די מקומות, דאָ איז ערשט די גרעסטע סכנה! יענע צייט, ווען אונדזערע פאַרשוינען האָבן געוואַנ־דערעוועט, איז געווען די שווערע, פינצטערע, ביטערע צייט — די צייט, ווען איין ייד האָט געזוכט צו דערטאַפּן דעם אַנדערן און ווי א לייב אין זיין נאָרע געלויערט האָט אויך ער געלויערט צו כאַפּן דעם בעזפּאַסטפּאָרטנע אהער

און אים אָפּגעבן פאַר א פּוימענע, א קרבן פאַר זיינע, אָדער יענעמס קינדער! אך, אונדזערע פאַרשוינען, נעבעך, האָבן נישט געוואוסט, אַז זיי געפינען זיך שוין טאַקע אין דער מדבר, צווישן ווילדע באַשעפענישן אי חיות רעות. און די צוויי שיינע כשרה יידן זענען גאָר פּיפּערנאָטערן!

## דאָס דרייצנטע קאַפּיטל

# זעלנער זענען, נעבעך, אונדזערע נוסעים געוואָרן

איטלעכער קאָן זיך משער זיין די שלעכטע לאַגע פון אונדזערע בידנע פאַרשוינען, ווי פינצטער און ביטער זיי איז, נעבעך, געווען, מיר פאַרשפּאָרן עס צו שילדערן.

די ערשטע צייט זענען זיי געווען ווי צעמישט און האָבן לחלוטין נישט פאַרשטאַנען, וואָס מיט זיי טוט זיך אַזוינס. אַלצדינג איז פאַר זיי געווען פרעמד, אי די סבאָרנע, אי די סאָלדאַטן, אי דער לשון און די אַלע זאַכן, וואָס מען האָט זיי געהייסן טאָן. דער שינעל איז אויף זיי געהאַנגען ווי א טאָרבע, ער האָט אויסגעזען טאַקע נאָר ווי א ייפּע, און דאָס היטל, משטיינס־געזאָגט, איז געלעגן אויף זייער קאָפּ נאָר ווי א קאָפּקע. אָנקוקנדיק זיי האָט זיך געדאַכט, עפּעס איז עס אינגאַנצן נאָר אָן אָנשטעל, עפּעס האָבן צוויי ייִדן זיך פאַרשטעלט און מאַכן חוזק פון די אַלע זעלנער, קרימען זיי נאָך און ווייזן פאַר איטלעכן גאַנץ פריי, ווי נאַריש, משטיינס־געזאָגט, זיי אַלע, זענען מיט זייער אַלץ־מיטאַנאַנדער. אַז־אַך־און־וויי צום ביקס נעבעך, וואָס ער איז אריינגעפאַלן צו אונדזערע פאַרשוינען. ביי זיי אין די הענט האָט ער גאָר נישט געהאַט דאָס פּנים, אקוראַט ווי א קאָטשערע אין די הענט פון א מאַנסביל, וואָס פּאָרעט זיך אין קיך ביים פּריפּעטשעק. ביי דער אוטשעניע פלעגן זיי אָפּאַרבעטן אַזעלכע שטוקעס מיט די הענטלעך און די פיסלעך, אַז ס'איז געווען נאָר א ריינע קאָמעדיע.

אין קלעפּ, פאַרשטייט זיך, זענען זיי נישט זשעדנע געווען. נאָר וואו איז דען, זאָגט מען, אין דער וועלט עפּעס א צרה, וואָס דער מענטש זאָל מיט איר נישט געוואוינט ווערן? נישט נאָר דער מענטש, אפילו אַנדערע באַשעפעניש ווערן אויך געוואוינט. באַדאַרף מען מער פריי ווי א פויגל איז, פונדעסטוועגן, אַז מען פאַנגט אים און מען זעצט אים אריין אין א שטייגעלע, געוואוינט ער זיך צו ביסלעך, הייבט אָן צו פּיקן קערנער מיט אַפּעטיט, שפּרינגט און זינגט פריילעכע לידער, גלייך ווי די גאַנצע וועלט מיט אירע פעלדער און וועלדער איז פאַר אים דאָ אין דעם ענגן שטייגעלע. אונדזער סענדערל האָט ווייטער, ווייטער טאַקע אָנגעהויבן מיט זיין לאַגע זיך צוגעוואוינען. פלעגט זיך גוט צוקוקן צום מושטיר פון די זעלנער און פּרוּווּן נאָכמאַכן זייערע אַלע שטוקעס אויף זיין שטייגער. ס'איז געווען א פרייד צוצוזען, ווי סענדערן פלעגט אָפּט

פאר זיך אליין איבערחזרן דעם מושטיר, זיך אויסציען גלייך ווי א סטרונקע, פארריסן דאָס קעפּל, אָנבלאָזן די פּיסקלעך ווי א גבור, הייבן פיסלעך און גיין א מארש נאָר טאקע ווי אַן אָנגעבלאָזענער אינדיק, פלעגט זיך דרייען, דרייען און לסוף פארפּלאָנטן די פיסלעך און פאלן. נאָר אקעגן־זשע בנימין אָ־בער — ער האָט מיט אזעלכע זאכן בשום אופן נישט געקענט זיך געוואוינען. ער איז געווען בטבע איינער פון יענע מיני פייגל, וואָס הייסן וואנדער־פייגל, דאָס הייסט אזעלכע, וואָס זייער טבע איז אלע יאָר סוף זומער אוועקצופליען און אי־בערווינטערן דאָרט אין די ווייטע ווארעמע מקומות. די טבע צו וואנדערוועזן מאָנט אזא מין פויגל אזוי שטארק, אז באם מען האלט אים דענסטמאָל געפאנגען אין א שטייגל, איז אים נישט ניחא דאָס לעבן, ער עסט נישט, טרינקט נישט, ער דרא־פעט זיך אויף די גלייכע ווענט און זוכט ערגעץ עפּעס א שפּאלט אנטרונען צו ווערן. די נסיעה אהין אין יענע ווייטע מקומות, וואָס האָט ווי א זלידנע זיך איינגעגעסן אין בנימינס קאָפּ, וואָס איז אים געוואָרן די צווייטע נאטור, וואָס צוליב איר האָט ער אוועקגעוואָרפן ווייב און קינדער — די דאָזיקע נסיעה האָט אים נישט געלאָזט רוען קיין רגע, האָט אים גע־בויערט, געפּיקט דעם קאָפּ, זי האָט אין אים געבורטשעט און אלץ געשריגן: בנימין, גיי ווייטער, ווייטער!

דערווייל איז אוועקגעגאנגען אזוי דער ווינטער און אונ־דזער בנימין, נעבעך, האָט זיך שטארק געמוטשעט.

איינמאָל אין א שיינעם טאָג נאָך פּסח, אז סענדערל האָט בינו־לבין עצמו זיך געמושטירט, איז בנימין צו אים צוגעגאנ־גען מיט אזא שמועס:

כ'לעבן, סענדערל, דו ביסט א יינגל! דו שפּילסט זיך און מאכסט עפּעס אזעלכע קונצן ווי א קונדעס. וואָס קען דערפון, איך בעט דיך, דער תכלית זיין? פארגעס נאָר נישט, אז דו ביסט, ברוך השם, א באווייבטער, דערצו נאָך אויך עפּעס א ייד, היינט צו וואָס פארנעמסט־דו זיך מיט אזעלכע זאכענישן און לייגסט דרינען דעם גאנצן קאָפּ דיינעם אריין? למאי נפקא מינה, צי מיט דעם לינקן צי מיט דעם רעכטן פוס קרוגאָם, ווי זיי רופן עס דאָרט עפּעס, וואָס מאכט עס אוים?

— וויים איך? — האָט סענדערל געענטפערט. — מען הייסט קרוגאָם, זאָל זיין קרוגאָם, וואָס פאר א דאגה איך האָב.

— און אונדזער נסיעה, זאָג נאָר, האָסט־דו שוין פאר־געסן? גוואלד, אונדזער נסיעה, אונדזער נסיעה אהין, אהין... לינדענוואָרעם, מוילאייזל, פּיפּערנאָטער! — האָט בנימין גע־רעדט צעקאָכט.

— מאַרש, מאַרש, מאַרש ! — האָט סענדערל געמאַכט און געהויבן פיסלעך.

— אַז אָך און וויי צו דיר, סענדערל, און צו דיין מאַרש ! פע, מעגסט זיך, כ׳לעבן, שעמען ! זאָג מיר נאָר בעסער, קונ־דעס איינער, ווען מיר מאַכן אונדזער נסיעה ?

— פון מיינעטוועגן נאָך ! — האָט סענדערל געענטפערט. — אַבי מען וועט אונדז נאָר לאָזן.

— וואָס טויגן מיר זיי און וואָס באַדאַרפן זיי אונדז האָבן ? — האָט בנימין זיך אָנגערופן. — אדרבא, סענדערל, זאָג אַליין ביי דיין יידישקייט, אַז באם דער שונא זאָל, חס ושלום, קומען, וועלן דען אַזעלכע צוויי אירע ווי מיר זיך קע־נען שטעלן אים אקעגן ? און אַז דו וועסט אים טויזנט מאָל זאָגן : „גיי דיר אוועק, אלא נישט מאַך איך פוי, פוי !״ וועט ער דען דיך הערן ? פאַרקערט, ער וועט דיך גאָר אָנכאַפּן און דיין גליק וועט זיין, אַז דו וועסט לעבעדיק פון זיינע הענט אַרויס. גלויב מיר, כ׳לעבן, ווי איך זע, זענען מיר דאָ אינ־גאַנצן איבעריק, זיי וואָלטן גערן געוועזן אונדזערע פטור צו ווערן. איך האָב אַליין געהערט, ווי דער עלטסטער האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט, אַז מיר זענען טאַקע נאָר אַן אָנשיקע־ניש, ווען עס זאָל אין אים געוועלנדט זיין, וואָלט ער אונדז שוין לאַנג אַרויסגעטריבן צו אַלדי שוואַרצע יאָר. און באמת טאַקע, וואָס טויגן מיר זיי ? איך זאָג דיר, סענדערל, בפירוש, אַז דאָס איז גאָר לכתחילה געוועזן אַ קרומע זאַך, נישט קיין גלייכער שידוך. מיר טויגן זיי נישט און זיי טויגן אונדז נישט. די יידן, וואָס האָבן אונדז אין זייערע הענט אַריינגעגעבן, האָבן זיכער געמוזט זיי דערציילן אויף אונדז, אַז מיר זענען ווילדע גבורים און קענען טכסיסי מלחמה, טאַקע וואָס קענען הייסט. מילא וואָס זענען מיר שולדיק, אַז די יידן האָבן זיי אָפּגענאַרט ? למאי אונדז האָבן די יידן אויך מיאוס אָפּגע־נאַרט. מיר זענען דאָך נאָר מיט דער דעה אהער געקומען עפּעס צונויפמאַכן און לאָזן זיך ווייטער אין וועג אַריין. פון טכסיסי מלחמה איז כלל קיין מדובר נישט געוועזן, איך וועל שווערן אַ־פילו אין טלית און קיטל, אַז דערפון האָט מען אַפילו נישט מזכיר געוועזן. גלאַט באַפּעניש־גילטעניש איז דאָך פשוט שוין קיין יושר נישט, הערט דאָך שוין טאַקע אויף אַלצדינג ! — קורץ, זיי זענען נישט שולדיק, וואָס מען האָט אונדז אָפּגע־נאַרט, און מיר זענען אויך נישט שולדיק, וואָס מען האָט זיי אָפּגענאַרט, — שולדיק זענען דאָ נאָר די יידן, די ליגנער, די כל־בוניקעס, וואָס האָבן ביידע צדדים אָפּגעליגנערט. די יידן, סענדערל, די יידן, זיי אַליין זענען דאָ טאַקע אינגאַנצן שולדיק,

קיינעם באַדאַרף מען אין דער זאַך נישט באַשולדיקן. נאָר די ייִדן, די ייִדן און נאָכאַמאָל די ייִדן!...

— מילא, וואָס ווילסט־דו, בנימין, זאָלן מיר טאָן? — האָט סענדערל געפרעגט.

— איך וויל, — האָט בנימין געענטפערט, — מיר זאָלן זיך לאָזן ווייטער אויף אונדזער נסיעה. אויס כלה און ווייטער אַ מויד! מיר דאַכט זיך, אַז קיינער וועט אונדז נישט פאַרווערן, הן על פּי דין הן על פּי יושר טאָר קיינער אונדז נישט פאַרהאַלטן. איי וואָס, דו האָסט מורא, טאָמער וועט מען אונדז פאָרט נישט לאָזן, איז דערצו אַ פּראָסטע תרופה, מיר זאָלן פונדאַנען שטי־לערהייט אַוועקגיין. וועמענס עסק איז דאָס ביי אונדז צו ווי סן? געזעגענען זיך באַדאַרפן מיר מיט קיינעם נישט.

— איך מיין אויך אַזוי, אַז געזעגענען זיך איז אַן איבע־ריקע זאַך, — האָט סענדערל געמאַכט, — להי, אַז מיר זענען פאַר־אַ־יאָרן אַוועקגעגאַנגען פון דער היים און קיינעם נישט, אפילו ווייב און קינדער, נישט געזאָגט קאָטש נאָ־טעבי!

פון דעם דאָזיקן שמועס אָן האָבן אונדזערע פאַרשווינען אָנגעהויבן טראַכטן ווידער פון זייער נסיעה און זיך אַליין מיישב געווען, ווי צו מאַכן פּליטה. און בנימינען האָבן זיך שטאַרק צעשפּילט די געבליטן, ער איז געווען שרעקלעך אומ־רואיק און אַרומגעפּאַרעט צעקאָכט, ווי אַ הון, וואָס וויל אַיין ווערנע זיך זעצן אויף אייער. ער איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, אַז ער האָט נישט געהערט, נישט געזען, וואָס אַרום אים טוט זיך. איז פאַרביי אים דורכגעגאַנגען עפּעס אַן עלטסטער, האָט ער מחמת צעטראָגנקייט נישט אַראָפּגענו־מען דאָס היטל; האָט ער געכאַפּט אַ פּאַטש אָדער אַ זעץ אין דער פּאַטיליצע, האָט ער אַפילו זיך נישט פאַרקרימט, גלייך ווי נישט אים מיינט מען; האָט מען צו אים גערעדט עפּעס אין עניני־המושטיר, איז אים נישט אַריין אַפילו אין דער לינ־קער פּאה, ער האָט געהערט דאָס וכדומה אַזעלכע זאַכן אַקו־ראַט ווי אין טשערנאָוויטש די מגילה. ער האָט אין זינען גע־האַט נישט מער ווי די נסיעה און דער קאָפּ זיינער איז געפלויגן ווייט, ווייט!

איינמאָל שפּעט ביי דער נאַכט, אַז אַלע זעלנער אין דער קאַזאַרמע האָבן געשמאַק געשלאָפן, איז בנימין אויף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צו סענדערלס געלעגער.

— סענדערל, דו ביסט פאַרטיק? — האָט בנימין שטי־לערהייט געפרעגט.

סענדערל האָט אַ שאָקל געטאָן מיט דעם קאָפּ, אָנגענומען בנימינען פאַר דער פּאָלע און זיי זיינען ביידע שאַ קיטש אַ־רויסגעגאַנגען אויפן הויף.

אין דרויסן האָט געבלאָזן אווארעם ווינטל, שטיקער
שווארצע אי ברוינבלויע וואָלקנס האָבן זיך געטראָגן אין דער
הויך און זיך געצויגן איינע נאָך די אנדערע, גלייך ווי טויזנ־
טער טשומאקעס גייען דאָרט מיט אָנגעלאָדענע פורן סחורות,
און יאָגט זיך באצייטנס אָנצוקומען אין הימל אויף דעם יריד.
די לבנה איז ווי א פריקאזטשיק אויך געגאנגען מיט דעם דאָ־
זיקן משונה־לאנגן צוג, פלעגט אויף א מינוט נאָר ארויסשטעקן
דעם קאָפ, א קוק טאָן וואָס טוט זיך אין דרויסן, דערנאָך
ווייטער אויף א היפשע צייט זיך באהאלטן און געלעגן איינ־
געגורעט דאָרט ערגעץ אונטער א וואָלקנדיקן לאנטוך, שווארץ
אָפגעשמירט ווי מיט סמאָלע.

אונדזערע פארשוינען האָבן אין דער פינצטער זיך געלאָזט
גיין איבער דעם הויף און שטילערהייט צוגעגאנגען צום פלויט.
זיי זענען ארויפגעקראָכן אויף א בארג מיט האָלץ און פון
דאָרט איז זיי שוין גרינג געווען ארויפצוקלעטערן אויפן
פלויט. פלוצים האָט סענדערל זיך א כאַפ געטאָן און געזאָגט
בנימינען אין אויער אריין:

— אך, בנימין, איך האָב פארגעסן די טאָרבע! זאָל איך
מיך אומקערן נעמען די טאָרבע?

— חלילה! — האָט בנימין געמאכט. — אומקערן זיך
איז א מיאוסע זאך. אז גאָט העלפט א מענטשן, העלפט ער
אים אויך אויף א טאָרבע.

— עס קומט מיר איצט פאָר, האָט סענדערל געזאָגט, וואָס
דער זיידע, רב סענדערל עליו השלום, האָט מיך געוואָרנט אין
חלום: שטיי אויף, סענדערל, האָט ער געזאָגט, און לויף פונ־
דאנען אוועק וואוהין די אויגן טראָגן! הלוואי זיין זכות זאָל
אונדז אצינדביישטיין, ער איז געווען טאקע מיטן פולן מויל
א ייד, גאָר אָן שום מלאכות. די באבע, עליה השלום, פלעגט
אלץ דערציילן...

נאָר איידער סענדערל האָט זיך גענומען צו דערציילן, וואָס
זיין באבע פלעגט אלץ דערציילן פון זיין זיידן, האָט זיך גע־
לאָזט הערן א קול פון א זעלנער, וואָס איז דאָרט אין דער
זייט געשטאנען אויף דער וואך.

אונדזערע פארשוינען האָבן זיך צוגעטוליעט צום פלויט,
איינגעהאלטן דעם אָטעם, געלעגן שטיל, קיין ריר זיך נישט צו
טאָן, און אויסגעזען ווי צוויי גרויסע אלטע שמאטעס. שפּע־
טער אבים, אז ס'איז ווידער געוואָרן רואיק־שטיל, האָבן די
דאָזיקע שמאטעס ארויסגעוויזן א סימן פון לעבן און פאמע־
לעך זיך אראָפגעלאָזט פונעם פלויט. זיי זענען געקראָכן אויף
די הענט און די פיס און זיך גערוקט פאמעלעך אלץ ווייטער,
ווייטער, ביז גאָט האָט זיי געהאָלפן אויסצומיידן דעם זעלנער,

וואָס אויף דער וואָך, און אַרויסצוקריכן אין אַ גאַס. אונ־
דזערע פּאַרשוינען האָבן זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס, גע־
שטאַנען אַביסל צו כאַפּן דעם אָטעם און זיך אָנגעקוקט פרייד־
לעך מיט פייערדיקע אויגן.

די באָבע, עליה השלום, פלעגט אַלץ דערציילן, — האָט
סענדערל אָנגעהויבן צו רעדן, — ווי דער זיידע, רב סענדערל,
עליו השלום, פלעגט בחיים אַלץ דענקען פאָרן קיין ארץ־ישראל.
פאַרן טויט האָט ער זיך אויפגעזעצט און געזאָגט מיט די
ווערטער: אויב איך האָב נישט זוכה געווען ביי גאָט פאָרן
קיין ארץ־ישראל, בין איך בטוח, אַז איינער פון מיינע קינדער
וועט דאָרט זיין. דאָס הארץ מיינס זאָגט מיר איצט, אַז, דאָס
האָט ער געמיינט מיך. הלוואי פון מיין מויל אין גאָטס
אויערן אַריין.

נאָר פון סענדערלס מויל אָבער איז גאָר אין אַנדערע
אויערן אַריין! קוים וואָס סענדערל האָט אַרויסגערעדט דעם
וואונטש זיינעם, האָט פּלוצים איינער אויף מאָסקוויטעריש זיי
אַ פרעג געגעבן: ווער איז דאָ? און אַז ער האָט נישט באַקו־
מען קיין ענטפער, איז ער געשווינד צוגעגאַנגען און ווייטער
נעפרעגט.

די לבנה האָט, צום שלימזל, אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ
פון אונטער אַ פינצטערן שטיק כמאַרע און באַלויכטן אונ־
דזערע בידנע פּאַרשוינען, וואָס זיינען געשטאַנען אָן לשון,
טויט ווי די וואַנט, און דעם עלטסטן זייערן, וואָס האָט זיך
שרעקלעך געבייזערט, געמאַכט מיט די הענט און זיי, נעבעך,
געגעבן אין טאַטן און אין דער מאַמען אַריין.

אין עטלעכע מינוט אַרום זענען אונדזערע פּאַרשוינען גע־
זעסן ווי אַרעסטאַנטן דאָרט אויף דער הויפּט־וואַכטע!

ס'איז גאָר נישטאָ אַזעלכע ווערטער צו באַשרייבן די
שרעקלעכע יסורים, וואָס אונדזערע פּאַרשוינען האָבן געפילט
זיצנדיק אין געפענגעניש. זיי זענען, נעבעך, אַראָפּ שטאַרק פון
נעם פּנים און געוואָרן פּשוט אויס מענטשן. סענדערל כאָטש
פלעגט נאָך שלאָפן און שלאָפנדיק האָט ער ווייניקסטנס עט־
לעכע שעה נישט געפילט די ביטערע צרות, ער פלעגט נאָך אַ־
מאָל האָבן אַ גוטן חלום. דער זיידע רב סענדערל האָט עפּעס
אָנגעהויבן עפּטערס זיך צו זען און געטריבן מיט אַ שפּאַס, ער
פלעגט קיינמאָל נישט קומען ליידיק: אַמאָל איז ער געקומען
מיט אַ פּיילנבויגן, מיט אַ שווערדל אָדער מיט אַ המן־קלעפּל,
פלעגט אַ קניפּ געבן דעם אייניקל ביים בעקעלע און זאָגן מיט
אַ שמייכעלע: נאַ דיר, קונדעסל, טשאַטשקעלעך! שפּיל זיך,
שקאָץ, דערמיט, מאַך פוי, פיף, פאַף, סענדערל!... און אַמאָל
איז ער געקומען מיט אַ דריידל, זיך געזעצט שפּילן מיט זיין

ליבהארצעדיקן סענדערוניון. סענדערל האָט געדרייט, געדרייט, געמאכט ג׳ און געוואונען ביים זיידן א גראָשן... גוט איז דעם מענטשן אי א גוטער חלום. די וועלט אינגאנצן איז דען נישט א חלום! בנימין אָבער האָט דאָס אויך נישט גע־האט, עס האָט פון אים זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף. ער איז גע־ווען משונה צעטראָגן און דאָס בלוט האָט אין אים געקאָכט ווי א קעסל. ער האָט געזען דורך דעם פענצטער, די זון שיינט גאָר א מחיה, דאָס גרינע גראָז וואקסט און שפּראָצט, ביימער צוויטען וואונדער־שיין, מענטשן גייען, לויפן אהין און אהער, און פייגל פליען אין הימל. אצינד איז די רעכטע צייט צו וואנדרעווען. נאָר ער זיצט אָבער פארשפּארט און קען זיך נישט לאָזן אויף זיין נסיעה. ער פלעגט אזש אונטערשפּרינגען פאר גרוים עגמת נפש, זיך כאפּן ביים קאָפּ, ארומלויפן צעדולט און שרייען, רעדן מיט גאל: גוואלד! וואָס האָב איך זיי געטאָן? גוואלד, גוואלד! וואָס האָבן זיי צו מיר?...

## דאָס פערצנטע קאַפּיטל

# אויס כלה — ווייטער מויד

אין דער וואָיענע קאנצעלאריע זענען שפּעטער מיט עטלעכע טעג, נאָך דער מעשה מיט אונדזערע פארשוינען, געזעסן א סך אָפיצירן אין דער פּאָלנער פאָרמע, צווישן זיי דער יענעראַל מיט דעם פּאָלקאָווניק, אין דער זייט נעבן דער טיר זענען גע־שטאנען צוויי זעלנער מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ און האָבן אויס־געזען ווי א מויז, וואָס מען נעמט ארויס פון א לאדעשקע זויערמילך. די אָפיצירן האָבן געקוקט אויף די זעלנער, זיי באַ־טראכט פון קאָפּ ביז די פיס. דערנאָך צווישן זיך עפּעס גע־רעדט און אביסל אונטערגעשמייכלט.

— הערסט־דו, סענדערל, — האָט איין זעלנער שטילער־הייט געזאָגט בשעת די אָפיצירן האָבן צווישן זיך געשמועסט, — איך זאָל וויסן מיין טויט זאָל דאָ אפילו זיין, מוז איך זיי ארויסזאָגן דעם גאנצן אמת, איך בין שטארק אָנגעלאָדן.

— פון מיינעטוועגן, בנימין, זאָג דיר זיי דעם אמת, — האָט דער אנדערער זעלנער זיך אָנגערופן, — אויב דו ווילסט אזוי, זאָל זיין אזוי. וואָס פאר א דאגה איך האָב.

— איר זייט עס די לייט, וואָס האָבן שפּעט ביי דער נאכט זיך ארויסגעגנבעט פון דער קאזארמע? — האָט דער יענעראַל

געפרעגט סטראָגע. — איר ווייסט, וואָס ס'קומט פאר אזא שולד.

— אָ־ווא, אָ־ווא! — איז בנימין אויף גאָטס באראָט א־רויס מיט א שפּראכע, האלב יידיש, פּאלעווינע רייסיש, און אנידערגעלייגט א שמועסל, אז כייקל זאאיקע. דער בעל־דברן פון טונעיאדעוויקע, האָט געמעגט, כ'לעבן, זיך באגראָבן ניין איילן אין דער ערד.

דער יענעראל האָט אוועקגעקערט דעם קאָפּ מיט א געלעכ־טער, א מאך געגעבן מיט דער האנט און דער פּאָלקאָווניק האָט אנשטאט אים אָנגעהויבן צו רעדן.

— איר האָט זיך שטארק פארדינט, אייך קומט מיאוס צו באשטראָפן פאר אזא שולד.

— וואשע בלאגאָראָדיע! — האָט בנימין אויסגעשאָסן אויף א קול, — כאפּן מענטשן אין מיטן העלן טאָג און פאר־קויפן זיי ווי הינער אויפן מארק — דאָס מעג מען, און אז זיי, נעבעך, ווילן ניצול ווערן, דאָס רופט מען אָן א שולד! אויב אזוי, איז דאָך טאקע הפקר א וועלט, און איך פארשטיי שוין, אָסור, נישט, וואָס הייסט אזוינס מעגן און נישט מעגן! אדרבא לאָמיר פרעגן דאָ טאקע מענטשן, זאָלן זיי זאָגן, ווער איז שולדיק. אשטייגער, ווי וואָלט געווען, אז מען זאָל אייך כאפּן ערגעץ אויפן וועג און מיט גוואלד ארייננשטופּן אין זאק אריין. נו וואָלט איר, חלילה, שולדיק געווען, ווען איר וואָלט מיט א מצוות־כוח פונעם זאק ארויס? איך זאָג אייך בפירוש, דאָס איז געווען לכתחילה א געניטע זאך, א גענארעריי, שול־דיק זענען נאָר די יידן, מי יודע וואָס זיי האָבן נאָך אָנגע־רעדט. מיר זענען אייך מוסר מודעה — זאָג, סענדערל, זאָג! וואָס שטייסט־דו ווי א גולם? גיי ארויס מיט דעם אמת אויף גאָטס באראָט. נאָר אָן מורא און זאָג מיט מיר אינאיינעם: — מיר זענען אייך מוסר־מודעה, אז פון טכסיסי מלחמה האָבן מיר נישט געוואוסט, מיר ווייסן נישט און מיר ווילן נישט וויסן, מיר זענען, ברוך השם, באווייבטע, האָבן אין זינען עפּעס גאָר אנדערש, און מיט אזעלכע זאכעניש קענען מיר לחלוטין זיך נישט אָפּגעבן, זיי גייען אונדז אפילו גאָר אין קאָפּ נישט. היינט מילא וואָס טויגן מיר אייך? מיר דאכט זיך, אז איר באדארפט אליין וועלן אונדזערע פּטור צו ווערן.

און באמת איז בנימין טאקע זייער גערעכט געווען, מען איז נאָך לאנג טאקע גערן געווען, זייערע פּטור צו ווערן, אז די עלטסטע האָבן זיך געווען צוגעקוקט צו אונדזערע פארשוי־נען, צו זייער הילוך, צו זייערע פּאָסטעמקעס, צו זייער שמועס און צו זייערע מארשן, האָבן זיי שוין זיך אָנגעשטויסן, מיט וועלכע נפשות זיי האָבן צוטאָן, און פלעגן נישט איין מאָל

זיך האַלטן ביי די זייטן לאַכנדיק. דער כיוון פון דער איצטי־
קער סאַבראַניע אָפּיצירן איז געווען צו נעמען אונדזערע פאַר־
שוינען אויפן פאַרהער און פּרואוון זען, מיט וועמען זיי האָבן
אַן עסק. בנימין מיט סענדערלען האָבן דאָ זיך פאַרהערט און,
ברוך השם, שטאַרק אויסגענומען, נאָך מער ווי געוואונטשן,
אַזוי אַז די אַלע אָפּיצירן האָבן עפּעס משונה הנאה געהאַט
פאַר געלעכטער.

— נו, דאָקטאָר? — האָט דער יענעראַל געמאַכט צו אַן
אָפּיציר, וואָס האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס און מיט
אונדזערע פאַרשוינען זיך שטאַרק אָפּגעגעבן.

דער דאָקטאָר האָט אַנידערגעלייגט אַ פינגער אויפן שטערן
און געמאַכט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, גלייך ווי ער וואָלט גע־
זאָגט — דאָ פעלט אַ קלעפּקע!

דער שפּיץ איז געווען, נאָכדעם אַז די אָפּיצירן האָבן
צווישן זיך גערעדט און עפּעס געשריבן, האָט מען געהייסן אָפּ־
לאָזן אונדזערע פאַרשוינען פריי פונעם דינסט.

— גייט אייך, האָט מען זיי געזאָגט, גייט אייך געזונ־
טערהייט!

בנימין האָט זיך זייער שיין געזעגנט מיט אַ פאַרבייג און
זיך געלאָזט אַוועקגיין.

סענדערל האָט ווי אַ זעלנער געהויבן פיסלעך און געגאַנגען
נאָך אים מיט אַ מאַרש.

מיין ליבן. טייערן פריינט

**מנשה מרגלית**

ברענגט דעם דאַזיקן ספר במתנה

פונעם גאנצן הארצן

**דער מחבר.**

טייערער פריינט!

טרויעריק איז מיין ניגון אין דער קאפעליע פון דער יידי־שער ליטעראטור. אין מיינע חיבורים ליגט אויסגעדריקט א ייד מיט די ביינער, וואס ווען ער זינגט אפילו א פריילעכס, דאכט זיך גאר אויס פונדערווייטנס, עפעס קלאָגט ער, פארגייט זיך וויינענדיק. אין זיינע זמירות הערט זיך עפעס אן אומעטיקער שטייגער פון איכות; לאכט ער, שטייען אים אין די אויגן טרערן, ווייל ער אביסל לוסטיק זיין, רייסט זיך אים דערביי טיף פונעם הארצן א ביטערער זיפץ — און תמיד אלץ אוי־ווי, וויי־געשריגן!...

איך רעד מיך חלילה נישט איין מיט גדלות, אז איך בין א סאָלאָוויי אין אונדזער יידישער ליטעראטור, נאר אין איין זאך אבער בין איך אין אים יאָ שטארק געראָטן. דער דאָזיקער מרה־שחורהדיקער משורר פון די פייגל שפילט זיינע ניגונים און צעגיסט זיך אין אומעטיקע שטייגער דווקא נאר אין ווסנע־צייט, ווען די גאנצע וועלט איז ווי נייגעבוירן, ווען עס בליט, עס שמעקט מחיה אוטעטום, עס שיינט, עס לויכט און איטלעכן איז פריילעך אויפן הארצן.

מיר ביידע, טייערער פריינט, האבן אנגעהויבן אונדזער ארבעט אין דער יידישער ליטעראטור פונקט אין דער ווסנע־צייט פונעם יידישן לעבן דאָ ביי אונדז אין לאנד. פונעם זעכ־ציקסטן יאר אין אונדזער צייט, הויבט זיך פאר יידן אָן גאר א ניי לעבן — א לעבן פול מיט גרינגער געמיט, פול מיט גוטע האפענונגען אויף שפעטער. דענסטמאָל זענען מיר געווען

ביידע נאָך זייער יונג און האָבן מיט א ברען זיך א נעם געטאָן צו דער פען, געארבעט געשמאַק, איטלעכער אויף זיין גאנג. דער עולם האָט פון אייער שרייבן געלעקט די פינגער. גאָר אָנגעקוואָלן הערנדיק, ווי אזוי איר רעדט צוקער־זיס איבער פיל וויכטיקע זאכן אין דעם יידישן לעבן; ווי אזוי איר זענט אויף יידן א מליץ־יושר און לערנט זיי מיט גוטן, גאנץ פריינטלעך, צו קענען זיך אליין, צו וויסן פון זייער לעבן צו זאָגן, א פנים צו האָבן און זיין צו לייטן גלייך. עס האָבן אייך אויס דעם מויל זיך געשאָטן פערל, וואָס פינקלען, לויכטן און וועלן אייביק זיין א צירונג אין דער יידישער ליטעראַטור. איך פון מיין זייט האָב אין יענער פריילעכער וועסנע־צייט מיר אויך אונטערגעברומט, געשריבן, געשפילט אויף מיין שטייגער. אין מיין שפילן האָט געוויינטלעך איין סטרונע געברומט טרויעריק און געמאכט אויף די צוהערער א שטיקל מרה־שחורה. א טייל האָבן מיך געהערט גערן מיט א פארקלעמט הארץ, ווידער א טייל האָבן זיך געקרימט, משונה זיך געקראַצט. נישט צופרידן געווען, וואָס איך ריר זיי אָן ביי דער לעבער און דערמאָן זיי נישט קיין פריילעכע זאכן נאָר. ווי די מעשה איז, איך האָב מיר געשפילט און געטאָן מיינס.

יענע שיינע וועסנע־צייט איז אוועק. אז אָך און וויי איז דעם יידנס לעבן! און מיר איז פאר צרות פארגאנגען דער חשק צו שרייבן. עס האָט מיר א צייט לאנג אָפּגענומען דאָס לשון.

און ווען איך נעם אצינד אפיר מיין פארדארטע, פארטריקנטע פען און גיי ווידער מיט דער שפּראַך ארויס, האָב איך עס צו פארדאנקען אייך, נאָר אייך, וואָס אין אייער געזעלשאפט איז מיר צוגעקומען א שטיק געזונט. אייערע קלוגע רייד, אייער ארבעטן שטענדיק פאר אונדזער פאָלק האָבן מיר דערפרישט און מיר צוגעגעבן חשק צו נעמען זיך אויך פאר עפּעס אָן ארבעט. פון הייליקן פייער, וואָס ברענט תמיד אין אייער יידישן הארץ, האָט זיך פארטראָגן א פונק צו מיר אין מיין הארץ, עס האָט זיך אָנגעצונדן און ברענט אצינד ווי אמאָל אין די יונגע יאָרן.

יאָ, מיר ביידע האָבן אָנגעהויבן אונדזער ארבעט אין דער ליטעראַטור גלייך אין איין צייט, נאָר דאָס מזל אונדזערס איז ניט גלייך: איר זייט דאָרט ארויף אויבן, אין די הויכע פענצטער; איר האנדלט דאָרט מיט בריליאַנטן און דימאַנטן פון דער יידישער היסטאָריע; איר שטעלט ארויס די שענסטע צירונג פון אונדזער פאָלק פארצייטנס. דאָס בעסטע, דאָס טייערסטע אין זיין לעבן. איר האָט איבערגעהאַט עסקים מיט הלל, רבי מאיר, רבי עקיבא און מיט נאָך אנדערע גרויסע לייט, מיוחסים פון הויכן סאָרט מענטשן. מיר, אקעגן, איז באשערט געווען

זיך אראָפּצולאָזן אויפן נידעריקן טרעפּל פון יידישן לעבן אונטן אין די קעלערס. מיין „יש־בכאן" איז: שמאטעס און פוילע סחורה. איך האָב נאָר שטענדיק צו טאָן מיט אביונים, קבצנים, אומגליקלעכע נעבעך; אויך מיט מענטשלעכע דראבעס, פּאָקוס־ניקעס וכדומה אזעלכע מיני נפשות, קליינינטשקע, נידעריקע פארשווינען. מיר חלומט זיך נאָר בעטלערס. פאר מיינע אויגן שוועבט תמיד א טאָרבע — די אלטע, גרויסע יידישע טאָרבע הענגט מיר תמיד, ווי יענעם מרה־שחורהניק א לונג־און־לעבער אויף דער נאָז. וואוהין איך זאָל מיך נישט קערן און ווענדן, זע איך פאר מיר די טאָרבע; וואָס איך זאָל נישט וועלן דערציילן אָדער זאָגן, קומט מיר אפיר די טאָרבע!...

אוי, אלץ די טאָרבע, די יידישע טאָרבע!

יאָ, טייערער פריינט, דורך אייך האָב איך באקומען ווידער א ברען צום שרייבן — און אָט האָט איר היינט, בעוונותינו־הרבים, טאקע ווידער א טאָרבע! א פישקע דעם קרומען, משטיינס־געזאָגט, מיט וועלכן איך טרעט ארויס פאר דעם עולם, נאָך אזא לאנגער צייט שטילשווייגן. איך ווייס, אז מיין פישקע דער קרומער איז עפּעס נישט אזא מתנה אויף אָפּצודאנקען אייך מיט אים פאר אייער פריינטשאפט, נאָר וויסנדיק ביי מיר אייער גוט הארץ, אייער צוגעלאָזטקייט צו מענטשן, פארהאָף איך, אז איר וועט מיין אָרעמען פישקען אויפנעמען מיט א „ברוך־הבא". זייער מעגלעך גאָר, איר זאָלט אים נאָך אריינ־בעטן אין זאל אריין, אים באקענען מיט אייער הויזגעזינד און מיט אייערע געסט דאָרט. פישקע וועט זיך ביי אייך אָפּלייגן מיט דער טאָרבע, אייך דערציילן מעשיות און איר וועט פון זיי הנאה האָבן. און פאָרשטעלנדיק זיך אזוינס, שמייכלט פאר פרייד און דאנקט אייך פון גאנצן הארצן

**דער מחבר.**

# א

קוים גיט א שיין די ליכטיקע זון פון זומער־לעב און דעם לאנד, מענטשן ווערן ווי ניי־געבוירן און דאָס הארץ פרייט זיך זיי, קוקנדיק אויף גאָטס וועלט דער שיינער, — דענסטמאָל הויבט ביי יידן זיך אָן די רעכטע אומעטיקע צייט, צו קלאָגן און פארגיסן טרערן. עס גייט דאָס גאנצע צעטל טרויער: תעניתים, פייניקן זיך, יאָמער און געוויין פון ספירה ביז העט אין די גרויסע בלאָטעס און נאסע אָסיענדיקע קעלט. דענסטמאָל שטעלט זיך פאר מיר, מענדעלע מוכר ספרים, דער גרויסער יאריד, איך ארבעט, פאָר באשטענדיק ארום, צו פארזאָרגן יידישע קינדער אין אלע שטעטלעך מיט די אלע נויטיקע מאַטעריאלן צום וויינען, מיט קינות, מיט סליחות, ווייבערשע תחינות, מענה־לשונס, שופרות און מחזורים, הכלל, יידן קלאָגן, פארוויינען דעם זומער — און איך מאך דערווייל געשעפטן. נישט דאָס בין איך אויסן.

אונטערוועגנס איינמאָל, שבעה עשר בתמוז, גאנץ פרי, זיץ איך מיר אויף דער קעלניע פון מייןביידל אין טלית און תפילין מיט דער בייטש אין דער האנט, גאנץ יידישלעך. די אויגן זענען מיר צוגעמאכט, בכדי נישט אָנצוקוקן ביים דאַווענען די ליכטיקע וועלט. מעשה־שטן אָבער איז זי, די נאטור, ווי הייסט מען עס, געווען וואונדער־שיין, גאָר א בילד. און עס האָט מיך געצויגן, עפעס ווי א כישוף, א קוק צו טאָן. איך האָב א היפשע צייט מיך געראנגלט מיט מיר אליין, דער יצר־טוב זאָגט: „פע!... מען טאָר נישט!״ דער יצר־הרע אקעגן טאָרעט: „נישקשה! האָב הנאה, נארעלע!״ און עפנט מיר

דערביי טאקע אויף איין אויג. עס טוט מיר א שיין, נאָר ווי אויף צו־להכעיס, עפּעס א בילד־שיינע פּאנאָראמע: פעלדער געשפּרענקלט מיט בליענדע רעטשקע ווייס ווי שניי לעבן געלב־גילדענע ראַצעמאָרענע פאסן פון ווייץ און מאט־גרינלעכע, הויך־געוואקסענע קוקורוזעס; א שיינער גרינער טאָל, באדעקט פון ביידע זייטן מיט וועלדלעך ניס־ביימער; אונטן פליצט א טייכל, ריין, קלאָר ווי קרישטאָל, אין וועלכן עס טוקן זיך די שטראלן פון דער זון און באלייגן עס מיט פינקלדיקע גילדענע פליטערלעך. די שאָף און די קי אויף דער פּאשע דאָרט זעען פונדערווייטנס אוים ווי טונקעלע, רויטע, געפלעקטע פינטעלעך.

— „פע! פע!" — מוסרט מיך דער יצר־טוב מיט יענע ווערטער פונעם פרק: א ייד אונטערוועגנס אז ער איז מפסיק דאָס לערנען און זאָגט „ווי שיין דער בוים איז, ווי שיין דאָס פעלד איז", איז גלייך ווי ער טוט זיך אליין א מעשה אָן".— דער יצר־הרע אָבער פארטראָגט מיר אונטער דער נאָז מחיהדיקע ריחות פון סטערטעס היי, געווירץ און קרייטעכצער. וואָס צעגייען זיך אין אלע אברים; ער צעגיסט זיך אין קונצנדיקע ניגונים פון אלערליי שפּיל־פייגעלעך, וואָס קיצלען ביי דער נשמה; ער לאָזט מיך פילן אויף מיין פּנים א ווארעם ווינטעלע, וואָס גרייזלט מיר די פּאות, שושקעט מיר אין די אויערן: קוק, האָב הנאה און זיי א מענטש, דו נארישער ייר איינער! — איך בעבע, מרוקע, מיר, משטיינס־געזאָגט, אליין נישט רעכט צו הערן, וואָס איך בעבע. עפּעס טראָגט מיר דער מוח, עס פּיקט מיר אין קאָפּ און עס טראכט זיך זידלערייען: געפּגרטע נפשות!... אָן לייב, אָן לעבן!... נשמות פאררוקטע אין טשאָלנט!... אָן ריח, אָן טעם... דראפּאטשעס צעשאָטענע!... פארדארטע אָפּגעשלאָגענע הושענות!... איך צעשאָקל מיך מיט געמאכטער כוונה, בכדי עס זאָל זיך נישט טראכטן, און דערהער גראָד, ווי דאָס מויל לאָזט פון זיך אליין אוים יענץ שטיקל דאווגען מיט די ווערטער: המחזיר נשמות לפּגרים מתים", דאָס הייסט אויף קרבן־מנחה־טייטש: דער דאָ קערט אום די נשמות צו די טויטע פּגרים,

האָ, וואָס? אקעגן וועמען? טו איך מיך א כאפּ, פארשעמט פון מיינע אייגענע מיאוסע געדאנקען. און בכדי צו פארגלעטן מיין פעלער אקעגן דעם רבונו־של־עולם, מאך איך קלאָמפּערשט א מינע, ווי גישט זיי מיין איך, דאָס פערדל מיין איך... דערלאנג דעם שלים־מזלניק מיינעם א שמיצל מיט דער בייטש, מאכנדיק דערביי: א־א־א, פּגירה איינע!

א שיינער איינפאל אפילו! נאָר היינטיקס מאָל האָט עס וויניק געווירקט, עס האָט מיך שטארק געקרענקט, פאר וואָס גראָד היינט זאָל מיר גאָר איינפאלן אזעלכע געדאנקען — היינט.

ווען וויינען און קלאָגן באַדאַרף מען אויף דעם גרויסן חורבן. אויף די גרויסע צרות, וואָס די קינדער ישראל האָט געטראָפן: — די קאָמאַנדע פון נבוכדנצר מלך בבל איז אַריין אין ירושלים און פון איר אַ תל געמאַכט... איך מאַך אַ רחמנות־פּנים און זאָג די סליחות צום היינטיקן שווערן טאָג אויף אַ וויינענדיק קול. וואָס איז געגאַנגען אַלץ העכער און טרויעריקער אין דעם פּזמון דאָרט, ביי יענע ביטערע ווערטער:

„והשפיפון מצפון — און דער פּיפּערנאָטער, דער טאָטער פון צפון־צייט, כשבולת שטפני — האָט מיך ווי אַ שטראָם וואַסער פאַרטראָגן ווייט, והציד — און דער יעגער. דער טויט־שלעגער, שלח יד — טוט אַ לאַפּ, אַ כאַפּ, והצפיר והשעיר — אויך די ציג. אויך דער צאַפּ".

אַ ייד אַבי ער שרייט זיך אַביסל אויס מיט אַ פּזמון, רעדט זיך אָן ווי אַ פּויק און זאָגט אָפּ אַ סליחה, דאַכט זיך אים, ער האָט שוין אַלצדינג אָפּגעטאָן און איז, ווי אַן אָפּגעשמיסן קינד נאָכן אויסוויינען זיך, ווייטער זיך גאַנץ צופרידן. איך זיץ מיר אָנגעלעגט אויף דער קעלניע, גלעט מיר דאָס בערדל, שוין מיט אַ גרינגן געמיט, גלייך ווי איינער רעדט: „מיינס האָב איך געטאָן, געגנוג יוצא געווען, אַצינד גאָטעניו, איז נאָר געווענדט אין דיר, ווייז זיך, טאַטע־פּאָטער, רחום צדיק". — „גיי שוין, גיי, זיי מוחל!" מאַך איך צום פערדל מיט גוטן, איבערבעטנדיק עס אין האַרצן פאַר דעם צונעמעניש „פּגירה"־פּריער. מיין שלים־מזלניק טוט זיך אַ קני אויף די פעדערשטע פיס, אַ בוק מיטן קאָפּ צו דער ערד און קרעכצט. עפּעס אַזוי ווי גערעדט: „אדוני־פּריץ! און וואָס איז עפּעס מכח עסן?" — קלוג, כ'לעבן, ווי דער טאָג! זאָג איך, געבנדיק אים בשעת מעשה אַ צייכן, אַז ער מעג אויפשטיין. זיך שטעלן אויף די פיס. נישט אומזיסט שטייט אין די קינות: „ציון, בך כל בהמה ועוף הכמו", דאָס הייסט: ביי דיר, כנסת־ישראל, זענען אַלע בהמות קלוג!... נישט דאָס בין איך אויסן. פון דער דאָזיקער מימרא בין איך טראַכטנ־דיק ווייטער אַרויף אויף די כנסת־ישראל, זיך פאַרטיפן אין די געדאַנקען מכח זייער חכמה, זייער פירונג, זייערע פיינע־בריות און מכח זייערע לאַגע נעבעך. דער קאָפּ טעלעבענדעט זיך מיר אַהין, אַהער. ער דאַכט זיך מיר עפּעס דער פּיפּערנאָטער, נבוכדנצר מיט דער קאָמאַנדע, אַ שרעקלעכע מלחמה, אַ קלאַ־פּעריי, אַ געשלעגעריי, די קאָמאַנדע ברעכט ווענט, זעצט אויס טירן, שויבן. יידן, אַ טייל מיט פּעקלעך סחורה און אַלטע חפצים טוען זיך אָן אַ כח, שרייען געוואַלד און לויפן... איך כאַפּ אַ שטעקן, לאָז מיך — און בוך אויף דער ערד, אויסציענדיק זיך ווי גרויס איך בין.

אַפּנים, אין דאַוונען האָב איך, זאָל נישט אויסגערעדט זיין,

געכאפּט א דרימל, מיין ביידל, טו איך א בליק, איז ארײַן אין קאליושע, וואָס אויף דעם באַלעגאָלישן לשון הייסט עס א „טינ־טערל", אין דעם הינטערשטן רעדל איז פאַרטשעפעט אַן אקס פון עפּעס אַן אנדער ביידל. דאָס פערדל מיינס שטייט אין גע־האקטע וואונדן מיט איין פּוס איבער דער האָלאָבליע, פאַרדרייט אין די לייצעס און סאַפּעט ווי א גאַנדז. פון יענער זייט ביידל שיטן זיך טויטע קללות אויף יידיש, מיט א קייכן און הוסטן אינאיינעם. א ייד! טראַכט איך מיר, איז אָן סכנות — און טו מיך א לאָז אין איין כעס אויף יענער זייט וואָגן. דאָרט אונטערן וואָגן ליגט פאַרפּלאָנטערט אין טלית און תפילין א ייד, די בייטש פאַרדרייט מיט די רצועות, צאַפּלט און ארבעט מיט אלע כוחות זיך אויסצודרייען. איך שריי: סטייטש! ער — סטייטש. סטייטש! איך בטל צו אים אויס אלע חלומות, ער בטלט צו מיר, נישט אָנצוקוקן איינער דעם אנדערנס פּנים. איך פילדער: ווי שלאָפט עס אין דאַוונען א ייד! ער צוריק: ווי פּאָפט עס א ייד! איך גיב אים אין טאַטן, ער מיט צוגאָב אין דער מאַמען ארײַן! איך שמיים זיין פערדל, ער, אויספלאָנ־טערנדיק זיך, לויפט און שמייסט מיין פערדל, ביידע פערדלעך שטעלן זיך דיבאָם און מיר, שטאַרק אָנגעצונדן, לאָזן איינער צו דעם אנדערן זיך צו הענדום־פּענדום, ווי די הענער, מיט דער דעה אָנצונעמען זיך פאַר די פאות, אקעגן א רגע שטייען מיר שטיל, שאַרף אָנקוקנדיק איינער דעם אנדערן. עס האָט גע־מוזט זיך אויסזען משונה ווילד. האָבן דעם זיבעטן חן: צוויי יידישע גבורים אין טלית און טפילין שטייען אָנגעדרודלט, גרייט צו באַווייזן זייער גבורה און זיך פּאַטשן אויפן פרייען פעלד, ווי אין א בית־מדרש להבדיל!... אזעלכעס האָט מען באמת געמעגט אויף חידושים גיין זען. מיר שטייען, קוקן און אָט באַדאַרף שוין פליען הייסע פּעטש, פּלוצים שפּרינגען מיר איינער פונעם אנדערן אויף עטלעכע טריט אָפּ און לאָזן ביידע שטאַרק פאַרוואונדערט אין איין קול ארויס: אוי, ר' אלטער!... אוי־אוי, ר' מענדעלע! —

אלטער יקנה'ן איז א יאָדערדיק יידל, א געשפּיקעוועטער מיט א דיק בייכל. זיין פּנים איז געדיכט באַוואַקסן מיט שמוי־ציק־געלע האָר, פון וועלכע ס'איז דאָ געגוג אויף פאות, אויף א באָרד און אויף וואָנצעס אי פאַר זיך, אי אויף נאָך עטלעכע יירן צו באַטיילן. אין דעם ים האָר ליגט א וויספּע — א ברייטע, פליישיקע נאָז, וואָס איז דאָס רוב יאָר פאַרלייגט, אָן שום התמנות. נאָר ווען עס מאַכט זיך אין איר אמאָל עפּעס א פאַר־ענדערונג, אונטער א פאַר־פסח, אשטייגער, בשעת עס לאָזט אומעטום, עס גייט די קריע, און דער באַלעבאָס אירער נעמט זי אין דער ארבעט מיט אלע פינף פינגער, דענסטמאָל בלאָזט

זי הילכנדיקע תקיעות, ווי א שופר; דענסטמאָל קלינגט מיט איר גאַנץ טונעיאַדעווקע. אינאיינעם מיט די אינדיקעם דאָרט גיט זי דענסטמאָל קאָנצערט. אלע אין שטעטל בלייבן פארגאפט און עס שיטן זיך איר שמעק־טאַבאַקע פון אלע זייטן מיט ווינטשעוואַניעס יקנה״ז אָן א צאָל: אסים, אסים! — איבער־הויפּט אין די יידישע שטעטלעך צעשפּילן זיך די נעז אין יע־נער צייט. מסתמא שמעקט דאָך עס מיט עפּעס און עס האָט א טעם... דאָס איז שוין דאָרט אזוי געשטעלט, ווי פּרשה יתרו צינלען זיך די ציגן. נישט דאָס בין איך אויסן. אלטער יקנה״ז איז א טונעיאַדעווקער מוכר־ספרים, מיינער א באַקאַנטער פון אלטע יאָרן. ער איז א מענטשל פאר זיך, נישט שטאַרק איבער־געשפּיצט, נישט קיין גרויסער בעל־דברן, שטענדיק אָנגעבלאָזן, ווי ברוגז אויף דער וועלט. הגם ער איז בטבע נישט קיין שלעכטער מענטש.

נאָך דעם ברייטן שלום־עליכם פון ביידע צדדים, נעמען מיר זיך איינער דעם אנדערן אויסצופאָרשן, דאָס הייסט ביי אונדז יידן געוויינטלעך: א טאַפּ טאָן אין וואָגן, אָדער א שמעק טאָן, וואָס הערט זיך.

— וואוהין פאָרט עס א ייד? — גיב איך אלטערן א טאַפּ.

— וואוהין עס פאָרט א ייד? עט... — ענטפערט אלטער צוריק מיט א פרעג, ווי דער שטייגער איז פון יידן, נישט צו ענטפערן גלייך, אָפּצופּטרן יענעם מיט „עט" און אָנצושטויסן זיך אויפן וואונק — דו אלטע חכמות, וואָס אין דער אלטער מלאָכה אָנשמעקן, א טאַפּ טאָן, שמעקן... — א ייד פאָרט! אין דער ערד מיט דעם קאָפּ פאָרט ער.. און ר׳ מענדעלע פאָרט עס וואוהין? — טוט ער מיך צוריק א טאַפּ.

— אהין!... וואוהין געוויינטלעך איך פאָר אין דער צייט.

— איך שטוים מיך שוין אָן וואוהין; אהין, קיין גלופּסק, וואוהין איך פאָר אויך אצינד, — מאַכט אלטער מיט אזא מינע עפּעס, ווי עס אַרט אים, צום פדיון זאָל עס חלילה נישט שאַטן. — נאָר פאר וואָס, ר׳ מענדעלע, איז ביי אייך היינט עפּעס מן הצד, מיט א הינטער־וועגעלע און פאָרט נישט אהין מיטן גלייכן שליאַך?

— היינטיקס מאָל איז מיר גראָד אזוי אויסגעקומען, ס׳איז רעכט! שוין טאַקע א לאַנגע צייט בין איך אויף דעם וועג נישט געווען. און ביי אייך, ר׳ אלטער, פאר וואָס איז דאָס עפּעס הינטן־ארום? — טו איך א שמעק. — פון וואנען קומט עס א ייד?

— פון וואנען א ייד קומט! פון אלדי שווארצע יאָר!... פון דעם שיינעם יאריד. נאט אייך א יארמעלינעץ! איינגעזונקען זאָל זי ווערן!

און דערווייל ווי אלטער מיינער שעלט, פלוכט יאַרמעלינעץ מיט דעם יאַריד דאָרט, פאָרן אָן אַקעגן גויאישע פורלעך מיט אַ געשריי, פאַר וואָס דער וועג איז פאַרשטעלט. דערנאָך ווי זיי האָבן דערזען צוקומענדיק מיך און אַלטערן, ביידע אין טליתים מיט גרויסע של־ראשן אויפן קאָפּ און לאַנגע ברייטע רצועות, צעשרייען זיי זיך שוין גראָבלעך, מיט געשפּעט:

— באַטשיטי, יאַקיאַי פּאַני־בעריי, צאַטצי, ע־ע! טראַסצאַ וואַשי מאַטערי, דאַיטע דאַראַגי! היי כודקאָ זשידקי, לאַב־סאַרדאַקי!

איך מיט מיין אַלטערן מוזן מיר געשווינד זיך אַ נעם צו די ביידלעך מיט אימפּעט. אַ פּאָר פון די פּויערן, כאָטש נישט פון די יידישע קינדער, נאָר אמת מוז מען זאָגן, האָבן געהאַט אַזוי פיל יושר צו העלפן אונדז אין דער נויט. און בזכות זייער שטופּ טאַקע איז מיין ביידל באַלד אַרויס פונעם טינטערל. זיסט, וואָלטן מיר זיך אוועקגעבאָברעט גאָט ווייסט וויפיל, און נאָך געקענט מיאוס צערייסן אונדזערע טליתים. מיט די עשוס אינאיינעם איז שוין אויסגעקומען גאָר עפּעס אַנדערש; זיי האָבן געשטופּט אויפן רעכטן אמת טאַקע, והידים ידי עשו, באַלד צו דערקענען געווען עשוס הענט. און ביי אונדז, להבדיל, איז נאָר געווען הקול קול יעקב, דאָס הייסט, מיר האָבן זיך נאָר גע־קוועטשט, זיך געמאַכט ווי מיר שטופּן קלאָמפּערשט... נישט דאָס בין איך אויסן. ווי באַלד נאָר דער וועג איז געוואָרן פריי, זענען די גראָבע כאַמולעס זיך געפאָרן זייער וועגס, אויסדרייענ־דיק די פּאַרצעס צו אונדז, אַלץ געלאַכט, געשפּעט, וואָס מיר גייען אָנגעטאָן, ווי גלחים, להבדיל, לעבן די פערד אין וועג און דינען דעם בורא מיט דער בייטש אין דער האַנט... אַ טייל האָבן טייטנדיק אויף אונדז מיט אַן עק פּאָלע, ווי אַ „חזיר־אויערל" געשריגן: „זשיר כאַלאַמיי!" אַלטערן האָט עס נישט אַזוי געאַרט. — אויך מיר לייט! — מאַכט ער מיט אַ קנייטשל. — פאַר וועמען, משטיינס־געזאָגט, מען האָט זיך דאָ צו שעמען!... מיך אָבער האָט דאָס שפּעטן זייערס יאָ געאַרט. גוואַלד, רבונו־של־עולם, פאַר וואָס? פאַר וואָס?...

— אַלמעכטיקער גאָט! — זאָג איך מיט אַ געבעט אויף תחינה־לשון. — עפן דיינע אויגן און טו לוגן פון דיין האַר־בעריג, דאָס איז דער הימל, ווי דיינע פאַרכטצומע יידלעך זענען צו שפּאָט און צו שאַנד גייערט וועגן דעם כבוד פון דיין ליבן נאָמענס וועגן, ווייל זיי פאַרכטן דיין פאַרכט, זיי אַכפּערן דיינע געבאָט האָפּעררדיק מיט וואָרהאַפּטיקייט. דאַרום וועלגער אויף אונדז דיין באַרעמהאַרציקייט און לאָז טאָן געפינען לייטזע־ליקייט און חן אין דיינע אויגן און אין די אויגן פון אַלע מענטשן. באַשירעם דיינע האָפּעררדיקע געליבטע שאָף, דיין

רחמנות זאָל טאָן ברומען אויף דיינע פאַרשטענדיקע פאַרכטער. טו אויך באַגיטיקן מיין מזל פאַר מיין לויבונג און באַשיינונג. היינט דיין נאָמען באַשיינפּערלעך מיט אכפּערקייט. טו צושיקן מיר, דיין קנעכט מענדל, דער זון פון דיין דינסט גנענדל, און כל ישראל עפּעס פּרנסה, א גוט געשעפטל מיט נחת־רוח, אָמן!

# ב

נישט לאַנג שהיות געמאַכט, קריכן מיר ארויף אויף די ביידלעך און היידא ווייטער אין וועג אריין. איך פּאַר פאַראויס און אַלטער הינטער מיר אויף א ביידל פון אַלטע צעריסענע ראַגאָזשעס, פיר רעדלעך נישט קיין גלייכע, געקרעמפּעוועטע מיט שטריקלעך און א קרעמפּעלעץ צווישן די פלעקלעך. די אויס־געסמילעוועטע קלעצלעך וואַרפן זיך אין אַלע זייטן אויף די אַקסן, סקריפּען, קוואָקען און קענען קיין אָרט זיך נישט געפינען. דאָס ביידל אינגאַנצן איז זיך מטריח צו שלעפּן א הויכע, זייער א דאַרע שקאַפּע מיט א קרעציקן, אָנגעביסעגעם רוקן, גאָלע איי־טער, גרויסע אויערן אין א קאָלטענעוואַטע גריווע, פאַרפּלאָנטעט מיט היי און קלאָטשע, וואָס קריכן ארויס פונעם אַלטן כאָמוט.

פונעם דאַוונען איז מיר איבערגעבליבן נאָר די שטיקלעך דרויב צום לעצט, פון וועלכע מען מאַכט געוויינטלעך עפּעס נישט אזא פּירוש. אָפּגעפּטרט דעם דאַוונען, הויבט זיך אָן גאָר א נייער עסק מיט דעם יצר־הרע. נעם, טאַרעט ער, נעם אביסל בראָנפן! דערקוויק דאָס הארץ. — אי... אי! ווער איך מיך אָפּ מיט א קנייטשעלע, שבעה עשר בתמוז, אין אזא תענית! — עט! באַקום איך אָן ענטפער, א שייכות אביסל צווישן א יידל היינט און נבוכדנצרן פאַרצייטן!... גרעסערע צרות איז דאָ און פונדעסטוועגן — גאָרנישט, זיי נישט קיין נאַר. דו ביסט נעבעך אַלט, שלאָף, נישקשה! — איך גיב א מאַך מיט דער האַנט איבערן פּנים ווי אָפּצוטרייבן א פליג א זלידנע און כאַפּ דערווייל א קליין קוקעלע אויפן רענצעלע דאָרט אין ביידל, וואו עס געפינט זיך ביי מיר תמיד א גוט ביסל ספּירט, רעטשענע קיכלעך, קאָרנלעקעך, קנאָבל, ציבעלע און שאָר ירקות. די סמאַיע גייט איבער די ליפּן. דאָס הארץ חלשט, דער מאָגן בורטשעט: געוואַלד, אביסל בראָנפן! געוואַלד, עפּעס פאַרבייסן! — איך קער געשווינד אוועק דעם קאָפּ אין דער זייט, און קוק, באַ־טראַכט אַלצדינג אין פעלד ארום מיר, בכדי צו פאַרשלאָגן דעם בייזן געדאַנק.

דער הימל איז בלוי, לויטער אָן א פּיצל וואָלקן. די זון

בראָט, סמאַליעט, עס ווייעט נישט קיין ווינטעלע, מען פּילט נישט קיין ווינטעלע, מען פּילט נישט קיין לופטעלע. תבואה אויף די פעלדער, די ביימער אין די וועלדער שטייען שטיל, ווי צוגעקאָוועט, קיין שאָקל אפילו זיך נישט צו טאָן. קי אויף די פּאַשע ליגן מיד, אויסגעשטרעקט די העלדזער, שאָקלען צו־ווייל ן די אויערן, קייען און מעלה־גרהן, אַנדערע גראָבן אונטער זיך די ערד מיט זייערע הערנער, שאַרן מיט די קאָפּיטעס און רעווען, שרייען פאר גרויס היץ. דער בוהאַי פאררייסט דעם עק, לויפט גאַלאָפּ, וואַרפנדיק דעם קאָפּ אין אַלע זייטן, שטעלט פּלוצים זיך אַנידער, אָנגעבויגן דעם שטערן האַרט צו דער ערד, שמעקט, פּאָכט מיט די נאָזלעכער, לאָזט ארויס א ברומען, סאָפּעט און דריגעט מיט די פיס. לעבן אַן אַלטער, אויסגעקרימטער און האַלב־פאַרדאַרטער ווערבע, איבערגעשפּאַלטן אין דער העלפט אַמאָל פון א דונער, שטייען פערד, איינער אויפן אַנדערן פארלייגט די קעפּ, צו מאַכן כאָטש עפּעס א שאָטן, און שמייסן מיט די וויידלען, פּטור צו ווערן ווי ס׳איז פון די בייזע פליגן.

— אויף א צווייגל אין דער הויך וויגט זיך א סאָראָקע, אויסזעענדיק פונדערווייטנס ווי אָנגעטאָן א ווייס טליתל מיט פּאַסן תכלת פאַרנט, און דאַוונט, שאָקלענדיק זיך. זי בוקט זיך, פּאַלט תחנון מיטן קעפּל. שפּרינגט אַביסל אונטער. א קליין קראַקעלע געבנדיק א פּאָר מאָל. בלייבט דערנאָך ווייטער שטיין אָן לשון, שטרעקט אויס דאָס העלדזל און קוקט, גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אריין, מיט פארשלאָפענע אייגעלעך, — אויף דעם גאַנצן וועג איז שאַ־שטיל, מען זאָל דאָס הערן ערגעץ א שאָרך, א פּיפּס, מען זאָל דאָס זען פליענדיק ערגעץ א פויגל, נאָר קאָמאַרן, מוקן טראָגן ווי די רוחות זיך אין דער לופט ארום, פליען טאַנצנדיק פארביי די אויערן, טוען א גרילץ, א זשוזשע, איינראָמענדיק עפּעס א סוד און באַלד טאַקע מאַרש ווייטער; נאָר צווישן היי, צווישן תבואות דאָרט שמועצן די גרילן, זומזען, צימבלען און גייען מיט די טאַצן...

ס׳איז הייס, ס׳איז שטיל, וואונדערלעך שיין. שאַ! גאָטס באַשעפענישן רוען...

איך ליג מיר פאַר גרויס היץ פשוט צעלייגט אויף דעם וואָגן אין העמד, מחילה, מיט דעם טלית־קטן, אונטערגעהויבן אויפן שפּיץ קאָפּ דאָס געשטעפּטע פעלפּענע היטל און אראָפּגעלאָזן ביז די פּיעטעס מיינע אוטערגענייטע זאָקן, וואָס איך טראָג, בעוונותינו הרבים, אין זומער אפילו און האָב משונה שטאַרק געשוויצט. איך וואָלט דערפון גאַנץ הנאה געהאַט אפילו ווען די זון זאָל מיר נישט געווען זיין גלייך אקעגן פּנים, מחמת איך האָב ליב צו שוויצן און קען שעהן לאַנג אַוועקליגן אין באָד העט־העט אויף דער אויבערשטער באַנק, בשעת דער גרעס־

טער היץ. מיין טאטע, זאָל זיך מיען, האָט מיך פון קינדווייז־אויף דערצו געוויינט. ער איז געווען א הייסער, געבראָטענער. ברענענדיקער פייערדיקער ייד. ער האָט שטארקליב געהאט זיך צו פארען, צו שוויצן און דערמיט אָנגענומען די וועלט, זיך שטארק באליבט געמאכט ביים יידישן עולם. עס האָט גע־שמעקט דרינען דאָס פינטעלע יידישקייט מיט דעם ברען און מען האָט אויף אים געקוקט ווי אויף א שיינעם, באגאָטישן יידן, געמאכט מיט דרך־ארץ: „יאָ, אין שמייסן־זיך איז ער א למדן־מופלג. ער פארשטייט דעם ענין מרחץ. ער קען, ער קען שוויצן גאָר א חריפות".—

שוויצן איז א יידישע זאך. נישטאָ קיין שבת, קיין יום־טוב, וואָס א ייד זאָל פריער נישט גוט שוויצן. ווער אונטער אלע פעלקער פון די שבעים אומות שוויצט נאָך אויף דער וועלט מער ווי יידן?... נישט דאָס בין איך אויסן.

און בשעת שוויצן, איי ווילט זיך עס קוויקן! עס טריקנט מיר אין האלדז, עס ברענט מיך א טרונק, איך שטארב עסן. דער יצר־הרע נעמט מיך ווייטער אָן, שטארקער ווי פריער, רעכנט מיר אויס דאָס גאנצע צעטל יידישע מאכלים: א געבראָ־טענע לעדוויצע מיט קאשע, א ראָסל־פלייש, א לאָקשן־קוגל מיט א גנב — און אָנגעפילט העלדזל אינעווייניק, — פארפעלעך איינגעפרעגלט מיט גריוון. איך בין טויט מיט אלע אברים, דער אפעטיט איז א שרעק, און ער אליין טאקע ווייטער: ברעמזלעך, פראקעס, פעטשא מיט לעבערלעך פענעצלעך. רעטעך מיט צי־בעלע, א קראָפ פון אינדיק אין א פאסטערנאק־צימעס. און פלוצים, איך געדענק ניט ווי אזוי, וואקסט פאר מיינע אויגן ווי פון דער ערד אויס דאָס רענצעלע.. „לחיים, נארעלע! — רעד אויס מיר דער רוח. — גענוג זיך נאריש געמאכט, דו לעקיש איינער!" — די האגט מיינע שטרעקט זיך עפעס, ווי אליין פון זיך, אויס, עפנט אויף דאָס רענצעלע און גיט א כאפ דאָס פלעשל געשווינד. איך קוק מיך ארום, ווי א גנב, אין אלע זייטן און מיין קוק באגעגנט זיך מיט דעם בליק פון פערדל, וואָס האָט, קראצנדיק זיך אין דעם שפיץ האָלאָבליע, אויסגעדרייט דעם קאָפ צוםביידל און קוקט אויף מיר עפעס שטארק אָנגעבלאָזן, גלייך ווי עס וואָלט גערעדט מיט פאראיבל: „נא, זע! א הינטערשטער פוס איז מיר שטארק געשוואָלן, פארבונדן מיט שמאטעס, עס רינט מיר נאָך אן אויג, יאטרעט זיך מיר דער האלדז, דאָס מויל זאָל מיר אָפנעמען, אויב איך וויים דעם טעם פון א האָבער. פונדעסטוועגן — וואָס זאָל איך טאָן? — שלעפ איך הונגעריק, קראנק, צעבראָכן, נישט אויס־צושפאנען זיך חלילה פון דער עבודה.." דאָס פלעשל גליטשט זיך פון די הענט מיר ארויס, צוריק אין זיין רו אריין. איך

שטופּ דאָס רענצעלע פון מיר אוועק ווייט זייער פאַרשעמט, מאַכנדיק דערביי מיט א קרעכץ טיף פונעם האַרצן: אָט, פון וועמען באַדאַרף א ייד זיך א מוסר נעמען, ביי וועמען זיך לערנען שׂכל! מלפנו מבהמות ארץ: ער לערנט אונדז פון די בהמות אין דער וועלט... ניין, פערדל מיינס! איך גיי אויך אין יאָך און שפּאַן מיך פון דער עבודה נישט אויס... נישקשה, ר׳ פערדל, דער רוח וועט אונדז ביידע נישט נעמען! אדם ובהמה, א מענטש א בהמה תושיע ה׳, העלפט גאָט!... נישט דאָס בין איך אויסן.

א ייד אבי ער האָט איין מאָל געגעבן א בראָך די מיאוסע תאווה פון עסן, מאַכט אים שוין די אכילה אַזוי נישט אויס, און קען דאָס גאַנצע לעבן זיינס אָפּקומען כמעט מיט גאָרנישט. אי היינט נאָך, אין אונדזערע צייטן, געפינען זיך זייער פיל יידן, ביי וועלכע ס׳איז דאָ נאָר א סימן פון מאָגנס, טאַקע עט־וואָס, ווי א כזית. און ס׳איז דאָ א גרויסע האָפענונג, אַז מיט דער צייט — די טאַקסע, בעלי־טובות און דעסגלייכן לאָזן נאָר נישט פאַרשטערט ווערן — וועלן זיי פונעם עסן אַלץ מער זיך אָפּגעוויינען, ביז עס וועט קומען דערצו, אַז ביי יידן אין די שפּעטערדיקע דורות וועט, חוץ מערידן, אַפילו אויך קיין סימן פון קיין מאָגן נישט זיין. יידן וועלן דענסטמאָל אין דער וועלט זייער א שיין פנים האָבן...

מיט דעם דאָזיקן שמועס אַצינד בין איך אויסן, אַז נאָכן אוועקשטופּן דאָס רענצעלע פון מיר, בין איך געוואָרן עפּעס שטאַרקער און מיך שוין געפילט גאָר קיין מעשה נישט. איך האָב מיר געטראַכט פון מסחר און אונטערגעברומלט עפּעס א תשעה־באָבדיק ניגונדל. שוין, דאַכט זיך, גאָר גוט. טראָגט דער רוח אָן א יונגע ערלטע, א מכוערת, א טעפּל פּיליניצעס, דאָס בעסטע לאַקעטקע מיינס. אָן אַנדערער אויף מיין אָרט פון יענע גוטע לייט, וואָלט עס גענומען אויף זיינע כלים, דאָס איז דער יצר־הרע אַליין אין דעם געשטאַלט פון אַן אשה געקומען מיט אַן אויסרייד... נאָר, לא היה! איך בין א בעלן געווען און זיך גוט צוגעקוקט. פּשוט, אַן ערלטע אָן חכמות! און בעטנדיק מיך אוועקצוקויפן ביי איר די פּיליניצעס אינאיינעם מיט דעם טעפּל פאַר צען גראָשן, רוקט זי עס מיר אונטער גלייך אונטער דער נאָז. דער ריח איז מיר פאַרגאַנגען שטאַרק אין דער נאָז, עס וואַסערט מיר דאָס מויל, עס קלעמט מיר דאָס האַרץ, טונקל ווערט מיר אין די אויגן. עס גלוסט זיך מיר, א שרעק! און מחמת מורא, איך וועל מיך נישט קענען איינהאַלטן, כאַפּ איך און שפּרינג אַראָפּ אויף דער ערד שטאַרק צעקאָכט, ווי איינער ראַטעוועס זיך אין א שׂרפה, אַז איך האָב נישט צעבראָכן רוק און לענד. איז גאָר גרויסע ניסים, און לאָז אַרוים נישט מיט

מיין קול א געשריי: ר' אלטער! — די כוונה איז דערמיט געווען, אלטער זאָל זיין א שומר.

אויפן וואָגן אין דער לענג ליגט ראקאָם, מחילה, מיין ר' אלטער אונטערגעשפּארט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, רויט ווי א צוויק, צעבראסטעט מיט דעם רויט־פּארוואקסענעם הארצן אין דרויסן, פּארברענט, פּארבראָטן און נויט־שוויים באשלאָגן אים, אז דאָס הארץ, שונא־ציון, האָט געריסן קוקנדיק אויף אים.

— הא־א? — מאכט אלטער, דערהערנדיק מיין געשריי, עפּעס אויף קיאיש, נישט רירנדיק זיך פון אָרט. — וואָס איז?

יענע מיט דעם טעפּל פּיליניצעס, גיב איך א בליק, איז שוין נישטאָ, ווי אויסגעטריקנט געוואָרן. איך מאך מיר אן אויסרייד און טו א פרעג אלטערן:

— וויפיל, מיינט איר זאָל אצינד האלטן א זייגער?

— א זייגער אצינד וויפל זאָל האלטן? — ענטפערט אלטער מיט א פארדומפּט קול. — וויים איך? צו די ערשטע שטערן וועלן די אויגן אויסקריכן געגוג ווארטנדיק, נו מילא... אָ, שטארק היים!

— א געשמאקע היץ, א־א־א! — רוף איך מיך אָן, גייענדיק צופּים לעבן אלטערס ביידל. — איר שוויצט, ר' אלטער? איך מיין, שוין צייט צו פאשען. אונדזערע אָדלער זענען נעבעך מיד, קוים וואָס זיי שלעפּן זיך. צום טראקט אויף גלופּסק איז נאָך דאָ עטלעכע ווערסטלעך, אפשר נאָך מיט א שמיצל. ניט ווייט פון דאנען, דאָרט וואו עס הויבט זיך אָן ציען א וואלד העט־העט ביז צום שליאך, זע איך אין דער זייט, לינקס, זייער א גוט אָרט צום פיטערן.

אין עטלעכע רגע ארום האָבן מיר אראָפּגענומען זיך אין דער זייט פונעם וועג און צוגעקומען צו יענעם אָרט, וואו ס'איז געווען וואלד, שיינע פעלדער, געמויזעכץ און אלע גוטע זאכן. מיר האָבן אויסגעשפּארט אונדזערע לייבן, געלאָזט זיי פריי פיטערן זיך דאָרט ביים ברעג וואלד און אליין האָבן מיר זיך אונטערגעלעגט אונטער א בוים.

## ג

אלטער יקנה"ז האָט קוים געאָטעמט פאר היץ, אנגסטן, האָבן אים באשלאָגן. ער האָט געזיפצט, געקרעכצט, אזוי אז עס האָט מיך פאר וואָר ביים הארצן אָנגעכאפּט, און בכדי אים צו מינטערן אביסל, אויך טאקע צו רעדן, צו פארברענגען א־

ביסל די צייט, לאָז איך מיך אריין מיט אים אין א שמועס אזוי:

— אפּנים, ר׳ אלטער, אייך איז געשמאק היים?

— בע! — ענטפערט אלטער גאנץ בקיצור, עפּעס ווי אָנ־געברוגזט רוקנדיק זיך אונטער דעם בוים, וואו עס איז נישט געווען אזא גרויסע באהעלטעניש פון דער זון, וואָס עס האָט אריינגעשיינט דורך די צווייגן.

— פע, נישט גוט פון דעם תענית! וואָס, איר קרעכצט אזוי? — מונטער איך מיין אלטערן, פעסט ביי זיך אָפּגע־מאכט, מיין טויט זאָל דאָ זיין, מוז איך ארויסבאקומען ביי אים א וואָרט.

— בע! — מאכט אלטער, און ווייטער טאקע א רוק אונ־טערן בוים.

מיט „בע" אליין אָבער האָב איך נישט געוואָלט מיך באגנוגענען. איי, טראכט איך, דו ביסט א געבראָטענער עקשן! נישקשה, דו וועסט ביי מיר רעדן, היץ, שוויים אין דער זייט, עס מוז זיך אָנהויבן פון געשעפט, דאָס בעסטע, איינציקע מיטל רעדנדיק צו מאכן א יידן. א ייד בשעת דער גסיסה אַ־פילו, קוים דערהערט ער נאָר עפּעס געשעפט, ווערט ער לע־בעדיק און דער מלאך־המות אפילו קען דענסטמאָל צו אים אויך נישט צוטרעטן. דעם ערגסטן שונא מיינעם ווינטש איך נישט אריינקומען צו א סוחר בשעת עס דאַכט זיך אים נאָר געשעפט. ער איז מבטל דענסטמאָל איטלעכן, אפילו דעם בעסטן פריינט, אן אייגענעם ברודער, מיט דעם בליק... נישט דאָס בין איך אויסן. איך ווענד מיך צו אלטערן מיט אזא שמועס:

— מיר ווילן, דאכט זיך, ר׳ אלטער, מאכן א געשעפטל! גוט, כ׳לעבן, וואָס מיר האָבן זיך דאָ היינט באגעגנט, איי, האָב איך עס היינט מיט מיר א מין סחורה, גין־גאָלד!

דאָס מיטל מיינס האָט געווירקט. אלטער איז ווי איבער־געביטן געוואָרן. ער הייבט זיך אביסל אונטער און קוקט אויף מיר מיט אויפגעשטעלטע אויערן. איך גיב אים ווייטער א פּי־זעם אזוי:

— היינטיקס מאָל, ר׳ אלטער, גייט דאָס געשעפט צווישן אונדז אויף מזומן געלט. איר פאָרט דאָך פון יארמעלינעצער יאריד און מוזט, אָז עין־הרע, האָבן פולע קעשענעס.

— פולע קעשענעס, יאָ! א הארץ פול מיט מכות האָב איך, — זאָגט אלטער שטארק אָנגעברוגזט, — איך זאָג אייך, ר׳ מענדל . . . נאָר נישמער גאָרנישט; א מענטש אָן מזל זאָל נישט געבוירן ווערן גלייכער... עסקים, עס האָט מיר זיך געגלוסט נייע עסקים! אן אנדער אויף מיין אָרט—הע־הע־הע! ביי מיר אָבער איז גאָרנישט, מיט דער פּוטער אראָפּ. אזא אומ־

גליק! א וויטיק נאָר צו דערציילן. שנייץ די נאָז און שמיר דאָס פּנים. נישטמער וואָס, גאָרנישט.

איך האָב גוט ארויסגעזען, אז מיט מיין אלטערן איז עפּעס נישט גלאַט, ס'איז דאָ א צרה. אבי נאָר עס האָט אים זיך גע־עפנט א מויל, איז שוין געגנוג געווען א קליין קוועטשעלע, עס זאָל אים זיך שיטן ניין מאָס רייד. פון מיין זייט איז קיין מניעה נישט געווען. איך האָב געטאָן א גוטן קוועטש און מיין אלטער האָט זיך צעוויגט, אָנגעהויבן צו דערציילן זיין אומגליק אויף זיין שטייגער אזוי:

— מילא קום איך מיר צו פאָרן אויף יארמעלינעצער יאַ־ריד. קומענדיק אויפן יאריד, שטעל איך מיך מיט מיין ביידל אויף דעם פּלאַץ. פארשטייט איר מיך, און צעפּאַק מיר דאָס ביסל סחורה. מילא בקיצור — גאָרנישט. שטיי איך מיר און קוק ארום אויף לייזעכץ. געטראָגן אויפן יאריד האָבן מיך די צרות. איך בין היינט, נישט פאר אייך געדאכט, מיאוס אין דער קלעם. דער דרוקער מאָנט געלט. מילא דאָס איז גאָר נישט — מאָנט ער. ער וויל אָבער, פארשטייט איר, מער נישט געבן קיין סחורה!... מיין עלטערע בתולה איז שוין אין די יאָרן; א בתולה, פארשטייט איר, באדארף חתונה האָבן. מילא גיי־זשע דריי דעם קאָפּ, זיך א חתן. חתנים זענען דאָ, אָבער א חתן, דאָס הייסט, פארשטייט איר מיך, א חתן! איז נישטאָ... מיין ווייב באדארף זיך צו די צרות פארגלוסטן האָבן א יינגל, און נאָך ווען — פאר פּסח. איר פארשטייט, וואָס הייסט א ווייב האָט א יינגל? א חתונה, חתונה הייסט עס! נישמער — גאָרנישט.

— נעמט נישט פאר אומגוט, — זאָג איך צו אלטערן, — וואָס איך פּאַל אייך אריין אין די רייד. למאי האָט איר אויף דער עלטער גענומען א יונג ווייב, זי זאָל אייך אזוי פיל קינדלען?

— גאָט איז מיט אייך! — מאכט אלטער פארוואונדערט. — איך האָב דאָך געמוזט נעמען א באלעבאָסטע אין שטוב אריין. וואָס וויל דען א ייד מיט דעם חתונה־האָבן? גאָרנישט! א ייד וויל נעבעך האָבן א גוטע באלעבאָסטע.

למאי־זשע, ר' אלטער, — טו איך א פרעג, — האָט איר געגט אייער ערשטע ווייב און איר פארוויסט דאָס לעבן? זי איז דאָך געווען א גוטע באלעבאָסטע!

— בע! — מאכט אלטער, פארקנייטשנדיק זיך מיט א פינצטער פּנים.

— קיין עקרה, געלויבט השם יתברך, איז אייער ערשט ווייב אויך נישט געווען, — לאָז איך אלטערן מיינעם אליץ

נישט אָפּ. — וואוהין זענען אהינגעקומען די קינדער נעבעך? הא, וואָס?

— בע !... — בעקעט אלטער אָן לשון, א קראַץ געבנדיק זיך אין דער פּאה, א מאַך מיט דער האנט און א זיפץ טיף פונעם הארצן.

„בע" איז ביי אונדז יידן א טייער וואָרט, וואָס האָט זייער פיל טייטשן און איז א תירוץ אויף אלע קשיות. „בע" קען מען געברויכן אלע צייט אין א שמועס און עס זאָל תמיד פּאסן. א ייד קען מיט „בע" זיך תמיד אויסדרייען, ווען ער איז נעבעך אין דער קלעם און שטייט שמאָל. מיט „בע" סי־לוקט א שווינדלער, אָן אָנזעצער, אז די בעלי־חובות טרעטן צו מיט שטארקע טענות. „בע" שטייט א יידן ביי אין דער נויט, ווען עס באווייזט זיך, אז ער איז נעבעך א ליגנער. מיט „בע" קען מען אָפּענטפערן יענעם, וואָס דולט אָן א קאָפּ צוויי שעה, נישט צו הערן, נישט צו פארשטיין אפילו איין וואָרט פונעם גאנצן שמועס. מיט „בע" קומט אָפּ א שיינער, צעבראָכענער ייד, ווען ער דערלאנגט שטילערהייט א ביס; א שיינע־מורנו, ווען ער טוט אָפּ א מיאוסע מעשה; א דימענטיק מענטשל, אָן חכמות, ווען עס לאָזט זיך גאָר אויס, ער איז געמלאכהט, האָט פיל פליי אין דער נאָז. הכלל, „בע" האָט אלערליי טעמים, משונה ווילדע פּירושים, ווי אשטייגער: רוף מיך קנאקניסל, לאָד מיך צום ונתנה תוקף, מהיכא־תיתי, קוממיות, געסמאַיע דיר פארפול און נאָך טייטשן אָן א צאָל. דאָס יידישע קעפּל שטויסט זיך תמיד אָן, וואוהין דאָס וואָרט „בע" צילט, און פארשטייט דעם רעכטן פּשט דערפון, ווי עס פּאסט צום ענין. —

אלטערס לעצטער „בע" איז געווען א ביטערס מיט גרינע ווערעם. אין אים איז געלעגן עפּעס ווי א חרטה, א בענק־טאָן, א באשולדיקונג זיך אליין. עס האָט אים זיכער געמוזט ליגן אויפן הארצן ווי א שטיין זיין מיאוסע באנעמונג אקעגן דעם ערשטן ווייב און די קינדער פון איר. ער האָט געמוזט אין איטלעכס אומגליק, וואָס אים טרעפט, זען א שטראָף פון גאָט פאר זיינע זינד. דאָס האָט באשיינפּערלעך ארויסגעוויזן זיין ביטערער זיפץ און דאָס מאַך־געבן מיט דער האנט, אויך דער קראַץ אין פּאה דערביי, האָט אזוי פיל געהייסן: „פּארבייס די ליפּן און שטום... אין דער ערד מיטן קאָפּ!"

איך האָב מיך אין הארצן שטארק באשולדיקט, למאי האָב איך אויפגערירט אלטערס אלטע וואונדן. דאָס איז טאקע די מעשה מיט א יידן, ארייננצומישן זיך אין יענעמס היימישע זאכן און ארייננצוקריכן מיט שאלות יענעם אין דער נשמה א־

ריין, בשעת זי טוט ווי און ווארגט זיך נעבעך מיט די צרות שטילערהייט פאר זיך. אחוץ דעם האָט מיך טאקע געערגערט, וואָס די מי מיינע איז אינגאנצן פארלוירן. אלטער האָט זיך שוין פיין צעוויינט און גערעדט מחיה, דאָס צינגל האָט גע־קלאפּט ווי א זייגער, פּלוצים בּאדארף איך אָנרירן אינעווייניק א רעדל און דער אומרו איז געבּליבּן שטיין! איבּעראניים מיינע מיטל, איבּעראניים פּיזעם ר׳ אלטערן. איך האָבּ נישט געקארגט, ווייטער איינגעגעבּן אלטערן רעד־מיטל מיט דער פּו־לער מאָס. צוגעפּאסט צו אים א גוט שליסעלע, אָנגעדרייט אים מיט קונצן — און דער אומרו, דאָס צינגל זיינס, האָט ווידער זיך צעשאָקלט.

ד

— מילא שטיי איך מיר אזוי לעבּן מיין ביידל, — האָט אלטער ווייטער אָנגעהויבּן צו דערציילן מיט זיין ,לשון. — בּקיצור, ווי איך שטיי מיר דאָ, קוק איך און בּאטראכט מיר דעם יאריד. א יאריד — א יאריד, עס קאָכט. דער עולם איז גרויס, יידן מאכן געשעפטן, שטארק פּארטראָגן, פּשוט זיי לעבּן. א יידעלע אויף א יאריד איז א פישעלע אין וואסער. דאָרט, פּארשטייט איר מיך, לעבּט עס. יעקבּ אבינום בּרכה טאקע: וידגו — און זיי זאָלן זיך פישלען, בּקרבּ הארץ — אויף דער וועלט. — אמת, ר׳ מענדעלע? שטייט טאקע אזוי געשריבּן ווי יידן זאָגן: „אויפן הימל א יאריד״? הייסט עס, אפּנים, די עולם־הבּא פאר יידן איז א יאריד!... מילא שטייט, נישט שטייט, יידן יארידעווען, לויפן, האנדלען, שטייען נישט איין אויף איין אָרט. צווישן די סוחרים זע איך בּערל טעלעצע, אמאָל א בּאהעלפער, דערנאָך א משרת, היינט ר׳ בּער, שטייט מיט א גרויסער קלעט, פּלאמט אויפן יאריד. בּקיצור, גאָרנישט. ס׳איז א טאראראם, א קאָכעניש. דאָרט, זע איך, לויפט א יידל, א צווייטער, א דריטער, אויך פּאָרלעך, פּארשוויצט שטארק. דאָס מיצל אויפן שפּיץ קאָפּ, דאָ א טאָפּ, דאָרט א טאָפּ, א מאך אהין, א מאך אהער, א דריי מיטן גראָבּן פינגער און א קיי דאָס שפּיצל בּערדל, געפּאלן, אפּנים, אויף א המציאה. עס לויפן גאָר אָן א נשמה מעקלער, שדכנים, טאנדייטניקעס, מאכ־ליארקעס קורעלאפּניצעס, יידענעס מיט קוישן, יידן טיט טאָר־בּעס, מיט פינף פינגער, בּאלעבּעסלעך מיט שטעקלעך, בּאלע־בּאטים מיט בּייכלעך, איטלעכן פּלאמט דאָס פּנים, נישטאָ קיין צייט, א רענדל א מינוט. מילא, בּקיצור, גאָרנישט, עס האָט אויסגעזען, אָט כאפּן זיי דאָס גליק. איי־איי, בּין עס מקנא ווי

איטלעכן גייט דאָס מזל! איטלעכער פֿאַרדינט, שעפּט גאָלד, און איך, שלימזל, וואָס? שטיי ווי א ליימענער גולם, פאַרלייגט די הענט לעבן מיין צעריסן ביידל, באַהאַנגען פון ביידע זייטן מיט ציצית, קמיעהלעך און איבוויינינק שמאָכטעס, פּעקלעך ספרים. א קאַטאָוועס כ'לעבן, תחינות שרה בת־טובים! שרה בת־טובים אינגאַנצן איז ווערט א דרייער... גיי לעב, צעפּיר זיך מיט איר די הענט, מאַך חתונה א מיידל! איך שילט אין האַרצן זי, דאָס איידל, די דאַרע שקאַפּע מיינע, הלוואי וואָלטן זיי אויף דער וועלט נישט געווען! גענוג, מען באַדאַרף פּרוואון דאָס מזל, אויך עפּעס טאָן! אַרבעטן, השם־יתברך קאָן אפשר רחמנות האָבן, וואָס דען? בקיצור, עס פֿאַררייסט זיך מיר דאָס היטל, עס פאַרקאַטשן מיר זיך די אַרבל, מיינע פיס גייען צו, ווי פון זיך אליין, צו א וואָגן און באַלד טאַקע קיי איך מיר א שטרויעלע, וואָס איז פונעם וואָגן פאַרקראָכן מיר גלייך אין מויל אריין. מילא קיי איך מיר דאָס שטרויעלע און דער מוח מיינער אַרבעט. א קנייטשעלע, אהער, אהין און באַלד טאַקע א קלאַפּ מיטן פינגער אין שטערן: ס'איז דאָ! א שיין געשעפטל, — א שידוך צווישן די צוויי סוחרים, לייטישע מענטשן, וואָס שטייען מיט קלייטן אויפן יריד. פאַרשטייט איר מיך, ווער? איינער איז ר' אליקים, ר' אליקים שאַראָגראַדער! דער אַנדערער — ר' געצל גריידינגער. פאַרבייג איך מיר מיין עסק, אין דער ערד מיטן קאָפּ דאָס ביידל מיט דער שקאַפּע, מיט דעם דרוקער אינאיינעם! טו איך א געשמאַקן נעם צום נייעם עסקל. למזל, עס רירט זיך... א האָפענונג, עס וועט פאָרן. בקיצור, איך טרייב אָן, עס רוקט זיך. מיינער ווייסט נישט מער, ווי קאַלענדרעווען, לויפן פון רב געצלען צו רב אליקימען פון רב אליקימען צו רב געצלען. איך לויף שוין, ברוך־השם, לייטן גלייך, שטאַרק באַשעפטיקט, נישט ערגער פון אַלע יידן. איך האָרעווע, אַקער מיט דער נאָז די ערד, עס מוז ווערן — און דאָ טאַקע, אויף דעם יריד. וואָס דען? איז דען דאָ נאָך א בעסער אָרט ווי אויפן יריד? בקיצור, אין כאַפּעניש, אין איילעניש, די מחותנים קוקן זיך אָן, איינער דעם אַנדערן געפעלט. ביידע באַקומען חשק, ווילן שטאַרק. נו, וואָסזשע באַדאַרף מען נאָך? אַז ביידע מחותנים צאַפּלען, ברענען, האָבן חשק און זענען פאַרטיק!... איך ווער גרעבער ווי לענגער פאַר שמחה. דאָס פאַרדינסט איז ביי מיר גלייך ווי אין קעשענע. איך קלער שוין אפילו וויפל נדן מיין בתולה צו געבן. דריילך אויף איינשיטן האָב איך אויף דעם סמך געהאַנדלט נאָך פריער, שוין געהאַלטן אפילו אין קויפן ביי א טאַנדייטניק א גענוצט סאַמעטן מענטעלע. העמדער, דאָס איז שוין די לעצטע דאגה, ווי גאָט וועט געבן... מילא, בקיצור — גאָרנישט, נאָר הערט א מעשה, וואָס קאָן זיך פאַר־

לויפן! אז ס'איז נישטאָ קיין מזל, זאָל מען בעסער נישט געבוירן ווערן. — אז עס האַלט שוין ביי טעפּ ברעכן און מען דערמאָנט זיך גראָד אַרום חתן־כּלה, לאָזט זיך גאָר אויס... וואָס מיינט איר? — אַ ווייטיק, כ'לעבן, צו דערציילן — לאָזט זיך גאָר אויס בוידעם! ניין, בוידעם איז נאָך אַ הונט אַ גאָרנישט. עס לאָזט זיך אויס קאַפּויער. הערט נאָר דאָס אומגליק, דעם שטראָף פון גאָט! ביידע מחותנים האָבן — וואָס מיינט איר, האָבן זיי? ביידע האָבן — בחורים!...

— ס'טייטש, ר' אַלטער! — שים איך אויס מיט אַ געלעכטער. — איך בעט אייך איבער, ווי אַן אייגענע מוטער: ווי פאַלט איר אויס צו טאָן אַזאַ שטותעריי — רעדן אַ שידוך, איידער איר ווייסט, ווער פון די מחותנים האָט אַ בתולה און ווער אַ בחור?!

— אַוודאי, פּשיטאָ! — גיט זיך אַלטער אַ קרים שטאַרק מיט פאַרדראָס. — איך האָב נאָך, כ'לעבן, אַזויפיל שכל ווי אַנדערע און באַדאַרף מיך ביי קיינעם נישט לערנען. כ'לעבן, איז ער דען אַ ייִד און ווייסט דען נישט, ווי אַזוי עס ווערן שידוכים!... דאַכט זיך, ר' מענדעלע, איר ווייסט זייער גוט דעם ייִדישן איינפיר, דעם גאַנצן שטייגער אין דעם משדך זיך זיין און חתונה האָבן ביי אונדז ייִדן. וואָס־זשע חידושט איר זיך אַזוי אויף דעם אומגליק מיינעם, וואָס האָט זייער גרינג געקענט מיט איטלעכן זיך מאַכן? — איך האָב זייער וואויל געוואוסט, אַז ביי ר' אליקימען איז מחויב זיין אַ בתולה און נאָך וואָס פאַר אַ בתולה! אַזאַ שטיק גאָלד זאָל איך האָבן! איך האָב זי מיט אַ יאָר פריער געזען אַליין מיט מיינע אויגן, אַזוי זאָל איך זען פיל גוטס. נישמער גאָרנישט, אַז קיין מזל איז נישטאָ, העלפט נישט קיין חכמות, באַדאַרף די שיינע בתולה קיין צייט נישט האָבן און אויף צושפּרינגעניש חתונה האָבן. עפּעס אַן אויסכאַפּעניש אויף איר געקומען, ווי אין דער בהלה. איך זאָל דאָס אָנהייבן כאָטשע עפּעס צו וויסן. וויסן זאָל איך אַזוי פון מיין דלות! היינט פרעג איך אייך, אדרבא, געדענקטזשע, אַז איך קום דאָ וועגן דעם שידוך און זאָג גאַנץ ייִדישלעך, ווי געוויינטלעך: ר' אליקים, איך וויל אייך משדך זיין מיט ר' געצלען, וועמען האָב איך פון מיין זייט געקענט מיינען? מסתמא ר' אליקומס בתולה. זי, עס פאַרשטייט זיך, מיט ר' געצלס בחור. אַרויסרעדן עס בפירוש איז נאָר אַ געלעכטער, אַן איבעריקע זאַך, וואָרים די קשיא איז דאָך: פּשיטאָ! וואָס לאָזט דו מיך הערן? עס פאַרשטייט זיך, אַז נעמען נעמען זיך נישט צוויי זכרים, ווי דען־זשע? אַ זכר מיט אַ נקבה, ווי דער שטייגער איז. דאַכט זיך פון מיין זייט האָב איך געהאַנדלט ווי עס געהער צו זיין. קיינער, ביי מיין ייִדישקייט! וואָלט בעסער

נישט געהאנדלט. בקיצור, איך האָב גערעדט ריין, שאַרף, דעם רעכטן עיקר: מכוח נדן, מכוח קעסט. דערביי מוזט איר נישט פאַרגעסן, אַז אויף אַ יריד, און דערצו נאָך מיט סוחרים, קאָן מען גאָר נישט רעדן איבעריקע רייד, ביי־זאַכן, נאָר געציילטע ווערטער, דעם עיקר, דאָס געשעפט אַליין: נישטאָ קיין צייט. מילא, האָט איר אייך אָן ענטפער פון מיין זייט. היינט לאָמיר גיין צו ר׳ אליקימען. ר׳ אליקים ווידער פון זיין זייט, הערנדיק ווי איך רעד אים אַ שידוך מיט אַ ר׳ געצלען, האָט זיכער דערונטער געמיינט זיין בחור, אַנדערש קאָן עס דאָך גאָר נישט זיין. אים אַליין רעדט מען מיט ר׳ געצלען? ווי שיקט זיך עס? און איינפאַלן אַ בתולה האָט אים אויך נישט געקענט, אַז ער ווייסט ביי זיך זייער גוט, ער האָט חתונה צו מאַכן אַ בחור, נישט קיין בתולה. מילא, קומט אויס, ביידע זענען גערעכט. נישמער גאָרנישט, היינט פאַרשטייט איר שוין?

— בע... — מאַך איך קוים איינהאַלטנדיק זיך פאַר געלעכטער און אָנטועגדיק זיך אַ כוח אָנצונעמען אַן ערנסט פנים.

— נו, געלויבט איז גאָט, אַבי איר פאַרשטייט! — זאָגט אַלטער, אַ טייט געבנדיק אויף מיר מיטן גראָבן פינגער און מאַכנדיק דערביי צעצויגן „אָ”! גלייך ווי איך האָב מיט מיין „בע” געטראָפן פונקט אין קאַרב.

און דעם אמת מוז איך זאָגן, איז מיר אַלטערס דערקלערונג אַריין טאַקע דערנאָך אין קאָפּ. טאָ, פאַרוואָס נישט? אויף דעם יידישן גאַנג, ווי עס ווערן געשלאָסן שידוכים ביי אונדז, פאַרוואָס זאָל זיך טאַקע אַזוינס נישט מאַכן? — עס כאַפּט זיך מיר פונעם מויל אַרויס נאָכאַמאָל „בע”, אַ קוק געבנדיק אויף אַלטערן עפּעס גאָר פריינטלעך.

— אַ, יאָ! — מאַכט אַלטער, ווייטער אַ טייט געבנדיק מיטן פינגער. — אַ, יאָ, איר פאַרשטייט! נישמער גאָרנישט. איר זענט נאָך נישט פאַרטיק. עס האָט נאָך געצאַנקט אין מיר עפּעס אַ האָפנונג. נעם איך מיך צו אַן עסקל, לאָז איך עס אַזוי גיך נישט אָפּ.

— ר׳ אַלטער, גאָט איז מיט אייך! וואָס רעדט איר? — שפּרינג איך אַזש אונטער פאַר גרויס וואונדער און מיין זיכער, אַלטער איז אין תמוז פאַר גרויס היץ משוגע געוואָרן. — וואָס פאַר אַ האָפענונג, ר׳ אַלטער, האָט געקענט איבערבלייבן נאָכדעם, אַז עס האָט זיך אַרויסבאַוויזן צוויי התנים?!

לאָזט זיך דינען! — נעמט מיך איין אַלטער. — לאָזט זיך דינען, ר׳ מענדעלע! ס׳איז רעכט. עס האָט זיך נאָך געשלאָגן ביי מיר אַן אָדער. גאָט גיט די רפואה פאַר דער מכה. פאַרשטייט איר מיך, עס האָט געטאַנצט אין קאָן טעלעצע. נאָך גאָר

אויפֿן אָנהייב איז מיר איינגעפֿאַלן טעלעצע. דאָרט זענען שוין דאָ מיידלעך זיכערע, איר מעגט מיר גלויבן. עס האָט מיר תחילת זיך געדרייט אין קאָפּ מיטאַמאָל: אליקים, געצל, טע־לעצע. פֿון זיי האָט מען באַדאַרפֿט אויסקלייבן אַ פּאָר. האָב איך באַדאַרפֿט גראָד בלייבן ביי ר׳ אליקימען, און טעלעצע דערוויייל אַוועקשטעלן אין דער זייט. מילא, אַז דאָס אומגליק האָט מיך דאָ אַזוי געטראָפֿן, וואָס־זשע טוט מען? באַדאַרף מען אַרויספֿירן אויפֿן פּלאַץ טעלעצע, געהויכט, געקרוינט, שוין מיט דער גאַנצער מורנו: ר׳ בערישל! בקיצור, איך פֿאַרטרייב דעם פֿעלער ביי די פֿריערדיקע ביידע צדדים. שולדיק־שמולדיק זיי אַביסל, איך אַביסל, און אַביסל אויך דאָס מזל אונדזערס. מסתמא איז נישט געווען מן השמים, נישט באַשערט, פֿאַרשטייט איר מיך?... עס הייבט זיך אָן דער גרויסער מזמור: ר׳ בע־רישל איז אָן עין־הרע אַ גביר, אַ דימענט, אַ בעל־צדקה, אַ גבאַי אין פֿיל חברות. ס׳טייטש, ר׳בערישל! דעם טיטל „חכם" רעכן איך נישט, ווייל עס פֿאַרשטייט זיך אַליין, עס ליגט שוין אין דעם נאָמען גביר... מילא, גאָרנישט. דער פּונקט האָפֿענונג האָט אין מיר זיך אַלץ ווייטער מער צעבערענט, גם זו לטובה, טראַכט איך. וואָס זענען ווי בוימל אויפֿן וואַסער אַרויפֿגע־שוואומען צוויי בחורים, אַצינד איז דאָ פּאָר זיי ביידע טאַקע צוויי בתולות, גלייך ווי אָנגעמאָסטן. ר׳ בערישל וועט מיר צו־רעכט מאַכן אַלצדינג און עס וועט אם־ירצה־השם זיין גוט. אהער—אהין, בקיצור, איך אַרבעט אויף אַלע כלים. איך האָב ווייטער דאָס לויפֿעניש. דאַכט זיך, אין פֿלוג, נישקשהדיק, עס האַלט אויף אַ שטיקל שטייגער. נישמער גאָרנישט. באַדאַרף זיך אינמיטן דרינען אויסלאָזן דער יאַריד. אַז איבערקערעניש, אַלע צעפּאָרן זיך, צעלויפֿן זיך, אויס געשעפֿטן, און פֿאַרפֿאַלן מיין מי, אַזוי פֿיל מי!

— היינט פֿאַרשטייט איר? — ווענדט זיך אַלטער צו מיר מיט אַ ניגון פֿון געבעט. אויסשטרעקנדיק ביידע הענט, ווי ער קלאָגט זיך, גיסט אויס זיין שווער, ביטער האַרץ און פֿאַרלאַנגט פֿון מיר עפּעס אַ הילף. — פֿאַרשטייט איר שוין? אַז ס׳איז נישטאָ קיין מזל, דאָס פּיצעלע מזל, העלפֿט נישט אַלע חכמות. אוי, אַ צאָרן פֿון גאָט איז שוין פֿון אַ צייט אויף מיר אויס־געגאָסן געוואָרן, אַ שטראָף פֿאַר מיינע זינד. — „אויף מזומן געלט!" זאָגט איר? אַן איבעריקן גראָשן האָב איך דען אין קעשענע, אַז אָך און ווי און ווינד איז מיר!

— איי, ווי אין באָד! — צעהיץ איך מיך אויף אַ קול און טו מיך אַ געשמאַקן רוק.

אַלטער שטעלט אויף מיר אויס אַ פּאָר אויגן, שאָקלט מיט

דעם קאָפּ, שטאַרק אויפגעבראַכט, מאַכנדיק דערביי ווי אין דער וועלט אַריין:

— אַ גנב אַביסל פון אַ יידן! אַ מענטש ווערט „שונא ציון", צעזעצט, די גאַל שפּרינגט אים פאַר צרות, רעדט, און ער — גאָרנישט! האָט אינזינען זיין נפשל. אַ קאַטאָוועס. ס'איז היים ווי אין אַ באָד! ס'וועט צעשמאָלצן ווערן... איך פאַרשטיי, נישקשה, יידישע אָנשטעלן, דאָס וויל אַ ייד אַ כאַפּ טאָן זיך צוריק, אַרויסזעענדיק, אַז ביי יענעם איז קיין מזומנים נישטאָ, קיין געשעפטן מיט אים וועט ער נישט מאַכן.

— כ'לעבן... — רוף איך מיך אָן. אַ צי געבנדיק אַלטערן פאַר דער באָרד, כמנהג ייד. — וואָס פאַלט אייך איין, ר' אַל־טער, אַזעלכעס צו טראַכטן? איך מיין גאָר עפּעס אַנדערש. אייער סוף מעשה אַצינד אויף דעם יריד האָט מיך דערמאָנט אין אַ זייער שיינער מעשה אַמאָל אין באָד, וואָס ליגט מיר עד היום אין טעם און איך קאָן עס נישט פאַרגעסן. אויך די איי־גענע מעשה, עס זאָל דאָס פעלן אַ האָר. נאָר דאָרט איז עס געוועזן בקיצור און זיך אויסגעלאָזט מיטן קנאַק. מען מעג עס הערן. אָ, איר שוויצט, ר' אַלטער! רוקט זיך, זיין מוחל, אַ קאַפּעלע אַהין, וועל איך מיר ליגן אָט אַזוי מיט דעם רוקן צו דער זון און דערציילן.

אַלטערווישט אָפּ מיטן עק אַרבל פונעם העמד דעם שוויים פון זיין פּנים. נעמט אַרויס פון דער בוזעם־קעשענע זיין פאַר־צעליינען פּיפּעלע מיט עפּעס אַ יפה־פּיה אויסגעמאָלט דערויף; מאַכט אויס מיט אַ דרעטל, וואָס הענגט אויף אַ קייטעלע ביים טאַמבאַקאָווען דעקל פון דעם לולקעלע, דאָס קורצע ציבעקל, פון וועלכע דאָס דינע אויסגעבויגענע מונדשטיקל, ווי אויך דער אונטערשטער טייל, זענען גרוי־שוואַרצלעכע ביינדעלעך און דאָס מיטל־שטיקל אַ ווייכס, אויסגעהעפּט אַרום מיט זאַמד־פּאַטשער־קעס; פאַררויכערט דערנאָך דאָס פּיפּעלע, טוט דערביי אַ קליין קוקעלע אויף דער יפה־פּיה און ציט זיך אויס, ווי גרויס ער איז, אונטער דעם בוים. איך הוסט מיך אויס, טו מיך אַ רוק און הייב אָן מיין מעשה אַזוי:

## ה

אין דער גלופּסטער געמויערטער באָד האַלט זיך אויף זינט אַ לאַנגער צייט אַ בחור — פּישקע דער קרומער. ווער פּישקע איז, פון וואַנען ער איז — דאָס איז נישט מיר, נישט קיינעם אייגעפאַלן צו וויסן. גאָרנישט! עס דרייט זיך אַרום אַ באַ־שעפעניש, אַ פּישקע, ווי אַלע אַנדערע פאַרוואָגלטע נפשות,

זיין גליכן, וואָס גיבן זיך א ווייז ביי אונדז, יידישע קינדער,
עפּעס פון דער העלער הויט, ווי די שוועמלעך, פּארטיק מיט-
אמאָל, מיט די אלע חנדלעך, מען זאָל עס געוועז אָנהייבן זען,
ווי זיי האָבן ביסלעכווייז געשפּראָצט, כאָטש האָבן פון זיי פריער
עפּעס א סימן !... עס זיצט זיך ערגעץ אין לעכער קבצנים.
קינדלען זיך שטילערהייט — וועמעס עסק איז עס ? — פּרוכ־
פּערן זיך און מערן. ס'איז אָן עין־הרע א גרויס גערעטעניש.
דאָס קליינוואַרג ניט זיך א הייב אויף די פיסלעך און פּלוצים
שפּרינגען ארוים אין דער וועלט פּריש־צאַפּלדיקע קליינע יידע־
לעך : פישקעלעך, חייקעלעך, חיימלעך, יאָסעלעך, נאקעטע, באָר־
וועסע, מיט לייבסערדאקלעך, פּלאָנטען זיך אומעטום פאר די
פיס, אויף די גאסן, אין די הייזער און די קלייזלעך. — קיין
שטארק גרויסן פּארשוין קאָן מען פישקען נישט אָנרופן. ער
האָט א גרויסן פּלאטשיקן קאָפּ, א ברייט גרויס מויל מיט געלע
קרומע ציין, רעדט שטשיפּילאָווע. קאָן נישט קיין „ריש” שאַרף
ארויסזאָגן און הינקט שטארק אויף א פיס. פישקע איז שוין
געוועזן אין די יאָרן, פון זיינעט־וועגן האָט ער שוין געקענט
לאנג חתונה האָבן און מזכה זיין גלופּסק מיט עטלעכע קינ־
דערלעך ; נאָר אויף זיין פינצטער מזל, האָט מען אין אים זיך
פּארגעסן, און ער איז, ווי א פוילער מין אין אונדזער ספרים־
האנדל, געוואָרן א לעגער־סחורה. מען האָט אין אים פּארגעסן
אפילו בשעת דעם רעקרוטן־נעמען פאר כאָלערע : חתנים, דאָס
הייסט, בשעת גלופּסקער קהל האָט געכאפּט אין דער בהלה
וויסטע קאלעקעס. דראבעס, שלעפּערס, און זיי חתונה געמאכט
אויף דעם הייליקן אָרט צווישן די קברים, מיט אבי־אָט מיידלעך,
בכדי דורך דעם זאָל די שלאפקייט אויפהערן. אָנשטאָט אים
האָט קהל דאָס ערשטע מאָל מכבד געווען מיט חתונה־האָבן דעם
בארימטן קאלעקע יאָנטלען, וואָס רוקט זיך אויף זיין געזעס
מיט צוויי קליינע הילצערנע בענקעלעך אין די הענט. מען האָט
אים נעפּאָרט מיט דער אָרעמער יידענע, די מפורסמת, וואָס
האָט גרויסע ציין ווי לאָפּעטעס אָן אז אונטערשטער ליפּ. די
כאָלערע האָט זיך פאר זיי שטארק דערשראָקן, און נאָכדעם אז
זי האָט פאר שרעק מזיק געווען אין גלופּסק א סך מענטשן,
האָט זי געכאפּט די פיס אויף די פּלייצעס און איז אנטלאָפן...
דאָס צווייטע מאָל האָט מען אויסגעקליבן נחומצע דעם שטאָט־
מענעגע, דעם געוויסן לעקיש. לעקיש האָט אויף דעם בית־עולם,
פאר א גאנצער עדה שיינע יידן, צוגעדעקט דעם קאָפּ פון יע־
נער מויד, וואָס איר קאָפּ איז פון קינדווייז־אָן באדעקט, איך
בעט אייך מחילה, מיט א קרוין, און אויף וועלכער עס גייט
אין דער שטאָט ארום א קלאנג, אז זי איז אן אנדרוגינוס.
דער עולם, זאָגט מען, האָט אויף זייער חתונה זיך גאנץ שטארק

משמח געווען, מען האָט זיך וואויל געטאָן און עפּעס גאָר אים בראָנפן צווישן די מצבות אויסגעטרונקען. אָט, האָט מען געזאָגט, ניִשקשה! לאָזן זיך פּרוכטפּערן, לאָזן יידישע קינדער, דער כאָלערע אויף צעשפּרינגעניש, זיך מערן, לאָזן אָרעמע קאַלעקעס נעבעך אויך הנאה האָבן... נישט דאָס בין איך אויסן. הכּלל, פּישקען האָט קהל פאַרגעסן. אויף גלופּסק איז געקומען ווייטער אַ כאָלערע און פּישקען האָט עס פאָרט נישט געהאָלפן. ער איז געבליבן אַ בחור ווי פריער. אפילו די מומע אָן אַ נאָז, וואָס איר שטייגער איז צו העצקען זיך אינמיטן דער גאַס, בשעת איר כליזמרל סקריפּעט אויף עפּעס אַ מין פידעלע, צוזינגענדיק דערצו אויפן בײַ־קולכל, נעמט צוגויף אויף אַ טעלערל נדבות, בכדי צוויי מתים זאָלן גיין טאַנצן, קאַלעקעס, קבצנים, אָרעמע מיידלעך זאָלן חלילה נישט פאַרזיצן, — אפילו די גוטע, בארמהאַרציקע מומעניו האָט אין פּישקען זיך גאָר פאַרגעסן און אים געלאָזט אומגיין אָן אַ ווײַב. ס'איז אוודאי געבעך אַ גרויס רחמנות, אַ צער־בעל־החיים, נאָר מסתמא איז זיין מזל שוין געווען אַזוינס. — פּישקעס גאַנג איז געווען געווײַנטלעך באָרוועס, אָן אַ קאַפּאָטע, נאָר אין אַ גראָב געלאַטעט העמד מיט אַ לאַנגן פאַרשמאָלצעוועטן אַרבע־כּנפות און תחתונים פון גראָבע לייוונט מיט אַ סך פאַלדן. זיין אַרבעט איז געווען צו רופן אויף דער גאַס: באַלעבאַטים אין באָד אַריין!" פּריוויטיק, און „ווײַבלעך אין באָד אַריין!" מיטוואָך. — זומער, ווען עס פלעגט זיך אָנהייבן ווייזן גאָרטנוואַרג, האָט אין דער יידישער גאַס זיך געלאָזט הערן זיין קול ווי פון אַ שלייען: יידעלעך, אהער! יונגע קנאָבל, יידעלעך!" אין באָד פלעגט ער היטן דאָס אָנטאָן, אונטערטראָגן אַ שעפּעלע וואַסער און אַריינלאָזן אַ קויטיק העמד אין דעם אַרבל אַריין מיט אַ קנופּ. אינעווייניק, ווי אַ מייסטער, דערלאַנגט אַ קויל פייער, וואַרפנדיק עס פון איין האַנט אין דער אַנדערער, צו פאַרויכערן אַ ציגאַר טיטון, און כאַפּן דערפאַר מיטאָמאָל אַ האַרטן צווייער, אָדער אַ דרייער. פּישקע האָט זיך שוין גערעכנט דערמיט פאַר אַ שטיקל כּלי־קודש און געהאַט דאָס רעכט אויף געוויסע זאַכן, ווי אַ־שטייגער, אַרומגיין אינאַיגעם מיט דעם פעקל שמייסער, באַדלייט, איבער די הייזער, נאָך פּורים־געלט, חנוכּה־געלט, קומען מיט דער קאָמפּאַניע אויף אַ לעקעך־און־בראָנפן, אויף אַ קריאת־שמע לייענען, אויף אַ ברית ביי באַלעבאַטים אין באָד און כאַפּן אַ כּוסה מיט אַ שטיקל האָניק־לעקעך און אַרומגיין פּסח מיט אַ טאָרבע צוגויפנעמען ביי די באַלעבאַטים שטיקלעך מצה. — איך האָב פּישקען זייער גוט געקענט, פלעג ליב האָבן אַריינצולאָזן זיך מיט אים אין אַ שמועס און אָנקוועלן אמאָל פון זיינע ווערטער. ער איז גאָר נישט געווען אַזאַ מיאוסער שוטה,

ווי ער האָט אויסגעזען. וואָרום ווען איך בין נאָר אין גלופּסק, איז בײַ מיר די ערשטע זאַך פון אַלע מלאכות זיך אַראָפּצוכאַפּן אין דער געמויערטער באָד, אויסצופּרודען די זאַכן, די זאָקן און צו פּאַרען די ביינער אויף דער אויבערשטער באַנק. זאָגט אײַך וואָס איר ווילט, דאָס איז דער בעסטער תענוג בײַ מיר. וואָס קאָן, דאַכט זיך, בעסער זײַן פון שוויצן? איך זאָג אײַך בפירוש נאָכאַמאָל. אַצינד־אָ אפילו וואָלט איך אויך שטאַרק הנאה געהאַט פונעם ביסל שוויים, ווען די זון זאָל מיר נישט זײַן אַקעגן פּנים.—

— רוקט זיך נאָר, ר' אַלטער! רוקט זיך, זײַט מוחל, ווײַטער אַביסל! — אָ, איר האָט איצט אָן עין־הרע גאָר דעם גוטן שוויים! טוט זיך נאָר, זײַט מוחל, א רוק אָט אַזוי, אַזוי.

— נו, אָן עק. א סוף זאָל עס האָבן! — מאַכט אַלטער אָנגעברוגזט. — איך ליג שוין, דאַכט זיך, גוט. ציט נישט, איך בעט אײַך, בײַ דער נשמה און מאַכט עס בקיצור.

— האָט צײַט, ר'אַלטער! דער טאָג איז נאָך גרויס, — רוף איך מיך אָן און הייב אָן ווײַטער צו דערציילן:

— אַז איך בין געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק אין גלופּסק און פונדערווײַטנס אויף דער גאַס דערזען פּישקען, בין איך פּשוט אויס דער הויט געשפּרונגען פאַר גרויס וואונדער. פּישקע מײַנער, זע איך, נייט מיט די קרומע פיס, אָנגעטאָן ווי א שטשאָגל אין א שפּיגל־נײַע טשערקאַסענע קאַפּאָטע מיט נײַע שיך און זאָקן. אויפן קאָפּ א גרויס פליסן היטל און אויפן האַרץ בלישטשעט אים ערשט, נײַ פון דער נאָדל, א לײַבצודאַק פון האַרט אָנגעקראָכמאַלטן ציץ מיט גרויסע רויטע קווייטן! וואָס קאָן עס באַטײַטן? טראַכט איך בײַ מיר. זאָל זײַן, אפשר, קהל האָט אים אויסגעקליבן פאַרט פאַר א כאָלערע־חתן? נאָר אויף גלופּסק אָבער איז אין יענעם יאָר קיין כאָלערע נישט געקומען. נישט דעריבער, ווײַל מען האָט אפשר אויסגערייניקט דעם טײַך, צוגענומען די בערגלעך עפּושדיקע בלאָטע און די געפּגרטע קעץ פון די גאַסן, אָדער באַלעבאַטים האָבן געמאַכט א האַסלע, אויף צו־להכעיס דעם גאַנצן אַלטן מנהג, ווײַטער נישט אויסצושיטן דעם מיסט, אויסצוגיסן די פּאָמעניצעס אונטער דער נאָז, פאַר די הײַזער? חלילה! ווי קאָן מען אויף אַזא יידישער קהילה אַזוינס גאָר אויסטראַטן! נאָר וואָס דען? ס'איז גלאַט געווען נאָר ריינע נסים... יידן האָבן אפילו דענסטמאָל זיך געקלאָגט אויף די בײַכער, צוביסלעכווײַז אויך אונטערגעשטאָרבן. נאָר דאָס איז געווען גלאַט אַזוי, אָן איבערגאַנג. מען האָט עס צוגעשריבן די גרינע אוגערקעס, דער אָרעמער עולם האָט מיט א הייסן הונגער זיך צוגעכאַפּט צום יונגן גאָרטנוואַרג און... ס'איז, געלויבט גאָט, מיט חסד... נישט דאָס

בין איך אויסן. דערווייל, ווי איך טראַכט דאָ און וואונדער מיך אַזוי, איז פּישקע פאַרשוואונדן געוואָרן, גראָד בין איך, נישט היינט געדאַכט, דענסטמאָל געפאַלן אויף די קריזשעס, געליטן שטעכעניש. שוין טאַקע אַ לאַנגע צייט נישט געלאָזט צו דער אָדער, נישט געשטעלט קיין באַנקעס, אַ חוץ נאָך אַקעגן צען פּיאָווקעלעך אין דער גאַנצער צייט פון עטלעכע הדשים !...

נו, האָב איך מיר פירגענומען, מאָרגן, בלי נדר. גיי איך בייציַיטנס אין באָד, וועל דאָרט צוברענגען גוטע עטלעכע שעה און שוין אָנשמעקן דאָרט אַלצדינג... נישט דווקא וועגן פּישקען אַליין, ווי אויך טאַקע וועגן אַנדערע וויכטיקע זאַכן : מכוח פּאָליטיקע, פּאָטטשן און אַלצדינג, וואָס קאָכט זיך, פאַרלויפט זיך אויף דער וועלט און אין דער שטאָט. דאָס איניקע שטיקל אָרט פאַר יידן אויף צו שמעקן, אַרויסצוגעבן וואָס עס בורטשעט אינעווייניק אין זיך און כאַפּן צוריק עפּעס אַ לעק פון אַנדערע.

דאָרט אין דער באָד, ווערט מען געוואָר פון זייער פיל סודות, דאָרט ווערן אָפּגעמאַכט זייער פיל געשעפטן און עס רודעוועט זיך מער נאָך ווי אויף אַ יריד. מען באַדאַרף אַהין קומען אין אַ פרייטיק, זעט מען שיינס : אין איין ווינקל זיצן רופאים מיט דעם קלאַפּערגעצייג, אַרום זיי יידן אַ סך. איין רופא גאָלט קעפּ, דער אַנדערער רופא מיט אַ בריטווע צעקאַרדאַשעט פּלייצעס, שטעלט באַנקעס דעם, כאַפּט אַראָפּ געשטעלטע באַנקעס ביי יענעם, און יידיש בלוט גיסט זיך טייכנווייז אויף דעם פּאָל, אונטער מענטשן, פאַרמישט אינאיינעם מיט בלעטלעך פון בעזימער און אָפּגעגאָלטע האָר. דעם רופאס ברענענדיק ליכטל שמעלצט זיך מיט אַ צעפּלאָכטענעם קנויט, שפּריצט, בריזגעט מיט אַ בייזער, מיט אַ פלאַם־פייער פון אַ מיתה־משונה־קאַליר...

— אויף די ווענט, אויף דער סטעליע לעבן אויוון הענגען, ווי אין דעם גרעסטן מאַגאַזין, אַלערליי קליידער : העמדער, זאָקן, כל־אַ מיני לייבצודאַקן, אַלע סאָרטן תחתונים, קאַפּטנס, קאַפּאָטעס, אויך קיילעכדיקע פּעלצענע היטלען. — פון דער אויבערשטער באַנק לאָזן זיך הערן שרעקלעכע קולות. אַ טייל יידן ליגן דאָרט אָן כוחות, זיפּצן און קרעכצן, אַ טייל זענען געוואָפּנט מיט בעזימלעך און שרייען. געוואַלד, יידישע קינדער ! געוואַלד, האָט רחמנות ! געוואַלד ! געוואַלד, פּאַרע !... אין באָד ווערט קאַלט, אַלע שרייען, און איינער שטרעקט נישט אויס אַ האַנט אויפצוגיסן אויפן שטיין, ביז צום סוף געפינט זיך עפּעס אַ ווייסער־חברהניק און מאַכט אָן אַזאַ היץ ווי אין גיהנום, אויף דערשטיקט צו ווערן. צוויי אויסגעווייקטע יידן שלאָגן זיך דאָרט פאַר אַ ראַשקעלע אויסרייסנדיק איינער פונעם אַנדערנס הענט מיט זידלעריי אַ שרעק. אַ דאַרער מלמד, וואָס בלאָנקעט זיך דאָ אַרום אָן געצייג, לייגט זיך אַריין אין שלום, מאַכט אַ

פשרה — און אלע דריי טונקען זייערע פארשמאַלצעוועטע פאַ־משיילכנס און וואשן זיך פון איין ראשקעלע. אויבנאָן אין א קופּקעלע זיצן מיוחסים, נגידים, לייטישע מענטשן און שמועסן עסק, פון תוך־זאכן: מכוח דער טאקסע, מכוח היינטיקע עזות־פּנימער, מכוח דעם נאבאָר, מכוח די וויבאָרעס אויף גלאסנעס, אויף א רב, מכוח אכצן און דרייצן און מכוח דעם נייעם פּאָ־ליצמייסטער. צו זיי שארט זיך צו ווי א קעצעלע עפּעס א שיי־נער ייד און מאכט א שמועס מכוח דער תלמוד־תורה, מכוח די נייע גזרות, מכוח חמאים אין שטאָט און רוימט דערביי איטלעכן איין סודות אין אויער... פּלוצים קומט־צו איינער א וואוילער יונג, וואָס שארפט די ציין אויף גלאסנע און פאַר־בעט מיט א חניפה־שמייכעלע אויף דער אויבערשטער באנק דעם גרעסטן יחסן און בעל־דעה, וועלכן ער וויל אביסל אויס־פאָרען טשאקענדיק מיט זיין כבוד אליין. דער שיינער ייד, וואָס האָט אויך א קוק אויף עפּעס א התמנות און וויל אָפּ־לעקן א ביין, פאלט דאסגלייכן אויף דער אייגענער המצאה, טוט זיך א בייג מיט א חניפהלע און פארבעט אויך א יחסן צום טאנץ. אלע קריכן ארויף אויבן אויף דער באנק, די בע־זימלעך הייבן זיך און די געשעפטן זענען אפּגעמאכט... בזכות די מיוחסים ווערט אין באָד געשמאק היים, קליין און גרוים, יונג און אלט האָבן זיך גענומען צו די כלים. דער עולם קרעכצט, אויקעט, פּאַטשאקעוועט זיך אויף אלערליי קולות, און דענסטמאָל קריכט מיינער ארויף העט־העט הויך אין א ווינ־קעלע, ביחידות, פאר זיך אליין און טוט זיך א נעם פארען די ביינער אויף וואָס די וועלט שטייט.

— אוי, ר' אלטער, א רוק! כאָטש א קליין רוקעלע, אהין, אהין אביסל, קיין צפון־זייט !...

אלטער קוקט מיך אָן, עפּעס ווי אן אָנשיקעניש, מאכנדיק מיט די אקסלען: נא, נא!

— האָט צייט אביסל, — נעם איך אים איין, — וואָס איז דאָס כאפּעניש? באלד, באלד! לאָמיך נאָר א קאפּעלע זיך אָפּרוען.

ו

אלטער האָט זיך עפּעס צו־שטארק געפּאָרעט מיט דעם מונדשטיקל, וואָס איז געווען מיאוס פארלייגט, דערנאָך האָט ער עס אָפּגעדרייט פון ציבעקל, שעלטנדיק עס מיט פארדראָס, אייגעזעצט אָנשטאָט אים א גענדזן־פּענדל, פאררויכערט אויף דאָס ניי זיין פּיפּקעלע — פּוף־פּוף־פּוף — און ארויסגעלאָזט

זוי פון א קוימען א גאנצן וואָלקן רויך. איך האָב אביסל אויסגעגלייכט די אלטע ביינער און ווייטער אָנגעהויבן צו דערציילן.

אויף מאָרגן בין איך געקומען אין באָד באצייטנס, א סך פריער, איידער דער עולם איז זיך ביסלעכווייז צונויפגעקומען. בערל דער שמייסער איז געזעסן אין הויז אויף א באנק צווישן ראשקעלעך, אויפגעשטעלט ווי א טורעם איינע אין די אנדערע, און געבונדן בעזימלעך, איבערקוקנדיק די בלעטלעך מיט אזא ערנסט פנים, ווי א יידענע קלייבט ארבעס. נישט ווייט פון אים שטייט לעבן אויוון איציק דער היטער, א ייד מיט א גרויסער באָרד, וואָס איז אין דעם ברויט א יאָר דרייסיק, טוט נישט מער ווי קוקן מיט צונויפגעלייגטע הענט אויף די פעקלעך זאכן, צוואווינטשעווען איטלעכן ביים ארויסגיין פון מרחץ „צו רפואה!” און ציט דערפון דאָס שטיקל פרנסה. ער גענעצט אויף א קול, אויסציענדיק דערביי די הענט ביז דער הויך. מאכט א חשבון, וויפל דאָס ווייב בעט אויף שבת, שמועסט איבער מיט בערלען פון די הייגטיקע שיינע פארדינסטן, שפעט אוים איטלעכן פון די באלעבאטים באזונדער, מאכט אלע אויסצודרייען, דער איז אזויגער, יענער — אזוינער, נישטאָ די מענטשן וואָס אמאָל, גאָר נישט דאָס מרחץ ווי פריער. ווייני־קער פון א זעקסער האָט דער קארגסטער אפילו נישט געוואוסט, און היינט... — טוט ער א שפיי און לאָזט־אוים: — היינט מעגן זיי אלע די כפרה ווערן! —

בערל און איציק האָבן מיר געמאכט א גרויסן „ברוך־הבא”, שוין טאקע א היפשע צייט, אז מיר האָבן זיך נישט געזען, און איך בין ביי זיי געווען זייער אן אנגעלייגטער גאסט. מיר האָבן זיך צעשמועסט וועגן פיל זאכן און כ'בין אין דער מיט שמועס ארויפגעקומען אויף פישקען. וואו פרעג איך, איז אונדזער פישקע?

— פישקע! — מאכט בערל, א טרעסע געבנדיק דאָס בע־זימל. — הע־הע! פישקע איז א מענטש, א באלעבעסל. אי־בערגליקלעך!

— פישקע! — זאָגט איציק, צושאָקלענדיק מיטן קאָפ. — פישקע איז היינט א פריץ! אויסער זיין שאָדן, געזאָגט געוואָרן אויף א סך!... נו, פישקע! ער האָט זיך נאָך קיינמאָל אזוי גוט נישט געוואונטשן.

אָט וואָס בערל דער שמייסער האָט מיר לסוף דערציילט:

— א דאָנערשטיק פארנאכט איינמאָל, איינהייצנדיק אין אלע אויוונס און זיך שטארק אָנגעמאָרדעוועט פון דער ארבעט, לייג איך מיך מיט חברה אין באָד אויף די בענק, אביסל דעם אָטעם צו כאפן. חוץ אונדז זענען דאָרט געלעגן אויסגעצויגן

נאָך עטלעכע יידן בטלנים, וואָס האַלטן זיך דאָ אויף. ווי מיר ליגן זיך דאָ אַזוי רואיק, רויכערן און שמועסן זיך אַזוי גאַנץ פריילעך, מיטאַמאָל הערן מיר, ווי מען פּאָרט עפּעס צו, גלייך צו דער באָד. נו צוגעפאָרן — צוגעפאָרן, וואָס מאַכט עס אויס? איידער מיר קוקן זיך אַרום, קומען אַריין דריי אייזערנע, געזונטע פאַרשוינען, אַלע אין איין קול: „גוט נאָוונט, יידן! וואו איז פישקע? גיט אַהער פישקען!..." דאָ האָב איך מיך שוין טאַקע אַביסל ווי דערשראָקן: וואָס הייסט עס פאַר אַ לשון, עפּעס גאָר אין איין אָטעם: „גיט אַהער פישקען"? באַלד אָבער האָב איך זיך צוריק מישב געווען, וואָס איז דאָ אַזוי דער שרעק? קיין גנב חלילה איז פישקע נישט, עפּעס געשעפטן גרויסע מאַכט פישקע אויך נישט, און ווען אפילו די פאַרשוינען זענען כאַפּערס, וואָסזשע הערט זיי פישקע? אַקוראַט ווי דאָס מילכעדיקע קלינגל. מיט זיינע מעלות איז פישקע, ברוך־השם, באַוואָרנט פאַר אַ רעקרוט.

— פישקען באַדאַרפט איר? — רוף איך מיך אָן באַהאַרצט. — ער איז אַצינד נישטאָ. נאָר זאָגט מיר, פעטערס, צו וואָס טויג אייך פישקע? איך וויל עס וויסן.

די יידן קוקן זיך איבער אַ ווײַלע צווישן זיך, דערנאָך טרעט איינער פון זיי אַרויס און מאַכט צו מיר: מהיכא־תיתי, מיר וועלן אייך זאָגן. פאַרוואָס נישט? מען האָט חלילה דערמיט זיך נישט צו שעמען: דאָס איז אַ יידישע זאַך. די מעשה דערפון איז אַזוי:

די בלינדע יתומה קענט איר דאָך, די בלינדע יתומה, וואָס זיצט שוין פון גאַנץ לאַנג לעבן דער טויטער שול, ביים אַלטן בית־עולם, און בעט נדבות מיט דעם באַקאַנטן לידל, וואָס איינער פון די בריות האָט אויף איר געמאַכט. די דאָזיקע בלינדע יתומה איז היינטיקס יאָר געבליבן אַן אַלמנה. זי האָט זיך געאיילט גיך צו פאַרקנסן מיט עפּעס אַ טרעגער, זיך מתחייב געווען אים אויסצוקליידן באַלעבאַטיש און געבן אים זיין באַדערפעניש, דערצו נאָך אַביסל געלט. היינט האָט געזאָלט זיין די חופה. מען האָט אָנגעגרייט זייער אַ גוטע וועטשערע: בראָנפן, בולקעס, פיש און טאָפּ־געבראָטנס, אַ גילדענע יויך מיט עופות, ווי דער שטייגער איז ביי יידישע קינדער. דאָס אַלצדינג קאָסט געלט. אַז מען איז אינגאַנצן פאַרטיק געוואָרן, די כלה אויסגעפּוצט, אויסגעשלייערט, שיינט, לויכט, ווי אַ יידישע טאָכטער, איז מען געגאַנגען צו דעם חתן נעמען אים צו דער חופה. דער תכשיט אָבער, הערט נאָר, איז גאָר נישט אין דער היים! מען וואַרט אַ שעה, נישטאָ, מען וואַרט נאָך אַ שעה, ער קומט נישט, ער איז ווי אויסגעטריקנט געוואָרן. וואָס לאָזט זיך צום סוף אויס? דער בחור, ברענען זאָל ער,

האָט חרטה; באַשר זיין באַבע, וואָס איז אַזוי פיל יאָר שוין אַ קעכנע ביי אונדזער גביר, זאָל געזונט זיין, וויינט, ליאַרעמט, פּילדערט, שרייט אויף דעם שידוך, ס׳איז איר נישט לכבוד. זי דינט פּאָרט אַזאַ צייט ביים היגן גביר, איז אויסגעקאָכט מיט אַ סך באַלעבאַטים אין דער שטאָט, וואָס גייען צום גביר אויף דער הינטערשטער טיר דורך דער קיך. זי קאָן מאַכן אַ גוטן קוגל מיט כאַנציעס קבלה און צו אירע כרעמזלעך איז קיין גלייכן נישטאָ. עפּעס אַ קאַטאָוועס אַ קעכנע אין דעם גבירס געזינד, וואָס האָט אין יאַטקע די גרעסטע דעה, וואָס דער שמש פון דער שול ברענגט איר מיט זיין כבוד אַליין דעם אתרוג בענטשן, וואָס דער אונטער־חזן אין דעם קלייזל לייענט איר פורים די מגילה אין דער קיך און ריקלע די זאָגערין טרינקט ביי איר אַ גלעזל ציקאָריע ראָש־השנה נאָך אויסנעמעניש. פּאַרוואָס־זשע זאָל היינט דאָס אייניקל איר אויף דער עלטער דאָס פּנים פאַרשווארצן און צעשטערכן איר דעם גאַנצן יחוס? ניין, כאָטש האַקט אים און בראָסט אים. שריי חי וקים, עס העלפט נישט. ער וויל נישט דעם שידוך, וויל נישט די כלה. רופט מיך, זאָגט ער, קנאַק־ניסל און לאָדט מיך צום ונתנה־תוקף — מיר אַלע זענען געבליבן ווי אויף דער מילעכדיקער באַנק. עס טוט אָבער קיינעם נישט אַזוי באַנג דער חתן ווי די וועטשערע. וואָס טוט מען מיט דער וועטשערע, מיט אַזעלכע פיש און געבראָטנס? מיר מתעסקים האָבן אַ גאַנצן טאָג זיך אָנגעמאָרדעוועט, אַרומגעלאָפן, געטאָן, געאַרבעט. אונדז קומט נאָך אויך פונעם שדכנות. אַן עבירה, כ׳לעבן, אַזוי פיל מי־ אונדזער מי, אונדזער אַרבעט! מיר האָבן געטראַכט, געטראַכט, געקלערט, געקלערט און אונדז איז איינגעפאַלן פּישקע! לאָז ער, כ׳לעבן, אַרויספירן איטלעכן פון דער נויט. לאָז פּישקע, כ׳לעבן, זיין דער חתן, וואָס מאַכט עס אויס? וואָס קאָן עס אים אַרן? מיר זענען דאָס אַצינד געקומען נעמען אים באַלד טאַקע צו דער חופּה אָנשטאָט דעם טרעגער.

אין דעם ווי די ייִדן טענהן דאָ אַזוי, קומט אָן פּישקע. מיר האָבן אים געטאָן אַ נעם, געכאַפּט די כשרע מציאה, נישט צו מאַכן מיט אים קיין פיל הסברות, קיין לאַנגע שאלות: גיי, בחור, מיט די קראַנקע פיס, גענוג זיך געפּאַסעט, גיי, בחור, אונטער דער חופּה! — מען האָט אַלצדינג אָפּגעמאַכט גאַנץ געשווינד, נאָך איידער פּישקע האָט צייט געהאַט אַפילו זיך אַרומצוקוקן. חברה האָט געהאַט אַ גוטע וועטשערע. געגעסן, געטרונקען אויף וואָס די וועלט שטייט און צוגעווינטשעוועט דעם נייעם פּאָר־פאָלק.

פּישקע גייט עס היינט אין דער טשערקאַסנער קאַפּאָטע, וואָס אין איר האָט געזאָלט גיין דער טרעגער, און איז גאָר

דער וואוילער יונג. זיין ארבעט איז היינט ארויסצופירן אלע פרימאָרגן זיין ווייב, די בלינדע יתומה, אויף איר אָרט לעבן אלטן בית־עולם און תחילת הלילה אוועקצופירן זי פון דאָרט צוריק אהיים. מיט עסן און טרינקען האָט פישקע נישט וואָס צו זאָרגן. זיין ווייב איז אן אשת־חיל, האָט א שטענדיקע גוטע פרנסה אין די הענט. דאָס פאָרל האָט זיך ליב, איינער דעם אנדערן האָט נישט חלילה אויסצוזעצן קיין חסרונות.

אָט דאָס, ר' אלטער, האָט מיר דערציילט בערל דער שמייסער. זעט איר שוין, רוף איך מיך אָן, וואָס אויף דער וועלט קאָן זיך טרעפן. ווי אזוי מען פאָרט ביי אונדז יידעלעך הינקעדיקע מיט בלינדע, ווי אזוי מען שטעלט חופות, מאכט זיווגים, צוליב וואָס? די טוערס זאָלן זיך זאט אָנעסן, אָנטרינקען! אזוי איז ביים געמיינעם עולם, ביי די אָרעמע און אזוי אויך ביי די נגידים. דאָרט ווערן אויך זייער אָפט געשלאָסן אזעלכע מיני שידוכים, וואָס נישט געשטויגן. עס פארשטייט זיך, צוליב אַן אנדער מין וועטשערע, מיט אַן אנדער חן... נישט דאָס בין איך אויסן. זאָרגט, כ'לעבן נישט, ר' אלטער! אויב אייך איז נישט געראָטן פאָרן מיט א בחור א זכר, דערפאר וועט אייך געראָטן, אם־ירצה־השם, צונויפפירן עפעס אַן אנדער מין שידוך. פאלט נאָר ביי אייך נישט אראָפ. נישקשה, כ'לעבן! איך זע, איר טויגט, איר האָט געכאפט דעם סטרי באלד טאקע, גאָר לומדיש. פארקערט, אדרבה, אָנגעהויבן אייער ניי געשעפט האָט איר גאנץ גוט, ווי א לאנד־שדכן טאקע. איי וואָס, דער בחור... נו, בע, כ'לעבן! דערפאר אָבער, אז איר וועט ערגעץ שוין אָנשמעקן א מויד, וועט עס שוין גיין ווי א מזמור. א בלינדע, א שטומע, א קרומע. גיי טאָכטער, גיי מיט מזל אונטער דער חופה! דער דרוקער מאָנט געלט, די שקאפע באדארף עסן, די בתולה מיינע מוז חתונה האָבן, מיין ווייב איז געלעגן געוואָרן, למזל, מיט א ייִנגל, גיי־זשע, טאָכטער, גיי, רוק זיך אונטער דער חופה!...

— רוקט זיך נאָר, אין מחשבותן, ר' אלטער, ווייטער אַביסל. אָ, איר שוויצט, אָן עין־הרע, ווי א ביבער! שוויצט געזונטערהייט!

# ז

מילא בקיצור, ווי די מעשה איז, דערווייל איז שפּל! — מאכט אלטער, ווי צו זיך אליין, מיט א קרעכץ, באטריבט, פאראומערט און גרויסע טראָפן שווייס טרעטן אים ארויס אויפן פנים. ער הייבט אויף די אויגן, דערלאנגט אויף מיר א בליק,

עפּעס מיט אזא רירנדיק קנייטשעלע, מיט אזא רחמנות־פּנימל, ווי א זויגנדיק קינד קוקט אויף דער מאַמען, בשעת עס לעבצט נאָך דער ברוסט. אַלטער נעבעך האָט געמיינט פּרנסה, עס האָט אים געצויגן צו מאַכן מיט מיר עפּעס א געשעפטל, וואָרום ווי ליגן עס צוויי יידן מיט בערד, אין מיטן העלן טאָג, גלאַט אזוי אָן עסק ? ! ווען צוויי יידן זאָלן, אשטייגער, פאַרוואָרפן ווערן ערגעץ אין א העק אויף א וויספּע, וואו חוץ זיי איז נישטאָ קיין לעבעדיק באַשעפעניש, איז גאַנץ זיכער, אַז איינער וועט מיט דער צייט מאַכן עפּעס א קלייטל, דער אנדערער — אויך עפּעס א שטיקל געשעפט. ביידע צווישן זיך וועלן האַנדלען, איינער דעם אנדערן באָרגן, געבן אין קאָמיסיע און איינער פון נעם אנדערן ציען דאָס שטיקל פּרנסה. אַלטער האָט באַלד טאַקע א פרעג געטאָן : „וואָס געפינט זיך ביי מעלתו היינט עפּעס איןביידל ?" ער האָט אזויפיל געהייסן ווי : מאַמע, טאַטע !... צעפּאַקט אייך, ר׳ מענדל, און ארויס מיט דער סחורה !

אין ברירה ! מען טאָר זיך נישט פוילן. איך נעם אַפיר מיין פּעקל סחורה, אַלטער — זיין פּעקל און געמען זיך קנעלן. געשמאַק צום עסק. מיר סטעכעווען, בייטן, איך גיב אַלטערן אין הילוף אריין בריהשע ביכלעך מיט קורצע שורהלעך און הא, א, וויי־געשריגן ! — וואָס איך וויל פון זיי פּטור ווערן, ער איז אָבער אויך קיין נאר נישט און וויל זיי אַפילו אין די הענט אריין נישט נעמען.

— פוילע סחורה ! — זאָגט אַלטער, פאַרקרימענדיק זיך. — שמאָכטעס פון עפּעס פאַרשימלטע באַנק־קוועטשערס, אָרעמע בעלי־עבירות ! ווייס איך וואָס זיי האָבן דאָרט עפּעס אָנגע־מאַכט ! פאַר וועמען ? קיינער פונעם עולם פאַרשטייט דאָרט נישט אַפילו קיין וואָרט. עפּעס טערקיש, משטיינס געזאָגט, לשון !... איינמאָל שוין געטאָן א נארישקייט פירן מיט זיך אזא לעגער־סחורה. פע, כ׳לעבן ! גיט אהער, ר׳ מענדעלע, עפּעס רעכטס !

איך לייג ארויף רומי״ל, איין מין נאָך דעם אנדערן, מיין אַלטער קווענקלט זיך אַלץ, זעצט־אויס חסרונות. צו איין מין אָבער באַקומט ער שטאַרק חשק און איז צו אים ווי צוגעזאָטן געוואָרן. ס׳איז באמת געווען נאָר אַן אַנטיק. די בלעטלעך פון כל־א־מיני קאָלירן, און נישט פון איין גרוים, די אותיות אַ־ביסל מטושטש פון אלערליי שריפט : רש״י, דימענט, פּערל, פּרקים, גרוים און קליין וועליש. דאָס אויסשטעלעכטס גאָר א וואונדער, שמאָלע פּאַסיקלעך אָנגעדרוקט מיט קליינע אותיותלעך ביי די זייטן, א ברייטער פּאַס מיט גרעסערע שריפט אינעווייניק אין דער מיט, אונטן א בויך מיט פּיצעלעך אותיות, אָנ־געזעצט ווי מאָן, און צווישן די אַלע שטיקלעך ציען זיך אין

דער לענג, אין דער ברייט סטעזשקעלעך, ווי ווייסע שמאָלע בענדלעך, די אַלע גוטע מעלות, וואָס יידן אין אונדזער ווינקל האָבן ליב. פאַרוועגדטע בלעטלעך איז אין פיל שטעלן אויך געווען. דאָס איז דאָך ערשט די גאַנצע חריפות: אדרבה, לאָז א ייד ברעכן דעם קאָפּ, פאַלן אויף דעם שכל און געפינען. גלאַט אזוי, פּראָסט, ווי עס געהער צו זיין, קאָן דאָך אפילו א גראָבער יונג אויך אָנטאַפּן... פון גרייזן רעדט מען שוין נישט, דאָס מוזן שוין דאָך זיין. און וועמען גייען זיי אָן? א ייד האָט א קעפּל און איז נישקשה נישט קראַנק זיך אָנצושטויסן, וואָס מען מיינט. נאָר א לשון, א לשון איז עס דאָרט געווען קונציק וואויל, גאָר נישט צום פאַרשטיין! אקוראַט אין דעם יידישן גוסט. „אָץ־קוצץ" איז דאָך עפּעס אויך געוווג גוט, הארבלעך מחיה, נאָר אָץ־קוצץ־לשון שרייבן ביי אונדז היינט געוויינטלעך אויך פיל אנדערע, מען קאָן פאָרט ווי־עס־איז איינבייסן, טרעפן וואָס זיי מיינען. מילא, וואָס־זשע איז דאָס אזא חשיבות? וואָס־זשע לאָזן זיי מיך דאָ הערן? גוט, אמת גוט איז ביי יידן נאָר אזוינס, וואָס ברעכט דעם מוח און איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין. אז מען פאַרשטייט עס נישט, מסתמא מוז דאָך דרינען עפּעס שטעקן... נישט דאָס בין איך אויסן.

מיין אלטער כאַפּט דעם דאָזיקן מין סחורה מיט ביידע הענט און מען זעט, ווי עס קומט אים צו א שטיק געזונט. דערנאָך בייטן מיר תחינות אויף בבא־מעשיות, מענה־לשונס אויף טויזנט־און־איין־נאכט, שיר־המעלותן אויף קמיעלעך; סטעכעווען א מאה זשיטאָמירער סליחות אויף בערשערטער טליתקטנס, ווילנער קינות אויף שופרות, חנוכה־לעמפּלעך אויף וואָלפּציינדלעך, שבתדיקע מעשענע לייכטער אויף הבדלות און קינדערשע וואָליטשקענע יאַרמעלקעלעך. ביידע צדדים האָבן דערוויילן פּונעם גאַנצן משא־ומתן קיין גראָשן אין די אויגן נישט געזען און געבליבן שטאַרק צופרידן, גלאַט פונעם האנדל אליין. מען האָט דאָך געמאָן, געהאַנדלט, געמאַכט געשעפטן, נישט געזעסן ליידיק. אַלטערס מרה־שחורה איז ווי א רויך פאַרשוואונדן געוואָרן, ס'איז אים געווען צו דערקענען אין דעם פּנים, אז יאַרמעלינעצער יאַריד מיט זיין פינצטער מזל איז אים פונעם זינען ארויסגעגאַנגען. ער רעכנט עפּעס שטיל־ערהייט פאַר זיך אויף די פינגער, האַלטנדיק דאָס לינקע אויער אָנגעבויגן, גלייך ווי אין קאָפּ ביי אים חשבונט א בוכהאַלטער, צו וועלכן ער האָרכט זיך גוט צו, און, אפּנים, דער חשבון ווייזט אויף א פאַרדינסטל, אם־ירצה־השם, ווייל דאָס מויל שפּאַלט זיך אים אין דער גאַנצער ברייט און פון צווישן זיינע געדיכטע וואָנצעס בליצט ארויס א זים שמייכעלע.

דערווייל איז געוואָרן מנחה־צייט. א געשמאק ווינטעלע הייבט־אָן צו בלאָזן און אויפֿן הימל ווייזן זיך שטיקלעך וואָלקנס, אויף וועלכע מען האָט, ווי אויף טייערע געסט, שוין א לאנגע צייט ארויסגעקוקט. די ביימער הייבן פּאמעלעך אָן זיך צו שאָקלען, איינער צום אנדערן איינבויגן דעם קאָפּ, און פירן צווישן זיך א שמועס אויף זייער לשון, נאָכדעם אז זיי האָבן אזוי לאנג געשוויגן שטיל. דאָס ווינטעלע האָט אויפגעוועקט די שלאָפנדיקע תבואה, אלע זאנגען כאפּן זיך אויף ווי יונגע קינדער מיט א קול און צעקושן זיך גאָר פריינטלעך. גאָטס באַשעפעניש רירט זיך אומעטום: אויפן פעלד, אין וואלד און אין דער לופט. איינס נאָך דאָס אנדערע טרעטן שפּילפייגלעך ארויס, אויף צווייגלעך, ביימלעך, נידעריק און גאנץ הויך, פּוצן זיך די פּעדערלעך, א וויש מיט דעם שנעבעלע, א טרעסע, א שאָקל און הייבן אָן די זיסע זמירות צו זינגען, צו שווישטשען. באבעטשקעס, רייך געקליידט אין אטלעס, סאמעט, מאָדע־אנטיק מיט טייערע צירונג כאפּן א טענצל, שוועבנדיק אין דער לופט, הייבן זיך, דרייען זיך און מאכן חן. צוויי בושלעס, גוואלדדייצעס, מיט לאנגע, רויטע פיס שטייען אויפן גראָז, פאררייסנדיק די קעפּ אין דער הייך און קוקן מיט גדלות. עפּעס א קונדס, א פויגל, שטיפּט, פליט פון איין בוים צום אנדערן, מאכט „קוקו, קוקו!" ווי ער שפּילט זיך אין באהעלטעניש. אים ענטפערט אָפּ פון צווישן ווייץ און קאָרן אן אנדער מין פויגל עפּעס. פּיק־בערוויק, פּיק־בער־וויק!" ווי גערעדט: אייביק וועסט־דו מיך דאָ נישט כאפּן, כאָטש שיט מיר אָן זאלץ אויפן עק. פּאקט זיך, ר' קרוב, ווייטער און אוועק, אוועק!... נישט ווייט אין א וועלדעלע קנאקט דער סאָלאָוויי, צעלאָזט זיך אויף זיין העלדזעלע, מאכט זיסע שטייגער און שפּילט גאָר מחיה. איטלעכער, וואָס קאָן עפּענען א מויל, האלט דעם וועלטבארימטן חזן אונטער. זשאבעס אפילו פון די טייכלעך ערגעץ טערלייקען, אפילו פליגן, בינען האָבן נישט געשוויגן און דער זשוק, דער שייגעץ, דער אָנכאפּער, האָט פליענדיק אויך נעזזוזשעט. דאָס איז געוועזן אזא קאָנצערט, וועלכן מען האָט געמעגט אויף בילעטן גיין הערן... די גאנצע וועלט איז עפּעס ווי לעבעדיק געוואָרן און האָט באקומען א פריילעך פּנים. א פרייד, א פארגעניגן צו הערן, צו זען, צו שמעקן די זיסע ריחות פון אלע זייטן.

— ר' אלטער, ס'איז גוט! ר' אלטער, ס'איז שיין! עס ציט עפּעס ביי דער נשמה, עס רעדט עפּעס צום הארצן! גאָטס וועלטל איז שיין, גאָטס וועלטל לעבט! עס ציט און גלוסט זיך ארייַנוואַרפן זיך עפּעס אהין, מיט הענט און מיט פיס...

— ר' מענדעלע, בע... ר' מענדעלע, עט... פע! — טוט

אלטער אויף מיר זיך א קרים. — שוין צייט בעסער מנחה דאוונען. פארגעסט בעסער נישט פון אייערע אלע זאכן, צו זאָגן „עננו"...

איך פארבינד די זאָקן, גארטל־ארום מיט א פּאסיק די קאַפּאָטע און הייב־אָן זאָגן „קטורת" אויף א בייז־קול, גאנץ לוסטיק. מיין אלטער, זאָל לעבן, צעלאָזט זיך באלד טאקע נאָך מיר אויף דער גראָבער סטרונע, אויף דער געמבע, און מירביידע גיבן־אָפּ א שבח זיין ליבן נאָמען, בשעת אלע קרייטעכצער און בלעטלעך אויף די פעלדער, אלע חיות און עופות אין די וועלדער לויבן גאָט. זאָגן שירה. —

נאָך ביים אָנהייב „פּיטום הקטורת", אז אלטער איז ארום מיט דעם גאנצן אָפּטייל קרייטעכצער און געווירצן: החלבנה — טייבליש־קויט, והלבונה ווייערעך, הצפּרון — א וואָרצל גלאט ווי א נאָגל, אינגבער און שטענגלעך זאפרען, האָט ער ארויסדערטאפּט פון אונטער דער קעלניע דאָס באלעגאָלישע טריף־געווירץ, א קליין פּעסעלע „מאָזניצע" מיט סמאָלע, מיט דעם דאווענען איז ער פּארטיק געוואָרן גיך, און בשעת איך האָב נאָך געהאלטן אין דער מיט, האָט ער שוין געשמירט די רעדער.
— האיעט נישט, ר' מענדעלע, מאכט עס בקיצור. — טרייבט מיך אלטער אונטער, — נעמט זיך איר דאָ צו אייער וואָגן און איך וועל דערווייל א גיי טאָן נאָך די פערדלעך, צייט צו פאָרן. ביז נאכט קאָנען מיר גאנץ ווייטלעך איינפאָרן.

אלטער גייט באלד טאקע אוועק און איך נעם מיך צו דעם וואָגן, טאָן אים זיין רעכט. איך אייל מיך נישט, שמיר די רעדער באלעבאטיש, איך קארג נישט קיין טריף־געווירץ, באטראכט מיר די אָקסן, איטלעכס פּיצעלע באזונדער. דאָס האָט געדויערט א היפּשע צייט — און מיין אלטער קומט נישט. די פערדלעך האָבן געמוזט פארגיין ווייטלעך אביסל אין וואלד און זיך גוט אונטערגעפּאשעט, אזוי דענק איך מיר און טו א קוק אויף דער זון, וואָס האקט נאָענט ביים אונטערגיין. איך שטיי מיר אזוי אוועק ווייטער א היפּשע צייט, די זון האָט זיך שוין געזעצט. אירע לעצטע שטראלן קריכן ביסלווייז אראָפּ פון די ביימער, אויף וועלכע זיי האָבן ערשט אזוי פריילעך־לויכטנדיק זיך געשפּילט, זאָגן דעם וואלד: א גוטע נאכט!...

עס באפאלט מיך עפּעס א מורא. אפשר איז אלטערן ניט גוט געוואָרן? א קאטאָוועס נאָך אזויפיל שוויס, נאָך אזא לאנגן טאָג פאסטן! אפשר איז ער דאָרט ערגעץ חלשות געבליבן, אָדער אפשר איז אים דאָרט עמעצער באפאלן? ס'איז דאָך א וואלד, א פארלעגן אָרט, אין דער זייט וועג! מען טאָר אזוי די זאך נישט לאָזן, מען מוז גיין זען.

איך מאך מיר הארץ און גיי און וואלד אריין. איך גיי און זוך, אן עבירה אָבער די מי. אלטער און די פערד זענען ווי אין וואסער אריינגעפאלן, איך בין שוין פארגאנגען טיפלעך און קום לסוף צו עפּעס א לאנגן, שמאָלן טאָל, וואָס האקט פאר מיר איבער דעם וואלד אין צוויי טייל. דער טאָל איז באוואקסן מיט טשערעט און מיני ביימלעך שטעכעדיקע ווי דערנער, און ציט זיך מיט איין זייט צום שליאך, מיט דער אנדערער ערגעץ אנדערש, העט־ווייט צו אַלדי שווארצע יאָר. דער וואלד שטייט און שלאָפט, איבערגעדעקט פון אויבן עפּעס מיט א טונקלען פאָרהאנג. ארום און ארום איז שטיל. נאָר צייטווייז הערט מען, ווי צוויי הויכגעוויקסיקע ביימלעך, נאָענטע שכנים, שושקען זיך מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ צווישן זיך, איינער דעם אנדערן א קיצל געבנדיק הינטערוויילעכס מיט די צווייגן; אָדער ווי א פּאָר בלעטעלעך ערגעץ פלאטערן, בארירן זיך, גלייך ווי עס גרימט זיי עפּעס און לאָזט זיי נישט רוען. דאָס רעדט דער וואלד פון שלאָף. דאָס חלומט זיך אים נעכטיקער טאָג מיט אלע לייד און פרייד אין אים. דער שאָרך פון די דארע ריט־לעך דאָרט — דאָס קומען אים צו חלום ביימער נעבעך, וועלכע מען האָט פאר דער צייט אויסגעהאקט. דער קלאפּ ביים אראָפּ־פאלן עפּעס פון דער הייך — דאָס באטייט א נעסט מיט יונגע אומשולדיקע פייגעלעך, וואָס דער שפּארבער, דער זשוליק, האָט פלוצים צעשטערט, און דאָס טאקע פלאטערן די בלעטלעך דאָרט אויף דער טויטער מוטער מיט אירע דערהרגטע קינדער, וואָס קומען אצינד אים צו חלום... עפּעס א גאנצער וואָלקן מרה־שחורה רוקט זיך אָן אויף דעם וואלד און אויך אויף דער נשמה מיינער. דער כוח־המדמה, דער פּאָקוסניק, דער וועלט־בארימטער ליגנער, מעקלערט אוים מיט שווינדל עפּעס א מין שותפות־געשעפטל, א קאָמיסיע צווישן מיר און דעם טאָל, וועלכן איך שטיי און קוק אָן. איך באקום פון אים א טראנס־פּאָרט משונה שרעקלעכע בילדער, און פון מיין קאָפּ־פאבריק גייען די אייגענע סחורה, איבערגעמאכט אויף אן אנדער שטיי־גער. מיט נאָך פיל ווילדע זאכן, אהין צוריק. אין איין טראנס־פּאָרט קומט מיר פון דאָרטן אָן א מת, א דערהרגטער אלטער יקנה"ז, און ביינער פון אונדזערע פערד, צוויי פּגירות. ביי מיר אין קאָפּ ווערט עס קונציק אויסגעארבעט מיט טויזנטער פאר־פּוצונגען, און באלד טאקע, גיך, פלינק טראנספּאָרטירט צוריק מיט א גזלן א רויטן, א געזונטן און א וואָלף מיט א קארק און שרעקלעכע ציין א צוגאָב דערצו. —

און ווי איך האקט שוין אויף אראָפּצוגיין אין דעם טאָל, שטעלט מיך פלוצים אָפּ א געדאנק אזוי: די ביידלעך שטייען דאָרט אויפן פעלד הפקר, פונעם גאנצן ביסל פארמעגן אונד־

זערם קאָן חלילה נישט בלייבן קיין זכר. עס וואָלט נישט גע־שאַדט פריער א קוק צו טאָן. גאָר זייער מעגלעך אפשר, אז אלטער האָט שוין לאַנג צוריקגעקערט מיט די פערד און באַ־אומרואיקט זיך אצינד וועגן מיר. דער דאָזיקער געדאנק לייגט זיך מיר אויפן מוח און ווערט ביי מיר עפּעס שטאַרקער. די האָפענונג ווערט אלץ גרעסער, גרעסער אזוי, ביז זי צערייסט די געדיכטע וואָלקנס מרה־שחורה און עס לייטערט מיר זיך אביסל אוים אויפן הארצן.

איך לאָז מיך גיין געשווינד צוריק.

# ח

גאָט האָט געהאָלפן, איך בין געקומען בשלום און נישט אויסגעבראָכן קיין פוס ביי איטלעכס מאָל פאלן אויפן וועג, אין אייזלעניש אָנשלאָגנדיק זיך אין א בוים. דאָס אויפשטיין א געפאלענעם אין וואלד איז חלילה נישט מיאוס אזוי ווי אין שטאָט, וואו מענטשן שטייען און לאכן. דעריבער פלעג איך איטלעכס מאָל מיך גאנץ פיין אויפהייבן פון דער ערד מיט גרוים הנאה, און געלויבט גאָט, וואָס כאָטש מיט חסד. און אז דער חסד פון גאָט איז יאָ אזוי גרוים מיט מיר, האָב איך שוין געהאט דאָס רעכט צו טראכטן, מסתמא וועל איך קומענ־דיק אויך זוכה זיין צו טרעפן מיין אלטערן מיט די פערד. נאָר אזויפיל גנאָד פון זיין ליבן נאָמען האָב איך נישט פארדינט.

אלטער איז נישטאָ!

איך בלייב שטיין ווי אָפּגעבריט. זייער נישט גוט אויפן הארצן! גאָט ווייסט, וואָס מיט אלטערן איז געשען, וואו זיין געביין איז אהינגעקומען. דאָ האָט דאָס פינצטערע מזל זיינס זיך טאקע געמיט. אזוי גלאט איז די זאך זיכער נישט. היינט איז אויך די שאלה מיט מיר, וואָס טוט מען? וואָס קען פון מיר ווערן? דער חשבון מיינער איז געוועזן: אָפּזעצן אין גלופּסק מיינע זאכענישן, אָננעמען דאָרט ווי מעגלעך מער קינות אויף צו באטיילן די אלע שטעטלעך ארום און ארום, ווי דער שטייגער מיינער איז תמיד. ס׳איז שוין די „דריי וואָכן". די צייט איז קורץ, א שעה טאָר מען נישט פארלירן. באם חלילה איך פארהאיע מיך דאָ אין וועג בלייבן יידן אין די שטעטלעך אָן קינות!... איך קען מיר אן קינות. א קאטאָוועס עפּעס, יידן אָן קינות!... איך קען מיר פאָרשטעלן דעם גוטן תשעה־באב: יידן האָבן זיך שוין אָפּגע־פּארטיקט מיט די מילכיקע לאָקשן, אריינגעלייגט אין בויך דאָס הארטע איי איינגעטונקט אין אש, זיצן שוין ברוגז, אָנגעלאָדן אויף דער ערד נאָר אין זאָקן מיט אויסגעטרעטענע פיאטעס.

פליי בייסן, קונדייסים האלטן די בערעלעך גרייט צום ווארפן, מען ווארט נאָר הערן אן אָנהויב, עפּעס א גוט וואָרט, און פלוצים — נישטאָ קיין קינות. מענדעלע איז צו אלדי שווארצע יאָר פארפאלן געוואָרן, נישט געבראכט קיין קינות... צען יידן אויף איין קינה. ס'איז א שטופעניש, א קוועטשעניש, א פאר־מישעניש מיט די פליי, א פארפּלאָנטעניש מיט די האָר: בערד, פאות פול אָנגעזועצט מיט בערלעך. עס גיט־זיך־נאָך אייער, לאָקשן, וואָס קריכן פונעם האלדז, איינעם דעם אנדערן אונ־טער דער נאָז... פון די ווייבער איז די יסורים נאָך נישט אזוי גרויס, זיי נעמען וואָס ס'איז, אבי געדרוקטס, א תחינה, א בענטשערל, די דינים פונעם טרייבערן, א הגדה — אלץ איינס!

— וואָס מאכט עס אויס ? — וויינען, יאָמערן איבער דעם הויך אויף א קול. און וואָס באדארף מען דען מער ווי פאר־גיסן טרערן ?

אוי, א מיאוסע לאגע. נישט פריילעך ארום און ארום, ביטער אויפן הארצן... נישט דאָס בין איך אויסן.

אָפּהענטיק פונדעסטוועגן טאָר מען נישט זיין. מען מוז עפּעס טאָן, נישט זיצן מיט פארלייגטע הענט. מען מוז ווייטער טאקע גיין זוכן. איך טו א קוק אויף די שטערן און דערמאָן מיך, שוין צייט אָנצובייסן. איך נעם מיך צום רענצעלע. שמועס איבער, פאר צרות, מיט דעם פּלעשל בראָנפן. בול־בול־בול גלייך אין מויל אריין, כאפּ אין איילעניש עטוואָס פארבייסן, טאקע נאָר פון יוצא ווענן. געזעגן מיך מיט דעם פלעשל. נאָך א מאָל בול־בול־בול און לאָז מיך גיין אלץ טאקע געשווינד.

איך בין ווידער אין וואלד. ווידער לעבן טאָל. נאָר לאָמיך נישט זאָגן קיין ליגן, איך בין דאָרט נישט אליין, אויפן הארצן איז מיר אויך נישט אזוי שלעכט ווי פריער. איך גיי אין־צווייען, שמועס מיר מכוח מיין איצטיקן עסק און גאנץ נישקשהדיק גאָר נישט אומעטיק ! — אפּנים. בשעת נעמענדיק זיך אין איילעניש צום פלעשל, נאָך אזוי פיל פיין און יסורים, האָב איך איבערגעכאפּט די מאָס, און איבעריקן זופּ געטאָן אויפן ניכטערן מאָגן און געגעסן האָב איך כמעט גאָרנישט, ס'איז מיר אין האלדז גישט געקראָכן, מיך געוואָרגן מיט דעם ביסן. דער דאָזיקער איבעריקער זופּ איז מיר בייגעשטאנען אין די נויטן ווי א טאטע, ער האָט מיר אונטערגעגעבן מוט און מיך שטארק בארעדעוודיק געמאכט אויף מיין שפּאציר, נישט הײנט געדאכט. אזוי איז שוין דער שטייגער מיינער תמיד. פון אן איבעריקן לעק משקה פּורים אָדער שמחת-תורה אמאָל שיט זיך פון מיר רייד ווי פון א לעכערדיקן זאק. איך רעד צו דער וואנט און שמייכל מיר דערביי זייער זיס. בין גוט און ווייך, כאָטש צוצולייגן מיר צו א געשוויר. דענסטמאָל צעציט זיך מיין גוף

ווייטלעך, עפּעס איז ער גרינג, שיטער ווי לעמעשקע, עס באַמ־
בלען זיך ארום אים פון אלע זייטן עפּעס חלקימלעך מענדעלע,
נישט רעכט צו פילן וואו איז דאָס וויכטיקסטע, מיטלסטע פּינ־
טעלע, ביי וואָס אָנצונעמען, עס ווערט דענסמאָל פון מיר, דאכט
זיך. גאָר צוויי מענדעלעך. איינער קריכט קיין יעהופּעץ, דער
אנדערער קיין בויבעריק, די בשותּפותע פּיס ווערן משוגע, נישט
צו וויסן וועמען צו פאָלגן. איינער פרעגט, דער אנדערער ענט־
פערט. די רייד מיינע קומען מיר, ווי פון דער זייט א ווידער־
קול, צוריק טאַקע אין מיינע אויערן אריין, עפּעס גאָר ניט מיין
שטימע. א קול ווי פון א פּוסטער פאַס. דער קאָפּ אינגאנצן
פונדעסטוועגן פארליר איך נישט, עפּעס בלייבט מיר נאָך איבער
א שטיקל זכר ווי אין חלום.

— גוטן אָוונט! — וויטע איך מיך מיט א פארבייג. —
וואוהין גייט עס מען ביינאכט דאָ? — עט... טיפּשים, פערדישע
קעפּ! — ענטפערט צוריק א מענדעלע מיט א גוט, זיס, שמיי־
כעלע. — זיי צו ווערן פארפאלן זיך פארגלוסט זיי. א געלעכטער,
כ'לעבן! — א גרוב, ר' מענדעלע, היט אייך די ביינער, —
יאָ, ווי איך בין א ייד, א גרוב! איך געפאלן בין שוין אפילו,
דאָס צוואנציקסטע, דאכט זיך מאָל. — שטייט־זשע, זייט מוחל,
אויף! נישט קיין דרך־ארץ עפּעס זיך צעלייגן אזוי. — א שיינעם
דאנק, ר' קרוב. איך מיט דער בייטש טאָפּ ווייטער שוין... א
געלעכטער, כ'לעבן, ביימלעך גייען! געזונטערהייט!.., קומט
בקאָמפּאניע, פּע. דראפּעט נישט!... איי. ווייטער א דראָפּ! פּע,
פּע, אויגן ארויסגענומען שיר מיר, טפו! — שפּייט, ר' מענדעלע,
אויף זיי! זיי באלד פּטור ווערט מען זיי. אויף א סטעזשקעלע
ארויף דאָ גייט, זייט מוחל, אויפן פרייען פעלד. — גוט. בין
שוין דאָ! איי, א לבנה, א באקדייזשע, א שיינע אָדעסער לבנה!
א נאָן מיט אויגן!... שא, מקדש זיין די לבנה! שלום עליכם?
— עליכם שלום! — שלום עליכם? — עליכם שלום! אזוי
ווי איך אקעגן דיר שפּרינג און אָנרירן דיך נישט קען איך...
שפּרינגט־זשע, פּעטער! — האָץ, האָץ, האָץ! אזוי מיך זאָלן
מיינע שונאים נישט... וואָס זיי צו אונדז האָבן וואָס? —
צעבליפּע איך מיך פלוצים. — וואָס איך שולדיק, אז איך
לעב און וויל עסן איך? נא, א לייב, משטיינס־געזאָגט, א שפּענדל!
שטענדיק קרענק! ווייטיקן... אויך געהאט א מאמע, מיך גע־
גלעט, געקושט האָט זי... וויי מיר, איך בין א יתום, א יתום!
— צעוויין איך מיך נאָך שטארקער. — שא! שא! — ענטפערט
זיך צוריק מיט א טרייסט. — וואָס קאָן מען טאָן? ווי שעמט
זיך עס נישט אן אלטער ייד מיט א באָרד, א באווייבטער, א
מטופּל מיט קינדער צו וויינען אינדרויסן פאר דער לבנה! שא
דער רוח וועט אייך נישט נעמען, נישקשה, היט זיך בעסער־

אָט איז א פּלויט. — יאָ, ווי איך בין א ייד, טאקע א פּלויט. שוין א גוטן זעץ געטאָן אפילו. וואָס טוט מען? — מען נעמט און קריכט אריבער. אָט אזוי, אזוי. — א שיינעם דאנק: איך שטיי שוין מיט ביידע פיס אין גאָרטן. — ברוך הבא, מחותן! זייט זיך מטריח ווייטער. — האָט קיין צרות נישט, איך גיי. וואָס פאר א גערעטעניש! באָב, ארבעס, אָנגעזעצט, אוגערקעס גאָר אָן א צאָל! — מאכט ברכה, פעטער, לאָזט זיך נישט בעטן. — יישר כוח! אוגערקעס גאָר א דערקוויקעניש! געשמאק, מחיה!... הא, א קלאפּ! וואָס באטייט דער קלאפּ? פון וואנען דער קלאפּ?

דער קלאפּ איז געווען פון א געזונטן ערל, וואָס האָט הינטן ארום מיך געטאָן א כאפּ אין מיר גוט געגעבן אָנצוהערעניש, אז אין א פרעמדן גאָרטן איז נישט שיין צו קריכן. דער קלאפּ האָט באטייט, אז פרעמדע אוגערקעס נעמען ביינאכט טאָר מען נישט. פון די קלעפּ. און מעגלעך אפשר אויך טאקע פון די פרישע אוגערקעס, האָב איך כמעט אינגאנצן מיך אויסגעניכ־טערט. איך בין געשטאנען א ווײַלע פארדולט, ווי אויפכאפּנדיק פון שלאָף. דאָס ערשטע וואָרט מײַנס, עס פארשטייט זיך, איז געווען: גוואלד!... באלד דערויף בין איך מיך מישב, לאָמיך קלאָמפּערשט מאכן זיך נישט ווויסנדיק און גיב א פרעג דעם ערל מיט גוטן, אויף זייער גראָב לשון: צי ני באטשילי, טשויעש, טוטעטשקי זשידקא אים קינאמי? קאזשי־נאָ טשילאָוויטשע!"— דער ערל אָבער טוט זײַן זאך, ווײַל נישט הערן, שלעפּט מיך ביים אַרבל, דערלאנגט מיר אמאָל אויך א שטופּ פון הינטן אין איין קול: קום. קום! עס העלפט נישט, איך גיי, מען קאָן קיין חזיר נישט זײַן. און מיר קומען אזוי צו ביידע עפּעס לעבן א שטוב, ביי וועלכער עס שטייט א געשפּאנט בריטשקעלע מיט פיר גוטע פערד, און עס לייכט פון די פענצטער...

ביים ארײַנקומען אין שטוב טוט דער ערל מיך א שטופּ פאָראויס און אליין שטעלט ער זיך נעבן דער טיר אָן א היטל. אין ברירה, איך נעם אויך אראָפּ דאָס היטל, קראַץ מיר אין קאָפּ און קוק ווי א נעכטיקער.

ביי א טיש זיצט א שרייבערל און שרייבט, סקריפּענדיק מיט דער פען, וואָס בעט זיך איטלעכע רגע אין טינטערל ארײַן, אָפּצונעצן אביסל דאָס מיילבען אירס, נאָכדעם ווי זי ברעכט מיאוס אָן אויפן פּאפּיר. דאָס שרייבערל האָט מיט איר דאָס לויפעניש, קרימט זיך און זידלט זי ביי איטלעכן טונק, מען זעט, ביידע פײַניקן זיך נעבעך. ביידע זענען נישט צופרידן: זי מיט זײַן שווערע האנט, מיט זײַנע מיאוסע גרייזן, און ער — מיט אירע חלושתדיקע קלעקן. ער — איר א קוועטש, און זי — אים א קלעק... אין מיטן שטוב שטייט א רויטער קאָלנער

מיט מעשענע קנעפּ, עפּעס א מין מענטש מיט א בויך און אַן אָנגעבלאָזן פּנים. גלאַנצט מיט די קליינע אויגן און בשעת עס פאַרוואַרפט זיך אים דאָס שוואַרצאַפּעלע, קוקט אַרויס דאָס ווייסלעכן פון אויג פאַרלאָפן מיט בלוט. ער דרייט די לאַנגע וואָנצעס און רעדט אויפן גוידער. בייזערנדיק זיך צו צוויי פאַרשווינען מיט אָנגעבויגענע קעפּ אין דער זייט פון דער טיר, איינער א הויכער מיט א געזונטן קאַרק, אונטערגעגאָלט דער האַלדז, און א זילבערן רייפעלע אין לעפּל פונעם לינקן אויער, דער אַנדערער א דאַרער מיט א שפּיציק בערדל, אויפן האַרצן א בלעך, האַלט א לאַנגן שטעקן מיט ביידע הענט, בלינצלט מיט די אייגעלעך און בוקט זיך איטלעכע רגע. דער רויטער קאָלנער בייזערט זיך אויפן ערשטן פון די צוויי פאַרשווינען, שרייט: אין קייטן! קיין סיביר אַזאַ סטאַראָסטע!... און אויפן צווייטן: פּאַסן וועל איך פון דיר שינדן, דו, סאָטסקע, אַזוינער און אַזוינער, אין דיין מאַמען! —

איך בין טויט מיט אַלע מיינע אברים. עס וואַרפט מיט מיר ווי אין א קדחת. עס רוישט מיר אין קאָפּ, קלינגט אין די אויערן. איך הער נישט און זע נישט, וואָס אַרום מיר טוט זיך. איך האָב נישט רעכט געהערט אפילו די טענות פון מיין ערל, בשעת קלאָגנדיק זיך אויף מיר. נאָר אַז דער רויטער קאָלנער האָט א היק געטאָן אויף מיר מיט דעם האַרבן וואָרט אויף יונית, האָב איך מיך באַלד אויפגעכאַפּט און שוין גוט געהערט. פאַר די אויגן מיינע שוועבט א קולאַק און עס הערן זיך שרעק־לעכע ווערטער: גנב, קאָנטראַבאַנדטשיק. טרפה־סחורה, בייטל־שניידער, קייטן טורמע, קנוטעס, סיביר!... ער זוכט זיך פּלוצים צו מיינע פּאות און נאָכקרימענדיק מיך שטאַרק אין כעס, כאַפּט ער אין אימפּעט פונעם טיש א שער און שערט מיר אָפּ איינ־גאַנצן איין פּאה! — איך באַוואַש מיך מיט טרערן, זעענדיק אויף דער ערד מיין פּאה, מיין גרוי־אַלטע פּאה, וואָס איז גע־וואַקסן מיט מיר פון קינדוויז־אויף ביז אין מיינע אַלטע יאָרן; וואָס האָט איבערגעהאַט מיט מיר פרייד און לייד גענוג אין מיין לעבן. די מאַמע האָט זי אין דער יוגנט געגלעט, געצוואָגן, נאָר נישט געקענט זאַט אָנקוקן זיך אויף די שוואַרצע, שיינע גרייזעלעך אירע. זי איז געווען א צירונג מיין פּנים אין מיינע גוטע טעג, ווען איך בין געווען פריש און שטאַרק. זי איז פּרי־פאַר דער צייט גרוי געוואָרן פאַר צרות נעבעך, און איר גרוי־קייט האָט מיר חלילה נישט געמאַכט קיין בושה. ביידע האָבן זיך פּרי געעלטערט פאַר פּורעניות, נויט. עלנט, גריזאָטע, אומ־זיסטע פּיינטשאַפט און רדיפות אין דער וועלט. ווען, חלילה, האָט זי געשאַדט? ווען, חלילה, האָבן מיינע גרויע האָר עפּעס שלעכטס געטאָן? — עס וויינט אין מיר דאָס האַרץ, שרייט

געוואלד שטיל, נישט ארויסצוברענגען אויף די ליפּן קיין וואָרט. איך קוק שוויינגנדיק ווי א שעפּעלע ביים באשוירן עס, און פון די אויגן קאַפּ, קאַפּ, טרערן ווי א באָב... מיין הויל געבליבענע באק האָט מיר שטארק געפלאַמט, דאָס פּנים האָט געמוזט מיר זיך פארענדערן א שרעק. עס האָט געמוזט זיין א רחמנות מיך אָנצוקוקן דענסטמאָל, ווייל באלד דערויף האָט דעם רויטן קאָל־נער עפּעס ווי אָפּגענומען דאָס לשון, שוין גערעדט מיט גוטן, ארויפלייגנדיק ביידע הענט מיר אויף די אקסלען. אָונטער דעם מעשענעם קנעפּן, אפּנים, האָט זיך גערירט א מענטשלעך הארץ. מיינע גרוי האָר און מיין גאנץ אויסזען האָבן אים באוויזן מיין אָרנטלעכקייט. און ווי איבערבעטנדיק מיך, פאלט ער מיט א בייזער אָן אויף מיין ערל, וואָס פאר עפּעס אָן אוגערקע שלעפּט ער אָן אלטן מענטשן נעבעך, טוט א הזק און טרייבט אים ארויס. ער אליין נעמט דאָס היטל, דרייט זיך אביסל ארום, זאָגנדיק דעם, יענעם א וואָרט, גייט דערנאָך ארויס און באלד הערט זיך, ווי דאָס ברישקעלע פאָרט אוועק.

די אלע מענטשן אין שטוב ווערן לעבעדיק. דאָס שרייבערל טוט א ווארף די פּען, אָפּשיקנדיק זי צו אלדי רוחות. דער סטאראָסטע און דער סאָטסקע גלייכן זיך אויס, אויפהייבנדיק די קעפּ, איטלעכער גיט א מאך מיט דער האנט צו דער גאס־צו און די אויגן זייערע רעדן: יברכך! פאָר געזונטערהייט און לאָז מיר דיך נישט אָנקוקן!... דער סטאראָסטע כאפּט דעם אָטעם, פאָרט אריין מיט אלע פינף פינגער צו זיך אין די האָר פונעם קאָפּ, טוט אים א גוטן שאָקל און מאכט דערביי: נו, א סטאנאָוואָי!...

די גויים האָבן מיך געראָטן, נאָכדעם אז איך האָב זיי דער־ציילט וועגן מיין אומגליק, צו גיין צו דער קרעטשמע ביים דאָרף, נישט ווייט פון דאנען. דאָרט באדארף זיין אצינד אן עולם מענטשן, צוריקפאָרנדיק פונעם מארק־טאָג: מעגלעך ביי זיי וועל איך עפּעס מיך דערגיין. איך הייב אויף מיין פּאה, באהאלט זי אין קעשענע. בינד אונטער די באק מיט א פאטשיילכן, זאָג א גוטע נאכט און גיי אוועק.

# ט

די קרעטשמע איז געווען באלעגערט אינדרויסן מיט פורלעך און וועגעלעך אלערליי. א טייל ליידיקע נאָר מיט א ביסל שטרוי, א טייל פארנומענע מימ מיני זאכן און חפצים, סיי נישט קיין פארקויפטע, סיי געקויפטע דאָרט אויפן מארק. אויף איין פורל

ליגט אין א זאק א חזיר, ארויסגעשטעקט פון א לאָך זיין שיין
פיסקל און מאכט לעבער אין קאָפּ, שרייענדיק משונה אויף א
גרילצנדיק קול. הינטער א וואָגן, אָנגעלייגט מיט נייע לאפּטיעס,
מיט נייע ליימענע טעפּ. טעפּלעך און מאקערטעס, שטייט צוגע־
בונדן א רויט-געפּלעקטע קו מיט איין האָרן און רייסט זיך מיט
אלע כוחות זיך צו באפרייען, גיכער קומען צו אירע אלטע
חברטעס אין שטאל מיט דער בשורה: נישקשה, מען איז אירער
נאָך נישט פּטור געוואָרן, געלויבט דער שור־הבר, מען זעט זיך
געזונט!... א פּאָר גרויע, ברייט-בייכיקע, פּיינע אָקסן שטייען
געשפּאנט אין דעם יאָך, מאכן אזוי ערנסט מיט דעם מויל און
מעלה־גרה, געשמאק, קיין מינוט חלילה נישט מפסיק צו זיין,
גלייך ווי זיי זענען פארטיפט אין א וויכטיקער זאך און מוען
מיט זייערע אָקסענע קעפּ אויף עפּעס א גרויסן שכל. דעם ארענ־
דארס ציג שטייט דערווייל אויפן וואָגן, שטעקט הינטער־ווייל עכ
אריין דעם קאָפּ אין א זעקעלע האָרט, נעמט באלד אים ארויס
מיט א פול מויל. פּירקעט, דרייענדיק דאָס עקל, קייעט, מאכט
מיט די באקן, טרעסעט דאָס בערדל גיך, געשווינד, ארומקוקנדיק
זיך אין אלע זייטן. און אלטער, אויסגעדארטער דאָרפּס-הונט
לעבט אויף דער עלטער פון קצבה, אָן א שטעלע, מיט א הינ־
קענדיק פיסל און א קאָלטון באַמבלענדיק זיך אים אויפן עק,
שארט־זיך־צו נאָענט צום וואָגן, סומט מיט דרך־ארץ, סומט
דערנאָך צו נעענטער אויף עטלעכע טריט, שמעקט, זוכט מיט
דער נאָז, דערטאפּט עפּעס א טרוקן, אָפּגעלעקטביינדל, לויפט
מיט דער מציאה אָפּ אביסל ווייטער, שטרעקט זיך אוים אויף
דער ערד און נעמט זיך קנאקן דעם ביין, האלטנדיק דערביי
דעם קאָפּ אין דער זייט אויף די פאָדערשטע לאפּעס. — דאָס
פערדל דאָרט אין יענעם וואָגן, נמאס ווערנדיק אים א לאנגע
צייט צו שטיין אויף איין אָרט, גאָרנישט צו טאָן, נאָר דרעמלען,
מאכן מיט דער מאָרדע און שאָקלען די אויערן, איז זיך מישב
אָפּצושטעקן א וויזיט א פּאָר איינגעשפּאנטע אָקסלעך, וואָס
טוען זיך וואויל איבער א זעקל פּאָלאָווע, און זיין זייער אורח
אויף וועטשערע. נאָר ביים גייען פארהאקט זיך די אקס פון
זיין וואָגן אין א רעדל פון אן אנדער פורל, שיער אומצוא־
ווארפן עס. יענץ פערדל דאָרט, ארויסשפּרינגענדיק פון די האָ־
לאָבליעס, טרעט־אָן אן אנדער פערד אויפן פוס, עט טוט א
הירזשע און שטעלט זיך דובאָם. די ציג דערשרעקט זיך, טוט
גיכער א שפּרונג און טרעט אָן דעם דאָרפּס־הונט אויפן ווידל.
ער שפּרינגט דערשראָקן אוועק אויף דריי פיס, הייליגדיק אויף
א קוויטש מיט א צענגאָרנדיקן שלשלת,
מיט גרויס מי שלאָג איך מיך דורך צווישן די אלע פורלעך,

גוט צוקוקנדיק זיך, טאָמער איז דאָ דאָס, וואָס איך זיך, און לאָז מיך אריינגיין אין קרעטשמע.

דאָס אלצדינג, וואָס אינווייניק אין קרעטשמע טוט זיך, דערפיל איך ביסלעכווייז, אייגס נאָך דאָס אנדערע כסדר, נישט אויף איין מאָל. דעם ערשטן כבוד דאָרט האָט מיין נאָז. באלד ביים אריינקומען, נאָך אויף דער שוועל, טוט מיר א זעץ א שארף ביטערער צאפּנשטיקנדיקער ריח פון בראָנפן, מאכאָרקע און מענטשנשוויים אינאיינעם, אז די נאָז ניסט־אָפּ איר „מה־טובו" פון אזא ברוך־הבא מיט א הילך. צעגיסנדיק זיך אין שטייגער, גייען צום סמיק די אויערן. א רעש, א געפּילדער פון אויסגעמישטע אינאיינעם דינע, גראָבע, הייזעריקע, צעריפּעטע און כריפּנדיקע קולות קייקלען זיך אריין אין זיי מיט א גרילצן נאָר טויב צו ווערן. אז די נאָז מיט די אויערן האָבן שוין זייערס אָפּגענומען, געהאט זייער ערלעך אויסקומעניש, זענען שטארק אין דער ארבעט נעבעך די אויגן. נאָכדעם ווי זיי בלאָנקען זיך פריער ארום אין דער טונקלניש צווישן א געדיכטן עולם מענטשן, צונויפגעשמאָלצן אינאיינעם, נישט צו האָבן א פּיצל סימן פון עפּעס א זאך, דערזעען זיי פון דערווייטנס אויף א לאנגן הילצערנעם טיש א חלבדיק ליכטל אין א ליימען לייכטערל, וואָס ברענט מיט א רויטן־שטעכנדיקן פלאם, ארומגערינגלט מיט א געל־גרין־בלוי־גרויע רעדער ווי רעגנבויגנס פון דער הייסער פּארע און זייגן רויך, וואָס שלעפּן זיך איבער דער שטאָט ארום. ערשט דערנאָך הויבן־אָן ארויסצושווימען פונעם טונקלען טומאן כסדר: נעז, בערד, בערלעך טשופּרינעס, גאנצע פּנימער און צורות פון מאנסבילן און נקבות. עס שווימען ארויס רעדלעך מענטשן, א טייל האלטן זיך אויף די פיס, ערשט נאָכן פּערטן, פינפטן טרונק בראָנפן. אין דער זייט האלדזן זיך צוויי שיכורימלעך, זידלען זיך פּאר גרויס ליבשאפט מיט מיאוסע ווערטער. לעבן זיי שטייט א פלוניתטע באָרוועס אין א קורץ קליידל מיט א געשטיקט העמד אויסגעשניטן ווייט און האָט הנאה, פּאטשט איינעם, דעם אנדערן אויפן רוקן מיט גוטן, מאכנדיק דערביי: געגוג, אהיים, אהיים! דאָס שיכורע פּאָרפאָלק אָבער שמעלצן זיך נאָך מער פאר ליבשאפט, נעמען זיך שטייפער ארום און פאלן. ווידער א טייל זיצן אויף לאנגע בענק לעבן פלעשלעך משקה מיט פּארבייסן. צוויי באלעגופן טרינקען איינער צום אנדערן לחיים און זענען ביידע, ווי מען זאָגט, בגילופין. איינער א שטארקער ליבהאָבער פונעם ביטערן טראָפּן און וואָס דאָ איז שטענדיק זיין מקום־מנוחה, וויטעט זיך פונדערווייטנס, רויכערנדיק זיין לוילקעלע, דאָס מיט די דאָזיקע צוויי לייט, דאָס מיט יענעם, דאָס מיט אן אנדערן און ווינטשעוועט־צו: לחיים, לחיים! כאָטש מען קוקט זיך אפילו

אויף אים נישט אום. און גאָר צולעצט שווימט ארוים אין דעם געשטאַלט פון א יידענע, א רירנדיקע, א שוואַווע, מיט אָפּגעבליאַנקעוועטע פּעלענע מושקעס און עפּעס א מין טיכל אויפן קאָפּ, דעם שענקערס ווייב מיט איר כבוד אליין, לעבן פּעסלעך, פלעשער, קעלישקעלעך, גלעזלעך, קרענצלעך בייגל, געקאָכטע אייער, דאַרע פישלעך און שטיקלעך פאַרהאַרטעוועטע לעבער. דאָס מויל מאַכט זיך איר קיין רגע נישט צו, די הענט אירע רוען אויך נישט פונעם טענהן, רעדן מיט איטלעכן באַזונדער, פון געבן און נעמען גרייט געלט מזומן, אָדער משכנות, אָדער מיט א קריידל אָנשרייבן אויף דעמס, אויף יענעמס חשבון פּאַסקעלעך און רינגעלעך.

איך דריי מיך אַרום ווי א גר צווישן דעם דאָזיקן גאַנצן עולם, פּרואוו רעדן מיט דעם, מיט יענעם, און דער שפּיץ איז אַלטערס ווערטל טאַקע: מילא, בקיצור, גאָרנישט.

אין קרעטשמע ווערט שיטערער, דער עולם הייבט אָן זיך צעפאָרן און איך לאָז מיך צוגיין צו דער באַלעבאָסטע, האַלטנדיק די בייטש אונטערן אָרעם אקעגן אירע אויגן. דאָס טו איך בכיוון מיט אן אויבער־הסברה, ווייל קרעטשמערקעס בכלל האָבן ליב באַלעגאָלעס, קויפן זיי אונטער מיט בראָנפן, מיט עסן און מיט נאָך עפּעס, בכדי זיי זאָלן פאַרפאָרן צו זיי מיט פאַרשוינען. די בייטש איז מיר געווען א מליץ און מיר געגעבן חן און לייטזעליקייט אין דער באַלעבאָסטעס אויגן. עס הייבט זיך צווישן אונדז אָן אזא שמועס:

— גוט נאָוונט! — גוט יאָר! — וואו איז דאָס אייער מאַן? — וואָס טויג אייך מיין מאַן? — גלאַט אַזוי זיך. — זאָגט, אפשר וועל איך טויגן. — טאַ... מהיכא־תיתי! — אהער, אהין מיר צעשמועסן זיך ברייטלעך. איך דערצייל איר דאָס אומגליקל, וועלכעס מיך האָט דאָ געטראָפן, מיין איצטיקע מיאוסע לאַגע. זי טרייסט מיך מיט א זיפץ, אונטערשפּאַרנדיק דעם קאָפּ מיט דער האַנט און צוויי פינגער אויף דער באַק, מאַכט אַליין: „א מעשה, א מעשה!“ און ווייטער א זיפץ. — איך טו איר צוליב, דערצייל אַלצדינג, ווער איך בין, ווי איך הייס, מיט וואָס איך האַנדל, און זי פון איר זייט באַשיט מיך מיט רייד, זאָגט מיר אַרויס איטלעכס פּיצעלע, וואָס ביי איר אונטערן נאָגל, פון איר מאַן דער שלימזלניק, פון די קינדער און פּרנסה... עס ווערט צווישן אונדז א נאָענטע באַקאַנטשאַפט. מיר רעכענען זיך אויס, אַז מיר זענען גאָר ביידע שטיקלעך קרובים! זי הייסט חיה־טריינע, נאָך מיינס א קאַלטער מומע פון דער באָבעס צד. א שמחה, א פרייד! זי פרעגט מיך אויס אויף מיין ווייב, אויף די קינדער, אויף איטלעכן ביי מיר באַזונדער, און אַז דער מאַן איז דערויף אָנגעקומען, זאָגט זי אים

אָן די בשורה גיך אין איין אָטעם: מיר האָבן א גאסט... א טייערן גאסט, ר׳ מענדעלע מוכר ספרים!... מיינער א קרוב! און לאָזט אויס מיט גדלות צום מאַן, אָננעמענדיק זיך מיט בײדע הענט ביי די זייטן:

— הא, מיינסט אפשר, פון א שטאל האָסט־דו מיך ארויס־גענומען! נישקשה, איך וועל, ברוך־השם, פאר אנדערע נישט מבויש ווערן, מעגסט זיך, כ׳לעבן, איבערנעמען מיט מיין משפחה!

— טא, רבונו של עולם! — טראכט איך מיר. — לאָז זיין אזוי: שאול האָט געזוכט אייזלען און געפונען די מלוכה, איך זוך פערד און געפונען א חיה־טריינע!

חיה־טריינעס מאַן איז געווען א ייד מיט א לאנגער נאָז. דאָס שיטערע בערדל, די פאות און די ברעמען — העל־בלאָנד ווי פלאַקס. בשעת שווייגן קייעט ער די צונג און איידער ער קלייבט זיך צו רעדן באלעקט ער זיך פריער, אזוי אז אים אָנ־קוקנדיק דענסטמאָל, פארשטייט מען וואָס טייטש לעקיש... ביים אָפשטעקן מיר א שלום־עליכם מורמלט ער עפּעס גאָר אָן ווערטער און פונעם גאנצן באנעמען זיינעם דערקען איך באלד, אז ער ליגט אונטערן ווייבס פאנטאָפל, האָט פאר איר דאָס נייין־יאָריקע קדחת. ווי עס האָט שפּעטער מיט דער צייט זיך ארויסגעוויזן, הייסט ער אין דער סביבה: חיים־חנאָ חיה־טריינעס, און חיה־טריינה אליין הייסט: חוה־טריינע קאָזאק.

— וואו האָסט־דו עס ביז אצונד געהינעט? — נעמט היה־טריינע דעם מאַן אויפן ציהונדער. — וואוהין האָט עס דיך, שלימזל, דער שווארץ־יאָר געטראָגן? האָסט דו געהערט? הען אביסל!... מען זאָל אוועקווארפן א שטוב מיט דעם באלעבאַ־טישקייט און גאָרנישט... נישקשה, ר׳ מענדעלע איז אן אייגענער. פאר אים מעג מען זאָגן וואָס פאר א שלאק דו ביסט, א שלאק פון זיין ליבן נאָמען. קוקט אים אָן, שטייט ווי א ליימענער גולם און קייעט די צונג.

— דו האָסט דאָך מיך אליין, האָסט דו מיך געשיקט צו גאוורילען נאָך א זאק קארטאָפליעס מיך געשיקט!—פארענטפערט זיך חיים־חנאָ, באלעקנדיק זיך פריער מיט דער צונג.

— און דער רבי, דער שיינער רבי איז קראנק געווען ברענ־גען צוטראָגן דעם זאק קארטאָפליעס! עסן, נישקשה, קאָן ער פאר צען.

— דער רבי איז דאָך געגאנגען, דער רבי, אָפּפירן די פּער־ריסטע קי מיט דעם קעלבל אין פעלד אָפּפירן! — גיט חיים־חנאָ דעם ווייב צו פארשטיין.

— אָט שווייג שוין, שווייג, קיי דיר בעסער די צונג! — מאכט חיה־טריינע, קוקנדיק בייז אויפן מאַן. דערנאָך ווענדט

זי זיך צו מיר מיט א גאנצן שמועס, וואָס זי האָט פון איטלעכן אויסצושטיין. ווען נישט זי, וואָלט די גאנצע שטוב שוין לאנג האָרנעם־קאָרנעם איבערגעקערט געוואָרן, און מישט אליין אריין אין די רייד: „נישקשה, פאר אייך מעג מען, ווי פאר א טאטן, איר זייט דאָך אן אייגענער, ר׳ מענדעלע!”

איך לייג מיך אריין אין שלום און פארריכט ביי חיה־טריינען דעם מאנס דאָליע. פון שלום וועגן זאָג איך אביסל א ליגן, באשולדיק בכלל אלע מענער, מיך דערונטער אויך א ביסל, און הנפה, לויב אין טאָג אריין די אלע ווייבער, באזונדערס חיה־טריינען, חלילה ווען נישט זיי, וואָלט די וועלט קיין וועלט נישט געווען... חיה־טריינען איז געוואָרן ווייכער.

— געזונט זאָלט איר זיין, ר׳ מענדעלע! — זאָגט זי מיט א שיינענדיק פנימל און מאכט באלד טאקע צום מאן מיט גוטן:

— געגוג צו קייען די צונג! נעם בעסער, חיים־חנא, ווישאיבער דאָ די קעלישקעלעך און די טעלער, פון וועלכע עשו האָט געפרעסן. — ר׳ מענדעלע מוז אוודאי גוט הונגעריק זיין, טוט זי א זאָג צו מיר, אויפהייבנדיק זיך פונעם געזעס אירן ביים שענקל. — איך פיל עס אין מיר אליין טאקע. אין א מארק־טאָג פארשפעטיקן מיר זיך תמיד מיט דער וועטשערע. נישטאָ, נומער ערגער, קיין צייט. קומט, זייט מוחל, מיר בעטן זייער שיין צו אונדז אין שטוב!

גלייך פונעם שענקל קומט מען אריין אין א פינצטער אלקערל, וואו אקעגן איז אָפן א טיר נאָך אין אן אלקער און לינקס אין דער זייט פירט א טיר אין א היפשן חדר, א נידעריקער אָן א דיל מיט קליינע פענצטערלעך. די שייבלעך זענען א ווינקל טייל צעשפּאָלטן, א טייל געלאטעט פון צונויפגעקלעפּטע שטיקלעך און א טייל אינגאנצן אויסגעשלאָגן: נאָר ערגעץ אין א ווינקל שטעקט אן איבערגעבליבן שטיקל גלאָז, ווי דער איין־איינציקער צאָן ביי א זקנה, וואָס ביי נאָר עפּעס א ווינטל שאָקלט זיך עס, שטיל געבעבעט: זים־זים־זים, זייער אומעטיק. אין איין עק שטוב, צו דער גאס־צו, שטייט א טיש. לעבן אים, ביי די ווענט, לאנגע, שמאָלע בענק, נישט געפארבט. אין דעם אנדרן עק אקעגן שטייט א בעט מיט א סך בעבעכעס, אָן עין־הרע: מיט קישנס, גרויסע, מיטעלע, קליינע, קליינטשיקע, א הויכער טורעם ביז אין דער סטעליע. און ביי דער זייט אויוון דאָרט צירט זיך א ברייטע באנק, וואָס דינט ביינאכט פאר א בעט צום שלאָפן. ארום די ווענט אין דער הויך הענגען פּאָרטרעטן באדעקט מיט שפּין־וועבס, מיט געפּגרטע פליגן, אויסגעטריקנטע אייער פון פרייסן און פליגנקויט. פונעם קוים אויף די דאָזיקע פּאָרטרעטלעך קוקן ארויס עפּעס געשטאלטן: א „מזרח” מיט

קראַליקלעך, מיט משונה־ווילדע היהלעך, האלב ציג — האלב הירש, האלב לייב — האלב אייזל, האלב לעמפּערט און האלב פּיפּערנאָטער. א הויכער המן, געקליידט ווי אן אונטעראָפיצער, הענגט אויף א תליה, וואָס גרייכט אים קוים ביז צום אקסל, אזוי אז ניכער הענגט די תליה אויף אים! דערביי שטייט מרדכי אין א שטריימל, א ראַצעמאָרענע קאַפּאָטע מיט א גארטל, אויבן א טיזליק, אין שיך און זעקעלעך מיט פּאהקעלעך, טאקע נאָר „מאַנדרוש". ארום אים „באבערדלטע, באנאָזנדיקע" יידן מיט כוסות אין די הענט און מאכן: „לחיים, רבי מרדכי!" צו זרשן מיטן טאָפּ האָבן זיך זייער מיאוס צוגע־כאַפּט די פליגן, האָבן פון איר, נעבעך, איבערגעלאָזט נאָר א האלבן קאָפּ מיט א שטיקל פעדער־חלק. נאַפּאָלעאָן, נעבעך, איז אויך אריינגעפאלן אהינצו אין יידישע הענט. אז אָך און וויי איז צו אים, וואָס פאר א פּנים ער האָט געהאט! ער איז געהאנגען צווישן פּוטיפּרס ווייב, עפּעס א פּארזעעניש, א מיאוסקייט, וואָס מאכט חן, שלעפנדיק יוסף הצדיק ביי די פּאָלעס, און צווישן א שמאָלן, פארשמאָלצעוועטן, שטארק־אָנגעבויגענעם שפּיגל, אונטער וועלכן עס האָט געשטעקט א פּארדארטער לולב און אלטע אָפּגעשלאָגענע הושענות.

אין שטוב דרייט זיך ארום א דיקע, א ברייטע, א האָרע־פּאשנע מויד מיט א פּאָר באקן ווי די פּאמפּושקעס; אויפן קאָפּ זייער ווייניק האָר און צוויי קליינע צעפּעלעך פון הינטן. די הענט האלט זי ביז די עלנבויגנס שטייף צו ביידע זייטן, די אָרעמס אויסגעשטרעקט גלייך פאָרנט ווי צוויי האָלאָבליעס, צווישן וועלכע זי רוקט זיך, שליטלט זיך נישט צו הייבן קיין פיס, ארויסשיקנדיק דעם קאָפּ אביסל פריער פאר איר. רוקט זיך גיך, טראָגנדיק אין די הענט א טישטוך מיט טעלער און גרייט צום טיש. חיה־טריינע רוימט איר עפּעס אין אויער איין, זי קערט אוים די האָלאָבליעס, דער קאָפּ לאָזט זיך פאָראויס. זי אליין מיט די פיסעלעך באלד טאקע נאָך אים און ווערט גיך אנטרונען פון דער שטוב. אין א ווינקעלע קריגן זיך א שטיק פיר קינדער, מיידלעך מיט יינגלעך, רייסן זיך עפּעס איבער א קליין הינטעלע, א מאָפּסיק, וואָס פּישטשעט, נישט צו הערן, צו זען וואָס הינטער זיי טוט זיך אין שטוב. חיה־טריינע באפאלט זיי פּלוצים, טוט שטילערהייט א קניפּ דעם, א צופּ יענעם, כאפּט דאָס פּיצל הינטעלע און וואַרפט עס ארוים. די קינדער שטעלן זיך אונטער די נעז אָפּ פייגן און צעלויפן זיך אין די ווינקעלעך. באלד קומט אָן חיים־חנאָ מיט א גרויסן לאַדיש סמעטענע. דאָס ווייב נעמט עס ביי אים צו, פּאָרעט זיך דערמיט א ביסל דאָרט פאר זיך און הייסט זיך אונדז וואשן.

א בחורל אָן א קאפּאָטע, באָרוועס, אין א לייבסערדאקל מיט הויזלעך, לויפט אריין מיט א שמחה: דער רבי האָט געכאפּט אין שטאל א וואָראָביישטיקל!... אלע קינדער בלייבן פארגאפט מיט אויסגעצויגענע פּנימער פאר גרויס וואונדער, און איידער זיי זענען צו זיך געקומען, קומט אריין א יונגערמאנטשיק עפּעס מיט א געשוואָלענער נאָז און גראָבע ליפּן, וואשט זיך גיכער איבער דער פּאָמויניצע, זעצט זיך דערנאָך צום טיש און דוקט אריין אין מויל א גרויס שטיק ברויט, אלץ אין כאפּעניש, אין איילעניש, נישט צו שענקען קיינעם א קוק, גלייך ווי אוים מורא, ער זאָל, חלילה, נישט פארשפּעטיקן, מען זאָל אָן אים נישט אָפּעסן. דערווייל רוקט זיך אריין יענע ברייטע מויד מיט די פּאמפּושקעס, אויסגעפּוצט שבתדיק, און זעצט זיך אויך צום טיש. חיה־טריינע מאכט צו מיר, ווייזנדיק מיט א פינגער אויף דער מויד: דאָס איז מיין עלטערע טאָכטער, באסיע־נרונע. דער עולם עסט, פריער עפּעס מיט דרך־ארץ, א שעפּ מיט דעם לעפל און א לייג אנידער, דערנאָך הייבט עס אָן גיין לעבעדיק, רעשיק: א צען לעפל ארבעטן געשמאק אין איין שיסל און פליען פון דאָרט געשווינד אין צען מיילער, וואָס זופּן, איטלעכס אויף זיין שטייגער. ס'איז א כאפּעניש, א בהלה, א זיפּעריי: וואופּ־הופּ! הופּ־פּופּ! מיינע ניי־געפּונענע קרובים טרייבן מיר אלץ אונטער: עסט, לאָזט זיך נישט בעטן! און איך: וווּיפּ־פּפּיפּ! אויף מיין נוסח. דער יונגערמאנטשיק מיט דער געשוואָלענער נאָז פוילט זיך נישט, ארבעט פאר צען און גרונטעוועט אויפן דעק פונעם שיסל. אָפּגעפּארטיקט זיך פון דער ארבעט מיט א זיפּץ טיף פונעם בויך, שטעלט ער אוים א פּאָר גלעזערנע אויגן און קוקט אויפן עולם; טוט פּלוצים א שטרעק די האנט, אונטערהייבנדיק זיך אביסל פונעם אָרט, גלייך צו מיר, מאכנדיק דערביי: שלום עליכם! איר זייט מיר עפּעס קענטלעך... מה שמכם? — איך זאָג אים מיין נאָמען. ער שפּרינגט אזש אונטער פאר גרויס וואונדער...

— ר' מענדעלע!... ר' מענדעלע מוכר ספרים!! פּישש!... א קאטאָוועס עפּעס! ווער קען נישט ר' מענדעלע?! איך האָב געהאט אמאָל די זכיה, אין גלופּפּק נאָך, קויפן ביי אייך א בענטשערל.

— ר' מענדעלע איז מיינער א קרוב, — זאָגט חיה־טריינע מיט גדלות, שמעלצנדיק זיך פאר פרייד, און אָנווייזנדיק מיר אויפן יונגנמאנטשיק מאכט זי: דאָס איז אונדזער רבי? — אנו הושיעקעלע, — ווענדט זי זיך צום בחורל אָן דעם קאַ־פּאָטקעלע, — ר' מענדעלע וועט דיך פארהערן. שעם דיך נישט, נישקשה, דער פעטער וועט דיך נישט אויפעסן.

הושיעקעלע האלט א פינגער אין דער נאָז, קוקט אין דער

זייט אַנבלאָזנדיק זיך, פאַרציט דעם אַקסל און מאַכט: איך
סעם מיך, סעם מיך...
— וויפל איז אַלט אייער הושיעקעלע, זאָל לעבן? — פרעג
איך די מאַמען.
— מיין הושיעקעלע, זאָל לעבן, איז אין ווּעסנע געוואָרן
בר־מצוה, — ענטפערט די גליקלעכע מאַמע.
— נו, הושיעקעלע, — נעם איך דעם בחורל אָן פאַרן
בעקעלע, — זאָג, שעם דיך נישט, וואָס גייט היינט פאַר א
סדרה?
— זאָג, זאָג! — טרייבט מען הושיעקעלען אָן פון אַלע
זייטן.
ער שטעלט אויס א פּאָר אויגן און שווייגט.
— ב... ב... ב... — מאַכט דער רבי מיט די גראָבע ליבן.
— ב־ב... בהאַי! — לאָזט הושיעקעלע אויס אויף א קול,
קוקנדיק צום רבין.
— נו, בלק, בלק... — זאָג איך אונטער און גיב ווייטער
הושיעקעלען א פרעג: — וואָס האָט אזוינס בלק געשיקט
זאָגן?
דער רבי לעקט דעם פינגער, בכדי דער תלמיד זאָל זיך
דערמיט אָנשטויסן.
— לעקן, — טוט הושיעקעלע א געשריי מיט אימפּעט.
— ווער, ווער? — טרייבט הושיעקעלען אונטער דער רבי,
און עס ווערט אים גרינגער אויפן הארצן, מיינענדיק אז ער
האַלט שוין מיט דעם תלמיד זיינעם אויף א שטיקל דרך. —
ווער, האַ?
— דער רבי! — שרייט הושיעקעלע אויס אויף א קול.
— דו פאַרשטאָפּטער קאָפּ איינער! — צעהיצט זיך דער
רבי מיט כעס, — ווער זאָגט בלק, ווער לעקן?
— יידן, — טוט הושיעקעלע גיך א זאָג אויף א קווי־
טשיק קולכל.
— די יידן, די יידן... הושיעקעלע! — זאָג איך, א גלעט
געבנדיק אים דאָס בעקעלע. — זייער וואויל, דו קענסט.
די מאַמע איז גאָר איבערגליקלעך, האַלט די הענט אויפן
בויך און קוועלט: אז וואויל איז, כ'לעבן, דעם בויך, וואָס
האָט אזא תכשיט געבוירן! דער טאַטע קייעט די צונג און האָט
שטאַרק הנאה.
נאָך דער וועטשערע שמועסט מיט מיר חיה־טריינע איבער
וועגן מיין עסק אזוי: אין א פּאָר שעה אַרום באַדאַרף אָנקור־
מען מיין יאַנקאָ מיט די פערד. דענסטמאָל, ר' מענדעלע, זעצט
איר אייך אויף רייטנדיק אויף איינעם, מיין מאַן אויף דעם
אַנדערן פערד און פאָרט פאַרנעמען די ביידלעך מיט די סחורה

דערוויל אהער. און ווייטער וועלן מיר שוין זען. לעת־עתה לייגט זיך אביסל צו, אָט האָט איר אייך א בעט מיט אי־בערבעטן.

— א שיינעם דאנק! — רוף איך מיך אָן, — אין די בעבעכעס, אז איך וועל אריינפאלן, וועט שווער זיין דערנאָך ארויסצובאקומען מיך פון דאָרט. גאָט ווייס וויפל איך קאָן דאָרט אָפּשלאָפן, און דאָ איז די צייט טייער, אן אנדערש מאָל, אם־ירצה־השם, אז איך וועל קומען צו אייך מיט מיין ווייב און די קינדער צו גאסט, דענסטמאָל, זעט איר, געזעגן איך מיך מיט אייך אלע און ווארף מיך, אויף גאָטס באראָט, אריין טיף אין דעם תהום בעבעכעס אויף א לאנגער, לאנגער צייט.

— מיר בעטן, מיר בעטן! — מאכט חיה־טריינע מיט חן.

— זעט־זשע, מיט אלע קינדער טאקע; נעמט אויך מיט יאבנע־סאָסען. זאָגט־זשע זיך נישט אָפּ, כאָטש נעמען א קישעלע אהין אין אלקערל.

— שלאָפּט געזונט! — געזעגנט זי זיך מיט מיר. — נישקשה, מיינער וועט אייך גאנץ פרי, בלחוך השור, אויפ־וועקן!

ל

חיה־טריינע איז טאקע א כשרע יידענע, א גוטע, נאָר וואנצן האָט זי געהאט אין שטוב רשעים, זייער בייזע. זיי זענען מיך באפאלן וויבאלד איך האָב מיך געלייגט אויפן טאפּשאן אין אלקערל און די מלחמה צווישן אונדז האָט זיך אָנגעהויבן. ביידע צדדים האָבן זיך פארעקשנט, געארבעט אין עסק: זיי — מיטן מויל, איך — מיט די הענט; זיי קריכן, איך שפּרינג אונטער; זיי מיט טענות: דער טאפּטשאן איז אונדזערער, דרך־ארץ־זשע, ר׳ ייד, און לאָזט זיך בייסן — איך זיפּ׳ז, פּאר־ביים די ליפּן, קראַץ מיך מיט אלע כוחות; זיי א ביס — איך א קראַץ; זיי אויף מיר — איך אויפן קישן, אראָפּ, צו אלדי שווארצע יאָר, דאָס קישן! דאָס הינקעדיקע בענקל אויף דריי פיסלעך פאלט־אום; דאָס לייטענע קריגל מיט נעגל־וואסער טראך־טראך; טאראקאנעס אויפן דיל לויפן, דראפּען, הארמידעווען; פּעדערן פון דעם צעריסענעם קישן פליען אין דער נאָז, אין די אויגן אריין; דער טאפּטשאן אונטער מיר ריפּעט־סקריפּעט. א טאראראם, א גערודער! איך בין דול, צע־מישט, צאפּל מיט אלע גלידער און ווארף מיך פון איין זייט אויף דער אנדערער. עס הערט נישט אויך צו בייסן. עס שטינקט וואנצן! — נמאס ווערנדיק מיר די גאנצע מעשה, בלייבט ביי

מיר עוקר צו זיין. איך פֿאַרלאָז מיין געלעגער, שפּרינג אַראָפּ גלייך צום פֿענצטער, צו אָטעמען אַביסל פֿריי, און טו אַ קוק אין דרויסן, אויף גאָטס וועלט.

אויפֿן בלויען הימל שטיל. רואיק גייט די גילדענע לבֿנה, איר שיינענדיק פּנים איז זייער ערנסט, עפּעס שטאַרק פֿאַר־טראַכט. שאַ אַרום און אַרום!... איר פֿאַרטראַכטקייט וואַרפֿט אויף מיר אָן אַ זיסע מרה־שחורה. זי רעדט צו מיין האַרץ, די נשמה מיינע נעמט זי מיר אַרויס מיט איר איטלעכן בליק. זי רופֿט אין מיר אַרויס אַ ים געפֿילן און עס טראַכט זיך, טראַכט זיך עפּעס גאָר פֿון זיך אַליין. עס טראַכט זיך פֿון דעם ביטערן לעבן פֿול קרענקונג, אַלערליי ליידן מיט באַליידיקונג, פֿול פּלאָגן, אָנשיקענישן, אַלטע און אויך נייע. איך צעפּיעסטע מיך פֿאַר איר ווי אַ שלאָף קינד, נעבעך, פֿאַר דער מוטער: אוי, מאַמע, עס טוט וויי!... אוי, ווערט מען עס פֿאַרשוואַרצט, קומט מען עס אָפּ!... קאַרג קאָפּדרייעניש, בויכווייטיק, איז מען נאָך גרויס אין די אויגן; קאַרג אייגענע מכּות און וואונדן, האָט מען נאָך אויסצושטיין געבראָטענע לייד; קוים־קוים וואָס מען זשיפּעט, פֿאַרגינט מען נאָך נישט דאָס שטיקל געפּלאָגטע לעבן. אוי, מאַמע, עס שמאַרצט, אוי. עס טוט וויי! די לבֿנה קוקט אויף מיר מיט איר ליכטיקער צורה אַלץ ערנסט, פֿאַרטראַכט און דאַכט זיך, זי נעמט מיך איין: „שאַ, בידנע קינד, שאַ! וואָס זאָל מען טאָן?"... דאָס האַרץ וויינט אין מיר נאָך מער, הייסע טרערן טרערן מיר אַרויס פֿון די אויגן, איך שפּאַר אָן דער קאָפּ אויף מיין אָרעם, די זייט מיט דער אָפּגעשווירענער פּאה דער לבֿנה אַקעגן, נאַ, זאָל זי זען, זאָל זי כאָטש זען!... עפּעס עפֿנט זיך אין מיר אַ קוואַל פֿון געפֿילן, צופּן מיך ביים האַרצן, פֿאַרפּלייצן מיר די געדאַנקען. די אויגן, אָנגעקוואָלענע ווי די באַנקעס, קוקן אין דער וועלט אַריין מיט אַ רירנדיק געבעט: געוואַלד, העלפֿט, האָט רחמנות! עס טוט וויי, וויי, וויי... אַזוי כאַפּט זיך אויף פֿונעם שלאָף ביי דער נאַכט אַ קראַנק קינד, נעבעך, בעטנדיק רחמים. — נישטאָ קיינער! קיינער! קיינער הערט נישט! אַלע שלאָפֿן, שאַ!... אַ הינטל נאָר שטייט אויף דער גאַס וואַך, דעם ווידל צווישן די פֿיס, דעם קאָפּ פֿאַרריסן אויך און בילט מיט אַ קאַלטער לעבער אַקעגן דער לבֿנה, זי גייט איר וועג רואיק, פֿאַרטראַכט, פֿון אַ הונט בילן זיך גאָר־נישט צו מאַכן...

אויפֿן האַרצן ווערט מיר גרינגער. עפּעס וואַרעמט מיך אי־נעווייניק אַ געפֿיל פֿון האָפֿענונג און טרייסט אָן ווערטער — אַזאַ געפֿיל, וואָס אַ ייִד פֿילט, אַז ער וויינט זיך אויס פֿאַר גאָט אויף זיינע צרות; אַזאַ געפֿיל, וואָס מאַכט דעם מענטשן ווייך ווי טייג, גוט אָן אַ ברעג. גרייט איטלעכן אַוועקצוגעבן די

נשמה, ארומצונעמען די גאנצע וועלט און זי א קוש צו טאָן פאר גרויס ליבשאפט. —

און זיי, די וואנצעלעך, זענען דען נישט גאָטס־באשעפעניש? וואָס זענען זיי שולדיק, אז זיי שטינקען, נעבעך? וואָס זאָלן זיי טאָן, אז עס ליגט שוין אזוי אין דער טבע זייערער צו בייסן? טוען עס נישט פאר שלעכטס, פאר שנאה און צו להכעיס, נאָר פאר דעם שטיקל פרנסה: זיי ווילן, נעבעך, טרינקען, אָנזעטיקן זיך מיט יענעמס בלוט. מילא זאָל שוין מיינס איבערגיין. עפּעס דאָס ערשטע מאָל אין לעבן בייסן מיך דען וואנצן? אין וועלכער ייד האָט דען נישט פון זיי צו זינגען און צו זאָגן?

איך גיי אוועק פון דעם פענצטער און זאָגנדיק: „אין דיין חאנט טו איך מיין זעל באהאלטן", גיב איך מיך א וואָרף אויפן טאפּשאן און — גאָרנישט, איך שלאָף!... חלומות האָב איך פיינט צו דערציילן. נארישקייטן!

דאָס אויפשטיין אויף מאָרגן גאנץ פרי האָט מיך געקאָסט גרויס מי. עס האָט מיר ווי געטאָן איטלעכס אבר. נאָר די נויט האָט מיך געצוואונגען און מיט מיר א טראָג געטאָן פון מיין געלעגער. א ייד לעבט מיט אימפּעט. די נויט טרייבט אים צו לויפן, ארומצוזאָגן. צו ארבעטן, לאָז נאָר שוואך ווערן א אָפּעלע דער אימפּעט, בלייבט ער ליגן ווי א דערהרגעטער. יום־טוב דערפילט א ייד זיינע ווייטיקן, דענסטמאָל האָט ער געוויינטלעך צייט קראנק צו זיין...

די נויט האָט מיך פון מיין געלעגער אויפגעהויבן, די נויט האָט מיך אויף די פיס געהאלטן, די נויט האָט מיך רייטנדיק אויף א פערד אויפגעזעצט, די נויט האָט מיר אין קארק געגעבן און איך האָב מיך גערירט פונעם אָרט אינאיינעם מיט חיים־חנאָ חיה־טריינעס מאן. הארב איז ביי א יידן נאָר דער ערשטער ריר, דערנאָך, אבי א קוועטש די ספּרונזשינקע, גייט עס שוין ווי א פּוטער, ער קריכט שוין אפילו וואוהין מען באדאַרף נישט, וואוהין מען האָט אים כלל נישט געבעטן. ער דראפּעט זיך אפילו אויף די גלייכע ווענט. איך קום באלד צו מיינע קרעפטן, בין פריש און שטארק אויף דאָס ניי.

אז דער עולם זאָגט: „א יידישע נשמה קאָן מען נישט שאצן" מסתמא איז רעכט. גאָר אין אָנהייב האָב איך גערעכנט, חיה־טריינע פרייט זיך דאָ מיט מיר אזוי פּשוט, וואָס זי האָט דערטאפּט פּלוצים א קרוב און נאָך אזעלכן, וואָס רייבט זיך ארום ספרים! דאָס רייבן זיך ארום עפּעס א זאך האָט שוין א גרויסן ווערט ביי יידן. א ייד, פון די שיינע באלעבאטים אפילו, ווען עס קומט אים אוים צו האָבן אן עסק אין די פּרי־סוטסטוועס, הייבט אָן צום ערשטן פון סטאָראָזש — ער רייבט זיך דאָך פאָרט ארום די אדונים דאָרט — שמועסט מיט אים

איבער און גייט אוועק צופרידן. לעת־עתה, טראכט ער, איז געגוג. דער סטאַראַזש איז נישט קיין שלעכטער מענטש. — דער שמש, וואָס רייבט זיך ארום א יידישער שקאַלע, הייסט בא א טייל פון יידישן עולם: דער אינספּעקטאָר; דער יידישער בריוו־טרעגער — פּאָטשטאר, דער ייד פון דער פּאָטשט, אזויפיל כמעט ווי פּאָשט-מייסטער. קורץ, ווי מען זאָגט טאקע: „דעם רבם שיקסע קאָן פּסקענען שאלות"... ביי דער וועטשערע, אָנקוקנדיק די דיקע, ברייטע מויד, וואָס שוין צייט איר אונטער דער חופה, איז מיר שוין אריין אין נאָז. אז חיה־טריינעס פרייד באטייט. איך קאָן איר צוגיין קומען צו א שידוך... און, דאכט זיך, גאָר אויף מיר גופא האָט זי אן אויג... דעריבער טאקע האָט די מויד אזוי שבתדיק זיך אויסגעפּוצט... דאָס איז מיר דערנאָך קלערער גע־וואָרן פון חיים־חנאָס רייד, פאַרנדיק מיט מיר אויפן וועג. עפּעס האָט ער צופיל אויסגעפרעגט מיך וועגן מיין בחורל מיט אזא שמועס:

— אזוי! איז אייער בחורל שוין געוואָרן, אייער בחורל, בר־מצוה און נאָך נישט קיין חתן נישט! איך אין זיינע יאָרן האָב שוין חתונה געהאט, אין זיינע יאָרן. — מיין חיה־טריינע לאָזט מיך די נעכט נישט שלאָפן: גערוואלד, א חתן! — די בתולה מיינע האָט איר דאָך געזען, די בתולה, א גוטע באלע־באָסטע. אפשר טאקע שוין צייט איר חתונה־צו־מאכן. שוין צייט אפשר? — וואָס זאָגט איר, ר' מענדל? עפּעס זייט איר דאָך א ייד, א למדן, שוין צייט? מיינע האָט מיט מיר היינטיקע נאכט איבערגעשמועס... איר זייט ביי איר שטארק חשוב, זייט איר. אלץ קומט אומגעריכט. באדארף זיך גראד מאכן א משה און איר האָט פארבלאָנדזשעט צו אונדז... זייער אָנגעלייגט. כ'לעבן איז אייער בחורל שוין, זאָגט איר, בר־מצוה, אייער בחורל?

אין דעם, ווי מיר שמועסן דאָ אזוי, קומען מיר צום אָרט פון די ביידלעך. פריער באטראכט איך גוט מיין ביידל אין איטלעכס ווינקעלע. ברוך־השם, אלצדינג דאָ אינגאנצן, און לאָז מיך צו גיין דערנאָך צו אלטערס ביידל. דאכט זיך, אויך נישט גערירט, עס שטייט אויף זיין אָרט, נאָר קוים נעם איך מיך צום לאנטוך, מיט וועלכן דאָס ביידל איז איבערגעדעקט. און טו א טאפּ, בין איך פארפאצלט געוואָרן, עס רירט זיך עפּעס אונטער אים... איך שפּרינג אָפּ שטארק דערשראָקן אויף צען איילן אין דער זייט. דאָס לאנטוך הייבט זיך דערווייל אויף און איך דערזע פאר מיינע אויגן זיצנדיק, אויפן וואָגן מיט א פארבונדענעם קאָפּ — אלטער יקנה"ז!...

# יא

וואָס מיט אַלטערן איז פֿירגעגאַנגען, וואו ער איז אהינגעקומען, פֿון וואַנען ער האָט פּלוצים זיך גענומען און פֿאַרוואָס דער קאָפּ איז אים פֿאַרבונדן — די דאָזיקע שאלות דערקלערט אונדז באַלד אַלטער מיט זיין כשר מויל אַליין, אַזוי:

מילא גיי איך מיר נאָך די פֿערדלעך. בקיצור, נישטאָ קיין פֿערדלעך! נישמער, טראַכט איך מיר, גאָרנישט. אפֿנים, זיי זענען פֿאַרגאַנגען ווייטלעך. גראָז אין וואַלד איז זייער גוטע, שאָטן אויך דאָ. פֿאַרוואָס נישט? א מענטש להבדיל, זוכט אויך, וואו גוט איז. מילא גיי איך מיר ווייטער, ווייטער, פֿאַרשטייט איר מיך, מען הערט נישט, מען זעט נישט. וואָס טוט מען דאָ? ס'איז דאָך עפּעס שפּל! פּלוצים דאַכט זיך מיר אין וואַלד עפּעס א שאָרך אויף יענער זייט פֿון א טאָל. מייגער באַלד טאַקע אַראָפּ, אַרויף, אַהין, אַהין, בקיצור גאָרנישט. דערווייל ווערט שפּעטלעך, ס'איז שוין טונקל, עפּעס גאָר נישט קיין גוטער משא־ומתן!... דאַכט זיך מיר ווידער א שאָרך, איך ווייטער אַהין, דריי. מיך, זוך און ווייטער גאָרנישט. עס פֿאַרדריסט מיך שוין, פֿאַרשטייט איר מיך, וואָס איז דאָס פֿאַר א גאַנג? בקיצור, ווידער א שאָרך און עפּעס ווי טריט. — אָט האָסט דו זיי, די שיינע לייט! א קרענק זיי אין די ביינער! פֿלוך איך שטאַרק אויפֿגעבראַכט און דערשלאָג מיך אַהין, ערגעץ אין א העק, צווישן געדיכטע צווייגן. אַהאַ, ס'איז דאָ, דערטאַפּט!... וואָס? צו אַלדי שוואַרצע יאָר, עפּעס א רויטע קו, — א קו, וואָס, ווי געוויינטלעך, זיך פֿון דער טשערעדע אָפּגעריסן און פֿאַרגאַנגען אין וואַלד. אַצינד וואָס? איך ווייס גאָר נישט, וואו איך בין. נישמער שטיין אין קיין תכלית נישט, מילא גיי איך מיר אין צרות, אויף גאָטס באַראָט, און פֿאַרגיי מיר צו א פֿייערל, וואָס האַלט ביים אויסגיין. האָלאָוועשקעס רויכערן זיך, ס'איז נאָך דאָ אין זיי א פֿונק. דאָס גראָז אַרום און אַרום אויסגעטראָטן, עס וואַלגערן זיך ברעקלעך ברויט, שאָלעכץ פֿון אייער, פֿון אוגערקעס, ציבעלעס און קנאָבל, אויף צעריסענע שמאַטעס און שמאַטקעלעך. דאָ איז, אפֿנים, געווען א היפּש קאָמפּאַניע, און ווי עס זעט אויס, א כאָפּטע ציגיינער. גאָר עפּעס נישט קיין גוטער עסק! ציגיינער האָבן ליב צו לקחענען. פּלוצים דאַכט זיך פֿון גאַנץ ווייט עפּעס א קול. אפֿשר רופֿט עס דאָרט ר' מענדעלע? גייט מיר איבער א נעדאַנק, און איך לאָז מיך גיין געשווינדער. דאָס קול, דאָ הערט עס אויף, דאָ לאָזט עס זיך ווידער הערן און וואָס נעענטער ווערט עס אַלץ שרעקלעכער, ווי איינער שרייט געוואַלד!... עפּעס גאָר א שרעק, כ'לעבן! נישמער גאָרנישט. איך טו מיר

מיינס און גיי. עס העלפט נישט, נאָר קוק מיך גוט ארום און היט די ביינער. בקיצור, אקעגן מיר וואקסט אויס פונדער־ווייטנס עפּעס א קרעטשמעלע, א חורבעלע אויף הינערשע פּיסלעך. עפּעס איז עס מיר נישט געפעלן. איך באהאלט מיך אביסל אין דער זייט צווישן צווייגן. גראָד טאַפּ איך דאָרט אָן עפּעס א דרענגל. נעם עס אין דער האנט, פארשטייט איר מיך, ליתר־בטחון. זיץ שטיל און קוק מיר, וואָס וועט דאָ זיין. עס קומט מיר אין קאָפּ אריין שרעקלעכע זאכן, מעשיות מיט גזלנים און גלופּסקער גנבים. פּלוצים ווייטער א געשריי, א ביי־טער געשריי, ווי פון איינעם, וואָס איז אין א גרויסער סכנה, און, דאכט זיך, דאָס ביטערע געשריי איז פון חורבהלע. עס כאפּט מיך אָן ביים הארצן. עס טראָגט מיך אונטער פונעם אָרט און איידער מיך צו באטראכטן שטיי איך שוין נעבן קרעטשמעלע, אליין נישט רעכט צו געדענקען, ווי ארום האָב איך מיך דאָ גענומען. עפּעס געפיקט האָט מיר אלץ אין קאָפּ: אָן אייגענער, אָן אייגענער! א קשיא אויף א מעשה, אפשר איז גאָר ר' מענדעלע אין א סכנה? איך ווייס דען, אפּנים, וואו איך בין? ס'איז טאקע א מורא, נישמער גאָרנישט! מיין טויט זאָל דאָ זיין, מוז איך מיך דערגיין, וואָס טוט זיך דאָ אזוינס. עפּעס בין איך דאָך א שטיקל עקשן אויך. בקיצור, איך גיי מיר פאמעלעכן און האָרך מיך גוט צו. עפּעס הערט זיך א פארדומפּט קול. איך קום צו לעבן א צעשאָטענעם מויער, קוים וואָס ער האלט זיך פאר אלטקייט. מיינער פּוץ אריין אינווייניק אין א גרויס הויז. גיי אויף די שפּיץ פינגער, נישטער אין דער פינצטער, שא, שטיל. איך נעם ארויס פון דער קעשענע א פּעקעלע מיט עטלעכע שוועבעלעך, רייב, רייב מיט א ציטערדיקער האנט, אומזיסט, עס וויל נישט ברענען. דאָס לעצטע צינדט זיך לסוף אָן און באלד טאקע לאָזט זיך הערן א געשריי גאָר אין איין אָטעם, ערגעץ פון דער זייט דאָרט. דאָס שוועבעלע פארלעשט זיך און גאָרנישט, איך טאַפּ אין דער פינצטער, קריך ערגעץ אריין און שלאָג מיך אויף עמעצן עפּעס אָן. די האָר שטעלן מיר זיך קאפויר, פרעגט מיך בחרם, אויף וואָס פאר א וועלט איך בין. בקיצור, ביי דער שיין פון דער אויפגייענדיקער לבנה, דורך א קליין אויסגע־שלאָגן פענצטערל, אין א פארשימלט חדרל אָן א טיר, דערזע איך, ליגט איינער געבונדן, ווי א שאָף, מיט הענט און מיט פיס, איז, נעבעך, טויט, בלייך ווי די וואנט, קוים־קוים וואָס ער זשיפּעט. — גאָט האָט אייך געבראכט אהער, זאָגט דער אומגליקלעכער פארשוין, בינדט מיך גיכער אויף, ווארום איך בין פארביי. די שטריק האָט מיר זיך איינגעשניטן אין דעם לייב און עס ברענט מיך א טרונק! — ווער האָט אייך אזוי

געפענטעט? טו איך א פרעג, נעם באלד ארויס מיין מעסער און שנייד אויף די שטריק. — און זיין טאטנס טאטן אריינגעפלויגן, שילט דער פארשוין, אויסגלייכנדיק די ביינער. אזא ממזר, נאָטקע גנב! — וואָס, א גנב?! רוף איך מיך אָן, שארף אָנקוקנדיק דעם פארשוין. — יאָ, יאָ, אלצדינג אין דער קאָרט! ערשט היינט נאָך האָט ער געגנבעט א פאָר פערד. איך שפרינג אזש אונטער הערנדיק אזוינס. בקיצור, איך הייב אָן באלד טאקע דעם פארשוין אויסצופרעגן, זאָג סימנים און עס קומט אלצדינג קלאָר ארויס ווי בוימל אויפן וואסער. ביי יענעם פייערל אין דעם וואלד זענען דאָס געזעסן א גאנצע כאָפטעשלעפערס, פיינע לייט, איינער פון די שיינע נפשות האָט זיך געלאָזט שפאצירן דאָרט און צוגענומען אונדזערע פערדלעך. איך דערגיי מיך דעם וועג, באלד אָן שיהות נאָך די גנבים זיך צו לאָזן. דער פארשוין פרואווט מיך אָפהאלטן, לייגט מיר שטיינער אויפן הארצן! ער האָט מורא, דער ממזר זיינער איז א רוצח, מיט אים פאָרן נאָך בוידן פארשוינען, אלע כמעט אזעלכע ווי ער. מיך אָבער האָט עס נישט געלאָזט רוען. בלייבן אָן א פערד קאָן איך נישט. — ניין, ניין! איך מוז זיי דעריאָגן, עס מעג זיך זיין וואָס עס וויל. לאָזן שפייען זיך אין דער קאשע קאָן איך נישט. א רגע איז אצינד טייער! בלייבט איר דאָ, רוט זיך אויס, ביז מיין צוריקקומען מיט די פערד, אים־ירצה־השם, נעם איך אייך און מיר פאָרן ביידע פון דאנען אוועק. אזוי זאָג איך דעם פארשוין, צו וועלכן עס ציט מיר עפעס שטארק דאָס הארץ, נעם די פיס אויף די פלייצעס — און לאָז מיך געשווינד אין וועג אריין.

דאָס אלטע וויסטע קרעטשמעלע שטייט אריינגערוקט אביסל אין וואלד ביי דעם שליאך, וואו עס טיילן זיך וועגן אין פארשיידענע זייטן. לינקס פאָרט מען קיין גלופסק, קיין וואָלין, און רעכטס אין שטעט פון פאָדאָליער גובערניע. איך נעם מיך רעכטס. בקיצור, איך גיי נישט, נאָר איך לויף. אין כעס בין איך א שרעק. איך וואָלט צעריסן דעם גנב ווי א הערינג. עס פעלט מיר מער נישט צו די גוטע עסקים, בלייבן זיצן אין פעלד אָן א פערד, אָן א גראָשן געלט. נישמער, גאָרנישט. מיינע פיס הייבן אָן זיך אָפצוזאָגן פון דעם גיכן גאנג, דער מאָגן וויל נישט וויסן פון קיין שום זאך און מאָנט עסן. א קלייניקייט עפעס אזא גרויסן טאָג אָפצופאסטן. שלעכט! עס עסט מיך דער געדאנק: פארפאלן די מי, אומזיסט דאָס לויפן! זיי, די שיינע נפשות, זענען אוועק א היפשע צייט פריער פון מיר און וואָס נאָך? זיי פאָרן. אקעגן־זשע איך גיי צו־פוס. עס שטאַרקט מיך נאָר איין האָפענונג, טאָמער וועט אָנלויפן עפעס א פורל. א גליק נאָך, וואָס די לבנה שיינט און מען קאָן כאָטש

זען ווי אין העלן טאָג. בקיצור, איך גיי, שוין נישט. אזוי גע־שווינד, מיט אימפּעט ווי פריער, אָבער איך גיי, נעם מיר ארויס די אויגן קוקנדיק. נישטאָ קיין לעבעדיק באשעפעניש. נישמער גאָרנישט, איך טו מיר מיינס. אלץ ווייטער, ווייטער. נעם איך מיך צו עפּעס א זאַך, פאַרשטייט איר מיך, לאָז איך עס אזוי גיך נישט אָפּ. בקיצור, דאכט זיך, א קלאַפּ פון רעדער... אין דער ערד מיטן קאָפּ! אויף צעשפּרינגעניש פאָרט מען גאָר מיר אקעגן, נישט אין דער זייט, וואוהין איך באדארף. איי, א מזל, מיין פינצטער מזל! — איך ווענד מיך צו איין פורל, צו דער אנדערער, אלע זענען שיכור־לוט. אצינד, פאַרשטייט איר מיך, ווער איך שוין גאָר מיאוס אין כעס. אָבער ווי נאָך אין כעס... און טו מיך א לאָז ווייטער מיט אימפּעט. איך בין שוין אָפּגעגאנגען א היפּשע שטרעקע וועג, ס'איז שוין טאקע גוט שפּעט. אין מיר איז נאָך אלץ דאָ א האָפענונג, עס וועט מיך אָניאָגן א פורל, און פונדערווייטנס דאכט זיך טאקע עפּעס פורלעך, נאָר אין דער ערד מיטן קאָפּ! ווידער טאקע מיר אקעגן... ניין! טראכט איך, הייינטיקס מאָל לאָז איך עס אזוי נישט אָפּ. דאָס לעצטע, וואָס ביי מיר געפינט זיך, גיב איך אוועק, אבי מען זאָל מיך אונטערפירן. איך טרייב מיך אונ־טער, גיי מיט קוראזש, נאָר די פורלעך דאָרט רירן זיך, דאכט זיך, נישט, שטייען עפּעס אויף איין אָרט.

א הארץ־ווייטיק נאָר, א צעשפּרינגעניש! נישמער גאָרנישט. בקיצור, צוקומענדיק נעענטער, דערזע איך, דאָס זעגען ביידלעך. עס פאלט מיר באלד איין, אפשר זענען דאָס די פיינע לייט. איך האלט איין דעם גאנג, גיי מיר שטיל, פאמעלעכן און טראכט, וואָס טוט מען? ביי דער זייט וועג ציט זיך א וועל־דעלע, מיינער אריין אהין, באהאלט מיך צווישן ביימער, פון וואנען איך קוק ארויס און באטראכט די ביידלעך אקעגן. יאָ, דאָס זענען מיט די אלע סימנים זיי, זיי! איין ביידל ליגט אָנגעבויגן צו דער ערד, ארום אים א גאנץ פּעקל: מאנסבילן, ווייבער, יונג און אלט, קינד און קייט, אָפּגעריסענע, אָפּגע־שליסענע. דער האקט, יענער קלאפּט, איינער גיט עצות, דער אנדערער פלוכט, זידלט. ווייבער קוויטשען און קינדער שרייען, פּישטשען. ס'איז א געשילטעריי, א געבייזעריי, א פאטשעריי, א כאָרכלעריי מיט א געוויין און א געלעכטער אינאיינעם. צווישן דעם רעש הערן זיך קולות: שולדיק איז דאָס נייע פערדל, פארברענט זאָל עס ווערן! אזא פליאגע, דעם גאנצן וועג האָט עס געצויגן אלץ אין דער זייט, אויף צו־להכעיס אלץ אין דער זייט... עפּעס א פארשלעפּטע קרענק, פּגרן זאָל עס! פייבושקעס כשרע מציאה, א כאָלערע אויף אים — פּיס־קאטשעם, שטינק־פּעסלעך, קוליעם שטרוי אָן הענט, אָן אויגן,

גאָרנישט, נאָר פּרעסן, דריכנען! — זידלט זיך איינער, א רויטער יונגאטש מיט ברייטע פּלייצעס און ווייזט דערביי איטלעכן א קולאק. איך זוך מיט די אויגן און דערזע: אין די אָבעדריקעס מיט שלעיעס שטייט אָפּגעשפּאנט, ביי דעם הינטערשטן ביידל, אייער פּערדל, ר' מענדעלע! מען האָט אים, אפּנים, מכבד געווען גיין אויפן דראָנזשיק. איי, חכם מיינער! מאך איך פאר פרייד, דו האָסט זיי אָנגעמאכט א גוטע חתונה, נישקשה!... וואו־זשע איז ערגעץ מיין שלימזלניצע? מיין שקאפּע, זע איך, שטייט צוגעבונדן הינטער דעם דאָזיקן ביידל טאקע. איך באטראכט מיין דרענגל, נעם ארויס מיין מעסער און לאָז מיך אזוי שטילערהייט ווי א קעצעלע צום ביידל, בשעת די כאָפּטע איז שטארק באשעפטיקט דאָרט מיט דער אקס, שנייד געשווינד איבער די שטריק, כאפּ מיך ארויף רייטנדיק און פאָר מיט ביידע סוסים אָן א זיי־געזונט אוועק. מילא גאָרנישט, באדארף גאָר, צו אלדי שווארצע יאָר, איינער פון דער כאָפּטע דערזען, מאכט א געפילדער און עס ווערט א קאָכעניש. דער רויטער יונגאטש, זע איך, יאָגט הענדום־פּענדום און אָט־אָט דעריאָגט ער מיך. מיינער שמייסט, טרייבט די פערד. זיי לאָזן זיך הייניטיקס מאָל נישט בעטן און לויפן ווי ווייט נאָר זיי קענען. דער רויטער איז שוין ווייטלעך אביסל הינטער מיר. באדארף מיין שקאפּע זיך פארפּלאָנטען אין די שלעיעס פון אייער פערדל, וועלכע איך האָב אין איילעניש נישט אראָפּגענומען. זי פאלט און עס ווערט אן עיכוב. דערווייל יאָגט אָן דער רויטער יונגאטש, אָנגעצונדן ווי א גזלן, און ווארפט זיך אויף מיר ווי א חיה רעה. מיר ראנגלען זיך מיט אלע כוחות, שטום, נישט צו רעדן קיין וואָרט פאר גרויס כעס. מיר ווילן איינער דעם אנדערן אומווארפן און פאלן ביידע ארומנעמענדיק זיך שטייף, אזוי אז די ביינער קנאקן. בקיצור, מיר ארבעטן געשמאק, אָט בין איך פון אויבן, דער רויטער אונטן, קוועטש אזש דער רוח נעמט אים, פּלוצים בייטן זיך די יוצרות: ער פון אויבן און איך אונטן. נישמער גאָרנישט. איך דערלאנג אים, פארשטייט איר מיך, אין דער זיבעטער ריפּ, אין דעם דיך. ער שפּרינגט אונטער און בלייבט ליגן שטיל, ווי טויט. מילא גאָרנישט. דאָס איז געווען נאָר אן אָנשטעל. איך לאָז אים אָפּ, און דאָס טאקע האָט ער געמיינט. ער באָברעט זיך דערווייל שטיל און באקומט ארויס ביי זיך פון דער קעשענע א מעסער. — עהע, אזא בחור ביסט דו, טו איך א געשריי! גיב אים א זעץ איבער דער האנט, אזוי אז דאָס מעסער פאלט אים ארויס און פארפילט ווייט. ער נעמט זיך צונויף מיט אלע קרעפטן, גיט זיך א וואָרף אויף מיר פלינק ווי א קאַץ, דראַפּעט מיר דעם האלדז און אָט־אָט

שטעקט ער מיר אריין די פינגער אין גאָרגל. פּלוצים הערט זיך פונדערווייטנס א גלעקל. דאָס מאכט אויף אים א מורא. ער איז דאָך פּאָרט א גנב. — אייער טרפהן מזל, ברומט ער ווי א בער, וואָס דאָס גלעקל. נאט אייך זשע א מתנה !... ער טוט מיר א טראַך אין קאָפּ און ווערט באלד פארשוואונדן, איך שטיי באלד אויף, כאפּ מיך ווידער ארויף רייטנדיק און פאָר מיר מיין וועג. שפּעטער ערשט דערפיל איך דעם ווייטיק. טו מיך א טאַפּ, בע, אויפן שטערן איז מיר א בייל ! נישמער גאָרנישט. מיינס האָב איך אויסגעפירט, די פערדלעך, פארשטייט איר מיך, זענען ביי מיר.

— בענטשט גומל, וואָס ס'האָט זיך אזוי אויסגעלאָזט ! — רוף איך מיך אָן און נעם אלטערן ארום פאר פרייד.

— נישקשה ! — מאכט אלטער. — לאָז דער רויטער דאָרט אויך בענטשן גומל, וואָס א מעת־לעת האָב איך גאָר־נישט אין מויל געהאַט און בין געווען שטארק מיד. אָבער אונדזערע סוסים זענען דאָ.

— וואו זענען זיי, די ליבן אונדזערע ? — פרעג איך, ארומקוקנדיק זיך אין אלע זייטן.

— האָט צייט אביסל, ר' מענדעלע ! — ענטפערט אלטער. — דער פארשוין, מיט וועלכן איך בין צוריקגעקומען, האָט געפירט די ליבן אָנטרינקען דאָרט אראָפּ נידעריקער, וואו ס'איז דאָ א טייכל און גוטע גראָז. זייט רואיק, נישקשה, ער גיט אויף זיי גוט אכטונג. איך בין אויך נישט לאנג געקומען. מיד, צעבראָכן, לא עליכם, טו איך מיך א וואָרף איןביידל און דעק מיך איבער מיט דעם לאנטוך כאפּן א דרעמל. נאָר קוים וואָס איך מאך צו אן אויג, קומט איר אָן, ר' מענדעלע, און געלויבט איז גאָט, וואָס מען זעט זיך געזונט... וואָס גייט איר עפּעס פארבונדן, ר' מענדעלע, ? הא, די ציין ?

איר, ר' אלטער, — זאָג איך, — איר זייט געקומען פאר־בונדן דעם קאָפּ, מיט א בייל, איך פארבונדן, אָן א פּאָה, איר מיט א פּארשוין און איך מיט ר' חיים־חנאָ,' חיה־טריינעס מאן ! — שטעל איך אים צום צווייטן מאָל פאר שוין מיט דעם גאנצן טיטל.

אלטער שטעלט אויס די אויגן, קוקט אויף מיר מיט א פרעג.

— וואָס הייסט ! — מאך איך שטארק פארוואונדערט. — איר קענט נישט חיה־טריינען !

מילא חיה־טריינע איז חיה־טריינע, — מאכט אלטער פאר־וואונדערט צוריק, — אָבער די פּאה ! וואָס געהער זיך עס אָן מיט אייער פּאה ?

— א קרובה, מיין ווייב געהער זיך אָן א קרובה, — רופט זיך חיים־חנאַ אָן תמעוואטע.

און ווי מיר שמועסן זיך דאָ אזוי, זיצנדיק אויפן גראָז, ווייזן זיך פונדערווייטנס אונדזערע לייבן, העצקענדיק זיך, קלאָמפּערש ווי זיי לויפן. עפּעס האָט זיי אין מיינע אויגן דאָס פּנים זיך געענדערט פון נעכטן אָן. זיי פאררייסן די קעפּ מיט גאווה, גלייך ווי געדעדט: לאך דיר, לאך, פונדעסטוועגן האָט זיך אויף אונדז געפונען א בעלן, געהאט שטארק חשק און אונדז אוועקגעגנבעט, נישקשה. מיט א שמאטע אויפן פּוס, מיט א רינענדיק אויג, פונדעסטוועגן, אז מען באדארף גיין אויפן דראָנזשיק, גייט מען, און אן אקס, אז מען באדארף צעברעכן, קענען מיר אויך, נישט ערגער פון אנדערע. אז אַך־און־ווי איז אונדז נאָר, וואָס מיר זענען יידישע. איר ר' יידן, זייט זיך נאָר מתחייב אייערע פערד קעסט און געבן גיט איר זיי מכות... איך דערלאַנג מיין פערדל, בשעת צוקומענדיק צו מיר, א קליין זעצעלע איבער דער מאָרדע מיט א שמייכעלע: דו שקאַץ איינער! —

באלד דערויף קומט אויך צו אלטערס פּארשוין. איך טו א בליק און לאָז ארויס אויף א קול, א פּאטש געבנדיק ביידע הענט:

— פּישקע! מען זאָל געוועזן דערמאָנען משיחן, וואָלט ער געקומען.

— יענער פּישקע? פון וועלכן איר האָט מיר דערציילט? — פרעגט אלטער זייער פּארוואונדערט.

— יאָ יענער, דער פון דער באָד. — נו, שלום עליכם, פּישקע!

— איך האָב אייך, ר' מענדעלע, אויכעט דערקענט, — זאָגט פּישקע אָפּשטעקנדיק מיר צוריק א שלום־עליכם.

— אייער פּישקען קומט א דאנק, — מאכט אלטער צו מיר. — ווען נישט ער, וואָלטן מיר אונדזערע פערדלעך געזען ווי אונדזערע אויערן.

— ווען נישט ר' אלטער, — מאכט פּישקע אויך צו מיר, — וואָלט פּישקע א מיתה משונה איינגענומען.

— איך האָב שוין געהערט, געהערט! — רוף איך מיך אָן. — זאָג בעסער, פּישקע, פון וואנען האָסט־דו זיך אהער גענומען?

— ס'איז א לאנגע מעשה, — ענטפערט פּישקע, אוועקקערנדיק דעם קאָפּ אין דער זייט.

איך שטיי א רגע און באטראכט פּישקען. ער איז נעבעך נאַ־קעט און באָרוועס מיט געשוואָלענע, פּארבלוטיקטע פּיס, פּאר־ברענט פון דער זון און דאר ווי א צוים־שטעקל, נאָר הויט

און ביין. דאָס האַרץ האָט געריסן קוקנדיק אויף אים. ער האָט געמוזט נעבעך געגנוג צרות אויסשטיין. איך נעם אים ביי דער האַנט און זאָג:

— דיין מעשה, פישקע, וועלן מיר שפּעטער הערן. עס וועט נאָך זיין צייט. אַצינד רו זיך אביסל אוים דו מיט אונדז.

# יב

פּאָר א יידישן בעל־לשון וואָלט געוועט גענוג מאַטעריאַל אויף אָנצושרייבן א שיינעם פּזמון פון אונדז אַלע, דענסטמאָל אין יענעם שיינעם פרימאָרגן. ס'איז דאָ צום פּזמון פיר באַוויבטע יידן, ווי זיי ליגן זיך צעשפּיליעט אויפן גרינעם גראָז, האָבן הנאה און שווייגן. אויך א זון מיט שטראַלן, הימל, נאַטור, טוי־טראָפּן, שפּיל־פייגעלעך און פערדעלעך, איינס שענער פונעם אַנדערן. דערצו וואָלט ער דאָך געמעגט געבן א גמילות־חסד עפּעס פון זיינע אויך: א טשערעדע שאָף, וואָס פּיטערן זיך אויפן געמויזעכץ, א קלאָר רינענדיק וואַסערל, וואו ,,אינדן טועז צעברעכן זייער דאָרשט", און אונדז פּייפּעלעך אין מויל, אויף וועלכער מיר שפּילן און שאַלן, ווי די פּאַסטוכער, א לויב־ליד דער געליבטער כלה און שיר־השירים. טאָרבעם איז דאָ ביי אונדז. ברוך־השם, אייגענע, נישט צו באַדאַרפן זיינס. ביי אים בלייב עס... נאָר אָבער עד כאן, ביז דאַנען, ווייטער ר' ייד רוק זיך נישט! צו מיר אין דער נשמה אַריינקריכן, אַריינלייגן דאָרט אייערע חכמהלעך, פוילע פּשטלעך — דאָס איז נישט פאַר אייך. דערויף איז שוין דאָ פאַר אייך אַנדערע ערטער... מיינע געדאַנקען גיב איך איבער בעסער אַליין.

פּשוט איז פּשוט, איך ליג מיר בקאָמפּאַניע צעלייגט, קוק מיט א פאָר אָפענע אויגן און האָב זיך משונה הנאה. וואָס? גאָרנישט. עפּעס איז מיר גוט אויפן האַרצן גלאַט אַזוי' אָן ווערטער. דאָס צוטרימקען מיינס דערביי איז אויך מיט א כוונה צו געבן קאָנצערט, אָדער צו שאַרפן די כלי. נאָר גלאַט אַזוי זיך א טרים־ברים, ברים־טרים... אַזוי געוויינטלעך טרימקעט א ייד אָן ווערטער, אָן א שום געדאַנק, ווען די דאגות הפּרנסה לאָזן אים אביסל נאָך. אַזוי געוויינטלעך טרימקען קאָמפּאַניעס יידן, איטלעכער פאַר זיך, אויף זיין שטייגער, בשעת זיי שפּאַצירן זיך יום־טוב, אָדער שבת נאָכן קוגל אין די כאַלאַט־לעך, דדייענדיק דערביי א טייל — די קוטאַסן, די שפּיצן בערד־לעך, און א טייל פאַרלייגט די הענט אהינטן.

חיים־חנאָ טרימקעט אויך מיט א שיינענדיק פּנים. דערנאָך

גיט ער זיך פּלוצים א שטעל אויף, נעמט זיך ביים בערדל, באלעקט זיך און מאכט צו מיר אזוי:

— נו, ר' מענדעלע! שוין צייט, מיין איך, צייט פאָרן. האָ?

— איר ווילט שוין פאָרן אהיים? רוף איך מיך אָן און שטיי אויך אויף. — נו, פאָרט געזונטערהייט!

— וואָס הייסט! — קוקט חיים־חנאָ אויף מיר שטארק פארוואונדערט. — און איר, ר' מענדעלע, איר וועט דען מיט מיר נישט פאָרן? עפּעס האָט מען דאָך גערעדט, עפּעס.

— ווי קען איך! ענטפער איך, ווייזנדיק אויף די אלע לייט מיינע.

— מיר בעטן, מיר בעטן! — מאכט חיים־חנאָ. — לאָזן זיי אויך פאָרן, מיין חיה־טריינע מאכט היינט ווארעניקעס. עס וועט פאר איטלעכן גענוג זיין וואָס צו עסן, ווארעניקעס.

— א שיינעם דאנק! — פארבייג איך מיך.— נישטאָ קיין צייט. מען מוז אין זינען האָבן עפּעס פרנסה. גריסט אייער ווייב גאָר פריינטלעך.

— גאָט איז מיט אייך, ר' מענדעלע! מיין ווייב וועט מיך הרג... — חיים־חנאָ האָט געוואָלט זאָגן „הרגענען" נאָר ער האָט זיך פארכאפּט און אויסגעלאָזט שטארק צעטראָגן: — וועט מיך אין שטוב נישט אריינלאָזן, מיין ווייב, אָן אייך. מיינע האָט מיט מיר היינטיקע נאכט איבערגעשמועסט ,דעם עסק... פארשטייט איר מיך? זי ריכט זיך דאָ אזוי אויף אייך, באסיע־גרונע מיינע אויך .. פארשטייט איר?

— איך פארשטיי, פארשטיי. עס מוז אָבער געדולט זיין אביסל. מיין ווייב וועט מיך אויך הרג... אין שטוב נישט א־ריינלאָזן, מיין איך. ווען איך זאָל מיט איר נישט איבער־שמועסן דאָס עסק, פארשטייט איר מיך? וואָס קען מען טאָן, ר' חיים־חנאָ?

חיים־חנא איז געבליבן שטיין ווי אויסגעפּאטשט. מען האָט געזען, ווי עס טריפט אים דאָס בלוט. דאָס פּנים האָט אים זיך פארענדערט.

— טוט מיר די טובה, קומט! — מאכט ער מיט א גע־בעט. — ווען נישט, גיט־זשע מיר כאָטש א בריוועלע צו חיה־טריינען, א געשריפטס, מיר אליין וועט זי נישט גלויבן, מיך באשולדיקן וועט זי מיך, אז איך בין א שלים־שלים... וועט... וועט... פארשטייט איר מיך? שרייבט איר אָן עטלעכע ווערטער, דער רבי וועט עס איר איבערלייענען. איך בעט אייך!

אין־ברירה, מען מוז ראטעווען א נפש. ס'איז אפילו א גרויסער יושר אזא מאן גוט מקיים־פסק צו זיין. נאָר לאָז ער באפן א פאטש נישט דורך מיר. איך נעם פונעם רעגצעלע מיינעם איןביידל ארויס א בליי־פען, רייס־אָפּ פון א סידור

דאָס אויבערשטע לײדיקע בלעטל, שפּאַר מיך צו צו דער קעלניע און שרייב די דאָזיקע ווערטער:

„להנגידה המפורסמת שאר־בשרי, הצנועה מרת חיה־טריינע, זאָל לעבן און געזונט זיין, אמן.

הנה זייט וויסן, אַז, געלויבט השם יתברך, איך בין בקו הבריאה, געזונט אויף אַלע אברים. גאָט ברוך־הוא זאָל נישט אָפּטאָן דעם חסד זיינעם פון אונדז אויך אויף ווייטער, מיר זאָלן הערן אין גיכן ישועות ונחמות איינער פונעם אנדערן אין גרויס נחת, עושר און כבוד מיט א גרינג געמיט, אמן סלה. אייערע קינדערלעך, זאָלן מאריך ימים ושנים זיין, גרים איך גאָר פריינטלעך, ובפרט לבתכם הכלה הבתולה מרת כאסיע־גרונע, לעב, בעט איך למען־השם צו גריסן גאָר פריינטלעך.

ווייטער בין איך אייך מודיע, אַז הסחורה האָב איך, געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, געטראָפן גאַנץ עם הביידלעך אויף זייער אָרט. והשנית בין איך מודיע, אַז הסוסים האָבן זיך אויפגעזוכט. ר' אלטער יקנה"ן האָט זיי פון גנבימס הענט מציל געווען. דאָ האָבן זיך געמיט נאָר זכות־אבות. גרויסע ניסים איז אונדז באשיינפּערלעך געשען. מיר זענען גאָר אַזוי פיל נישט ווערט דעם אויבערשטנס חסדים. בעלכם נ"י וועט אייך איבערגעבן כל־דבר שורש. מען מעג אַזוינס אין די קראַניקעס שרייבן.

איך בעט אייך מחילה, חיה־טריינע, ווי אַן אייגענע מוטער, וואָס איך נעם מיך אונטער צו זיין פאַר אייך א מליץ־יושר אויף אייער בעלכם, וואָס האָט געבעך גרויס שרעק און עגמת־נפש דערפון, וואָס איך פאָר היום נישט צו אייך לויט דעם מדובר. האָט אויף אים רחמנות, לאָז ער. נעבעך, נישט האָבן אָפּגעשניטענע יאָרן און באשטראָפט ווערן דערפאַר, וואָס איך האַלט נישט וואָרט און קען נישט כפי המדובר צו אייך היום קומען. אויף אייער בעלכם איז, כ'לעבן, א צער בעלי־חיים. ער האָט פאַר מיר פשוט געחלשט, מצדו איינגעלייגט די וועלט, אָפּגעלויבט אין טאָג אריין אייך ובפרט בתכם הכלה המושלמת, וועלכער איך גרים גאָר פריינטלעך, הכלל ער האָט מצדו געטאָן, וואָס א מאַן און א געטרייער טאַטע באדאַרף צו טאָן... פאַר־שטייט איר מיך? און נאָך א מאָל טאַקע פאַרשטייט איר מיך?

— ער האָט מיר אפילו געדרייצט דעם יצר־הרע מיט וואַרעניקעס און נאָך גוטע זאַכן. נאָר פרנסה איז בילכער ווי אַלצדינג. מען מוז צוליב דאָס שטיקל פרנסה פאַרבויגן אפילו וואַרעניקעס. והשנית, האָב איך דאָך עפּעס א זווגתי, איר פאַרשטייט דאָך, פאַרשטייט איר מיך, וואָס איך מיין... אין אַזעלכע זאַכן פאַר־שטייט איר?... וואָס איז דען א מאַן אָן א זוגתו? איך האָף צו דעם וואָס לעבט אייביק, אַז מיר וועלן בלי־נדר זיך נאָך זען און אם ירצה השם אין פריידן אָפּעסן ביי אייך וואַרעניקעס

און אפשר נאָך לעקעך אויך... פארשטייט איר מיך. דערווייל זאָל בעלכם, נעבעך, גישט ליידן. א צער בעלי־החיים!...

איך שיק אייך דאָ מיט בעלכם א מתנה: א „תחינה על הפרנסה“, תחינות צו ליכט בענטשן, צו ראש־חדש־בענטשן“, תחינה אמהות שרה רבקה רחל ולאה“, גאָר א שפּאָגל־נייע תחינה, פאר כפרות־שלאָגן“, גם שיק איך אייך דעם „מעין טהור“, וואָס איטלעכע אשה באדארף דרינען זיין בקי און שטארק היטן די אלע דינים דאָרט, ווי זיך נוהג צו זיין. איר וועט דערפון גרוים תענוג האָבן, אייער בתכם הכלה הבתולה זועט דערפון אויך משוגה הנאה האָבן.

חיה־טריינע! איך האָב צו אייך א בקשה. אז די וואנצן שלכם האָבן מיך, נישט היינט גערדאכט, נעכטן געפּייניקט, האָב איך א־אָפּגעכאפּט פון מיר האוואָלענע זאָקן שלי, די ברעסלער, און זיי אין איילעניש ביי אייך אויפן טאפטשאן פארגעסן. זוכט זיי, זייט מוחל, אויף, און לאָז בעלכם זיי טראָגן געזונט. א מתנה פון מיר. — זייט מיר געזונט און גריסט נאָך אמאָל אייערע ליבע קינדערלעך. גם אייער בתכם הכלה־לעב אויך גאָר פריינטלעך. פארגעסט למען־השם נישט מכוח אייער בעלכם, בעלכם האָט נעבעך א שווער, ביטער געמיט, הבייטש שלי, וואָס איך האָב פארגעסן בהאלקערל שלכם, גיב איך במתנה דעם רבין, זי וועט אים צוניץ קומען... פון מיר, וואָס גריסן אייך און אייערע קינדערלעך איטלעכן באזונדער און בתכם הכלה־לעב אויך באזונדער. הקטן מענדעלע מוכר ספרים“.

אז איך האָב איבערגעליינט דעם דאָזיקן בריוו חיה־טריינעס מאַן, איז ער געוועזן איבערגליקלעך און גאָר אָנגעקוואָלן פון דעם זיסן לשון. ביי איטלעכם וואָרט האָט ער זיך א פּאטש געגעבן אין שטערן פאר גרוים וואונדער, ווי א מענטש קען אזוינס אָנשרייבן! מאכנדיק דערביי: אוי, לשון. צוקער־זיס, ווי איך בין א ייד!... מיר האָבן זיך זייער שיין געזעגנט און ער איז מיט א גרינג הארץ אוועקגעפאָרן.

# יג

אזוי ווי איך און אלטער זענען געוועזן ביידע שרעקלעך מיד און צעבראָכן פון נעכטיקער נאכט, דעריבער איז ביי אונדז געבליבן, כאפּן א דרימל און אויסרוען זיך אביסל אקעגן א פּאָר שעה. דערנאָך וועלן מיר זיך לאָזן פריש אין וועג העט ביז אין דער נאכט אריין. פישקע האָט אויף זיך גענומען, אכטונג צו געבן דערווייל אויף די פערד און אָנגרייטן עפּעס

צו מיטאָג. „איך, אזוי זאָגט ער. האָב די נאכט, נאָך דער מעשה מיט מיר, נעשמאק געשלאָפן ווי נאָך א באָד. ר׳ אלטערן, ביי זיין צוריקקערן זיך, איז שווערלעך אָנגעקומען איידער ער האָט מיך דערוועקט.“ — אלטער לייגט אויף מיין בקשה, דעם קאָפּ זיינעם אנידער צו מיר אויפן שוים. איך נעם א מעסער און קוועטש מיט דעם קלינגל אים אָפּ דעם בייל אויפן שטערן. דערנאָך גענעצן מיר, קנאקן אויס די ביינער, גייען און לייגן זיך אין שאָטן אונטער א בוים.

ווען נישט די זון זאָל געווען פון דער פוטערפאס ארויס־שיקן אירע ברענענדיקע שטראלן, וואָס האָבן אונדז געבראָטן, וואָלטן מיר געקענט אזוי ביז נאָך האלבן טאָג אָפּשלאָפן. אויפעפענענדיק די אויגן, דערזעען מיר נישט ווייט פון אונדז ברענט א פריילעך פייערל, ביי וועלכן עס קאָכט זיך א טעפּל קארטאָפליעס, צוגעדעמפּט מיט ציבעלע און מיט א יידישער דארער קישקע. מיר נעמען צו־ביסלעך בראָנפן און זעצן זיך באלד עסן מיט אפעטיט. מיר לויבן אָפּ פישקעס קאָכן אין טאָג אריין. עס האָט דעם יידישן טעם, רער מלכות מעג זיינע קאר־טאָפליעס עסן, און ער קוועלט גאָר אָן, צואווינטשנדיק אונדז: עסט געזונט, זאָל אייך וואויל באקומען!

— פון וואנען, פישקע — טוען מיר אים א פרעג, — האָסט דו עס אויסגעקראצט א יידישע דארע קישקע? פון אונדזערע קארטאָפליעס און ציבעלע האָט דאָך געקענט זיין נאָר פיש־קארטאָפל.

— פון וואנעט, פרעגט איר, א יידישע דארע קישקע? — ענטפערט פישקע. — פון דער טאָרבע! ס׳איז מיר גראָד געראָטן מיין טאָרבעלע צו באהאלטן פון דעם ממזר, פארכאפט זאָל ער ווערן!

— דערציייל, פישקע — בעטן מיר אים, — וואָס איז אזוינס מיט דיר געשען?

— עט! — מאכט פישקע מיט א זיפץ. — כ׳איז פיל צו דערציילן, זייער א לאנגע מעשה.

— דער טאָג איז גרויס, צייט איז ביי אונדז, ברוך־השם, דאָ צו הערן דיין מעשה. — קומט שפאנען! — זאָג איך צו אלטערן. — מיר וועלן זיך פאָרן און פישקע וועט אונדז אויפן וועג דערציילן.

אז די ביידלעך זענען שוין געשטעלט געשפאנט, פארבעט איך דעם עולם צו מיר אויפן וואָגן. אלטער פארבעט אונז צו זיך. ביי מיר, זאָגט ער, איז גערוימער, נישט אזוי אָנגעפאקט מיט סחורה. איך מאך א פשרה: לאָז זיין אביסל ביי אים אויפן וואָגן און אביסל ביי מיר.

# ביי אלטער יקנה״ז אויפן וואָגן

— נו, הײדאַ, פּישקע! אַרויס מיט דער שפּראַך! — בעטן מיר אים, נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף אונ־דזערע ערטער און געפּועלט ביי אונדזערע פערדלעך, זיי זאָלן זיך רירן פונעם אָרט. פּישקע אָבער קווענקלט זיך, האַלט אַ־ראָפּגעלאָזן די אויגן און ברעכט די פינגער.

— ווייס איך?... איך שעם מיך עפּעס. גלאַט נעם און דערצייל! אַז איך קען נישט. עפּעס פריקרע, כ'לעבן.

איך גיב פּישקען אונטער חשק. אַלטער פון זיין זייט שמועסט אים איין אַזוי:

— ס'איז נאָר האַרב, נאַרעלע, דער אָנהויב. אַבי נאָר דאָס ערשטע וואָרט, גייט עס שוין דערנאָך ווי אַ מזמור. איך ווייס עס טאַקע פון מיר אַליין. מילא בקיצור, וואָס מאַכט עס אויס? וועסט אַליין, נאַרעלע, דערנאָך זען, ס'איז גאָרנישט... מילא, האָסט דו, פּישקע, חתונה געהאַט, פאַרשטייסט דו מיך, מיט דער בלינדער יתומה. נו! גאָרנישט. ווייסן מיר עס שוין. בקיצור, וואָסזשע איז געווען ווייטער?

— ווייטער? איז איר טאַטן און אין זיין טאַטנס טאַטן אַ רוח אַריינגעפלויגן! — שיסט פּישקע אויס מיט אימפּעט אין איין כעס. — זיי האָבן עס מיר אָפּגעטאָן־עט אויף טערקיש.

— נו, נו, נו! — טרייבן מיר אָן פּישקען, וואָס האָט נאָך דעם אימפּעט זיך באַלד אָפּגעשטעלט. פּישקע עפנט ווידער אַ מויל און הויבט אָן שוין ניט מיט אַזאַ היץ ווי פריער:

— אוי, אַ שיינע ווייבערע!... נאָך דער חתונה האָבן מיר גאָר נישקשהדיק געלעבט, ווי אַ יידיש פּאָר־פאָלק באַדאַרף צו לעבן. איך האָב, דאַכט זיך, אַקעגן מיין ווייב געגנוג יוצא גע־ווען. הערט איר, יידן, זאָל מיר אָפּדאַרן דאָס מויל, אויב איך זאָג אייך אַ ליגן! אַלע טאָג אין דער פרי פלעג איך זי, ווי עס געהער צו זיין, אַרויספירן אויף איר אָרט לעבן דעם אַלטן בית־עולם, וואָס דאָרט איז דער שטייגער אירער געווען צו זיצן אויף אַביסל שטרוי און בעטן נדבות מיט אַ ניגון פון די קינות, וועלכער עס האָט איטלעכן גערירט ביי דעם האַרצן. עטלעכע מאָל אין טאָג פלעג איך איר צוטראָגן אַהין, דאָס אַ טעפּל געקעכטס, דאָס אַ הייסע באַבקעלע, אַ זויערע אוגערקע, אַ קיסליצע. נאַ, קוויק זיך! זי זיצט דאָך די גאַנצע צייט אָפּעט אויף איין אָרט און איז שטאַרק פאַרטראָגן אין דער פרנסה. פיל מאָל פלעג איך מיר גלאַט אַזוי קומען געוואָר ווערן, וואָס מאַכט זי, אויך אונטערהעלפן איר אַביסל אין דעם פדיון: אַרויסגעבן איינעם, דעם אַנדערן רעשט פון אַ דרייער,

פון א זעקסער; דערמאָנען זי אין אלטע חובות פון באלעבאָ־טים, וואָס האָבן איר פאַרבייגייענדיק נישט געסילוקט באלד במזומנים, נאָר אָפּגעלייגט אויף שפּעטער; אָדער אָפּטרייבן א קו, א ציג, וואָס זיי האָט זיך געגלוסט, אויף זייער שפּאַציר אין די גאַסן, ארויסכאַפּן איר פון אונטער דעם געזעס א פול מויל מיט שטרוי. אין חודש אלול האָב איך זי געפירט אויפן גרויסן יאַריד, ארויס פון שטאָט, דאָרט אויף דעם בית־עולם. זי האָט עס געמאכט נישט ערגער פון דעם איבעריקן פּעקל כלי־קודש דאָרט: שמשים, שמשטעס, חזנים, זאָגערינס, מקבלים, תהילים־זאָגערס, גבאיטעס, קנויטלעך־לייגערינס, פעלד־מעסטע־רינס, וויינערינס און קלאָגערינס. אָט אזוי האָט זיך עס גע־מאָלקן, יידישע קינדער! ס'איז געווען, נישקשה, פון וואַנעט צו לעבן. נאָר אז ס'איז גוט, וויל מען נאָך בעסערס, אז מען האָט ברויט, וויל מען קוילעטש.

— ווייסט דו וואָס? — הויבט מיין ווייב אָנעט מיר צו זאָגן. — אזעלכע מענטשן ווי איך און דו, אזא פּאָר־פאָלק ווי מיר ביידע, וועלן אויף דער וועלט פאַרפאַלן אָסור נישט ווערן. אין אונדזער ברויט זענען אונדזערע חסרונות גאָלע מעלות. ביי אנדערע אין די הענט אזעלכע זאָלן איינשטיין, וואָלטן זיי א גליק געמאכט. מיר ביידע זענען גרויסע שלימ־מזלניקעס און טוען נישט דאָס, וואָס מען באַדאַרף. אָט פּאָלג, כ'לעבן, א ווייב, אביסל עלטער, געניטער פון דיר. נעם, פּישקע, פיר מיך ארויסעט אויף דער לעבטיקער וועלט, צווישן לייט, אין יענע מקומות אריין, וועסט דו זען, געדענק מיינע ווערטער, אז מיר וועלן גיין אין גאָלד. דאָ אויף דעם פּלאַץ איז שוין כמעט גאָר נישטאָ וואָס צו טאָנ'עט. מען זיצט אמאָל אָפּעט א לאַנגע צייט ביז איינער דערבאַרעמט זיך און גיט א גראָשן. לייט דערציילן עס אביסל פון דעם גרויסן גליק, וואָס לעקיש, דער כאָלערע־חתן, האָט אין דער וועלט מיט פּערלען זיין ווייב געמאכט. זיי האָבן באלד נאָך דער חתונה זיך אוועקגעלאָזט און דאָס מזל, אָן עין־הרע, גייט זיי! מאָטל מקבל האָט מיט זיי אין קישינעוו זיך באגעגנט, ארומגייענדיק אין די הייזער. זייערע טאָרבעס, דערציילט ער, זענען פול אָנגעשטאָפּט מיט אלעם גוטן — מיט שטיקער קוילעטש, גרעסערע ווי מען גיט דאָ דעם שבת־גוי, מיט מאמעליגע, מיט געריכערט שאָפּן־פלייש, מיט דארע קישקעס און קאָרע. פּערלע שיינט ווי די לעבטיקע זון. ס'איז איר אין פּנים נישט אריינצוקוקן. זי איז פעט, דיק און ברייט מיט פּיסקעס, גאָר א גראַפּינע. גלופּסק וויל זי מער נישט קענען, מען זאָל איר עס אפילו שענקען. — מענטשן וואָס קומען פון אדעס, קענען זיך גאָר נישט אָפּ־וואונדערן פון דעם גליק, וואָס יאָגטלען, דעם אנדערן כאָלערע־

חתן, האָט געטראָפן. זיי האָבן אים געזען זיך רוקנדיק דאָרט אויפן געזעמס צווישן די קלייטן און גאָט שיקט אים צו. ער מאכט עס גאנץ גוט. דער עולם קען אויף אים זיך גאָר ניט זאט אָנקוקן. אדעם זאָגן זיי, האָט דאָך עפעס גענוג קאלעקעס, וואו ערגעץ אין דער וועלט א קאלעקע רייסט זיך אהין אָפעט און מען איז שוין מיט אזעלכע געוואוינט, נאָר ווי קומען זיי אלע צו גלופסקער! אזעלכע ווי גלופסק גיט ארויסעט, קען ענגלאנד אפילו אויך נישט ארויסגעבן. גלופסק, אזוי דערציילן מענטשן, קלינגט אין דער וועלט. אויף א גלופסקער יידן לויפט מען קוקן, ווי אויף א בייז וואונדער... אונדז, כ׳לעבן, וועט גאָט אויך נישט פארלאָזן. אָט כל־זמן ס׳איז נאָך זומער, קום לאָמיר זיך אוועקלאָזן. האיע נישט, א טאָג, כ׳לעבן, איז אויך אן עבירה.

מיין ווייב האָט מיר געמאכט א יצר־הרע און מיר האָבן זיך אוועקגעלאָזט.

וואָס זאָל איך אייך זאָגן, יידן, נישט פארזינדיקן, ס׳איז אונדז געגאנגען זייער גוט. אין וועלכן דאָרף, אין וועלכער שטאָט מיר זענען געקומען, האָבן מיר אויסגענומען. איטלעכער האָט אויף אונדז געקוקט, קיינער האָט אונדז נישט אָפגעזאָגט. דער הקדש איז פאר אונדז געווען אָפן אומעטום, הייזער וויפל דאָס הארץ גלוסט, גיי אהין און נעם, אין קעשענע, אין בוזעם און אין דער טאָרבע. דער שמש פון דער שול פלעגט נעמען עטלעכע גראָשן און אונדז געבן דערפאר פלעטן אויף שבת תמיד אין איין הויף. מיין ווייב האָט מיט מיר געלערנט הלכות אָרעמאן. איך בין דרינען געווען נאָך גאָר א פריץ און נישט געוואוסט רעכט די דינים פון ארומגיין אין די הייזער. מיינע אָבער איז אין די זאכן געווען א וואויל־קענעוודיקע מיט אלע אָפשניצלעך. זי האָט מיך אלץ געלערנט, ווי אזוי מען באַדאַרף אריינקומען אין א שטוב, ווי אזוי מען באדארף קלאָמפערשט קרעכצן, הוסטן און וואָס פאר א רחמנות־פנים מען באדארף מאכן דערצו; ווי אזוי מען באדארף א נדבה בעטן אָדער מאָנען, זיך דינגען און צוטשעפען זיך ווי א זלידנע: ווי אזוי מען באדארף צואווינטשעווען, אָדער שילטן, פלוכן טויטע קללות. איר מיינט, עפעס אזוי גלאט נעמט מען זיך און מען גייט אין די הייזער? ניין! דאָס איז א גאנצע תורה. ביי יידן א נגיד צו ווערן איז גענוג נאָר מזל. עזות, פארשטאָכענע אויגן און דאָסגלייכן, דאָס קומט שוין שפעטער פון זיך אליין ממילא. אָבער א יידישער אָרעמאן צו זיין, טאקע וואָס אָרעמאן הייסט, איז מזל אליין ווייניק, ער מוז קענען און וויסן א סך זאכן, וואָס זענען שטארק נויטיק צום עסק. ער באדארף

קענען די שפּיל און אריין אין דער גרגרת אריין אזוי, אז יעדער מוז געבן. ער זאָל אפילו א מיתה משונה איינגעמען.

איך מיט מיין ווייב זענען מיר געוועזן פּיס־אָרעמלייט. — איר קוקט מיך עפּעס אָנ'עט, מיינע ליבע יידן, ווי אייך איז עפּעס שטארק קשה. לאָזט זיך דינען, זייט מוחל! אז איך האָב שוין אָנגעהויבן צו דערציילן, וועל איך געבן צו פאַרשטיין אייך, ווי ווייט איך קען, דאָס אויכ'עט. די אָרעמעלייט ווערן, ווי די סאָלדאטן, איינגעטיילט! אין פּיעשע... ווארט נאָר, ווארט, עפּעס איז דאָ א פאַרדרייעניש פון הונדערטער סאָרטן, א פּלאָנטעניש פון שווערע נעמען פון צונעמענישן־אָרעמעלייט, וואָס דראליען, הולכן מיט די רגלים... דער שווארץ־יאָר זאָל זיי וויסן! אָרעמעלייט ווי מיסט, עפּעס אזוינע און אזוינע, קבצנים דאָ און דאָרט, אביונים, דלפנים מיט אלע פּרושים, שלעפּערס און דער וועלט, בעטלער, בטלנים, מקבלים און טעלערלעקער אין דער שטאָט. אלערליי, גאָר אָן א צאָל!... ווארט נאָר, לאָמיר זיך אביסל באטראכטן.

פּישקען אָבער האָט דאָס באטראכטן זיך אויך נישט געהאָלפן. ער האָט זיך פאַרדרייט אין די גרויסע מחנות אָרעמעלייט און נישט געקענט ארויס. איך האָב פון זיינע ווערטער פאַרשטאַנען, אז די אלע מיני אָרעמעלייט ביי אונדז טיילן זיך אויף אזוי: פּישקע אָדער פּיס־אָרעמעלייט, די וואָס שלעפּן זיך צופוס, און קאָניצע אָדער בויד־אָרעמעלייט, די וואָס שלעפּן זיך ארום אין ביידלעך. אחוץ דעם ווערן זיי נאָך איינגעטיילט אין מינים: שטאָט־אָרעמעלייט, אזעלכע וואָס זענען געבוירן געוואָרן ערגעץ אין א שטאָט, געוויינטלעך ערגעץ אין דער ליטע, און פעלד־אָרעמעלייט, די וואָס ווערן געבוירן פּשוט אויף דעם פעלד אין א בויד. זייערע עלטערנס עלטערן האָבן פון אייביק אָן זיך ארומגעשלעפּט. די דאָזיקע אָרעמעלייט זענען יידישע ציגיינער, שטענדיק וואנדערעווען זיי פון איין עק וועלט צום אנדערן, זיי ווערן געבוירן און אויפגעוואקסן, האָבן חתונה, פּרוכפּערן זיך און שטארבן אלץ אונטערוועגנס. זיי זענען פרייע מענטשן, פּטור פון אלע זאכן, פון נתינות, טאקסעס וכדומה, אויך פּטור פונעם דאוונען און פונעם גאנצן יידישקייט. נישטאָ קיין אויבערהאַר. — צו דעם טייל שטאָט־אָרעמעלייט געהערן אלערליי שטעטישע קבצנים פון די דאָזיקע סאָרטן: קבצנים פּשוטע. יידן, יידענעס, מיידלעך און בחורים, וואָס גייען מיט טאָרבעס אין די הייזער אלע ראש־חודש, אויך אין מיטן דער וואָך און נעמען גראָשנס און שטיקלעך ברויט. א גרויסער טייל יינגלעך און מיידלעך פון די דאָזיקע לויפן אמאָל נאָך איטלעכן אויף דער גאס און רייסן ביי די פּאָלעס, ביז מען מוז זיך פון זיי אויסקויפן מיט עפּעס א נדבה. — קבצנים כלי־

קודש. דאָס זענען מקבלים, בטלנים, אין איטלעכן קלייזל, וואָס זופּן משניות און זאָגן קדיש ביי א בר־מינן און אויפן הייליקן אָרט צו א יאָרצייט. מען מעג צו זיי רעכענען אויך שופר־בלאָזער, מזוזות־איבערקוקער מיט דעם גאנצן קאפּיטל אזעלכע לייט. — תורה־און־מצוה־קבצנים, ווי, אשטייגער, פּרושים, וואָס וואַרפן אוועק ווייבער און קינדער, באַגראָבן זיך אין א קלייזל ערגעץ אין דער פרעמד און לערנען „ביצה" אויף דעם עולמס רעכענונג. ישיבה־בחורים, וואָס גייען ארום שלינג־און־שלאנג, קראַצן זיך אונטערן אויוון און עסן טעג. יידן מיט פּאטשייל־כענס אין די הענט, אָדער מיני גבאים, משטיינס־געזאָגט, וואָס זאמלען נדבות קלאָמפּערשט אויף עפּעס א מצוה־זאך. — באַ־האַלטענע קבצנים, פון באלעבאטים, וואָס נעמען קצבה און נדבות שטילערהייט. — האלבע קבצנים, ווי, אשטייגער, תלמוד־תורה מלמדים אין פּיל שטעט, וואָס זענען האלב־מלמדים, האלב־בעטלער, און דאָסגלייכן אויך שמשים, דיינים, רבנים. איטלעכער פון זיי איז האלב דאָס, וואָס ער איז, און האלב דאָס, וואָס אלע אנדערע יידן מיט טאָרבעס זענען. — יום־טובדיקע קבצנים, אזעלכע, וואָס קבצנען געוויינטלעך פּורים, בשעת יידן בכלל מאכן זיך הארץ און לאָזן זיך פאר גרויס חדוה גיין קאָמפּאניעסווייז אין די הייזער, אָדער אמאָל אויך אונטער א יום־טוב, און הייסן הייסט עס קלאָמפּערשט, זיי קבצנען; פאר אנדערע, נעבעך. — גמילת־חסד־קבצנים. אזעלכע וואָס נעמען זייער גאנץ לעבן נדבות אונטער אן אויס־רייד: א גמילות־חסד קלאָמפּערשט, היינט, מאָרגן גיבן זיי עס מיט א דאנק צוריק אָפּ.

— דערמאָנט מיך, ר' אלטער, — רוף איך מיך אָן, נאָכ־דעם אז איך האָב פּישקעס ווערטער גענומען אויף מיינע כלים און געמאכט דעם דאָזיקן שטיקל סדר צווישן אונדזערע קבצנים, — דערמאָנט מיך, איך בעט אייך, אפשר איז דאָ נאָך קבצנים, וועלכע איך האָב, חלילה, פארגעסן אריינצושטעלן אין צעטל.

— מילא וואָס מאכט עס אויס? — טוט אלטער א זאָג און פארקרימט זיך אויף מיר עפּעס אזוי, ווי איינער מיט א באָרד פארקרימט זיך אויף א יינגל, ווען ער מאכט זיך עפּעס נאריש. — איוא, ער האָט, חלילה, פארגעסן!... אזא וויכטיקע זאך דאָס צעטל! און אז מען שטייט נישט אין צעטל, קאָן מען, חלילה, קיין קבצן נישט זיין?...

— זאָגט עס נישט, ר' אלטער! — שטעל איך מיך שטארק אקעגן. — אונדזערע קבצנים זענען ביי זיך שטארק פּאַרריסן, שרעקלעך לויט נאָך א פּיצל כבוד. לאָז איינעם זיך נאָר דאכטן עפּעס א מינדסטע באליידיקונג, איז ער גרייט צו

דערגיין אייך דאָס לעבן. באהיט זאָל מען ווערן פון א קבצן א שמעלקע!... שא, זעט איר, אָט האָב איך מיך טאקע דער־מאָנט! אָן עין־הרע, נאָך א סך קבצנים: אייניקלעך, ירושלמים, ארץ־ישראל־יידן, נשרפים, שלאפע. מערידנדיקע מיט כתבים פון דאָקטוירים, עגונות, אלערליי מיני אלמנות, מחברים, נייע־מאָדנע מחברטעס מיט דעם מאנס חבורים. נישקשה, דער רוח האָט אונדז, ר׳ אלטער, אויך נישט גענומען. מען מעג גאנץ שטארק רעכענען מוכרי־ספרים, און אז ס׳איז שוין יאָ אזוי, רופט־זשע טאקע אויף אויך אונדזערע דרוקער און אלע מיני רעדאקטערס, זיי מיט אלע זייערע ארבעטער, זעצער, בעלי־מגיהס, שרייבער, קאָרעספאָנדענטן—יעמוד עם כל הקבצנים!... איצינד, ר׳ אלטער, באדארף מען די דאָזיקע אלע לייט אויס־סאָרטירן, איטלעכן אויף זיין אָרט אין צעטל. דאכט זיך, קיי־נעם נישט פארגעסן, הא?

— איי, פע, ר׳ מענדעלע! — מאכט אלטער אויפגע־בראכט און הייבט זיך אָן צו קראצן. — גענוג, כ׳לעבן, מיט אייערע קבצנים. עס בייסט מיר אזש דאָס לייב, ווי פליי וואָלטן מיך אָפגעשיט. פון מיינעט־וועגן וואָלט איר עס געקענט מאכן בקיצור: כל־ישראל — איין קבצן, און גאָרנישט. אָן עק, א סוף זאָל עס האָבן. לאָזט פישקען דערציילן ווייטער און שלאָגט אים נישט איבער. אונטערזאָגן א וואָרט, ווען עס שטעלט זיך פישקען אין גאָרגל און ער בלייבט ווי דערוואָרגן, אָדער אויס־בעסערן אים אמאָל דאָס לשון, דאָס — מהיכא־תיתי.

נאָך גאָר ביים אָנהייב איז פישקע געווען דער חזן, וואָס האָט געדרייט דאָס מויל, ארויסגעלאָזט צעהאקטע, צעבראָכטע ווערטער, און איך, זיין משורר, וואָס האָט אים אונטערגע־האָלפן אין דער נויט און אים אויס דעם מויל ארויסגענומען דאָס וואָרט, מיט וועלכן ער האָט זיך געוואָרגן. אָן מיר וואָלט שווער געווען פישקען אליין רעכט צו פארשטיין. דאָס בין איך א בעלן צו ווייזן אויף א פראָבע שפעטער אביסל. אלטער האָט דערביי נישט מער געטאָן ווי אונטערגעשטופּט מיט זיינע ווער־טער: „מילא בקיצור", „נישמער גאָרנישט", ווי איינער וואָס טרייבט שבת אין שול אונטער דעם חזן, ער זאָל עס אָפּמאכן בקיצור, פילנדיק, אז אין דער היים וואַרט אויף אים דער קי־דוש, א טשאָלנט מיט א קוגל.

## יד

„עך, מיט מאן וואב אָבן קענעט צי פּישע, ני קענטי אך משאעה זאן ווי מיט מאנע קיאנקע פּיסיעך פּיעגן מי זעך שיעפּן זייע פּאמעיעך, קיכן (קריכן) ווי די יאקעם" (ראקעם), — אזוי הייבט פּישקע אָן ווייטער צו דערציילן מיט זיין לשון. וואָס אויסגעבעסערט מיט מיין הילף, מאכט עס: איך מיט מיין ווייב האָבן געהערט צו די פּיעשע, דאָס הייסט פּיס־אָרעמעלייט. נו, קענט איר אייך משער זיין, ווי מיט מיינע קראנקע פּיסלעך פלעגן מיר זיך שלעפּן זייער פּאמעלעך, קריכן ווי די ראקעס. און אזוי גייט פּישקעס דערציילונג, אויסגעבעסערט ווייטער:

מיין ווייב האָט אָנגעהויבן מיך ביסלעכווייז צו זידלען, צו שילטן, צו זאָגן שטעכווערטלעך, צו רופן מיך מיט צונעמעניש און מיר אויפצוואווארפן מיינע קראנקע פּיס. זי איז אקעגן מיר ארויס מיט טענות, אז זי האָט אין מיר גאָר אינגאנצן זיך אָפּגענארט, פון אויבן ביז אראָפּ; אז זי האָט מיך געמאכט פאר א מענטשן, זי האָט מיך אין דער וועלט צווישן לייט ארויסגעפירט, זי האָט מיך פארזאָרגט מיט פּרנסה, געשטעלט אויף א שטייגער, און איך בין איר נישט געטריי, טו איר אלץ אויף צופּיקעניש. נאָר דאָס אָבער איז געווען זעלטן. איך פלעג מיך נישט ווינסדיק מאכן, אלצדינג אראָפּשלינגען, געטראכט ביי מיר: אזוי איז געוויינטלעך דער שטייגער פון א ווייב, אזוי באַדאַרף צו זיין. איטלעכן מאן איז דאָס ווייב מכבד מיט א וואָרט און אמאָל טאקע מיט א קלאַפּ אויך, קוים איז איר דער כּעס אָפּגעגאנגען, איז ווייטער געוואָרן א לעבן, פּישקע ווייטער שטארק חשוב, זי פלעגט ארויפלייגן איר האנט מיר אויפן אקסל, זאָגן: „הייטא, פּישקע!" מיינער גייט פּאָראויס, זי הינטער מיר, און ביידן איז עפּעס גוט אויפן הארצן. „אָט אזוי אָבן מי זעך געאיקט און געקיאָכן."

ביז באלטע האָבן מיר זיך געשלעפּט עפּעס גאָר א לאנגע צייט און פארשפּעטיקט דעם יריד דאָרט, וואָס קלינגט אין דער גאנצער וועלט. מיין ווייב איז געווען אויסער זיך, שרעקלעך זיך געערגערט, גלייך ווי זי וואָלט פארלוירן תּרפּ"ט אלפים טאָלער. איך טרייסט זי און דרינג איר אלץ: „מילא וואָס איז דאָ אזוינס, אָבער באלטער הייזער זענען דאָך, ברוך־השם, פאר אונדז געבליבן! קארג פאר אונדז אזויפיל הייזער, אזא שטאָט? נישט צו פארזינדיקן." און זי אלץ אין איין קול: פארברענט וועד אינאיינעם מיט דיינע הייזער! וואָס טויג מיר, דו ימח־שמוניק איינער, דיין שטאָט, אזא בלאָטיקע שטאָט! אָט אזא שטאָט נארייעסט־דו עס מיר, הא! איך וויל נישט! דו הערסט? איך וויל נישט אזא שטאָט. איינגעזונקען ווער דאָ

אין דער בלאָטע און וואַרג זיך דיר מיט דיין שטאָט — מיט דיין בלאָטיקער באָלטע!

— ר׳ אַלטער, ס׳איז דאָ! — לאָז איך פּלוצלינג אַרויס אויך אויף א קול. — איך האָב מיך דערמאָנט נאָך א סאָרט קבצנים! קבצניט־באַנקירן.

— א גרויסע מציאה, כ׳לעבן! — מאַכט אַלטער, קנאַקנ־דיק מיט דער צונג: טצע־טצע־טצע!" — פון מיינעט וועגן מעגן זיי אפילו נישט געדאַכט ווערן.

— איינעם פון די דאָזיקע לייט, שמחהלע דער לעבעדיקער, קען איך אין הייזער אָפּגעטאַקס־ירט, וויפל הכנסה באַדאַרף אים דורכן יאָר איטלעכס הויז אַריינברענגען. די הייזער, זאָגט ער, זענען מיינע, צאָלן מיר צינזש, גאַנץ גלופּסק איז מיין קאָנטאָר. זיין שטייגער איז איטלעכן טאָג צו זיין אין א געוויסן טייל הייזער. ער קומט אַריין אין א שטוב לעבעדיק, מיט ברייטקייט. גיט מען אים באַלד די נדבה, איז גוט; ווען נישט, זאָגט ער: „א גוטן טאָג! נישקשה, איך וועל פאַרשרייבן אויף אייך א חוב" — און לויפט לעבעדיק, געשווינד אַרויס. אפשר האָט איר געהערט, ר׳ אַלטער, דערציילנדיק, ווי איין גלופּסקער קבצן האָט זיך משדך געווען מיט נאָך א קבצן פון טעטעריווקע און האָט געגעבן אין נדן אַריין די הייזער אין גלופּסק? — דאָס איז שמחהלע דער לעבעדיקער; אָדער אפשר האָט איר געהערט אויך, ווי אויף א מאָלצייט פאַר אָרעמעלייט ביי א גביר אויף א חתונה איז געקומען א קבצן א געבעטענער, נאָכשלעפּנדיק מיט זיך נאָך איינעם אן אומגעבעטענעם, און אויף דעם פרעג; ר׳ קרוב, וואָס שלעפּט איר מיט אייך אן איבעריקן פאַרשוין? — ענטפערט ער: „דער דאָזיקער פאַרשוין איז מיין איידעם, וועלכן איך האָב צוגעזאָגט קעסט" — דאָס איז ווייטער טאַקע שמחהלע דער לעבעדיקער. בקיצור, שמחהלע קוקט אויף גלופּסק ווי אויף זיין שטאָט און אויף זיינע הייזער.

— פון מיינעט־וועגן מעג אייער שמחהלע דער לעבעדיקער די כפּרה ווערן, — זאָגט אַלטער אָפּ זיינס גאַנץ בקיצור און בעט פישקען ווייטער צו דערציילן.

פישקע הייבט אָן אויף זיין שטייגער, איך העלף אים אונ־טער אויף מיין שטייגער, און די מעשה דערציילט זיך ווייטער אַזוי:

דער וועג אונדזערער איז נישט געווען קיין גלייכער, פון איין שטאָט צו דער אַנדערער, אַלץ ווייטער, ווייטער. נאָר וואָס־דען? „מי פּיעגן קיבן", אהין און אהער, זיך דרייען אין אַלע זייטן, ווי ס׳איז אונדז אויסגעקומען. איינמאָל זענען מיר מגולגל געוואָרן עפּעס אין א שטאָט, וואָס הלוואי דער רוח זאָל מיך געווען כאַפּן פריער איידער איך בין אהין געקומען.

צו דער שטאָט אַליין האָב איך נישט אפילו. פאַרקערט, זי האָט אקעגן מיר גענוג יוצא געווען, מיך געלאָזט ארומגיין מיט אַלע כבודן אין די הייזער, נאָר דאָרט האָב איך מיך באַגעגנט מיט מיין מלאך־המות, געקוילעט זאָל ער ווערן אָן א מעסער! „א קיענק אים אין די בייניע!" — אָט ווי אזוי ס'איז געווען

אין יענער שטאָט, וואוהין מיר זענען געקומען, איז געשטאַנען קאָניצע — פעלד־אָרעמלייט מיט בוידן. ס'איז געשען: א מרידה, באַלעבעסלעך פון היינטיקער וועלט האָבן דאָרט אויפגעטאָן נייעס, אז אָרעמלייט, חוץ אלטע, קראַנקע און ביטערע קאַלעקעס, ניט צו געבן גאָרנישט. געזונטע בחורים, ווייבער און מיידלעך זענען נישט קראַנק צו דינען. צו ארבעטן און מיט איינענער מי צו פאַרדינען זייער שטיקל ברויט. דאָס יידישע נאַרישע רחמנות טוט נאָר אָן גרויסע צרות. דורך דעם, האָבן זיי געזאָגט, האַלטן זיך ביי יידן פוילע נפשות אָן א צאָל, ווי וואַנצן, וואָס זויגן יענעמס בלוט און עסן אָפ'עט אַנדערע דעם קאָפ. זיי האָבן ביי זיך איינגעפירט עפעס ווי א מין פאַבריקע, וואו מען האָט מכבד געווען געזונטע אָרעמעלייט, וואָס זענען געקומען צו גאסט, מיט עפעס א מלאכה: צו דרייען שטריק, צו נייען זעק, און געגעבן זיי דערפאַר עסן. אָרעמלייט האָבן אָנגעהויבן זעלטענער זיך אהין צו ווייזן. די קאָניצע. וועלכע מיר האָבן דאָרט געטראָפן, איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אקעגן דעם דאָזיקן איינפיר, פלאַם־פייער. גוואַלד! — האָבן זיי אַלע געשריגן — ס'איז שוין גאָר קיין וועלט נישט. וואו איז דאָס יידישע רחמנות? אויס יידישקייט כ'לעבן!... איינער, א רויטער, א געזונטער — א קיענק אים אין די בייניע! — האָט געפירט דאָס רעדל און געשריגן מער פון אַלע: ס'איז סדום, נאָר סדום! פאַרוואָס קומט עס, די נגידים זאָלן זיך זיצן ווי די פריצים רואיק און אַנדערע זאָלן אויף זיי האָרעווען? זייער גוטס איז דען נישט יענעמס מי, יענעמס פראַצע, יענעמס שוויים? אַליין זענען זיי ביי זיך אָפגעפיינטע מענטשלעך, היטן אָפ'עט זייער נפשל און ווילן אַלץ, יענער זאָל ארבעטן. א נגיד, וואָס מער דיק, געזונט ער איז, וואָס מער זיין בייכל איז גרעסער, איז ער אַלץ מער פאָרנעם, מער פיינע בריה. אונדזער איינער, אקעגן, מוז מיט זיין געזונט, זיך, נעבעך, באַהאַלטן, זיך שעמען ווי א גנב. איטלעכער שרייט אויף די ציין, פאַרוואָס גייט אזא געזונטער נישט ארבעטן! עס וואָלט שוין רעכט געווען, כ'לעבן, איבערצובייטן די יוצרות: לאָזן די נגידים פרואוון אביסל ארבעטן. וואָס איז? קראַנק זענען זיי? גערעכט, פייבושקע, גערעכט, מיר זענען אויך יידישע קינדער, אזעלכע שמייליקע ווי זיי! האָבן אַלע אין איין קול אונטערגעבאַסעוועט דעם רויטן ממזר און ביסלעכווייז זיך צעגאַנגען פונעם הקדש.

אָווּנט־צייט באדארף איך גראָד גיין אין א גאס פארביי דעם
שולהויף. אינדרויסן איז טונקל און מענטשן א סאך אָן עין־
הרע דרייען זיך דאָרט ארום. מיטאמאָל קומט מיר פון דער זייט
גאס אָן צו די אויערן עפּעס א וויינענדיק קול מיט א געבעט,
וואָס קאָן רירן אפילו א שטיין. אָפּשטעלנדיק זיך, דערזע איך
נישט ווייט פון מיר, ווי א צעבראָכענער ייד האלט אויף ביידע
אויסגעשטרעקטע אָרעמס א קישעלע, פון וועלכן עס הערט זיך
א פישטשען פון א ברעקל קינד, וואָס פארגייט זיך, נעבעך,
שרייענדיק. דער אומגליקלעכער טאטע דרייט זיך אין אלע זייטן,
שאָקלט עס, וויגט עס, נעמט עס אייַן אויף א וויינענדיק קול
מיט ביטערע קרעכצן: „אוי, וויסט איז מיר, פינצטער איז מיר.
מיין ווייב שטארבט און לאָזט מיר אויף די הענט איבער א
פיצל קינד!... אוי, וויסט איז דיר, קליינע, בידנע יתומהלע,
פינצטער איז דיר אָן א מאמע! א־א־א שא־שא! וואָס זאָל איך
דיר, נעבעך, טאָן?...“ איטלעכער, וואָס גייט פארביי, גיט אים
עפּעס אין דער האנט, א טייל ווייבער ווענדן זיך צו אים אויך
מיט א וואָרט, און ער אליין אין איין אָטעם: „וויסט איז מיר,
פינצטער איז דיר!“ שאָקלענדיק און ווארפנדיק זיך מיט דעם
קישעלע פון אלע זייטן. דאָס הארץ האָט מיר געריסן פאר
רחמנות אויף דעם וויסטן טאטן און אויף דער וויסטער
יתומהלע, נעבעך, נאָך אין די וויקעלעך. איך נעם ארויס פון
דער קעשענע א דרייער און קום דערמיט צו נאָענט צו דעם
וויסטן טאטן. קוים שטרעק איך אויס צו אים די האנט איבער
דעם קישעלע, דערלאנגט ער מיר א שטארקן קניפּ, מאכנדיק
דערביי אויף זיין וויינענדיק קול: „אוי, וויסט איז דיר! מיט
א קוועטש אויף דעם וואָרט „דיר“, גלייך ווי מיך מיינט ער.
איך כאפּ מיך ביי דער האנט פאר ווייטיק, שפּרינג אָפּ'עט דער־
שראקן אין דער זייט און בלייב שטיין עטלעכע רגעס פארגאפט.
דער וויסטער טאטע דרייט זיך אויס באלד צו מיר. איך קוק
אים גוט אָן און בין פארצאפּלט געוואָרן... פאר היינט וועט
גענוג זיין. קום! נא, האלט אביסל דאָס קינד!“ — זאָגט ער
און שטופּט מיר אריין אין דער האנט דאָס קישעלע. דאָס קליינע
יתומהלע, זע איך, איז עפּעס א ליאלקע, איינגעוויקלט אין
שמאטעס, און דער וויסטער טאטע איז דער רויטער ממזר,
פייבושקע, א קיעוק איט אין די ביינים!“ ער האָט עס
געמאכט ווי א בריה! געוויינט. געקרעכצט פאר זיך און גע־
פישטשעט, זיך פארגאנגען אויך פאר דעם קינד... אָט אזוי מוז
מען, רופט ער זיך אָן, מיט די נארישע יידישע קינדער האנ־
דלען. ווילן זיי נישט געבן מיט גוטן — מוז מען ביי זיי נעמען
מיט קונצן, אָן דעם גייט עס נישט. דער רב, דער דיין. דער
שיינער מקבל מיט דעם גאנצן פעקל כלי־קודש — אלע פאר־

שטעלן זיך, מאכן קונצן. יענע מיט זייערע העוויות און איך — ווייסט איז מיר — מיט מיין קליין יתומהלע, מעלקט זיך, בחמות!... זאָג, פּישקע, אָמן.

אין יענער צייט, וואָס מיר האָבן זיך אויפגעהאלטן אין הקדש, האָט דער רויטער ממזר אָנגעהויבן זיך צוצושארן צו מיין ווייב מיט גוטע ריידעלעך. זי איז אים עפּעס שטארק געפעלן. ער פלעגט זיך כאפּן צוטראָגן איר, אז זי האָט עפּעס באדארפט, און ליב געהאט זי צו באדינען. ביסלעכווייז האָט ער אליין צו איר זיך ארייננגענארט, ביז ער איז געוואָרן מיט איר א שמעלקע. ער פלעגט אָפּזיצן מיט איר שעהנווייז און פּלוידערן, ארייננווארפן אין דעם שמועס גראָבע, נישט קיין שיינע ווערטלעך. מיינע פלעגט פארשטעקן די אויערן און נישט וועלן. דאכט זיך, הערן. און אז ער פלעגט זי אמאָל אין טאָג אריין לויבן: זי איז א יאָדערדיקע, א פעטע. א לויטערע, א פליישיקע יידענע, אזעלכע ווי ער האָט ליב, פלעגט זי אים אָפּזידלען, א פאטש טאָן אויבן רוקן און דערביי טאקע לאכן. איך פלעג אויך לאכן, אמאָל טאקע מיט ווערים, נאָר באלד טאקע מיך באטראכט צוריק: וואָס ארט מיך א פלוידערזאק? מאָרגן — איבערמאָרגן ווערט מען גאָר זיינער פּטור. מיר צעגייען זיך, איטלעכער אין אן אנ־דער זייט, און אייביק וועט מען זיין פּרצוף־פּנים נישט אָנקוקן. און ווייטער, אין די הייזער גייט דאָך מיין ווייב, געלויבט דער אויבערשטער, מיט מיר. אים, דעם ממזר, ווען ער געמט זי אָנ'עט ביי דער האנט און וויל זי פירן, שטופּט זי אָפּ'עט מיט א בייזער: „גייט אייך, גייט, פע! איך בין אן אשת־איש, האָב, ברוך־השם. מיט וועמען אין די הייזער ארומצוגיין".

אויף מאָרגן, נאָך דער באגעגעניש מיינער מיט דעם רויטן ממזר, ווי ער האָט זיך פארשטעלט פאר א ווייסטן טאטן, בין איך מיר געגאנגען אין די הייזער אליין. מיין ווייב האָט אויפ־שטייענדיק אין דער פרי זיך געקלאָגט, עפּעס איז זי נישט מיט אלעמען, עפּעס ציט זי זיך און גענעצט. עס מוז זיין א גוט אויג — און איז דעריבער געבליבן אינערהיים. איך אליין בין געווען עפּעס לא־עליכמדיק, עס האָט מיר עפּעס געשלאָגן ארויף, היינט איז מיר טאקע געווען אומעטיק איינער אליין צו גיין אָן מיין ווייב. ס'איז מיר ווי עפּעס אָפּגעגאנגען. איך לייקן נישט, אז זינט דער ממזר האָט זיך צוגעשארט צו מיין ווייב און מיט איר געטריבן קאטאָוועסלעך, איז זי מיר געוואָרן טייערער. עס האָט מיך אמאָל אפילו פארדראָסן, געברענט ווי א פייער, נאָר דערביי טאקע — איך ווייס נישט פארוואָס — האָט מיך צו איר עפּעס געצויגן. געצויגן ווי א כישוף. עפּעס איז געווען, ווי זאָל איך אייך זאָגן, א געשמאקער שמארץ ווי פון א בלאָטער בשעת קראצנדיק אים אמאָל אויף מיין לייב

ס׳איז א שמארץ מיט הנאה־האָבן.ביידע זאכן איניינעם... ס׳איז געווען א געמלאכהטע „אין די הייזער ארומגיין“, גאָר נישט דער טעם, וואָס אן אנדערשט מאָל. איך האָב עס אָפּגעמאכט בקיצור, שבת־שטעך, סיור־ביור ומפליא לעשות — און מיך אָפּגעפּארטיקט באצייטנס. אריינקומענדיק אין הקדש האָב איך געטראָפֿן מיין ווייב, זיצנדיק מיט דעם ממזר און זיך עפּעס געשושקעט. דאָס פּנים האָט איר געפֿלאמט, זי האָט געהאלטן דעם קאָפּ אָנגעבויגן צום ממזר, זיך צוהערנדיק צו זיינע רייד, און א זיסער שמייכל איז איר פֿון די ליפּן נישט אראָפּ. ביי מיין צוקומען צו איר מיט א פֿרעג: וואָס זי מאכט? האָט זי זיך געטאָן א כאפּ, געבליבן אקעגן א רגע אָן לשון און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. דערנאָך טאפּט זיך מיך אָנ׳עט, ווי איר שטייגער איז געווען, און מאכט צו מיר אזוי: „ווייסט דו, פּישקע, וואָס איך בין קראנק? דאָס איז נישט קיין גוט אויג, דאָס איז מיר געקומען פֿון צופּוסגיין. די רופֿאטע, וואָס גייט אריין, האָט מיך געהייסן גיין אין באָד, מחילה, אויסשמייסן זיך, לאָזן זיך שטעלן באנקעס, גוט אויסרייבן זיך אויף דער נאכט און שוויצן. ניין, פּישקע! צופּוס ווייטער קאָן איך נישט גיין. ר׳ פּייבושקע איז אזוי גוט, אזוי פֿיין און וויל אונדז נעמען מיט זיך אין בויד. וואָס טוט מען, פּישקע? וואָס זאָגסט־דו, האַ?

דער ממזר. א קיענק אים אין די ביינער אינאַן! האָט אויף מיר געקוקט עפּעס מיט אזא איינגעלע, מיט אזא שמייכעלע, וואָס האָט מיך געשטאָכן. עס האָט מיך פֿארקלעמט ביים הארצן, ס׳איז מיר געווען צום מוט ווי א יינגל, וועלכן דער רבי הייסט זיך לייגן אויפֿן בענקל, אים אָפּצושמייסן. איך האָב געמאכט א היפּשע ווײַלע מיט דער צונג. עפּעס אָן ווערטער, און נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן.

— וואָס שווייגסט דו? וואָס ענטפֿערסט דו נישט? צעשרייט זיך אויף מיר מיין ווייב מיט כעס. — איך ווייס, עס ארט דיך גאָר נישט מיין געזונט, ווילסט מיך גיכער פּטור ווערן, מיך טרייבן יונגערהייט אין דער ערד אריין. ווארט נאָר, ווארט, דו. עכבראָש איינער! גיכער וועסט־דו אָנלייגן מיט דעם קאָפּ, א מיתה משונה איינגעמען: הערסט־דו, פּישקע, פּאראפּאָטשקע, די ערד וועסט־דו ביי מיר קייען! גישט איין האָר אין קאָפּ וועט דיר איבערבלייבן. די ציין וועל איך דיר אויסזעצן!

אז מיין ווייב האָט געעפֿנט א מויל, פֿלעגט מיר אין בויך קאַלט ווערן. איך בין געשטאנען צעקאָכט, דערשלאָגן און דער־הרגעט. ווי מיר איז דענסטמאָל געווען אויפֿן הארצן — ווייסט נאָר איין גאָט וואויל. וואָס האָב איך געקענט טאָן? איך האָב אָנגעבויגן דעם קאָפּ און געמאכט צו מיין ווייב: „שאַ, שריי נישט, ערגער דיך נישט אזוי, שאַ, דו וועסט פֿאָרן! פֿארוואָס נישט?

— אַט אזוי רעד! — זאָגט מיין ווייב שוין ווייכער. פאַר־וואָס־זשע, אז מען רעדט צו דיר, שטייסט־דו ווי א לייִמענער גולם און ענטפערסט נישט קיין וואָרט? יענער איז אזוי גוט. אזוי פיין, וויל אונדז מיטנעמען אומזיסט — און ער זאָל דאָס באַטש זאָגן א דאנק! שעמען מעגסט־דו זיך אין דיין ווייטן האלדז, דו גראָבער יונג איינער.

וואָס האָב איך געקענט מאכן? איך האָב געמוזט טאָן דאָס אויך, זאָגן דעם ממזר א דאנק.

ר׳ אלטער, נאָך איינער!... — טו איך א זאָג הויך אויף א קול.

— וואָס איז, ר׳ מענדעלע, נאָך א מציאה? — מאכט אל־טער צו מיר מיט א געשפעט. — נאָך א פרישן סאָרט קבצנים האָט איר געפונען? גאָט מעג אייך, כ׳לעבן, שוין באַשערן בעסערע מציאות. גענוג שוין קבצנים!

— ניין, ר׳ אלטער! איך מיין גאָר נאָך איין חיים־חנא חיה־טריינעס, וואָס ציטערט אזוי פאַרן ווייב. אונדזער פישקע, דאכט זיך מיר, פלעגט פון זיינער כאַפּן אמאָל אויך הייסע פעטש.

# טו

פישקע הייבט ווידער אָן אויף זיין שטייגער, איך אַרבעט, העלף אים אונטער אויף מיין שטייגער, אלטער טרייבט אונטער אויף זיין שטייגער און די מעשה דערציילט זיך ווייטער אזוי:

אויף דעם אנדערן טאָג נאָך דעם פריערדיקן שמועס, האָט זיך די קאַניצע געריכט און אַרויסגעטראָטן פון סדום, ווי יענע שטאָט האָט ביי דער דאָזיקער באַלאַסטרע געהייסן! זי איז אַרום מיט א רעש, א געפילדער, מיט א שילטן, פלוכן פון א סך מיילער און א סקריפּעריי פון רעדער. עס האָט זיך געשאָטן אויף דער שטאָט טויטע קללות: פאַרברענט זאָל זי ווערן! די באַלעבאַטים זאָלן צען מאָל אין טאָג פּגרן פאַר הונגער און ווי נשרפים אין דער וועלט זיך אַרומשלעפּן... — דריי בוידן זענען געווען פול אָנגעזעצט מיט אלער־האַנט פאַרשוינען: יידן, יידענעס, ווייבלעך, בחורים, גרוים און קליין, און צווישן זיי אויך מיין ווייב מיט מיר. מיר זענען, למזל, דערהויבט געוואָרן: אַריינגעטראָטן אין דינסט אין דער קאַניצע אריין.

הערט איר, מיינע ליבע יידן, עס האָט זיך מיר געעפנט עפעס גאָר א נייע וועלט, און אין אָנהייב איז מיר מיט דער באַלאַסטרע גאַנץ פריילעך געווען. איך פלעג מיך אָנזען און

אָנהערן וואונדער־שיינע זאכן, וואָס גאָר אוממעגלעך אלצדינג. מיט איטלעכס פּיצעלע באזונדער איבערצוגעבן. איך פלעג הערן, אשטייגער, ווי מען פלעגט אָפּריכטן, אָפּשפּעטן פון דער גאַנצער וועלט און איטלעכן זיך נאָכקרימען; ווי איטלעכער פון די פיינע מענטשלעך פלעגט דערציילן עפּעס אויף גנבה־לשון זיינע אלע גענג און שפּיצלעך, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. איינער דערציילט ווי אזוי ער האָט זאבאָרעט א קרעל (געגנבעט א ברויט); דער אנדערער — ווי אזוי ער האָט זאלאבערט א כפרהניצקע (געגנבעט א הון); דער דריטער — ווי אזוי ער האָט געלקחנט קלינגערס (אויסגעכאפּט געלט) און אין די גאר־גאָלעס אריינגערוקט, און דער פערטער — ווי אזוי ער האָט גע'בעל־דברט א יאָלד (געהרגעט, געשלאָגן איינעם א באלעבאַ־טיש קינד). נגידים פלעגט מען שילטן אויף וואָס די וועלט שטייט, גלאט אזוי זיך. פאר גאָרנישט. איך קאָן אייך שווערן אין טלית און אין קיטל, אז זיי האָבן די נגידים א סך מער פיינט, ווי די נגידים זיי. א נגיד האָט ביי זיי געהייסן עפּעס אזויפיל, ווי: פּיאווקע, צעשטאָפּטע קישקע, פארשטאָפּטער קאָפּ און פארשטאָפּט הערצעלע, פארשייט בן־יחידל, קופּערנער שטערן, און דער שווארץ־יאָר ווייסט דעם טאטן, וואָס נאָך פאר א מיאוסע צונעמעניש: ס'איז ביי זיי פארעכנט געווען פאר א מצוה א נגיד אָפּצוטאָן עפּעס א שפּיצל, וויבאלד נאָר מעגלעך. זיי פלעגן אָפּשיקן צו די נגידים בויכווייטיק, שטע־כעניש יסורים, לייד און כל־א־מיני קרענק, בשעת אמאָל עפּעס א צרה. מיך פלעגן זיי, אין שפּאס אמאָל, רופן נגיד, דערפאר וואָס איך פלעג זייער אָפּט מיך פאר די נגידים ארויסשטעלן און שטארק אָננעמען זיך פאר זייער כבוד. ווייל אויפהאלטנ־דיק זיך פריער אין באָד, בין איך דאָך צווישן נגידים דער־צויגן געוואָרן, מיט זיי עפּעס דאָך איבערגעהאט עסקים, ווי אשטייגער; היטן זיי דאָס אָנטאָן, צוטראָגן זיי דאָס פעקל זאכן: א שעפּעלע וואסער, א קויל פייער און דאָסגלייכן נאָך אזעלכע געשעפטן. — איך פלעג הערן א שמועס פון בחורים מיט מיידלעך, ווי זיי טרייבן קאטאָוועס און רעדן זיך שידוכים. איין בויד האָט זיך משדך געווען מיט דער אנדערער. די קונץ פון פארשטעלן זיך איז ביי דער כאליאסטרע געווען שטארק געהויבן, עס האָט געטויגט צום עסק. ווען אמאָל איז אויסגע־קומען, האָבן די שיינע לייט זיך פארשטעלט: איינער פאר א הויקערדיקן, דער אנדערער פאר א הינקנדיקן, דער פאר א בלינדן, יענער פאר א געליימטן, די פאר א שטומע, און יענע פאר א קרומע. נאָר אמתע, נישט געמלאכהטע קאלעקעס, ווי, אשטייגער, איך און מיין ווייב, דאָס האָט ביי זיי געהאט גאָר א גרויסן ווערט. זיי האָבן אָפּט געזאָגט, אז אזעלכע פעלערן

ווי אונדזערע איז פאר אָרעמעלייט א שאַץ, א מתנה פון זיין ליבן נאָמען. זיי קענען זייער פיל איינטראָגן. מיין ווייבס פעלער איז זיי נאָך בעסער געפעלן. היינט פלעגן זיי גלאט בטל ווערן פאר איר פיסק, וואָס אויף שרויפן. די האָר האָבן זיך געשטעלט, אז זי האָט געעפנט א מויל.

דער רויטער ממזר האָט זיך שטארק גערדרייט ארום מיין ווייב און זיך פשוט געהאנגען אויף איר, ער האָט זי געקאָשקעט, געקעכלט און צוגעטראָגן איר פון פייגלמילך: געקאָכטע ארבעס, באָב, פלוימען — וואָס נאָר ער האָט ערגעץ דערטאפּט. איך האָב מיך אָבער באטראכט: כאפּט דיך דער וואטעמאכער! וואָס קאָן עס מיך ארן? קעכל זי, קאָשקע זי, וואָס קענסט דו דערמיט מיינען, וואָס?... גאָרנישט. אז זי איז אן אשת־איש! מילא איז דאָך אָן סכנות... מיינסט־דו דאָך, גאנץ זיכער, נאָר איר פעלער, פשוט א בלינדע איז גוט, מען קאָן מיט איר מאכן געלט, טאָ האָב־זשע! כל־בוניק איינער, די גאל. מיין ווייב גייט לעת־עתה אין די הייזער אלץ טאקע מיט מיר. וואָס־זשע האָסט־דו, טיפּש איינער, געפּועלט מיט דעם צולאָנטשען זי צו זיך, מיט דעם איזניוכען זיך צו איר, אז דער רעכטער עיקר זאך — אין די הייזער גיין, גייט זי טאקע מיט מיר, מיט מיר?!...

און דעריבער, ווייל איך האָב אזוי מיר געטראכט, האָב איך שטארק באגערט לערנען הלכות אָרעמאַן מיט אלע פּישטשעוועקעס, בכדי מיין פלוניתטע דערמיט געפעלן, און געמאכט דעם עסק שוין גאָר קיין מעשה נישט. איך האָב מיך שוין אויסגעלערנט ווי ארייַנצוקומען אין א שטוב. די קונץ באַשטייט דערין: ארייַנקומען זאָל מען מיט א רוגזה, אָנגעברוגעזט, און מאָנען די נדבה ווי א חוב, מען זאָל קריכן, ארויפקריכן אויבנאָן און פארקריכן אזש אין דער ספּאַלניע, אויפצוזוכן דעם באלעבאָס אָדער די באלעבאָסטע דאָרט. אין דינגען זיך בין איך געווען א מייסטער, איין בריה אין דער וועלט. דער גאנצער שכל שטעקט דערינען: קיינמאָל באדארף נישט געפעלן וויפל מען גיט. גיט מען א שטיקל ברויט, זאָל מען בעטן עפּעס געקעכטס, א ביסל באָרשטש; גיט מען געלט, זאָל מען בעטן א העמד, אלטע תחתונים און זאָקן וכדומה. שטענדיק באדארף מען זיך נאָר קרימען און בלאָזן, קיינמאָל נישט דאנקען, נאָר וואָרטשען און אמאָל אויך טאקע שילטן.

וואָס־זשע טוט דער רויטער ממזר? א קיענק אים אין די ביינער איאַן? דער רויטער ממזר טוט אויף הסברות, ווי מיינער פּטור צו ווערן. ער קלערט ביי זיך גאנץ זיכער אזוי: אין הלכות אָרעמאַן, פּישקע, מעגסט־דו ביי מיר די רובעס הייצן. איך קאָן מאכן די שפּיל אכציק טויזנט מאָל בעסער פון

דיר. און אז איך האָב מיר אריינגענומען אין זינען די פּרנסה מיט דיין בלינדער, וועט מסתמא שוין זיין רעכט. נישקשה, איך וועל דיך, מיט גאָטס הילף, שוין פאַרזאָרגן — ער האָט צו מיר זיך גענומען און געמאַכט אויס מיר א קאָטער. איך בין מיאוס אראָפּגעפאַלן ביי מיין ווייב און געהאַט ביי איר א פּנים ווי חוזק. קיין אנדער וואָרט האָב איך פון איר נישט געהערט, נאָר ווי: געשוואָלן ווער, לייג אָנ'עט מיט דעם קאָפּ, ווערים זאָלן דיך עסן, דו פּרעסער, יונגאַטש איינער, דו אזוינער, אזוינער! דער ממזר, קיין תחית המתים זאָל ער נישט אויפשטיין, האָט אַלץ אויף מיר געגראָבן און מיר געטאָן צום טויט, ביז איך בין ביי איטלעכן געוואָרן צו־שאַנד און געשפּעט, אַלע בוידן האָבן לסוף מיט מיר געהאַט צו טאָן. וואָס א מינוט — איז איבער מיר געפאַלן אן המצאה, וואָס א רגע — האָב איך געהייסן מיט אן אנדער צונעמעניש. איטלעכער האָט מיט מיר געטאָן, וואָס זיין האַרץ גלוסט. איך בין געווען דאָס כפּרה־הינדל. האָב איך אמאָל מיך געבייזערט פאַר צרות, פלעגט עס איטלעכן אונטערטראָגן. זעט נאָר, האָט מען געמאַכט, ווי דער נגיד האָט זיך צעיאַכמערעט, ער וועט שוין באַלד פּלאַנכענען. האָב איך מיך אמאָל באַוואַשן מיט טרערן פאַר ווייטיק פון די קלעפּ, וועלכע אין מיר איז אריין, פלעגט מען זאָגן: וואָס איז מיט דיר דאָ אזוי די שמחה, פישקע? וואָס האָסט־דו זיך עפּעס אזוי צעלאַכט מיט ציין? זעט נאָר, עולם, ווי פישקע לאַכט! — דערלאַנגט אים, יידישע קינדער, פלעגט זיך הערן דעם ממזרס קול, דערלאַנגט אים, נעבעך, א טעלעמעטשע צווישן די ליטקעס, א רייב איבער די לאָפּעטקעס, דאָס איז א רפואה צום לאַכן. אויב, חלילה, עס וועט נישט העלפן, באַדאַרף מען אים גלעטן די האָר, אָנגעמען ביים אויער און איינרוימען אים א סוד. דערפון וועט זיך אים שטעלן טרערן אין די אויגן, ווי פון א כזית מרור. מען מוז דאָך א יידן ראַטעווען. — אמאָל פלעגט מען מיך ארויסוואַרפן פון דער בויד, און אז איך בין מיט די קראַנקע פיס געלאָפן נאָך דעם וואָגן, ווי נאָר איך האָב געקענט, און געמאַכט מיט די זייטן, האָט מען צוגעפּליעסקעט, צוגעפּאַטשט מיט די הענט און געשריגן מיט א געלעכטער: בראַוואָ, פישקע! אָט אזוי, פישקע, טאַנץ אבּיסל, טאַנץ! קוקט נאָר, עולם, ווי פישקע הייבט פיסלעך, ווי שיין, אָן עין־הרע, ער טאַנצט! ער מעג אויף אַלע חתונות טאַנצן. קיין בייז אויג זאָל אים נישט שאַטן. — איינמאָל האָט זיך אָנגערופן איינער — און אַלץ טאַקע דער ממזר, א קיענק אים אין די ביינער איאָן — עולם! פישקע איז גאָר א גלייבער. ער פאַרשטעלט זיך נאָר, דער גנב, פאַר א קרומען, ער מאַכט אויס אונדז אַלע חוזק. מען באַדאַרף אים פריער אויסגלייכן,

גיט אים דאָרט א טעלעמעטשע אין דעם דיך, וועט איר זען,
ווי ער ציט אויס גלייך א „פּולקע". — הכלל, יידן, מען האָט
מיך געפּייניקט, מען האָט מיר שטאַרקע יסורים אָנגעטאָן, אוי,
פּלעג איך מיך דערמאָנען אין די גוטע גליקלעכע יאָרן, וואָס
איך בין מיר געזעסן ווי א שררה אין באָד און געלעבט ווי
גאָט אין פראַנקרייך! וואָס איז מיך דען דאָרט אָפּגעגאַנגען?

— מילא, נעמט מען און מען גט אָפּ, — פּאַלט אַלטער
אַריין פישקען אין די רייד, — דערויף איז דאָך דאָ ביי יידן
א גט.

— יאָ, גערעכט, — מאַכט פישקע מיט א זיפץ, הלוואי
וואָלט איך עס טאַקע פריער געטאָן, וואָלט אַז וואויל און גוט
געווען מיר און אפשר נאָך עמעצן... נאָר איך וויים נישט וואָס
מיר איז אַזוינס געשען. נאָר א כישוף האָט מען מיר אָפּגעטאָן.
ס'איז א ווייטיק, א בושה צו זאָגן, דאָס האַרץ האָט מיך צו
מיינער עפּעס געצויגן... ווי שטאַרק איך האָב געליטן און גע־
האַט געבראָטענע לייד, פונדעסטוועגן האָט מיך דער רוח נאָך
איר גענומען. איך וויים נישט, צי איז דאָס געווען פון מיר
נאָר אַן עקשנות — אַז דיר, ממזר, גלוסט זיך, ווילסט צווישן
מיר מיט מיין ווייב אָנמאַכן א בייז לעבן און מיך פּטרן, וויל
איך, דיר אויף צו־להכעיס, מיך דווקא אין איר האַלטן און
נאָך מער ווי פריער, מיט ביידע הענט זיך האַלטן. אָדער דאָס
איז געווען, ווי זאָל איך עס זאָגן, גלאַט אַזוי פון זיך אַליין...
עפּעס טאַקע נאָר א כישוף, איר געשטאַלט האָט מיך עפּעס
גענומען. א געזונטע, א דיקע, א יאָדערדיקע, אַפּנים אָפּגעגאָסן,
נישט אַזוי שיין ווי הנעוודיק. פיל מאָל פלעגט זיך מאַכן, אַז
פּאָר גרויסע צרות און האַרצווייטיק האָב איך מיר געוואָלט א
מעשה אָנטאָן, געוואונטשן מיר דעם טויט מיט איר אינאיינעם.
היינט, היינט, פלעג איך ביי מיר טראַכטן, מוז עס האָבן אַן
עק, היינט זאָג איך איר: גט! נאָר קוים בין איך צו איר צו־
געקומען נאָענט און זי האָט מיט מיר געמאַכט א רעד, אָדער
אַרויפגעלייגט די האַנט מיר אויפן אַקסל און געזאָגט: פיר מיך
פישקע! האָט מיר אָפּגענומען דאָס לשון און בין עפּעס ווי
איבערגעביטן געוואָרן.

אין א גוטער שעה איינמאָל, גייענדיק מיט מיין ווייב אין
די הייזער, עפּעס מיט א גרינג געמיט, טו איך א זאָג; בתיה,
נשמה מיינע, וואָס וועט דער תכלית זיין פונעם שטענדיקן
אַרומשלעפּן זיך? עס פּאַסט, כ'לעבן, נאָר נישט פאַר אונדז.
אין גלופּסק האָבן מיר ביידע, ברוך־השם, א שטיקל נאָמען
געהאַט, דו מיך האָסט אַרויסגענומען דאָרט פון דער באָד. א
קאַטאָוועס עפּעס גלופּסקער געמויערטע באָד, וואו עס וואַרפן
זיך איבער א וואָך אַזעלכע בערן, גרויסע לייט! דיך האָט

אויך איטלעכער געקענט, און אויף דיר כבוד געלייגט. היינט זענען מיר נע־ונד עפּעס מיט שלעפּערס אין דער פרעמד, און וואָס פאר א פּנים האָבן מיר, משטיינס־געזאָגט? — „ווילסט אפשר צוריק קיין גלופּסק! ענטפערט אָפּ׳עט מיין ווייב ווי אויפגעבראכט. — מעגסט זיך דיר, פּישקע, אהין צוריקקערן, אויב דיר גלוסט זיך אזוי. איך בשום אופן נישט. אין גלופּסק זענען דאָ היינט גענוג אָרעמעלייט אָן מיר. וואָס א טאָג וואקסן דאָרט אוים פּריש־צאפּלדיקע קבצנים, שפּאָגל־נייע מקבלים, באלעבאטים גייען היינט דאָרט איינער צום אנדערן אין די הייזער ארום." — פון מיינעט־וועגן מעג זיין אן אנדער שטאָט אויב׳עט, — ענטפער איך צוריק. — נשמניו, קלייב דיר אוים עפּעס א שטאָט, וועלכע דיר געפעלט, און לאָמיר זיך דאָרט באזעצן. אז מען ווייסט דאָס איז אונדזער שטאָט, דאָס זענען אונדזערע הייזער, אונדזערע באלעבאטים, איז עפּעס מזל און ברכה. ווי זאָגט מען עפּעס: איטלעכער הונט אויף זיין מיסט.

— באלד, פּישקע, באלד, — מאכט מיין ווייב, קלאפּנדיק מיר מיט איר האנט איבערן רוקן גאָר פריינטלעך, — לאָמיר נאָך אביסל פאָרן, לעבן, רייבן זיך אין דער וועלט. ס׳איז עפּעס גוט, פריילעך מחיה... האָב צייט אביסל, פּישקע, מיט דיין שטאָט. באלד, באלד!

איר „באלד" האָט געדויערט א לאנגע צייט און ס׳איז נישט געווען קיין עק, קיין סוף. אין דער צייט בין איך אי־בערגעוועזן אין גענוג שטעט, האָב מיך אָנגעליטן גענוג צרות און פּיין. אינגאנצן האָב איך עס געהאט צו פארדאנקען אים, דעם ממזר, א קיענק אים אין די ביינער איאן...

פּישקע טוט א זיפץ טיף פונעם הארצן און בלייבט זיצן שטיל מיט צוגעמאכטע אויגן. מיר לאָזן אים אביסל צו זיך צו קומען, דערנאָך הייבט ער ווייטער אָן, און די מעשה דערציילט זיך אזוי:

## טז

צו דעם צונעמעניש „נגיד" האָב איך אין דער לעצטער צייט באקומען נאָך א נייעם טיטל: „מקבל". דעם דאָזיקן טיטל האָט מיר געגעבן דער ממזר, פארכאפּט זאָל ער ווערן. און אזוי האָט איטלעכער פון דער כאליאסטרע מיך גערופן: פּישקע מקבל. — מקבל איז ביי זיי אזא מיאוס וואָרט, וואָס ביים ארויסברענגען עס פונעם מויל שפּייט מען זיבן מאָל אוים. די שנאה, וואָס הערשט געוויינטלעך צווישן באלמעלאָכעס, סוחרים, קרעמער און דאָסגלייכן וואָס האָבן איין ברויט, איז

א הונט אקעגן דעם, ווי זיי, די בויד־אָרעמעלייט, האָבן פֿיינט די שטעטישע קבצנים און בפֿרט נאָך דאָס גאַנצע קאַפּיטל מקבלים, אָט־די ווערעמדיקע מקבלים, פֿוילע מיוחסים, פֿאַר־שמאַלצעוועטע שיינע יידן, פֿלעגן זיי אַלע זאָגן מיט גאַל, זענען ווי די וואַנצן פֿול אין אַלע הייזער און נישט אויסצוהאַלטן פֿון זיי, מען צעשטאָפּט זיי די קישקעס אויף אַלע שמחות: חתונות, בריתן און קריאת־שמע־לייענעס, רייסן פֿון טויטע און פֿון לעבעדיקע, און מיר, נעבעך, רייסן קריעה, האָרעווען, פּראַצעווען אויפֿן שטיקל ברויט און ווערן פֿאַרשוואַרצט. די דאָזיקע אַלע צעקראַכענע נפֿשות, פֿלאָסקעדריגעס, האָבן זיך גענומען דוד־המלכס תהלימל און מאַכן מיט אים די שפּיל. דוד המלך זאָל געווען פֿריער וויסן צו וועמען אין די הענט זיין תהלימל וועט אַריינפֿאַלן, וועלכע פּרנסות די פֿוילע, פֿאַר־שימלטע לאַפּיצלעך מיט אויסגעווייקטע פּנימלעך וועט דערמיט מאַכן, וואָלט ער עס, גאַנץ זיכער, נישט געמאַכט. —

— ניין, בתיה! — האָט דער ממזר געמאַכט צו מיין ווייב. — פֿון אייער פּישקען וועט קיין לייט שוין נישט זיין. ניין־ניין, נישט קיין לייט, איינער פֿון אונדזער חברה! ער איז א מקבל מיט די ביינער. א מקבל מיט אַלע חן־גריבעלעך. דאָס פֿאָרן אייערס מיט אים, דאָס רייסן זיך אין דער וועלט, וועט אים כּלל נישט העלפֿן. אין הלכות אָרעמאַן ווייסט ער נישט מאי דקא אמרי רביצין. נישט קיין מענטש, ווי עס געה־הער צו זיין. איר וועט, נעבעך, האָבן פֿון אים א פֿאַרפֿוילטע גאַל. אי, אזא בתיה, איך זאָל האָבן אזא בתיה! א גליק, ווי איך בין א ייד, א גליק וואָלט איך מיט אייך געמאַכט!

נאָך די אַלע מיטל, וועלכע דער ממזר האָט געברויכט, אָנ־צומאַכן צווישן מיר מיט מיין ווייב א בייז לעבן און מיך דערווייטערן פֿון איר דורך רכילות, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפֿלויגן, איז אים לסוף געראָטן צו פֿאַלן גאָר אויף עפּעס נייעס. ער האָט מיך פֿאַרמסרט פֿאַר מיין ווייב, אָנגע־רעדט אויף מיר שטילערהייט, אז איך שדכן מיך עפּעס צו א מיידל פֿון א בויד און מאַך מיט איר עפּעס צופּיל חן..., צווישן דער כאַליאַסטרע האָט זיך געפֿונען א האָרבאַטע מיידל, מיט וועלכער איך האָב, אמת טאַקע, ליב געהאַט צו שמועסן זייער אָפּט און ...

— הא, וואָס איז דאָס פֿאַר א מיידל עפּעס? — פֿאַל איך, אַלטער, פּישקען אין די רייד אַריין. — הא, פּישקע, זיי זיך מודה!

— דאָס מיידל איז געווען א ווילד־פֿרעמדע אין בויד, און זי האָט, נעבעך, גענוג זיך אָנגעליטן, גענוג אָפּגעקומען אין אירע יונגע יאָרן. איך בין זיך מודה, אז איך האָב ליב געהאַט

טאקע מיט איר אינאײנעם צו זיצן און צו שמועסן. מיר פֿלעגן אויסגיסן אײנער דעם אנדערן אונדזער ביטער הארץ. זי פֿלעגט אויף מיר רחמנות האָבן און נישט אײנמאָל װײנען אויף מײנע און אויף אירע צרות. אײ, איר זאָלט װיסן, װאָס דאָס איז פֿאר א מײדל! אײ, איר זאָלט װיסן אירע צרות, נעבעך!... — האָט פּישקע אויסגעלאָזט מיט טרערן אויף די אויגן.

מיר האָבן געבעטן פּישקען אונדז קלאָר צו מאכן, װער איז דאָס מײדל און װאָס מיט איר האָט זיך אזעלכעס געטראָפֿן.

— אז איר בעט מיך אזוי, — האָט פּישקע אָנגעהויבן, נאָכדעם אז ער האָט מיט אן עק ארבל אויסגעװישט די אויגן, — אז אײך איז נאָך נישט נמאס געװאָרן הערנדיק מיך, װעל איך אײך צוליב טאָן און דערצײלן, װי װײט נאָר איך קען. הערט, זײט מוחל, און האָט קײן פּאראיבל נישט, אויב בײ מיר װעט עס אויסקומען נישט גלאט:

דאָס מײדל איז געװען נאָך א קינד, אז די מאמע אירע האָט זי געבראכט קײן גלופּסק אינאײנעם מיט א קלימעקל זאכן און אלטע בעבעכעס. דאָס קלימעקל האָט זי אָפּגעװאָרפֿן דאָרט ערגעץ אין א שטיבל בײ אן אלטער ייִדענע, א מכשפֿהטע. אפּנים, דאָס איז געװען א מעקלערין פֿון דינסטן. די אלטע ייִדענע פֿלעגט אװעקגײן מיט רער מוטער, איבערלאָזן דאָס קינד אײנע אלײן אָן עסן און פֿארפֿאלן װערן אויף א גאנצן טאָג, אז דאָס קינד האָט אײנמאָל געװײנט, געצאַפּלט: מאמע, נעם מיך אויך מיט זיך! האָט די אלטע מכשפֿהטע אויף איר זיך שטארק געבײזערט, מאכנדיק צו דער מוטער: חלילה! מען טאָר פֿון איר גאָרנישט װיסן, עס קאָן שאטן צום עסק. אין עטלעכע טעג ארום האָט די מאמע זי גענומען און גאנץ שטיל זי ארײנגעפֿירט למזל אין א קיך, ערגעץ אין א באלעבאטיש הויז. עס האָט נישט גערויערט לאנג איז זי מיט דער מאטען איבערגעגאנגען ערגעץ אנדערשװאו אין א קיך און פֿון דאָרט װײטער אין א נײער קיך, אזוי אז אין א קורצער צײט זענען זײ מגולגל געװאָרן אין א היפּש ביסל קיכן. די מאמע איז מיט איטלעכן מאָל איבערקלײבן זיך אין א נײער קיך נעװאָרן צו איר אלץ ערגער און שלעכטער. איר טאטן האָט זי װײניק געקענט. פֿריער אין דערהײם איז ער געװען א זעלטענער גאסט, שטענדיק אונטערװעגנס, אונ דערנאָך דאָ אין די קיכן האָט זי אים קײנמאָל נישט געזען. זי װאָלט אפֿילו גאָר פֿארגעסן אויב זי האָט א טאטן, װען די מאמע זאָל אים פּופּציק מאָל אין טאָג נישט שילטן בשעת זי פֿלעגט צו איר אויסלאָזן איר שװער ביטער הארץ. „אָנלײגן זאָל ער מיטן קאָפּ, דער שײנער טאטע!” פֿלעגט זי שילטן, פֿלוכן. „דאָס

ווייב האָט ער געפּטרט נאָך אַזויפיל יאָר מי, בויכווייטיק, וואָס זי האָט געהאַט ביי אים, און איר נאָך אָנגעהאָנגען — געהאָנגען זאָל ער ווערן! — א באָמבע, א קינד אויפן האלדז, וואָס איבער איר קאָן זי אויף קיין אָרט נישט איינזיין און באדארף זיך מיט איר שטיקן, באהאלטן. וואָרום ווער וויל עס דען האָבן ביי זיך א קעכנע מיט א קינד?" — נישט איינמאָל טאקע פלעגט די באלעבאָסטע אין קיך ארייַנלויפן, ווען דער ווארמעס איז נישט געווען עפּעס אַזוי געראָטן, און פילדערן, שרייען, פארוואָס האָט גאָט זי געשטראָפט מיט אזא קעכנע, וואָס שעפּט אָפּ דאָס אויבערשטע פון דער יויך און גיט עס איר שיין טעכטערל אוועק. כאָטש דאָס טעכטערל, נעבעך, האָט געדארט, געקווארט און געגעסן קרענק. די מאמע פלעגט עס פארשטופן, אַזוי ווי טריפה סחורה, אויפן אויוון, אין א ווינקעלע דאָרט איז עס דעם גאנצן טאָג אָפּגעזעסן אויף איין אָרט, איינגעהויקערט אין צענטן, און מען האָט גישט געטאָרט הערן פון איר קיין פּיפּס. עס פלעגט איר די סמאיע איבערגיין, שמעקנדיק די ריחות פון געבראָטענע גענדז, געפּרעגלטע לעבערלעך, און זי... שא, נישט קיין וואָרט! זי האָט שטילערהייט געליטן, נעבעך, הונגער, ביז מען האָט זיך דערמאָנט אריינצושטופן איר אין הענטל א טרוקן שטיקל ברויט און אמאָל אויך אן אָפּגעלעקט ביינדל, אָדער עפּעס אנדערש, וואָס איז איבערגעבליבן אויף די טעלער. אמאָל ווידער האָט מען אין איר זיך גאָר פארגעסן, און אז זי האָט זיך נישט געקענט איינהאלטן און א פּיפּס געטאָן, פלעגט זיך ווייזן אין דער הויך אויפן אויוון א קאָטשערע, א לאָפּעטע, אָדער א שטעקן, א פּאָלאָניק און שלאָגן אויפן קאָפּ, אויף די הענטלעך, אויף די פיסלעך, וואו נאָר עס האָט געטראָפן, און דערביי האָט זיך געשאָטן טויטע קללות און חרמות אויף איר טאטן און טאטנס טאטן ביז אברהם אבינו. אַזוי האָט זי פארבראכט אין קרענק, אין צרות אירע יונגע יאָרן אויף די אויוונס. פונעם שטענדיקן זיצן אויף איין אָרט איינגעבויגן, איינגעהויקערט איז זי געוואָרן הארבאטע, נעבעך.

פונעם אויוון אראָפּקוקנדיק פלעגט זי זען עפּעס א יונגמאן. ער איז געווען א אָפּטער אריינגייער צו דער מאמען אירער אין קיך. די מאמע פלעגט זיך אין אים שמעלצן, אים האָדעווען פונעם ארבל, אָנשטאָפּן אים די קעשענעס מיט גוטע זאכן און נאָך געבן אים אמאָל געלט אויך. ער פלעגט קומען אָפט שפּעטלעך אין אָוונט און בלייבן נעכטיקן אין קיך. אמאָל פלעגט די מאמע פארפאלן ווערן אויף א לאנגער צייט, זיך אויספּוצנדיק פריער, אָנקוקנדיק זיך גוט אין דעם שפּיגעלע, און איבערגעלאָזן די קיך הפקר. אפנים, אז דער מאמען איז

אין זינען געלעגן חתונה צו האָבן און איז אַלץ באַשעפטיקט געווען מיט דעם חתן...

איינמאָל אַקעגן אָוונט איז געקומען עפּעס אַ מענטש און פאַרנומען פון דער קיך דער מאַמעס זאַכן. די מאַמע האָט געדאַנקט דער באַלעבאָסטע פאַר דעם זאַלץ און ברויט, אַראָפּגענומען מיט מזל איר נאַקעט טעכטערל פון עם אויוון און איז מיט איר אַרויסגעגאַנגען. זי פירט דאָס טעכטערל און פירט, ביז זי פאַרפירט עס ערגעץ אין אַ געסל. „זעץ זיך דאָ אַנידער און וואַרט. ייִדן וועלן רחמנות האָבן!"... אַזוי האָט די מאַמע געזאָגט און איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

דאָס פאַרוואָרפענע קינד זיצט, נעבעך, אויף דער גאַס שטיל און האָט מורא אַ ריר צו טאָן זיך אַפילו, אַזוי ווי פריער אויפן אויוון. אַ קאַלט אָסיענדיק רעגנדל שפּרענקלט און נעצט איר דורך די ביינער. זי איז געזעסן איינגענורעט כמעט אין איין העמד, געציטערט פאַר קעלט און אַ צאָן אין אַ צאָן האָט איר געקלאַפּט. אַז איינער פון די פאַרבייגייענדיקע האָט זי אַ פרעג געטאָן: ווער ביסט דו, מיידעלע? איז דער ענטפער אידער געווען: איך בין דער מאַמעס... די מאַמע מיך געהייסן דאָ זיצן שטיל... מען טאָר נישט שרייען. אַ קאַטשערע, אַ לאָפּעטע קומען און שלאָגן... אַזוי איז זי, שלימזלדיקע, נעבעך, געזעסן העט שפּעט אין דער נאַכט, ביז עפּעס אַ ייִדענע האָט זי פאַרנאַרט מיט גוטע רייד און אַוועקגעפירט צו זיך אַהיים, ערגעץ אויף די פּיסקעס אין אַ קליין שטיבעלע אייף הינערשע פּיסלעך.

ביי דער ייִדענע האָט זי זיך אויפגעהאַלטן אַ היפּשע צייט און ביי איר קיין האָניק נישט געלעקט. די ייִדענע האָט זיך איר אויסגעגעבן פאַר אַ מומע און איר געהייסן זי אַזוי רופן. די דאָזיקע מומע איז געווען אַ סעדעכע, וואָס איז געשטאַנען אין מאַרק מיט קאַרטאָפלעס, הייסע באַבקעס, כל־נדרי־באַרלעך און ארץ־ישראל עפּעלעך. גאַנץ פרי איז דער שטייגער אירער געווען אַרויסצוגיין אין מאַרק אַריין. דאָס האַרבאַטע מיידעלע איז איבערגעבליבן מיט אַ טעכטערל אין שטוב און געוויגט איר קינד, אויך געהאָלפן אין דעם באַלעבאַטישקייט, ווי אַשטייגער: קלייבן אויף דער גאַס דאַרע שפּענדלעך אויף אונטערהייצן, קריכן אונטערן פּעקעליק נאָך אייער, וועלכע די הינער האָבן געלייגט, אויסשקראַבען אַ טעפּל פון פאַרטריקנטער קאַשע, פאַרוואַשן אין דער פאָמויניצע דעם קינדס אַ פאַרשמירט העמדל, און שטיין אַכטונג צו געבן אויף די איבערגעוואַשענע הילצערנע מילכעדיקע לעפל, וואָס טריקענען זיך אויף דער פּריזבע, אינאיינעם מיט דעם קינדס קישעלעך, אַקעגן דער זון, און נאָך אַנדערע אַזעלכע מלאכות. פאַרנאַכט, אַז די

סעדעבע איז אהיימגעקומען, האָט זי געשיקט איר קליין דינסט־מיידל אין די הייזער ארומצוגיין און צונויפנעמען עטלעכע שטיקלעך ברויט. דערפון האָט זי זיך דערנערט אליין און גאָך געגעבן דער מומען אירער.

זומער פארנאכט איינמאָל, בשעת ארומגייענדיק אין די הייזער אויף איר שטייגער, אין איין גראָב העמדל מיט א האלב קליידל, האָט זי זיך פארשלאָגן גאנץ ווייט, אזש ביים עק שטאָט, און נישט געטראָפן דעם וועג צוריק אהיים. די זון האָט שוין לאנג זיך געזעצט. אויף דעם הימל האָט זיך אָנגערוקט א שווארצער וואָלקן. עס האָט ביסלעכוויז געבליצט און געדונערט. פּלוצים קומען אונטער, פון דער שטאָט ארויספּאָרנדיק, עפּעס בוידן, פול אָנגעזעצט מיט מענטשן.—קוקט נאָר!

— האָבן פארשוינען ארויסגעשריגן פון איין ביידל, — עפּעס דרייט זיך דאָ ארום א האָרבאטע מיידעלע און וויינט, נעבעך.

— און באַלד טאקע שפּרינגט אראָפּ'עט איינער א רויטער — טאקע אלץ דער רויטער ממזר, א קיענק אים אין די בייניע איאַן! — גיט א פרעג דאָס קינד, וועמעס זי איז. — איך וויל אהיים צו דער מומע! — ענטפערט דאָס מיידעלע אויף א וויינענדיק קול. — שא, טאָכטער, וויין נישט, — זאָגט צו איר דער ממזר, — איך וועל דיך אָפּפירן אהיים צו דער מומען. — ער טוט זי באַלד טאקע א כאַפּ, ווארפט זי אין א ביידל אריין און פאָרט מיט איר אוועק.

פון יענער צייט אָנ'עט בלאָנקעט דאָס האָרבאטע מיידל, נעבעך, זיך ארום מיט דער כאליאסטרע בויד־אָרעמעלייט, וואָס האָבן פון איר הויקער געמאכט א פרנסה. דער שטייגער איז זייערער געווען, קומענדיק ערגעץ אין א שטאָט, אנידערצוזעצן זי נאקעט און באָרוועס אויף דער גאס, וואו מענטשן גייען, און זי האָט באדארפט כליפּען, בעטן נדבות אויף א ווייענדיק קול מיט א ניגון און אויך רייסן ביי די פּאָלעס. האָט זי אָבער אמאָל נישם געשפּילט די קאָמעדיע טשאקענדיס מיט אלע אָנשטעלן און געמאכט ווייניק געלט, פלעגט מען איר אָפּשפּילן א נוטע חתונה: שלאָגן זי טויט־שלעק, ארויסווארפן זי ביי דער נאכט אין דרויסן, וואו זי פלעגט נאקעט, הונגעריק, נעבעך, שרייען און וויינען אויפן רעכטן אמת טאקע... זי האָט מיר דערציילט, ווי איינמאָל, ווינטער אין א שטארקן פראָסט, האָט מען זי ביינאכט אזוי ארויסגעוואָרפן אויף דער גאס, דער פראָסט האָט זי א נעם געטאָן און געמאכט פון איר א ביינגל, נעצופּט, געטשיפּעט דאָס לייב ווי מיט קאלטע שפּילקעס. עס האָט איר זיך גערירט דער שארבן אויף רעם מוח, טונקל און ליכטיק, עפּעס ביידע מיטאמאָל, איז איר געוואָרן אין די אויגן, אַט־אַט עקט זיך דאָס לעבן. זי קאָן שוין מער נישט אויס־

האלטן און הייבט זיך אָן בעטן אין שטוב אריין מיט א ביטער געוויין. זי ציטערט, בעט רחמים: עפּנט, מומע, עפּנט, פּעטער! — אזוי האָט זי איטלעכן פון דער כאַליאַסטרע גערופן. — זי שרייט: פּעטער, איך וועל שוין ווייטער דאָרט פאר מענטשן גוט שרייען! זי וויינט: מומעניו, איך וועל שוין דאָרט גוט וויינען! זי בעט: געוואַלד, איך וועל שוין ווייטער גוט בעטן! נאָר שריי צו דער וואַנט, נישטאָ קיין ענטפער!...
זי בלייבט ליגן שטיל, פילט מער נישט קיין קעלט, קיין פּיין, עס באַפאלט זי עפּעס א זיסער שלאָף, עס דאכט זיך איר, מען האלדזט זי, גלעט זי, עפּעס גוט, וואַרעם, מחיה — און מען האָט זי א טויטע אוועקגעטראָגן פונעם אָרט... זי האָט א היפּשע צייט פון יענער נאכט געקרענקט. — ווייטער איז דער שטייגער געווען, אראָפּצולאָזן זי פונעם וואָגן, וויבאלד מען האָט פונדערווייטנס אויפן וועג דערזען פּאָרנדיק עפּעס א פּריץ, אָדער סוחרים, לייטישע מענטשן. זי האָט באַדאַרפט מאכן די גאנצע שפּיל, אויסשטרעקן די האנט, דרייען זיך, לויפן פארביי די פערד, ביי די זייטן וואָגן, כליפּען, בעבען אונטער דער נאָז מיט א רחמנות־פּנים און דערטאַפּן א נדבה, איר טויט זאָל דאָ אפילו זיין. אמאָל פלעגט זי טאקע כאַפּן א שמיץ מיט דער בייטש פונעם שמייסער אויף דער קעלניע, נאָר זי פלעגט עס נעבעך אראָפּשלינגען, שא, קיטש און געטאָן טאקע אירס, ווייל זי האָט זייער גוט געוואוסט, אז א בייטש איז א נאָרנישט אקעגן דעם, וואָס זי וועט שפּעטער כאַפּן, אויב, חלילה, זי קומט צוריק אין בויד מיט ליידיקע הענט... וואָס זי, נעבעך, איז אין די יונגע יאָרן צרות אויסגעשטאנען, לאָזט זיך גאָר נישט ארויסזאָגן. אויך היינט שטייט זי נאָך אויס גענוג צרות, אין גיהנום באַדאַרף מען אזויפיל נישט אָפּקומען וויפל זי, נעבעך, קומט אָפּ'עט. אַך, דאָס בלוט קאָכט אין מיר, ווען איך דערמאָן מיך אָן איר! אוי ווי, מיין לעבן וואָלט איך פאר איר געגרן אוועקגעגעבן אבי זי אויסצולייזן. הערט איר, יידן, ס'איז נאָך אויף דער וועלט גאָר נישטאָ אזא גוטע, שטילע טויב, אזא זיסע, טייערע נשמה ווי זי!...

## יז

פישקעס דערציילונג האָט אָנגעמאכט א שטאַרקע מרה־שחורה אויף אלטערן און מיר, אלטער האָט מיט דער האנט געריבן דעם שטערן, ווי עס האָט אים עפּעס געביסן, און אלץ געמאכט פאר זיך: עט, עט!

— הערט איר, ר׳ אלטער, — רוף איך מיך אָן מיט א שמייכעלע, — פישקע, כ׳לעבן, איז טאקע פארליאפּעט אין האָרבאטע מיידל. ס׳איז, כ׳לעבן, עפּעס נישט גלאט.

— למאי זאָל איך לייקענען, — האָט פישקע געזאָגט, — איך האָב זי טאקע אָנגעהויבן שטארק ליב צו האָבן אין הארצן פאר גרויס רחמנות. עס האָט מיך עפּעס צו איר געצויגן, מיר צוגעקומען לעבן פונעם זיצן אמאָל מיט איר אינאיינעם. — וואָס ?... גאָרנישט ! גלאט אזוי איך — שמועסן, אָדער שווייגנדיק אָנקוקן זיך איינער דעם אנדערן. דאָס גוטסקייט איז איר געלעגן אויפן פּנים ; דאָס קוקן אירס אויף מיר אין געווען טאקע נאָר ווי א געטרייע שוועסטער קוקט אויף איר אומגליקלעכן ברודער בשעת אים איז, נעבעך, שלעכט, שטארק נישט גוט. און אז נעמענדיק צום הארצן מיינע צרות האָט זיך איר געשטעלט טרערן אין די אויגן, איז מיר געוואָרן עפּעס גוט, ווארעם־מחיה אין אלע גלידער. עפּעס האָט מיר זיך גע־דאכט, געדאכט... איך ווייס אליין נישט וואָס. עפּעס האָט מיך אינווייניק געבריט, געגלעט ביי דער נשמה : „פישקע, דו ביסט נישט מער אליין אין דער וועלט, ביסט נישט מער עלנט ווי א שטיין" — און עס באנעצן מיר זיך די אויגן פון הייסע טראָפּן טרערן...

מיין ווייב — א וואונדער, כ׳לעבן ! — האָט מיך שוין עפּעס נישט אזוי געארט, עפּעס איז מיך שוין נישט אזוי שטארק אָנגעגאנגען, ווי זי מאכט חן מיט דעם ממזר, געקרימט דערויף האָב איך מיך נאָך טאקע, אָבער ראָס קרימען זיך האָט שוין נישט געהאט דעם טעם ווי פריער, אז מיר פלעגט אמאָל ארויפקומען אויפן געדאנק אזוי : דו ווילסט, פישקע, דיין ווייב זאָל א זאָג טאָן : „אצינד איז שוין גענוג זיך ארומגע־שלעפּט, קום לאָמיר זיך באזעצן אין א שטאָט ?" — פלעג איך זוכן ווי מיך אויסצודרייען, נישט געבן קיין גלייכן ענט־פער און זיך פארטראכטן דערביי אין איר... ווער וועט זיין מיט איר, מיט דער האָרבאטער, נעבעך ?... נאָר הערט אָבער א מעשה ! אז איך בין געוואָרן אין הארצן צו מיין ווייב קי־לער, שוין נישט געצאפּלט נאָך איר אזוי ווי פריער, איז זי, דאכט זיך, געוואָרן צו מיר הייסער. עס פלעגט אויף איר א־מאָל אָנקומען א שעה, וואָס זי איז געווען צו מיר גוט, ווייך ווי א טייג, און האָט זיך געהאנגען מיר פּשוט אויפן האלדז. נאָר דערפאר שפּעטער פלעגט עס מיר באָקום אויספאלן. זי פלעגט מיר טאָן אין דער גאַל אריין, מיך פלאָגן, פּייניקן נאָך טויזנט מאָל ערגער ווי פריער, אזוי אז דאָס לעבן איז מיר נישט ניחא געווען און האָב מיר געוואונטשן דעם טויט. איך האָב פון איר געהאט, טאקע ווי מען זאָגט, קאלט אוןווארעם.

איך האָב גאָר נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס איז איר געשען? משונע איז זי, צי חסר־דעה, וואָס איז מיט איר אַזוינס? נאָר אין א קורצער צייט שפּעטער איז זיך פאַרלאָפן עפּעס א זאך און דער בלאָטער איז פּלוצים אויסגעשפּרונגען. איך האָב שוין פאַרשטאַנען, וואָס ברענט אַזוינס מיין ווייב, וואָס די רוגזא אירע באַטייט. ס'איז א ווייטיק, א בושה צו דערציילן.

פישקע פאַרטראַכט זיך א רגע. דערנאָך טוט ער זיך עפּעס א געשמאַקן קראַץ און הייבט אָן ווייטער צו דערציילן:

איינמאָל זענען מיר אָנגעקומען ערגעץ אין א קליין שטעטל און פאַרפאָרן, ווי געווײנטלעך, אויף אכסניא גלייך אין הקדש אַריין. איך זאָג אייך, יידן, עפּעס האָב איך דאָך שוין גענוג הקדשים מיך אָנגעזען אין מיין לעבן און ווייס גאַנץ גוט וואָס אַזעלכע באַטייטן, נאָר זיי אַלע זענען גאָלד אַקעגן דעם הקדש פון יענעם שטעטל. אז איך דערמאָן מיך אין אים, הייבט אַצינד נאָך אָן מיר דאָס גאַנצע לייב צו בייסן און איך מוז מיך קראַצן. אינגאַנצן האָט דער הקדש אויסגעזען ווי א שטאַרק אַלטע קרעטשמע, א חורבה מיט אויסגעקרימטע, נישט קיין גלייכע ווענט, מיט עפּעס א דעכל, משטיינס־געזאָגט, ווי א צע־קנייטשט קאַפּעלישל, פאַררוקט פון פאָרנט און נידעריק אָנגע־בויגן פון הינטן, כמעט ביז דער ערד. מען האָט באַשיינפּערלעך געזען, אז דער הקדש, נעבעך, חלשט, וויל איינפאַלן און ליגן ווי א באַרג מיסט אויף דער ערד, נאָר דער עולם אין שטעטל האָט אים אָפּגעשריגן, אונטערגעשפּאַרט מיט דרענגלעך און אים איינגעבעטן, צוהאַלטן זיך אַזוי אויף ווייטער ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. דורך קלאַמפּערשט עפּעס א טויער איז מען אַריינגעפאָרן אין א גרויס הויז מיט צעשאָטענע לעכערדיקע ווענט, דורך וועלכע עס האָט זיך אַריינגעגנבעט א שטיקל שיין. די ערד דאָרט איז געווען גריבערדיק, ערטערווייז איז געשטאַ־נען קאַלוזשעס, פאַרשימלטע, פאַרדומפּענע פון פאָמעניצעס און נאָך אַזעלכע זאַכן, אויך פונעם רעגן, וואָס פלעגט תמיד דורך דעם פוילן שטרויענעם דאַך, צעשיטעט ווי א רעשעטע, אַהין אַריינקאַפּען. צעריבענע פאַרפוילטע שטרוי האָבן זיך אומעטום געוואַלגערט, אויסגעמישט מיט אַלערליי מיני שמאַטעס: צעריי־סענע טאָרבעס, צעהאַקטע ראָגאָזשעס, פאַרדאַרטע ווערבלעך פון שיך, אַלטע פּאָדעשוועס און אויסגעדרייטע אָפּצאַסן מיט פאַר־זשאַווערטע טשוועקעס, שערבלעך, צעבראָכענע רייפן, ספּיצעס פון רעדער, האָר, ביינער, דראַפּאַטשעס, ריטער פון בעזימער און נאָך אַזעלכע שמאַכטעס. דאָס דאָזיקע ביסל סחורה אינאיי־נעם האָט געפּרייעט און געגעבן „די שמוכט", משונהדיקע ריחות גאָר א שרעק. — אין דער לינקער זייט הויז האָט זיך געפונט מיט א בייזער א פאַרשמאָלצעוועטע טיר אין א שטוב

אריין מיט קליינע, שמאָלע, נישט גוט צוגעשטאנענע פענצטער און א טייל שויבן זענען אויסגעשלאָגן און פארקלעפּט מיט צוקער־פּאפּיר, אָדער פארשטעקט מיט א שמאטע. א טייל זע־נען שטארק שמוציק, אין די ווינקלעך באדעקט דיק מיט שימל און ווידער א טייל זענען פאר אלטקייט איבערגעצויגן מיט געל־גרינע משונה גלאנצנדיקע קאָלירן און דער גלאנץ שטעכט עפּעס די אויגן, גלייך ווי א קריץ אויף גלאָז גרילצט ווילד אין די אויערן. ארום די אָפּגעשלאָגענע ווענט און לעבן א גרויסן אויוון ציען זיך לאנגע בענק פון ברעטער, וואָס ליגן אויף קלעצלעך און שטיקער האָלץ, העכער אביסל איבער די בענק שטעקן אין די ווענט גרויסע און קליינע פלעקלעך. פון דער שווארצער סטעליע הענגען אראָפּ שטריקלעך מיט פּעטליעס, אין וועלכע עס האלט זיך ביי די ביידע עקן א לאנגער שטאנג. די פלעקלעך מיט דעם שטאנג זענען פארהאנגען מיט פארדריי־פּעטע קאפּטנס און קליידלעך, מיט אלערליי חפצים און טאָר־בעס פון אָרעמעלייט, וואָס קומען צו פאָרן אין ביידלעך, אָדער קומען זיך צו שלעפּן צו־פוס און שטייען דאָרט איין, יונג און אלט, מאנסבילן און ווייבער אלע אינאיינעם. — דער הקדש איז א חוץ דעם נאָך א ביקור־חולים אויך. דאָרט איז דאָס אָרט אויף צו שטארבן פאר קראנקע מיאוסע קבצנים אין דעם שטעטל. דער רופא טוט אלצדינג וואָס נאָר מעגלעך: שטעלט באנקעס, פּיאווקעס, לאָזט צו דער אָדער און צאפּט, אויף קהלשע הוצאות, קבצנים־בלוט ביז די כשרע נשמה גייט זיי אויס און דער הקדש־מאן, וואָס איז צוגלייך דער קברות־ייד פונעם שטעטל, איז זיי טאקע באלד מקבר אומזיסט. דער הקדש־מאן מיט זיין הויזגעזינד זיצט אויך טאקע דאָרט אין א מין אלקערל, משטיינס־געזאָגט. חוץ וואָס ער איז א הקדש־מאן, א קברות־ייד, א שמש אין דער חברה־קדישא, א משגיח אין זיין ביקור־חולים, א ושתי המלכה, אָדער א מאָנדרוש אין פורים, א פארשטעלטער בער מיט אן איבערגעקערטן פעלץ אין שמחת־תורה, א סארווער, אן אָנשטעלן־מאכער, א ווערטל־זאָגער אויף אלע התונות און בריתן, — האָט ער נאָך א פרנסה דערצו, צו מאכן חלבדיקע ליכטלעך. די אלע באלעבאַ־טים און בתי־מדרשים ציען ביי אים ליכט און הויז פונעם הקדש און עס ווערט דענסטמאָל א געשטאנק, אן עיפּוש ווייט ארום און ארום.

אז אונדזער כאליאסטרע איז אָנגעקומען אהין אין הקדש, איז ער געווען אָנגעזעצט געגוג מיט אורחים. דער הקדש־מאן האָט זיי געטריבן: גענוג געזעסן, פאָרט אייך געזונטערהייט שוין ערגעץ אנדערש! נאָר אזוי ווי ס'איז געווען דאָנערשטיק, האָבן זיי געהאט אן אויסרייד זיך אָפּצובעטן — פארלייבן דאָ

ביז נאָך שבת. דו ערד, די בענק און דער אויוון זענען ביינאכט באלאגערט געווען מיט מענטשן. מען האָט זיך געשטופּט, געקוועטשט, געקריגט און געשאָלטן פאר א שטיקל אָרט. קאַניצע און פּיעשע האָבן שטארק געארבעט, איינער דעם אנדערן ארויסגעוויזן די שטארקע שנאה און די גבורה זייערע מיט די הענט. אין דער גרויסער מהומה, נישט־דאָ־געדאכט, האָט געקרעכצט אין א ווינקעלע א קראנקער אלטער ייד, וועלכן מען האָט נעכטן אויף קוראציע אהער געבראכט, און א פּיצן קינד, וועלכן מען האָט אין דער שטופּעניש צוגעקלעמט א פיסל, האָט געקוויטשעט, געמאכט לעבער אין קאָפּ שרייענדיק. — ערשט שפּעטער, אז די בייזע מהומה האָט זיך איבערגענומען, האָב איך מיר אָפּגעזוכט ערגעץ א ווינקל און זיך געלייגט ווי־ס'איז אויסצורוען אביסל. נאָר קוים האָב איך מיך געלייגט, געמען מיך באפאלן גאנצע חיילות פּרייסן, וואנצן, פליי ווי די בערן און האָבן מיך געוואָלט לעבעדיקערהייט אויפעסן. דאָס לייב הייבט מיך נאָך אצינד אָנ'עט צו בייסן און מוז מיך געשמאַק קראצן, נאָר ביים דערמאָנען זיך אין די דאָזיקע מלאכי־חבלה. אז איך האָב א קוק געטאָן, אז מיט פּרייסן מלחמה צו האלטן איז שווערלעך, א פּריים אין א באשעפעניש, וואָס קריכט, און זיין שותּף, די וואנץ, שטינקט, האָב איך זיי מוחל געווען מיין שטיקל פּלאַץ. לאָזן זיי מיט אים זיך ווארגן! און בין ארויס אין הויז, דאָרט ווי ס'איז צוברענגען די נאכט. אין דרויסן איז געווען שרעקלעך פינצטער, א קאלטער, שטארקער ווינט האָט געשטורעמט, געהיילט ווי די הונגעריקע וועלף, געפייפט און געבלאָזן דורך די שפּאלטן אין די ווענט. שטיקלעך שטרוי זענען פונעם דאך געפלויגן און האָבן מיט נאָך אנדערע מיני שמאָכטעס ווי די רוחות אין הויז ארומגעטאנצט. צו־ווײלן האָבן אהין דורך די לעכער אויך אריינגעקאַפּעט גרויסע טראָפּנס רעגן. איך האָב מיך דאָרט פארוקט אין א ווינקל און געלעגן מיט א ביטער געמיט, געציטערט פאר קעלט. איי, די באָד, די באָד! האָב איך געאייקעט און געאָכט, וואו נעמט מען מיין באָד! דאָרט איז דאָך פּשוט א גן־עדן, ווארעם, א דערקוויקעניש. ווי גליקלעך בין איך אין דעם דאָזיקן גן־עדן דאָרט אמאָל געווען. וואָס האָט מיר געפעלט, וואָס איז מיך דאָרט אָפּגעגאנגען? מיר איז געווען אזוי גוט, אזוי וואויל, — האָט דער רוח באדארפט אָנטראָגן מיין ווייב, איך זאָל דורך איר פארטריבן ווערן פונעם גן־עדן און ארומוואָגלען זיך אין דער וועלט. אויף צרות נאָר זענען די ווייבער דאָ, טאקע נאָר אויף צרות. וואָס טויגן זיי? וואָס האָט מען פון זיי? קיין גוטס, כ'לעבן, קומט פון זיי נישט ארויס... באלד אָבער דערטאָן איך מיך אין דעם האָרבאטע מיידל און פאר מיר אליין

זיך געשעמט. ס'טייטש, זי איז דאָך א גוטע, א כשרע נשמה, מיט איר אינאיינעם איז דאָך עפּעס א תענוג. ס'איז עפּעס גלאַט גוט, גרינג, פריילעך אויפן הארצן צו זיצן און שמועסן מיט איר. א כפּרה טויזנט באָדן פאר איר מינדסטן נאָגל. פון אירם א קוק ווערט עפּעס געשמאַק ווארעם אין אלע גלידער.

— שעם דיך, פּישקע! שייגעץ איך מיך אליין אויס, זינדיק נישט מיט דיינע רייד, ווייבער גיבן עפּעס צו א שטיק געזונט אין לעבן. ווייבער קענען גליקלעך מאכן און פונעם גיהנום אפילו מאכן א גן־עדן... פון אזעלכע זיסע געדאנקען האָב איך פארגעסן אין אלע מיינע צרות. דאָס ווינקעלע, וואו איך האָב מיך צוגעשפּארט, איז עפּעס גאָר גוט מחיה. מיר איז שוין מער נישט קאלט. איך הייב אָנ'עט לייענען קריאת־שמע מיט געפיל, די אויגן קלעפּן מיר זיך און ווער באלד אנדרעמלט. פּלוצים אָבער האָט מיך אויפגעוועקט עפּעס א שרעקלעך געשריי.

— קוקט נאָר אָן דאָס נפש! — האָט עמעצער געשריגן לעבן דער טיר פון שטוב, און דערלאנגט פון דאָרט א וואָרף מיט דעם גאנצן כוח אין הויז אריין עפּעס א שווערע זאך, וואָס איז ווי א שטיין געפאלן אויף דער ערד מיט א שטארקן קלאַפּ. קוקט נאָר אָן די מצאָצע, אויך מיר א מענטש! א קאטאָוועס ווי גראפינע פּאָטאָצקע!... און אין הויז ביסט־דו קראַנק צו ליגן, פארפּאטשקעטע גראפינע? —

איך האָב באלד אין דעם קול דערקענט דעם ממזר, א קיענק אים אין די ביינער אַיאַן! ער האָט נאָך אביסל גע־שריגן, געזידלט, אויסגעוואָרפן מיט דער גראפינע פּאָטאָצקע, דערביי אויסגעשפּיגן און פארמאכט דערנאָך די טיר מיט א שטארקן קלאַפּ.

א שטיקל לבנה איז ארויסגעקראָכן פון צווישן די צעריי־סענע שטיקער וואָלקנס, האָט אריינגעקוקט דורך דעם צעבראָ־כענעם דאך אין הויז אריין און באלויכטן דאָרט עפּעס א מענטשלעך געשטאלט, וואָס איז געלעגן ווי א קלימעק, שטיל, קיין ריר זיך נישט צו טאָן. איך האָב מיך א לאָז געטאָן זען, ווער איז עס די מצאָצע אָדער די גראפינע פּאָטאָצקע, וואָס ליגט דאָרט אזוי. איך טו א בליק און א דונער האָט מיך דערשלאָגן! פינצטער איז מיר אין אויגן און דער קאָפּ דרייט זיך מיר, אזוי ווי פון דער ערשטער פּארע אויף דער אויבער־שטער באנק. מיין האָרבאטע מיידל, זי, נעבעך, ליגט עס אויפן רוקן טויט אויסגעשטרעקט פונעם שטארקן שליידער, וואָס דער ממזר האָט מיט איר געטאָן! איך נעם מינטערן מיט אלע כוחות די האָרבאטע, נעבעך, און אז גאָט האָט געהאָלפן, זי האָט זיך אָנגעהויבן צו רירן, האָב איך זי א כאַפּ געטאָן אויף

די הענט עפּעס נישט מיט קיין מענטשלעכן כוח, ווי בשעת מען ראטעוועט אין א גלופּסקער גרויסער שריפה, און בין מיט איר גיך אוועק אהין אין מיין ווינקעלע. איך וואָלט געמעגט שווערן, אז דענסטמאָל בין איך געגאנגען גאָר גלייך, ווי אלע מענטשן, און האָב אפילו קיין הינק נישט געטאָן. זי האָט פאַמעלעך, פּאמעלעך אויפגעעפנט איין אויג נאָך דעם אנדערן און א שטילן זיפץ געטאָן. איך האָב פאר שמחה געמיינט, אז די וועלט איז מיינע. ס'איז מיר געווען צו גוט טאקע נאָר ווי דעם בעטלער אין די געשריבענע מעשיות, וואָס ווערט פלוצים פון דער העלער הויט מגולגל אין א טייערן פּאלאץ, זיצט זיך דאָרט אָנגעלענט אויף דעם גוטן עסעבעט אינאיינעם מיט א בת־מלכה און טוט זיך וואויל. איך האָב געשווינד אראָפּגעוואָרפן פון מיר מיין קאפּאָטע און איינגעוויקלט דערמיט מיין בת־מלכה, וואָס האָט געציטערט פאר קעלט.

— אוי! — האָט מיין האָרבאטע, נעבעך, א זיפץ געטאָן, אויסגעריבן די אויגן און געקוקט, עפּעס גלייך ווי זי האָט זיך ארומגעקוקט, אויף וואָס פאר א וועלט זי איז.

— וואָס קוקסטו־דו עפּעס אזוי? — טו איך א פרעג. — איך בין פּישקע. געדאנקט און געלויבט איז גאָט, וואָס דו לעבסט.

— אָך און וויי איז מיר, — זאָגט זי מיט א זיפץ טיף פונעם הארצן, — וואָס טויג מיר, וואָס איך לעב! איידער אזא לעבן איז שוין בעסער דער טויט. גאָט איז דאָך א גוטער, א בארעמהארצעדיקער, הייַנט צו־וואָס האָט ער אזעלכע ווי איך גאָר באשאפן, נאָר אויף צו ליידן און צו פּלאָגן זיך אין דער וועלט?

— נארעלע! — מאך איך צו איר. — מסתּמא ווייסט גאָט, וואָס ער טוט, מסתּמא איז דאָס אים ניחא, אז אזעלכע ווי מיר זאָלן אויך זיין אויף דער וועלט. גאָט איז א טאטע, ער זעט, הערט און ווייסט אלצדינג. דו מיינסט, נארעלע, ער ווייסט נישט אונדזערע בייזנס צרות? גאָט ווייסט, נישקשה! די לבנה זיינע, זע נאָר, זע, קוקט פונעם הימל אהער אפילו, אין הויז, אויך אריין. זינדיק נישט, נארעלע, מיט די רייד.

זי האָט אויסגעשטעלט אויף מיר א פּאָר פייערדיקע אויגן, אין וועלכע עס זענען געשטאנען גרויסע טראָפּנס טרערן און זיך געפינקלט אקעגן דעם שיין פון דער לבנה ווי בריליאנטן. אירע אויגן און איר קוק דענסטמאָל אויף מיר, וועל איך אייביק נישט פארגעסן.

אז איך בין אויפגעשטאנען אויף מאָרגן גאנץ פרי, האָב איך געזען, מיין האָרבאטע ליגט אין ווינקעלע, איינגענורעט אין מיין קאפּאָטע און שלאָפט ווי א פייגעלע. דאָס פּנים אירס

אין געווען בלייך און האָט אויסגעזען עפּעס אַזוי גוט, אַזוי רחמנותדיק גוט... די ליפּן האָבן צו־ווײלן געציטערט און זיך אויסגעצויגן עפּעס ווי מיט א געבעט. עפּעס בעט זי, געבעך, רחמים: פּייניקט מיך נישט! וואָס האָב איך אייך געטאָן? וואָס האָט איר צו מיר? פאַרוויסט מיר נישט דאָס לעבן. וואָס האָב איך אייך געטאָן, וואָס האָב איך אייך געטאָן?... און דאָס בעטן אירס רייסט אויס א שטיק האַרץ. עס האָט מיר זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן — און איך האָב געוויינט...

דער ערשטער, וואָס איז אין דער פרי אין הויז אַרײַנגע־גאַנגען, איז געווען דער ממזר, א קיענק אים אין די בייניע אַיאַן! — ער האָט מיט זיינע גנבישע אייגעלעך א קוק געטאָן אויף מיר, אויף דער האַרבאַטער און איז מיט א שטעכנדיק געלעכטערל אַוועק צוריק אין שטוב אַרײַן.

# יח

פישקע איז פלוצים געבליבן שטיל און האָט אַוועקגעקערט דאָס פּנים, גלייך ווי ער האָט זיך געשעמט. וואָס מיין אַלטער האָט אים נישט געבעטן ווייטער צו דערציילן, האָט אַלץ נישט געהאָלפן. — עט... כ׳לעבן! האָט פישקע געמאַכט, איז רויט געוואָרן, זיך געמיניעט און נישט געעפנט קיין מויל. פישקע, ווי עס האָט אויסגעזען, האָט לסוף זיך אַליין פאַרשעמט פון זיינע אייגענע רייד. פריער, אַז עס האָט אים דער ערשטער ברי געטאָן, האָט ער זיך צעפלאַקערט, צערעדט ווי איינער פון דער היץ. ער האָט גערעדט מיט פייער און אויסגעגאָסן זיין גאַנץ האַרץ אין אַזעלכע ווערטער, וואָס זענען גאָר נישט גע־ווען פאַר פישקעס מוח. די דאָזיקע ווערטער האָבן זיך אים געגאָסן אַליין, עס האָט אין אים זיך צערעדט די נשמה, ער האָט בשעת־מעשה פאַרגעסן אַלצדינג, וואָס אַרום אים טוט זיך, גערעדט, גע־רעדט, נישט צו הערן כמעט אַליין, וואָס ער רעדט, ביז ער האָט פּלוצים זיך א כאַפּ געטאָן, עפּעס ווי אַליין זיך צוגעהערט צו זיינע רייד, זיך עפּעס געוואונדערט, ווי קומט אַזוינס צו אים... און איז שטאַרק פאַרשעמט געוואָרן. ביי וועלכן פון אונדז מאַכט זיך נישט כאָטש איין מאָל אין לעבן אַזא ליכטיקע, גוטע שעה, וואָס דענסטמאָל עפנט זיך א מויל און ריינע, אמתע מענטשלעכע געפילן גיסן זיך אים אַרויס, ווי א שטראָם הייסע זודיקע גאַזן פון א פייערשפּייענדיקן באַרג? אויף בלעמס אייזל אַפילו איז אויך אָנגעקומען א שעה, אין וועלכער עס האָט פון דער העלער הויט אים זיך

געעפנט דאָס מויל און האָט געהאַלטן א שיינע רעדע. ווער שמועסט ביי בעלי־דרשנס, להבדיל, מאכט זיך פיל מאָל, אז אזעלכער, וואָס מעלה־גרהט געוויינטלעך, פלוידערט תמיד אוועק נארישקייטן, א שרעק צו הערן. פלוצים פאַלט אויף אים אָן עפעס א באַגייסטערונג און ער זאָגט נישט־ווילנדיק אַרויס א גלייך וואָרט, וואָס דער גאַנצער עולם און ער אַליין מיט זיין כבוד אויך בלייבן דערנאָך פאַרגאַפט. ביים ערגסטן חזן, א קאטשאַן, וואָס גלוסט זיך ברעכן, הערנדיק זיין טערעלייקען מיט משוגענע העוויות, טרעפט זיך אמאָל, אז פלוצים טוט עס מיט אים א טראָג, ער צעיאָגט זיך אין דעם מוסף מיט א ברען און וואַרפט אַרויס א „יקום־פורקנדל”, א „תכנת־שבתל” מיטן קנאַק. טרעט די גוטע שעה אָפּ, בלייבט דער אייזל ווייטער טאַקע אַן אייזל, דער בעל־דרשן, להבדיל, ווייטער א פלוידערזאַק און דער חזן, משטיינס־געזאָגט, ווייטער א קאטשאַן... נישט דאָס בין איך אויסן. צוויי יידן, דרייער, האָב איך געקענט אין א יידישער דרוק, וואָס די גאַנצע אַרבעט זייערע איז באַשטאַנען דרייען, טאָג ווי נאכט, צו דרייען דאָס ראָד פון דער מאַשינע, שווייענדיק ביי איר אין דער זייט, איינער דעם אַנדערן, נאָר אַזוי ווי די אָנגעמאָלטע גולמס. דריי און דריי שטענדיק, אָן אַן עק, אַלץ אויף איין אָרט, אויף איין שטייגער. פלוצים האָט עס זיי עפעס ווי אונטערגעטראָגן און האָבן זיך א נעם געטאָן דרייען דאָס ראָד געשמאַק מיט געפיל, שטאַרק באַגייסטערט. די אויגן ברענען, פלאַקערן און זיי דרייען, מיט אַזא תענוג, ווי זיי וואָלטן געוועזן אויפן זיבעטן הימל, ווי זיי וואָלטן גערדייט וועלטן און האָבן מיט איטלעכן דריי אויסגעדריקט עפעס א געדאַנק, עפעס א געפיל, וואָס דריקט זיי אינעווייניק. שפעטער א ווײַלע, אז דער ברען האָט נאָכגעלאָזט, האָבן זיי פערוואונדערט איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט מיט א פאָר גלעזערנע אויגן, אויסגעשפּיגן, פאַרדרייט די קעפּ, איטלעכער אין זיין זייט, גערדייט ווי געוויינטלעך אין ווייטער א פנים געהאַט ווי די ליימענע גולמס.

איך קוק אויף פישקען, וואָס איז געבליבן אָן לשון, און זוך ביי מיר מיטל, ווי אים באַרעדעוודיק צו מאַכן. פלוצים פאַלט מיר איין ר' לייב־שרהס גולם, ווי ער טוט זיך א שטעל־אויף, נאָכדעם אז ר' לייב רוקט אים אַריין הינטן דעם שם־המפורש, כאַפּט זיך און טוט אַלצדינג, וואָס מען הייסט. זייער שיין, טראַכט איך מיר, ברוך־הבא! נאָר אָנשטאָט דעם, וואָס ביי יענעם גולם, עליו השלום האָט געווירקט אין זיינע צייטן, ווערט היינט ביי מיין גולם, אים צו לאַנגע יאָר, ווירקן פשוט דאָס מיידל...

איך הייב אָן פישקען אונטערצוגעבן פאַרע, צו דערוואַרע־

מען אים מיט א שמועס ווענן זיין האַרבאַטער מיידל. און דערביי האָב איך טאקע מיך אליין אויך צעהיצט, גערעדט פּו־נעם האַרצן מיט פייער און אויסגעלאָזט דעם שמועס אַזוי :

— וויפל אומשולדיקע קינדער, נעבעך, קומען עס אויף דער וועלט אַזוי אָפּ פאַר די זינד פון זייערע עלטערן, וואָס גלוסט זיך זיי נאַרישקייטן, דרייען זיך, גטן זיך און לאָזן אײ־בער די קינדער, זייער פליייש און בלוט, הפקר ווי אויפן וואַ־סער ! וואָס גייט זיי אָן קינדער ! זיי האָבן אינזינען נאָר דאָס נפשל, זייער אייגן נפשל. איטלעכער פון די שיינע עלטערן האָט ווייטער חתונה...

איך בין געבליבן ווי דערוואָרגן אין דער מיט פונעם שמועס. אַלטער מיינער, זע איך, איז צעקאָכט, אוים מענטש. עס טוט מיר באַלד טאקע א קלאַפּ אין האַרצן: איי, האָב איך עס באַגאַנגען א מיאוסן פעלער, זיך אַרויסכאַפּן פאַר אַלטערן מיט אַזעלכע ווערטער, וואָס זענען צוגעפּאַסט צו אים און האָבן אים געשטאָכן אין דער זיבעטער ריפּ ! עס טוט מיר שרעקלעך באַנג, איך שטראָף מיך אין האַרצן און זאָג מיר אליין מוסר : געוואַלד, מענדל, מענדל, שוין צייט קומען צום שכל, נישט אַרויסצוזאָגן יענעם דעם אמת ווי א יינגל ! ביסט דאָך, ברוך־השם, שוין א ייד מיט א גרויסער באָרד. שוין צייט זיין א מענטש, פאַרשטיין וואָס זיך איז נוצלעך און גוט. איי, דיין צונג, דיין צונג !...

איך האָב מיר אין האַרצן א נדר געגעבן, ווייטער מיך צו היטן מיט א וואָרט, הערן, זען און שווייגן — די גוטע מדה פון אַלע קלוגע, פיינע לייט, וואָס איז נייטיק אין לעבן. איט־לעבן וועל איך גאָר לויבן, באַליבט צו מאַכן זיך דערמיט ביים עולם. עס האָט מיר זיך פאַרגעשטעלט גאַנצע מחנות אונדזערע גוטע מענטשעלעך, פעטערס מיט שיינענדיקע פּנימלעך, זיי דרייען זיך אַהין און אַהער, חבר מיט דעם, מיט יענעם, מאַנצן אויף אַלע חתונות, האָבן שטענדיק נאָר הנאה, קושן זיך מיט איטלעכן, וואָס ער איז פון אויבן, צעגייען פּשוט פאַר פרייד, רעדנדיק מיט יענעם פון זיין גליק, ווינטשעווען אים צו מיט טרערן אין די אויגן און מיט א זיס שמייכעלע אויף די ליפּעלעך, צעליינגן אויף טעלערלעם יענעמס גוטסקייט און גיבן אים עולם־הבא מיט דער פולער האַנט ; לויפן אַנזאָגן בשורות, געפינען זיך אומעטום, וואו נאָר ערגעץ א קערמישל, א שמחה. תמיד שיינען זיי די אייגעלעך, רער שטערן גלאַנצט, די בעקעלעך פאַרפאַרבט, די נאָז פייכט מיט ווייםפערלעך. זיי זענען צופרידן, פריילעך און קוועלן גאָר אָן... אַז וואויל איז אייך, פעטערס ! פון היינט אָן בין איך אויך א פעטער. עפּעס האָט מיר דער נאָמען פעטער אָנגעהויבן צו געפעלן, אַזוי אַז

עטלעכע מאָל האָב איך עס פאַר מיר איבערגעחזרט מיט גרויס פאַרגעניגן: פעטער! פעטער! פעטער מענדעלע! פעטער ר׳ מענ־דעלע!...

בכדי צו פאַרגלעטן מיין פעלער אקעגן אַלטערן, הויב איך אָן אויף אים רחמנות צו האָבן און איינגעמען אים מיט גוטע ריידעלעך: ר׳ אַלטער, אייך איז, נעבעך, נישט גוט צו זיצן. איר שפּאַרט שוין, נעבעך, אָן ביים עק וואָגן; עס מוזן אייך, נעבעך, ווי טאָן די ביינער פון צופיל זיצן אויף איין אָרט: קומט, איך בעט אייך, צו מיר אויפן וואָגן, דאָרט מאַך איך אייך א גוט געלעגער; מיר וועלן נעמען צו־ביסלעך בראַנפן, זיך אביסל דערקוויקן. — מיין אַלטער לאָזט זיך נישט לאַנג בעטן. מיר קריכן אַלע אַראָפּ פונעם וואָגן. בין מכבד מיין פערדל צו שלעפּן זיך פּאַראויס, אַלטערס שקאַפּע אים פון הינטן. מיר צעגייען זיך פיס, קריכן ארויף דערנאָך צו מיר, דערענדיקן דעם אשר־יצר, מאכן לחיים. איך בין זיס ווי לאַ־קריצע, ווינטשעווע אַלטערן אָן אן עק. מיט טרערן אין די אויגן פאַר גרויס פרייד, גלאַט אַזוי זיך, ווי א פעטער. דער־וואַרעם אויך פישקען, גיב אים אונטער היץ, רייץ אים דעם יצר־הרע. עס צעשפּילן אים זיך די געבליטן און די מעשה הייבט זיך אצינד אָן.

## ביי מענדעלע מוכר ספרים אויפן וואָגן

פישקע הייבט ווידער אָן אויף זיין שטייגער. איך העלף אים אונטער, בעסער אויס אויף מיין שטייגער, אַלטער האָט קיין צייט נישט, טרייבט אונטער אויף זיין שטייגער, און די מעשה דערציילט זיך ווייטער אַזוי:

אויפן אנדערן טאָג, פרייטיק, איז אין בית־המדרש דאָרט אין שטעטל געוועזן שרעקלעך ענג פון די אָרעמעלייט, וואָס האָבן זיך געשטופּט, צונויפגעשטיקט ארום דעם שמש. איטלע־כער באַזונדער האָט געוואָלט זיין דער ערשטער, באַקומען דעם בעסטן פּלעט אויף שבת צו א נגיד, אָדער צו א יוסטן באַלע־באָס, וואָס מאכט א פעטן קוגל, העכער פון אַלע איז געשטאַ־נען דער פּלעט צו דעם בעל־טאַקסע. נידעריקער פון אַלע שטייען געוויינטלעך די פּלעטן צו כלי־קודש און קהלס־לייט, ווייל זיי האָבן ליב אליין גוט צו פרעסן און יענעם גיבן זיי מכות. די גבאים פון חברות קרעכצן, זיפצן אויף יידישע, אָרעמעלייט, נעבעך, און עסן גיבן זיי אויף א שפּיץ מעסער נאָר אויף צו באַשמירן די ליפּן. אָרעמעלייט האַלטן פאַר אן

אומגליק צו זיי אריינפאלן און ווייכן זיי ווי אן עיפּוש. באקומט איינער צו זיי א פּלעט, לאכן די איבעריקע ווי פון איינעם, וואָס באקומט א בערדע... דער שמש פונעם בית־מדרש איז געווען זייער בייז, ער האָט געשריגן, אז היינט זענען דאָ אָרעמעלייט עפּעס מער ווי תמיד. — קבצנים! האָט ער געשריגן, וואָס זענט איר ווי די היישעריקן באפאלן אונדזער שטאָט, נעבעך! נישט אויסצוהאלטן, נישטאָ וואו אייך אהינצוטאָן! נאָר א שטראָף פון גאָט, אן אָנשיקעניש! — ער שרייט, בייזערט זיך און די אָרעמעלייט טוען זייערס, שטופּן זיך און הערן נישט קיין ווערט. איין קול: מיר! גיט מיר, מיר! איטלעכער רוקט דעם שמש אין האנט אריין עטלעכע גראָשן. דער שמש, וואָס זאָל ער, נעבעך, טאָן, נעמט צו, בייזערט זיך און גיט פּלעטן. איך מיט דער האָרבאטער זענען מיר געשטאנען אין דער זייט פונדערווייטנס. ערשטנס, האָבן מיר נישט געקענט און, צווייטנס, טאקע נישט געהאט די העזה זיך צו שטופּן צווישן אונדזערע בערן, מיוחסים, פיינע בריות. אומעטום זענען דאָ בערן, אריסטאָקראטצן, אפילו צווישן קבצנים. די אָרעמע אריסטאָקראטצן זענען נאָך טויזנט מאָל ערגער פון די נגידישע... דער ממזר איז געווען, עס פארשטייט זיך, איינער פון די ערשטע. ער האָט באלד באקומען צוויי גוטע פּלעטן פאר זיך און פאר מיין ווייב. זי האָט אפילו פארשפּאָרט זיך צו שטופּן. ער האָט דעם שמש אָנגעוויזן אויף איר פונדערווייטנס: קוקט נאָר, זייט מוחל, אָט דאָרט שטייט זי, מיין בלינדע, נעבעך!... אז דער עולם איז אוועק, זיך צעלאָזט איבער דער שטאָט, איטלעכער מיט זיין פּלעט צו זיין באלעבאָס, בין איך מיט מיין האָרבאטער צוגעגאנגען, אויף גאָטס באראָט, צום שמש און געבעטן פאר אונדז פּלעטן. ער האָט עפּעס מיט א זיס־זויער שמייכעלע אויף אונדז א קוק געגעבן און נישט געענטפערט קיין וואָרט. — דערבארעמט זיך, זאָג איך צו אים, אויף צוויי נפשות, קאַלעקעס, נעבעך. א גאנצע וואָך קומט אין אונדזער מויל קיין לעפל געקעכטס נישט אריין.

— נישטאָ מער קיין פּלעטן, — ענטפערט דער שמש. — איר האָט דאָך געזען, וואָס דאָ האָט זיך ערשט געטאָן. נישטאָ שוין וואוהין צו שיקן.

— נאט אייך, — זאָג איך, און שטופּ דעם שמש אין דער האנט א זעקסער, — נעמט, זייט מוחל, און דערבארעמט זיך אויף אונדז, זייט אונדז מחיה, איר וועט האָבן א גרויסע מצוה.

— הער, נאָר דו, — רופט זיך אָן דער שמש שוין אביסל ווייכער, — דיין געלט באדארף איך נישט. איין פּלעט געפינט זיך נאָך ביי מיר און קאָן אים איינעם פון אייך געבן. אויב איר ווילט, ווארפט צווישן אייך גורל.

— גיט איר, איר גיט! — בעט איך און ווייז אָן אויף דער האָרבאַטער.

— אים גיט, אים! בעט די האָרבאַטע און ווייזט אָן אויף מיר. — ניין, ניין, איך וועל דעם פּלעט אָסור־חזיר נישט נעמען!

א היפּשע צייט איז אוועקגעגאַנגען מיט בעטן און דינגען זיך, איינער דעם אַנדערן האָבן מיר איינגערעדט צו נעמען דעם פּלעט און איטלעכער פון אונדז האָט זיך אָפּגעזאָגט, געשוואוירן, ער וועט עס בשום־אופן נישט נעמען. דעם שמש האָט די זאַך עפּעס הנאה געטאָן. ער האָט געגלעט דאָס בערדל און געקוקט אויף אונדז זייער פריינטלעך.

— ווייסט איר וואָס? — רופט ער זיך אָן. — נאָך מעריב זאָלט איר ביידע שטיין אין פּאָלעש. לעבן דער טיר. אַז דער עולם וועט גיין פונעם דאַווענען, וועלן זיך מסתמא געפינען יידן, אייך צו נעמען אויף שבת. איך וועל פאַר אייך אויך בעטן.

אַזוי איז טאַקע געווען. נאָכן דאַווענען פרייטיק־צו־נאַכט, אַז דער עולם איז געגאַנגען פון דער שול, האָט דער שמש זיך געווענדט צו צוויי באַלעבאַטים אין פּאָלעש און זיי געבעטן, ווייזנדיק אויף אונדז, צו נעמען אורחים אויף שבת. — איך האָב, כ'לעבן, שוין קיין האַרץ נישט געהאַט, האָט ער זיך פאַרענטפערט, צו שיקן אייך הייגט פּלעטן. איך לאָז אייך נישט אויס כמעט אַלע וואָך. נאָר אויב אייער גוטער ווילן איז. נעמט אָט־די דאָזיקע אָרעמעלייט.

— אָך! — האָבן ביידע זיך אָנגערופן. — וועלכער ייד זאָגט זיך עם אָפּ פון א אורח אויף שבת? איין טאָג אין דער וואָך איז דאָ, וואָס א ייד קאָן כאָטש אביסל אָטעמען, פאַרוואָס זאָל ער אין דעם הייליקן טאָג אויך נישט מחיה זיין נויטבאַדערפּטיקע, נעבעך, און טיילן זיך דערמיט, וואָס גאָט האָט געגעבן? מיר בעטן אייך, שמש, אַלע וואָך, אַלע וואָך טאַקע זאָלט איר אין אונדז נישט פאַרגעסן.

די ביידע באַלעבאַטים זענען געגאַנגען פאַראויס, אַרום זיי קינדערלעך — יינגעלעך, בחורים, אויסגעצוואָגענע און אָנגעטאָן שבתדיק, אַלע האָבן געשיינט און געשמועסט צווישן זיך פריילעך. מען האָט געזען באַשיינפּערלעך, אַז אין זיי איז דאָ די נשמה־יתירה, דעם יידנס צווייטע שבתדיקע נשמה. איך מיט מיין האָרבאַטע זענען נאָכגעגאַנגען שטיל פון הינטן און ביידע געווען עפּעס צופרידן.

— גוט שבת! — האָט מיין באַלעבאָס, אַריינגעקומען אין שטוב, געזאָגט פריילעך דעם ווייב, וואָס איז געזעסן אויף א בענקל ריין, קלאָר אָנגעטאָן און האָט געלויכטן ווי א פרינ־

צעסין, אויפן שוים ביי איר האָט זיך געשפּילט א קליין קינד, נאָר א ליאַלקע, און ביי די זייטן זענען געשפּרונגען צוויי שיינע אויסגעפּוצטע מיידעלעך. — גאָט האָט מיר באשערט אן אורח אויף שבת. זיסט, מיין ווייב, וואָלסט־דו דאָך מיך אין שטוב נישט ארייננעלאָזט, — לאָזט ער אוים מיט א שמייכעלע און נעמט זיך זאָגן אויך אויף א קול „שלום עליכם!" גייענדיק איבער דער שטוב אהין און אהער. ביי „אשת חיל" האָט ער זיך געשטעלט, זינגענדיק מיט א ניגון, אקעגן דעם ווייב, גענומען דאָס קליינע קינד צו זיך אויף די הענט און עס געקושט, געהאלדזט, בשעת די איבעריקע קליינע קינדער האָבן זיך אים געהאנגען פון אלע זייטן לעבעדיק־פריילעך. עס האָט זיך געדאכט, אז אין שטוב זענען טאקע געקומען די גוטע הייליקע מלאכים פונעם „שלום עליכם". — איך דערצייל עס אייך דאָ אזוי, ווייל דענסטמאָל האָט מיר דאָס הארץ עפּעס שטארק געצויגן און געצויגן צו מיין האָרבאטע מיידל..

מיין באלעבאָס, ווי עס האָט אויסגעזען, איז געווען פון מיטעלן שטאנד. די בענטשליכט האָבן געברענט אין ריין אויסגעפּוצטע לייכטער, איך ווייס נישט — פון אמתן אָדער פון ווארשעווער זילבער. דער טיש איז געווען נעגרייט מיט פּאָרצעלייענע טעלער און די קוילישן איבערגעדעקט מיט א געשטיקט טישטוכל. א פלעשל ווייז האָט געפינקלט אויפן טיש, פון וועלכן איטלעכער האָט קידוש געמאכט. ביים עסן האָט די באלעבאָסטע מיר געגעבן אלצדינג גענוג און זיך אלץ געבעטן, אונטערגעטריבן, זיך נישט צו שעמען און עסן. ס'איז געווען גאנץ גוט. נאָר מיר איז אביסל נישט איינגעגאנגען, אז איך האָב ביי איטלעכס שטיקל פיש, ביי איטלעכן זופּ לאָקשן, ביי איטלעכן ביסן פלייש און צימעס, מיך דערמאָנט אין איר. ווער ווייסט, אויב זי, נעבעך, האָט דאָרט אזא וואוילטאָג ווי איך. נאָך דעם עסן האָט מען מיך געבעטן אויף נאכטלעגער. — לאָז ער בלייבן דאָ נעכטיקען, האָט די באלעבאָסטע שטילערהייט געזאָגט צום מאן. — וואוהין וועט ער גיין אהין, אין דעם שיינעם הקדש, אין דעם שטאל, לאָז ער כאָטש א נאכט אביסל זיך אויסרוען. — נאָך נעכטיקער נאכט, נישט היינט־געדאכט, איז מיר טאקע שטארק נייטיק געווען אויסצורוען זיך, אפשר נאָר נייטיקער פון עסן. עס וואָלט געווען גאָר א דערקוויקעניש צו ליגן דאָ אין א ווארעמער שטוב אויף א קישן און אויסגלייכן זיך אביסל די ביינער. נאָר איך האָב מיך אָבער דערמאָנט אין איר און מיט א שיינעם דאנק זיך אָפּגעזאָגט פון נאכטלעגער. זי האָט געגעסן שבת אויף דעם איינענעם הויף טאקע אין א שטוב. איך בין ארייין אהין נאָך איר, האָב זי גענומען און מיט איר באלד אוועקגעגאנגען.

אין דרויסן איז געווען ליכטיק, שיין. די לבנה האָט גע־שיינט און ס'איז געווען מחיה גוט צו גיין.

— קום! — האָב איך צו איר געזאָגט. -- קום, לאָמיר אביסל שפּאַצירן, אין הקדש אריין אין עפּעס נישטאָ אזוי וואָס זיך צו איילן.

דערמאָנענדיק זיך אין דעם הקדש, איז מיר א פּראָסט אי־בער דעם לייב איבערגעגאנגען. יענער אלטער ייד, דער קראנ־קער, וואָס האָט נעכטן דאָרט ביינאכט אזוי געקרעכצט, האָט פון מאָרגן פרי געהאט די גסיסה, געפּאָכעט מיט דער נשמה — און איז נאָך ליכטבענטשן געשטאָרבן. מען האָט אים געלייגט איבער שבת אין הויז, דאָרט וואו איך האָב באדארפט נעכטיקן.

מיר זענען געגאנגען און פארנאנגען ערגעץ אין א געסל מיט גערטנער און ביימער, וואָס האָבן ארויסגעגעבן געשמאקע ריחות. אומעטום איז געווען שטיל, מען האָט נישט געהערט קיין שאָרך, אלע אין שטעטל האָבן, ווי דער שטייגער פון יידן פרייטיק־צו־נאכט נאָך דער וועטשערע, שוין לאנג געשלאָפן. מיר האָבן זיך געזעצט אויפן גראָז ערגעץ אין א ווינקל, לעבן א פּלויט.

מיר זיצן ביידע, קוקן א היפּשע צייט און שווייגן. איטלע־כער פון אונדז איז פארטראכט, מיין האָרבאטע טוט דערנאָך א זיפץ טיף פונעם הארצן און ברומט שטילערהייט פאר זיך זייער טרויעריק דאָס באקאנטע לידל:

דער טאטע האָט מיך געקוילעט,
די מאמע האָט מיך געגעסן...

איך גיב א בליק, טרערן גיסן איר זיך פון די אויגן. עס פלאמט איר דאָס פּנים, זי קוקט אויף מיר און שמייכלט זייער באטריבט. די כוחות האָט זי מיר ארויסגענומען מיט איר קוק דענסטמאָל אויף מיר. עס האָט מיר פארקלעמט דאָס הארץ, געקלאפּט ווי מיט האמערס אין די שלייפן. איך וויים נישט, וואָס טוט זיך אזוינס מיט מיר און... צום ערשטן מאָל כאפּט זיך מיר עפּעס אליין פונעם מויל ארויס: „נשמה מיינע!"...

— איי, איי, פישקע, זאָגט זי שטיל און ווארגט זיך מיט טרערן, אוי וועל עס נישט אויסהאלטן, איי, שטיי איך עס אביסל פון אים אויס! —

— פון וועמען? — רוף איך מיך אָנ'עט אָנגעצונדן — פון אים? פון דעם ממזר? א קיענק אים אין די בייניע איאן!

איי דו זאָלסט ווישן, פישקע, דו זאָלסט ווישן!...

— איך נעם זי אָנ'עט ביי דער האנט, ביים קאָפּ און בעט זי מיט טרערן אין די אויגן, מיר אויסצוגיסן איר שווער, ביטער

האַרץ. זי ליגט אַרויף ביידע הענט אויפֿן פּנים, בייגט זיך אָנ'עט נאָענט צו מיר און גיט מיר איבער אויף א ציטערדיק קול, מער אויף דעם וואונק. עפּעס אַזוינס, אַז דער רוח מעג טאַקע כאַפּן דעם ממזר. ער זאָל קיין תחית־המתים נישט אויפשטיין! —

## יט

פּישקע איז ווייטער געבליבן שטיל, עפּעס שטאַרק צעקאָכט און פאַראומערט. און בכדי אים באַרערעוודיק צו מאַכן, אַרויס־צודערטאַפּן ביי אים אַלצדינג, וואָס מיר האָט זיך געגלוסט צו וויסן, הייב איך אים אָן אונטערצוהיצן, אַביסל צו רייצן, און טו א זאָג אַזוי:

— דו האָסט נאָך גאָרנישט געזאָגט, פּישקע, אויב דיין האָרבאַטע איז א שיין מיידל. וואָס קאָן, דאַכט זיך, א האָר־באַטע מיידל אַזוי געפעלן!

— וואָס הייסט! — מאַכט פּישקע שטאַרק אויפגעבראַכט.

— ווער רעדט ביי א יידישער טאָכטער פון שיינקייט! אַז זי איז שיין, איז זי פאַר זיך שיין, וועמען גייט עס אָנ'עט? די האָרבאַטע איז אמת טאַקע גאָר נישט קיין מיאוסע, א פּנים, א קאָפּ מיט האָר מלא חן. אויגן א פּאָר האָט זי, נאָר ברילאַנטן. נאָר וואָס וואָלט מיך דען אַלצדינג אָנגעגאַנגען?... עפּעס א שאָלטיק בין איך, אינזינען צו האָבן אַזעלכע זאַכן, נאָכצולויפן שיינע נקבות?... נאַרישקייטן!... מיך האָט גענומען איר גוטס־קייט, איר גוטסקייט, דאָס רחמנות האָבן אירס אויף מיר, ווי א שוועסטער, און ווידער צוריק, דאָס רחמנות האָבן מיינס אויף איר, ווי א ברודער אין דער נויט, — אָט וואָס!...

— מילא, וואָס מאַכט עס אויס? — רופט זיך אַלטער אָן.

— ווי זאָגט מען עפּעס: לאָז זיך זיין פון טייוול, אַבי עס זאָל הייסן פּייוול... בקיצור, האָט זי דיר איבערגעגעבן עפּעס אַזוינס. נו, פּישקע, וואָס־זשע איז דאָס עפּעס אַזוינס, נו, נו, נו!

אַלטער טרייבט אונטער אויף זיין שטייגער, פּישקע הייבט אָן אויף זיין שטייגער. איך העלף אים אונטער, בעסער־אויס אויף מיין שטייגער און די מעשה דערציילט זיך ווייטער אַזוי:

— קנייפּן, האָב איך שוין לאַנג באַמערקט, ווי דער ממזר, א קיענק אים אין די ביינער אַיאַן! פלעגט קנייפּן אַמאָל די האָרבאַטע, נעבעך. איך האָב געמיינט, דאָס זענען זיך גלאַט אַזוי קניפּ פון א רשע, וואָס שלאָגט פייניקט א מענטשן, נעבעך. נאָר ווי עס האָט זיך פון איר קלאָגן־זיך דערנסטמאָל פאַר מיר

דערוויזן, זענען דאָס געווען גאָר אנדערע מיני קניפּ. עס האָט געהאט עפּעס גאָר אן אנדער טעם... פּע! יצר־הרע־קניפּ... דער ממזר פּלעגט זיך צו איר שטארק טשעפּען. ער פּלעגט זי נישט לאָזן צורו. האָט ער זי דערטאפּט ערגעץ אליין, איז ער צו איר צוגעשטאנען מיט זיסע ריידעלעך, אזוי און אזוי, גערעדט פאר פייער, פאר וואסער, צוגעזאָגט גילדענע בערג. און אז אים האָט נישט געהאָלפן מיט גוטן, האָט ער אָנגעהויבן מיט בייזן, גע־מאכט א מורא, ער וועט איר פארביטערן דאָס לעבן, ארויסלאָזן אויף איר א שלעכטן רוף און איר טאָן צום טויט. און דערביי טאקע זיך געפּראווועט א כאפּ טאָן זי מיט גוואלד. געענדיקט האָט זיך עס געווײנטלעך דערמיט, וואָס זי פּלעגט זיך אויסרייסן פון זייגע הענט, אים דערלאנגען אמאָל נאָך א זעץ אין בויך, אז דער רוח האָט אים גענומען. ער פּלעגט עס איר באצאָלן דערנאָך מיט פּראָצענט, זי פּייניקן מיט ארבעט און אויסרייסן איר שטיקער פלייש. שפּעטער אביסל האָט דאָס אייגענע טאקע זיך אָנגעהויבן ווידער אויף דאָס ניי, ווייטער מיט גוטן, ווייטער מיט בייזן. וואָס מער זי האָט אים געוויכן, איז ער אלץ מער צו איר צוגעשטאנען, און פארבייגייענדיק אמאָל פּלעגט ער זי פאר מענטשן א טאָרקע טאָן, קלאָמפּערשט אומגערן, אויך דער־לאנגען א קניפּ, גלאט אזוי זיך.

אזעלכע מיאוסע מעשיות מיט איר האָבן זיך געמאכט זייער אָפט, וואָס איך וויל זיי פאר דעם נישט ברענגען, נאָר די נעכ־טיקע איז געווען פּע, פּע, א שרעק! נעכטן ביינאכט נאָך דער בייזער מהומה אין הקדש, אז דער גאנצער עולם דאָרט האָט שוין געשלאָפן און זי, די האָרבאטע, נעבעך, האָט איינגעהויקערט אין צענטן נישט ווייט פון דער טיר, אין א ווינקעלע אויך געדרעמלט, וועקט זי פּלוצים אויף עפּעס א שושקען איר אין אויער אריין. דאָס איז געווען דער ממזר. — דיר, נעבעך, איז שלעכט דאָ צו ליגן, רעדט ער צו איר מיט רחמנות, קום, איך האָב פאר דיר זייער א גוט אָרט, וואו דו וועסט קענען זיך אויסרוען, נעבעך. זי דאנקט אים זייער שיין פאר זיין גוט הארץ און בעט אים צו גיין אין זיין רו אריין. ער הייבט אָנ׳עט זיינע אָנשטעלן אזוי און אזוי. ער גיט איר אויך אָנצוהערעניש פון מיר, אז ער ווייסט, נישקשה, איר מהותנשאפט מיט מיר... ער שרעקט זי, אז קייען וועט זי פון אים די ערד און מיר וועט ער דערגיין דעם עק. דער רוח נעמט אים, דעם ממזר, און מאכט אויס אים א חיה־רעה און א לעמעלע צוגלייך אין איין צייט. ער איז גוט, ער איז שלעכט, ער ווערט א שייגעץ און... כאפּט א טראך אין באק, אז די ציין פאלן אים שיער נישט ארויס. עס צעשפּילט זיך אין אים די רציחה, ער טוט זי א

נעם ווי א גזלן און גיט זי א שליידער אין הויז אריין. וואָס ווייטער איז געווען, ווייסט איר דאָך שוין.

נאָך דעם וואָס די האָרבאַטע, נעבעך, האָט מיר איבער־געגעבן דענסטמאָל, זיצנדיק מיט מיר אויפן גראָז. בין איך א היפּשע צייט געבליבן ווי דערשלאָגן, אָן לשון, נאָר אינעווייניק האָט עס מיך געצופּט, געגעסן ווי א וואָרעם. עס האָט מיך געגעסן א ברענענדיק געפיל פון כעס אויף דעם ממזר, א הייס זודיק געפיל פון רחמנות אויף איר, נעבעך, און נאָך עפּעס אזעלכעס גאָר אָן א נאָמען, וואָס האָט מיך געצויגן, געצויגן... און אָנגעכאַפּט ביים הארצן. פּלוצים האָט עס מיר געגעבן א שטארקן צי, אזוי אז דאָס הארץ איז מיר שיר נישט ארויסגע־פאַלן. איך נעם זי אָן ביי דער האנט, וואָס איז נאָך געלעגן אויף איר פּנים, און טו א זאָג עפּעס נישט מיט מיין קול:

— נשמה מיינע! דאָס לעבן וועל איך פאר דיר אוועקגעבן.

— אָך, פּישקע! — זאָגט זי מיט א זיפץ, טוט זיך א רוק נעענטער צו מיר און שפּארט אָן דעם שטערן מיר אויפן אקסל.

עס ווערט מיר עפּעס ליכטיק אין די אויגן, ווארעם מחיה אין אלע מיינע גלידער. איך רעד און נעם זי איין ווי א גע־טרייע שוועסטער מיט גוטע ווערטער. טרייסט זי: נישקשה, גאָט וועט העלפן! און שווער איר, אז אייביק וועל איך איר זיין א געטרייער ברודער. זי קוקט מיר אריין אין די אויגן, טוט דער־נאָך א זיס שמייכעלע און זאָגט, אראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ:

— איך ווייס נישט, פאַרוואָס, פּישקע! מיר איז אצינד עפּעס גוט אויפן הארצן. עס גלוסט זיך מיר לעבן...

א היפּשע צייט האָבן מיר אוועקקעשמועסט מיט א גרינג הארץ און זיך געמאכט האָפענונגען, ווי גאָט קאָן העלפן, מיר זאָלן נאָך אמאָל אויפגעריכט ווערן אזוי ווי מיר ביידע ווינטשן. פּלוצים הערט זיך נישט ווייט פון אונדז אביסל אין דער זייט עפּעס א קלאַפּ. איך קוק מיך ארום, לאָז מיך גיין פּאַמעלעך עטלעכע טריט הארט לעבן דעם פּלויט אין שאָטן און דערזע אויף יענער זייט געסל אקעגן עפּעס א געשטאַלט פון א מענטשן, וואָס באַרעט זיך איבער א קעלער. עפּעס האָט עס מיך אינע־ווייניק געטראָגן, געשטופּט ווייטער אויף א פּאָר טריט, גוט צוקוקנדיק זיך און... א קיענק אים אין די ביינער איאָן! דאָס איז געווען דער ממזר. ער דרייט אָפּ דאָס שלעסל און ווערט באלד פארשוואונדן אין קעלער אריין, ארויסצוגנבענען אלצדינג, וואָס מען שטעלט געווייינטלעך אראָפּ אהין אויף שבת. ווי א בליץ לויפט אין מיר דורך א געדאנק: פּישקע! אצינד זיי זיך אין אים נוקם פאר דיר און פאר דער האָרבאַטער, נעבעך. א־צינד האָסט דו צייט, גיכער מאַך־צו די טיר פונעם קעלער און לאָז ער ליגן דאָרט געפאנגען ווי א בער אין דער נעץ, ביז

מען וועט אים מאָרגן דערטאַפּן, אים ברעכן א ביין און געבן זיין פּסק. ערשט דענסטמאָל האָב איך געפילט דעם טעם פון נוקם זיך זיין, ווי גוט, ווי געשמאַק דאָס איז! עס האָט אין מיר געקאָכט דאָס בלוט און איך בין געווען דול ווי א שיכור. צולויפן צום קעלער, א נעם טאָן די טיר און צומאַכן זי מיט א קלאַפּ — דאָס האָט נישט געדויערט קיין סאַך צייט. אצינד ליג דאָ באַגראָבן ווי א הונט! זאָג איך אליין צו מיר מיט א לעכעלע. טו א נעם די קליאַמקע און וויל פאַרשטעקן. דער סקאָבעל אָבער איז אָפּגעבויגן אין דער זייט. איך צי, שלעפּ, אומזיסט! עס שטייט נישט צו. איך טו מיר אָן א כוח, דערלאַנג א צי מיטביידע הענט און אָט־אָט האַלט עס שוין אויף א שטייגער — פּלוצים טוט זיך אן עפן מיט אימפּעט די טיר פון א געזונטן שלעפּ איגעווייניק און איך פלי אריין אין קעלער, אָנשלאָגנדיק זיך מיט דעם ממזר דאָרט אויפן טרעפּל. — אזוי, ר' פישל! מאַכט דער ממזר נאָכדעם ווי מיר זענען געשטאַנען א ווייל איינער אקעגן דעם אנדערן שטיל, — דאָס האָסט־דו מיט דיין כבוד אליין זיך דאָ געפּאָרעט מיט דער טיר און גע־וואָלט צוליב מיר מחלל שבת זיין! זייער אָנגעלייגט, כ'לעבן. קום, קעצעלע, אביסל אראָפּ אונטן און לאָמיך דיר כאָטש אביסל מכבד זיין... ער טוט מיך א שטופּ פון די טרעפּ אראָפּ, איך ברעך שיר נישט האַלדז און גענוג און צי מיך אוים אויף דער ערד. „אצינד, מקבל מיינער, נא דיר דערווייל אן אויפגאָב". דערלאַנגט ער מיר א גוטן זעץ אין רוקן: — ווּעסט שוין נישט קראַנק זיין צו וואַרטן אביסל ביז איך וועל פאַרנעמען צו מיר אין טאָרבעלע דאָס געבראָטענע הינדל, דעם פאַלומעסיק פיש מיט דער שיסל פּעטשאַ, וואָס איך האָב אין איילעניש איבער דיר דאָ איבערגעלאָזט. עס האָט נישט געדויערט קיין רגע, גיט ער מיר ווייטער א זעץ.

— צייל, פישקע! זאָגט ער. — נישט איינס, נישט צוויי, נישט דריי, פיר, פינף... דאָס האָסט־דו דיר פאַר מיר. אצינד לייג איך דיר א קנייטל פאַר דער האָרבאַטער. צייל פישקע! נישט ניין, נישט צען... וואָס איז דאָס פאַר א גאַנג ארומשלעפּן זיך מיט א מיידל ביינאַכט אין פאַרבאָרגענע ערטער! — נישט צוועלף, נישט דרייצן... איך האָב דיך, נישקשה, געזען פריער, ארומשפּאַצירנדיק מיט איר אין הינטערגעסלעך... נישט זעכצן, דאַכט זיך, נישט זיבעצן. — עס האָט אין מיר זיך אָנגעצונדן דאָס בלוט פון זייגע לעצטע ווערטער.

— ממזר! — טו איך א געשריי. — דו ביסט נישט ווערט צו דערמאָנען איך נאָמען. — שפּרינג דערביי טאַקע געשווינד אויף און עס זיך אין אים איין מיט די ציין. ס'איז א מלחמה! איך מיט די ציין, ער מיט די הענט. ביידע האָבן זיך שרעקלעך

פיינט און איינער דעם אַנדערן וויל מאַכן דעם טויט. ער רייסט מיך מיט כוח פון זיך אוועק, האַלט מיך שטייף אין די הענט, קוועטשט מיך, אַ שרעק, און טוט מיך דערנאָך אַ וואַרף ווייט פון זיך, ווי מיט אַ קיילכל.

— בענטש גומל, — זאָגט ער. — וואָס מיט חסד. וואָס מיר קומט עפּעס נישט אויס דיך דאָ צו בעל־דברן. בלייב דאָ, פּישעלע, זיך אויסרוען ביז מאָרגן. אַנשטאָט די געפילטע פיש וועלן זיי מאָרגן האָבן אַ לעבעדיק פּישעלע... אַ גוטע נאַכט! וואָס זאָגסט־דו אָן עפּעס צום ווייב? זי וועט נאָך היינט באַקומען דעם גרוס...

מיט די דאָזיקע ווערטער גייט ער אַוועק און פאַרמאַכט די טיר.

די ערשטע זאַך מיינע, אַז איך בין צו זיך געקומען, איז געווען צו גיין צו דער טיר. איך רייס זי און רייס, אומזיסט די מי, זי איז גוט פאַרשטעקט פון דרויסן. איך ווייס נישט וואָס צו טאָן. קלאַפּן שטאַרק האָב איך מורא, מען זאָל נישט דערהערן, און אַזוי בלייבן איז אויך שלעכט. איך שטיי און דער קאָפּ דרייט זיך מיר פאַר שרעק, פאַר כעס, פאַר ווייטיק און יסורים פון די פרישע קלעפּ. איך גיי אַראָפּ פון די טרעפּ, טו מיך אַ וואָרף אויף דער ערד און ליג אין איינע צרות. נאָר דער געדאַנק וואָס מאָרגן וועט דאָ מיט מיר זיין. ווי מען וועט מיר מאַכן דעם גוטן „ברוך־הבא" און זיך צונויפלויפן אָנקוקן דעם גנב; עס וועט הייסן, מען האָט מיך געכאַפּט, מיט טויזנט אויסגעטראַכטע מעשיות דערצו. ווער אין גאָט גלייבט וועט מיך שלאָגן און עס וועט נישט העלפן פון מיין זייט קיין שום תירוץ.

— אָט דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיר געענגבערט אין קאָפּ, ווי מיט אַן עגבער, און מיך נישט געלאָזט איינליגן. נאָר אינמיטן־דרינגען דאַכט זיך מיר, ווי עס דראַפּעט זיך עפּעס אויף מיר. איך שטרעק אויס די האַנט, כאַפּ־אָנ'עט אַ שטשור, וואָס גליטשט זיך מיר פלינק אַרויס פון צווישן די פינגער מיט אַ פּישטש. איך שפּרינג־אויף פאַר שרעק, עס ווערט מיר נישט גוט און עס באַשלאָגט מיך אַ קאַלטער שווייס. האַלטנדיק זיך קוים אויף די פיס, טאַפּ איך אָנ'עט אין דער פינצטער אַ קאַלטע, פייכטע וואַנט, צו וועלכער איך רוק מיך צו. איך שטיי אַזוי אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט און טראַכט מיט אַ ביטער האַרץ: רבונו של עולם, וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבן? פאַרוואָס שטראָפסט־דו מיך אַזוי? וואָלט דען נישט בעסער געווען פאַר מיר, פאַר דער וועלט, אַז איך זאָל גאָר נישט געווען געבוירן ווערן? פאַרוואָס קומט מיר עס אַזוי... אַזוי מיך צו באַליידיקן?

— ביי דעם דאָזיקן געדאַנק ברעכט מיר דאָס האַרץ און איך באַוואַש מיט טרערן. עס וויינט זיך מיר און עס טראַכט זיך:

רבונו של עולם, וואו ביסטו? ! איך בלייב דערנאָך שטיין דערשלאָגן. נישט צו וויסן וואָס מיט מיר טוט זיך, עפּעס ווי א גולם. פּלוצלונג גיט א סקריפּ די טיר, א שמאָלער ליכטיקער פּאס שיינט אריין מיר פאר די אויגן און עס הערן זיך טריט, ווי עמעצער גייט שטיל אויף די טרעפּלעך. די האָר שטעלן זיך מיר קאפּויר פאר שרעק. אָט־אָט טוט מען מיך א כאַפּ און מען רעכנט זיך מיט מיר אָפּ ווי מיט א גנב. און ווי איך שטיי אזוי אין שרעק און ציטערניש, האלטנדיק אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ — הער איך ווי מען רופט שטילערהייט מיך ביים נאָמען: פישקע, פישקע, — און טאקע באלד דערזע איך לעבן מיר זי, די האָרבאטע. איך ווער לעבעדיק און טו א געשריי פאר גרוים פרייד.

— שאַ! מאכט זי, אָננעמענדיק מיך ביי דער האנט. — קום גיכער אוועק פון דאנען.

— נשמה, דו האָסט מיך דערהאלטן ביים לעבן! — שריי איך שטארק צעמישט פאר שמחה און — איך בין זיך מודה, צום ערשטן מאָל, אונטן אין קעלער — טו איך איר א קוש...

איך פרעג זי, ווי ארום זי האָט זיך אהער גענומען? זי אָבער בעט מיך שווייגן, דערמאָנט מיך, אז מיר געפינען זיך ביינאכט אין א פרעמדן קעלער.

— קום גיכער, וועסט וויסן אלצדינג אביסל שפּעטער. — אזוי זאָגט זי און פירט מיך ביי דער האנט ארויס אויף דער גאַס.

גייענדיק אויפן וועג, האָט זי מיר עס דערקלערט גאָר פּשוט אזוי: אין עטלעכע רגעס ארום נאָך מיין אוועקגאנג האָט איר עפּעס דאָס הארץ געזאָגט, ס'איז נישט גלאט, מען באדארף גיין זען וואו איך בין. זי קומט צו ביז צום עק פונעם פּלויט, קוקט אין אלע זייטן און דערזעט אויף יענער זייט גאס אקעגן שטייט עמעצער איינגעבויגן לעבן א דעכל און באַברעט זיך עפּעס. טראכטנדיק, אז דאָס בין איך, לאָזט זי זיך גיין ווייטער, און צוקומענדיק נאָענט, האָרכט זי עפּעס ווייטער: „אצינד, ר' פישל, ליג דאָ אין קרענק ווי א הונט, ס'איז שוין גוט פארשטעקט, נישקשה". עס ווערט איר טונקל אין די אויגן און זי בלייבט שטיין פארדולט. פּלוצים וואקסט פאר איר אויף דער ממזר, טוט זי א קניפּ און מאכט דערביי מיט א שמייכעלע: „גוט שבת. סקאָצל קומט, רביצין! א שיין מיידעלע, נישקשה!" שלעפּט זיך ביינאכט ארום איבער די גאסן און נאָך קלאָמ־פערשט פרום... אהיים גיי, חצופה, הולטאיקע איינע!" ער טוט זי א שטופּ מיט דער קני אין רוקן און זי מוז מיט אים גיין, נישט צו רעדן קיין וואָרט. אויפן וועג קוקט ער זיך אלץ ארום, איבערלייגנדיק די פול־אָנגעשטאָפּטע טאָרבע פון איין אקסל אויפן אנדערן, פארגעסט נישט דערביי אויך צו שפּעטן און צו־

מאכן מיט איר זיינע אַנטשלעז. זי גייט, נעבעך, שטארק פאראומערט, פארזאָרגט. זי ווייסט, אז איך געפין מיך אין א שלעכטער לאגע, אומעגלעך מיר צו העלפן, אז דער ממזר האלט זי נעבן זיך און לאָזט פון איר קיין אויג נישט אָפּ. פּלוצים גיבן זיך א ווייז א קאָמפּאניע יידן, וואָס גייען פון א בן־זכר לעבעדיק־פריילעך און רעדן, לאכן הויך אויף א קול, ווי דער שטייגער פון יידישע קינדער. מען לאכט עפּעס פון איינעם, וואָס האָט זיך פארגעסן און געטראָגן דאָס פּאטשיילכן אום שבת. דער ממזר נעמט זיך געשווינד אין דער זייט, דרייט זיך אין איילעניש כאַפּט זיך אריין אין א שמאָל געסל. מיין האָרבאטע כאפּט דערוויל אויך, אנטלויפט אין דער אנדערער זייט און ווערט אנטרונען.

עס פארשטייט זיך, לויפט זי געשווינד מיך ארויסצונעמען פון דער קלעם. נאָר שטעלט אייך פאָר איר הארצווייטיק, אז זי פארדרייט זיך לויפנדיק אין געסלעך, און קאָן נישט טרעפן צום אָרט, וואו מיר זענען פריער געזעסן? זי ווייסט, אז איך בין אין א גרויסער סכנה, מען באדארף מיך גיכער באפרייען, איין רגע איז אצינד טייער, און דאָ דרייט זי זיך און ווייסט נישט צו מיר דעם וועג!... א היפּשע צייט האָט אזוי געדויערט. ביז גאָט האָט געהאָלפן, זי האָט געפונען דעם קעלער און מיך באפרייט.

מיר גייען אזוי ביידע און רעדן מיט א פריילעך געמיט. איך איר: נשמה מיינע! דו ביסט מיר היינט בייגעשטאנען אין די נויטן. און זי מיר: פּישקע! דו האָסט מיר געדינט ווי א ברודער נעכטן, געדענקסט־דו, דאָרט אין הויז, ביינאכט. נעכטן... נאָר נישט ווייט פון חקדש באפאלט אונדז א מרה־שחורה און עס נעמט אונדז אָפּ דאָס לשון. דאָס הארץ האָט אונדז געזאָגט, אז מיר גייען נישט אויף קיין גוטס, עפּעס גלאט וועט שוין די היינטיקע נאכט אזוי נישט אָפּלויפן.

איין העלפט טויער פונעם הקדש איז געווען צוגעמאכט, די אנדערע העלפט אביסל אָפן, אזוי אז אין דעם הויז האָט פון דער גאס ארייננעשיינט א ליכט. צוקומענדיק צום טויער שטעלן מיר זיך א ווײַלע אנידער מיט א פארקלעמט הארץ, דערנאָך נעם איך מיך צום ערשטן ארייננצוגיין שטיל. קוים שטעק איך אריין דעם קאָפּ אין הויז, דערזע איך, כמעט טאקע אין דעם טויער, דעם ממזר, ווי ער זיצט זיך אָנגעלענט מיט מיין ווייב, פרעסן פון דער טאָרבע און טוען זיך וואויל. דער ממזר שושקעט איר עפּעס און אויער אריין און ווערט באלד ווי אויסגעטריקנט. זי שטייט־אויך אין איין כעס און כאפּט זיך איין טיר ארויף מיט א מויל: דו אזוינער און אזויגער. אין דיין טאטנס טאטן אריין! דו וועסט עס ביי מיר די גאנצע נעכט

מיט אזא הולטאיקע, אזא דראבקע ארומשארלאטאנעווען? דו מיינסט אפשר, איך ווייס נישט דיינע מיאוסע גענג? איך ווייס, נישקשה, אלצדינג שוין לאנג און שטיק, נעבעך, אין זיך, האב א פארפוילטע גאל. אזוי דאנקסטו עס מיר אפ פאר מיין גוטסקייט, וואס איך האב זיך ארויסגעפירט אין דער וועלט, געמאכט פון דיר א לייט! דו מיינסט, כלב שבכלבים, דאס וועט דיר געשענקט ווערן? ניין! איך וועל דיר ווייזן, יונגאטש איינער, אין דיין טאטן אריין, מיט דיין דראבקע, אין איר טאטנס טאטן און מאמענס טאטן אריין! מיט איר אינאיינעם וועל איך דיר ווייזן, ווער עלטער איז — נא, נא! — הייבט זיך אן מיך צו שלאגן. — נא דיר פאר היינט, פאר נעכטן און פאר פריער, נא, נא, נא. די כפרה זאלסט דו ווערן! —

איך רייס מיך קוים א לעבעדיקער פון אירע הענט ארויס און לויף אפ'עט עטלעכע טריט ווייט אויף דער גאס. זי שטייט נאך א היפשע ווײלע אין דרויסן און שרייט, דערנאך גייט זי אריין אין הויז שרייענדיק: ליג ווי א הונט אין דרויסן, פארשפארט זי מיר דעם טויער מיט א שטארקן קלאפ.

איך שטיי מיט דער הארבאטער, נעבעך, אויז דרויסן און קוקן אונדז אן. ביידע זענען מיר שטארק באטריבט, אונדז ביידן איז אנגעזאלצן אויפן הארצן דערפון, וואס דא איז ערשט געשען. די צרות לאזן אונדז ביידן נישט איינשטיין אויף אן ארט און מיר לאזן זיך גיין, וואוהין די אויגן קוקן, איינער מיט דעם אנדערן נישט צו רעדן קיין ווארט, ביידע פארטראכט. אז איך בין צו זיך געקומען, זע איך, מיר געפינען זיך אויפן שולהויף. דאס הארץ האט מיר געריסן קוקנדיק אויף דער הארבאטער, נעבעך, ווי זי ווערט עס פארשווארצט. די אנדערע נאכט, אז זי האט נישט קיין רו. איך טראכט ביי מיר, וואס טוט מען וואו ערגעץ געפינט מען איר א נאכטלעגער? און עס פאלט מיר איין זייער א גוט ארט — די ווייבערשע שול!

אז גאט האט געהאלפן, מיר זענען בשלום ארויף, נאך גרוים מי, אויף א צעבראכן טרעפל, וואס האט זיך געוויגט, געשאקלט אונטער אונדזערע פיס, און אין דער פינצטער אנגעטאפט אן אפענע טיר, פאלן מיר פלוצים אויף עפעס ווייכס. עס ווערט א גערודער, א שפרינגעניש ארום אונדז, אויף אונדז און איבער אונדז. מיר כאפן קלעפ, הינטן, אין די זייטן, נישט צו וויסען פון וואנען דאס איז אונדז געקומען. איך ווארף מיך אהין־אהער, צאפל מיט הענט און מיט פיס און כאפ אן א באַרד. פון וועמען מיינט איר? א באַרד פון א ציג!... דאס זענען געווען ציגן, וואס האבן, ווי געוויינטלעך, א חזקה צו נעכטיקן אינאיינעם מיטן קהלשן צאפ אין דער ווייבערשער שול.

— וואו ביסט־דו ערגעץ? — רוף איך מיין האַרבאַטער.
— שרעק זיך נישט, דאָ זענען, אָן עין־הרע, זייער פיל ציגן! נישט קיין אָרעם שטעטל, אפנים. — איך זוך אויף, טרייב ארוים די ציגן, זיי זאָלן היינטיקע נאכט מוחל זיין נעכטיקן אין דרויסן. אליין גיי איך טאקע באלד אויך ארוים, זאָגנדיק איר א גוטע נאכט, און מאך גוט צו די טיר.

ביים אראָפּגיין פונעם טרעפּל שטעלט מיר זיך אקעגן דער צאפּ, אָנגעבויגן דעם קאָפּ מיט די לאנגע הערנער, שטארק אָנ־געדרודלט דערפאר, וואָס איך האָב אזוי מיאוס באליידיקט זיינע ווייבער. איך ראנגל מיך מיט אים א וועק א צייט, ער לאָזט מיך נישט אָפּ און גייט מיר נאָך פוס־טריט. ביז מיר איז געראָטן ארייַנצוכאפּן זיך אונטן אין קלייזל אריין.

אין קלייזל ליגן אויף טיש און אויף בענק אויסגעצויגן מקבלים און שלאָפן ווי די פריצים, איבערפייפנדיס זיך מיט נעז צווישן זיך אויף אלערליי קולות. א מחיה געווען צו זען, ווי געשמאק, אָן עין־הרע, זיי זענען געשלאָפן. מקבלים איז טאקע אויף דער וועלט גוט, האָב איך מיר געטראכט און זיי אין הארצן מקנא געווען. דאָס זענען עפּעס נאָר אנדערע מיני קבצנים, נגידישע... איך זוך מיר אוים אָן אָרט אונטערן אויוון, טו מיך א וואָרף דאָרט אויף א באנק און ווער באלד אנשלאָפן. נאָר מיר איז אָבער נישט באשערט קיין גוטס אויף דער וועלט. עס דויערט נישט לאנג, וועקט מען מיך אין רעכטן מיטן שלאָף: „יונגער מאן, שטייט, זייט מוחל, אויף! איך רייב אוים די אויגן און דערזע פאר מיר היפּש יידן מיט ערנסטע פנימער. דאָס זענען געווען פון דער חברה־תהלים מענטשן, וואָס קומען אלע שבת גאנץ פרי זאָגן תהלים און האָבן זייער אָרט דאָ אונטערן אויוון. אין ברירה, מען מוז אויפשטיין. איך גיס אָפּ נעגלוואסער, זעץ מיך אנידער, קוים וואָס איך האלט דעם קאָפּ. צי מיך, גענעץ און זאָג תהלים.

## כ

נאָך דעם פסק, וועלכן איך האָב יענעם פּרייטיק־צו־נאכט פון מיין ווייב געכאפּט, איז שוין פאַרענטפערט געוואָרן אלצ־דינג, וואָס איר משוגענע אויפירונג אקעגן מיר אין דער לעצטער צייט באטייט. עס האָט זי געברענט מיין חבר־זיין מיט דעם האַרבאטע מיידל, וואָס דער ממזר האָט עס איר איבער־געגעבן מיט טויזנט אָפּגעטאָקטע ליגנס. ער האָט ביי זיך גע־קלערט, אז דורכדעם וועט מיין ווייב מיך נישט וועלן מער

קענען, א שפּיי טאָן אויף מיר און אן עק. ס'איז אָבער געווען א פאלשע רעכענונג. אַנשטאָט דעם זי זאָל מיט א קאלטער לעבער מיך לאָזן לויפן מיין וועג און אויף אייביק מיט מיר זיך צעגיין, האָט גאָר אין איר געברענט א העליש פייער. ס'טייטש, איר מאן זאָל אזוינס טאָן! עפּעס א האָרבאטע מיידל זאָל פּישקען בעסער געפעלן פון איר! דאָס איז דאָך אזא באַליידיקונג, וואָס איז שווער אראָפּצושלינגען. ניין, מען קאָן אזוינס נישט דערלאָזן.

— איי, די קשיא איז דאָך, פאַרוואָס זי... דיינע, מיין איך, מיט דעם ממזר? — קאָן זיך אלטער נישט איינהאלטן און טוט א פרעג מיט א גמרא־ניגון.

— זייט איר, דאכט זיך, גאנץ גערעכט, — ענטפערט פּישקע, נאָר אויף אזויפיל האָב איך אין דער גלופּסקער באָד מיך אויסגעלערנט שכל צו פאַרשטיין, אז דאָס איז קיין קשיא נישט. וואו נאָך ערגעץ ריכט מען פון איטלעכן אָפּ מער ווי אין דער באָד? און ווער? דווקא אזעלכע, וואָס האָבן געמעגט, כ'לעבן, טאקע שטומען. איינער, וואָס האָט קיין וואָר וואָרט נישט, שפּעט אויס יענעם, אז ער איז א ליגנער; אזעלכער, וואָס מען טאָר אים קיין גראָשן נישט געטרויען, רעדט אויף יענעם, ער איז א גנב; א קארגער, וואָס וועט פאר א פעניג זיך די אויגן ארויסנעמען, לאכט; יענער איז א חזיר! א שלעכטער מענטש, וואָס האָט א שטיינערן הארץ, רופט יענעם רשע, און אזוינער, וואָס פאר א פיצל כבוד איז ער פארטיק אויף אלצדינג, באַרעדט יענעם, אז ער לעכצט נאָך כבוד. בערל דער שמייסער פלעגט אמאָל צווישן זיך אין א שמועס זיך אָנכאפּן ביים קאָפּ: איי, איי! איך פארשטיי נישט, ווי ליגט זיך עס די צונג אָפּצוריכטן פון יענעם, ווייסנדיק זייער גוט ביי זיך, אז מען איז אליין א גנב, א ליגנער, א חזיר, א שלעכטער, אלצדינג וואָס אין דער קאָרט!

— הערסט־דו, חכם מיינער! — פלעגט אים אָפּענטפערן איציק דער היטער, — דאָס איז טאקע די גאנצע צרה, וואָס מען ווייסט נישט, זיינע פליי אין דער נאָז זעט נישט קיינער און יענעמס א שפּרענקעלע איז דעם אנדערן גרויס אין די אויגן.

שמערל, איינער פון יענע בטלנים, וואָס האלטן זיך אויף אין באָד, פלעגט מאכן מיט א שמייכעלע, אָננעמענדיק זיך ביים בערדל: לאָזט זיך דינען, ר' בערל! לאָזט זיך דינען, ר' איציק! איר האָט ביידע א טעות. דער אמת דערפון איז, ווי איך האָב דערקלערט, פּשוט אזוי: איטלעכער ביי זיך מיינט, ער מעג, דער אנדערער טאָר נישט.

— גערעכט, שמערל! — לאָז איך ארויס אויף א קול,

אונטערשפּרינגענדיק פון מיין אָרט און פאַרטראַכט מיך טאַקע באַלד. שמערלס ווערטער האָבן אונטערגעגעבן ווײַרוויך דעם טײַוול, וואָס ליגט אינעווייניק ביי איטלעכן פון אונדז, זינדיקע מענטשן. ער כאַפּט זיך אויף אין מיר מיט א שטעכנדיק גע־לעכטערל, גראַבלט מיך ביים האַרצן, צעטראָגט מיר דעם מוח, אויפּרירנדיק דאָרט מיינע אלע געדאַנקען און קראַצט אויך אויס עפּעס אַלטע מעשיות, פאַרלעגערטע אין דעם זכּרון. עס ווערט אין מיר א קאָכעניש, א יריד פון אַלערליי מיני גע־שטאַלטן, וואָס זענען פּלוצים ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסן, און אָנווייזנדיק אויף זיי רעדט אויס מיר דער רוח אַרויס שטאַרק פאַרקרימענדיק זיך:

— אָט האָסט־דו דיר די אלע שיינע נפשות! זיי אלע מעגן, מעגן, מעגן...

די דאָזיקע שיינע נפשות דרייען זיך אין דעם האַנדל, אין שטעטישע זאַכן, אין חברות, אין דעם יידישקייט און אין דער גאַנצער פירונג. ווייבער און ווייבלעך אַלע סאָרטן, פון דער אַלטער און הײַנטיקער וועלט זענען אויך דאָ אויפן יריד. שלום עליכם. פאַרשווינען! מאַך איך אַליין צו מיר. נאָט ווייסט דעם אמת, אז איך בין גערן אייער פּנים נישט אָנצוקוקן און דעם נאָמען אייערן מער פאַר דעם מויל נישט צו ברענגען. אַזוי נמאס־ומיאוס זייט איר מיר געוואָרן. נאָר וואָס קאָן מען טאָן? אז דער שוואַרץ־יאָר האָט אייך אצינד געבראַכט צו טראָגן, קאָן מען אייך אַזוי נישט אָפּלאָזן: מען מוז אים צוליב טאָן און פון איטלעכן כאָטש עפּעס דערציילן.

— וואַרט אביסל, פּישקע! האָט קיין פאַראיבל נישט, ר׳ אַלטער! — רוף איך מיך אָן. — איך האָב אייך עפּעס צו דערציילן, נאָר לאָמיך אביסל מיך באַטראַכטן.—און טראַכטנ־דיק דאָ אַזוי גיב איך א נעם איינעם פון דער גוטער בנופיא, קום צום סמיק! ער וואַרפט זיך מיט הענט און מיט פיס, קרעכצט, שרייט, ווי דער געפּענטעטער האָן בשעת כּפּרות שלאָגן. די איבעריקע לייט קוקן מיך אָן קרום און מאַכן א בייזע מינע, איך זאָל שווייגן. נאַראָנים! טראַכט איך ביי מיר, איך הער אייך ווי דאָס מילכיקע קלינגל. מיך וועט איר מיט „בו" אין אָן איבערנעקערטן פּעלץ נישט איבערשרעקן. מאַלפּעס זייט איר, נישט קיין בערן... דער טייוול צעהיצט זיך אין מיר און גיט מיר אונטער חשק: „אַזוי, אַזוי! נעם זיי, נעם זיי צום סמיק, די אַלע שיינע נפשות!" — הערט, זייט מוחל, ר׳ אַלטער, א שיינע מעשה. אין א יידישער שטאָט ערגעץ זענען די פיינע לייט, וואָס דער שטייגער זייערער איז... — הייב איך אָן אַזוי צו דערציילן און בלייב אין דער מיט רייד ווי דערוואָרגן. — די ווייבער ווינקען צו מיר מיט א נעבעט:

גוטער, זיסער ר׳ מענדעלע, האָט רחמנות, זאָגט נישט אויס!...
זיי מאכן חן, קוקן און בעטן מיך מיט ברענענדיקע אייגעלעך,
דער ווייבערשער חן מאכט מיך ווייך ווי א טייג, פון זייערס
א בליק ווער איך צעשמאָלצן. דערביי דערמאָן איך מיך אין
מיין נדר, איינצוקויפן זיך אין דער חברה פעטערס. כאַפּט אייך
דער וואַטע־מאכער! — מאַך איך מיט א שמייכעלע און ווענ־
דנדיק זיך צו אלטערן, זעץ איך צו: — זיי מיין איך, יענע
פיינע לייט אין דער שטאָט דאָרט. עפּעס גלוסט מיר זיך היינט
נישט דערציילן מיין מעשה. לאָזן זיי גיין צו אלדי שווארצע
יאָר!... האָט קיין פאראיבל נישט, ר׳ אלטער.

— פארקערט... מהיכא־תיתי, פון מיינעט־וועגן מעגן זיי
אויך, כאָטש באלד, די כפּרה ווערן. נאָר וואָס איז דאָס פאר
א גאנג יענעם איבערשלאָגן, ארײנפאלן אים אין די רייד מיט
מעשיות, אייערע מעשיות?... — אזוי רופט זיך אָן אלטער
און קוקט מיך אזוי א ווײלע אָן, מאכנדיק מיט די אקסלען,
עפּעס אזוי, גלייך ווי געזאָגט: א לעבערדיקער זאק, משטיינס־
געזאָגט, עס שיט זיך פון אים ניין מאָס רייד אָן אן אויפהער.
שטארק נייטיק, כ׳לעבן, זיינע מעשיות! טאָמער ווייסט איר צו
וואָס?... און א מאַך געבנדיק דערנאָך אין דער זייט א פּאָר
מאָל: פּע, פּע! טוט ער א טאָרקע פּישקען: נו, וואָס? מילא
בקיצור דער שפּיץ?

פּישקע הייבט אָן אויף זיין שטייגער, איך נאָך אים ארבעט
אויף מיין שטייגער, אלטער טרייבט אונטער אויף זיין שטייגער
— און די מעשה דערציילט זיך ווייטער אזוי:

— די צייט איז זיך דערווייל געגאנגען און איך מיט מיין
ווייב זענען מיר אלץ וואָס ווייטער זיך מער פאנאנדערגעגאנגען.
זי האָט נאָך שטארקער זיך איזגיובעט מיט דעם ממזר, זענען
געוואָרן חבר־לאַפּ, גאנץ נאָענטע שמעלקעס און פלעגן שוין
ביידע, ווי א פּריץ מיט א פּריצה, אין די הייזער ארומגיין.
מיר האָט עס שוין מער נישט אזוי אויסגעמאכט. דער קאָפּ
איז מיר געווען שטענדיק פארדרייט מיט דער האָרבאטער, נע־
בעך, זי איז מיר קיין רגע פונעם זינען נישט ארויס. גייט אייך,
האָב איך געטראכט, פון מיינעטוועגן כאָטש אין דער ערד,
ווארגט זיך ביידע מיט די הייזער! ביים באגעגענען זיך אמאָל
מיט די פּאָר לייט, פלעגט דער ממזר מיך אָנקוקן מיט געשפּעט,
עפּעס ווי געזאָגט: איך האָב דיר אָנגעפייפט גוט. נישקשה...
איך האָב געוויינטלעך אויסגעשפּיגן און בין מיר געגאנגען מיין
וועג, טראכטנדיק ביי זיך: און אז דו שלעפּסט זיך מיט איר
ארום, וואָס העלפט עס דיר? אז זי איז אן אשת־איש. הע־הע,
גוט פארטשוואָקעוועט, נישקשה! אָבער איך האָב דיר אויך
אָנגעפייפט, דו ממזר איינער! פּיקע זיך, ווער צעזעצט...

מיט מיר האָט אָנגעהויבן אין די הייזער ארומצוגיין אַן אַלטעטשקער, פונעם ממזרס פעקל, א רשע־מרושע, א גאַטקע גנב אזוי ווי ער. און ער האָט עס געמאכט מיט מיר גאנץ גוט. איטלעכער האָט אים געמוזט געבן, אזא רחמנות־פנימל פלעגט ער קענען מאכן, אַנווייזנדיק אלץ מיט א קרעכץ טיף פונעם הארצן אויף מיר, ביטערער קאלעקע. געהייסן האָט עס עפּעס, א ווינסטער טאטע מיט אַן אומגליקלעך קינד, נעבעך. — הינק, פישקע, הינק גוט. תכשיט מיינער! פלעגט ער מאכן, אונטער־שטופנדיק מיך פון הינטן, ביים ארײַנקומען אין א שטוב. — פארקרים דאָס פּניצל און זיפץ, זיפץ, דו הונט איינער. זיי וועלן מיר, נישקשה, פאר דיינס א זיפץ באצאָלן. אויפן וועג גייענדיק פלעגט ער מיך אלץ לערנען מאכן די שפּיל, אָפּשפּעטן פון די באלעבאטים, א קניפּ, א צופּ טאָן און שילטן מיך דערביי: פארכאפּט זאָלסט־דו ווערן! גאָר אין גוטן מוט. איינ־מאָל האָט ער מיר, אין שפּאס קלאָמפּערשט, געגעבן א באָ־כענצע אין הארצן, דאָ אין לעפּעלע, אזוי אז איך האָב שיר די ניכפּא נישט באקומען. די נדבות פלעגט ער געוויינטלעך צו זיך צונעמען און ס'איז מיר שווער געווען א גראָשן ביי אים ארויסצוררייסן. וואָס טויג דיר, פישקע, געלט? פלעגט ער שפּאסן, אז דו ביסט אליין געלט, דו זאָלסט מיר דערלעבן הינקען מיט די פיסעלעך און קרענקען אויף אלע גלידערלעך ביז דו וועסט מיטן קעפּעלע אָנלייגן, תכשיט מיינער. איינמאָל בין איך צו אים שטארק צוגעשטאנען, עס האָט מיך געצוואונ־גען די נויט, און האָב געבעטן חלק מיטן הארבן וואָרט. א קוק געבנדיק, אז איך מאָן אים דאָ אזוי, האָט ער געעפנט אויף מיר א מויל: שטום, קרומער הונט! אומזיסט וועסט־דו דאָס פאָרן ביי מיר אין בויד: אומזיסט וועל איך דיך, אזא נבלה, ארומפירן דאָ? תרבות, שייגעץ! איך וועל דערציילן דיין ווייב. איך קען דיך נישט און האָב מיט דיר נישט וואָס צו טענה׳ן, קענען קען איך נאָר דיין ווייב, זי האָט דיך מיר איבערגעגעבן, פון איר האָב איך אזא סחורה באקומען און מיט איר וועל איך שוין מסתמא זיך אָפּרעכענען...

שלעכט! אצינד האָב איך גאנץ קלאָר ארויסגעזען, אז איך בין ביי דער כאליאסטרע אזוי ווי א בער ביי די ציגיינער. מען פירט מיך ארום צו מאכן מיט מיר די קאָפּיקע. מען האָט ביי מיר צוגענומען מיין ווייב, זי ארײַנגענארט אין זאק ארײַן און זי העלפט נאָך זיי אויך אונטער אקעגן מיר, זי גיט מיך איבער ווי סחורה הולטאיעס, גנבים אין די הענט!... שלעכט, ביטער, ס'איז שוין גאָר אוים וועלט.

איך האָב שוין ארויסגעזען, ס'איז פארפאלן, צווישן מיר מיט מיין ווייב וועט שוין קיין לעבן מער נישט זיין. היינט

צו וואָס, האָב איך געטראַכט, זאָל איך מיך דאָ האַלטן? מען באַדאַרף אַנטלויפֿן, ווי צום גיכסטן אַנטלויפֿן. אַ טאָג אָן אײבעריקער צווישן אַזעלכע גנבים איז אַ זינד פֿאַר גאָט. דאָס זענען דאָך מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין גאָט אין האַרצן. וואָס טוען נישט קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער אַריין, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך אײנגאַנצן דעם יאָך, ווילן נישט וויסן פֿון קיין אַרבעט, פֿון דאגת הפּרנסה און זיך אויף אַנדערע אָנגעוואָרפֿן, נאָגן, זויגן יידיש בלוט און זענען נאָך זיי דם־שונאים. איך אַליין בין ביי מיר אויך מיאוס אַראָפּגעפֿאַלן, באַטראַכטנדיק מיינע אַלע גענג אין דער גאַנצער צייט צווישן דעם דאָזיקן פּעקל שלעכטע מענטשן. גאָר נישט דער אייגענער וואָס פֿריער. עס האָט צו מיר זיך צוגעקלעפּט פֿיל נישט קיין שיינע זאַכן פֿון זיי. איין מיטל פּטור צו ווערן פֿון אַזויפֿיל צרות און בייז — איז אַרויסצורייסן זיך פֿונעם מיאוסן פּעקל און וויכן זיי ווי אַן עיפּוש. נאָר וואָס טוט מען אָבער מיט איר? ווי לאָזט מען איבער זי. די האָרבאַטע מיינע? מיר איז פֿירגעקומען, ווי איך שטיי אין אַ פֿאַרדאָרבן אָרט, אַ שרעקלעכן גרוב נאָר אַ גיהנום. אין איין אויער אַריין, שרייט מיר עפּעס אַ קול: פֿאַרשפּיל נישט דיין נשמה, פֿישקע, ווי גאָט איז דיר ליב, אַנטלויף! און אין דעם אַנדערן אויער קלינגט מיר פֿון דער האָרבאַטער מיינער אַ קול: פֿישקע, פֿישקע!... מען באַדאַרף אויסקלייבן איינס פֿון די ביידע: אָדער אַהין אין דער ליכטיקער וועלט, ריין פֿון זינד, פֿון צרות און בייז, אָדער דאָ אין דעם גיהנום נאָר אינאיינעם מיט איר. איך האָב מיך גוט אויסגעוויינט און... גאָט זאָל מיך נישט שטראָפֿן פֿאַר די זינד — איך בין געבליבן ווייטער ביי דער כאַליאַסטרע.

שפּעטער ערשט אין אַ צייט אַרום איז מיר אין קאָפּ אַריין אַ געדאַנק מיט דער האָרבאַטער אינאיינעם אַנטרונען צו ווערן פֿונעם גוטן פּעקל. נאָר דאָס אָבער האָט דאָך אַנדערש נישט געקענט זיין סיידן אויפֿגעבונדן צו ווערן פֿריער פֿון מיין ווייב. וואָס וועט דער תּכלית זיין פֿון מיין אַרומפֿירן זיך מיט אַ מיידל גלאַט אַזוי? די וועלט וועט טומלען און טראַכטן גאָט ווייסט וואָס... איין רפֿואה איז דאָ — גט. נאָר וועט מיין ווייב אָבער, טראַכט איך ביי מיר, וועלן נעמען גט? זי איז דאָך אַ שלאַק, אַן אָנשיקעניש פֿון זיין ליבן נאָמען. אַז איך וועל זאָגן גט, וועט זי, מיר אויף צעשפּרינגעניש, זאָגן: ניין! די גרעסטע הנאה, אין דער לעצטער צייט, איז ביי איר געווען מיך צו פּייניקן און צו טאָן מיר אין דער גאַל אַריין. פֿונדעסטוועגן האָט עס מיך נישט אָפּגעשראָקן און האָב מיר פֿירגענומען אַרום דער זאַך צו אַרבעטן מיט גוטן אָדער מיט בייזן,

אפשר וועט גאָט רחמנות האָבן. דערווייל האָב איך די זאַך געהאַלטן ביי מיר בסוד, קיינער זאָל דערפון נישט וויסן.

זינט דער מעשה מיט דעם אַלטעטשקן האָב איך פאַר גרויס פאַרדראָס מיט קיינעם פון דער כאַליאַסטרע מער נישט געוואָלט אין די הייזער אַרומגיין. דאָס האָט מיך גענוג צרות געקאָסט נאָך איך האָב מיך איינגעשפּאַרט, מיין טויט זאָל דאָ זיין, וועל איך מער קיין בער נישט זיין ביי די דאָזיקע ציגיינער. דער ממזר מיט זיין פּעקל לייט זענען דערמיט שטאַרק נישט צופרידן געווען און האָבן מיר מיט די הענט געוויזן, ווער על־טער איז. שלאָגנדיק מיך איינמאָל, רופן זיי זיך אָנ׳עט: פאַר־וואָס־זשע זאָלן מיר דיך אומזיסט פירן, שיינע סחורה, אז דו ווילסט נישט אַרבעטן, ווילסט נישט פאַרדינען? גיי דיר אוועק צו אַלדי שוואַרצע יאָר! — אפילו די רגע, ענטפער איך זיי, גיט מיר אָפּ מיין ווייב, מיין ווייב! — זיי האָבן זיך אָנגע־קוקט איינער דעם אַנדערן און אַרויסגעלאָזט א גרויס געלעכ־טער. עס פאַרשטייט זיך, אז דאָס וואָס איך האָב געזאָגט, גיט מיר אָפּ מיין ווייב, איז נאָר געווען אַן אויסרייד. אין האַרצן האָב איך גאָר געמיינט: האַלט זיך מיט איר, מיט אייער שטיק סחורה און לאָז זי נעמען ביי מיר גט. אמת טאַקע, פון די קלעפּ, וועלכע איך האָב געכאַפּט פאַר מיין עקשנות, האָט מיר גוט ווי געטאָן, נאָר דערביי האָט מיר הנאה געטאָן, טראַכטנ־דיק ביי זיך: נישקשה! דאָס וועט מיר נוצן צום עסק. אז זיי וועלן זען, איך בין איינגעשפּאַרט און טויג זיי מער נישט, וועלן זיי גערן זיין מיינער פּטור צו ווערן, און דאָס וועט מיר דערנאָך העלפן צום גט.

## כא

— בתיה! גיב איך א זאָג צו מיין ווייב, צושאַרנדיק זיך צו איר מיט גוטן איינמאָל, אז מיר זענען געווען אַליין, און געוואָלט אין א שמועס מיט איר א טאַפּ טאָן וועגן גט.— וואָס האָסט־דו. בתיה, צו מיר?

— ווער די כפּרה, פּישקע! — באַקום איך פון איר א קורצע תשובה.

— אָט האָסט־דו דיר! מאַך איך ווי אָנגעברוגזט זיך. — איך מיט איר אַליץ אדרבה אדרבה און זי אַליץ קידער־ווידער: ווער די כפּרה, פּישקע! פאַרוואָס?

— באַקום־זשע די ניכפּאַ! זאָגט זי מי מיט א קרום פּנים אַוועקרוקנדיק זיך פון מיר.

— זאָלסט מיר געזונט זיין. בתיה! — רוף איך מיך אָנ׳עט מיט גוטן. — ווארף, כ׳לעבן, אוועק דיינע נארישקייטן און לאָמיר לעבן ווי גאָט האָט געבאָטן.

— ווער די כפרה, פישקעניו, מיט דער הולטאיקע דיינער איניינעם!

א־א, ווער די כפרה דו בעסער מיט דעם ממזר דיינעם! טראכט איך ביי מיר און ארויס מיט דער שפראך גאנץ ריין:

— הער־אויס, בתיה! ווי זאָגט מען עפעס, א בת־ישראל נייט מען נישט. ווילסט נישט קיין לעבן, איז דאָך דאָ דערוויף ביי יידן עפעס א גט. רויט אָדער טויט!

— אהא, די הולטאיקע גלוסט זיך אים! זיכער פטרן דאָס ווייב און האָצעניו מיט דער דראפקע! א ניִשט דערלעבן זאָלט איר עס. גיכער וועט איר ביידע מיטן קאָפּ אָנלייגן, נישקשה, עס וועט איר נישט געשענקט ווערן, דער חצופה דיינער, קייען וועט זי פון מיר די ערד. הערסט דו, פישקעלע? אין טאטנס טאטנס טאטנס...

מיין ווייב האָט זיך צעשריגן אזוי, אז איך האָב געכאפּט די פיס אויף די פלייצעס און אוועק.

מיט מיר איז געשטאנען שמאָל, שלעכט ארום און ארום! איך אליין האָב קיין האָניק נישט געלעקט. בין פארשווארצט געוואָרן, און די האָרבאטע, געבעך, האָט אויך געהאט איר ערלעך אויסקומעניש, זי האָט געגאָסן אין מיין זכות, מיין ווייב האָט זיך פארהאלטן צו איר ווי א באלעבאָסטע, געהאט איבער איר צו שאפן. נאָר עפעס נישט נאָך איר וואונטש, האָט זי מיט איר זיך גוט אָפּגערעכנט, און דער ממזר פון זיין זייט האָט איר געמאכט א פינצטערן פסק באזונדער. אז אָך און ווי איז אונדז ביידן געווען. אונדזער גאנצע טרייסט איז געווען, וואָס שפעט ביינאכט, ווען אלע האָבן געשלאָפן, פלעגן מיר זיך ארויסגנבענען אין דרויסן, צו שמועסן כאָטש אביסל און איינער דעם אנדערן אויסצוגיסן דאָס שווערע ביטערע הארץ.

איינמאָל זיצן מיר זיך אזוי ביידע ביינאכט לעבן דער גרויסער שול. דער הימל איז אויסגעשטערנט און ארום אונדז איז שטיל. נישטאָ קיין לעבעדיק באשעפעניש. זי זיצט לעבן מיר אויף א שטיין. איינגענורעט, איינגעהויקערט, טרערן גיסן איר זיך פון די אויגן און ברומבלט פאר זיך שטארק אוּמעטיק איר באקאנט לידל:

דער טאטע האָט מיך געקוילעט.
די מאמע האָט מיך נעגעסן...

איטלעכס וואָרט אירס שניידט מיר דאָס הארץ ווי מיט א מעסער. איך טרייסט זי, נעם זי איין מיט גוטע רייד. אָט

נאָך אכיסל וועלן מיר, אם־ירצה־השם, אויפגעריכט ווערן. איך מאך איר א גאנצן צעטל פון אונדזער לעבן שפּעטער, אז מיר וועלן מיט דעם אויבערשטנס הילף ביידע פון צרות אויסגעלייזט ווערן, איך שטעל איר אנידער פאר די אויגן אלצדינג לעבעדיק, מאָל איר אוים די גלופּסקער געמויערטע באָד מיט איטלעכס פּיצעלע דאָרט. ווי איך וועל מיך אהין ווייטער ארייַנדרייען, און אז גאָט וועט דערהויבן דאָס מזל, קאָן איך מיט דער צייט באקומען דאָרט א שטעלע פון א היטער. זי אליין קאָן אפשר אויך מיט דער צייט האָבן דאָרט א טועכטס: זיין א טוקערין אָדער עפּעס אנדערש אזוינס. און ווען נישט, קאָן מען אין גלופּסק אויסזוכן אנדערע מיני פרנסות. פאר אָרעמעלייט איז גלופּסק ארץ־ישראל, זי איז אָן עין עין־הרע גרויס, הייזער זענען דאָ ווי מיסט. די מענטשן זענען אָן חכמות, ווייסן נישט פון קיין צערעמאָניעס, איטלעכער טוט זיך וואָס ער וויל און ס'איז רעכט. דאָרט קענען, אשטייגער, גאנץ שיינע באלעבאטים זיך גיין אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, פארדריפּעט ביז דעם האלדז און גאָרנישט; אָדער אין מיטן העלן טאָג זיך שפּאצירן אויף דער גאס אין עפּעס א פארשמאָלצעוועט כאלאטל, צעכראשטעט און גאָרנישט, אָדער פארקערט, אָרעמעלייט קענען גאָר אמאָל ארויסגיין אָנגעטאָן אין זייד, אין סאמעט און אויך גאָרנישט, דאָרט איז שווער אונטערצושיידן צווישן קבצנים און נגידים נישט אין דער הלבשה, נישט אין דער גאנצן פירונג. זייער אָפּט מאכט זיך, אז גבאים אין אלערליי חברות דאָרט זענען אליין פאר זיך גאָר קבצנים, ציען זיך דערפון דאָס שטיקל פרנסה אינאינעם מיט די רייכע, איינער העלפט דעם אנדערן און ס'איז זיך א גוט לעבן. אָרעם איז נישט קיין שאנד. מען באדארף נאָר האָבן מזל, ווערט מען אויפגעריכט באלד. וויפל זענען דאָ אזיינע, וואָס ערשט נישט לאנג זענען זיי געווען קליין, נידעריק, משרתים, קבצנים, נעבעך, און פלוצים געוואָרן לייט, גאנצע פירער, כל־ולך אין דער שטאָט? מעגלעך גאָר, אז איך אליין, ווי די קוקסט מיך אָן, קאָן מיט דער צייט אויך ווערן א טוער, א מאכער, און עס וועט, אם־ירצה־השם, זיין גוט. מיר וועלן לעבן אין עושר און כבוד און נחת. אין גלופּסק איז אזעלכס גאָר פון די געוויינטלעכע זאכן. מען באדארף נאָר גלויבן אין גאָט. ביי זיך נישט זיין אראָפּגעפאלן און זיין א ייד... מיט בטחון. אך, גלופּסק, גלופּסק! ווי דערלעבט מען שוין זיך אויסרייסן פון דעם מיאוסן פּעקל און גיבער, מאמע, צו דיר!

— אך, פישקע! איך האָב שוין קיין כוח נישט מער אויסהאלטן, — זאָגט די האָרבאטע מיט א זיפץ טיף פונעם הארצן אָנשפּארנדיק זיך מיטן קאָפּ מיר אויפן אקסל און אויף דעם

פּנים איז איר געלעגן עפּעס ווי א געבעט. איך גלעט זי, טרייסט זי און שטאַרק זי מיט גוטע האָפענונגען. זי ווערט אביסל פריילעך, קוקט מיר גלייך אין די אויגן אריין און לאַכט. — פּישקע! — זאָגט זי שטיל, — דו ביסט מיין איינציקער אויף דער גאַנצער וועלט, ביסט מיין טאַטע, מיין ברודער, מיין פריינט, מיין אַלצדינג. זע, פּישקע, זיי מיר געטריי און פאַרגעס מיך נישט. שווער מיר דאָ ביי דער שול, וואו עס דאַווענען אַצינד די מתים און צווישן וועלכע עס געפינט זיך אפשר אויך מיין טאַטע, וועלכן איך האָב ווייניק געקענט, און איז אַן עדות. שווער מיר, אז תמיד וועסט דו מיר בלייבן געטריי...

איך האָב מיך א נעם געטאָן שטאַרק קנעלן מיט מיין ווייב וועגן גט, געאַרבעט, גערעדט אהין־אהער. ביז צווישן אונדז איז אָפּגעמאַכט געוואָרן אזוי: דאָס ביסל געלט, וועלכעס ביי מיר האָט זיך אָנגעזאַמלט אין דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב געאַרבעט פאַר מיר אַליין, האָב איך באַדאַרפט איר אין האַנט אָפּגעבן טאַקע באַלד, נישט איינצולייגן עס פריער ווי דער שטייגער איז, און חוץ דעם האָב איך נאָך זיך מתחייב געווען, דעם גאַנצן ווינטער, וועלכן מיר וועלן דערלעבן, מיך צו לאָזן, גאָר אָן שום טענות, חברה זאָל מיט מיר מאַכן די שפּיל, דאָס הייסט, מיך לאָזן פירן אין די הייזער און די נדבות, וועלכע מען וועט מיט מיר מאַכן, געהערן צו מיין ווייב פאַר איר כתובה. דער ממזר האָט מיט א שמייכעלע מיר געבראַכט די ביינער והכל שריר וקים און געזאָגט מזל־טוב. איך בין ווידער געוואָרן א בער, א גוט שטיקל סחורה, דער אַלטעטשקער איז ווייטער טאַקע מיט מיר אין די הייזער ארומגעגאַנגען און איך האָב אַלץ געמוזט הינקען גוט, זיפצן, קרימען זיך, מאַכן אָנשטעלן, ווי ער האָט מיך געהייסן.

נאָך פּסח זענען מיר געקומען ערגעץ אין א שטעטל, אין כערסאָנער גובערניע, וואו איך האָב די ערשטע צייט געאַרבעט לויט מיין התחיבות, נאָר דערנאָך האָב איך געזאָגט: גענוג! לאָז שוין זיין דאָ טאַקע אַן עק. מיין ווייב האָט זי תחילת זיך געקווענקלט, געבעטן א פּאָר טעג זיך מיישב צו זיין. צום סוף האָט זי געענטפערט: גוט, מאָרגן נעמט זי גט. ס'איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, אזוי שטאַרק האָב איך מיך דערפרייט. פאַר שמחה האָב איך נישט געקענט איינזיצן אויף אַן אָרט. עס האָט מיך עפּעס געצויגן אין דרויסן. איך האָב א היפּשע צייט מיר ארומגעשפּאַצירט אין די גאַסן און אין איין וועג טאַקע מיט חשק געגאַנגען אויך אין די הייזער, טראַכטנדיק ביי זיך: וואָס קאָן עס שאַטן? אויף דער הייסער שעה, ביים אראָפּגיין פון קעסט, וועט מען באַדאַרפן

האָבן עטלעכע גראָשן. דער עסק מיינער איז געגאַנגען גוט. אזא „אין די הייזער ארומגיין”, ווי דענסטמאָל, געדענק איך נישט שוין פון א צייט. עס טרעפט זיך אזוינס איין מאָל אין הונדערט יאָר. אז גאָט וויל העלפן א מענטשן, העלפט ער אים מיט אלעמען. אין וועלכער שטוב איך בין אריין, בין איך ליידיק פון דאָרט נישט ארויס. דאָס מזל האָט מיר דענסטמאָל געשפּילט און האָב באדארפט גראָד טרעפן אין א שטוב. וואָס דאָרט איז געווען אַ ברית. דער עולם איז געווען שטארק פארלעקט, לעבעדיק, פריילעך, מען האָט מיר געגעבן א גוטן טרונק בראָנפן, א גאנץ קידוש־גלעזל, אויך א גרויס שטיק לעקעך, א מלכות־ברויטל און דערצו נאָך עפּעס געלט מיט א רויזנ־בולקעלע. איך האָב מיך איינגעהאלטן נישט צו פארזוכן אפילו קיין ברעקל און באהאלטן די אלע גוטע זאכן ווייט אין דעם בוזעם, צו ברענגען עס א מתנה מיין האָרבאטער מיידל. מען האָט באדארפט זען, מיט וואָס פאר א פרייד איך בין עס געגאַנגען דעם גאנצן וועג. אלץ געטראכט ביי מיר: היינט ביינאכט, אז דער עולם וועט שלאָפן, וועל איך איר געבן, זאָל זי, נעבעך, אויך הנאה האָבן. זי איז נעבעך פארוויסט, פאר־וואָגלט, האָט א הארץ פול מיט מכות. זי האָט נעבעך נישט געהאַט אין איר לעבן קיין זיסע מינוט. נא, לאָז זי וויסן, אז פּישקע איז א גוטער ברודער, ער זאָרגט זיך פאר איר און היט זי אָפּ'עט ווי דאָס שווארצאַפּעלע אין אויג. ער וועט באַ־דיי אליין נישט עסן און איר דאָס לעצטע, דעם בעסטן ביסן אוועקגעבן. עס האָט זיך מיר געדאכט, ווי מיר ביידע זיצן לעבן דער גרויסער שול און האָבן שטארק הנאה. זי עסט, קוויקט זיך מיט דעם לעקעך און איך איר: נשמה מיינע, לאָז דיר וואויל באקומען! טראכטנדיק דערביי ביי זיך: א גוטער סימן! הלוואי אינגיכן לאָמיר עסן לעקעך ביי אונדז... איך זאָג איר אָנ'עט די בשורה: מאָרגן ווער איך אויסגעלייזט, מיין ווייב נעמט גט, און זי שיינט, קוועלט גאָר אָן. מיר קלערן, ווי אזוי שטילערהייט ארויסצוכאַפּן זיך פון דער כאַ־ליאסטרע און מאכן א פּליטה, ביי אונדז ווערט פארטיק וועגן דעם א גאנצער פּלאַן און ס'איז דאָ א האָפענונג, אז עס וועט, אם־ירצה־השם, זיין גוט... אָט מיט אזעלכע געדאנקען בין איך מיר געגאַנגען דעם גאנצן וועג און מיר פירגעשטעלט גליקן. אויפן וועג האָב איך נאָך באגעגנט א וואסער־טרעגער מיט פולע עמער, דאָס איז דאָך געווים א גוטער סימן. נאָר וואָס אָבער לאָזט זיך אויס?

עס לאָזט זיך אויס, ווײי איז מיר, א טייך. איז א מענטשן באשערט אומגליק, העלפן אים נישט קיין גוטע סימנים אויך, צען גויעס אפילו זאָלן אים מיט פולן איבערגיין דעם וועג.

אַז איך בין פאַרנאַכט געקומען צוריק אין הקדש, האָב איך שוין דאָרט נישט געטראָפן די כאַליאַסטרע!... אין דער צייט, וואָס איך האָב מיר לוסטיק אַרומגעשפּאַצירט אין דער שטאָט, זענען די שיינע לייט דערוויל אַוועקגעפאָרן און מיין ווייב, אויך איין האַרבאַטע נעבעך, מיט זיי... דאָס איז שוין געווען דעם ממזרס מלאכה, — זאָל ער אַזוי וויסן פון זיין לעבן צו זאָגן, ווי איך האָב דענסטמאָל געוואוסט אויף וואָס פאַר א וועלט איך בין. זאָל אים, רבונו של עולם! אַזוי דרייען אינ־ווייניק אין בויך, ווי מיר האָט זיך געדרייט דער קאָפּ. חושך און פינצטער איז מיר געוואָרן אין די אויגן, פינצטער איז מיין וועלט. דאָס איינציקע שטערנדל, וואָס האָט מיר געשיינט איז פּלוצים פאַרשוואונדן געוואָרן. נישטאָ, וויי איז מיר, ני־שטאָ מיין טרייסט! נישטאָ מיין האַרבאַטע, נעבעך!... איך בין ווייטער עלנט ווי א שטיין, איינער אַליין אין דער גאַנ־צער וועלט. און זי? וואו איז זי, וואָס טוט, נעבעך, זי, זי?... פאַר וועמען וועט זי קענען כאָטש אַמאָל אויסוויינען, אויס־גיסן איר שווער ביטער האַרץ? אוי, יידן! א ווייטיק, ס'איז מיר א ווייטיק, ס'איז מיר א ווייטיק טאַקע אין צווייען!

ארויסנעמענדיק שפּעטער פונעם בוזעם דאָס שטיקל לעקעך, וואָס איך האָב איר עס אָנגעגרייט, איז מיר געוואָרן א לאָך אין האַרץ. איך האָב עס געהאַלטן שטייף, אָפּגעגאָסן עס מיט טרערן, ווי עפּעס א זאַך, א זכר, וואָס בלייבט איבער נאָכן טויט פון א געליבט קינד, פון אן איינציק קינד. נישט באַ־שערט דיר צו פאַרזוכן עס, צו דערקוויקן זיך איינמאָל אין דיין לעבן, אומגליקלעכע, בידנע נשמה מיינע! איך קוק, קוק אויפן שטיקל לעקעך, קוש עס, וויקל עס דערנאָך איין ווי אן אבן־טוב און באַהאַלט עס ווידער אין בוזעם, טאַפּנדיק עס אָפּט און צוקוועטשנדיק עס צום האַרצן... ווייס איך, וואָס מיר איז געשען?!...

# כב

פישקע האָט ביי זיינע לעצטע ווערטער ארויפגעלייגט ביידע הענט אויפן פּנים, זיך אַוועקגעקערט אין דער זייט און גע־כליפּעט. מיר האָבן געפילט זיין האַרץ און אים געלאָזט צורו. אויף אונדז אַליין איז אויך אָנגעפאַלן א מרה־שחורה, מיר זענען געבליבן זיצן שטיל, איטלעכער פאַרטיפט אין זיינע גע־דאַנקען. אַלטער מיינער האָט זיך אַלץ געקראַצט אין דער פּאה, געפירט די האַנט איבערן פּנים, אָנהייבנדיק פונעם שטערן און

און אויסלאָזנדיק מיט דער באָרד, וועלכער ער האָט ארומגעכאפּט מיט אלע פינף פינגער און געמאכט דערביי: עט, עט!... מען האָט געזען, ער איז צעטראָגן, מיט אים איז עפּעס נישט גלאַט. איך אליין בין עפּעס געווען אויך צעדרייט, פּישקעס געשיכטע האָט מיך געקאָטערט. נאָך גאנץ לאנג האָב איך פיל מאָל ביי מיר געטראכט: רבונו של עולם! וואָס איז דאָס אזוינס, זיין פּארליאפּעט? עפּעס האָב איך געהערט עס טרעפט זיך אמאָל אזעלכעס, נאָר וואָס דאָס איז, האָט מיין מוח נישט גענומען. ביי אונדז פלעגט מען אויף אזעלכע זאכן געווינטלעכער זאָגן: ס'איז אן אָפּגעטאָנענע זאך, א כישוף, עפּעס אזא מין פּלעשעלע איז דאָ דערצו, א מין קרייטעכץ פון א אן אלטער גויע, א טכשפהטע. און דאָס וואָס אלטע מכשפהטעס זענען פּארטיק אָפּצוטאָן אזעלכע שפּיצלעך, אויך אראָפּצוברענגען רייטנדיק אויף א בעזים דעם מאן, וואָס האָט אוועקגעוואָרפן דאָס ווייב, זי געמאכט פאר אן עגונה — דאָס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, דערויף זענען דאָך דאָ א סך עדות: כשרע יידן מיט בערד... פּארליאפּעט זיין האָט ביי אונדז געהייסן עפּעס אזא מין שלאָפקייט, ווי קדחת, אשטייגער, א דבוק, א מאנקאָליע, די ניכפּא, די שלעכטע זאך, וואָס דערצו איז טאקע נאָר א בעל־שם אָדער להבדיל, דער טאָטער. ביי א שמועס דערפון פלעגט מען זיבן מאָל אויסשפּייען, אָננעמדיק זיך ביי די ברעמען, און מאכן דערביי מיט א פארקרימט פּרום פּנימל, נישט־דאָ געדאכט, נישט פאר קיין יידישע קינדער געדאכט!... אויך איז א מצווה געווען צו לאכן אויס יענע פּארליאפּעטע, ווי דער שטייגער איז צו לאכן אויס א מעשוגענעם. אזא שלאָפקייט אָבער, געדענק איך, ווען עס האָט זיך געמאכט, האָט זיך עס געמאכט סיידן נאָר ביי די גרויסע נגידים, אָדער בא די גרויסע קבצנים. אין באַלעבאטישן גראד אקעגן האָט מען נישט געוואוסט אפילו מיט וואָס מען עסט עס. — דאָס איז דאָך, האָב איך אָפּט ביי מיר געטראכט, א וואונדער. פּאר־וואָס איז דאָס אזוי? און וואָס איז דאָס אזוינס? עס מוז דאָך האָבן א טעם. פון דער אלטער גויע איז נארישקייטן, אזוי ווי דאָס פּלעשעלע... איך בין קיינמאָל דערמיט נישט צופרידן געווען, הגם יידן האָבן עס געהאלטן פון מיר פאר א שטיקל אפּיקורסות ס'טייטש, ווי גלויבט מען עס נישט אין כישוף, אין דעם טאָטער, אין שדים! איך האָב געזוכט ביי מיר, געזוכט א טעם און, דאכט זיך, געפונען. גרויסע נגידים איז אויף דער וועלט צו־גוט, האָבן אלצדינג, עסן, טרינקען דאָס טייערסטע, דאָס בעסטע אָן זאָרג, אָן קאָפּדרייעניש, עס גייט זיי אָפּ נאָר קדחת.

— דעריבער ליגט זיי אינזינען צו מאכן קוצעניו־מוצעניו. ערנסט, אָדער גלאט אזוי א שפּילכן? דאָס איז שוין זייער סוד.

ווידער־זשע די גרויסע קבצנים פון דער אַנדערער זייט, זיי איז אויך, אויף זייער שטייגער, גוט. האָבן גאַרנישט, קדחת וואָס איינצושטעלן. עסן קעסט ביי דער וועלט אָן קאָפּדאַרעניש און קומען אויפן גרייטן. בושה אין דער זייט! דעריבער גלוסט זיך זיי אויך אַזעלכע מעשיות. שטענדיקע עסקים פון דרייען זיך און מיני חתונות און געוויינטלעך גאָר אין דעם הויכן און אין דעם נידעריקן שמאַנד. דער איבעריקער עולם אונדזערער, פאַר־נעם מיטלען סאָרט מענטשן, איז תמיד פאַרטראָגן אין דייזשע באָרשטש. אים דאַרט דער קאָפּ פאַר דעם שטיקל ברויט, זוכט פרנסה. ביי אים איז ראשית חכמה געשעפט. אַלצדינג — גע־שעפט, חתונה האָבן איז אויך אַ געשעפט. ער האַנדלט איין אַ ווייב, דינגט זיך פריער גוט אויס וועגן דער מקח, וועגן איט־לעכס פּיצעלע באַזונדער, אַלצדינג פּינקטלעך אויסגערעכנט. אפילו אַ שטריימל און די שבתדיקע קאַפּאָטע מוז אויך שטיין בפירוש אין די תנאים. זענען די תנאים דערפילט געוואָרן, כפי־דעם מדובר, קום־זשע, כלה־לעב, אונטער דער חופה מיט דעם שדכן, מיט דעם בדחן, מיט דעם גאַנצן פּעקל כלי־קודש, וואָס לעקן אָפּ פונעם געשעפט אַביינדל. זיי אַ ווייב, האָב קינדער, רייס קריעה און ווער פאַרשוואַרצט מיט מיר אינאיינעם ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, אויב דיר גלוסט זיך לעבן, נישט שטאַרבן פאַר דער צייט. אויב דו ביסט שיין אָדער מיאוס, קלוג אָדער אַ נאַר, דאָס איז שוין דיין עסק, פון מיינעט־וועגן איז אַלץ איינס, אַ פּלוניתטע איז אַ פּלוניתטע. מיר זענען נישט קיין פּריצים, האָבן נישט קיין צייט צוקוקן זיך צו אַזעלכע זאַכן, יידן זענען מיר, סוחרים, מעקלער, קרעמער, טרוד אין דער פרנסה! — זייער פיל זענען דאָ פון מיין גראַד יידן, וואָס רעדן כמעט נישט, עסן נישט ביי איין טיש מיט די ווייבער, קוקן זיי ווייניק אָן, און ס'איז גאַנץ רעכט.ביידע צדדים זענען צופרידן און ווינטשן, ווען עס קומט אויס אַמאָל, הלוואי אַזאַ לעבן אויף אַלע גוטע לייט און אויף זייערע קינ־דער געזאָגט געוואָרן! שטאַרבט ביי איינעם דאָס ווייב, באַ־גראָבט ער זי, זיצט נאָך איר שבעה גאַנץ יידישלעך און האַנדלט באַלד טאַקע איין אַ צווייטע, פריער נאָך, אַמאָל פאַר שלשים. און אויף אַזאַ שטייגער אויך די דריטע, פערטע, די פינפטע... ביז דער אַלטער יידענע, וועלכע ער נעמט צולעצט אין די אַלטע געשעפטע יאָרן, אונטער דעם אויסרייד געוויינ־טלעך, מיט איר אין ארץ־ישראל אַריין צו פאָרן. הייסן הייסט עס ביי יידן די גאַנצע חתונה, מקיים זיין אַ מצווה. ווי גאָט האָט געבאָטן... ווי, אַשטייגער, דעם יידנס עסן שבת איז נישט גלאַט גראָב פרעסן וועגן דער אכילה, ווייל אַ זינדיקער מענטש באַדאַרף עסן, נאָר וואָס דען עס הייסט מקיים זיין שלש־

סעודות; דעסגלייכן אויך דאָס גלעזעלע וויין פּסח ביים סדר, טרינקט עס דען אַ ייד גלאַט משונה גראָב, ווייל אַביסל וויין איז מחיה און נאָך די קניידלעך טאַקע גאָר אַ דערקוויקעניש? חלילה! ער מאַכט דערביי מיט אַ פאַרפרומט פּנימל: הריני מוכן ומזומן — איך בין מיר גרייט, איך בין מיר ברייט מקיים זיין די מצווה כוסען: דעם ערשטן, צווייטן, דריטן, פערטן כוס... אונדזער איינער עסט, טרינקט, האָט חתונה אַלץ מיט אַ לשם־יחוד, צוליב קודשא־בריך־הוא און דער שכינה.— נאָר אַלצדינג איז אָבער נישט געזאָגט געוואָרן אויף פּישקען. אין זיין שלעכטער לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען, איז דאָס האָרבאַטע מיידל פאַר אים געווען אַ גליק. זיין טרייסט, זיין לעבן, זיין אַלץ־מיטאַנאַנדער. אַז מען טרינקט זיך, כאַפּט מען זיך אָן פאַר אַ שטרוי. היינט וואָס־זשע איז פאַר אַ וואונדער, אַז פּישקע האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער האָרבאַטער מיט זיין גאַנץ לייב און לעבן און איז צו איר צוגעזאָטן געוואָרן? אַז עס רירט אָן ביי דער נשמה, דענסטמאָל שרייט דאָס האַרץ, שרייט. רעדט איינע ווערטער ביי אַלע מענטשן גלייך. דאָס לשון פונעם האַרץ איז איין לשון פאַר גרויס און קליין, פאַר דעם געלערנטן און פאַר דעם גראָבן מענטשן — וואָס־זשע איז פאַר אַ וואונדער. אַז פּישקעס האַרץ האָט זיך דאָ אויסגעגאָסן אין אַזעלכע הייסע געפילן, ריינע מענטשלעכע ווערטער? דעריבער טאַקע האָבן זיינע ווערטער גערירט, מיך צענומען ווי אַ פידעלע, וואָס רעדט, שפּילט אומעטיקן שטייגער. אַלע בעלי־דרשנים און מוסר־ספרים אינאיינעם האָבן קיינמאָל מיך אַזוי נישט גערירט, געמאַכט ווייך, גוט און פרום, ווי אַ קרעכץ פון אַ צעבראָכן האַרץ, ווי דעם כלי־זמרס אַ שפּיל אויפן פידעלע..

מילא גאַנץ רעכט, איך בין שטאַרק גערירט פון פּישקעס דערציילונג, בין איך מיר דעריבער פאַרטראַכט, אָבער דו, פערדל מיינס, פאַרוואָס ביסט דו פאַרטראַכט? אַ גאַנג אַביסל, משטיינס־געזאָגט, קוים וואָס עס רירט זיך, עס זאָל אים דאָס אָנהייבן אַרן, וואָס אָט באַלד איז תשעה־באָב און מען באַדאַרף זיך איילן מיט קינות אין אַ סך שטעטלעך. ער גייט גאָר נישט מיט דעם גלייכן וועג, פאַרקריכט אין דער זייט לעבן דער תבואה, שטעלט זיך צוואווילן אָפּ און שטשיפּעט גראָז. די שיינע שקאַפּע איז ניט בעסער פון אים, טוט אים נאָך און כאַפּט אויך אַ קיי. דאָס אייגענע טאַקע וואָס אין חדר, אַז דער רבי פאַרקוקט זיך אַמאָל אין דער זייט, פאַרוויגט דאָס קינד, אָדער האַמפּערט זיך מיט דער רביצין, פאַרקוקן זיך אויך די תלמידים און פאַלשעווען אין דעם לערנען. איך טו די רפואה, וואָס דער מלמד, נעם די בייטש און טו אַ

ווייז דעם שלימזל מיינעם, זאָגנדיק אים דערביי מוסר. ער שטעלט אויף די אויערן, שטרעקט אוים דעם האלדז, שטעקט ארוים א שפּיץ צינגל, דריגעט מיט א הינטערשטן פוס און שמייסט קעגן מיר מיט דעם ווײדל. — איי, דו ביסט אן עזות־פּנים! רוף איך מיך אָן און בין אים שוין טאקע גוט מכבד מיט דער בייטש. ער האָט אפילו נישט געוואָלט לײדן, מאכט א פערדישן קוממיות, א הייב מיט דעם הינטן און געהאט בדעה אויסצושטרעקן זיך אויף דער ערד. נאָר ער האָט זיך באלד מישב געווען, א צי געטאָן מיט אימפּעט דעם וואָגן און אָנגעהויבן זיך ווייטער צו שלעפּן.

מיר אלע זענען דערווייל צו זיך נעקומען. אלטער האָט אָנגעטריבן אויף זיין שטייגער, פישקע הייבט אָן אויף זיין שטייגער, איך נאָך אים טאקע ארבעט, פּארטייטש אויף מיין שטייגער און די מעשה דערציילט זיך ווייטער אזוי:

— איך וועל אייך דאָ נישט קיין ים ברייען. איינער אליין האָב איך מיך דערנאָך אויף אדעסער טראקט געלאָזט, געטראכט, טאָמער וועל איך מיינע לייט דאָ באגעגענען, אָדער הערן עפּעס וועגן זיי. נאָר אומזיסט די מי, זיי זענען ווי אין וואסער אריין. דאָס לעבן איז מיר נמאס געוואָרן פון שטענדיק ארומשלעפּן זיך. איך האָב געחלשט אויסצורוען זיך אביסל, זיצן אויף איין אָרט, ווי איך בין געוואוינט געווען פריער. גאָט האָט געהאָלפן, איך האָב מיך לסוף פארשלעפּט קיין אדעס.

די ערשטע פּאָר טעג איז אדעס פאר מיר געווען ווי א טויט. איך האָב מיך דאָרט ארומגעדרייט עלנט, פרעמד, אליין נישט צו וויסן וואו מיך אהינצוטאָן. אלצדינג איז פאר מיר געווען ניי, עפּעס ווילד משונה. קיין הקדש, ווי אין אנדערע יידישע שטעט, האָב איך דאָרט נישט געפונען, הייזער אויף ארומצוגיין אויך נישטאָ. ביי אונדז אין די יידישע שטעט זענען דאָ הייזער, טאקע וואָס הייזער הייסן, נידעריקע, אָן חכמות, אָן קונצן, מיט די טירן צו דער גאס. איין קליין שטופּעלע די טיר, קומסט דו גלייך אין שטוב אריין, ברויכסט נישט מאכן קיין גרויסע צערעמאָניעס, אָט איז דאָס באלעבאטישקייט, אלצדינג וואָס נייטיק איז צו עסן, צום שלאָפן. באדארפסט אביסל וואסער, האָסט־דו עס, באדארפסט די פּאָמוניצע, איז זי דאָ, וואש די הענט און זאָג דיר אשר־יצר, וויפל דיין הארץ גלוסט. אָט איז דער באלעבאָס, די באלעבאָסטע, דאָס הויזגעזינד, זאָג: גאָט העלף! שטרעק אוים די האנט באקומסט־דו דיר דיין נדבה, א קוש די מזוזה און ניי דיר געזונטערהייט ווייטער. — היינט איז טאקע גאָר פון דרויסן גרינג צו דערקענען א יידנס הויז. דאָס בערגעלע מיסט, דאָס רינשטאָקל, די פענצטער, די ווענט, דער דאך, שרייען: דאָס

איז א יידיש הויז. אין דעם ריח אליין דערקענט איר, אז דאָ זיצט א ייד... אקעגן־זשע דאָרט אין אדעם זענען די הייזער, משטיינס־געזאָגט, עפּעס ווילד, הויך אומגעלומפּערט. דער גאנג איז געוויינטלעך דורך א טויער אין א הויף. דאָרט קריך אויף טרעפּ, זוך א טיר. האָסט־דו שוין געפונען א טיר, איז זי גאָר פארשלאָסן, עפּעס איז זי מיט א גלעקל, מיט גאנצע צאצקעס. דו בלייבסט ביי דיר עפּעס אראָפּגעפאלן, פילסט, אז דו ביסט אָרעם, נידעריק, האָסט קיין פּנים נישט, שטייט א רגע דערשלאָגן, מאכסט דיר דערנאָך הארץ, נעמסט זיך מיט גרויס דרך־הארץ פארן גלעקל, עס ציטערט דיר אָבער די האנט. טוסט א קליין ציעלע, כמעט ווי נאַרנישט, שרעקסט זיך עפּעס אליין פון דיין ציעלע, גלייך ווי דו וואָלסט ארויס אקעגן יענעם מיט א גראָב וואָרט, אים געשאָלטן אין טאטן אריין, און טראָגסט זיך טאקע באלד אָפּ.. טאפּסט דו אמאָל אָן ערגעץ אן אנדער גאנג, פאלט אויף דיר אָנ׳עט א קעכנע, א באדינער, אָדער עס לאָזט זיך גאָר אוים, דאָ זיצט נישאָ קיין ייד. וואָס הייסט עס! וואונדערסט דו זיך שטארק, וואָס איז דאָס פאר א שטאָט? וואָס זענען עס פאר הייזער? וואו זענען עס אונדזערע אָרעמעלייט מיט די טאָרבעס? איך האָב מיך ארומגעבלאָנקעט אין די גאסן, זיך גוט צוגעקוקט צו אלצדינג דאָרט, טאָמער וועל איך זען עמעצן מיט א טאָרבע, אויסצופרעגן אים מכוח דעם עסק, ווי אזוי מען גייט דאָ אין די הייזער ארום. נאָר ווי אויף צו־להכעיס האָב איך נישט באגעגנט קיינעם. און ווי איך דריי מיך דאָ אזוי ארום, באמערק איך פונדערווייטנס עפּעס א יונגנמאן, געקליידט דייטש, גייט ווי איינער. וואָס ווייסט נישט דעם וועג, קוקט אויף די הייזער און ווארפט זיך אין אלע זייטן גאס. דער דאָזיקער פארשוין, טראכט איך מיר, מוז נישט זיין קיין היגער, מען באדארף אים נאָכגיין, זען, וואָס ער טוט. ער גייט אריין אין א הויף, איך נאָך אים. ער זוכט און לאָזט זיך דערנאָך ארויפגיין אויף א טרעפּ, מיינער — אויך ארויף. ער גייט אריין אינעווייניק אין א פאָדער־חדר, מיינער שטעלט זיך אויף יענער זייט לעבן דער טיר. עס דויערט נישט לאנג קומט ארויס איינער, א געגאָלטער, עפּעס גאָר א פריץ, אפּנים, דאָס איז דער באלעבאָס. דער יונגערמאן גיט אים עפּעס א ביכל, ארויסגעמענדיק עס פריער פון א קעשענע. ברייט און לאנג ווי א טאָרבע. דער געגאָלטער טוט א בליק אויף דעם שער־בלעטל און ווארפט עס באלד טאקע דעם יונגערמאן צוריק, פארקרימענדיק זיך מיט א בייזער: לאָזט מיך צורו מיט אייערע שמאָכטעס! מיר טויג עס כלל נישט. דער יונגערמאן טענהט, לויבט זיך אין טאָג אריין, ער האָט געמאכט עפּעס אזוינס גאָר אנטיק.

עס העלפט אים אָבער נישט און ער גייט נעבעך, בבושה וחרפּה ארויס, מיינער אריין און בעט פּשוט א נדבה. איך באקום באלד עטלעכע גראָשן און רוק מיך געשווינד ארויס מיט א פריילעך הארץ. אצינד, טראכט איך מיר, בין איך אויף דעם אמתן וועג. נאָט שיקט צו דעם שפּיגער זיין פלאקס, דעם שענקער זיין ביר און דעם אָרעמאן דעם גר זיין וועגווייזער. מען באדארף אים פונעם אויג נישט אָפּלאָזן. איך גיי דעם פארשוין נאָך שטילער־הייט, ווי א קו א קעלבל, וואו ער, דאָרט בין איך. אים גייט עס שלים־שלים־מזל, אומעטום כאַפּט ער, נעבעך, זיין פּסק, דאָ אזוי: נישט אויסצוהאלטן, ווי זיי האָבן זיך היינט צעלאָזט! און דאָרט אזוי: גייט אייך געזונטערהייט, מיר באדארפן אזעלכעם נישט האָבן! דער שפּיץ איז, ער גייט אוועק צעקאָכט מיט ליידיקע הענט און מיר גייט עס, אָן עין־הרע, גאָר נישט שלעכט. איך נעם א גראָשן, א צווייער, א דרייער, וויפל מען גיט.

— וואָס איז דאָס, וואונדער איך מיך, פאר א מין אָרעמאן אזוינער?! אין מיין לעבן האָט מיר אזעלכעס זיך קיינמאָל נישט געחלומט. אפנים, דאָ איז אזא מנהג—אָרעמעלייט מיט ביכלעך. ניי־מאָדישע קבצנים און נאָך אָנגעטאָן דייטש! נאראָנים, צו־וואָס בעטלען מיט ביכלעך און האָבן א פייג, אז מען קאָן בעטן נדבות פּשוט אזוי! איך בין זיך נוהג ווי אונדזערע זיידעס — גיי מיר אין די הייזער פּשוט אָן חכמות און מאך עס בעסער ווי אנדערע מיט די ביכלעך. נאָר ווי די מעשה איז, אויב זיי זענען נאראָנים אָדער נישט, דערווייל האלט איך מיך פעסט אין מיין קבצן מיט די ביכלעך, גיי אים נאָך שטילערהייט פוס־טריט און היט מיך ווי ווייט נאָר מעגלעך, ער זאָל מיך נישט זען. תחילת איז דאָס געגאנגען גאנץ גוט, נאָר שפּעטער האָט ער, אפנים באמערקט ווי איך שלעפּ זיך אים נאָך און דאָס איז אים שטארק נישט געפעלן. ער האָט אָנגעהויבן זיך אָפּט ארומצוקוקן, אָפּצושטעלן, און געזוכט ווי מיינער פּטור צו ווערן. איך האָב מיך געמאכט תם, געקוקט אין דער זייט קלאָמפערשט, ווי נישט אים מיין איך, און גיי מיר מיין וועג. נאָר אין הארצן האָב איך געטראכט: ניין, דו וועסט זיך ביי מיר נישט אויסדרייען, ברודער! ווען דו טויגסט נישט קיינעם און דיר אליין אויך נישט, טויגסט דו אָבער מיר. א רבי ווי אין די הייזער ארום־צוגיין ביסט דו זייער א גוטער, חכם מיינער!... צולעצט האָט זיך מיט אונדז געמאכט אין איין שטוב אזא מעשה: דער באלעבאָס האָט זיך געקליבן עסן מי־טאָג און פלוצים קומט אָן מיין קבצן מיט די ביכלעך. עס הייבט נאָכדעם זיך אָן א טענה פון ביידע צדדים: איינער וויל אריינדרייען, איינרעדן, א וואָרט פאר א וואָרט, דער באַלעבאָס ווערט שוין גוט אין כעס,באלייט מיינעם צו דער טיר

אביסל גראָבלעך, דערזעט דאָרט מיך און שיקט אונדז ביידע אָפּ צו אלדי־שווארצע־יאָר. דער בשותפותער פּסק אונדזערע האָט שוין ממילא געפירט דערצו, מיר זאָלן איינער מיט דעם אנדערן זיך בעסער דערקענען. ביים אראָפּגיין פון די טרעפּ קוקט מיך אָן מיין חבר עפּעס שטארק אָנגעברוגזט. איך פאר־דריי דעם קאָפּ אין דער זייט און ווייס נישט וואָס צו טאָן. איך ווארט, ער זאָל גיין פריער. מיר שטייען אזוי אוועק עט־לעכע מינוט און ביידן איז נישט גוט. מיין שותּף טוט מיך דערנאָך א פרעג:

— וואָס ווילט איר, ר׳ ייד?

— גאָרנישט! — ענטפער איך. —- דאָס אייגענע וואָס איר.

— דאָס אייגענע וואָס איך? — מאכט מיין שותּף, אויס־מעסטנדיק מיך מיט א קוק פון קאָפּ ביז די פיס זייער פאר־וואונדערט. — איר זייט אויך א מחבר?

איך האָב געמיינט מחבר איז עפּעס א דייטשעס וואָרט און עס הייסט וואָס ביי אונדז אויף פּראָסט יידיש קבצן, זיי־נער א חבר אין דער פרנסה. דעריבער ענטפער איך אים אָפּ׳עט באלד טאקע אויף טייטש:

— יאָ, א מחבר.

— וואָס האָט איר עפּעס געמאכט?? — טוט ער ווידער א פרעג.

— איך האָב געמאכט גאָר נישקשהדיק, — ענטפער איך, טראכטנדיק ביי מיר: אויף אייך געזאָגט געוואָרן! — א פער־ציק גראָשן האָב איך געמאכט.

— ווי הייסט אייער חיבור? — גיט ער מיך נאָכאמאָל א פרעג.

ווייטער טייטש, טראכט איך מיר. ער פרעגט זיכער: ווי הייסט איר קבצן, חבר מיינער.

– פישקע!... — טו איך א זאָג קורץ און שארף.

— קען איך האָבן דעם כבוד מיט פישקען באקאנט צו ווערן? — מאכט ער עפּעס מיט א זים חנדעלע.

— אָך, מיט אלע כבודן, זייער אָנגעלייגט, כ׳לעבן, — זאָג איך אָנקוקנדיק אים גאָר פריינטלעך.

— נו, וואו איז ער, דער חיבור?

— אָט בין איך דאָך טאקע אליין דאָ פאר אייערע אויגן, זאָלט איר מיר געזונט זיין!

— גייט צו אלדי שווארצע יאָר! — טוט ער אויף מיר א געשריי און פליט אוועק געשווינד און אין כעס.

אז איך בין ארויס פונעם הויף, זע איך, מיין שותּף לויפט ווי א מעשוגענער, ער איז שוין גאנץ ווייט, טוט זיך פלוצים א נעם אין א געסעלע און איז פארשוואונדן געוואָרן. איך בין

געבליבן שטיין עפּעס ווי אויסגעפּאַטשט און וואונדער מיך, וואָס איז דאָס פּאַר אַ מין נפש. גאָר אַ משוגענער טאַקע. אָט איז ער גוט, פּלוצים קומט אים אָן דער שגעון און ווערט אָנגע־צונדן! דאַכט זיך, איך האָב אים גאָרנישט געזאָגט אַזוינס. איך האָב אים געענטפערט טייטש מיט זיין לשון. נאָט אייך נייעס, מכאַבאַר, כיבאָרים! ביי אונדז אויף יידישן הייסט עס פּראָסט קבצן, טאָרבע. איבעריקנס כאַפּט אים דער וואַטע־מאַכער!

# כג

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך מיט אַדעם מיך שוין בעסער באַקענט, בין קלאָר געווען אין די אַלע ווינקעלעך און הינטערגעסלעך, געכאַפּט דעם סטרי און געוואוסט וואו עס עפנט זיך אַ טיר. אַדעם איז ווי אַ טאַבאַקערקעלע מיט אַ סעקרעט, מען ברויכט צו וויסן די שפּרונזשינקעלע, וואו צו געבן אַ קוועטש, דענסטמאָל עפנט זיך גרינג אויף, מען שטעקט אַריין די פינגער און נעמט אַ גוטן שמעק טאַבאַקע. עס האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ קוואַל פון הייזער, אַזעלכע וואָס פּאַסן צום עסק, מיט אַלע גוטע מעלות ווי ביי אונדז. אָרעמע־לייט האָב איך שוין געפונען וויפל דאָס האַרץ גלוסט, גאַנצע מחנות פון אַלערליי סאָרטן: אָרעמעלייט מיט טאָרבעס, אָרע־מעלייט אָן טאָרבעס, אַזעלכע וואָס זענען אין ערגעץ נישטאָ נאָר אין אַדעם. ירושלמים, פרענקען, טערקישע און פּערסישע יידן וואָס פּלאַפּלען לשון־קודש; אַלטע יידן, קבצנים מיט ווייַ־בער, אויך אָן ווייבער, וואָס פאָרן אויף דער עלטער שטאַרבן אין ארץ־ישראל און עסן דערווייל דאָרט קעסט, קינדלען, לעבן אויף דער וועלטס רעכענונג; עגונות יידענעס מיט ספּאַז־מעס, יידן געבראָכענע מיט מיחושן וואָס קומען זיך היילן אין דעם לימאַן. מקבלים אַלט־פּעטערישע, וואָס רייבן זיך אַרום פּראָסטע יידן אין די בתי־מדרשים, און מקבלים פון היינטי־קער וועלט מיט געגאָלטע בערד, וואָס רייבן זיך אַרום די בראָדער, פּראַנצויזן אין די קאַפּעיניעס און טראַקטירן. אַביונים אָפּגעפּיינטע, אויסגעפּוצטע ווי די נגידים, אַזעלכע טאַקע, וואָס האָבן לחלוטין גאָרנישט און אַזעלכע וואָס האָבן, דאַכט זיך, הייזער און זענען דאָך גרויסע דלפנים, מיאוסע קבצנים... וויפל אָרעמעלייט איך האָב באַגעגנט פון אונדזער ווינקל, האָבן נישט געקענט גענוג אָפּלויבן אַדעס, הגם איך ווייס נישט די גליקן זייערע דאָרט. איינער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין,

וואָס דער גאַנצער חילוק איז צווישן אַן אָרעמאַן ביי אונדז אין די שטעטלעך און אַזעלכע דאָ. דאָרט עסט דער אָרעמאַן דאָס טרוקענע שטיקל ברויט פאַרפינצטערט, פאַרזאָרגט, און דאָ עסט ער טאַקע אויך דאָס אייגענע שטיקל ברויט, נאָר א קאַטערינקע שפּילט אים דערביי צו. אין אדעס שפּילט די קאַטערינקע א גרויסע ראָלע. אויף דער גאַס א קאַטערינקע, אין די הייזער א קאַטערינקע, אין די טראַקטירן א קאַטערינקע, אין די קאָמעדיעס א קאַטערינקע, אין שול, להבדיל — פּע! — אויך א קאַטערינקע. שטענדיק איז אין אדעס נאָר א קאָכעניש, הו־הא! עס קאַטערינקעט זיך, עס שפּילט, עס זינגט און שפּילט, עס זינגט און עס פייפט. דאָרט אין א טראַקטיר זעסט־דו אָפט, זיצט א שיכור און קרעכצט, זינגט „קראַסנאַיאַ דיעוואושקאַ", זייערס א מין לידל, אקעגן זיצן פאַרכוסעטע יידן, זינגען א שטיקל פון זמירות, אָדער „אָדם יסודו מעפר" מיט א שניידערשן מאַרש, לעבעדיק־פריילעך.

גייענדיק איינמאָל ביי דער זייט גאַס, פיל איך הינטן אין דעם רוקן א געשמאַקן זעץ. איך נעם עס אָנ'עט פאַר ליב, זוך דערווייל גאָרנישט צו מאַכן, טראַכטנדיק, איינער פונעם עולם האָט אין איילעניש אומגערן מיך א שטופּ געטאָן. באַלד אָבער פיל איך נאָך א זעץ, ווי מיט א שטיק האָלץ, איך קוק מיך אום און דערזע יאָנטל דער כאָלערע־חתן זיצט אויף דער גאַס! מיט איין בענקלע אין דער האַנט אָנגעשפּאַרט אויף דער ערד און דאָס אַנדערע בענקלע האַלט ער אויפגעהויבן און קוועלט, שמאָכט פאַר פרייד, וואָס ער האָט מיך באַגעגנט. איך האָב מיך אויך דערפרייט שטאַרק מיט יאָנטלען, מיט וועלכן איך האָב אין גלופּסק זייער גוט געלעבט און געוועזן ביי אים אויף דער חתונה אויפן הייליקן אָרט, אין דער כאָלערע, נישט היינט געדאַכט..

— אַזוי, פּישקע! — מאַכט ער, אָפּגעבנדיק מיר א שלום־עליכם. — דו ביסט אויך דאָ אין אונדזער אדעס? איאָ. א שיין שטעטל מיין אדעס! — און א קוק געבנדיק, אַז איך קנייטש מיך, מאַך פון זיין אדעס עפּעס נישט אַזאַ פּירוש, מאַכט ער מיט פאַרדראָס, גלייך ווי איך וואָלט אים צעשטעכערט די געראָלדיע און אים געטראָפן אין קנעפּל.

— הא, דיין גלופּסק אפשר איז א שטאָט?! א וואָרעם וואָס זיצט אין כריין. מיינט, קיין זיסערס פון דעם איז גאָר נישטאָ. וואַרט, איך וועל דיר ווייזן אביסל מיין אדעס, וועלן מיר דערנאָך הערן, וואָס דו וועסט דענסטמאָל זאָגן.

יאָנטל דערציילט מיר פון זיין גרויסקייט אין אדעס. אַלע קוקן און האָבן הנאה, ווי ער רוקט זיך אויפן געזעמס. ער איז א שטיקל חשוב און פיל קלייטן, מען גיט אים אָפּ זיין נדבה

גאנץ פיין, נישט צו פארזינדיקן. עס גייט אים, אָן עין־הרע, גאנץ גוט. אז איך האָב אים א פרעג געטאָן וועגן זיין ווייב, האָט ער געענטפערט מיט א שמייכעלע:

— א שיין ווייב, משטיינס־געזאָגט, האָט מיר גלופּסק גע־געבן! וואָס פאר א גוטס קען זיין פון א כאָלערע־ווייב? די כאָלערע האָט איר פריער געמעגט נעמען איידער זי איז צו מיר אָנגעקומען. דאכט זיך, עס פעלט איר די אונטערשטע ליפּ, פונדעסטוועגן ארבעט אין איר דאָס מויל, שרייט, פּילדערט, פּלוידערט, מאָלט ווי א מיל, פיל בעסער נאָך פון אן אנדערן מיט צוויי געזונטע ליפּן.

אקעגן א ווייב, טראכט איך ביי מיר, חעלפּט נישט קיין מיטל. איז זי א שלאק. שרייט זי אפילו אָן ביידע, אפילו אָן א נאָז דערצו, און פאלט אויף דיר אָן אפילו בלינדערהייט אָן אויגן... איך דערציילט יאָנטלען אין קורצן אויך די געשיכטע מיט מיין בלינדער ווייב, אלצדינג וואָס איך בין פון איר אין דער לעצטער צייט אויסגעשטאנען.

— נארעלע! — זאָגט יאָנטל. — טו דאָס אייגענע וואָס איך, א שפּיי אויף איר און אן עק. לאָז זי גיין צום רוח.

— וואָס הייסט, יאָנטל, א שפּיי? גלאט גיי צום רוח אָן א גט? איך בין דאָך עפּעס א ייד און באדארף חתונה האָבן.

— אזוי, חתונה האָבן! — מאכט יאָנטל, סוקנדיק אויף מיר מיט א געלעכטער — טאקע אן אמתער גלופּסקער, כ׳לעבן! בלייב נאָר, פישקע, אביסל דאָ, אין אדעס, וועלן מיר דענסט־מאָל זען...

פון יענער צייט אָן, זינט מיין באגעגעניש מיט יאָנטלען, פלעגן מיר זיך אָפט צונויפקומען און רוקן זיך ביידע איבער אדעס, ער אויפן געזעס און איך מיט מיינע קראנקע פיס. יאָנטלען איז נאָר געגאנגען דערינען, מיר אלץ ארויס־צושטעלן זיין אדעס און בארימען זיך פאר מיר מיט די שיינע גאסן, שיינע הייזער און נאָך אנדערע זאכן, גלייך ווי זיי וואָלטן געהערט אים און אים דערפון א סך ארויסגעקומען. ביי איטלעכם מאָל ווייזנדיק מיר עפּעס, פלעגט ער קוקן אויף מיר מיט א שיינענדיק פנים. שמאָכן פאר גרויס פארגעניגן, עפּעס אזוי ווי דורך יענעמס שיין הויז, יענער שיינער גאס, באקומט ער א גרעסערן ווערט אין מיינע אויגן, און אלץ טאָרקענדיק מיך: נו. פישקע! א שיינע שטאָט אדעס? אפשר,

— אין דיין גלופּסק האָסט דו אויך אזוינס? —

— הער אויס, יאָנטל! — זאָג איך צו אים איינמאָל, אז ער האָט מיר אָנגעטאָרקעט די זייטן, ווייזנדיק מיר פונדער־וויטנס דעם בולוואר, וואו עס האָבן געשפּאצירט א גרויסער עולם מענטשן און צו וועלכן, ווי איך האָב באמערקט, ער האָט

זיך עפּעס געשייעט, נישט געהאַט קיין מוט צוגיין נאָענט. —
וואָס זאָל איך דיר זאָגן, יאָנטל, אדעס איז אוודאי א שיינע שטאָט, נאָר א שאָד כ׳לעבן, וואָס ס׳איז נישטאָ דאָ קיין מענטשן!...
אדרבה זאָג, קען מען די היגע לייט אָנרופן מענטשן? גייען, אזוי אָנגעטאָן, לעבן אזוי מענטשן? קוק, אדרבה, ווי דאָרט אויף דיין בולוואר פירן זיך מאַנסבילן אונטער די הענט מיט נקבות, ס׳איז דאָך נאָר א בושה! יידן געגאָלטע, נקבות מיט האָר, הינטן שלעפּט זיך זיי נאָך א שטיק קלייד און קערן דער־מיט די גאַסן, פּאָרנט אויסגעשניטן מיט דער גאַנצער ברוסט אין דרויסן. פּע, חלשות, כ׳לעבן!... ווי נעמט מען אהער אונ־דזערע יידן, גלופּסקער יידן! דענסטמאָל, זעסט דו, וואָלט עס טאַקע געהייסן א שטאָט. געהאַט א פּנים. יידישלעך, מיט שיינע איינפירן, ווי עס געהער צו זיין.

יאָנטל האָט שווייגנדיק זיך גערוקט מיט מיר ווייטער, נישט געהאַט, אפּנים, וואָס מיר צו ענטפערן. אויפן וועג קומען אונדז אקעגן א פּאָר פּיינע לייט, פראַנצויזן. יאָנטל שטרעקט אויס די האַנט. איינער פון די לייט שטעלט זיך אָפּ׳עט רעדן מיט אים עטלעכע ווערטער און גיט אים א נדבה.

— ווייסט־דו, פּישקע, ווער די דאָזיקע זענען? — מאַכט יאָנטל מיט גדלות און די אייגעלעך שיינען אים פאַר גרויס הנאה. — יענער, וואָס האָט מיר געגעבן די נדבה, איז דער עלטסטער מלמד דאָ ביי אונדז אין תלמוד־תורה. מיינער א באַ־קאַנטער, דו פאַרשטייסט! איאָ, פּישקע, ער האָט שוין א פּנים?

— אזא יאָר זאָלן האָבן אלע מיינע שונאים! — ענטפער איך אים און טו א שפּיי.— פונעם שיינעם מלמד קאָן איך מיך שוין אָנשטויסן, וואָס פאַר א מין תלמוד־תורה, משטיינס־געזאָגט, מוז דאָ ביי אייך זיין. איך פרעג דיך נאָר יאָנטל, ווי שעמסט־דו זיך נישט זאָגן, אז אזוינס איז גוט! ניין, דו ביסט שוין דאָ קאַליע געוואָרן, יאָנטל! ביסט געוואָרן אזעלכער ווי די אלע היגע לייט... א מלמד אביסל! כ׳לעבן, נאָר אונדזער תלמוד־תורה־מלמד, ר׳ הערצעלע מזיק, להבדיל! ר׳ הערצעלע מזיק איז א ייד מיטן פולן מויל, פול אין דער גאַנצער שטאָט, און טוט זיין זאַך בשלמות גאַנץ פיין. אויף לויות ער, א שידוך אויספירן ער, אויפן הייליקן אָרט תהילים זאָגן, א פּרק משניות לערנען, ווייטער טאַקע ער. גייט ער, ווי דער שטייגער איז, אלע וואָך אין די הייזער, געלט צונויפנעמען, טראָגט מען אים די נדבה אקעגן: לויפט ער שמחת־תורה מיט די תלמוד־תורה־יינגלעך צו די נגידים מאַכן א „מי־שברך”, גיט מען אים אומעטום קידוש מאַכן מיט דער פולער מאָס. ער שרייט „צאן קדשים” און די יינגלעך מע־מע! — עס האָט א פּנים. און דיין פראַנצויז וואָס? וואָס פאַר א

פנים קאָן ביי אזעלכן האָבן זיין תהילים זאָגן, זיין „מי־שברך״? וואָס פאר א טעם קאָן האָבן זיין קידוש מאכן, זיין גיין אויף א לוויה, משטיינס־געזאָגט?...

— האָסט־דו דאָך א גראָבן טעות, פישקע! — פאלט מיר יאָנטל אריין אין די רייד. — אז מיינער טוט גאָר קיינמאָל נישט אזעלכע זאכן! ווייסט פון אזעלכע זאכן אפילו נישט וואָס צו זאָגן.

— וואָס הייסט, ער טוט נישט אזעלכע זאכן?! — מאך איך פארוואונדערט. — ווי געשיקט זיך עס, א תלמוד־תורה־מלמד זאָל נישט טאָן אזעלכע זאכן! נישט מאכן קיין „מי־שברך״ די נגידים, נישט באגראָבן די פיינע בריות נישט...

— שא, שא, פישקע! — שלאָגט מיר איבער יאָנטל די רייד. — ער באגראָבט זיי, נאָר אויף אן אנדער שטייגער. נישקשה, די פיינע בריות זענען צופרידן...

— פע, פע, פע! — שריי איך אין איין קול און פאר־שטעק די אויערן, נישט צו הערן. נאָר יאָנטל לאָזט מיך נישט צורו און רעדט איבער מיר טאקע ווייטער:

— ווייסט־דו ווער דער צווייטער איז, וואָס איז מיט דעם מלמד געגאנגען? דאָס איז א גרויסער פיינע־בריה. א גאנצער טוער אין שטאָט־זאכן, ווי ביי אייך דאָרט אהרן יאָסל שטיל־פייפער.

— פע, פע! — טו איך א געשריי שטארק אויפגעבראכט, אזוי אז מענטשן, וואָס זענען פארבייגעגאנגען, האָבן זיך ארומ־געקוקט. — אָט אזעלכער הייסט ביי דיר, יאָנטל, א פיינע־בריה! ווי אונדזער ר׳ אהרן־יאָסל! זאָג כאָטש להבדיל. ר׳ אהרן־יאָסל איז א ייד מיט א באָרד, מיט פאות, דאָס יידיש־קייט ליגט אים אויפן פנים און אין די הענט ביי אים ליגט יידיש געלט, עולמות־געלט, פון אלע חברות געלט, נאָך און נאָך געלט, מען גלויבט אים אויף נאמנות. מסתמא, אז ער נעמט, ווייסט ער דאָך אז ער נעמט און וואָס מיט דעם געלט צו טאָן. מען קאָן זיך דרינען שוין אויף אים פארלאָזן. דיין שיינע־בריה מוז האָבן א שיין ביסל נאמנות. אויף וואָס קוקנ־דיק קאָן מען אזעלכע געטרויען? אויף זיין יידישקייט? אויף זיינע אונטערגעשווירענע פאות?

אויף נאמנות, כ׳לעבן! שפּאַרט זיך יאָנטל מיט מיר. מיט פאות, אָן פאות, אלץ איינס ווי איך בין א ייד!

עט! מאך איך. — וואָס ווילסט־דו דאָ מיר אויסדריינגען? מילא שענק איך דיר שוין דאָס נאמנות, אָבער ווי קאָן מען אזעלכן מכבד זיין מיט סנדק, מיט מציצה? א שיין שטיקל מציצה מוז דאָס זיין ביי דיין פיינע־בריה. פע, כ׳לעבן! נאָר א געלעב־

טער. אז די וועלט זאָגט, פּערציק ווערסט אַרום אַדעם ברענט דער גיהנום, איז טאַקע אמת.

— פונדעסטוועגן, — מאַכט יאָנטל מיט א שטעכווערטל, — איז מיר פיל ליבער דאָ אין גיהנום, ווי אין דיין גלופּסק אין גן־עדן.

יאָנטל איז אין מיינע אויגן אינגאַנצן איבערגעקערט געוואָרן. אַדעם האָט אים שטאַרק צעלאָזן און מיר פלעגן זיך שפּאַרן זייער אָפט. וואָס ביי אים האָט געהייסן גוט, איז ביי מיר געווען שלעכט, און וואָס ביי מיר גוט, איז ביי אים געווען שלעכט. מיר האָבן זיך נישט געקענט אויסגלייבן, א שטייגער, וועגן דער גרויסער שול, וועגן דעם חזן און דעם רב דאָרט. א חזן, משטיינס־געזאָגט, אין א טענדע־ווערענדע דאַוונט קאָרכיש! ער אַליין זאָל עס אַרבעטן, אַריינשטעקן דעם פינגער אין נאָרגל, האַלטנדיק זיך ביי דער באַק, ווי אונדזער חזן ר׳ ירחמיאל קלאָגמוטער, שרייען קולות אויף דער געמבע, פון דער געמבע א כאַפּ טאָן זיך אין א פיסטל־געזאַנג, ווידער אויף דער גראָבער סטרונע, ברומען, זעצן ווערטער אַרויף און אַראָפּ, פאַרגיין זיך אין שטייגער, צעגיסן זיך מיט א זיס וואָלעכל, א בעטלערל פאַר דעם רבונו של עולם! טאַטעניו. פאָטערעניו! אוי, וויי איז מיר, וויי! אַריינלייגן דאָס גאַנצע לעבן און אָפּגיין מיט שוויים אין „יקום־פורקן", אין דעם „מי־שברך" — אַזוי צו אַרבעטן — חלילה! ער אַליין שווייגט מייסטנס, נאָר קוים רופט ער זיך אָן א וואָרט, כאַפּן עס אויף די משוררים, צעלייגן עס אויף טעלערלעך, געמען עס אויף די כלים אַלערליי, אויסגעמישט אײַנאייינעם קאַשע מיט מאָן־און דאָס הייסט ביי זיי דאָרט קאָרכיש. וואו א וואָלעכל! וואו א קליוואַנער בעטלערל, א פּאָניע! וואו א „יקום־פורקן"! די גאַנצע ראָלע שפּילט ביי זיי אונדזערס א שטיקל דרויב, דער „אין־כמוך", מען מאַכט פון אים א צימעס, און וואָס נאָך — א געלעכטער, כ׳לעבן! — האַלטנדיק די תורה אויף די הענט דרייט מען זיך דערביי אַרום מיט די הקפות. האָט איר געהערט, שבת מיט די הקפות, ווי אין שמחת־תורה... ס׳טייטש! ווערט איר זיך וואונדערן, וואו איז דער רב? ווי דערלאָזט עס אַזוינס דאָרט א רב? נאָר חערסט־דו, אָט־דאָס איז דאָך טאַקע דער גאַנצער פּאַרדראָס, אויך אין א טענדע־ווערענדע מיט א געפּוצט בערדל און האָט א פּנים, פּע!... דאַכט זיך גענוג חלשות, און יאָנטלען זאָל דאָס געפעלן. — געוואַלד, שריי איך, יאָנטל, וואָס איז דיר געשען? משוגע ביסט־דו, צי הסר־דעה; ווי קומט אַזוינס צו דיר, ווי פאַרקריכט מען עס אַזוי מיאוס? געוואַלד, א רוח אין דיין טאַטען אַריין!... און ער קוקט מיך אָן, שמאָכט מיט א שיינענדיק פּנימל, מאַכנדיק דערביי נישט מער ווי: פּישקע, ביסט

א נאַר! פאַרשטייסט נישט, וואָס גוט איז. היינט גיי, רעד, טענה מיט אַזעלכע. אַז איך האָב א קוק געטאָן, ס'איז פאַרפאַלן, יאַנטל איז איינגעשפּאַרט, ס'איז מיט אים גאָרנישט צו מאַכן. האָב איך מיר געגעבן ראָס וואָרט, מער וועגן דעם נישט צו רעדן. און לאָז זיך זיין אַדעס פון מיינעטוועגן אפילו מיטן קאָפּ אַראָפּ איבערקערן, גייט עס מיך מער ניט אָן.

— הער־אויס! — זאָג איך איינמאָל צו יאַנטלען.— שפּאַרן זיך מיט דיר וועגן אַדעסער איינפּירונגען וויל איך שוין מער נישט, דו ביסט א געבראָטענער עקשן און איך וועל מיט מיינע ווערטער ביי דיר גאָרנישט פּועלן. לאָמיר בעסער רעדן תוך־זאַכן. איך וויל זיך מיט דיר מישב זיין וועגן מיר, וואָס קאָן פון מיר דער תכלית זיין? דער ענין אין די הייזער ארומצוגיין, האָט זיך מיר שטאַרק צוגעגעסן, ס'איז דאָ היינט אָרעמעלייט גענוג אָן מיר אויך, וואָס באַפאַלן די הייזער ווי די היישעריקן און וועלן באַלד פאַרפלייצן די וועלט, די באַלעבאַטים בלאָזן זיך, שרייען: געוואַלד, נישט אויסצוהאַלטן. עס וואָלט גוט געווען צו האָבן עפּעס א שטיקל פּרנסה. ראָט, כ'לעבן, צו וואָס זאָל איך מיך נעמען.

— קיין קאַנטאָרן מאַכן, — ענטפערט יאַנטל, — מיין איך, ווילסט דו נישט, קיין קלייט מיט צעלניק אויך נישט. וואָס דען־זשע, אשטייגער?

— לאַך נישט, יאַנטל, — זאָג איך צו אים, — רעד ווי א מענטש. עפּעס חוץ קאַנטאָרן און צעלניק איז דען נישטאָ ביי יידן מער קיין פּרנסות?

— אָך! מאַכט יאַנטל. — ס'איז דאָ, דאָ זייער פיל. ווי, אשטייגער. האַלטן די טאַקסע, זיין א גבאי אין חברות, רייבן זיך ארום מאיר־בעל־הנס־פּושקעס, דרייען זיך ארום שטאָט־זאַכן, ארום די פיינע בריות, זיין א כל־וֹלך, א קאָכלעפל און דאָס־גלייכן זייער גוטע פּרנסות. נאָר, א קאָטאַ! אַזעלכע זענען נישט פאַר דיר. לאָמיר זיך נעמען צום צעטל יידישע פּרנסות פון קליינעם סאָרט, נו, פישקע, האַנדלען מיט אַלטע קליידער, א־שטייגער! זייער פיל יידן דערנערן זיך דערפון גאָר נישקשהדיק.

— ניין! — גיב איך יאַנטלען צו פאַרשטיין. — אַלטע קליידער מוז מען דאָך קויפן, אויסלאַטען און דערצו דאַרף מען דאָך געלט. אויך טאַקע פאַרשטיין אביסל די מלאכה, און דאָס איז פאַר מיר שווערלעך. מיט גלופּסקער תחתונים, אשטייגער איז נאָך א האַלבע צרה, וואָס מאַכט עס דען אויס, אַז צערים אביסל, אַזוי אָדער אַזוי פאַרלאַטעט; אָבער דאָ מיט די אַדעסער איז דאָך א שרעק. אַדעסער תחתונים, מחילה, זענען מיט גאַנצע צערעמאָניעס, דרך־ארץ! עפּעס גאָר א מורא צו זיי זיך צוצורירן.

— אויב דו שרעקסט זיך פאר אדעסער תחתונים,—מאכט יאָנטל, — לאָז־זשע זיין ציבעלעס, קנאָבל, צוגעלעגערטע לי־מענעס, מאראנצן וכדומה. נאָר מוזט אָבער וויסן, אז דאָ איז די מאָדע זיך איינצושפאנען אין א טאטשקע און ארומפירן עס איבער די גאסן, שרייענדיק אויף א קול מיט א ניגון.

— שרייען קאָן איך זייער שיין, — ענטפער איך, דערויף בין איך א מייסטער. אָבער איינשפאנען זיך ווי א פערד און שלעפן, האָב איך קיין כוח נישט. היינט חוץ דעם איז דאָך אויך ווייטער די אייגענע מעשה: און די ממתקים? וואו נעמט מען דערצו די קלינגערס, געלט?

— הער־אויס, פישקע, — מאכט יאָנטל מיט אן ערנסט פנים, — פרנסות אָן מי, אָן געלט ארייננצולייגן, זענען נאָר יענע, די פריערדיקע... פונעם הויכן סאָרט, ווייטער ווייס איך קיין אנדערע נישט. זאָג, אדרבה, דו!

— בעסער פון אלע זאכן, זאָג איך צו יאָנטלען, — גע־פעלט מיר א באָד. אין דער גלופסקער געמויערטער באָד, וואו איך האָב מיך אויפגעהאלטן, איז מען פון מיר שטארק צו־פרידן געווען. איך האָב געטויגט. ווען נישט די אומגליקלעכע חתונה מיינע, וואָלט אוים מיר שוין לאנג דאָרט געוואָרן א מענטש. איך וואָלט שוין אָנגעשפארט העט ווייט. אויב דו ביסט יאָ א שטיקל חשוב אין אדעס, טו־זשע מיר די טובה, גוטער, זיסער יאָנטעלע, און העלף מיר זיך ארייננצודרייען דאָ ערגעץ אין א באָד. זיי א ברודער, יאָנטל, און ווייז מיר דיין גרויסקייט דאָ!

— אצינד, פישקע, — מאכט יאָנטל צו מיר מיט א שמיי־כעלע, — אצינד וועל איך דיר מכוח דיין בקשה גאָרנישט ענטפערן, גיי, זיי מוחל, פריער און קוק אליין אָנ׳עט מיט דיינע אויגן די היגע באָדן, דערנאָך וועלן מיר שוין שמועסן.

איך האָב געפאָלגט יאָנטלען און בין געגאנגען אין איין באָד, און דער אנדערער, איז מיר פירגעקומען עפּעס משונה ווילד. האָט איר געהערט אביסל א באָד! דאָרט איז ליכטיק, ריין ווי אין א שטוב. דאָרטן שטייען גוטע באנקבעטלעך, טאקע גוטע, ווי איך בין א ייד! פּרודען זיך דאָרט, זאָל דער אוי־בערשטער היטן! מען זעט נישט הענגען דאָרט קיין איין העמד אפילו. ס׳איז נאָר א געלעכטער, אויף נאמנות!—ניין, טראכט איך ביי מיר, אין אזא באָד קאָן איך נישט זיין. דאָס איז נישט פאר מיר, נישט דאָס, נישט יענץ, נישט דער תענוג, וואָס אין אונדזער גלופסקער באָד. דאָרט איז גאָר עפּעס אנ־דערש, עס האָט עפּעס טאקע א פנים. מענטשן האלטן זיך דאָרט אויף, מען ליגט זיך אין קאָמפּאניע אויסגעצויגן אויף די בענק; מען שמועסט, מען דערציילט מעשיות, מען רעדט

פון אלצדינג, וואָס פאַרלויפט זיך אין דער וועלט. ס׳איז עפּעס אַזוי גוט, אַזוי געשמאַק, מחיה, כ׳לעבן!... איך בין געגאַנגען אין נאָך און נאָך באָדן, אַלץ נישט וואָס ביי אונדז. עפּעס שמעקט דאָרט נישט דער ריח, וואָס אין אונדזער געמויערטער באָד! היינט זייערע מקוות איז נאָר אַ געלעכטער. אונדזער מקווה־וואַסער פילט מען, עס האָט עפּעס אַן אַנדער טעם, אַן אַנדער קאָליר און עס איז עפּעס געדיכטער, ווי אַנדערע וואַסערן. מען פילט באַלד ס׳איז יידישלעך... דאָרט אָבער איז דאָס מקווה־וואַסער לויטער, גלאַט וואַסער, ווי וואַסער באַדאַרף געוויינטלעך זיין, וואָס מען קאָן עס טרינקען...

— נו, פישקע? — האָט מיך יאָנטל אַ פרעג געטאָן דערנאָך מיט אַ שמייכעלע. — האָסט־דו געזען אַ היגע באָד?

— עט! — האָב איך געענטפערט. — נישטאָ פון וואָס, משטיינס־געזאָגט, צו רעדן. ביי אייך איז אַלץ ווילד, חוזק אינגאַנצן. דיין אדעס איז פאַר מיר נישט קיין אָרט.

# כד

מיט אדעס בין איך טאַקע נישט צופרידן געווען, נאָר איבער דעם ווינטער האָב איך געמוזט דאָרט פאַרבלייבן, וואָרום ווי לאָזט מען זיך עס ווינטער־צייט נאַקעט און באָרוועס אין וועג אריין און דערצו נאָך איינער אַליין אין אַ פרעמדן ווינקל? ווייבאַלד אָבער עס האָט אַ וואָרעם געגעבן די ליכטיקע זון און געשמעקט מיט זומער, האָט עס מיך עפּעס געטאָרעט נישט געלאָזט מיך איינזיצן רואיק אויף איין אָרט. אַמאָל פלעגט פאַר מיר דער זומער זיין, ווי געוויינטלעך, זומער. זומער, גאָרנישט! ס׳איז וואַרעם, ליכטיק, טעג גרויסע, גרין אומעטום. מילא איז גוט, איז נישט קאַלט, בהמות גייען אין דער טשערעדע, איז דאָ מילך, אַביסל סמעטענע. ס׳איז נאָך דאָ צום ברויט אַ גרינע ציבעלע, אַ קנאָבל, אַ רעטעכל, פאַר יידן אַן אָרעמאַן אַ גרויסע זאַך, אַ גאַנצער חשבון. היינטיקס מאָל אָבער האָט פאַר מיר דער זומער עפּעס גאָר אַן אַנדער פּנים געהאַט. איך ווייס נישט, ווי זאָל איך מיך אויסדריקן, עפּעס האָט ער געגעבן וואַרעמט, אונטערגעגעבן דעם האַרץ עפּעס אַ חשק... מיך דערמאָנט אַלץ אין איר, אין מיין האָרבאַטער. איטלעכס גרעזעלע, איטלעכס גרין ביימעלע אין איטלעכס שפּיל פון אַ פייגעלע האָט מיר עפּעס דערציילט, אָפּגעגעבן אַ גרוס פון איר. עס האָט זיך מיר אַלץ געטראַכט: אָט אַזוי איז זי מיט מיר געזעסן, אַזוי האָט זי געקוקט, אַזוי — געלאַכט

און אזוי אויסגעגאַסן איך ביטער געמיט. עס האָט מיר זיך צעשפּילט די געבליטן, מיך באַפאַלן א זיסע מרה־שחורה און עס האָט מיך עפּעס געצויגן, געצויגן ווייט אהין, אהין... וואָס פאַר א שייכות דאָס אַלצדינג קאָן האָבן מיט דעם זומער, אויב דאָס איז געווען אינגאנצן זיין ארבעט, אָדער גאָר עפּעס אנדערש, עפּעס אזא מין שלאַפקייט, א ספּאזמע אזוינע? — דאָס וויים איך נישט. איך וויים נישט מער, מיט מיר איז גע־ווען עפּעס נישט גלאַט. איך האָב געצאַנקט ווי א ליכט, געוואָרן גאָר נישט דער אייגענער וואָס פריער.

— פּישקע, ביסט קראַנק? — האָט יאַנטל אָנקוקנדיק מיך איינמאָל געפרעגט. — ביסט עפּעס שטארק פונעם פּנים אראָפּ. וואָס טוט דיר וויי?

— עט, גאָרנישט, — ענטפער איך, אָנכאַפּנדיק זיך מיט ביידע הענט ביים הארצן.

— דו פילסט נישט דאָס הארץ? — מאַכט יאַנטל, — דערצו איז איין סגולה, א שטיקל ברויט גוט איינגעטונקט אין זאַלץ אויפן ניכטערן מאָגן.

— ס'איז מיר אָנגעזאַלצן אויפן הארצן גענוג אָן דעם, — ענטפער איך מיט א זיפץ. — עפּעס פיל איך, ווי עס ציט מיך, ציט און עס לאָזט מיך נישט איינזיצן.

— איך פארשטיי שוין, פארשטיי, — מאַכט יאַנטל מיט א שמייכעלע, — עס ציט דיך אין דיין גלופּסק ציט דיך. אהין. וואו די גניל־אַפּיאטקעס בליט, וואו עס סווישטשעט דער דלות און קנאָבל און ציבעלעס גיבן די שמוכט. שעם־זשע דיך נישט, פּישקע, און גיי דיר אהין אין דיין רו אריין.

אין עטלעכע טעג ארום האָב איך זיך געזעגנט מיט יאַנ־טלען און מיך געלאָזט צופוס אין וועג אריין...

דער קאָפּ איז מיר געפלויגן אין עק וועלט, דאָס הארץ האָט מיך געצויגן צו איר. אַלץ געטראַכט, וואו איז זי, וואו געפינט זיך אצינד זי? וואָס מאַכט זי, ווי לעבט זי, נעבעך אליין אָן מיר? און די פיס מיינע זענען געגאַנגען, ווי אליין פון זיך, געגאַנגען פאַמעלעכן אויפן וועג קיין גלופּסק. איך בין געגאַנגען דורך דערפער, דורך שטעט, דעם גאַנצן וועג געטראַכט, געזוכט מיט די אויגן, טאָמער וועל איך באַגעגענען זי. איך בין זיך אָנגעגאַנגען גענוג און אויסגעזען א וועלט יידישע שטעט. וואָס מער נעענטער צו גלופּסק, איז מיר געוואָרן גרינגער אויפן הארצן. איך האָב זיך מחיה געווען מיט די יידן פון אונדזער ווינקל, זייער לשון, זייער גאַנג, זייער שטיי־גער לעבן און פירונג איז פאַר מיר געווען גאָר א דערקוויקע־ניש כ'לעבן. עפּעס האָב איך מיך געפילט היימיש צווישן מיינע לייט, אייגענע מענטשן. פון אונדזער ווינקל די יידן זע־

נען טאקע מחיה! אָן צערעמאָניעס, אָן חכמות, הערן נישט קיין וועלט, נארישע מאָדעס. רעד דיר, שריי דיר הויך אויף א קול, טו דיר פריי אלצדינג, פּראָסט ווי גאָט האָט געבאָטן. וועמענס עסק איז — שיין אָדער מיאוס, אויב עס פּאַסט אָדער נישט, יענעם געפעלט נישט? לאָז ער פארמאכן די אויגן, פארשטעקן די אויערן. געסמאַיע אים פארפּול!... איך בין ביסלעכווייז געקומען צו די קרעפטן, געוואָרן רואיקער, געטראכט פון גלופּסק, פון דער געמויערטער באָד, און געהאָפט צו השם־יתברך.

אָט אזוי בין איך מיר אין א שיינעם פרימאָרגן געגאנגען צווישן ווייץ און קאָרן און פארגאנגען ביז צו א גרויסן, געדיכטן וואלד. איך בין אריין טיפלעך אביסל אין וואלד, אָפּגעלייגט זיך דאָרט מיט מיין פּעקל, אראָפּגעוואָרפן פון מיר די קאַפּאָטע און זיך אויסגעשטרעקט אונטער א בוים צווישן הויך גראָז, וואָס האָבן מיט די גרויסע, ברייטע בלעטער מיך פארשטעלט ארום און ארום. מילא וואָס איז דאָ איבערצוטראכטן? א וואלד — א וואלד, ווי אלע וועלדער. ביימער זענען זיך ביימער, גראָז — גראָז, פייגעלעך — פייגעלעך און איך בין מיר איך און מעג מיר טאקע כאַפּן א דרעמל, זיך אויסרוען אביסל פונעם וועג. איך צי מיך, גענעץ, פארמאך די אויגן — און הערט מיין חלום.

עס דאכט זיך מיר א שאָרך, עפּעס ווי טריט און א קנאקן פון דארע ריטלעך. איך שטעל־אויף די אויערן און האָרך מיט צוגעמאכטע אויגן. דער שאָרך ווערט אלץ שטארקער, די טריט אלץ נעענטער. עפּעס הייבט עס מיך אָן צו ארן, וויל עפענען די אויגן, נאָר שווערלעך. איך ליג ווי א קלאָץ און קאָן פאר גרוים מידקייט מיך נישט רירן. די טריט אָבער ווערן באלד שטילער, איך בארואיק מיך, גיב מיך איבער דעם שלאָף די געדאנקען פּלאָנטען זיך מיר און ס'איז מיר עפּעס גוט, אזוי גוט... עפּעס הערט זיך א שטיל אומעטיק ניגונדל, דאכט זיך א באקאנטס, דאָס ניגונדל צעגייט זיך אין אלע גלידער, רייסט אוים א שטיק הארץ, עס גלוסט זיך וויינען און דערביי פילט זיך טאקע, ווי עס קומט צו א שטיק געזונט. עפּעס נאָר ווי אויף א באדעקנס פאר דער חופּה, עס וויינט זיך חתן־כלה און עס לאכט זיך,ביידע זאכן אינאיינעם, ווי א זון מיט א רעגן צו גלייכער צייט. — פּלוצים פיל איך, עפּעס טוט מיך א נעם ביי די האָר און עס טוט א געשריי. איך כאַפּ מיך געשווינט אויף, צענעם פאר מיר די גרויסע בלעטער פונעם גראָז און דערזע א טעפּל מיט שטארקע רויטע פּיליניצעס, וואלגערנדיק זיך נישט ווייט פון מיר אויף דער ערד. ווייטער אביסל רוקט זיך עמעצער, ווי א נקבה, זיצנדיק אויפן גראָז און קוקט זיך

ארום אין איינע שרעק. מיר איז באלד איינגעפאלן, וואָס דאָס באדייט. יענע האָט דאָ, אפנים, געקליבן פּיליניצעס, פאַרטיפט אין דעם זוכן און בשעת מעשה, אונטערזינגענדיק עפּעס א לידעלע, האָט זי פּלוצים אָנגעטאפּט מיין קאָפּ און זיך שטארק איבערגעשראָקן. איך שטיי געשווינד אויף, נעם דאָס טעפּל און גיי איר עס אָפּצוטראָגן, מאכנדיק פונדערווייטנס: נישקשה! גאַנץ פריינטלעך. נאָר קוים קום איך צו נאָענט, פאלט מיר פון די הענט דאָס טעפּל ארויס. איך טו א געשריי, בלייב פארמישט — און באלד שטייען מיר ביידע, שטייף האלטנדיק זיך ביי די הענט, איך און מיין האָרבאטע...

דאָס איז געווען טאקע וואכנדיק, נישט קיין חלום. איך האָב געקוקט און געזען גאַנץ קלאָר, פאר מיר שטייען געזונטע ביימער, אויבן אויף די צווייגן שפּרינגען פייגעלעך, סווישטשען, זינגען און פרייען זיך מיט אונדז אינאיינעם. ביידע זענען מיר איבערגליקלעך, פרייען זיך און לאכן מיט טרערן. ביידע וואונדערן זיך, פרעגן איינער דעם אנדערן, פון וואנען ער האָט פּלוצים זיך אהער גענומען, און ביידע רעדן, דערציילן, וואָס מיט איטלעכן האָט זיך פאסירט.

זי דערציילט די גרויסע צרות, וואָס זי, נעבעך, איז אויסגעשטאנען זינט די כאליאסטרע האָט מיך פאראיאָרן אין שטעטל דאָרט אוועקגעוואָרפן. דאָס איז געווען דעם ממזרס ארבעט. אים האָט זיך נישט געגלוסט, מיין ווייב זאָל נעמען גט, בכדי זי זאָל נישט באלד צושטיין צו אים מיט געוואלד, ער זאָל מיט איר חתונה האָבן. אים האָט נאָר געטויגט א בלינדע, אָבער נישט קיין בלינד ווייב. מאכן מיט איר חן און געלט — דאָס זאָל ער, און זיין זאָל זי זיך געזונטערהייט יעגעמס. דערביי האָט ער געהאט נאָך א מיין, מיר צו פארוויסטן מיינע יאָרן, איך זאָל נישט זיין פריי אויפגעבוגדן. אים איז אויך שטארק נישט געפעלן מיין פריינטשאפט מיט דער האָרבאטער, דאָס האָט אים שרעקלעך געשטאָכן און ער האָט פון זיין זייט געטאָן מיטל, די פריינטשאפט זאָל נישט זיין ווייטער... אבי ער איז מיינער פטור געוואָרן, האָט ער מיין ווייב ביסלעכווייז אין די לאפּעס אריינגענומען און איר דערנאָך געוויזן, ווער עלטער איז, ווייסנדיק זייער גוט, אז פון זיינע הענט איז איר שוין אוממעגלעך זיך אויסצודרייען. וואָרום וואָס קאָן א בלינדע אייגע אליין טאָן? שפּעטער האָט זי אים זיך שטארק צוגעגעסן. ער האָט זי איבערגעגעבן דעם אלטעטשקען, צו גיין מיט איר אין די הייזער און מאכן די קאָמעדיע ווי אמאָל מיט מיר. דער ממזר האָט איר פארצאפּט דאָס בלוט, זי געהרגעט, געשלאָגן, און דער אלטעטשקער האָט באזונדער מיט איר געלערנט בלס. זי איז אין א קורצער צייט געעלטערט געוואָרן,

פינצטער ווי די ערד. — דאָס גאנצע יאָר האָט די כאַליאַסטרע זיך ארומגעשלעפּט, אין פיל שטעט אויסגעוועזן. און היינט פאַרטאָג זיך געשטעלט אויסרוען דאָ אין וואלד. איר האָט זיך פאַרגלוסט גיין קלייבן פּיליניצעס און האָט פּלוצים — אזוי לאָזט זי אוים מיט א שמייכעלע — אָנגעטאַפּט א גוטע פּילי־ניצע, מיך אליין...

איך פון מיין זייט דערצייל איר אלצדינג, וואָס מיט מיר האָט זיך פּאַסירט און ווי איך בין אויך היינט אין דער פרי געקומען אהער, גייענדיק אויפן וועג קיין גלופּסק. ביי אונדז איז געבליבן פון היינט אָן זיך מער נישט צו שיידן, אייג־ווענדן אלע מיטל, מיין ווייב זאָל נעמען גט. אויב חלילה נישט, וועלן מיר ביידע פון דער כאַליאַסטרע אנטרונען ווערן, און וואַרטן, וואָס גאָט וועט געבן. און ווי מיר זיצן זיך דאָ אזוי, שטאַרק הנאה האָבנדיק איינער פונעם אנדערן, הערט זיך אין וואלד א קול א־הו!

— דאָס איז א קול פון אונדזערע לייט, — זאָגט מיין האָרבאַטע, — דאָס זוכט מען מיך.

און שפּעטער א ווײַלע קומט א פּאַרשוין, וועלכן איך האָב באַלד דערקענט. דער פּאַרשוין האָט מיך עפּעס קרום אָנגעקוקט און געשמייכלט פאַר זיך מיט א געשפּעט. מיר מאַכן נישט לאַנג שיהות און לאָזן זיך גיין. דער פּאַרשוין לויפט פריער, איילט זיך, אפּנים, אָנצוזאָגן די גוטע בשורה, און מיר איילן זיך נישט, גייען פּאַמעלעך. הינטער א קרעטשמעלע, א חורבה, אויף א היפּשע שטרעקע ווײַטלעך אין דעם וואלד, זע איך, שטייען באַקאַנטע ביידלעך, ווייטער א ביסל אויף א פרייען פּלאַץ, ארומגערינגלט מיט ביימער, ברענט א פייערל, די שיינע כאַליאַסטרע ארום, און ס׳איז פריילעך. דעם ערשטן „שלום עליכם” שטעקט מיר אָפּ דער ממזר מיט ברייטקייט, הויך אויף א קול: א, א, א גאַסט, כ׳לעבן! וואָס מאַכט א ייד? איך האָב טאַקע נאָך אייך שוין געבענקט, ר׳ פישל! — באַלד דערויף לאָזן זיך הערן קולות: קומט מקבל פּנים זיין דעם „נגיד”! און פון אלע זייטן שיטן זיך מיר משונה־ווילדע, משונ־גענע „שלום־עליכמס” מיט קניפּ און קלעפּ הינטן ארום, אזוי אז דאָס היטל איז מיר פונעם קאָפּ אראָפּגעפאַלן. און ווי איך דריי מיך דאָ, זוך דאָס היטל, צודעקנדיק דערווייל דעם קאָפּ מיטן עק פּאָלע פון דער קאַפּאָטע, און כאַפּ קלעפּ גאָר א שרעק, פּליט־צו מיין ווייב מיט א פרייד אין איין קול: וואו איז ער, מיינער? וואו, וואו? פישקע?... איר פרייד האָט מיך ערגער געשטאָכן ווי די פון די פיינע לייט די קניפּ. צום גט טויג מיר כלל נישט אזא פרייד, טראַכט איך מיר, האָב מיך בעסער פיינט, ווי דער גאַנצער עולם דאָ. זי אָבער הענגט זיך אויף

מיר, אלץ פישקע, מיין פישקע! מיר איז שטארק נישט גוט געוואָרן אָנקוקנדיק זי, א בלינדע, א דארע, א שלאָפּע, אַלטע יידענע! וואו איז איר לייב, איר געזונט, אירע פעטע באקן און איר פיסק? איך האָב מיר באדארפט אָנטאָן א כח א פרעג צו געבן זי, פון יוצא וועגן: וואָס מאכסט דו, בתיה?

— דו ביסט טאקע געדעכט געווען, פישקע, זאָגנדיק א־מאָל: „אין גלופּסק האָבן מיר ביידע, ברוך־השם, א שיינעם נאָמען געהאַט, איטלעכער האָט מיך געקענט און אויף מיר כבוד געלייגט", — מאכט מיין ווייב „אויך אויף א קול, אלע זאָלן הערן, אָננעמענדיק דערביי א שטאָלצע מינע, ווי אן אָפּ־געקומענער נגיד, וואָס דערציילט פון זיין גרויסקייט און די פריערדיקע יאָרן, און געטאָן א זיפץ טיף פונעם הארצן—געגנוג זיין נע־ונד, אהיים, צוריק אהיים פיר מיך. פישקע צוריק אין אונדזער שטאָט, צו אונדזערע הייזער, אונדזערע באַלע־באַטים!

ס'איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן פון אירע רייד, אזעלכעס איז מיר גאָר נישט איינגעפאַלן צו הערן פון איר, און איך האָב מיך שטארק פארקרימט. דער ממזר האָט זיך אויך מיאוס פארקרימט, טראכטנדיק זיכער, אז איך וועל דער־טאַפּן די סחורה און ביי אים צונעמען די פרנסה. איך האָב גאָר געטראַכט: אדרבה, ביי דיר בלייבט עס, איך בין דיר מוחל פונעם גאנצן הארצן. עס האָט אין אים געברענט די רציחה, די אויגן זענען אים פארלאָפן מיט בלוט, אָנקוקנדיק מיך בייז, דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט, געוואָרטשעט און איז אוועקגעגאנגען שטארק אין כעס.

ווייבער און מיידלעך פון דער שיינער כאַליאַסטרע האָבן זיך געפּאָרעט לעבן דעם פייער, צעשטעלט טעפּלעך, געשאַרט, געראָקט, געבאקט קאַרטאָפלעס. א טייל בחורים שטייען־צו און שפּילן זיך מיט זיי אונטער, דערלאַנגען א זעץ, א קניפּ, און זאָגנדיק דערביי גלייכווערטלעך. די ווייבער זענען קלאָמפּערשט בייז, גרייט אויסצורייסן די אויגן, זידלען, שילטן און קייכן טאקע באַלד פאר געלעכטער, לאָזן זיך כאַפּן ווי א הון פונעם האָן, ווען ער וואַרפט אויף איר אן אייגל מיט אַראָפּגעלאָזענע, צעשפּרייטע פליגל, און איז מקבל באהבה דעם פּיק, וועלכן ער טוט איר אין קעפל. — ווידער א טייל זענען צעזייעט, צע־שפּרייט אין וואלד. איינער ליגט מיט דעם רוקן ארויף און כראָפּעט, דער אנדערער לאַטעט עפּעס א קאַפּטאַן, יענער קראַצט זיך, טאַפּט און זוכט עפּעס מיט א שטארק ערנסט פּנים. נאָך עטלעכע שלאָגן זיך, פּרואוון, ווער וועמען וועט בייקומען. עס קאָכט זיך, עס רעשט זיך, חברה לעבט!... מיין ווייב האַלט מיך פעסט מיט די הענט, נאָר איין גוף, איין נשמה, רעדט און

רעדט פאר פייער, פאר וואסער, זי קלאָגט זיך אויף איר פינצטערן מזל, דערציילט איר שווער ביטער געמיט, ווי אזוי זי איז עס אביסל אָפּגעקומען, און ווינטשט נישט אנדערש, איך זאָל זי פון דאנען אוועקפירן, לעבן מיט איר אינאיינעם, ווי גאָט האָט געבאָטן, ביז הונדערט מיט צוואנציק יאָר. איך ענטפער איר איין וואָרט אויפן צענטן, עפּעס אָן לשון, און זוך ווי פון אירע הענט זיך אויסצודרייען. אז איר האָט זיך שוין אויסגעלאָזט רייד און מיר זענען שוין גענוג אויף איין אָרט זיך אָנגעזעסן, איז מיר לסוף געראָטן פון איר זיך אויסצורייסן, אביסל פריי צו אָטעמען. איך האָב באלד אויסגעזוכט מיין האָרבאטע, און מיט איר שטילערהייט אוועק אביסל אין דער זייט. דער שמועס אונדזערער האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, אז ס'איז שטארק נישט פריילעך. פון גטן זיך מיט מיינער איז גאָר נישט צו דענקען, זי וועט פארווארפן מיטן קאָפּ, נישט וועלן אפילו הערן. ווידער־זשע דאָ צו בלייבן ביי דער גוטער כנופיא איז אוודאי נישט גוט. דאָס הייסט, פשוט זיך פארקויפן דעם רוח, אויף דאָס ניי ווערן א בער און טאנצן אויף די לאפּקעס. וואָס דען־זשע טוט מען? א היפּשע צייט זענען מיר אזוי געזעסן און אונדזער שמועס האָט זיך אויסגעלאָזט דערמיט: אין ברירה, מען באדארף מאכן א פּליטה. און אזוי ווי די כאליאסטרע האָט בדעה דאָ צו נעכטיקן, איז פאר אונדז קיין בעסערע צייט און קיין בעסער אָרט נישט געווען ווי אָפּצוטאָן עס טאקע די היינטיקע נאכט, דאָ אין דעם וואלד. ווי מיר זיצן און באטראכטן גוט דעם פּלאן, ווייזט זיך פונדערווייטנס דער ממזר מיט עפּעס א פּאָר פערד. — לאָמיר נישט ווארטן — זאָגט מיין האָרבאטע — ביז ער וועט צוקומען נעענטער. עס טויג נישט, ער זאָל אונדז זען זיצנדיק אינאיינעם. בעסער לאָמיר באצייטנס זיך צעגיין.

זי גייט אוועק אין איין זייט און איך אין דער אנדערער.

דער ממזר איז עפּעס ווי שטארק באשעפטיקט געווען, זיך אלץ גע'סודעט מיט דעם אלטעטשקען, וואָס איז געווען זיין גאנצער פליגל־אדיוטאנט. איך האָב אויסגעמידן מיט דעם ממזר זיך נאָענט נישט צו באגעגענען און מיך געהאלטן אלץ באזונדער. בשעת חברה האָט געארבעט, געשטיפּט, פארטראָגן געווען מיט זיך, איז צו מיר צוגעגאנגען מיין האָרבאטע, מיר איינגערוימט אין אויער, אז איידער די זון וועט זיך זעצן, וויל דער ממזר זיך רירן מיט דער כאליאסטרע אין וועג אריין. די פּאָר פערד, וועלכע ער האָט געבראכט צופירן, זענען געגנבעטע און ער איילט זיך, אפּנים, דעריבער אוועק פון דאנען. פון אונדזער פריערדיקן גאנצן פּלאן האָט זיך אויסגעלאָזט א טייך. איך בין געבליבן שטיין אָפּהענטיק, נישט צו וויסן וואָס מען

טוט. עס האָט מיר פארקלעמט ביים הארצן פאר גרויס פארדראָס, אזוי אז דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרייט און מיך קוים געהאלטן אויף די פיס. מיין האָרבאטע האָט מיך אָנגעקוקט מיט גרויס רחמנות, די אויגן האָבן איר געברענט ווי פייער. דאָס פּנים האָט איר געפלאַמט, און נאָכדעם אז זי האָט א ווײַלע געטראכט, זאָגט זי צו מיר מיט א ציטערדיק קול:

— פישקע! זאָלסט שפּעטער אביסל זיך געפינען אין דעם חורבהלע, דאָרט אויפן בוידעם, דו פארשטייסט?...

— איך פארשטיי, פארשטיי, — רוף איך מיך אָן לעבעדיק, אונטערשפּרינגענדיק פאר פרייד, — און דו וועסט דערנאָך אהין אונטערקומען?

— יאָ, שא! — מאכט זי און טוט מיטן קאָפּ א שאָקל אויף יאָ, — למען־השם שטיל. דו הערסט?

מיט מיין ווייב האָב איך נישט געהאלטן אזוי פאר נייטיק זיך צו געזעגענען. הגם ס'איז אויף איר געווען א רחמנות, נאָר ווער איז איר שולדיק? זי האָט געגעבן דעם ערשטן ריס און דער ריס צווישן אונדז איז געוואָרן דערנאָך אלץ גרעסער, גרעסער. פארפאלן, וואָס האָב איך געקענט טאָן? אז, גאָר אחוץ אנדערע זאכן, איז מיר אוממעגלעך געווען מיט איר ווייטער זיך צו פארבינדן, אוממעגלעך מיט איר זיך צונויפגיין ווי דער הימל מיט דער ערד. איך האָב, עס פארשטייט זיך, פארגעסן דעם „זיי־געזוגט" און שטילערהייט זיך געלאָזט גיין צו דער חורבהלע.

מיט וואָס פאר א הארץ איך בין אין דעם חורבהלע ארייַנגעגאנגען, איז גרינג צו פארשטיין. נאָר אזויפיל פּיין און געבראָטענע לייד האָט גאָט געוואָלט צונויפירן מיך מיט דער האָרבאטער אין איין וויסט קרעטשמעלע, וואָס דאָ האָט באדארפט אויסגעשפּילט ווערן אונדזער ביידנס גורל און פון אצינד אָן אָנהייבן צו פירן א ניי לעבן. ארויפקריכן אויפן בוידעם איז מיר געקומען זייער גרינג, וואָרום דאָס שטיבל איז געווען נידעריק, מיט דער הינטערשטער וואנט, וואָס אין הויז אריין, אָנגעבויגן כמעט ביז צו דער ערד. די סטעליע איז געווען ערטערווייז געלעכערט מיט גרויסע שפּאלטן, אזוי אז מען האָט געקענט פונעם בוידעם אריינקוקן אינווייניק אין דעם שטיבל אריין. איך זיץ מיר אין א ווינקעלע און וואַרט. עס טיאָכקעט מיר דאָס הארץ, קלאַפּט ווי מיט א האמער. איטלעכע מינוט ציט זיך מיר ווי א יאָר. איך האָרך מיך צו צו א מינדסטן שאָרך. א מינדסטע באוועגונג פון א שטרויעלע ערגעץ, דאכט זיך מיר טריט, זי גייט.. א מינדס בלאָזעלע פון א ווינטעלע, דאכט זיך מיר מיין נאָמען, זי רופט... פּלוצים קומט מיר צו די אויערן פונעם שטיבל אונטן עפּעס א קול. דער געדאנק, אז

דאָס איז זי, אָט איז זי, באַלד וועלן מיר אויסגעלייזט — האָט מיך צעקאָכט, געוואָרפן פון היץ און קעלט. איך וויל מיך אָנרופן, פארכאפּט מיך אָבער דער אָטעם, עס דינט מיר נישט דאָס מויל. אין דער דאָזיקער הייסער רגע הער איך טאַקע גאַנץ שאַרף מיין נאָמען און די אויגן מיינע דערזעען דורך, א שפּאַלט — וועמען? דעם ממזר מיט דעם אַלטעטשקען!... זיי שמועסן צווישן זיך אַזוי:

— דו נעם אויף דיר דיין שטיקל סחורה, — זאָגט דער ממזר, — גיב אכטונג, די בלינדע מכשפהטע זאָל זיך נישט אויסגליטשן. פאַרשטייסט?

— נישקשה! — ענטפערט דער אַלטעטשקער. — מיינס האָב איך שוין געטאָן, איך האָב נאָר מורא, זי זאָל נישט פּגרן. דער אַלטער שקראַב ליגט אַצינד ווי א טויטע און קאָן זיך ניט רירן, אַזוי האָב איך איר געבראָכן די ביינער.

— און דעם הינקעדיקן פלאַסקעדריגע — פירט אויס דער ממזר — נעם איך אויף מיר. אָנקוקן קאָן איך נישט זיין פּרצוף־פּנים, אַזוי פיינט האָב איך אים. איך וועל מיך מיט אים אָפּרעכענען, נישקשה. איך האָב נאָך מיט אים אַלטע חשבונות.

ס'איז מיר אַנטפאַלן דער מאַמעס מילך, הערנדיק אַזעלכע שרעקלעכע ווערטער.

— ווי עס זעט אויס, — מאַכט דער אַלטעטשקער, — זענען דיינע געלאַקכנטע סוסים יידישע, דאַרע, דערשלאָגענע, קאַלטע־נעוואַטע, מיט אויסגעקרומטע רוקנס, מיט די העלזעלעך, גער־געלעך און מירידן, ווי אונדזערע פאַראַפּאָטשקעס, פיינע בריות.

— אָפּפאַלן זאָל דיר די צונג, דו אַלטער סטורמאָק! — זידלט זיך דער ממזר. — גיי בעסער, זוך, שמעק, כלב איינער, דאָ אין הויז. אויפן בוידעם, טאָמער וועסט דו „פּאָציאָפּען" עפּעס אַלטע באַלעגאָלישע זאַכענישן, וואָס קענען אונדז טויגן. פּאָרט איז דאָך עס אַמאָל געווען אן איינפאָרהויז, משטיינס־געזאָגט.

עס באַשלאָגן מיך אַנגסטן, מיר איז נישט גוט צום שטאַרבן. איין פוס ציטערט מיר שטאַרק און טוט, נישט ווילנדיק, א זעץ אין דער סטעליע. די פּאָר שיינע לייט פאַררייסן די אויגן אַרויף, שטייענדיק א ווייַלע פאַרגאַפט. דערנאָך לאָזן אַרויס ביידע אין איין קול:

— עפּעס שיט זיך פון דער סטעליע! מען באַדאַרף טאָן דאָרט א קוק.

עס פאַרדרייט זיך מיר דער קאָפּ, עס קלינגט מיר אין די אויערן, שווינדלט אין די אויגן און איך שוועב עפּעס אין דער לופטן.

יאָ, טאַקע אין דער לופֿטן. אַ פּאָר אייזערנע הענט טוען מיך אַ כאַפּ און שליידערן מיך פֿונעם בוידעם אַראָפּ אויף דער ערד: איך דערהער, ווי מען מאַכט מיר אַ ברייטן „ברוך הבא" מיט דעם גאַנצן טיטל: סקאָצל קומט, ר' פֿישל! און דערזע באַלד דעם ממזר מיט אַ פּנים, אַ שרעק אָנצוקוקן, עפּעס נאָר אַ פּנים ווי ביי אַ קאַץ, בשעת זי קלייבט זיך צו דערשטיקן דאָס געכאַפּטע מייזל. דעם אַלטעטשקן האָב איך שוין נישט געזען. ער איז, אַפּנים, איבערלאָזנדיק מיך אויג אויף אויג מיט דעם ממזר.

— אַנו, נפֿשל, — זאָגט דער ממזר, — זאָג ווידוי!... דאָס וואָס איך האָב באַדאַרפֿט טאָן דיר אַמאָל, דאָרט אין קעלער, וועל איך עס דיר טאָן אַצינד. פֿייבושקע פֿאַרגעסט נישט, נישקשה.

איך פֿאַל אים צו די פֿיס, בעט מיך ביי אים, ווי ביי אַ גזלן, מיר צו שענקען דאָס לעבן. עס העלפֿט נישט. ער נעמט אַרויס אַ מעסער, האַלט עס מיר אַקעגן די אויגן, מיט גרויס הנאה צוקוקנדיק. ווי איך צאַפּל, פּלאַטער. איך פּראַוו מיר איינשמועסן אים מיט דעם גן־עדן, זאָג אים צו עולם־הבא, אַ גאַנצע וועלט, שענק אים מיין חלק לעולם־הבא אויך אַלצדינג וואָס נאָר מעגלעך. ער שטשירעט אויס די אויגן און שווייגט. איך הייב אָנ'עט צו שרעקן אים מיט דעם גיהנום, מיט גאָטס משפּט, דער אויבערשטער וועט אים שטראָפֿן, זיך נוקם זיין פֿאַר אומשולדיק בלוט. ער פֿאַרבייסט די ליפּן, טוט אַ הייב אין דער הייך דאָס מעסער — און אין דער שרעקלעכער רגע. וואָס אַט־אַט ליגט מיר דער חלף אויף דעם האַלדז, טוט עס אים פּלוצים אַ כאַפּ פֿון הינטן, גאָר נישט מיט קיין מענטשלעך געשריי: ניין. וועסט עס נישט טאָן! — ער ווערט שטאַרק פֿאַרמישט און קוקנדיק זיך אין שרעקעניש אַרום.

דאָס האָט אים אַ כאַפּ געטאָן דאָס האָרבאַטע מיידל!

— חצופּה, אַרויס! דערלאַנגט דער ממזר אַ געשריי, באַלד ווי ער איז צו זיך געקומען. — אַרויס, חצופּה! וואָרום...

— ניין, ניין, פֿון דאַנען גיי איך נישט אַרויס! דערהרגעט זאָל איך דאָ ווערן אינאיינעם מיט אים! — שרייט באַהאַרצט די האָרבאַטע און פֿאַלט דעם ממזר אויפֿן האַלדז, וויינט מיט ביטערע טרערן, גלעט אים און חלשט פֿאַר אים, ער זאָל מיך אָפּלאָזן, זאָגט אים צו דאָס אייביקע לעבן און אַ שטיל אין גן־עדן. דער ממזר טוט זי פֿון זיך אַ וואָרף ווי אַ מיאַטשיק. שילט, פֿלוכט אויף וואָס די וועלט שטייט. און אַז די רציחה איז אים אַביסל אָפּגעגאַנגען, ווענדט ער זיך צו מיר מיט די ווערטער:

— עס טוט מיר זייער לייד, וואָס איך אַליין האָב דאָ דיך, מיין טינופּתל, נישט „געבעל-דברט". נאָר אויב דיר האָט געשפּילט דאָס טרפהנע מזל דיינס, איך זאָל דיך, פֿאַרשטונקן נפֿשל,

נישט צעקוועטשן ווי א כינה, דאָך אינגאַנצן טרוקן ארויס פון מיינע הענט וועסט־דו נישט.

ער נעמט א שטריק, מיט וועלכער ער איז געווען ארומגע־נארטלט, שטעלט זיך בינדן מיר די הענט און פיס, מאכנדיק דערביי:

— ליג־זשע דאָ שטיל, הונט איינער, קיין פּארע זאָל מען פון דיר נישט הערן! ליג ביז די פּגירה דיינע וועט דאָ אויף דיר קומען. נאָר געדענק־זשע, פּלאָסקעדריגע, טאָמער טרעפט זיך דיר א נס, עפּעס א באבע דיינע אין קבר וועט זיך פאר דיר מיען, און גייסט פון דאנען א לעבעדיקער ארויס, זאָלסט־דו זיך היטן, מיר פאר אויגן זיך נישט צו ווייזן, וואָרום באלד „פלומפּל״ איך דיך און מאך כיק...

אָפּגעטאָן מיר מיין רעכם, נעמט ער זיך צו דער האָרבאטער, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, געיאָמערט, געקלאָגט, קוקנדיק אויף מיר און זיך געריסן ביי די האָר.

— א, דו חצופה איינע! — בייזערט זיך דער ממזר, א שטופּ געבנדיק זי, נעבעך, מיטן פוס. — איך ווייס. נישקשה, פּארשטיי אלצדינג. דאָס איז געווען א אָפּגערעדטע זאך — א חתונה אָן כלי־זמר, דאָ אויפן בוידעם... א שיין מיידעלע. ניש־קשה, און פאר מיר גיט זי זיך אויס פאר א רביצין. פון היינט אָן וועסט־דו שוין ביי מיר וויסן חצופה איינע!

ער טוט זי א כאַפּ אין די הענט און אומקערנדיק זיך צו מיר מיט א זאָג: שאַ, הונט, געדענק מיינע ווערטער! ווערט ער מיט איר געשווינד אנטרונען.

אין גיהנום קאָן מען אזויפיל יסורים נישט ליידן, וויפל איך האָב איבערגעליטן. איך בין געווען נישט אין גיהנום, נאָר דער גיהנום אין מיר. עס האָט אין מיר געקאָכט, געברענט א העליש פייער. די האָר זענען מיר געשטאַנען קאַפּויר. עפּעס האָב איך געפילט, זיי שטעכן מיך ווי שפּילקעס, און דאָ טאָר מען נאָך נישט הויך וויינען, נישט טאָן קיין פּיפּס.

שפּעטער אביסל האָבן מיר אין די אויערן זיך פאר־טראָגן קולות: א סקריפּ פון רעדער, א ליאַרעם, א געשריי פון מענטשן. דאָס באטייט, חברה האָט זיך גערירט. די כאליאַ־סטרע האָט זיך געלאָזט אין וועג אריין און מיט דעם פּעקל לייט — מיין הארץ, מיין גוטע, בידנע, אומגליקלעכע האָרבאטע, נעבעך...

א היפּשע לאַנגע צייט בין איך געלעגן ווי א שטומע שאָף, געבונדן אויף אלע פיר, מיט אויגן ווי די באנקעס פון הייסע טרערן. די שטריק האָט זיך מיר איינגעשניטן אין לייב אריין און ביי א מינדסטן רירעלע געשניטן ווי א מעסער. עס האָט מיך דערצו נאָך געברענט א טרונק. אָט, האָב איך געמיינט,

עקט מיר זיך דאָס לעבן. פאַר גרויס ווייטיק האָב איך דערנאָך אָנגעהויבן שרייען, טאָמער וועט עמעצער דערהערן. די כאַליאַ־סטרע האָט, נאָך מיין רעכענונג, שוין געמוזט איינפּאַרן גאַנץ ווייט. איך שריי, אָבער אומזיסט, שריי צו דער וואַנט. עס טריקנט מיר אין האַלדז, עס באַשלאָגן מיך אַנגסטן. דאָס שרייען קומט מיר שוין אָן שווער, איך מוז זיך צווישן אָפּרוען. די לאַנגע מיינע ווערט וואָס ווייטער ערגער. נישטאָ שוין קיין כּוח צו שרייען. די גשמה הענגט מיר אויפן שפּיץ נאָז, דער מלאך־המות, פּיל איך, איז נאָך איר געקומען, מען באַדאַרף שטאַרבן, יונגערהייט פון דער וועלט גיין. איך טו מיר אָן אַ כּוח, נעם זיך צונויף מיט אַלע מיינע קרעפטן און טראַכט, לאָמיך כאָטש טאָן דעם לעצטן געשריי — לאָז הילכן די תקיעה גדולה פון מיין אומגליקלעך לעבן...

גאָר גאָט אָבער האָט אייך, ר׳ אַלטער, געבראַכט! איר זייט מיר בייגעשטאַנען אין דער נויט און מיך דערהאַלטן ביים לעבן.

# כה

אַז פישקע האָט געענדיקט זיין אומעטיקע מעשה, איז צו־געפאַלן די נאַכט און אונדזערע פערדלעך האָבן זיך פאַרשלעפּט צום גרינעם באַרג, וואָס פאַר גלופּסק.

דער גלופּסקער גרינער באַרג איז באַקאַנט כּמעט דער גאַנ־צער וועלט. נאָך פון גאַנץ אַלטע צייטן טראָגט זיך וועגן אים אַרום צווישן דעם עולם אַ לידל, וואָס קינד און קייט קענען עס, וואָס אַלע מאַמעס און אַמען נעמען דערמיט איין און פאַרוויגן ברעקעלעך קינדער. מיין מאַמע, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, פלעגט מיר קינדווייז אויך אַלץ זינגען דאָס לידל:

„אויף דעם גריגעם באַרג,
אויף דעם הויכן גראָז,
שטייען אַ פּאָר דייטשן
מיט די לאַנגע בייטשן.
הויכע מאַנען זענען זיי,
קורצע קליידער טראָגן זיי,
אבינו מלך״...

דאָס לידל פלעגט מיר זייער געפעלן, פיל בעסער פון אַלע לידלעך. עפּעס איז מיר דער גרינער באַרג אַזוי וואונדער־שיין פאָרגעקומען אין מיין קינדערש קעפּל! עס האָט זיך מיר גע־

דאכט, ער איז נישט גלאט גראָב פון ערד, ווי זאָגט מען עס, גאָר כצפיחות... ווי דער הר־הזיתים, דער בארג־לבנון, פון ארץ־ישראל־ערד. — און די דייטשן דאָרט, זיי זענען מיר פאָר־געקומען עפּעס גאָר משונה־ווילד. איך בעט זיי מחילה, עפּעס אזעלכע מיני באשעפעניש, מיני בהמות אזעלכע, אָקסן, שור־הבורן. זיי שמייסן מיט לאנגע בייטשן און לאָזן צו גלופּסק נישט צוטרעטן. ווי דער סמבטיון צו די רויטע יידעלעך. אריין אין גלופּסק מוז מען כאפּן א שמיץ. און אלע דאָרט האָבן א פּנים פון אָפּגעשמיסענע... שפּעטער אז איך בין ארויס פון די קינדערשע שיכלעך און אויסגעוועזן א וועלט, אין גלופּסק אויך, האָב איך שוין געזען אלצדינג מיט אנדערע אויגן און פאַר־שטאנען ווי עס געהער צו זיין דעם פּשט פונעם לידל. דער גרינער בארג איז פּשוט טאקע א בארג, נישט אזוי גרין ווי בלאָטיק, זייער גריבעררדיק, און די דייטשן, הויכע מאנען דאָרט, זענען געזאָגט געוואָרן אקעגן יענע מאנען מיט לאנגע הענט און קלעפּיקע פינגער, וואָס לאקכענען און שניידן אָפּ קלימעקעס. געווינטלעך איז דער שטייגער, דאָס ערשטע מאָל ארייננצופאָרן קיין גלופּסק אָן א קלימעק. דערנאָך, אז מען איז שוין גוט אָנגעלערנט, לאָזט עס עטלעכע ווערסט פאר גלופּסק עפּעס נישט רוען, די אויגן כאפּן, ווי פון זיך אליין, א קוק הינטערן ביידל, די הענט — א טאפּ דאָס קלימעקל, די בוזעמקעשענע, צעשפּי־לענדיק די קאפּאָטע אויף אלע קנעפּלעך. איך בין אויסן דער־מיט, אז דערגרייכנדיק דעם גרינעם בארג האָבן אונדזערע אלע אברים, די נאָז אויך. דערפילט פון דערווייטנס גלופּסק. און ערשט שפּעטער א ווײַלע, אז מיר האָבן אין אלע זייטן זיך גוט ארומגעקוקט, א טאפּ געטאָן אין וואָגן, האָב איך מיך דערמאָנט אין פישקען, און געזען ווי ער זיצט, נעבעך, פאַראומערט, שטארק באטריבט.

איך נעם מיך טרייסטן פישקען, שטארקן אים מיט גוטע רייד, מאכנדיק זיך דערביי קלאָמפּערשט פריילעך, און לאָז אויס מיינע טרייסט־ווערטער מיט דער אנדערער העלפט פונעם פריער־דיקן באקאנטן לידל:

אָבינו מלך —
דאָס הארץ איז מיר פריילעך,
פריילעך וועלן מיר זיין,
טרינקען וועלן מיר וויין,
קרעפּלעך וועלן מיר עסן —
אין אונדזער ליבן גאָט
קיינמאָל נישט פארגעסן".

— זאָרג נישט, פישקע! אונדזער ליבן גאָט באדאַרף מען קיינמאָל נישט פארגעסן. ער קאָן העלפן.

— איך פרעג אייך נישט מער, ר׳ מענדעלע! — מאכט פישקע מיט א ביטער געמיט. — צו וואָס האָט עס גאָט באַ־דאַרפט מיך מיט איר ווידער צונויפפירן, בכדי באַלד טאַקע אונדז צו שיידן? עס זאָל אונדז פּלוצים א שיין טאָן דאָס מזל, בכדי באַלד זאָל אונדז טאַקע נאָך ערגער פינצטער ווערן אין די אויגן?... ס׳איז עפּעס נאָר ווי א צו־להכעיס! און גע־וואַלד, רבונו של עולם, אַקעגן וועמען, אַקעגן צוויי אומגליק־לעכע, ביטערע קאַלעקעס, וואָס איידער אזא וויסט לעבן אין יסורים, אין ווייטיק, וואָלט פאַר זיי פיל גלייכער געווען גאָר נישט געבוירן צו ווערן!...

איך מאַך א פרום פּעניִמל און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ זאָג איך: טע־טע־טיי! וואָס האָט אזויפיל געהייסן: מען טאָר נישט רעדן אזוינס!... געזאָגט האָב איך עס, נישט ווייל דאָס איז ביי מיר געווען א גוטער ענטפער אויף דער קשיא, נאָר גלאַט אזוי, ווייל דער שטייגער אין דער וועלט איז שוין אזוי, אז איינער פרעגט פאַר צרות שטאַרקע קשיות, מוז דער אַנדערער זאָגן מוסר, אָפּשלאָגן אים כאָטש מיט טע־טע־טיי. אָפּזאָגנדיק דעם מוסר, פון יוצא וועגן, עפן איך באַלד א מויל און רעד ווער־טער פשוט ווי א מענטש, אזוי:

— זאָג נאָר, פישקע, ווי דאָס מיידל הייסט? ביז אהער האָסט־דו זיך אַלץ גערופן די האָרבאַטע, מיין האָרבאַטע, אצינד וויל איך וויסן ווי זי הייסט.

— אַקעגן וואָס, ר׳ מענדעלע? — רופט זיך אָן פישקע, אָנקוקנדיק מיך פאַרוואונדערט. — אַקעגן וואָס, איך בעט אייך, ווילט איר עס אזוי וויסן? צו וואָס אומזיסט אויסגעבן א מיידלס נאָמען?

— פאַרשטייסט־דו, נאַרעלע, — ענטפער איך, — דאָס קאָן אַמאָל צוניץ קומען. אויף מיינע נסיעות קאָן זיך מאַכן, איך זאָל עפּעס נאָכשמעקן, אויספאָרשן. לאָמיך וויסן איר נאָמען. נישקשה! זייער מעגלעך, דו פאַרשטייסט? אז דיין שאָדן זאָל זיך נאָך אויפזוכן. איך זאָל זיין דער שליח.

— ביילע הייסט זי, — כאַפּט זיך פישקע זאָגן מיט א קול.

— זי הייסט ביילע!

פּלוצים הערט זיך עפּעס א שטאַרקער קרעכץ מיט א קלאַפּ, ווי עס האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן. איך קוק מיך דערשראָקן אום און דערזע: מיין אַלטער ליגט אויסגעצויגן אויפן וואָגן, זיפּצט און איז בלייך ווי די וואַנט.

— וואָס איז אייך, ר׳ אַלטער? — טו איך אים א פרעג.

— איר ווילט אפשר נעמען אביסל בראָנפן! — אייך איז נישט גוט?

— בע !... — ענטפערט אלטער, שטארקט זיך און זעצט זיך ווידער אויף.

— זאָג מיר, פישקע ! — הייב איך ווייטער אָן, נאָכדעם אז איך האָב מיך בארואיקט וועגן אלטערן. — ווייסט־דו נישט, ווי די מאמע אירע האָט געהייסן און פון וואנען זי איז ?

— יאָ, — ענטפערט פישקע, — מיין האָרבאטע האָט מיר דערציילט, אז איר מאמע פלעגט מען רופן עלקע. זי געדענקט, ווי דורכן שלאָף, אז די מאמע האָט זיך געזעגנט מיט איר מאן אין טונעיאדעווקע. זי פלעגט עס זייער אָפט דערמאָנען און אויסלאָזן איר שווער, ביטער הארץ צו איר וויסט טעכטערל, נעבעך.

— מיט איר מאן אין טונעיאדעווקע ! — מאך איך פאר־וואונדערט. — ווער זאָל דאָס דאָרט זיין איר מאן, דער רשע־מרושע מיט א שטיינערן הארץ, וואָס האָט דערווייטערט זיין קינד, זי געמאכט אזוי אומגליקלעך ? הא, טאָמער ווייסט איר, ר׳ אלטער, ווי אזוי זאָל ער דאָרט ביי אייך אין שטעטל הייסן ?

אלטער איז געזעסן ווי א טויטער, אויסגעגלאָצט א פאָר אויגן, געקוקט עפּעס משונה־ווילד מיט אן אָפן מויל, אזוי אז ס׳איז מיר אנטפאלן דאָס געזוזט.

ער האָט געהייסן... רייבט פישקע דעם שטערן און וויל זיך דערמאָנען דעם נאָמען.—ער האָט, האָט, דאכט זיך, געהייסן... ווארט אביסל.

— אלטער הייסט ער !... — טוט אלטער א געשריי און פאלט אנידער אויפן וואָגן.

— יאָ, טאקע אזוי, אזוי ! — זאָגט פישקע, קוקנדיק אויף אלטערן, נישט אָנהויבן צו פארשטיין, וואָס זיין געשריי באַ־טייט. — דאכט זיך נאָך, עפּעס אויך א צונעמעניש, יקנה״ז. די מאמע פלעגט ביים טעכטערל שטיקער פלייש אויסרייסן, רופן זי דערביי יקנה״זיכע, יקנה״זס טעכטערל, ווען זי פלעגט האָבן גרויסע צרות, ווען מען האָט זי אָפּגעשאפט פונעם אָרט.

איך אָבער האָב מיך שוין אָנגעשטויסן, וואָס די גאנצע מעשה באטייט, און בין געבליבן עפּעס ווי ווען גיסט איינעם אָפּ מיט אן אָקראָפּ.

אלטער כליפּעט און שלאָגט זיך מיט דעם קולאק אין הארצן, מאכנדיק דערביי :

— אמנם חטאתי ! איך האָב איר פארוויסט דאָס לעבן. זי, נעבעך, איז טאקע גערעכט :

„דער טאטע האָט זי געקוילעט״...

א שטראָף פון גאָט איז דערפאר פון א צייט אויף מיר אָנגעשיקט געוואָרן. וואוהין איך קער מיך און ווענד מיך, גייט עס מיר נאָר שלים־שלים־מזל...

איך הייב אָן פאר רחמנות צו טרייסטן מיין אלטערן, רעד אים אויס דאָס הארץ און פארגלעט אביסל זיינע זינד: ער איז דאָך נישט מער ווי א בשר־ודם, פלייש און בלוט. דער יצר־הרע איז ביי אונדז, זינדיקע מענטשן, זייער גרויס. גאנץ גרויסע צדיקים אפילו זענען אין אזעלכע זאכן... געכאַפּט און קענען אין דעם ענין פון חתונה האָבן מיט דעם יצר־הרע גאָר נישט מאכן. זייער פיל פון אונדזערע עלטערן, צדיקים, זענען געווען לאַפּנמיצלעך, געלעגן אונטער דעם ווייבס פאנטאָפל, גע־טאָן איר ווילן און געטריבן אפילו אייגענע קינדער פון אַן אנדער ווייב, אויב נאָר זי האָט געהייסן...

פישקען זעט די גאנצע זאך אויס עפּעס משונה, ער זיצט פארוואונדערט מיט א פּאָר אויסגעשטעלטע אויגן, קוקט ווילד עפּעס אויף אלטערן, אויף מיר און ווייסט נישט וואָס צו טאָן.

דערווייל ווערט שטאָק־נאכט. די שטערן פינקלען, ווינקען צו אונדז פונעם הימל מיט זייערע שיינענדיקע ליכטיקע פּנימ־לעך, גלייך ווי זיי מישן זיך אריין אין אונדזער שמועס, ווילן עפּעס זאָגן, און ביים עק הימל הייבט אָן, ווי פון דער ערד, ארויסצוגיין א גרויסע לבנה, רויט ווי פייער. דאכט זיך, זי קוקט גלייך נאָר אויף אונדז. אלע דאָרט אויבן קוקן, דאכט זיך, ווילן זען דעם שפּיץ, מיט וואָס די דאָזיקע מעשה וועט זיך אויסלאָזן... איין אלטער זעצט זיך געשווינד אויף, הייבט אויף זיינע אויגן צום הימל און רעדט מיט הארץ:

— איך שווער ביי דעם, וואָס לעבט אייביק, אז איך וועל נישט קומען אהיים צום ווייב און קינדער, נישט חתונה מאכן מיין בתולה ביז איך זוך נישט אויף מיין פארוואָגלט קינד! הימל און ערד זענען עדות! איך פּאָר טאקע באלד, און ווייי, ווייי דאָרט דעם, וואָס וועט מיר זיך אקעגנשטעלן.

פישקע פאלט ארויף אלטערן אויפן הארצן, האלדזט אים, קושט א היפּשע ווײַלע אָן ווערטער, און איז שטארק צעמישט. דערנאָך שיסט ער אויס אויף א וויינענדיק קול מיט א געבעט:

— גערוואלד ראטעוועט, ראטעוועט זי!...

מיין אלטער שפּרינגט געשווינד אראָפּ אויף דער ערד, קריכט ארויף צו זיך אויפן וואָגן און, געזעגענענדיק זיך מיט אונדז פונדערווייטנס, דרייט ער אויס דעם דישל, טוט א שמיץ די שקאַפּע און פאָרט זיין וועגס. איך מיט פישקען קוקן מיר אים א היפּשע צייט פון הינטן נאָך, נישט צו רעדן קיין

וואָרט. דערנאָך גיב איך א בליק צום הימל, ווי לבנה און שטערן גייען זיך זייער גאנג, נאָר נישט דאָס פנים, וואָס פריער, שטאַרק הויך, האָפערדיק, ווייט, ווייט פון אונדז, מענטשעלעך. עס ווערט עפּעס אומעטיק, נישט פריילעך אויפן האַרצן...

איך טו א שמייכל מיין אָדלער, ער זאָל מוחל זיין זיך שלעפן אביסל גיכער — און שפּעטלעך בייַנאַכט פאָרט מיין ביידל איבער די גריבערדיקע גאַסן פון גלופּסק, מיט א קלאַפּערייַ, א געשריי, אַנזאָגנדיק דעם עולם: הנה זייט וויסן, נאָך צוויי פרישע יידן זענען אָנגעקומען קיין גלופּסק!...

# אינהאלט

T. 1.594

בוך־פאראַנטוואָרטלעכער: מ. ריספלער
טעכנישער־רעדאַקטאָר: א. ווינטו
קאָרעקטאָר: ב. ווילנער

איבערגעגעבן צום דרוק 26,05,56, דרוק־פעאיק דעם 30,12,56. טיראַזש 1300 עקז. מאַט־וועלין־פּאַפּיר פון 68 גראַם אויף א קוו. מעטער. פאָרמאַט 840/16×540, פאַרלאַג־בויגן 21,85, דרוק־בויגן 26,75, ערשטע אויסגאַבע. באַשטעלונג 2510, 1 טיפּאָגראַפישע פלאַנשע. A, נומער 06590, פאַר קליינע ביבליאָטעקן קלאַסיפיצירונגס־אינדעקס 8 A—32.

דער דרוק איז אויסגעפירט געוואָרן לויט דער באַשטעלונג נומער 4330, אין דער פּאָליגראַפישער אונטערנעמונג נומער 1, גריגאָרע אלעקסאַנדרעסקו-גאַס נומער 93—95, בוקאַרעשט — ר. פ. ר.